# בוזי מילער



ראָמאַן, דערציילונגען, נאָוועלן

С (Евр) 2
М 60

דער אוטאָר פֿונעם בוך „יעדן דאָר — זײַנס“ בוזי מילער געהערט צו די אָנגעזעענסטע שעפֿער פֿון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. ער איז ברייט באַקאַנט דעם לייענער ניט בלויז ווי א פּראָזעמײַסטער, נאָר אויך ווי א דראַמאַטורג, דיכטער, קריטיקער. זײַן שאַפֿונג טיילט זיך אויס מיט דער אַקטועלקײַט פֿון דער טעמאַטיק, מיטן טיפֿן באַנעמען דאָס לעבן, מיט דער לויטערקײַט פֿון דער שפּראַך. די גאַלעריי געשטאַלטן, וואָס איז אַרויס פֿון אונטער זײַן פֿעדער, איז באַשאָנקען מיט אינדיווידואַליטעט, מיט דעם אייגנטימלעכן פּאַר יעדן איינעם פֿון זיי כאַראַקטער.

די ווערק, וואָס זײַנען אײַנגעשלאָסן אין בוזי מילערס נײַעם בוך, — דער ראָמאַן „יעדן דאָר — זײַנס“, די דערציילונגען און נאָוועלן — זײַנען געווידמעט אונדזער הײַנט.

דער ראָמאַן „יעדן דאָר — זײַנס“ איז אין א באַדײַטנדיקער מאָס נײַ פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור אי מיט זײַן טעמאַטיק, אי מיט זײַנע פּערסאָנאַזשן. אין אים איז געשילדערט דאָס לעבן פֿון א גרויסן מאַשינבויזאַוואָד. די הויפּט־העלדן פֿון די געשעענישן איז די אַרבעטער־יוגנט. וואָראַפּטיק ווערן באַוויזן אינעם ראָמאַן די צווישנבאַציִונגען פֿון דעם עלטערן און ייִנגערן דאָר.

א באַזונדער אָרט פֿאַרנעמט אין בוזי מילערס שאַפֿונג דאָס לעבן פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט, וועמענס טוישעוו און אַקטיווער בויער ער איז שוין העכער פֿיר צענדליק יאָר.

מיט זײַנע ווערק „לויטערקײַט“, „אין פֿולן גאַנג“, „פֿון הימל פֿאַלט גראַניט אַראָפּ“, „דרײַ און דרײַסיק גיבוירים“ און פֿיל־פֿיל אַנדערע, וואָס א טייל פֿון זיי איז אויך געווען פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער רוסישער איבערזעצונג, און באַזונדערס מיטן נײַעם בוך זײַנעם „יעדן דאָר — זײַנס“, דערשײַנט בוזי מילער פֿאַרן לייענער, ווי א טאַלאַנטפֿולער באַל־פּינקעס פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט.

М $\frac{70303-132}{083(02)-79}$ 253—79. 4702200000

# ערשטער טייל

## 1

ארקאדי סאטאנאָווסקי איז ארויסגעגאנגען פון די טויערן פונעם זאוואָד. מיט אים — די כעוורע פון זײַן בריגאדע. ניט קיין כעוורע — גיבוירים. עמעס, ווי אָן עכטער גיבער האָט אויסגעזען איין וואסילי קרילאָוו. די מוסקולאטור אף דער ברוסט, אף די הענט האָט אים צעשפּארט דאָס לײַכטע זומערדיקע העמדל. דער בליק פון זײַנע גרינבלעך־בלויע אויגן אונטער די ווייצן־העלע ברעמען איז אויך געווען א רויִקער, א גוטמוטיקער — א בליק פון א גיבער. די אנדערע — אָלעס טשערעדניטשענקאָ, מוסא גריזאטולין זײַנען געווען קלענער אין וווּקס און באדײַטנדיק שמעלער אין די אקסלען. און גאָר האָט שוין ניט געקאָנט באַרימען זיך ניט מיט זײַן וווּקס און ניט מיט קיין גוורע יעגישע פאפאיאן. ווי א ייִנגל האָט ער אויסגעזען, אָבער א ייִנגל א ברען. די גרויסע שווארצע אויגן האָבן געפינקלט מיט לעבנס־לוסט, און אויסגעזען האָט ער אזוי, ווי ערשט־אָ זאָל ער האָבן עמעצן אָפּגעטאָן א פריילעך שפּיצל אָדער קלײַבן זיך אָט באלד עס עמעצן אָפּטאָן...

קוקנדיק אף זיי אלעמען צוזאמען, ווען זיי זײַנען נאָכן פארענדיקן די באטאָגיקע וואכטע ארויסגעגאנגען פון די זאוואָדישע טויערן, האָט מען גלײַך געקאָנט זען: אָט די מענטשן, וואָס אויסערלעך זענען זיי אזוי פארשיידן אויס, פארבינדט עפעס אלגעמיינס, און טאקע אָט דאָס אלגעמיינס האָט צוגעגעבן זיי אלעמען צוזאמען אָט דעם אויסזען פון גוורע, אפילע דעם קלענסטן צווישן זיי — יעגישע פאפאיאנען.

— אזוי וועט עס ווײַטער ניט גיין! — האָט פאפאיאן זיך געהיצט, פארלויפנדיק פאָרויס קרילאָוון און דראָענדיק עמעצן מיט א פינגער. — ס'וועט ניט גיין.

— וואָס דרייסטו זיך אונטער די פיס? — האָט זיך אָנגערופן וואסילי קרילאָוו. — און וועמען דראָעסטו? איך זאָג דאָך אויך דאָס זעלבע.

— איז גוט, אויב אזוי...

— נאָר צו דער זאך, זאָג איך, דארף מען זיך נעמען ווי עס באדארף צו זײַן, ניט צוליב שטעלן נאָך איין „פייגעלע"...

— אָט־אָט, — האָט אויסגערופן פאפאיאן, — פייגעלעך אף פאפיר... פייגעלעך אין בוזעם... מיט אזעלכע פייגעלעך וועלן מיר ווײַט ניט דערפליִען...

זיי האָבן פאָרגעזעצט דעם היציקן געשפּרעך, וואָס אָנגעהויבן האָט מען אים נאָך באם ארויסגיין פון צעך.

— דער עמעסער פויגל, וואָס מע דארף אים איצט כאפּן און האלטן פעסט אין האנט, איז... וואָס? — האָט טשערעדניטשענקאָ זיך א קער געטאָן צו גריזאטולינען.

אָלעס טשערעדניטשענקאָ און מוסא גריזאטולין זײַנען געווען ניט פאָשעט פרײַנט, אף אזעלכע, ווי זיי, זאָגט מען: איין גוף, איין נעשאָמע, וואָס בא איינעם אף דער לונג, באם אנדערן

אף דער צונג. דערצו האָט אַלעס געהאַט א נעטיִע צו בילדערישע פארגלײַכן און אָט אזוי, אינמיטן א געשפרעך, ליב געהאַט זיך א קער טאָן צו מוסא מיט א פראגע: „וואָס?”. זאָל יענער, הייסט עס, פארענדיקן זײַן געדאנק. און ס'איז נאָך ניט געווען קיין פאל, מוסא זאָל ניט טרעפן, וואָס זײַן כאווער מיינט. אזוי אויך איצט:

— קוואליטעט! — האָט ער פאר אים פארענדיקט.

— אָט־אָט, — האָט א צופרידענער אונטערגעכאפּט אַלעס, — ווען מיר אָט דעם פויגל כאפּן, זײַנען מיר אפן פערד!

— פויגל, פערד, — האָט איבערגעשלאָגן פּאפּאיאַן, — מיט פארעלטערטע קאַ־טעגאָריעס דענקט איר... נײַע טעכניק, נײַע טעכנאָלאָגיע — אָט וואָס מע דאַרף! ניט עמעס? וואָס שווײַגסטו, בריגאדיר?

— לאָמיר ניט זײַן קיין פערד, — האָט סאטאנאָווסקי געענטפערט מיט א שמייכל, — און ניט זוכן קיין פויגל אין הימל. אלץ, וואָס נייטיק, ליגט בא אונדז אף דער ערד. נעם און טו.

— און אויב דער דריטער צעך גיט בראק? און פון דיר פאָדערט מען קוואַ־ליטעט, — האָט זיך געהיצט פּאפּאיאַן, — איז ווי?

— דאָס זעלבע זאָגט דער דריטער צעך אפן צווייטן, און יענער אפן ער־שטן, — האָט באמערקט קרילאָוו, — א קלאָרע זאך: ביז מע וועט ניט איבערבויען די גאנצע ארבעט, פונעם סאמע ערשטן רינג, וועט קיין טאָלק ניט זײַן.

— די איבערבויונג גייט שוין, — האָט זיך אָנגערופן דער בריגאדיר, — נאָר מיר דארפן וואָס וויניקער זיך פארופן אף דעם. א סאך איז אָפּהענגיק פון יעדערן פון אונדז.

— ווער זשע זאָגט דען? — האָט אויסגערופן טשערעדניטשענקאָ. ער האָט גע־וואָלט נאָך עפּעס צוגעבן, נאָר דאָ איז צוגעקומען וואלערי קראַס.

— העלאָ, ביטניק! — האָט פריילעך אים באגריסט פּאפּאיאַן.

— וואָס פאר א ביטניק בין איך דיר? — האָט יענער, שטארק אָן אָנגעכמורע־טער, זיך אָפּגעשטעלט.

— וואָס זשע? אזא, ווי דו, האָב איך געזען אין זשורנאל „אמעריקא”. ווי פון דיר אראָפּגעמאָלט...

— דו קוק וויניקער, מע קאָן דיר נאָך די קוקערס ארויסנעמען! — קראַס האָט פאנאנדערגענומען צוויי פינגער און שנעל א שטרעק געטאָן פּאפּאיאַנען צום פּאָנעם.

— פּאמעלעכער, — האָט וואלעריס האנט אוועקגענומען קרילאָוו. — ווער עס האָט צו לאנגע הענט, קאָן מען זיי מאכן קירצער...

מיט אָפּשײַ איז אָפּגעטראָטן פונעם גוואַר וואלערי קראַס. אויסגעזען האָט ער בעעמעס מאָדנע. אויסגעצויגן לאנג, דאר, אף די אקסלען פאלט א געדיכטע שווארצע פּאטלע, פונקט אזא גרויסע שווארצע באָרד, א העמדל פון קאָלערליי קאָלירן מיט מעשונעדיקע צאצקעס אף דעם, פארלאטעטע דזשינסן, וואָס שארן דעם שטויב אף דער ערד.

— וואלערי, דיר איז ניט הייס אין אָט דער פּאטלע? — האָט מיט מיטגעפיל א פרעג געטאָן סאטאנאָווסקי.

— און אז מיר איז הייס, באשלאָגט דיך א שווייס? — האָט בייז איבערגע־פרעגט יענער. געווען איז אין זײַן גאנצן אויסזען, אין זײַן האלטונג אי עפּעס שטעכיק בייזס, אי נעבעכדיק דערשלאָגנס גלײַכצײַטיק, ווי אין אן אויסטערליש פאריאָגט כײַעלע, און בא סאטאנאָווסקין האָט עס צו אים ארויסגערופן מיט־לײַד.

— גיי ארײַן אין שערערײַ, — האָט ער פּאַשעט געזאָגט, — נעם כאָטש אראָפּ

די באָרד, זעסט דאָך אויס אין איר, ווי דיר זאָל זײַן הונדערט יאָר. און אינדער־עמעסן ביסטו נאָך א שנעק...

סטאַנאָווסקי איז געשטאַנען צוזאַמען מיט זײַנע כעווריע, און באַקומען האָט זיך, אז ער זאָגט עס אין זייער נאָמען אויך. קיין שלעכטס האָט ער ניט געמיינט, פאַרקערט, נאָר קראַס האָט עס אופגענומען, ווי זיי אלע זאָלן פון אים כויזעקן. אָפּגעגאַנגען עטלעכע שפּאַן, האָט ער זיך אומגעקערט מיט א בייז אַרויסבליצנדיקן בליק.

— גייט אלע צו... דער מאַמען! — און איז אַוועק, שאַרנדיק מיט די דזשינסן די ערד.

היציק האָט זיך א ריס געטאָן נאָך אים פּאַפּאַיאַן:

— אך, דו, ביטניק...

קרילאָוו — די האַנט אים אופן אַקסל:

— טשעפּע ניט... מיט וועמען ווילסטו זיך אָנהייבן?

פּאַפּאַיאַן איז געבליבן אופן אָרט, נאָר ער האָט זיך ניט געקאָנט באַרויִקן:

— אזא ביטניק!..

ניט ווײַט פונעם זאַוואָד איז מען געבליבן שטיין.

— נו, נאַ, — האָט דערלאַנגט סטאַנאָווסקין די האַנט וואַסילי קרילאָוו, — רו זיך אָפּ, נעם זיך אָן מיט פרישע קויכעס אין סאַנאַטאָרי און...

— און זע, פאַרליב זיך דאָרט ניט... — מיט די ווערטער האָט זײַן קליין טונקל הענטל אים א שטעק געטאָן פּאַפּאַיאַן.

— פאַרוואָס ניט? — האָט זיך אָנגערופן אָלעס און דערלאַנגט זײַן ברייטלעכע קורצפינגערדיקע קרעפּטיקע האַנט. — פאַרקערט, פאַרליב זיך יאָ און קום צוריק מיט... מיט וועמען? — האָט ער זיך א קער געטאָן צו גריזאַטולינען.

— מיט א פײַנער קאַלע! — האָט יענער געענטפערט, דערלאַנגענדיק דעם בריגאַדיר די האַנט.

— אָט, אָט, — האָט אונטערגעכאַפּט טשערעדניטשענקאָ, — מיט א פײַנער קאַ־לע! און מיר וועלן דיר דאָ שוין פּראַווען איינמאָל א כאַסענע, וועסט זען...

— א דאַנק, כעווריע! בא אײַך זאָל אויך דאָ אַלץ זײַן אין אָרדענונג. דיר, מוסאַ, זאָל דײַן כאַפּיזע געבוירן א ייִנגל — א גיבער...

— א דאַנק, בריגאַדיר!

— און זעט, מיטן פּלאַן זאָל זײַן אין אזשור.

— דער פּלאַן וועט זײַן, — האָט געענטפערט טשערעדניטשענקאָ, — ווי מיט דער קוואַליטעט?

— אָן קוואַליטעט איז ניטאָ קיין פּלאַן.

מע איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. קרילאָוו און טשערעדניטשענקאָ — צו ווײַב־און־קינדער. צו צוויי קינדער האָבן זיי געהאַט, קרילאָוו — ייִנגעלעך, טשערעדני־טשענקאָ — מיידעלעך; גריזאַטולין — צו זײַן יונג ווײַבל אין די הויכע כאַדאָשים. אלע האָבן זיי געוווינט טאַקע דאָ, אין זאַוואָדישן יישעוו. פּאַפּאַיאַן אויך. ער איז אַוועק נאָך דער גיטאַרע, און מיט איר — אין קלוב, געײַלט אף א רעפּעטיציע פונעם זאַוואָדישן אַנסאַמבל.

סטאַנאָווסקי האָט געוווינט אין שטאָט. אהיים האָט ער געדאַרפט פאָרן מיט אַן אויטאָבוס. ווען מע האָט אים געגעבן דעם אָרדער אף דער איינצימערדיקער דירע, ווו ער וווינט איצט, האָט מען אים אין זאַווקאָם געזאָגט:

— געדענק, די דירע באַקומסטו מיט א טנײַ.

— וואָס פאַר א טנײַ? — האָט אַרקאַדי געפרעגט.

— זאָלסט אינגיכן דאָרט זײַן אינצווייען, מיט א ווײַל ווײַבל, און אין א יאָר אַרום — אינדרײַען.

ציַיט זינט דאַן איז שוין דורכגעגאַנגען היפּש, נאָר ארקאַדי האָט נאָך דער־ווײַל דעם טנײַ ניט אויסגעפּילט.

אפן אווטאָבוס האָט ער זיך ניט געזעצט. וואָס האָט ער צו אײַלן אין זײַן איינזאמער דירע? קיינער ווארט דאָרט אף אים ניט. וואָס וועט ער טאָן איינער אליין צווישן פיר ווענט? און די שטימונג איז בא אים געווען א גוטע, א געהויבענע, וועט ער זיך גאָר דורכגיין צופוס. ס׳איז אין רעכטן ברען דער זומער, די בעסטע ציַיט פאר אורלויב. היַינט האָט ער געארבעט דעם לעצטן טאָג, מאָרגן פאָרט ער אין סאנאטאָרי, צום יאם. אין קעשענע ליגט בא אים די פּוטיאָווקע — א פּרעמיע פאר גוטער ארבעט.

צוריק מיט עטלעכע טעג איז אין דער געגנטלעכער ציַיטונג אף דער ערשטער זיַיט געווען אָפּגעדרוקט א נאָטיץ וועגן זייער זאוואָד. צווישן אנדערס איז אין איר געזאָגט געוואָרן:

„די קאָמיוגיש־יוגנטלעכע בריגאדע פון קאָמוניסטישער מי, מיט וועלכער עס פירט אָן דער בריגאַדיר ארקאַדי סאטאנאָווסקי, א באלווינטער מיטן צייכן „שלאָגער פונעם נײַנטן פינפיאָר", האָט אויסגעפּילט די פּראָדוציר־פּארגעבונג פון פאָריקן כוידעש אף 123 פּראָצענט בא אַן אויסגעצייכנטער קוואליטעט פון ארבעט". אונטער דער נאָטיץ איז געווען א צושריפט: „אפן בילד: דער בריגאדיר א. סאטאנאָווסקי". און דאָ טאקע דאָס בילד. צום ערשטן מאָל האָט ארקאַדי געזען זײַן פּאָרטרעט אין ציַיטונג, און געווען איז עס אים מאָדנע, ער האָט ווי זיך אליין ניט דערקענט. דאָס פּאָנעם עפּעס צו גרויס, און צו פיל איז געווען אף דעם שווארצע פארב. שווארץ (און ניט טונקל־בלאָנד, ווי אינדערעמעסן) די געקרויזטע האָר אפן קאָפּ, שווארץ (און ניט בלוי, ווי אינדערעמעסן) די אויגן. און נאָר די ציין האָבן שמייכלענדיק געבלאנקט אפן בילד מיט זייער נאטירלעכער וויַיסקיַיט. אונטערן פּאָרטרעט איז געשטאנען די פאמיליע פונעם פאָטאָרעפּאָרטיאָר. א בראווער יונגאטש אזא מיט צוויי פאָטאָ־אפּאראטן. ווי נאָר ער וועט זיך אומקערן פון סאנאטאָרי, ארקאַדי, וועט ער אומבאדינגט אוועק אין רעדאקציע אף אָט דעם רעפּאָרטיאָר זיך פארקלאָגן. ער האָט שוין אין רעדאקציע געקלונגען, נאָר דער נייטיקער מיטארבעטער איז ניט געווען אפן אָרט. עס איז דאָך בעעמעס א סקאנדאליעזע געשיכטע. ווען דער רעפּאָרטיאָר איז געקומען אים פאָטאָגראפירן, האָט ארקאַדי געזאָגט: דער פּלאַן פון פאָריקן כוידעש איז באדײַטנדיק איבערגעשטיגן, דאָס איז עמעס, נאָר דער פּארדינסט איז ניט זײַנער — דער בריגאדעס. דארף מען, אויב מע וויל שוין יאָ, פאָטאָגראפירן די גאנצע בריגאדע. „גוט" — איז מאסקים געווען דער רעפּאָרטיאָר. און ער האָט אראָפּגעכאפּט סײַ אים, סײַ די בריגאדע, פריִער מיט איין אפּאַראט, דערנאָך מיטן צווייטן. מע האָט זיך נאָך געכאָכמעט, אז דעם קליינוווקסיקן יעגישע פאפאיאן וועט מען פון אונטער זײַן האלב־אווטאָמאטישן ווערקשטעל ניט ארויסזען. וואָס זשע טוט ער אָפּ? אינעם לעצטן מאָמענט, פאר דעם, ווי דער רעפּאָרטיאָר האָט א קוועטש געטאָן די קנאָפּקע, טוט ער א שפּרונג צו וואסילי קרילאָוון שיר ניט אפן אקסל... האָט מען געמוזט נאָכאמאָל איבערפאָטאָגראפירן. און אָט, אין ציַיטונג איז דאָ נאָר זײַן, סאטאנאָווסקיס, פּאָרטרעט. פון דער בריגאדע איז קיינער אפילע ניט אָנגערופן. ניין, אזוי טאָר מען עס ניט דורכלאָזן. דעם רעפּאָרטיאָר דארף מען ארײַנטיילן א כיילעק, ער זאָל וויסן א צווייט מאָל... ביכלאל אָבער, — האָט געטראכט ארקאַדי, — איז עס אָנגענעם. מענטשן באקומען די ציַיטונג, טוען א קוק — פון אויבנאָן ער, סאטאנאָווסקי. איבעריקנס אָבער גרויסן זיך איז ניטאָ מיט וואָס. די כעוורע זײַנען געבליבן צופרידן, מיט דער קוואליטעט האלט עס נאָך ניט גאָר, און ניט אלע מאָל זײַנען זיי אליין אין דעם שולדיק. ס׳איז א פּראָבלעם פאר׳ן גאנצן זאוואָד. אָט וועט ער זיך אומקערן פון סאנאטאָרי, וועט ער מיט פרישע קויכעס אויך א נעם טאָן זיך צו אָט דער זאַך. ער איז דאָך ניט

נאָר בריגאַדיר, ער איז אַ מיטגליד פֿונעם זאַוואָדישן קאָמיוג־קאָמיטעט און פּאַרזיצער פֿונעם טעכנישן ראַט פֿון יונגע ספּעציאַליסטן. אַרבעט — איבערן קאָפּ.

קלערנדיק אַזוי, האָט סאַטאַנאָווסקי ניט באַמערקט, ווי ער איז דורכגעגאַנגען צוויי אָפּשטעלן. פֿונוויַיטן האָט מען שוין אָנגעזען דעם אונטערקומענדיקן אווטאָבוס. אין אים האָט אַרקאַדי באַשלאָסן זיך אַריַינזעצן, נאָר דאָ האָט ער באַמערקט: אויפֿן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר שטייט וואַלערי קראַס. אים האָט זיך אויך געוואָרפֿן אין די אויגן, אַז בײַ יענעם איז עפּעס אַ מאָדנע אָפּגעלאָזטער אויסזען, און דאָס האָט סאַטאַנאָווסקין פֿאַרכידעשט: ערשט־אָ, באַם אַרויסגאַנג פֿון זאַוואָד, געווען אַזוי אַגרעסיוו, און איצט...

וואַלערי קראַסן האָט ער גוט געקענט. יענער האָט געאַרבעט אין צווייטן צעך. אַ שטאַמפּירער. קיין גרויסע קוואַליפֿיקאַציע פֿאָדערט זיך צוליב דעם ניט, מע דאַרף נאָר זען, אַז דער שטאַמפּ זאָל זײַן אין אָרדענונג, און טו זיך דײַן אַרבעט ווי ס'באַדאַרף צו זײַן. האָט ער זי אָבער געטאָן ניט ווי ס'באַדאַרף צו זײַן. פֿאַרפֿעלט צו דער אַרבעט. צומאָל געקומען אונטערן גלעזל, דערלאָזט בראַק. מע האָט באַהאַנדלט זײַן אויפֿירונג אויף אַן אַרבעטער־פֿאַרזאַמלונג — ס'האָט ניט געהאָלפֿן. אין כאַראַקטער, ווי אינעם אויסזען, איז בײַ אָט דעם קראַסן געווען עפּעס שטעכיקס, בײַסיקס, צולאָכעסדיקס. וועמען טוט ער אָפּצולאָכעס? — האָט אַרקאַדי געטראַכט. ווען ער האָט געזען אַזעלכע, ווי קראַס, האָט ער זיך אַלעמאָל געפֿילט, ווי אויך ער אַליין זאָל זײַן אין עפּעס שולדיק. גײַסט אין גאַס, — האָט ער געקלערט, — זעסט: אַ מענטש פֿאַלט, — וועסטו דאָך צולויפֿן, אים אויסשטרעקן אַ האַנט, העלפֿן אופֿשטיין. ווי אַנדערש? און אויב דו זעסט: אַ מענטש פֿאַלט מאָראַליש, גײַסטיק, לאָזט זיך אַראָפּ פֿון טאָג צו טאָג נידעריקער, — פֿאַרוואָס אָפּטמאָל העלפֿט מען ניט אַזאַ מענטשן? מע אינטערעסירט זיך ניט, וואָס מיט אים קומט פֿאָר, וואָס ער טראַכט, אין וואָס נייטיקט ער זיך? אַרקאַדי האָט נאָך פֿריִער געקליבן זיך אַ שמועס טאָן מיט אָט דעם קראַסן, איז אָבער אַלץ ניט אויסגעקומען. כוץ דעם, דאַרף מען נאָך וויסן, ווי מיט אַזאַ איינעם צו ריידן. איצט, האָט אַרקאַדי באַשלאָסן, דאַרף ער מיט אים זיך דורכשמועסן. ביפֿראַט נאָך, אַז יענער האָט, ווײַזט אויס, פֿריִער ניט ריכטיק פֿאַרשטאַנען זײַן זאָג וועגן דער שערערײַ, געמיינט געוויס, אַז דאָס כּיוזעקט מען פֿון אים. נאָר ער, סאַטאַנאָווסקי, האָט דאָך קיין שלעכטס דערמיט ניט געמיינט, ער וועט עס אים באַלד טאַקע זאָגן.

— דו, בריגאַדיר? — האָט מיט כידעש אויסגערופֿן וואַלערי קראַס, ווען ער האָט פּלוצעם דערזען לעבן זיך סאַטאַנאָווסקין. און גלײַך — אויס אומבאַהאָלפֿנקײַט, אויס דערשלאָגנקײַט, ער איז ווידער געוואָרן שטעכיק, ווי אַ יאָזש. — וואָס דאַרפֿסטו? — האָט ער אַ פֿרעג געטאָן בייז.

— אַ שמועס טאָן מיט דיר קאָן מען?

— מיר האָבן מיט דיר ניט וואָס צו שמועסן. גיי דיר דײַן וועג.

— אָט דאָ פֿריִער, ווען כ'האָב דיר געזאָגט וועגן דער שערערײַ, האָב איך ניט געמיינט דיך צו באַליידיקן.

— קיינמאָל מיינט איר ניט...

— ווער איז דאָס איר?

— איר אַלע — די לײַטישע, די פֿײַנע, די, וואָס מע דרוקט זייערע פּאָרטרעטן אין די גאַזעטן... אַלע — אַזעלכע ווילע, אַזעלכע גאָלדענע. ראַק מע פֿילט אויס און מע שטײַגט איבער... נאָר איך איינער בין אַן אויסוואורף...

— ווער האָט עס דיר געזאָגט?

— אַלע לערנען, ווי אַזוי צו לעבן אויף דער וועלט... און אַליין ווייסט איר כאָטש,

ווי מע דארף לעבן, האי? אבי מע לערנט יענעם... פאסקודעס! — וואלערי האָט בייז, מיט צאָרן אויסגעשפּיגן.

— נאָ־נאָ, לײַכטער! — האָט א מאך געטאָן ארקאדי.

— וואָס לײַכטער? כ׳האָב דיך הײַנט אָפּגעשיקט איינמאָל צו בעניס מאמע, ווילסטו נאָכאמאָל?

ארקאדי איז אויך בייז געוואָרן.

— אנו, פּרווו! קוק ניט, וואָס ביסט א לאנגער. איין טראסק — און דו וואַל־גערסט זיך בא מיר אָט דאָ אין שטויב... — שוער אָפּגעעטעמט, האָט ארקאדי זיך באהערשט און רויִקער צוגעגעבן: — אז מע רעדט מיט דיר, ווי מיט א מענטשן, טאָ ענטפער, ווי א מענטש.

— וואָס זאָל איך דיר ענטפערן?

— איך וויל וויסן: נייטיקסט זיך עפּשער אין עפּעס?..

דער בליק בא קראסן האָט זיך אָנגעגאָסן מיט גאל, די שטים אויך:

— מע קאָן מיינען, אז דאָס גייט דיר שטארק אָן?

— שטעל זיך פאָר, אז יאָ.

— מאָדנע, — קראס האָט א צוק געטאָן מיט אן אקסל. — זאָל איך דיר זאָגן, אין וואָס איך נייטיק זיך ביכלאל, צי קאָנקרעט, אין דער־אָ מינוט?

— ביכלאל און קאָנקרעט.

א לענגערע ווײַלע האָט קראס מיט מאָדנעם כידעש געקוקט אף סאטאנאָווסקין.

— ביכלאל, — האָט ער געזאָגט, — פעלט מיר א סאך — פון א רעכטער טשו־וויכע ביז ווייניקסטנס — א „זשיגולי״. און קאָנקרעט — אין דער־אָ מינוט — א קאָמפּאניע אף אויסטרינקען אינדרײַען...

— און אינצווייען?

— מיט וועמען?

— מיט מיר.

— מיט דיר? — האָט וואלערי א צי געטאָן מיט כידעש.

— יאָ.

— דו, דער בריגאדיר, דער שלאָגלער, דער אוואנגארדיסט, מיט מיר — דעם ביטניק?

— איך האלט דיך ניט פאר קיין ביטניק, — האָט געענטפערט סאטאנאָווסקי. — און אויב דו ווילסט, לאָמיר דאָ ערגעץ ארײַנגיין, זיך צוזעצן בא א טישל און כאפּן א שמועס.

— און אויב שטייענדיק?

— מע קאָן אויך שטייענדיק.

— אויב אזוי... — דער גאנצער אויסזען בא קראסן האָט מיטאמאָל זיך געענ־דערט. א צעשײַנטער, אן אופגעלויכטענער, האָט ער א נעם געטאָן סאטאנאָווסקין בא די אקסלען. — אויב אזוי, ביסטו דאָך ניט נאָר א שלאָגלער, ניט נאָר אן אוואנגארדיסט, ביסט א מענטש, א מענטש, ארקאדי!.. קום, אָט דאָ אפן ראָג איז א „שאשליטשנע״, זי קען זיך אף אונדז ניט דערווארטן...

## 2

ווי הויכע פארהארטעוועטע שוואָמען, זײַנען געשטאנען אין שאשליטשנע בא א צענדליק קײַלעכדיקע איינפוסיקע טישלעך. בא אייניקע פון זיי האָבן, אויך ווי אף איין פוס, עטלעכע מענטשן אײַלנדיק געטרונקען און פארביסן. די גאנצע צײַט זײַנען איינע ארײַן, אנדערע ארויס. אף יענער זײַט בופעט־סטאָיקע, אין דער טיף פון זאל, האָט פאנאנדערגעשטעלט פארשיידנקאָליריקע פלעשער א ניט הויכע פרוי אין א קויטיקלעך־ווײַסן כאלאט. גאנץ יונג, אָבער שוין פולבלעך

צעפלאָסן, איז זי דאָך געווען כיינעוודיק מיט אַן עטוואָס ווולגאַרן כיין פון אַ פרוי, וואָס האָט שוין געהאַט אויף איר לעבן קאַלטס און וואַרעמס.

— דאַשענקע, אַ פּאָר הייסע שאַשליקעס, אָבער גלײַך פון פֿײַער! — האָט היי־מיש זיך אָנגערופן צו איר וואַלערי קראַס.

— וואַלעריקל, — האָט די פרוי אים געענטפערט מיטן זעלבן טאָן, — און אַ פּאָר הייסע פּעטש אין ביידע בעקעלעך ווילסטו ניט?

— פאַרוואָס קומט מיר, דאַשענקע?

— זאָלסט זיך ניט נאָכפרעגן אויף דעם, וואָס איז ניטאָ.

— וואָס? עס זײַנען ניטאָ קיין שאַשליקעס? — האָט ער מיט כידעש אויסגע־רופן. — אפילו קיין קאַלטע?

— אַניט נעבעך ווייסטו ניט?

— איי־איי־איי! פאַרוואָס זשע איז אויף אַ האַלבן פּאַסאַד מיט אַזעלכע־אָ גרויסע אויס:עס אָנגעמאָלט: „שאַ־שליטש־נע״?

— ס׳איז אָנגעמאָלט, אַז נאַראָנים זאָלן גלייבן.

— בין איך, הייסט עס, דאַשענקע, אַ נאַר?

— קיין כאָכעם אוואַדע ניט.

— נו, גוט, — האָט וואַלערי זיך ניט באַליידיקט. — וואָס זשע האָסטו אויף צו־בײַסן, אויב ניט קיין שאַשליקעס?

— קאָטלעטן.

— קאַלטע?

— ווו זאָל איך דיר נעמען הייסע?

— אויף נײַנציק פּראָצענט מיט ברויט?

— לויט דער רעצעפּטור.

— נו, די רעצעפּטור ווייסן מיר. און וואָס איז בא דיר דאָ פון רעצעפּטן?

— אָט, — זי האָט אַ ווײַז געטאָן אויף אַ גאַנצער באַטאַרייע מיט פלעשער, — שאַמפּאַניער, קאָניאַק, בראָנפן, פּאָרטווײַן.

— נו? — האָט וואַלערי זיך אַ קער געטאָן צו סאַטאַנאָווסקין.

— וואָס דו ווילסט.

— קאָניאַק?

— די געשעפטן טראָגן דיר אויף קאָניאַק?

— דיר טראָגן זיי דאָך אוואַדע.

— ווילסט אַ הוליע טאָן אויף מײַן כעזשבן?

— פאַרוואָס ניט?

— און פאַרוואָס יאָ?

— ווײַל איך בין אַ שיינער. איאָ, דאַשענקע, איך בין אַ שיינער? — האָט ער זיך פריילעך אַ קער געטאָן צו איר.

— אַ שיינער ביסטו, — האָט יענע מיט געלעכטער געענטפערט, — נאָר די שיינקײַט האָט זיך ניט אַהין אַרײַנגעכאַפּט.

— זעסט, — האָט ער געזאָגט צו אַרקאַדין, — דאַשענקע איז מאַסקים, אַז איך בין אַ שיינער. נו, און דו, ווייס איך, האָסט באַקומען אורלויב־געלט, דאַרף מען עס אַרומוואַשן...

— דאַפקע מיט דיר?

— פאַרוואָס ניט? — דערזען, אַז סאַטאַנאָווסקי איז מאַסקים, האָט וואַלערי אַ מאַך געטאָן: — דאַשענקע, אַפּגיך, ביז מיר האָבן ניט כאַראָטע געהאַט. פינף, צוויי מאָל צוויי.

זי האָט מיט שטוינונג אויף אים געקוקט:

— רעדסט שוין מיט רעבוסן?

— דו דאַרפסט אַזעלכע רעבוסן אויפכאַפּן אַפן ווונק!

— בין איך אָבער א טעמפּע...

— אזוי זשע זאָג! — און ער האָט דערקלערט: — וואָס פארשטייסטו ניט? דאָס באטײַט: קאָניאַק פינף שטערנדלעך, צוויי מאָל צו צוויי הונדערט גראם.

— מיר הונדערט, — האָט געזאָגט ארקאדי.

— זשאַלעוועסט?

— יאָ, דאָס געזונט.

— פארמאָגסט עס ווייניק?

— טאקע ווײַל אזוי.

— און איך האָב ניט וואָס אָנצוווערן.

צו איינעם פון די הויכע טישלעך באַם גרויסן פענצטער האָבן זיי אוועקגע־טראָגן די גלעזער מיט קאָניאַק, צו טעלערלעך מיט קאַלטע קאָטלעטן און א גאַר־ניר פון א ביסל פארטריקנטע ארבעס, מיט אלטגעבאַקענע ריפּטלעך ברויט.

— אָט אזוי לעבן מיר, — האָט געזאָגט וואַלערי, קוקנדיק מיט א זשעדנעם בליק אף זײַן פולער גלאָז.

— איז ווי לעבן מיר? — האָט מיט דעם זעלבן האַלבוויציקן טאָן איבערגע־פרעגט ארקאדי, — גוט אָדער שלעכט?

— ניט וואזשנע, — האָט געענטפערט קראַס, אופהייבנדיק זײַן גלאָז. — זאָלסט גוט אָפּרוען!

ארקאדי האָט אופגעהויבן זײַן האַלב־אָנגעגאָסענע גלאָז:

— און דיר זאָל דעם כוידעש זיך גוט ארבעטן!

— א כיטרער ביסטו, — האָט א מאַך געטאָן וואַלערי און צוגעטראָגן די גלאָז צום מויל.

— עהע, — האָט אים צוריקגעהאַלטן ארקאדי, — ווער טרינקט עס אזוי קאָ־ניאַק?

— וואָסי דען?

— אזוי זשליאָקעט מען בראַנפן, — האָט געזאָגט ארקאדי, — קאָניאַק, ווייסטו דאָך, איז אַן איידעלער געטראַנק. ניט אומזיסט ווערט ער באַצייכנט מיט שטערנד־לעך. וואָס מער שטערנדלעך, אַלץ בעסער. און פּאָסמאַקעווען דאַרף מען אים פּאַ־מעלעך. יעדעס שטערנדל שלינגען באַזונדער, מע זאָל פילן, וואָס פאַר א טאַם עס האָט...

— עך, ברודערקע, — האָט זיך אָנגערופן וואַלערי, — ווער מיר טאַם, וואָס מיר טאַם, ווען אָט דאָ, — ער האָט א ווײַז געטאָן אף דער ברוסט, — דאָ אינווייניק ברענט בא מיר א העלישער פלאַם, און מע דאַרף אים פארגיסן מיט וואָס־ניט־איז און וואָס גיכער, עס זאָל ניט פארברענט ווערן אַלץ מיטאַנאַנדער...

ארקאדי האָט אָפּגעזופּט א ביסל פון זײַן גלאָז, מיטן גאָפּל אָפּגעטיילט א שטיקל פונעם פארדאַרטן קאָטלעט און אַרײַנגעלייגט אין מויל.

— פארבײַס, — האָט ער געזאָגט. וואַלערי האָט אפן גאָפּל א נעם געטאָן פון טעלער עטלעכע ארבעסלעך, נאָר די האַנט האָט בא אים געציטערט, זײַנען די ארבעסלעך אראָפּגעפאַלן און פאַנאַנדערגעקײַקלט זיך איבערן שמוציקן צעמענ־טענעם דיל אין פארשיידענע זײַטן. א ווײַלע האָט ער מיט א מאָדנעם ראַכמאָנעס־בליק די ארבעסלעך נאָכגעקוקט, ביז זיי האָבן זיך ערגעץ פארקײַקלט, און שוין מער צו גאָר זיך ניט צוגערירט. מיט די עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אפן הויכן טישל, דעם פאַטלאַטע קאָפּ אַרײַנגענומען אין די הענט, האָט ער געזאָגט:

— ווען מיר זײַנען אהער אַרײַנגעקומען, האָב איך זיך דאָ א וויצל געטאָן מיט דער בופעטשיצע מיקויעך דער שאָשליטשנע, באַמערקט?

— באַמערקט, — האָט געענטפערט ארקאדי, אָפּזופּנדיק מיט קליינע שלינג דעם קאָניאַק.

— קוקנדיק, ווי דו זופסט דײַן קאָניאַק, — האָט זיך אָנגערופֿן וואַלערי, — קאָן מען מיינען, אַז דו האָסט דערפֿון גרויס האַנאָע.

— עמעס, האַנאָע, — האָט געענטפֿערט אַרקאַדי און, נאָך אַ זופּ טוענדיק, צוגעגעבן: — ביכלאַל באַגיי איך זיך אָן דעם, כ'טרינק ניט, סײַדן אַז מע נעמט זיך צונויף אויף אַ סימכע. הײַנט טו איך עס צוליב דיר. נאָר ווײַבאַלד איך טרינק שוין, איז מיט האַנאָע. — ער האָט אַ הייב געטאָן די גלאָז, דער רעשט ווײַן אין איר האָט גאָלדיק אַ שײַן געטאָן קעגן דער זון אין פֿענצטער. — פֿון אַלץ דאַרף אַ מענטש קענען האָבן האַנאָע: פֿון עסן, פֿון טרינקען, פֿון פֿאַרווײַלן זיך, פֿון אַרבעט.

— פֿון אַרבעט האָבן האַנאָע? — האָט וואַלערי אַ צוק געטאָן מיט אַן אַקסל.

— נו, יאָ, — אַרקאַדי האָט פֿאַרכידעשט געקוקט אויף זײַן מיטשפּרעכער. — ערשט פֿון אַרבעט האָט מען האַנאָע, אויב מע טוט זי גוט, ווי עס באַדאַרף צו זײַן, אויב מע האָט זי ליב.

— דו האָסט ליב דײַן אַרבעט? — האָט וואַלערי געפֿרעגט.

— ווי זשע? און דו?

— איך — ניט.

— וויאַזוי זשע אַרבעטסטו?

— ווײַל מע דאַרף.

— כ'גלייב ניט. נאָר מיר וועלן וועגן דעם נאָך אַ שמועס טאָן. האָסט געוואָלט עפּעס זאָגן מיקויעך דער שאַשליטשנע? יאָ, אַ הייסן, אַ שמעקנדיקן שאַשליק וואָלט ניט געשאַדט איצט נעמען אין מויל אַרײַן...

— אָט דאָס איז דאָך עס. איבערן פּאַסאַד — מיט גרויסע שיינע אויסיעס: „שאַשליטשנע"... און קומסט אַרײַן — איז גאָר ניטאָ... — קראַס האָט דערנענטערט צו אַרקאַדין זײַנע גרויסע שוואַרצאַפּלען מיט אַ שפּרינגענדיקן אין זיי שיקערלעכן גלאַנץ. — און אין לעבן איז דען ניט אַזוי? זאָג. אין לעבן איז דען ניט דאָס זעלבע? אויפֿן פּאַסאַד — וואָס דו ווילסט: פֿרײַנטשאַפֿט, ליבע, ענטוזיאַזם. און אינדערעמעסן? בלאָף... הוילער בלאָף...

— איך זע, — האָט געזאָגט אַרקאַדי, — די גלאָז קאָניאַק איז דיר גוט שוין אַרײַן אין די געדערים...

— איין גלאָז? אַהאָ, דו קענסט מיך נאָך ניט. פֿאַר מיר איז עס — אַ טראָפּן אין יאַם.

— מעגלעך, אַז איך קען דיך טאַקע ניט, — האָט צוגעשטימט אַרקאַדי, — נאָר אויב דו ביסט ניכטער, איז נאָך ערגער.

— וואָס זשע?

— דו מישסט צונויף פֿאַרשיידענע זאַכן.

— אַשטייגער? — האָט וואַלערי זיך אָנגעשפּיצט.

— די האַנדלס־טוער, וואָס האָבן אויפֿגעהאַנגען אַ שילד „שאַשליטשנע" אויף אַן אָרט, וווּ מיט דעם דאָזיקן מין שמעקט אַפֿילע ניט, פּאַשעט עס זאָל אויסזען, „ווי בײַ לײַטן", זיי קומט אַוואַדע אַ פּסאַק. איינס פֿון די צוויי: האָסטו אויפֿגעהאַנגען אַ שילד, איז פֿרעגל, זײַ מויכל, שאַשליק. אויב ניט, איז נעם אַראָפּ די שילד. ניט אַזוי?

— דאָס זאָג איך דאָך! — האָט היציק זיך צו אים אַ קער געטאָן וואַלערי.

אַרקאַדי האָט אים לײַכט אָפּגערוקט פֿון זיך.

— דו זאָגסט דאָך אָבער נאָך עפּעס. דו פּרוּווסט מאַכן אַרום דעם שיר ניט אַ גאַנצע לעבנס־פֿילאָסאָפֿיע: ס'איז גאָר ניטאָ — קיין פֿרײַנטשאַפֿט, קיין ליבע, קיין גליק...

— וואָס זשע, ניט עמעס?

דער בליק בײַ אַרקאַדין איז געוואָרן דורכזיכטיק, שטרענג.

— ניט עמעס. דו לײַגסט!

— איך לײַג?
— און נאָך א מין!
וואלערי האָט זיך היציק א שטעל געטאָן קעגן ארקאדין:
— דערוויַיז! דערווײַז מיר, אז איך לײַג. אָבער אָן אגיטאציע, אָן פּראָפּאַ־גאנדע. פּאָשעט, ווי א מענטש א מענטשן. דערווײַז, וועל איך זאָגן, אז דו ביסט גערעכט. און די אגיטאציע איז מיר דערעסן. אלע אגיטירן, דערציִען — דער פּראָ־פאריין, דער קאָמיוג...
— יאָ, זאָג מיר, וואלערי, ווי קומסטו אין קאָמיוג?
— איך?
— יאָ, דו.
— פּאָשעט.
— ווי:אזוי פּאָשעט?
— דאָס איז געווען נאָך אין שול. דער גאנצער קלאס איז ארײַנגעטראָטן, און איך אויך.
— און איצט?
— איצט צאָל איך מיטגלידס־אָפּצאָל.
— און גאָר?
— וואָס נאָך? יאָ, איך גיי אף פארזאמלונגען. ניט שטענדיק. אומעטיק.
— א וואזשנער קאָמיוגיסט ביסטו. דארפסט א טעאטער, דיר זאָל פריילעך זײַן?
— ניט קיין טעאטער, נאָר איך וויל עפּעס נײַס, כ׳וויל ניט, מע זאָל מיר די גאנצע צײַט לייענען נאָטאציעס. דערעסן: פּלאַן, סטאנאָק, בראק... וויפל קאָן מען? ניט צו דעם ציט די נעשאָמע...
— צו וואָס ציט זי? צום פלעשל?
— דו לאך ניט. עס ווילט זיך עפּעס מער. עפּעס אזוינס...
— דערפאר קומסטו בעגילופן צו דער ארבעט, מאכסט פּראָגולן?
— מעגלעך, אז דערפאר אויך. יאָ. מע האלט אין איין לערנען, ווי צו זײַן ניט קיין מענטשן, נאָר מאלאָכים! ניט טרינקען, ניט רייכערן, ניט האָבן צו טאָן מיט קיין מיידלעך. פארשרײַב זיך ערלעך אין זאגס, ווער א טאטע, ארבעט וויפל אין דיר וועט ארײַן און פיל אויס געזעלשאפטלעכע אָנלאָדונגען. אומעטיק... איך האָב פײַנט מאלאָכים, איך וועל קיינמאָל אזא ניט זײַן. אָט דו, ארקאדי, טויגסט זיך אויס פאר א הייליקן...
— א שיינער הייליקער, — האָט א לאך געטאָן ארקאדי, — אויב איך שטיי דאָ מיט אזא ווי דו...
— מיר איז עס טאקע א כידעש, — האָט וואלערי געענטפערט. — ווען דו האָסט מיר פאָרגעלייגט אויסטרינקען מיט דיר אינצווייען, האָב איך ניט געגלייבט מײַנע אויערן.
— און ווייסטו, פארוואָס איך שטיי דאָ מיט דיר?
— פארוואָס?
— ווײַל דו ביסט גאָרניט אזא, ווי דו פּרוּווסט פון זיך מאכן מיט אָט די לאנגע פאטלעס, מיטן טרינקען, מיט אָט די אלע דײַנע שטיק. אינעווייניק, גלייב איך, שטעקט אין דיר א ווילער יאט. מיט אָט דעם יאט האָט מיר פארוואָלט זיך דורכשמועסן.
— אזוי גאָר? — וואלערי האָט מיט אומצוטרוי אָנגעשטעלט זײַן בליק אף אר־קאדין. — איז ווי מיינסטו, ווי טיף שטעקט ער אין מיר, אָט דער ווילער יאט דײַנער?
— איך מיין, אז גאָר ניט אזוי טיף. כ׳וועל זיך, מיין איך, צו אים דערגרונ־טעווען.

— איך ווינטש דערפּאָלג! — האָט וואַלערי אַ לעצעווע געטאָן. — נאָך צו הונ־דערט? — האָט ער געוויזן אויף דער גלאָז.

— ניין, גענוג.

— און פאַר יענעם יאָט? ער האָט דאָך נאָך נעבעך ניט פּאַרזוכט...

— ער וועט זיך באַגיין.

— זשאַלעוועסט? בא מיר איז גראָד קיין גראָשן ניטאָ, זיך אינגאַנצן אויס־געבײַטלט. און דו ביסט הײַנט אַ גוויר.

— איך זשאַלעווע ניט, — האָט געענטפערט אַרקאַדי, — נאָר איך וויל נאָך הײַנט וועגן איינעם אַן איניען מיט דיר ערנסט אַ רעד טאָן, און ריידן האָב איך ליב מיט ניכטערע מענטשן. קום, וועלן מיר זיך דורכגיין.

— נאַטשאַלסטווע ווייסט בעסער, — האָט אַ מאַך געטאָן וואַלערי. ער האָט אָנ־געשטעקט אַפן גאָפּל דעם דאַרן קאָטלעט, אָפּגעביסן אַ שטיקל און דאָס איבעריקע אַוועקגעלייגט צוריק אין טעלער. אַרויסגייענדיק, אַ געשריי געטאָן צו דער בו־פעטשיצע:

— דאַשענקע, ווען כ׳וועל קומען אַ צווייט מאָל, זאָל מיר גרייט זײַן אַ גוטער, אַ הייסער שאַשליק!

— בודיעט, קאַק שטיק![1] — האָט יענע געענטפערט צום גראַם, און ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

3

אין גאַס איז געווען פּאַרנאַכטיק קילבלעך. נאָך דער דושנער, מיט אַלקאָהאָל־רייכעס דורכגעזאַפּטער שאַשליטשנע איז אָנגענעם געווען צו דערפילן אויף זיך דעם אָפּפרישנדיקן געפלאַטער פונעם לײַכטן ווינטל, וואָס איז געקומען פונעם נאָענטן טײַך. דאָס ווינטל האָט, שפּילנדיק, געוויגט די בלעטער־קרוינען אויף די יונגע ביימלעך לענגויס דעם טראָטואַר. נאָכן פאַרשפּעטיקטן פרילינג האָט דער אָנהייב זומער נאָך ניט באַוויזן פאַנאַנדערצושפּרייטן אָט די בלעטער־קרוינען אין זייער פולער קראַפט, האָבן זיי נאָך געהאַט אין זיך אַ סאַך שיטערע דורכלויכטן, דערפאַר אָבער האָט דער געבלעטער נאָך ניט אָנגעווירן זײַן פרילינגדיקע צאַפּל־דיקע גרינקייט און איידעלן גערוך. דאָס אַלץ, צוזאַמען מיטן געדאַנק, אַז אים שטייט פאַר אַ כוידעש אורלויב, האָבן אָנגעפילט אַרקאַדין מיט מעטושטעשע, נאָר פריידיקע פאַרגעפילן. אויף אַ ווײַלע האָט ער אַפילע פאַרגעסן וועגן וואַלערי קראַסן, וואָס איז אַן אָנגעכמורעט־שווײַגנדיקער געגאַנגען באַנאַנד מיט אים, און האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דעם ליכטיקן געפיל פון גליק, וואָס איז געווען, ווי אים האָט זיך געדאַכט, ניט נאָר אין אים, נאָר אין אַלע מענטשן, וואָס זײַנען אַנטקעגן געקומען, געווען צעגאָסן אַליין אין דער לופט פון אָט דעם אָנהייב־זומערדיקן פאַרנאַכט. אָט גייט אַנטקעגן אַן אַלטיטשקער אין אַ ווײַסער שטרויע־נער הוט, צו זען, שוין פון לאַנג אַ פּענסיאָנער. ער גייט פּאַמעלעך, אָנשפּאַרנדיק זיך אַפן שטעקל, און שמייכלט צו זיך אַליין עפּעס אונטער. מיסטאָמע גייט ער צו־גאַסט צו זײַנע אייניקלעך. ער קער שוין האָבן אוריייניקלעך אויך. אַ גוטע על־טער, צו זען, בא אָט דעם מענטשן. און אָט גייען אַ יונגע מאַמע מיט אַ טעכטערל פון אַ יאָר דרײַ. אין רויטן היטעלע, אינעם גרינעם מענטעלע און גאָלדיקע שיכע־לעך זעט עס אויס, ווי אַ בלימעלע. אָט האָט דאָס בלימעלע מיט אַ געלעכטער זיך אָפּגעריסן פון דער מאַמעס האַנט און גיך מיט די קליינע פיסעלעך אַוועקגעלאָפן פאָרויס. די מאַמע האָט גענומען נאָכלויפן, מאַכנדיק דעם אָנשטעל, אַז זי קען

[1] ס׳וועט זײַן (רוס.).

בעשום־אויפן ניט דעריאָגן. דאָס קינד קוקט זיך אלע ווײַלע אום, לויפט נאָך גיכער און פארגייט זיך אין געלעכטער. איר פארשײַטער קינדערשער געלעכטער קלינגט, ווי א גלעקעלע, איבער דער גאס...

און אָט גייט א יונג פּאָרל. ביידע שטאלטנע, הויכע. מע גייט ענג צונויפגעצ־טוליעט, ער — די האנט אף איר אקסל, זי — דעם טונקל געלאָקנטן קאָפּ — אף זײַנעם. קיינעם זעען זיי ניט, קיינעם דארפן זיי ניט...

פון צוזען, ווי גוט ס'איז מענטשן ארום אים, איז בא ארקאדין נאָך אופגע־לייגטער געוואָרן אפן הארצן, אים האָט זיך געדאכט: דאָס, וואָס ער שפּירן איצט אלע ארום.

— נו, ווי? — האָט ער זיך א קער געטאָן צו זײַן מיטגייער.

— וואָס? — האָט יענער ניט פארשטאנען.

— ווי פילט מען זיך אין אזא ווונדערלעכן פארנאכט, צווישן אזויפיל ווונדער־לעכע מענטשן? הא?

— ניט וואזשנע.

— וואָס?

— ניט וואזשנע, זאָג איך.

— אזוי גאָר? — איצט האָט ארקאדי אים ניט פארשטאנען. — דו שפּאסט?

— ניין, ערנסט.

ארקאדי האָט זיך אָפּגעשטעלט:

— וואָס זשע פעלט דיר?

— האָסט מיך שוין הײַנט איין מאָל וועגן דעם געפרעגט. וועל איך דיר נאָכא־מאָל ענטפערן: א סאך.

— אשטייגער?

— אין געגעבענעם מאָמענט?

— זאָל זײַן אזוי.

— אין געגעבענעם מאָמענט פעלן מיר אויס, ערשטנס, א פּאָר רובל אין קעשענע...

— און צווייטנס?

— צווייטנס, פעלט מיר אויס א פײַנער קאָרעש, ניט אזא, ווי דו.

— וואָס זשע וואָלסטו מיט אים געטאָן?

— וואָס? מיר וואָלטן זיך ארײַנגעכאפּט מיט אים אין רעסטאָראן.

— אין רעסטאָראן?

— יאָ.

— נו, און ווײַטער?

— מיר וואָלטן באשטעלט א פײַנע וועטשערע, געמאכט א ווילן שנאפּס, גע־טאנצט מיט מיידלעך...

— און דאָס איז אלץ, וואָס דו פארלאנגסט?

— אין געגעבענעם מאָמענט — יאָ.

— און ווײַטער?

— וואָס ווײַטער?

— נו, ווײַטער, האָסטו אין לעבן ביכלאַל עפּעס פארלאנגען?

— ווי איך זע, — האָט וואלערי אָנגעקוקט ארקאדין, — ביסטו נישקאָשע פון א טשודאק. „ווײַטער", „ביכלאַל"... ווער טראכט איצט וועגן אזעלכע זאכן?

— ווי קאָן מען ניט טראכטן?

— ניטאָ קיין ווײַטער, ניטאָ קיין ביכלאַל, — האָט וואלערי קראס אָפּגעהאקט.

— וואָס זשע איז דאָ?

— פאראן דער הײַנט. פארגעדענק: הײַנט, און מער גאָר. הײַנט לעבסטו — הײַנט עסטו. הײַנט הוליע, לאָז זיך ווילגיין, טו, וואָס דײַן הארץ גלוסט.

— און מאָרגן?

— „מאָרגן זאָל זיך גאָט זאָרגן" — האָט געזאָגט מײַן באָבע. און נאָך פאַר־געדענק: ניטאָ קיין „ביכלאַל", פאַראַן — „ביפראַט". ניט ביכלאַל — די גאַנצע וועלט, די גאַנצע מענטשהײַט און אַזוי ווײַטער, און דאָס גלײַכן. פאַראַן דער פּראַט. איך. דער מענטש. דער געגעבענער מענטש — וואַלערי קראַס, מיט מײַנע אָנשויוּנגען, מיט מײַנע אינטערעסן, פאַרלאַנגען...

— אָ, — האָט א מאַך געטאָן אַרקאַדי, — ווי איך זע, ביסטו גאָר א פילאָסאָף.

— איך ווייס ניט, ווער און וואָס איך בין, — האָט יענער געענטפערט, — נאָר אַזוי איז עס. און ניט איך איינער טראַכט אַזוי.

— דאָס פאַרשטיי איך, אַז ניט דו אַליין האָסט עס צוגעטראַכט, — האָט זיך אָפּגערופן אַרקאַדי און זיך אָפּגעשטעלט. וואַלערי איז אויך געבליבן שטיין. זיי האָבן געשטערט די דורכגייער, זײַנען זיי פונעם טראָטואַר אָפּגעגאַנגען עטוואָס אין א זײַט. מיט דער זיך וויגנדיקער קרוין האָט איבער זיי שטיל גערוישט א הויכער קליאָן און געהילט זיי אין איידעלן גערוך פון זײַן יונגן געבלעטער.

— אויב אַזוי, וואַלערי, דערקלער מיר אָט וואָס, — האָט געזאָגט אַרקאַדי, — לאָמיר זיך אָפּ א ווײַלע פאַרשטעלן, אַז דו ביסט גערעכט: דער איקער איז ניט דער קלאַל — די גאַנצע וועלט, די גאַנצע מענטשהײַט, ווי דו זאָגסט, נאָר דער פּראַט, דער באַזונדערער מענטש און דאָס, וואָס ער פאַרלאַנגט...

— יאָ, — האָט צוגעשטימט וואַלערי.

— נו, און ווי, אויב אָט דער מענטש דײַנער, וואָס טראַכט נאָר וועגן זיך און זײַנע אייגענע אינטערעסן, האָט ניט קיין גוטע, נאָר שלעכטע פאַרלאַנגען, אַזעל־כע, וואָס קאָנען ברענגען שאָדן סײַ אַנדערע, סײַ אים אַליין?

— דאָס איז אויסגעשלאָסן, — האָט געענטפערט קראַס, ענערגיש א טרייסל טוענדיק מיט דער פּאַטלע. — קיין שום מענטש קאָן ניט פאַרלאַנגען זיך אַליין שלעכטס. מאַסקים?

— נו, מאַסקים.

— יעדער איינער ווינטשט זיך און וועט טאָן פאַר זיך בלויז גוטס. מאַסקים?

— מאַסקים.

— נו, און אויב יעדערער וועט טאָן גוטס, ווי זשע קאָן דערפון פאַר עמעצן אַרויסקומען שלעכטס?

— לאָגיש, — האָט א שמייכל געטאָן אַרקאַדי. — לאָגיש, אָבער נאַיוו.

— פאַרוואָס?

— ווײַל אויב יעדער מענטש וועט טאָן גוטס בלויז פאַר זיך, ווי דו זאָגסט, קאָן עס שוין ניט זײַן גוט פאַר אַלעמען.

— פאַרוואָס?

— ווײַל טאָן גוטס דאַרף מען קודעמקאָל פאַר אַלעמען, דאַן וועט גוט זײַן פאַר יעדערן באַזונדער, און ניט פאַרקערט, ווי דיר דאַכט זיך אויס. נאָר וואָס שטייען מיר? לאָמיר גיין.

פון אונטערן צעגרינט־שמעקנדיקן בוים זײַנען זיי אַרײַן אינעם היפּשלעכן מענטשן־שטראָם, וואָס האָט זיך געצויגן איבערן טראָטואַר איןביידע ריכטונגען.

— סאַליוט, מאַרלענאָטשקע! — האָט אין עטלעכע שפּאַן אַרום אויסגערופן וואַ־לערי, און זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט. אַרקאַדי (אַזוי האָט זיך אים געדאַכט) וואָלט געבליבן שטיין, אַפילו ווען ניט דער אויסרוף פון זײַן מיטגייער, אַזוי האָט מיט איר אויסטערלישער שיינקייט אים געפּלעפט דאָס אַנטקעגנגעקומענע מיידל. אין איין אויגנבליק האָט אין אים אופגעברויזט, קוקנדיק אויף איר, א שלאַל געפילן און געדאַנקען, וואָס אויסדריקן מיט א וואָרט וואָלט ער זיי ניט געקענט. אָט זײַנען בלויז אייניקע פון זיי:

זי וועט זיך ניט אָפּשטעלן. אזא, ווי אָט די, קאָן זיך ניט אָפּשטעלן. בעשום־אויפן! זי וועט דורכגיין פארבײַ, ווײַל זי פארשטייט ניט זייער לאָשן. זי איז פון אן אנדער פלאנעטע. יאָ, יאָ, פון אן אנדער פלאנעטע... אױף דער ערד איז נאָך אזא ניט געבוירן געוואָרן...

און:

ווי קאָן מען צו אזא, ווי אָט די, מיט אזא כוצפע זיך ווענדן, אָנרופן זי מיט א מענטשלעכן נאָמען?

און:

לעבט פונדעסטוועגן אזא, ווי אָט די, מיט אים אין איין שטאָט? ווי זשע האָט ער ביז איצט וועגן דעם ניט געוווסט?

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— א גרוס, וואלעריק! — האָט זי פּראָסט־פּאָשעט געזאָגט. ארקאדי האָט ניט געגלייבט ניט די אייגענע אויגן, ניט די אויערן. זי האָט זיך־טאקע אָפּגעשטעלט? טאקע געזאָגט: „א גרוס, וואלעריק”? און יענער — ווי גאָר קיין אויסערגעוויינלעכס זאָל ניט געשען:

— פונוואנעט שפאנסטו עס, מארלענאָטשקע?

— פון דער ארבעט.

— אזוי שפּעט?

— געווען א זיצונג פון פּראָפקאָם.

— אן אקטיוויסטקע?

— פארוואָס ניט?

— און פארוואָס זע איך ניט ארום דיר קיין עסקאָרט?

— וואס פאר אן עסקאָרט?

— פון פארליבטע... אזעלכע, ווי דו, מוז שטענדיק באגלייטן אן עסקאָרט פון פארליבטע. דו ווייסט, — האָט ער זיך א קער געטאָן צו ארקאדין, — אין איר איז פארליבט א האלבע שטאָט מיט יינגלעך און איך בעסויכעם. די צווייטע העלפט איז ניט פארליבט, ווײַל זי ווייסט ניט וועגן איר...

— מיך פרייט עס, — האָט א שמייכל געטאָן דאָס מיידל, — און באזונדערס, וואָס דו אויך...

— דו ביסט נאָך אין איר ניט פארליבט, בריגאדיר? — האָט וואלערי זיך ווי־דער א קער געטאָן צו ארקאדין. — מיר שטייען שוין דאָ דרײַ מינוט, ס׳איז גאנץ גענוג...

— ניין, כ׳האָב נאָך ניט באוויזן, — האָט ארקאדי ענדלעך ארויסגעשטאמלט די ערשטע עטלעכע ווערטער, זינט זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

וואלערי:

— שיר ניט פארגעסן צו באקאנען אײַך... ארקאדי סאטאנאָווסקי, בריגאדיר — א פּראווילנער מענטש אױף אלע הונדערט פּראָצענט. טרינקט ניט, רייכערט ניט, האָט ניט ליב קיין מיידלעך...

— גענוג דיר צו לעצעוועז, — האָט א מאך געטאָן ארקאדי, און — צום מיידל: — ווי מע רופט אײַך, ווייס איך שוין. ווי מיך, ווייסט איר אויך...

זי האָט אים דערלאנגט די האנט.

— אינעם צעטל פון די, וואָס זײַנען אין דיר פארליבט, שטעל ארײַן נאָך איינעם, — האָט געזאָגט וואלערי און צוגעגעבן: — נאָר אים, בעט איך דיך, פאר־שרײַב נאָך מיר, דו הערסט, מארלענאָטשקע?..

— ער רופט אײַך אזוי היימיש, — האָט ארקאדי געזאָגט צום מיידל. — ער האָט דערויף רעכט?

— זעסט, — האָט אויסגערופן וואלערי, — ניט באוויזן צו באקאנען זיך און איז שוין אייפערזיכטיק.

— אויב איר קענט וואלעריקן, — האָט געזאָגט דאָס מיידל, — דארפט איר וויסן, אז רעכט אף אלץ נעמט ער זיך אליין.
— און אָן שום גרונט?
— אָן שום.
— איז דער וויפלטער שטיי איך בא דיר אין צעטל, מארלענאָטשקע? — האָט וואלערי ווײַטער געלעצעוועט.
— דער סאמע ערשטער, — האָט זי געענטפערט, באגריסנדיק אופגעהויבן די האנט, און אוועק.
— טשאאָ! — האָט נאָכגעשריִען וואלערי.
ווײַטער זײַנען זיי געגאנגען פאמעלעך און שווײַגנדיק. מעגלעך, אז וואלערי האָט יאָ עפעס גערעדט, נאָר צו ארקאדין זײַנען די רייד זײַנע ניט דערגאנגען. נאָך דער אומגעריכטער באגעגעניש האָט עס אים ווי א טראָג געטאָן אין דער הייך, שיר ניט צו די ווײַסע צעריסענע וואָלקנדלעך, וואָס האָבן זיך געשפרייט אין הימל. אף אָט דער הייך איז צו אים פון דער ערד איצט קיין זאך ניט דער־גאנגען. דאָ האָט געהערשט אן אבסאָליוטע שטילקייט. פלוצעם אָבער האָט אין אָט דער שטילקייט פארדריסלעך זיך ארײַנגעריסן א דיסאָנירנדיקער קלאנג. אר־קאדי האָט זיך געמאכט ניט הערנדיק, נאָר דער קלאנג האָט זיך איבערגעכאזערט:
— רעסטאָראן...
— הא? וואָס?
— ביסט פון הימל אראָפּגעפאלן?
— קימאט...
— מארלענאָטשקע קען עס. זי אז מע דערזעט צום ערשטן מאָל, קאָן אזוינס טרעפן.
— און צום צווייטן?
— צום צווייטן איז שוין לײַכטער.
— וואָס האָסטו געוואָלט זאָגן?
— כ׳האָב געוואָלט זאָגן, אז מיר שטייען לעבן רעסטאָראן.
— איז וואָס?
— עפשער וועלן מיר ארײַנגייין?
— ניין.
— קאטעגאָריש?
— אבסאָליוט.
— אָט בין איך א גלאָמפּ! — וואלערי האָט זיך א פאטש געטאָן אין שטערן.
— צו וואָס אזא זעלבסטקריטיק?
— געדארפט פאָרלייגן מארלענאָטשקען. צוליב איר וואָלסטו געוויס געגאנגען ניט נאָר אין רעסטאָראן...
— און זי וואָלט מאסקים געווען?
— פארוואָס ניט?
— מיט דיר און מיט אן אומבאקאנטן מענטשן?
— נאָך א מין!
— איך גלייב ניט.
— קענסטו קיין מיידלעך ניט.
— פאראן פארשיידענע מיידלעך.
— אלע — אף איין שניט.
— דאָס טראכסטו אזוי.
— וועטן מיר זיך?
— אז וואָס?
— אז מארלענאָטשקע גייט הײַנט מיט מיר און מיט דיר אין רעסטאָראן.

— ווי ווייסטו דערוויַיזן?
— אָט לויף איך באלד נאָך איר, איך ווייס, ווו זי וווינט, און ברענג זי אהער. געמאכט?
— מע דארף ניט.
— זיך דערשראָקן?
— יאָ, דערשראָקן... קום בעסער זיך צוזעצן אין סקווער.
— אין אָט דעם סקווער? אן אייסעק פאר פענסיאָנערן.
— פענסיאָנערן זיצן דאָ באטאָג. פארנאכט פארנעמען אים פארליבטע פאָרלעך.

4

דער סקווער האָט געגרינט אנטקעגן דעם רעסטאָראן. אלע בענק זיַינען דאָ געווען פארנומען, נאָר אף זייער גליק האָט איין פאָרל זיך אופגעהויבן און גע־ארעמט אוועק. האָבן ארקאדי און וואלערי זיך צוגעזעצט אף זייער אָרט.
א לענגערע וויַילע האָבן ביידע געשוויגן. ארקאדי האָט געטראכט וועגן דעם מיידל. ער האָט זיך שוין ניט געקאָנט באפריַיען פון איר אויסזען, שטאלט. און ווי האָט ער, לעבנדיק קימאט דאָס גאנצע לעבן דאָ אין שטאָט, קיין איין מאָל אין ערגעץ זי ניט געטראָפן? עפשער איז זי ניט קיין היגע, געקומען פון ערגעץ? פונוואנעט? סיַידן טאקע פון אן אנדער פלאנעטע? — ער האָט א שמייכל געטאָן. — זי האָט אינגאנצן איבערגעקערט זיַינע געדאנקען. ביז דער באגעגעניש מיט איר האָט ער זיך דאָך געקליבן עפעס פאָרלייגן וואלערין, אָט דעם פאטלאטן פילאָסאָף, וואָס זי רופט אים אזוי צערטלעך — וואלעריק. עפשער איז צווישן זיי עפעס פאַראן? מע וועט עס דארפן אויסקלאָרן. אָבער ניט באלד, — האָט ער זיך אליין גע־צוימט אין געדאנק. אָט דער וואלערי קען נאָך בעעמעס מיינען, אז אים, ארקאדין, גייט עס אָן. און אויב אפילע עס גייט אים יאָ אָן, דארף קיינער דערפון ניט וויסן. ער האָט פאר וואלערין א וויכטיקן פאָרשלאָג. נאָר איידער עס פאָרלייגן, האָט ער זיך געקליבן בא אים עפעס־וואָס אויסקלאָרן. נו, יאָ, ער מוז וויסן, פונוואנעט שטאמט אָט דער וואלערי, פונוואנעט נעמען זיי זיך — זיַין הוילעך, זיַין ציניזם, די פילאָסאָפיע זיַינע? ערגעץ מוז דאָך אָט דאָס אלץ האָבן וואָרצלען.
וואלערי קראָס האָט בעשאסמיַיסע געבראָכן זיך דעם קאָפּ איבער אן אנדער פראגע: וואָס וויל פון אים אָט דער אף אלע הונדערט פראָצענט פראווילנער מענטש, דער בריגאדיר ארקאדי סאטאנאָווסקי, און וואָס שלעפט ער זיך מיט אים שוין עטלעכע שאָ ארום? וואָס איך וויל פון אים, ווייס איך, — האָט ער געטראכט. — בא מיר זיַינען אויסגעגאנגען די קלינגערס און איך וויל אף זיַין כעזשבן פאר־ברענגען אן אָוונט. לאָזט ער זיך ניט. אָבער וואָס וויל ער פון מיר און מיט וואָס קאָן איך זיַין נוציק אים? נאָר אָט זיצט ער און שוויַיגט. מיטאמאָל אנשוויגן גע־וואָרן. דאָס האָט מארלענאָטשקע אזוי אים פריטשמעליעט. באלד וועט ער אָנ־הייבן וועגן איר זיך פאנאנדערפרעגן, ווען און וואָס... נו, יאָ...
— איך האָב צו דיר ניט גאָר קיין באשיידענע פראגע, — האָט זיך אָנגערופן ארקאדי.
— איך ווייס.
— וואָס ווייסטו? — האָט ארקאדי זיך פארכידעשט.
— איך ווייס, וואָס דו ווילסט בא מיר פרעגן.
— דעהיַינע?
— ווער איז מארלענאָטשקע, ווו ארבעט זי און ווו וווינט זי?
— ניט געטראָפן!
— ניט?

— ניט.
— וואָס זשע?
— כ'האָב געוואָלט פרעגן, ווו דו וווינסט?
— איך?
— יאָ, דו.
וואלערי האָט זיך צעלאכט.
— מע קאָן מיינען, דו ווילסט זיך טרעפן מיט מיר, ניט מיט איר.
ארקאדי האָט זיך אָנגעכמורעט.
— וועגן דײַן באקאנטער, וואָס דו רופסט זי מארלענאָטשקע, האָבן מיר אָפּגערעדט, און מער — קיין וואָרט.
— ניין, איז ניין.
— איך וויל וויסן, ווו דו וווינסט.
— איך?
— יאָ.
— אין צוזאמענוווינונג.
— קיין עלטערן האָסטו ניט?
— מיינסט — אָוועס? פאראן.
— זיי וווינען אין אן אנדער שטאָט?
— פארוואָס? דאָ אין שטאָט וווינען זיי.
— פאראן בא זיי נאָך קינדער?
— ניין, איך בין בא זיי אן איין־און־איינציקער.
— פארוואָס זשע...
— פארוואָס איך וווין ניט מיט זיי?
— נו, יאָ.
— עט...
— אָבער פאָרט?
— דאָס אינטערעסירט דיך טאקע?
— זייער.
— מאָדנע.
— פארוואָס מאָדנע?
— כ'בין ניט געוווינט, עמעצער זאָל זיך מיט מיר אינטערעסירן. און צו וואָס דארפסטו עס?
— דאָס וועל איך דיר זאָגן שפעטער.
— פארשטייסט, מײַנע עלטערן זײַנען זייער פײַנע און פראווילנע מענטשן. אָט דו וואָלסט זיך עפשער מיט זיי צונויפגעלעבט, ביסט אויך א פראווילנער.
— און דו?
— איך בין, ווי דו זעסט, דורכויס ניט קיין פראווילנער.
— ווי זשע איז, זאָג מיר, בא אזעלכע „פראווילנע" עלטערן, ווי דו רופסט עס אָן, אויסגעוואקסן אזא ניט קיין פראווילנער זון?
— עפשער טאקע דערפאר.
— פארוואָס — דערפאר?
— ווײַל זיי, די אָוועס מײַנע, זײַנען שוין צו פראווילנע.
— זיי ארבעטן?
— פארשטייט זיך.
— ווו?
— אָ, זיי זײַנען זייער אָנשטענדיקע מענטשן. דער טאטע — א יוריסקאָנסולט אף א זאוואָד, די מאמע — א פראָוויזאָר, פארוואַלטעט מיט א גרויסער אפטייק.

— יאָ, אָנשטענדיקע מענטשן. פאַרוואָס זשע האָבן זיי דיך אַזוי שלעכט דערצויגן?

— שלעכט? זיי האָבן מיך בכלל ניט דערצויגן. גאַנצע טעג אויף דער אַרבעט, אין קאָמאַנדירונגען. איך האָב זיך דערצויגן אַליין, און ניט אין שטוב — אין הויף, מיט אַזעלכע כוליגאַנעס ווי איך. עמעס, געוואָרן אויך אַ באַבושקע, דעם טאַטנס מאַמע, זייער אַן אַלטיטשקע, אַ קראַנקע, האָב איך זי געהערט פאַר אַ פּירער. דערנאָך איז זי געשטאָרבן, בין איך בכלל געבליבן אַ פרייַער פויגל.

— פאַרוואָס לעבסטו איצטער ניט אין דער היים? עס פעלט פּלאַץ?

— ניין, דער טאַטע מיט דער מאַמען פאַרנעמען אינצווייען אַ גרויסע דירה פון דריי צימערן. פּלאַץ קלעקט, נאָר...

— נאָר וואָס?

— פאַרשטייסט, ווען כ'האָב נאָכן פאַרענדיקן די שול געדאַרפט האַלטן עקזאַמענעס אין אינסטיטוט, האָט דער טאַטע מיר געמאָלדן, אַז טאָמער וועל איך די עקזאַמענעס ניט אויסהאַלטן, זאָל איך זיך ניט אומקערן אין שטוב. און איך האָב ניט אויסגעהאַלטן, ניט דערנומען צוויי באַלן.

— וויאַזוי האָסטו זיך געלערנט אין שול?

— ניט פויגלדיק.

— שוואַכע פייִקייטן?

— ניין, אייניקע האָבן אפילו געהאַלטן, אַז בא מיר איז אַ שאַרפע קעפּל. באַזונדערס צו מאַטעמאַטיק...

— איז וואָס זשע?

— מיר איז געוואָרן לאַנגווייַליק...

— און נאָך די עקזאַמענעס?..

— בין איך אַוועק אַרבעטן אויפן זאַוואָד און לעבן — אין צוזאַמענוווינונג.

— די עלטערן האָבן ניט כאַראַקטער געהאַט?

— די מאַמע איז געקומען זיך בעטן...

— און דו?

— „ניין", האָב איך געזאָגט, אַהיים קער איך זיך ניט אום.

— אין צוזאַמענוווינונג איז בעסער?

— פאַרשטייסט, אין שטוב בא אונדז... ווי זאָל איך דיר זאָגן?.. ס'איז ניט קיין שטוב, נאָר אַן אַנטיקוואַרער מאַגאַזין פון טייַערע כפּייצים. קרישטאָל, פּאָרצעלייַ. אומעטום — גאַרניטורן לויט דער לעצטער מאָדע. אין זאַל — אַ טשעכישער, אין אַלקער — אַ יוגאָסלאַווישער, אין קיך — אַ ריגער. אפילו דער טואַלעט איז אויסגעפלאַסטערט מיט קאָלירטע פליטקעלעך. גלעזערנע שאַפעס זייַנען פאַרשטעלט מיט סערוויזן, מיט גאָלדענע, זילבערנע בעכערס, בעכערלעך. און גאָט באַהיט, צו עפּעס זיך צורירן. דאָס איז נאָר צוליב געסט. ווען מע קומט אין אַ יאָמטעוו, זאָל מען קוקן, גאַפן און מעקאַנע זייַן... אויף אַלע ווענט, אויפן דיל — טעפּיכער. דער דיל איז אויסגעלייגט מיט פּאַרקעט. קומט מען אַרייַן, דאַרף מען אין קאָרידאָר אָנטאָן שטעקשיך. אין צימער דאַרף מען אויסטאָן די שטעקשיך אויך — ניט אַרופּטרעטן כאָלילע אין זיי אויפן טעפּיך... אַזוי ווי אין אַ מוזיי, און נאָך ערגער... — אַ ווייַלע האָט וואַלערי געשוויגן און פאַרגעזעצט: — און פּונקט אַזוי זייַנען סיי באַם טאַטן, סיי בא דער מאַמען אויך די נעשאָמעס. אַלע זייערע געפילן און געדאַנקען זייַנען פאַנאַנדערגעלייגט אויף באַזונדערע פּאָליטשקעלעך — דאָס איז פאַר לייַטן, און דאָס איז פאַר זיך... איז מיר, פאַרשטייסטו, אָט דאָס גאַנצע רומל געוואָרן אַזוי דערווידער, אַז מיר האָט זיך פאַרוואָלט טאָן אַלץ אין לעבן פאַרקערט, פאַרשטייסט, ניט אַזוי, — קאַפּויער, אַפּצולאָכעס...

— איך פאַרשטיי, — האָט געזאָגט אַרקאַדי, — איצט פאַרשטיי איך, — און אומגעריכט פאַר וואַלערין צוגעגעבן: — אין אַ בריגאַדע וואָלסטו געוואָלט אַריבערגיין?

— אין א בריגאַדע?
— יאָ.
— אין דײַנער?
— ניין, אין מײַנער איז פרי. בא מיר האָבן אַלע כעוורע הויכע ראַזריאַדן. נאָר איך קאָן זיך צונויפריידן, מע זאָל דיך אַריבערפירן אין אַן אַנדער בריגאַדע, און מיט דער צײַט וועסטו קאָנען אַריבער אויך צו מיר. וויפל איז דער שיר צו שטיין באַם שטאַמפּ? אין בריגאַדע — אי דו וועסט מער פאַרדינען, אי די אַרבעט וועט זײַן פאַר דיר אינטערעסאַנטער. האַ?
פאַר וואַלערין איז עס געוועזן אומגעריכט.
— אָט דאָס האָסטו מיר געוואָלט זאָגן? — האָט ער געפרעגט.
— יאָ.
וואַלערי האָט מיט כידעש געקוקט אויף אַרקאַדין.
— צו וואָס דאַרפסטו עס?
— וואָס זשע?
— איך — א שיקער, א פראָגולשטשיק...
— קלײַבסט זיך אייביק פאַרבלײַבן אַזאַ?
— דו האָסט א האָפענונג, אַז ניט?
— יאָ, איך האָב.
— איז וואָס זשע?
— וועט עס עפּשער אין א רעכטער בריגאַדע צוגיין גיכער.
— און וואָס וועלן זאָגן די כעוורע פון יענער בריגאַדע?
— איך פרעג בא דיר — ביסט מאַסקים?
— כ׳וועל א טראַכט טאָן.
— נו, אָט, פאַריינוועגס טו א טראַכט אויך וועגן דעם טנײַ, וואָס איך וועל דיר שטעלן.
— א טנײַ? — האָט א צי געטאָן וואַלערי.
— און ווי האָסטו געמיינט, גלאַט אַזוי?
— וואָס זשע פאַר א טנײַ?
— איך פאָר מאָרגן אוועק אין סאַנאַטאָרי. א כוידעש צײַט וועל איך דאָ ניט זײַן. פאַר אָט דעם כוידעש שיקערסטו זיך קיין איין מאָל ניט אָן, מאַכסט ניט קיין איין פראָגול און קיין איין בראַק אין דער אַרבעט.
— אָהאָ! — האָט אויסגערופן וואַלערי.
— וועסטו עס אויספילן, קום איך, רעד זיך צונויף, און מע נעמט דיך אין א גוטער בריגאַדע. געמאַכט?
— און אויב איך וועל ניט אויספילן?
— איז ניטאָ וועגן וואָס צו ריידן.
— איך פאַרשטיי ניט איין זאַך, — האָט נאָך א לענגערן שווײַגן געזאָגט וואַלערי, — צוליב וועמען סטאַרעסטו זיך? וועמעס טויווע מיינסטו דאָ? מײַנע?
— ניין, — האָט געענטפערט אַרקאַדי.
— דײַנע? אין וואָס באַשטייט זי?
— אויך ניט.
— טאָ וועמעס?
— איך מיין די טויווע פון יענעם יאַט, וועגן וועלכן מיר האָבן מיט דיר שוין גערעדט. מע דאַרף אים וואָס גיכער אַרויסציִען אויף דער ליכטיקער שײַן. מיר דוכט, צוליב אים לוינט זיך א סטאַרע טאָן...
— אַך, ביסטו א כיטרער! — האָט וואַלערי א דראָע געטאָן אַרקאַדין מיטן פינ־גער. זיי האָבן זיך אופגעהויבן. ס׳איז שוין געוועזן היפּש טונקל און קיל. — גייען מיר?

— יאָ, מיר גייען, — האָט געענטפערט ארקאדי. — איך ווין אף טשאפאיעווער.

— האלט דאָס פינפטל! — וואלערי האָט אים א שטרעק געטאָן די האנט. — ביסט א פראווילנער, בריגאדיר, נאָר ניט אזוא נודנער, ווי איך האָב געמיינט. פראווילנע מענטשן זײַנען געוויינלעך נודנע, דערפאר האָב איך זיי ניט ליב.

סאטאנאָווסקי און קראס זײַנען זיך פאנאנדערגעגאנגען.

אָפּגעגאנגען א שפאַן צען, איז ארקאדי געבליבן שטיין. זיך א קער געגעבן אף צוריק, האָט ער הויך א געשריי געטאָן:

— וואלערי! קראַ־אַ־אס!..

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. גייענדיק ווײַטער, האָט ארקאדי געטראכט: גוט, וואָס וואלערי האָט זיך ניט אָפּגערופן, מיסטאמע שוין באוויזן ווײַט אוועק־גיין. ווען ער דערהערט און קערט זיך אום, וואָלט ער, ארקאדי, פּאַשעט ניט געוווּסט וואָס אים צו זאָגן. ווי נאָר ער האָט אים א רוף געטאָן, האָט ער שוין כאַ־ראָטע געהאט. ער וועט דאָך ניט גיין בא אים פרעגן: ווער איז זי? וווּ ארבעט זי? וווּ וווינט זי? וואלערי וואָלט געמאכט פון אים א לײַטיש געלעכטער. „דער בריגאַ־דיר, — וואָלט ער געזאָגט, — האָט פון ערשטן קוק זיך אײַנגעליבט"...

„איז ווי, בריגאדיר, — האָט, שפאנענדיק איבער דער אָוונטיקער גאס, בא זיך אליין געפרעגט ארקאדי, — עפּשער טאקע, האָ?..״

5

אין סאנאטאָריע האָט ארקאדין פון די ערשטע טעג ניט אָפּגעגליקט. ערשטנס, דער וועטער. פון דער זײַט פונעם יאם האָבן געהאלטן אין איין טראָגן זיך ניי־דעריקע, מיט פּײַכטער טונקלעניש אָנגעשוואָלענע כמארעס, און ס'האָט נודנע, אָן אופהער געדרעגנט, ווי ס'זאָל געווען זײַן ניט זומער, נאָר טיפער הארבסט. צווייטנס, דאָס צימער. א צימער האָט מען אים דאפקע געגעבן אף צווייען („בא אונדז וווינט מען צו דרײַ און צו פיר אין א צימער אויך", — האָט אים געזאָגט די עלטערע מעדיצין־שוועסטער), און דאָס וואָלט געווען ניט שלעכט. ער האָט אפילע ניט פארשטאנען, מיט וואָס איז ער בא אָט דער נאָך גאנץ יונגער פרוי מיט דער הויכער העליש־רויטער פריזור אזוי נויסעכיין געווען, וואָס זי טוט אים די דאָזי־קע טויווע, און ער האָט זי העפלעך באדאנקט.

— דאנקען וועט איר שפּעטער, — האָט די פרוי מיט דער הויכער פריזור געזאָגט, און ער וואָלט געמעגט שווערן, אז זי האָט געלאָזט פאלן דערבײַ א סוי־דעספּולן שמייכל. דעם באטײַט פון אָט דעם שמייכל האָט ער פארשטאנען שפּע־טער, ווען ער האָט זיך אופגעהויבן אפן דריטן שטאָק און איז ארײַן אינעם צימער. דאָס איז געווען א ברעקל צימערל מיט איין־איינציקן פענצטער אף צאָפן, און ס'איז ניט צו ריכטן זיך דאָ אף א ברעקל זון. נאָר מיילע, האָט ער א קלער געטאָן, די זון דארף ניט גיין צו אים, ער וועט קומען צו איר. אָבער דער שאָכן... ס'איז ניט קיין קלייניקייט — אָפּלעבן א כוידעש צײַט אין איין צימער מיט א מענטשן. אים וואָלט זיך וועלן, דאָס זאָל זײַן א מענטש פון זײַן גראד און עלטער. מע זאָל האָבן אָן אלגעמיינעם אינטערעס, קאָנען צוזאמען פארברענגען. נאָר אף איינעם פון די צוויי בעטלעך באם פענצטער האָט ער געטראָפן זיצן אן אלטיטשקן אין א שיטער־געקעסטלטער ווײַסער מײַקע, אין געשטרײַפטע גרינע פיזשאמע־הויזן און אין טונקעלע שקארפעטקעס, — ער האָט אָדער געקליבן זיך צולייגן, אָדער איז ערשט אופגעשטאנען. פון דער צײַטונג אפן שאפקעלע באם בעט האָט דער אלטי־טשקער גענומען די ברילן, באזאָטלט מיט זיי זײַן היפשלעכע נאָז, מיט נײַגער א קוק געטאָן אפן ארײַנגעקומענעם און באלד געענטפערט אף זײַן „גוטהעלף" מיט

א צווייענדיקן „גוטהעלף, גוטהעלף“ און מיט א גאסטפּריַינטלעכן „פילט זיך ווי בא זיך“.

קיין שום כיישעק צו דערפילן זיך דאָ, ווי בא זיך, האָט ארקאדי ניט געהאַט. פּארקערט. אים האָט זיך געוואָלט גלײַך אראָפּלויפן צוריק צו דער פרוי מיט דער העליש־רויטער פריזור און בעטן בא איר אן אנדער אָרט, זאָל זײַן אין א צימער פאר דרײַ, פאר פיר מענטשן, — אזוי זײַנען אים פון ערשטן אויגנבליק ניט געפעלן ניט דאָס ענגע צימערל, ניט דאָס, וואָס אים וועט דאָ א גאנצן כוידעש אויסקומען לעבן מיט אָט דעם אלטיטשקן. נאָר יענער האָט פון אונטער די ברילן געקוקט אף אים גאנץ גוטמוטיק, און ס׳וואָלט ניט העפלעך געווען אוועקגיין, ניט האָבנדיק עפּעס געזאָגט, האָט ארקאדי א פרעג געטאָן:

— איר זײַט שוין דאָ לאנג?

— ניין, סאכאקל דרײַ טעג, — האָט יענער געענטפערט, — פון זיי צוויי אין אָט דעם צימערל.

— און דעם ערשטן טאָג? — האָט ארקאדי גלאט אזוי א פרעג געטאָן.

— אָ, דאָ איז א שטיקל געשיכטע, איך וועל זי אײַך באלד דערציילן. זעצט זיך צו, יונגערמאן, וואָס שטייט איר?

— א דאנק. וואָס זשע פאר א געשיכטע? — ארקאדי האָט אף א ווײַלע זיך צוגעזעצט.

— ס׳איז, אייגנטלעך, ניט אזא ציקאווע געשיכטע, נאָר וויבאלד מע האָט אײַך געשיקט אהער און אײַך וועט אויסקומען לעבן מיט מיר אין איין צימער, דארפט איר עס וויסן.

— וואָס אזוינס דארף איך וויסן? — האָט ארקאדי זיך פארינטערעסירט.

— איך מוז אײַך וואָרענען וועגן איינער א זאך...

— וואָרענען?

— יאָ. איר פארשטייט, — דער אלטיטשקער האָט זיך אריבערגעזעצט פונעם בעט אפן בענקל, — בא מיר איז א שטיקל כאלאס.

— א כאלאס?

— נאָר שרעקט זיך ניט, ס׳איז ניט געפערלעך...

— אין וואָס באשטייט אײַער כאלאס?

— אייגנטלעך, איז עס גאָר קיין כאלאס ניט, אזוי זיך, א שטיקל טעווע...

— וואָס פאר א טעווע?

— איר פארשטייט, באנאכט... — ווי שעמענדיק זיך פאר עפּעס, האָט דער אלטיטשקער אראָפּגעלאָזט די אויגן אונטער די ברילן און אײַנגעשלונגען עפּעס א וואָרט, ווי ער זאָל זיך האָבן דערמיט פארכלינעט.

— וואָס טוט איר באנאכט? — האָט ארקאדי געפרעגט און א קלער געטאָן, צי איז אָט דער מענטש, וואָס דארף ווערן אף א גאנצן כוידעש זײַן שאָכן, אמאָל ניט קיין „לונאטיקער“?

— באנאכט... כראָפּע איך, — האָט געענטפערט יענער.

— אזוי גאָר?

— יאָ.

— און שטארק?

— אליין הער איך דאָך ניט, נאָר מע זאָגט, אז גאנץ נישקאָשע...

— ווער זאָגט? — האָט א שמייכל געטאָן ארקאדי.

— אלע. — און טאקע דאָ האָט ער אים דערציילט: צוריק מיט דרײַ טעג איז ער געקומען אהער אין סאנאטאָרי און מע האָט אים באשטאט אין א גרויסן ליכטיקן צימער. כוץ אים, זײַנען געווען דאָרט נאָך דרײַ מענטשן, אלע — אָנ־שטענדיקע, ווילע. מע האָט זיך גלײַך באקאנט, איינער דעם אנדערן געפעלן און מע האָט צוזאמען גוט פארבראכט דעם אָוונט. אף מאָרגן רופט אים ארײַן צו זיך

די עלטערע מעדיצין־שוועסטער — זי האָט אים עפּעס צו זאָגן. וואָס איז? די שכיינים זײַנע פּראָטעסטירן. קעגן וואָס? קעגן אים... סטײַטש? מע האָט אזוי גוט פאַרבראַכט דעם ערשטן אָוונט... דעם אָוונט — יאָ, נאָר באַנאַכט האָבן זיי ניט צוגעמאַכט קיין אויג, אזוי האָט ער געכראָפּעט... „וואָס זשע טוט מען מיט אײַך?״ — האָט געפרעגט די עלטערע מעדיצין־שוועסטער. ער האָט געשוויגן. וואָס האָט ער געקאָנט העלפן? זי האָט לאַנג געטראַכט און געזאָגט: „באַ אונדז איז פאַראַן אַ ניט גרויסער צימער אַף צוויי מענטשן. דערווײַל איז ער נאָך ניט פאַר־נומען. וועלן מיר אײַך באַזעצן דאָרט, און צו אײַך וועלן מיר צוזעצן עמעצן אַ יונגן, מיט געזונטע נערוון, אזאַ, וואָס שלאָפט און זעט ניט קיין כאַלוימעס. גוט?״. איז ער מאַסקים געווען.

— און אָט, — האָט דער אַלטיטשקער פאַרגעזעצט, — בין איך צוויי נעכט גע־שלאָפן דאָ איינער אַליין, ווי אַ גראַף. דעם עמעס זאָגן, וואָלט איך ניט געהאַט קעגן, עס זאָל שוין אזוי בלײַבן אַף ווײַטער אויך. רויִק, שטיל. קיינער שטערט מיר ניט, איך שטער קיינעם ניט. וואָס נאָך דאַרף אַ מענטש אין מײַנע יאָרן? נאָר אָט זײַט איר געקומען, האָב איך אײַך געוואָרנט...

— אַ דאַנק פאַרן וואָרענען, — האָט געענטפערט אַרקאַדי. ערשט איצט האָט ער פאַרשטאַנען דעם באַטײַט פונעם פאַרבאָרגענעם שמייכל פון דער עלטערער מעדיצין־שוועסטער און איר זאָג: „דאַנקען וועט איר שפּעטער״... ער האָט זיך אופגעהויבן.

— זיצט נאָך אַ ווײַלע, — האָט זיך אָנגערופן דער אַלטיטשקער. — אויב איר ווילט, וועל איך אײַך באַלד זאָגן, וואָס איר קלײַבט זיך טאָן.

— וואָס?

— איר ווילט גלײַך לויפן אַראָפּ צו דער, מיט די רויטע האָר...

— נו?

— און זאָגן איר, אַז אײַך איז ניט געפעלן דער צימער. ס׳איז פאַר אײַך צו ענג. און אַז ס׳איז אײַך ניט געפעלן דער שאָכן. ער איז צו אַלט, דערצו כראָפּעט ער נאָך... איר ווילט בעטן, מע זאָל אײַך אַריבערפירן אין אַן אַנדער צימער, — די גרויע אויגן אונטערן אַלטנס ברילן האָבן געגלאַנצט מיט אַ כיטרע שמייכל. — געטראָפן?

— קימאַט, — האָט אויך אַ שמייכל געטאָן אַרקאַדי.

— כ׳האָב ליב מענטשן, וואָס זאָגן דעם עמעס! — האָט אויסגערופן דער אַלטער.

— איך האָב אויך ליב אַזעלכע מענטשן, — איז זיך מוידע געווען אַרקאַדי.

— נו, טאָ וואָס זשע שטייט איר, וואָס גייט איר ניט? לויפט צו דער רויטער...

— איך האָב איבערגעטראַכט, — האָט געענטפערט אַרקאַדי.

— וואָס איז? דאָס צימער, ווילט איר זאָגן, איז אײַך יאָ געפעלן?

— דאָס צימער — ניט. נאָר דער שאָכן הייבט מיר אָן געפעלן.

— כאָטש ער איז אַן אַלטער?

— עפּשער טאַקע דערפאַר.

— און כאָטש ער כראָפּעט?

— מיילע.

— איר, יונגערמאַן, זײַט מיר געפעלן פונעם ערשטן קוק, ווי נאָר איר זײַט אַרײַנגעקומען...

— טאָ לאָמיר זײַן באַקאַנט.

— לאָמיר!

— אַרקאַדי סאַטאַנאָווסקי, — האָט דער יונגער אויסגעשטרעקט די האַנט.

— גרינבוים, — האָט געזאָגט דער אַלטער. — אויב איר ווילט — סעמיאָן יעווסייעוויטש, — ער האָט אַ דריק געטאָן אַרקאַדיס האַנט אזוי וואַרעם און קרעפּ־טיק, אַז יענער האָט פון אָט דעם עלטערן מענטשן זיך אַף אזוינס ניט געריכט.

— און פונוואַנעט קומט מען אהער? — האָט א פרעג געטאָן גרינבוים.
— פון ביראָבידזשאַן.
— זײַנען מיר דאָך לאַנדסלײַט! — האָט מיט עכטער פרייד אויסגערופן דער אַלטער, ווי געוויינלעך, ווען מע טרעפט זיך אין א פרעמד אָרט מיט א בען־איר. — ווו ארבעט איר דאָרט?
— אפן קאָמבײַן־זאַוואָד, א בריגאַדיר.
— אזא יונגער, און שוין א בריגאַדיר?
— ערשטנס, בין איך ניט אזוי יונג, — האָט געענטפערט אַרקאַדי, — שוין צעביטן דאָס זעקסטע יאָר פונעם דריטן צענדליק. צווייטנס, איז די בריגאַדע בא מיר א יונגע, א קאָמיוגישע. און איר?
— איך האָב א סאַך יאָרן אָפּגעאַרבעט אף דער מעבל־פאַבריק. אצינד בין איך אף פּענסיע.
— מיט איין וואָרט, — האָט אַרקאַדי זיך צעלאַכט, — זאָלן לעבן די אַלטע און די יונגע קאַדרען!
אף מאָרגן איז צו אים צוגעגאַנגען די עלטערע מעדיצין־שוועסטער מיט דער היכער פריזור.
— נו, ווי איז זיך אײַך געשלאָפן? — האָט זי געפרעגט.
— אויסגעצייכנט!
— דער שאָכן האָט ניט געשטערט?
— אבסאָליוט.
— איר זעט, ווי אַלץ האָט זיך באַקומען גוט, — האָט זי איצט שוין אָפּן א שמייכל געטאָן.
— וויאַזוי אָבער האָט איר געטראָפן, — האָט אַרקאַדי בא איר געפרעגט, — אז איך זע ניט אין שלאָף קיין כאַלוימעס?
— ווייניק מענטשן זעט מען זיך דאָ אָן? א טרענירט אויג, — האָט געענטפערט די שוועסטער.

6

אמאָל פריילעכער, אמאָל אומעטיקער האָבן איינס נאָכן אנדערן זיך א צי געטאָן די טעג אין סאַנאַטאָרי. היפּש צײַט האָבן אָפּגענומען, ווי געוויינלעך, די פּראָצעדורן. עמעס, בא אַרקאַדין זײַנען זיי געוועזן געציילטע. פראַקטיש געזונט, האָט ער בלויז געניייטיקט זיך אין אָפּרו. דערפאַר אָבער זײַנען זיי בא סעמיאָן יעווסייעוויטשן געוועזן היפּש. פאַרשיידענע פּראָשקעס, פּילן, פלעשעלעך מיט רעפּועס זײַנען אויך געשטאַנען בא אים ניט ווייניק — פון היפּערטאָניע, פון סטענאָקאַרדיע, פון לעבער־קרענק, גאַסטריט. א גליק נאָך, — האָט געטראַכט אַר־קאַדי, — וואָס דער שאָכן זײַנער האָט ניט ליב צו ריידן, ווי געוויינלעך מענטשן אין אָט דעם עלטער, וועגן זײַנע קרענק, פאַרקערט, ער האָט זיך גאָר געפּרוווט ניט וויסנדיק מאַכן פון זיי.
— בא מיר איז א קלאַל, — האָט געזאָגט גרינבוים, — וואָס ווייניקער וועסט רעדן וועגן דײַנע כאַלאַסן, אַלץ ווייניקער וועלן זיי זיך טשעפּען צו דיר.
וואָס איז שײַך רעפּועס, איז בא אים אויך געווען א קלאַל — טיילן אף צוויי אָדער אפילע אף דרײַ.
— וואָס הייסט עס? — האָט געפרעגט אַרקאַדי.
— פּאָשעט: מע שרײַבט מיר צו דרײַ פּראָשקעס א טאָג, נעם איך אײַן איי־נעם; צוויי פּילן אף א מאָל — איז אויך גענוג איינער; א מיקסטור אַלע טאָג — נעם איך איבער א טאָג...

— איר גלייבט ניט די דאָקטוירים?

— פארוואָס? איך גלייב זיי דאפקע יאָ. נאָר זיי זײַנען א סאך — אף יעדער קרענק א דאָקטער — און איך בין איינער... — דערבײַ טוט סעמיאָן יעווסייעוויטש א שמייכל, באלד לויפן זיך פאנאנדער אף זײַן פולבלעך פּאָנעם די קנייטשעלעך ארום די אויגן אונטער די פּראָסט בארעמלטע ברילן, און עפּעס קינדעריש־צולאָ־כעסדיקס טוט א באכיין זײַן גאנצן אויסזען. ארקאדין געפעלט עס. ביכלאל האָט ער מיט יעדן טאָג געצומען באמערקן אלץ מער אזוינס, וואָס איז אים געפעלן אין זײַן שאָכן, אין אָט דעם ניט הויכן, קרעפטיק געפאקטן מענטשן מיטן קאָפּ נאָך געדיכטע הארטלעך־גראָווע האָר און מיט א פול מויל אייגענע ציין, וואָס האָבן אים קיינמאָל ניט וויי געטאָן.

מיט וואָס איז אים אין לעבן זיך אויסגעקומען באשעפטיקן? — אזוי האָט גרינ־בוים מיט א פראגע זיך אָפּגערופן אף ארקאדיס פראגע, ווען יענער האָט זי אים אינגיכן נאָך זייער באקאנטשאפט געהאט געשטעלט, און געזאָגט:

— אמאָל איז געווען א ווערטל: „א סאך מעלאָכעס און ווייניק בראָכעס״. אזוי האָט עס טאקע געהאלטן אין די אמאָליקע צײַטן. מײַן דאָר אָבער, און די שפּעטערדיקע דורות אוודע, האָבן שוין איבערגעקערט אָט דעם פּאָסעק פאר־קערט: מער מעלאָכעס — מער בראָכעס!

ער האָט דערציילט: ער שטאמט פון א קליין שטעטעלע אף פּאָדאָליע, אף אוקראַינע הייסט עס. א שטעטעלע צווישן א סאך אוקראַינישע דערפער, אײַנגע־טונקט אין וועלדלעך און פּרוכט־סעדער. א פּראכט! נאָר וואָס קומט ארויס, אז דער טאטע זײַנער איז, ווי די מערהײַט ייִדן אין שטעטל, געווען „א קאפּצן אף דריקעס״ — אזוי פלעגט מען עס דעמלט רופן. — א מענטש אָן א באשטימטער באשעפטיקונג און מיט א פולער שטוב מיט פּיקערס. אלע ווילן עסן, און עסן איז ניטאָ וואָס. ווי נאָר א ייִנגל פלעגט א ביסל אונטערוואקסן, איז גלײַך צו א שוי־סטער, צו א שנײַדער — זיך לערנען די מעלאָכע. אים האָט מען אָפּגעגעבן צו א סטאָליער.

— האָט איר זיך אויסגעלערנט סטאָליערײַ? — האָט געפרעגט ארקאדי.

— ניט באוויזן. עס האָבן פונקט אָנגעהויבן אָנקומען יעדן־עס ווענן א ווײַטן קאנט, וווּ מע בויט א ייִדישן ראיאָן און וווּ שטעטלדיקע ייִדן וועלן באקומען א מעגלעכקײַט צו ווערן מענטשן מיט א מעלאָכע, מיט ערד, מיט אָן אויסקומעניש און, דעריקער, מיט א צוקונפט פאר זייערע קינדער. אויס קאפּצעדרײַלעס, אויס לופט־הענדלער — ווערן מיט מענטשן גלײַך! האָט מען זיך אופגעהויבן און מע איז אוועקגעפאָרן. אפן ראזיעזדל טיכאָנקע, — אזוי האָט דעמלט געהייסן דאָס אָרט, — איז מען געקומען מיט איינעם פון די סאמע ערשטע עשעלאָנען. געטראָפן האָט מען טײַגא, קאָטשקא, מאָשקארא... מעשונע־ווילדע ערטער, וואָס מע האָט זיי קיינמאָל ניט געזען, מעשונע־ווילדע ווערטער, וואָס מע האָט זיי קיינמאָל ניט געהערט... אף אייניקע איז געפאלן א פּאכעד, מע האָט זיך באלד אוועקגעלאָזט צוריק. נאָר זייער מישפּאָכע, ווי א סאך אנדערע, איז געבליבן און מע האָט פארקאשערט די ארבל. מע האָט, פארשטייט זיך, געכאפּט א רעכטן בידעווע, געלעבט אין פּאלאטקעס, נאָר געקאָרטשעוועט, געבויט. פאר סטאָליערײַ איז דאָ נאָך געווען פרי, מער האָט מען געדארפט טעסלערס, איז ער געוואָרן א טעסלער. דערנאָך א מוליער, שפּעטער א שטוקאטור, און מיט דער צײַט א מאליער אויך, מיט איין וואָרט — א בויער. בויער האָט מען דעמלט באדארפט!

גרינבוים האָט זיך א קער געטאָן צו זײַן יונגן שאָכן:

— אײַך איז ניט לאַנגווײַליק צו הערן אָט די אלטע מײַסעס?

— ניין, ניין, פארקערט, — האָט יענער געענטפערט, — מיר איז עס דאפקע אינטערעסאנט. איך בין דאָך שוין געבוירן געוואָרן אין אָט די ערטער, ווען דאָ איז געווען א שטאָט — אָן עמעסע שטאָט. און איר ווייסט, — האָט ער צוגעגעבן, —

איך פיל זיך קעסיידער א שטיקל באלכויוו פאר אזעלכע, ווי איר, סעמיאָן יעווסיי־עוויטש, פאר די, וואָס זײַנען דאָ געווען די ערשטע...

— אויב דו ארבעטסט גוט באַ זיך אפן זאוואָד און פירסט אָן גוט מיט דײַן בריגאדע, — האָט געענטפערט גרינבוים (אומבאמערקט פאר זיך אַליין האָט ער זײַן יונגען שאָכן גענומען זאָגן „דו״), — זאָלסטו וויסן, אז דו צאָלסט דעם כויוו. און אויב דיר איז אפאנעמעסן ציקאווע דאָס, וואָס איך דערצייל, טאָ הער ווײַטער. — און ער האָט פאָרגעזעצט: — איך בין פאוואָליע געוואָרן א יונגאטש אין די יאָרן און האָב זיך אײַנגעליבט אין א מיידל טאקע פון אונדזערע מעקוימעס, אויך אַן איבערוואנדערן. זי האָט געארבעט אין א קאָלווירט באַם אמור. א גאָלדן מיידל. אינגיכן האָבן מיר מיט איר כאסענע געהאט, און איך בין אויך אריבערגע־פאָרן אין קאָלווירט. און דאָרט דארף מען האָבן טראקטאָריסטן. בין איך געוואָרן א טראקטאָריסט. און מיט דער צײַט א מעכאניקער אין עמטעעס.

גרינבוים האָט זיך אָפּגעשטעלט:

— וויפל מעלאָכעס האָסטו שוין אָנגעציילט?

— מיר קלעקן שוין ניט קיין פינגער אףביידע הענט, — האָט א לאַך געטאָן ארקאדי.

— נו, אָט, איז וויפל מעלאָכעס, אזויפיל בראָכעס. געלעבט האָבן מיר שיין, די שטוב איז פול מיט גוטס, די עלטערן אויך באוואָרנט, דער קאָלווירט איז געוואקסן, געוואָרן רײַכער...

אן אָנגעכמורעטער, איז גרינבוים מיטאמאָל אנשוויגן געוואָרן. דערנאָך האָט ער שטיל געפרעגט:

— נו, און ווי האלטסטו, א סאָלדאט איז א מעלאָכע, צי ניט?

— נאָך א מין! — האָט געענטפערט ארקאדי.

— שוין איינמאָל א מעלאָכע, האלעווײַ זאָל מען זי מער קיינמאָל ניט דארפן! מיט אָט דער מעלאָכע בין איך געווען באשעפטיקט העכער פיר יאָר — פון די ערשטע טעג און ביז די לעצטע. טאקע דאָרט, אין בערלין, האָב איך די מילכאָמע פארענדיקט. נו, און שפעטער — נאָך א פארבײַסעכץ — מאנטשזשוריע...

— אין וואָס פארא טיילן האָט איר געדינט, סעמיאָן יעווסייעוויטש?

— אין ארטילעריע.

— און ארויס גאנץ?

— ווי דו זעסט. עמעס, דרײַ מאָל געווען פארווּנדעט, צוויי מאָל קאָנטוזיעט, נאָר דער קאָפּ, די הענט מיט די פיס זײַנען געבליבן מיט מיר.

גרינבוים האָט שטארק און אף לאנג זיך ווידער פארטראכט, דערנאָך, ווי אופכאפנדיק זיך פון אָט דער פארטראכטקײַט, געזאָגט:

— נו, און ווײַטער, ווייסטו דאָך, איז געוואָרן שאָלעם אף דער וועלט. אף מיר האָבן געווארט א ווײַב און קינדער, און דער קאָלווירט, און די געגנט, וואָס כ׳האָב זי אמאָל אָנגעהויבן בויען. בין איך צוריקגעקומען אהער. נאָר נאָך די באקומענע וווּנדן איז מיר שוין שווער געווען צו ארבעטן אפן טראקטאָר. האָב איך באשלאָסן, אז איצט איז די עמעסע צײַט צו נעמען זיך פאר מײַן גאָר ערשטער מעלאָכע — סטאָליערײַ. מענטשן באקומען גוטע דירעס, עס ליגט זיי שוין אין קאָפּ, ווי בעסער אָט די דירעס אויסשטאטן. בין איך אריבערגעפאָרן אין שטאָט, אָנגעקומען אף דער מעבל־פאבריק און אזוי דאָ אָפּגעארבעט פאוואָליע די שיינע פאָר צענד־ליק יאָר, אזש ביז דער פענסיע.

גרינבוים איז ווידער ניט אף לאנג אנשוויגן געוואָרן, דערנאָך געזאָגט:

— אף פענסיע האָט מען מיך ארויסבאגלייט מיט גרויס קאָוועד, מיט א גראַ־מאָטע, מיט מאטאָנעס. ביז איצט בין איך אף דער פאבריק אן אייגענער מענטש. און אן אומזיסטע פוטיאָווקע אהער אין סאנאטאָרי האָט מיר אויך געגעבן די פאבריק.

דערציילט געוואָרן איז דאָס אַלץ אין דער געדיכט פאַרשאָטנטער לאַנגער טאָ־פּאַל־אַלייע, — סעמיאָן יעווסייעוויטש און אַרקאַדי האָבן ליב געהאַט זיך דורכצו־שפּאַצירן פאַר אָוונטברויט. די אַלייע האָט געפירט צו אַ היפּשער באַליוסטראַדע, פון וועלכער מע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט די טרעפּ צום פּליאַזש.

פאַרנאַכטלעך שטיל איז געווען, קיל און לויטער. ווייניק אוילעם האָט מען שוין געזען אויפן פּליאַזש. מיט געלאָסענע כוואַליעס האָט צום ברעג זיך גע־לאַשטשעט דער יאַם, און רײַטנדיק אויף יעדן כוואַליעכל — דער אָפּגלאַנץ פון דער פאַרגייענדיקער זון...

אַ לענגערע ווײַלע זײַנען זיי דאָ געשטאַנען, דער עלטער און דער יונגער, און געשוויגן. אַלע מאָל אַזוי, ווען די נאַטור אַנטפּלעקט פאַרן מענטשן איר פּראַכט און דערוועקט אין אים געדאַנקען און געפילן, וואָס קיין ווערטער זײַנען פאַר זיי ניטאָ...

דער ערשטער האָט די שטילקײַט איבערגעריסן דער יונגער.

— מירן עפּשער אַראָפּגיין?

— אַראָפּגיין קאָן מען, — האָט דער עלטערער געענטפערט, — נאָר מע וועט דאָך דאַרפֿן אַרופֿגיין אויך...

— איז וואָס?

— ווען דו וועסט האָבן אויף די פּלייצעס מײַן בינטל יאָרן, — האָט געענטפערט גרינבוים, — וועסטו ניט פרעגן „איז וואָס?"

אַרקאַדי האָט זיך צעלאַכט.

— איר ווייסט, סעמיאָן יעווסייעוויטש, — ער האָט אים אַרופֿגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל, — צומאָל פאַרגעס איך גאָר, אַז איר זײַט מיט מיר ניט אין איין עלטער...

— נישקאָשעדיק שעצסטו עלטערס פון זיך...

— ניין, בעעמעס, איר פאַרמאָגט נאָך אינגאַנצן אַ יונגע נעשאָמע.

— די נעשאָמע איז יונג, — האָט געענטפערט גרינבוים, — וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז דער גוף... אוי, דער גוף...

— אויפן גוף האָט איר נאָך אויך ניט וואָס זיך צו באַקלאָגן, — האָט געזאָגט אַרקאַדי.

זיי האָבן פאַרקערעוועט צוריק אין דער טאָפּאָל־אַלייע.

— דער אוילעם גייט שוין אויף אָוונטברויט, — האָט באַמערקט אַרקאַדי.

— צײַט. און וואָס איז הײַנט אין קלוב? — האָט געפרעגט גרינבוים.

— טענץ.

— נו, וועלן זיי טאַנצן אָן מיר. כ'האָב ניט ליב די הײַנטיקע טענץ. דו וועסט גיין?

— ניין.

— פאַרוואָס?

— כ'האָב זיי אויך ניט איבעריקס ליב.

— דו? — האָט גרינבוים זיך פאַרכידעשט. — אַ יונגערמאַן זאָל ניט ליב האָבן קיין הײַנטיקע טענץ? ווי קומט עס?

— וואָס כידעשט איר זיך?

— נו, מיר געפעלן ניט אָט די נײַע טענץ — די אַלע „שייקס" אוקעדוימע, ווײַל כ'בין אַן אַלטער מענטש, כ'געדענק אַנדערע, וואָס געפעלן מיר בעסער. אָבער דו?

— כ'ווייס ניט, צי וועל איך עס אײַך קענען געבן צו פאַרשטיין, — האָט זיך אָנגערופן אַרקאַדי, — נאָר מיר געפעלן זיי אויך ניט, און מעגלעך, דערפאַר, ווײַל ניט בײַ אונדז, ניט אויף אונדזער ערד זײַנען זיי אויפגעקומען...

— פונוואַנעט זשע האָבן זיי זיך גענומען?

— פונוואנעט? פון דער פרעמד. צו אונדז זײַנען זיי פּאָרטראַגן מיט פרעמדע ווינטן...

— אזוי מיינסטו?

— יאָ, און פון א פרעמדער וועלט, פון א וועלט, ווו מענטשן זײַנען ארומ־געכאפּט מיט שרעק פאַרן מאָרגעדיקן טאָג און ווו מע זעט זייער ווייניק גוטס אינעם הײַנטיקן. דאָרט האָט געקאָנט אופקומען אָט דאָס זינלאָזע טאָפּטשען זיך אַף איין אָרט, אָט דאָס אָפּגעזונדערטע קרימען זיך איינס קעגן אַנדערן. ס׳עקלט! מיר נייטיקן זיך גאָר אין עפּעס אַנדערש. אין האַרמאָניע, פּלאַסטיק, וואָס זאָלן אויסדריקן גלויבן, פרייד... וואָס שווײַגט איר? — האָט ער זיך א קער געטאָן צו זײַן מיטגייער.

— איך הער, איך הער, וואָס דו רעדסט, — האָט יענער געענטפערט. — האַ־לעמײַ זאָל איך זאָגן, גאָר ניט קיין נאַרישע רייד. מעגלעך, אז ביסט טאַקע גערעכט.

— איר זײַט מאַסקים?

— אַליין האָב איך וועגן אָט די זאַכן קיינמאָל ניט געטראַכט, נאָר מיר דאַכט, אז דו האָסט רעכט.

אַרקאַדי וואָלט זיך קיינמאָל ניט געריכט, אז צווישן אים און זײַן אַלטן שאָכן קאָן זיך געפינען אַזויפיל אַלגעמיינס. מיט יעדן טאָג איז אַלץ מער פאַרשוווּנדן דער אײַנדרוק וועגן אים, ווי וועגן אַן אַלטיטשקן. מיט יעדן טאָג, ווי לויט א מין קישעף, איז ער געוואָרן אין זײַנע אויגן ייִנגער. די נעשאָמע איז בא אים טאַקע געווען א יונגע, זי האָט אַרויסגעלויכטן פון זײַנע אויגן, געלאָזט זיך פילן אין זײַנע קרעפטיקע הענט, אין זײַן גאַנצן פעסט געזעצטן און פעסט אַף דער ערד שטייענדיקן קערפּער. צוזאַמען מיט אַרקאַדין פלעגט סעמיאָן יעווסייעוויטש ניט דורכלאָזן קיין איין פילם אין קלוב, קיין איין עקסקורסיע, לעקציע. נאָר אַף טענץ פלעגט ער ניט גיין. א „פריילעכס״, אַן אוקראַיִנישן „האָפּאַק״ וואָלט ער נאָך איצטער אויסגעטאַנצט מיט פאַרגעניגן, אָבער די הײַנטיקע טענץ, ניין, זיי זײַנען ניט פאַר אים. און אים האָט בעפּיירעש געפרייט, וואָס אויך אין דעם איניען, ווײַזט זיך אַרויס, האַלט מיט אים זײַן יונגער שאָכן. דאָס איז געווען פאַר אים אַפילע אומגעריכט, פּונקט ווי פאַר יענעם איז געווען אומגעריכט, וואָס אין א סאַך אַנדערע זאַכן איז סעמיאָן יעווסייעוויטש מאַסקים מיט אים.

זעענדיק זיי אָפט צוזאַמען, האָבן אַנדערע אָפּרוענדיקע געכידעשט זיך: וועגן וואָס האָבן עס צו ריידן אַזוי פיל אָט די צוויי — דער אַלטער און דער יונגער? אייניקע האָבן, קוקנדיק אַף זיי, געהאַלטן, אז דאָס זײַנען א טאַטע מיט א זון. פרויען, באַזונדערס די, וואָס זײַנען געקומען אין סאַנאַטאָרי ניט לאַנג און האָבן נאָך ניט געהאַט קיין מאַנצבלשע קאָמפּאַניע, האָבן, פאַרבײַגייענדיק, געצוקט מיט די אַקסלען: אַזאַ יונגער, און שפּאַצירט די גאַנצע צײַט אַרום מיט עפּעס אַן אַלטיטשקן... איינע פון די מער „ספּריטנע״, פון די, וואָס קענען קיין „אוולעס״ ניט פאַרלײַדן, האָט איינמאָל אָפּן פּליאַזש, ליגנדיק באַנאַנד אָפּן זאַמד און פּלאַפּלענדיק וועגן פאַרשיידענע נאַרישקײַטן, צום סאָף א פרעג געטאָן:

— זאָגט מיר, פאַרוואָס שפּאַצירט איר די גאַנצע צײַט מיט אָט דעם אַל־טיטשקן?

— וואָס איז דען?

— מיט אים איז אײַך אינטערעסאַנט?

— מיסטאַמע.

— אינטערעסאַנטער, איידער ס׳וואָלט זײַן, לאָמיר זאָגן, מיט א יונגער פרוי?

— איר קאָנט מיר אַזאַ רעקאָמענדירן? — האָט געפרעגט אַרקאַדי.

— פאַרוואָס ניט?

— ווועמען, אשטייגער?

זי האָט קאָקעטיש א שפּיל געטאָן מיט די אויגן:
— איך וואָלט אײַך ניט אונטערגעגאַנגען?
— איך האַלט ניט פון קיין פּרוּווען, וואָס באַטן זיך אַליין אָן...
— נאַכאַל! — די פרוי האָט א באַליידיקטע א כאַפּ געטאָן דאָס אָנטאָן און איז אוועק. מער האָט ארקאַדי זי ניט געזען.
סעמיאָן יעווסייעוויטש און ארקאַדי האָבן פּאַמעלעך זיך אופגעהויבן אף די טרעפּ, וואָס פירן אינעם ראַכוועסדיקן וועסטיביול. ער איז שוין פול געווען מיט אוילעם. מע איז געגאַנגען אין עס־זאַל מיט די געגרייטע טישן צום אָוונטברויט. אף די טרעפּ האָט זיי אָנגעיאָגט א יונגע העל בלאָנדע פרוי אין א בלאַנקענדיק ווײַס קלייד. זי האָט געגעסן באַם שכײניש טיש, פלעגן זיי דעריבער זיך גריסן, אמאָל דורכוואַרפן זיך מיט א וואָרט. זיי האָבן זיך איצט אויך באַגריסט, און די בלאָנדע האָט געזאָגט:
— ניט עמעס, א זעלטענער טאָג הײַנט געווען? צום ערשטן מאָל פאַר אָט דער וואָך...
— יאָ, — האָט צוגעשטימט ארקאַדי.
א קער טוענדיק זיך צוביידן, האָט זי געפרעגט:
— אין קלוב אף טענץ וועט איר הײַנט גיין?
סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט א שמייכל געטאָן:
— דאָס פרעגט איר בא מיר?
איר איז געפעלן זײַן איראָנישער טאָן.
— בא אײַך אויך, — האָט זי געענטפערט, א שײַן טוענדיק מיט א כיינעוו־דיקן שמייכל.
— מוז איך אײַך אנטוישן, — האָט געזאָגט סעמיאָן יעווסייעוויטש, — איך וועל הײַנט אין קלוב ניט זײַן.
— א שאָד... — מיט א שמייכלענדיקן מויל־ווינקל אָפּגעגעבן רעכט סעמיאָן יעווסייעוויטשעס כאָכמע, האָט זי זיך געווענדט צו אַרקאַדין: — און איר?
— איך אויך ניט.
— פאַרוואָס?
— פּאָשעט, עס ווילט זיך ניט.
— מאָדנע! — האָט זי א צי געטאָן. — אנטשולדיקט! — און איז אוועק פאָרויס.
ארקאַדי און סעמיאָן יעווסייעוויטש האָבן זיך געלאָזט גיין צו זייער טיש, וואָס איז געשטאַנען אינדערמיט פונעם גרויסן, שוין אף דרײַ פערטל פאַרפולטן, העל באַלויכטענעם און צוגעטויבט רוישנדיקן זאַל.
נאָך אָוונטברויט האָבן זיי זיך נאָך א פּאָר מאָל דורכשפּאַצירט אין דער טאָ־פּאָל־אַלייע און זיך אופגעהויבן אין זייער צימערל אפן דריטן שטאָק. דאָס צי־מערל איז געווען אזוי ענג, אז צווישן ביידע בעטן איז געבליבן אָרט בלויז פאַר א ניט גרויסן שאַפקעלע. אף דעם איז געשטאַנען א טיש־לאָמפּ אונטער א גרי־נעם אבאַזשור, און פון ביידע זײַטן לאָמפּ זײַנען געלעגן צײַטונגען, עטלעכע בי־כער און זשורנאַלן, וואָס ארקאַדי און סעמיאָן יעווסייעוויטש האָבן געלייענט.
אויך דאָס מאָל האָבן זיי גאַנץ שפּעט זיך פאַרלייענט, ביז גרינבוים האָט דער ערשטער אוועקגעלייגט דעם בוך, און ארופּציִענדיק העכער אף זיך די קאָלדרע, א פרעג געטאָן:
— מאַכן מיר נאַכט?
— מע קען, — האָט ארקאַדי געענטפערט. אין א פּאָר מינוט ארום האָט ער אויך אָפּגעלייגט דעם בוך און אויסגעשלאָסן די שײַן.
אין דער שטילער טונקעלניש פונעם צימער האָט אין א לענגערער ווײַלע ארום זיך דערהערט:
— שלאָפסט, ארקאַדי?

— ניין.
שטיל.
— וואָס איז?
— טאָמער וועל איך אָנהייבן שטאַרק כראָפּען, טו מיך א טאָרע, וועל איך זיך אויסדרייען אף א זײַט. אף דער זײַט איז עס ניט אזוי געפערלעך...
— שלאָפט אײַך רויק, סעמיאָן יעווסייעוויטש, — האָט ארקאַדי זיך צעלאכט, — כראָפּעט וויפל אירווילט און זאָל אײַך וויל באקומען!
— אָט א שאָכן האָט מיר גאָט געשיקט, — האָט געזאָגט דער אַלטער, — פונעם אייגענעם ווײַב האָב איך קיינמאָל אזעלכע גאָלדענע רייד ניט געהערט... א גוטע נאכט!

7

קיל האָט אין אָפענעם פענצטער ארײַנגעאָטעמט די נאכט. די בלעטער־קרוינען לענגויס דער טאָפּאָל־אַלייע האָבן פײַכט אָפּגעגלאנצט. פון דער הייך פונעם דריטן שטאָק איז צו זען געוועזן אין צעעפנטן פענצטער, ווי אף יענער זײַט אַלייע פּלוישט דער יאם. אין אויסגעלײַטערטן הימל איז הויך געשטאנען די לעוואָנע. א זילבערדיקע פינקלענדיקע סטעזשקע האָט אף דער העלפט געשפּאָלטן דעם יאם.

סעמיאָן יעווסייעוויטש און ארקאַדי האָבן אונטן, אין צוגעשאָטנטן זאל, שוין לאנג אויסגעטרונקען צו גלעזער קאַלטן קעפיר — די „לעצטע פּראָצעדור", ווי מע האָט עס גערופן, אין דער טאָג־צעשרײַבונג פונעם סאנאטאָרי־רעזשים, — זיך אופגעהויבן פון דאָרט אין זייער צימערל אפן דריטן שטאָק, און, ניט אָנצינדנדיק קיין שײַן, זיך פארקוקט אינעם העלן דרויסן. עס האָט זיך ניט געוואָלט גאָרניט טאָן, בלויז שטיין אזוי און שווײַגן... און אויב ריידן, איז וועגן עפּעס טיף פארבאָרגנס, אזוינס, וואָס געוויינלעך ברענגט מען עס פארן מויל ניט ארויס.

— ארקאַדי, — האָט שטיל זיך אָנגערופן גרינבוים.

פארטראכט וועגן עפּעס, האָט יענער ניט באלד זיך אָפּגערופן.

— וועגן וועמען האָסטו זיך אזוי פארטראכט, ארקאַדי?

— ס'איז א כּיעוו — וועגן וועמען?

— איז וועגן וואָס?

— אזוי זיך. וועגן גאָרניט...

שטיל.

אין א לענגערער ווײַלע ארום:

— איך וויל בא דיר עפּעס פרעגן, ארקאַדי...

— פרעגט.

— וועסט זיך ניט באליידיקן?

— אף אײַך באליידיקן זיך? קיינמאָל.

— פארוואָס?

— באליידיקן קאָן מען זיך אף א פרעמדן, ווען ער פרוווט דיר קריכן אין דער נעשאָמע...

— און איך?

— איר... — ארקאַדי האָט זיך צוגעזעצט אפן בעטל אנטקעגן זײַן שאָכן. אין דער טונקלעניש פונעם צימער האָבן זיי איינער באם אנדערן געזען בלויז די קאָנטורן פון די פּנעמער, און אזוי איז ארקאַדין לײַכטער געווען צו זאָגן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט. — איר, סעמיאָן יעווסייעוויטש, זײַט מיר ניט קיין פרעמדער. ס'איז עפּשער מאָדנע: נאָך קיין צוויי וואָכן ניטאָ, ווי מיר קענען זיך, נאָר

איר זײַט מיר געוואָרן פאר אָט די טעג מיט עפּעס אייגן, זייער אייגן, ווי...— באַ ארקאַדין האָט א ציטער געטאָן דאָס קאָל, — ווי א פאָטער...

באַ גרינבוימען האָט אויך א ציטער געטאָן דאָס קאָל:

— ווי האָסטו געזאָגט?

— ווי א פאָטער.

— א דאנק! דרײַ זין האָב איך, אלע שוין פון לאנג כאַסענע געהאַטע, מיט אייגענע מישפּאָכעס, וועסטו זײַן א פערטער, דער מיזיניק...

— איר האָט ניט קעגן? — האָט געפרעגט ארקאַדי.

— פארוואָס דארף איך האָבן קעגן? ביפראַט, אז... זאָגן דיר דעם עמעס?

— זאָגט.

— ביפראַט, אז קיין איינער פון מײַנע זין, ווען זיי זאָלן דאָ זײַן מיט מיר, אשטייגער, — כאָטש אלע האָבן זיי ליב און שעצן מיך, מיין ניט, — קיין איינער וואָלט מיר ניט אָפּגעגעבן אזויפיל קאָוועד, ווי דו...

— וואָס הייסטו?

— אָט דאָס האָב איך טאַקע געוואָלט באַ דיר פרעגן. — גרינבוים האָט זיך אופגעהויבן, געמאַכט א פּאָר שפּאַן איבערן צימער, ווידער זיך צוגעזעצט און א ריר געטאָן ארקאַדין באַ דער קני. — אלע אָוונטן פארברענגסטו מיט מיר. אין קלוב, אפן טערענקור גייען מיר אויך צוזאַמען.

— איז וואָס?

— איז וואָס? פארן קאָוועד, וואָס דו גיסט מיר אָפּ, א דאנק! איך בין זייער צופרידן. אָן דיר וואָלט מיר טאַקע געווען א סאַך לאנגווײַליקער. איך בין אָבער אן אלטער מאַן, ווי זאָגט מען עס, אן אלטער דיעד, טאָ וואָס אייסעקסטו זיך מיט מיר? ביסט דאָך א יונגער באָכער! סאַמע די צײַט צו ברענען א וועלט! מיינסט, איך זע ניט, ווי יונגע מיידלעך פארקוקן זיך אף דיר! און נאָך וואָס פארא מיידלעך! זיי באָטן זיך דיר מאַמעש אָן. און דו — ווי ניט דיך מיינט מען...

— דאָס איז טאַקע די מײַסע, וואָס זיי באָטן זיך אָן...

— איז וואָס?

— כ׳האַלט ניט פון אזעלכע.

— האַלטסט פון אזעלכע, וואָס מע דארף זיך אָנבאָטן צו זיי?

— גיכער שוין אזוי.

— טוסטו דאָך דאָס אָבער אויך ניט. ס׳וואָלט ניט אויסגעמאַכט, — האָט אויס־גערופן גרינבוים, — ווען דו ביסט, כאָלילע, עפּעס א ניונקעלע, א שוואַכלינג. נאָר ווערדליק דו דערציילסט מיר, וואָס עס טוט אוף די בריגאַדע, ווו דו ביסט ברי־גאַדיר, זײַט איר דאָרט אלע, און דו דער ערשטער, ניט קיין פארשלאָפענע. א יאַט — א כוואַט! און אז עס קומט צו מיידלעך, שטייען די פערד אונטערן בארג... וואָס איז די מײַסע, ארקאַדי?

— סעמיאָן יעווסייעוויטש, אלץ אין לעבן, זאָלט איר וויסן, האָט א סיבע.

— דאָס פארשטיי איך, — האָט יענער געענטפערט, — אין וואָס זשע באַשטייט זי, די סיבע?

— איר מיינט, מע קען עס אזוי לײַכט דערקלערן?

— ווי דו ווילסט, פארשטייט זיך. קיין רעכט צו צווינגען דיך האָב איך ניט. נאָר ס׳איז מיר א כידעש, האָב איך געפרעגט, באַליידיק זיך ניט...

ארקאַדי האָט לאנג געקוקט אין אָפענעם פענצטער אריבער די פּײַכטע קרוי־נען פון דער טאָפּאָל־אַלייע, צום יאַם, וואָס האָט סוידעספּול געפּלוישט, א צע־שפּאָלטענער אף דער העלפט מיט דער לעוואָנעדיקער סטעזשקע... אין א לענגע־רער ווײַלע ארום האָט ער שטיל זיך אָנגערופן:

— וועגן דעם האָב איך ניט ליב צו ריידן. כ׳דערצייל עס קיינמאָל קיינעם ניט. נאָר אײַך...

ניט קיין פריילעכע געשיכטע האָט ארקאַדי דערציילט זײַן שאָכן.

געוואַקסן איז ער בײַ דער באָבען. פאַרוואָס? די עלטערן בײַ אים זײַנען געווען שטאַרק פאַרנומענע מענטשן, — אַזוי האָט עס אים די באָבע דערקלערט, — שטענדיק פאַרטאָן אין זייער אַרבעט. דער טאַטע — אַ געאָלאָג, האָט מען אים צו האַלבע יאָר ניט געזען אין דער היים, פאַרפאַלן געוואָרן אין ווײַטע עקספּע־דיציעס, „ערגעץ אין אויסערײַסעניש", ווי די באָבע פלעגט זאָגן. אַהיימקומען פון אָט די עקספּעדיציעס פלעגט ער ניט אויף לאַנג, און אויך דעמלט קיין שטובזיצער ניט געווען. „ראַק סע טראָגט אים אַרום!" — פלעגט די באָבע זיך קלאָגן און מיט פאַריבל טײַנען צו אים: „וואָס קומט מיר, דער אַלטער מאַמע, אויב איך וויל אַ ביסל זיך אָנקוקן אויף מײַן זון? אימשטיינסגעזאָגט, ווען זע איך אים?" און נאָך פלעגט זי צוגעבן: „מער האָב איך דאָך קיינעם ניט"... דער מאַן אירער, אַרקאַ־דיס זיידע, און צוויי עלטערע זין, זײַנע פעטערס, האָבן זיך ניט אומגעקערט פון דער מילכאָמע. איז איר געבליבן ער אײנער, דער מיזיניק, אַרקאַדיס פאָטער. נאָך אַ טײַנע האָט זי צו אים געהאַט: „פאַרוואָס זאָלסטו ניט וועלן כאָטש אַ ביסל פאַרברענגען מיט דײַן אייגן קינד אויך? אַבי מע האָט עס געלאָזט אויף דער באָבע... און אַ פאָטערס, אַ מוטערס לאַסקע ווו איז?"

יאָ, קיין מוטערס לאַסקע האָט אַרקאַדי פון קליינווײַז אויף אויך ניט געזען. אַ שיינע, אַ שטאַלטנע פרוי מיט אַ הויך אָנגעלאָקנטער בלאָנדער פריזור — אַזאַ געדענקט ער זי, אָנגעטאָן קעסיידער „טשאַקנדיק און קנאַקנדיק", — אַזוי פלעגט זאָגן די באָבע, — איז זײַן מוטער שטענדיק געווען פאַרנומען אויף איר אַרבעט אין דער פאַרוואַלטונג פון אַ בוי־טרעסט, ווו זי האָט אין פאַרשיידענע צײַטן פאַרנומען פאַרשיידענע שטעלעס: אַ סעקרעטאַר־מאַשיניסטקע, אַ כעזשבן־טוערן, אַ געהילפס־בוכהאַלטער. ווען אַרקאַדי איז נאָך געווען גאָר אַ קליינינקער, פלעגט די מאַמע זײַנע נאָך דער אַרבעט אַרײַנלויפן צו דער באָבען אויף אַ מינוט, אַ כאַפּ טאָן אים אויף די הענט, צעקושן אין ביידע בעקלעך און אַנטלויפן. פאַר דעם פלעגט זי נאָך באַווײַזן אַ זאָג טאָן: „מאַמאַשע, איך האָף, אַז מיט אַרקאַשקען איז אַלץ אין אָרדענונג?" פאַרשטייט זיך, אַלץ איז געווען אין אָרדענונג... די באָבע פלעגט מיט וואַרעמער וואַסער אָפּוואַשן די שפּורן פון דער מאַמעס געפאַרבטע ליפּן אויף אַרקאַשעס בעקלעך און אומצופרידן וואָרטשען וועגן „הײַנטיקע מאַמעס". און נאָך פלעגט די באָבע זיך קלאָגן: „ראַק מע יאָגט, ראַק מע לויפט".

איינע פון אַרקאַדיס גאָר ערשטע קינדערישע דערמאָנונגען: ער האַלט אין איין אויפליִען... הויך־הויך פליט ער אויף, ביז צו דער סטעליע, און לאָזט זיך אַראָפּ אָפּן טאַטנס שטאַרקע אויסגעשטרעקטע הענט... און ווידער פליט ער אויף, און ווידער כאַפּן אים אויף דעם טאַטנס הענט. בײַ אים פאַרכאַפּט דעם אָטעם פון שרעק און פרייד. ער לאַכט, און די מאַמע — פון אויבן זעט זי אויס אַזאַ קליי־נינקע — לאַכט אויך... אַזוי איז עס שוין אויף שטענדיק פאַרבליבן בײַ אים אין זיקאָרן — אַ געמישט געפיל פון שרעק און פרייד, און ביז איצט קלינגט בײַ אים אין די אויערן יענער גליקלעכער געלעכטער...

נאָר מער האָט אין זײַן לעבן אַזוינס זיך ניט איבערגעכאַזערט. ער געדענקט ניט נאָך אַ פאַל, ווען דער טאַטע אָדער די מאַמע זאָלן אים האַלטן אויף די הענט. דערפאַר געדענקט ער אָט וואָס: ער איז שוין דאַן געווען אַ היפּש ייִנגל, גע־לערנט זיך אין פינפטן קלאַס, ווען אויף זײַן פראַגע — פאַרוואָס קומט ניט אַזוי לאַנג דער טאַטע? — האָט די באָבע געענטפערט: „אַזוי גיך וועט ער ניט קומען, אַרקאַשינקע, ער איז אין זייער אַ ווײַטער עקספּעדיציע"...

די מאַמע פלעגט אַרײַנקומען אַלץ זעלטענער צו אים און דער באָבען, און ס'האָט אויסגעזען, ווי זי זאָל אויך זײַן פון זיי ערגעץ זייער ווײַט... די ערשטע צײַט האָט עס אַרקאַדין קיין גרויס אַגמעסנעפעש ניט פאַרשאַפן, ער איז געוווינט געווען לעבן אָן די עלטערן. אַבי די באָבע, די האַרציקע באָבע, איז מיט אים.

נאָר אָט האָט ער אָנגעהויבן באַמערקן אַלץ אָפטער בא דער באָבען אין די אויגן טרערן. געזען — זי וויל זיי פון אים אויסבאַהאַלטן און קאָן ניט...

— וואָס וויינסטו, באָבע? — האָט ער בא איר איינמאָל געפרעגט.

— ס'איז גאָרניט, — האָט זי געפרוווט באַרויִקן אים און אַפּגיך אויסגעווישט די אויגן, — ס'אַזוי זיך...

— דו וויינסט דאָך אָבער פאָרט!

— ס'איז ניט איך, קינד מײַנס, די אויגן אַליין וויינען.

— פאַרוואָס?

— אַלטע אויגן, וויינען זיי.

— און פאַרוואָס האָבן זיי פריִער ניט געוויינט?

— פריִער זײַנען זיי דאָך יינגער געווען...

נאָר דאָס, וואָס פון אים האָט געפרוווט אויסבאַהאַלטן די באָבע, האָט ער זיך דערוווּסט פון די כעוורע אין שול. מיט אים אין קלאַס האָט זיך געלערנט איינער א סאַנקע אָקון — א באַרימער און א באַריידער, מיט אַלעמען פלעגט ער זיך פאַרטשעפּען, קיינעם ניט געלאָזט צורו. בא די כעוורע פון די ייִנגערע קלאַסן פלעגט ער אויסנאַרן אָדער פּאַשעט אָפּנעמען דאָס קליינגעלט, וואָס מע האָט יענע געגעבן אף פרישטיק. איינמאָל האָט אַזוינס צופעליק צוגעזען אַרקאַדי. איז ער צוגעגאַנגען צו סאַנקען.

— אַנו, גיב אָפּ טייקעף דאָס געלט, — האָט ער באַפוילן.

יענער האָט זיך בייז אויסגעלאַכט פון אים:

— ווער ביסטו, זאָלסט מיט מיר קאָמאַנדעווען?

— גיב אָפּ!

— און אָט דאָס האָסטו געזען? — סאַנקע האָט אים באַוויזן א פויסט, — נא, צעבײַס...

אויסער־זיך האָט אַרקאַדי א שפּרונג געטאָן אף סאַנקען, אים אומגעוואַלגערט, אַרויסגעריסן די צוואַנציק קאָפּעקעס פון זײַן פאַרקוועטשטער שווייסיקער דלאָ־ניע און אָפּגעגעבן דעם קליינינקן ערשטקלאַסניק, וועלכער האָט מיט שרעק און נײַגער דאָס אַלץ צוגעזען.

— נא, גיי פרישטיקן, — האָט געזאָגט אַרקאַדי און זיך געלאָזט אַוועקגיין.

— אַך דו, פאַדלע! — האָט, אופהייבנדיק זיך, א געשריי געטאָן סאַנקע. — קאָ־מאַנדעווען? שלאָגן זיך? וואַרט! און ווו דײַן טאַטע איז, ווייסטו?

אַרקאַדי האָט זיך אָפּגעשטעלט:

— ניט דײַן דײַגע, ווו איז מײַן טאַטע!

— ניין, מײַן דײַגע. דו ווייסט, ווו ער איז?

— אין עקספּעדיציע, — האָט געזאָגט אַרקאַדי.

— אין עקספּעדיציע? כאַ־כאַ... — ס'איז געווען אף דער גרויסער האַפּסאַקע, אַרום זיי האָבן זיך צונויפגעקליבן א סאַך שילער. — אין עקספּעדיציע, זאָגט ער, — האָט סאַנקע מיט געלעכטער זיך געווענדט צו זיי. און צו אים: — ווייס, אַז דײַן טאַטע וועט זיך שוין מער צו דיר ניט אומקערן. ער האָט אַוועקגעוואָרפן דײַן מאַמע און דיך, יאָ, יאָ... אַוועקגעוואָרפן, אַוועקגעוואָרפן, אַוועקגעוואָרפן!..

אַרקאַדין האָט א שלאָג געטאָן אין קאָפּ א היץ. ער האָט ניט געדענקט, ווי ער האָט זיך נאָכאַמאָל א וואָרף געטאָן אף סאַנקען, בלויז געדענקט, ווי ער ליגט אף יענעם און מעלויִצעט אים מיט די פויסטן ווו נאָר ער טרעפט... מיטאַמאָל האָט אַרקאַדי דערפילט אף זיך עמעצנס שטאַרקע האַנט, וואָס האָט אים אָפּגעריסן פון סאַנקען, אופגעשטעלט. דאָס איז געווען דער לערער פון פיזקולטור איוואַן אַני־סימאָוויטש.

— וואָס איז געשען? — האָט יענער שטרענג א פרעג געטאָן.

— ער זאָגט... ער זאָגט, אַז מײַן טאַטע האָט אונדז... געוואָרפן...

— דערפאר האָסטו אים געשלאָגן?
— זאָל ער ניט ליִגן!
— נאָר דײַן טאַטע איז ווירקלעך זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט דײַן מאַמען, — האָט פּראָסט און רויִק געזאָגט איוואַן אַניסימאָוויטש. דעריקער, ער האָט געזאָגט וועגן דעם, ווי וועגן עפּעס אַ גאַנץ געוויינלעכער זאַך.

אַרקאַדי האָט אופגעהויבן אַף אים אַ בליק פול מיט שרעק:

— פאַנאַנדערגעגאַנגען?

— יאָ, — האָט נאָך רויִקער געענטפערט דער לערער, — אַלע ווייסן עס.

— אַלע? — פּײַל־אויסן־בויגן האָט אַרקאַדי זיך געלאָזט לויפן פונעם שול־הויף.

דאָס איז געווען דער ערשטער שטיין, וואָס דאָס לעבן האָט געוואָרפן אין זײַן ניט באַשיצט, נאָך מיט גאָרניט אויסגעפּרווט הערצל. צו גרויס איז געווען דער שטיין, צו קליין דאָס ייִנגלשע הערצל, האָט עס געצאַפּלט אונטער דער אומגע־ריכטער לאַסט, געוואָרפן זיך אין אַלע זײַטן, ניט געוווסט וואָס צו טאָן מיט זיך... איינס, יאָ, — דער באָבען האָט ער ניט געזאָגט, אַז ער ווייסט שוין... דערוף האָט אים געקלעקט שוין דאַן אי קויעך, אי פאַרשטאַנד. זאָל זי ניט וויסן, אַז ער ווייסט, וועט איר זײַן לײַכטער. זי האָט דאָך אים אויך ניט אויסגעזאָגט...

דער טאַטע זײַנער... וויאַזוי האָט דער טאַטע זײַנער געקאָנט איבערלאָזן אים, די מוטער, די באָבע? באַנאַכט, ליגנדיק אַף זײַן געלעגער מיט שלאָפלאָז צעעפנטע אויגן, האָט אַרקאַדי זיך פאָרגעשטעלט: אָט וועט ער אַ ביסל אונטער־וואַקסן, וועט ער זיך לאָזן זוכן דעם טאַטן אין די ווײַטע עקספּעדיציעס. ער וועט אים אָפּזוכן כאָטשבי אין עק וועלט און וועט אים פרעגן איינס: „וויאַזוי האָסטו געקענט?" און מער גאָר. און וועט אַוועק פון אים... יענער וועט אים נאָכשרײַען, נאָכלויפן, פרווון דערקלערן. נאָר ער, אַרקאַדי, וועט זיך אַפילע ניט אומקוקן.

אַרקאַדי האָט זיך נאָך געלערנט אין שול, אין זיבעטן קלאַס, ווען די מאַמע האָט כאַסענע געהאַט. ס'הייסט, קיין כאַסענע איז ניט געווען, זי איז פּאַשעט זיך צונויפגעגאַנגען מיט אַ מענטשן, היפּש עלטער פון איר, אַן אינזשעניער פון דער בוי־פאַרוואַלטונג, וווּ זי האָט געאַרבעט. בײַ יענעם איז געשטאָרבן דאָס ווײַב און געלאָזט אים צוויי קינדער — אַ זון פון פופצן און אַ טאָכטער פון צוועלף יאָר. אַ היפּשע צײַט נאָך אָט דעם צונויפגיין זיך איז די מאַמע איינמאָל געקומען צו אים און דער באָבען אין שטוב און מיט אַ טאָן, ווי גאָר קיין אויסערגעוויינ־לעכס זאָל ניט געשען, אַ זאָג געטאָן צו אַרקאַדין:

— פאַרוואָס קומסטו ניט אַרײַן אַמאָל באַקאַנען זיך מיט דײַן ברידערל און שוועסטערל?

אַרקאַדי האָט זיך פאַרהאַקט אין אַ ווינקל, אַרויסגעקוקט פון דאָרט מיט אַ בליק פון אַ פאַריאָגט כײַעלע און ניט געגלייבט זײַנע אויערן: וויאַזוי קאָן מען ברענגען אַזעלכע ווערטער פאַרן מויל? און וויאַזוי קאָן מען קוקן דערבײַ אַזוי רויִק און אומפאַרשעמט?

אויסער־זיך האָט אַרקאַדי אַ געשריי געטאָן און איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב. ער האָט אַליין ניט געוווּסט, וויאַזוי האָט אַזאַ מיִעס וואָרט זיך געקאָנט אַרויס־רײַסן בײַ אים פון מויל.

— שליוכע! — האָט ער אַ געשריי געטאָן.

צופעליק איז עס ניט געווען. פון דער באָבעס אייניקע אומקלאָרע אָנדײַטונ־גען, פון דעם, וואָס ער האָט פון מאָל צו מאָל געהערט פון אַנדערע, האָט ער שוין צו יענער צײַט געוווסט עפּעס־וואָס וועגן זײַן מוטער. ניט אומזיסט, ווײַזט זיך אַרויס, האָט זי שטענדיק אַזויפיל אכט געלייגט אַף אירע שיינע פריזורן, אַזוי „קנאַקנדיק און טשאַקנדיק" זיך געקליידט, ניט אומזיסט קיינמאָל קיין צײַט ניט געהאַט פאַר איר זון, ווען ער איז נאָך געווען גאָר אַ קלייניקער און אויך

שפּעטער. אין די לאַנגע כאַדאָשים, ווען אַרקאַדיס פֿאָטער איז געווען אין די עקספּעדיציעס, האָט די מאַמע זײַנע זיך איבעריקנס ניט געלאַנגווײַליקט. צווישן די, מיט וועלכע זי פֿלעגט גאַנץ פֿריילעך פֿאַרברענגען די צײַט, איז געווען אויך דער אינזשעניער, אַ מענטש היפּש עלטער פֿון איר, מיט וועלכן זי איז איצט זיך צונויפֿגעגאַנגען. די פֿאַרבינדונג צווישן זיי האָט זיך שוין געצויגן לאַנג, און אַ סוואָרע, אַז טאַקע אָט די פֿאַרבינדונג, וועגן וועלכער באַ זיי אין דער בוי־פֿאַר־וואַלטונג האָבן אַלע געוווּסט, האָט געהאַט ניט קיין קלײנעם כײלעק אינעם טויט פֿונעם אינזשעניערס פֿרוי...

און נאָך אַ זאַך איז דעמלט קלאָר געוואָרן דעם ייִנגל, אַ זאַך, וואָס האָט ווי־דעראַמאָל איבערגעקערט אַלע זײַנע פֿאָרשטעלונגען וועגן די אייגענע טאַטע־מאַמע. ווײַזט זיך אַרויס, דער פֿאָטער האָט זיי פֿאַרלאָזט נאָך דעם, ווי ער האָט זיך דערוווּסט וועגן דער מאַמעס פֿאַרבינדונג מיטן אינזשעניער. נאָך מער. ווי נאָר דער טאַטע האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם, האָט ער גלײַך קיין באַשלוס ניט אָנגענומען, בלויז געוואָרנט, ס׳זאָל נעמען דערצו אַ סאָף. די מאַמע האָט צוגע־זאָגט, נאָר דעם צוזאָג ניט אויסגעפֿילט. דאַן האָט דער פֿאָטער זיי פֿאַרלאָזט. נאָר אויב אַזוי, — האָבן באַ דעם קלײנינקן אַרקאַדי זיך געקערט שווערע געדאַנקען אין זײַן ייִנגלשן מויעך, — איז דער טאַטע ניט שולדיק. פֿאַרקערט, ער איז באַ־אוולט, ניט מער. זי, די מאַמע, אַליין איז די שולדיקע אין אַלע אומגליקן... אָט דאָס אַלץ האָט באַ אַרקאַדין זיך אַרויסגעריסן אינעם מיִעסן וואָרט, וואָס ער האָט אַ שמיץ געטאָן דער מוטער.

און ווּ איז ער, זייער זון, אַרקאַדי? אין אים האָבן אי דער פֿאָטער, אי די מוטער פֿאַרגעסן, ווי ער זאָל גאָר ניט זײַן אויף דער וועלט... אָפּגעגעבן דער באָבען, און פֿאָטער... די מאַמע האָט אַ צווייטע מישפּאָכע, דער טאַטע מיסטאַמע אויך. מע לעבט צוליבן אייגענעם פֿאַרגעניגן. און וועמעס איז ער? ווער דאַרף אים? וועמען איז ער נייטיק? קײנעם. קײנעם אויף דער וועלט... אויב אַזוי, אָפּצולאָכעס טאַטע־מאַמע, אָפּצולאָכעס זיך אַליין, אָפּצולאָכעס אַלעמען וועט ער אופֿהערן לערנען. ווער דאַרף עס? צו וואָס? ער האָט אופֿגעהערט גרייטן לימודים, זיך סקאָמפּאַניעוועט מיט שלעכטע כעוורע, אָנגעהויבן רייכערן, אַפֿילע צו ביסלעך טרינקען, שיר ניט געכאַפּט געוואָרן באַ אַ גנייווע... די מיליציע האָט אים אַהיים געבראַכט צו דער באָבען. ער האָט דערזען, וואָס מיט איר איז געוואָרן פֿאַר די לעצטע פּאָר טעג, וואָס ער האָט ניט געגעכטיקט אין דער היים, און ער האָט פֿאַרשטאַנען: אויף דער וועלט איז יאָ פֿאַראַן אַ מענטש, וועמען ער איז נייטיק, באַ וועמען עס טוט וויי אויף אים דאָס האַרץ, — דאָס איז די באָבע, און איר האָט ער געגעבן דאָס וואָרט, אַז ווײַטער וועט ער אַלץ טאָן, ווי מע דאַרף. ער האָט גוט פֿאַרענדיקט דעם אַכטן קלאַס. אַרקאַדי וואָלט געוויס געלערנט אויך ווײַטער, ווען ניט נאָך איין אומגליק, דער גרעסטער אין זײַן לעבן: געשטאָרבן די באָבע... דער אײנציקער מענטש, וואָס האָט אים געדאַרפֿט און וועמען ער האָט געדאַרפֿט. אײנער אַליין איז ער פֿאַרבליבן אויף דער וועלט. אַרום — ליידיק, פּוסט... אָט דאָס האָט ער געפֿילט, שטייענדיק באַם פֿרישן קייווער.

די מוטער איז אויך געווען אויף דער לעוויַע. זי איז דאָרט צוגעגאַנגען צו אים:

— אַרקאַשע, וועסט לעבן באַ אונדז, — זי האָט זיך פֿאַרכאַפּט, — באַ מיר.

אַרקאַדי האָט ניט געענטפֿערט, באַ זיך אַ טראַכט געטאָן: קײנמאָל! ער וועט אוועקפֿאָרן צום טאַטן. ער וועט אים אָפּזוכן. יענער איז דאָך ניט שולדיק. אָדער עפּשער גאָר... ער האָט ניט געוווּסט, וואָס ער וועט טאָן. אין זײַן ייִנגלשן מויעך האָבן זיך געשטויסן צעשטרייטע, צעטומלטע געדאַנקען. ער האָט ניט געוווּסט, אויף וועלכן פֿון זיי זיך אָפּשטעלן, וואָס באַשליסן. אין איינס איז ער געווען זיכער: ווען ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער אָט דאָ, אויף דער באָבעס קייווער, שטעלן אַ שיינע מאַצייווע און אַפֿן שפּיץ פֿון דער מאַצייווע וועט ער בעטן אויסהאַקן אַ

טויב... אָדער ניין, קיין טויב דאַרף מען ניט. ער וועט אַלע טאָג קומען אהער און אַרום דענקמאָל פאַנאַנדערשיטן הירזש. איבער דער באָבעס קייווער וועלן פליִען לעבעדיקע טויבן... אַ טויב איז זי געווען אַליין... איר גוטסקייט וועט לעבן ווײַטער, ווײַל וויפל גוטסקייט זי האָט אין זיך פאַרמאָגט, האָט זי אַריבערגעגאָסן אין אים, איר איינציקער טרייסט אויף דער עלטער... טאַקע דאָס האָט אים געהאָלפן אי דעמלט, אי שפּעטער בײַשטיין דאָס בייז, וואָס דאָס לעבן האָט פאַר אים ניט געקאַרגט.

8

אַרקאַדי איז אַנשוויגן געוואָרן. מיט קילער נאַכטיקער פרישקייט האָבן אַרײַנגעאָטעמט אין אָפענעם פענצטער די טאָפּאָל־אַלייע, דער יאַם.

— נו, און ווײַטער? — האָט געפרעגט סעמיאָן יעווסייעוויטש.

— איך בין אַוועקגעפאָרן אין אַ שכײַנישער שטאָט און אָנגעקומען אין אַ פאַבריק־זאַוואָדישער שול.

— פאַרוואָס ניט בײַ זיך אין שטאָט?

אַרקאַדי האָט געענטפערט ניט באַלד.

— ניט געוואָלט טרעפן זיך מער מיט דער מוטער, מיט איר נײַער מישפּאָכע...

געלערנט האָט ער זיך גוט. אים איז געפעלן דער טאָקער־פאַך. די ערשטע צײַט האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער ווערקשטעל, אַ גרויסער, אַ גרויזאַמער, אַ רוגזעדיק טומלדיקער, האָט ניט געוואָלט אים צולאָזן צו זיך, געשראָקן אים מיט זײַן אומקלאָרער מעגושעמדיקייט.

— האָב ניט מוירע פאַר אים... ס'איז ניט קיין בער, ער וועט דיך ניט אופעסן, — האָט געזאָגט פראָקאָפּי טראָפימאָוויטש. לײַכט צו זאָגן — האָב ניט מוירע! פראָקאָפּי טראָפימאָוויטש, דער מײַסטער, האָט אים אַליין אויך די ערשטע צײַט געשראָקן. אין אים איז אויך געווען עפּעס אַלגעמיינס מיטן טאָקער־ווערקשטעל: גרויס, מעגושעמדיק, די ברעם און די רויטלעכע וואָנצעס סטאַרטשען רוגזעדיק, די שטים אַ בייז גרילצנדיקע... אַזוי האָט דאָ אים, אַרקאַדין, אַלץ געשראָקן די ערשטע צײַט, ביז ער איז אַ ביסל אָפּן נײַעם אָרט געוווינט געוואָרן. און אַרויסגעוויזן האָט זיך אַ מאָדנע זאַך — מענטשן און מאַשינעס האָבן צווישן זיך עפּעס ענלעכס: ווען דו קענסט זיי נאָך ניט, שרעקן זיי דיך צומאָל, דערנאָך אָבער, ווען זיי ווערן מיט דיר היימיש, דערזעסטו: זיי זײַנען גאָר גוטע, צוגעלאָזטע, זיי באַקומען דיך אַפילע ליב. און דו זיי... יאָ, יאָ... אַזוי איז געשען מיט פראָקאָפּי טראָפימאָוויטשן, אָדער ווי אַלע האָבן אים דאָ גערופן, — מיטן „פעטער פּראָשע”. ווײַזט זיך אַרויס, די בייז סטאַרטשענדיקע ברעם און וואָנצעס, די רוגזעדיק גרילצנדיקע שטים — דאָס אַלץ איז געווען ניט מער ווי אַ מין אָנשטעל צוליב די יונגע כעווריע, אַזעלכע, ווי אַרקאַדי, ווען זיי קומען נאָר אָן אהער... אינדערעמעסן איז דער פעטער פּראָשע געווען אַ גוטער מענטש. געגנוג געווען, ער זאָל עטוואָס אופהייבן זײַנע ברעמען און מע זאָל אַרײַנקוקן אין זײַנע אויגן מיטן קאָליר פון צעפּירטער בלויקייט, מע זאָל עס דערזען. אָט דער פעטער פּראָשע איז אין אַרקאַדיס לעבן געווען, נאָך זײַן באָבען, דער ערשטער מענטש, וועלכער האָט אים אויך דערוואַרעמט מיט זײַן גוטסקייט.

מיט נײַע שילער האָט דער פעטער פּראָשע ליב געהאַט אַ שמועס טאָן נאָך דער אַרבעט. אין אַ רוטאָג פלעגט ער קומען אַפילע צו זיי אין צוזאַמענוווינונג. און האָט מען זיך צערעדט מיט אים, האָט זיך געוואָלט דערציילן אים אַלץ. ווען

ארקאַדי האָט אים — ניט באַלד, ביסלעכווײַז, ענטפערנדיק אַף קאַלערליי זײַנע פראַגן, — דערציילט זײַן געשיכטע. האָט יענער אַ מאַך געטאָן:

— יאָ, גוטערברודער, דאָס לעבן האָט דיך ניט געשאָנעוועט פון סאַמע אָנהייב. נאָר ניט געזאָרגט, — ער האָט אים אוועקגעלייגט די האַנט אַפן אַקסל. — בא אונדז ווערט מען ניט פאַרפאַלן. דעריקער — האָב ליב די אַרבעט, וועט זי ליב האָבן דיך, און דאַן וועלן מענטשן דיך אויך ליב האָבן. דאָס איז דער איקער. פאַרגעדענק!

ארקאַדי האָט עס פאַרגעדענקט. און טאַקע ער, דער פעטער פראָשע, האָט אים דער ערשטער אויסגעלערנט, ווי ליב באַקומען — און ליב באַקומען הייסט גוט וויסן — די אַרבעט. דער טאָקער־ווערקשטעל האָט מער ניט רוגזעדיק גע־גרילצט, ווי די ערשטע צײַט, נאָר גוטמוטיק געברומט, ווי ער זאָל מיט באַווילי־קונג זאָגן: „גוט, גוט טוסטו... אַזוי, אַזוי...” אַמאָל האָט ער אים געוואָרנט: „ניין, גוטערברודער, אַזוי וועט זיך ניט באַקומען, טו אַ טראַכט... טו נאָכאַמאָל אַ טראַכט”... ארקאַדי האָט אים געפאָלגט, און ס׳האָט זיך באַקומען ווי מע דאַרף. ער האָט ליב געהאַט זען, ווי באַם ווערקשטעל גלאַנצן אָפּ די גוט אָנגעשמירטע טיילן, ווי ער זאָל אָפּגיין מיט שווייס, דער האַרעפּאַשניק... ליב געהאַט זען, ווי עס ציט זיך, שמעקנדיק מיט צעוואַרעמטן שטאָל, די בלוילעך גלאַנציקע סטרוזש־קע, און עס טיילט זיך אָלץ ווילעטער אויס די דעטאַל, וואָס ער האַלט אין אַרומטאָקן.

— איר וועט גלייבן, — האָט ארקאַדי געזאָגט, — באַנאַכט פלעג איך אין צו־זאַמענוווינונג זיך אופכאַפּן און וועלן לויפן צום ווערקשטעל אַ קוק טאָן, צי איז אָלץ מיט אים אין אָרדענונג... כ׳האָב אים ליב באַקומען, ווי אַ לעבעדיקן...

די שול סײַ לויט די אַלגעמיינע קענטשטאַנדן, סײַ לויטן טאָקער־פאַך האָט ער פאַרענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג, באַקומען אַן אַרבעטער־ראַזריאַד און אָנ־געקומען אַף אַ גרויסן זאַוואָד.

— נו, און וועגן טאַטן, — האָט ארקאַדיס דערציילונג איבערגעשלאָגן סעמיאָן יעווסייעוויטש, — וועגן אים האָסטו אָט די גאַנצע צײַט עפּעס געוווּסט?

— יאָ, — האָט געענטפערט ארקאַדי, — ס׳הייסט, איך האָב אים ניט געזוכט, ער האָט מיך אָפּגעזוכט און אפילע געקומען צו מיר אַהער, פאָרגעלייגט אַריבער־פאָרן צו אים...

— און דו?

— איך האָב זיך אָפּגעזאָגט.

— פאַרוואָס?

— בא אים איז צו דער צײַט אויך געווען שוין אַ נײַע מישפּאָכע... ער האָט בא מיר גענומען דאָס וואָרט, אַז כ׳וועל אים שרײַבן.

— שרײַבסטו?

— ניט.

— און — ווײַטער?

— ווײַטער וואָלט אָלץ געווען גוט, ווען ניט איינער... אַן אומגליק.

— ווידער?

— ווי איר זעט.

— וואָס זשע?

— אָ, דאָס איז שוין גאָר אַ באַזונדער געשיכטע.

— דערצייל.

— אײַך איז ניט קיל?

— ווילסט, מאַך צו דאָס פענצטער.

— טאָ הערט...

איינמאָל פארנאכט איז ער פון זײַן פּאבזאווּשול נאָך פּראַקטישע פארנעמונ־גען געגאַנגען צו זיך אין צוזאמענוווינונג. די צוזאמענוווינונג איז געווען אַף דער זעלבער גאַס. אפן ראָג האָט ער באמערקט, ווי א שיקערער כוליגאַן איז צוגעשטאנען צו א יונגינק מיידל. יענע האָט זיך געפּרווּוט באשיצן מיטן פּידל־פּוטליאַר, וואָס זי האָט געהאלטן אין האנט, אָפּגעטראָטן אין איין זײַט, אין א צווייטער, און דער כוליגאַן איז איר פארלאָפן דעם וועג, געדעדט ניבל־פּע און שיקער געהירזשעט. ארקאַדי האָט זיך א שטעל געטאָן קעגן דעם שיקער און מיטן הארבן וואָרט: „פּארנעם זיך, קיין שפּור זאָל פון דיר ניט בלײַבן!". יענער: „ווער ביסטו אזוינס?" — „באַלד וועסטו א סימען האָבן!" — און צוגעשטעלט צו יענעמס נאָז א פויסט. דאָס האָט געווירקט. דער כוליגאַן האָט זיך אָפּגעטראָגן. ארקאַדי האָט זיך ארומגעקוקט, פונעם מיידל אויך — קיין שפּור, ווי ניט געווען אַף דער וועלט... ארקאַדי האָט צו זיך אליין א שמייכל געטאָן: וואָס זשע, זי וועט זיך שטעלן וואַרטן?

אין א היפּשער צײַט ארום האָט ער זי ווידער באגעגנט. ער וואָלט זי עפּ־שער ניט דערקענט, ווײַל ער האָט זי אפילע רעכט ניט פארגעדענקט, — בלויז דעם פּידל־פּוטליאַר, מיט וועלכן זי האָט זיך געווערט. זי אים האָט אָבער דער־קענט און זיך אָפּגעשטעלט.

— איך דאַרף אײַך אָפּדאַנקען, — האָט זי געזאָגט.

— פאַר וואָס? — האָט ער די ערשטע ווײַלע ניט פארשטאַנען.

— איר האָט מיך געראַטעוועט.

— אַ! ניטאָ פארוואָס... — ער האָט אויפמערקזאַם א קוק געטאָן אַף איר און — מיט א שמייכל: — איר האָט זיך ניט געײַלט מיטן דאַנק...

— איר ווייסט, — האָט זי א זאָג געטאָן, — איך האָב זיך דעמלט שטאַרק דער־שראָקן און בין פּאַשעט אַנטלאָפן... נו, און מער האָב איך אײַך ניט באגעגנט.

— איצט דראַעט אײַך ניט קיין שום געפאַר?

— דאַכט זיך, אַז ניט, — אירע פינקלדיק ווײַסע ציין האָט זי אַנטבלויזט אין א שמייכל, — נאָר אויב איר ווילט, באגלייט מיך א ביסל, איך וווין דאָ ניט ווײַט.

ער האָט זי באגלייט. זי לערנט זיך, — האָט זי אים דערציילט, — אין א מוזיק־שול, אפן דריטן קורס. באַ טאַטע־מאַמע איז זי איינע, זיי ארבעטן ביידע אַף פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלעס. דין איז זי געווען — א שטרויעלע. די האָר אויך — דער קאָליר פון שטרוי. דאָס שיינע קליינע פּענעמל בלאַסלעך, די בלויקײַט אין די אויגן אונטער די לאַנגע ווײַעס אויך אַן אויסגעבלאַסטע, און אינגאַנצן — א זייפנבלאָז... טו אַן אָטעם, פליט ער אוועק... זי האָט באַ אים ארויסגערופן א געפיל פון ראַכמאָנעס. ווי לאָזט מען אַזאַ אַליין גאָר ארויס אין גאַס...

זיי האָבן זיך אָנגעהויבן באגעגענען. ער איר איז, ווײַזט אויס, געפעלן מיט זײַן גווּרעדיקן אויסזען. צו יענער צײַט האָט ער שוין געהאלטן באַ פאַרענדיקן די פּאבזאווּשול. געווען היפּש ווּקסיק, קרעפּטיק, געהאַט א פּאָר שטאַרקע הענט, וואָס האָבן געקאָנט, ווי ער האָט שוין דערוויזן, באַשיצן אַזאַ, ווי זי. ווען ער איז געווען פרײַ, פלעגט ער זי באגעגענען באַם ארויסגאַנג פון דער מוזיק־שול און באגלייטן אהיים. אזוי איז עס אוועק און זיך פאַרגעזעצט אויך נאָכדעם, ווען ער האָט נאָכן פאַרענדיקן די שול שוין געארבעט אפן זאַוואָד. אין אַן אָפּרו־טאָג פלעגן זיי צוזאַמען פאַרברענגען אין פּאַרק. אין זייערע לאַנגע שמועסן האָט זי א פּאָר מאָל אָנגערופן ביכלעך, וואָס ער האָט זיי ניט געלייענט, האָט ער זיך פלײַסיק א נעם געטאָן צום לייענען. ער פלעגט גיין מיט איר אַף מוזיקאַלע קאָנ־צערטן. נאָך איינעם אַזאַ באַטאָגיקן קאָנצערט אין אַן אָפּרו־טאָג האָט ער זי באגלייט אהיים. שוין ניט ווײַט פון איר הויז האָט זיי אָנגעיאָגט א פּלוצעמדיקער זומערדיקער שלאַקסרעגן. זיי זײַנען פּיטש־נאַסע ארונטערגעלאָפן אונטער א הויכן בוים. מיט איר נאַסן קערפּער האָט זי זיך צוגעטוליעט צו זײַנעם. מע האָט

ביידע געשוויגן, קוקנדיק איינער דעם אנדערן אין פּאָנעם אַרײַן. און איבער ביידעמס פּענעמער זײַנען געגלונען שטראָמען רעגן...

— פאַרוואָס שטייען מיר דאָ? — האָט ער מיטאמאָל א פרעג געטאָן.

— וואָס זשע?

— מיר קענען דאָך אַרײַנלויפן צו דיר אין הויף.

— מע דאַרף ניט.

— פאַרוואָס? — ער האָט געפילט, ווי איר נאסער אקסל ציטערט. זי האָט געשוויגן. — אויב אזוי, — האָט ער געזאָגט, — גיי איך צו זיך אין צוזאמענוווינונג, און דו לויף גיכער אהיים, ווּעסט זיך נאָך צוקילן.

— כ׳וויל ניט.

— וואָס זשע ווילסטו?

— כ׳וויל זײַן מיט דיר. מיר איז גוט אזוי.

— טאָ וואָס וועלן מיר זיך נעצן? זעסט דאָך, ס׳הערט ניט אויף. קום ביידע צו דיר.

— נו, גוט, גוט, — האָט זי געזאָגט און געלאָזט זיך לויפן. ער — נאָך איר. נאָר פּלוצעם האָט זי זיך אומגעקערט צו אים — דאָס בלאסע פּאָנעם פאַרגאָסן מיט רעגן, ווי מיט טרערן. — מע דאַרף ניט! מע דאַרף ניט! — האָט זי א געשריי געטאָן, פּײַל־אויסן־בויגן אַרײַן אין הויף און דאָרט פאַרשוווּנדן אין איינעם פון די אַרײַנגאַנגען. אַרקאַדי איז א ווײַלע געשטאַנען, ניט פילנדיק דעם רעגן, וואָס האָט א גאָס געטאָן שטאַרקער, ניט הערנדיק דאָס רוגזעדיקע דונערן איבערן קאָפּ...

פול מיט סמוטנע געפילן, איז ער פּאַמעלעך אוועק צו זיך אין צוזאמענוווינונג. אין עטלעכע טעג ארום האָבן זיי ווידער זיך געטראָפן.

— דו מוזסט מיר דערקלערן, וואָס איז געשען, — האָט ער געזאָגט.

— ס׳איז גאָרניט געשען, — האָט זי געענטפערט.

— ניין, ס׳איז געשען, און איך מוז וויסן וואָס, — איז ער באַשטאַנען. זי האָט געשוויגן.

— עפשער איז דערבײַ פאַראַן א סאָד? — האָט ער געפרעגט.

— און אויב א סאָד, איז וואָס?

— מוז איך אים וויסן.

— מיט וואָס פאַר א רעכט?

— מיר קענען זיך שוין ניט איין טאָג...

— איז וואָס?

— טאָרן צווישן אונדז קיין סודעס ניט זײַן. איך דערצייל דיר אַלץ, און דו...

— און איך וויל באַהאַלטן פון דיר איין־איינציקן סאָד. מיט אַלעם איבעריקן וועט בלײַבן, ווי געוועןן...

— אויב א סאָד, קאָן ניט בלײַבן ווי געוועז, — האָט ער געענטפערט.

זיי זײַנען געזעסן אַף א באַנק אין פאַרק אַפּן הויכן ברעג פונעם אַמור. מיט רויִקער גוווּרע האָט פון אונטן געשלײַדערט דער טײַך זײַנע כוואַליעס. ווי א ווײַסע מעווע, האָט אַף דער שעמערירנדיקער מיט טײַך זיך געוויגט אַן אײנזאַם שיפל. ווײַטע הויכענישן, אײַנגעהילט אין געהיימניספולער בלויקײַט, האָבן זיך געצויגן לענגויס דעם האָריזאָנט.

— אויב אפילע איין־איינציקער סאָד, — האָט איבערגעכאַזערט אַרקאַדי, — קאָן ניט בלײַבן אַלץ, ווי געוועזן. — מיט די ווערטער האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אוועק. א ווײַלע האָט זאָיע (מע האָט זי גערופן זאָיע) אים מיט שטוי־נונג נאָכגעקוקט. ניט שוין זשע גייט ער אוועק? זי האָט אים א רוף געטאָן. ער האָט זיך ניט אומגעקוקט. נאָכאַמאָל:

— אַרקאַדי!

ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. דאַן האָט זי זיך געלאָזט לויפן נאָך אים. מיט א פארשלאָגענעם אָטעם האָט זי אים קוים אָנגעיאָגט באַם ארויסגאַנג פון פּארק.

— ארקאַדי, וואַרט א ווײַלע, — האָט זי שווער ארויסגעאָטעמט, אים אָנגע־כאַפּט פאַר ביידע הענט און אַרײַנגעקוקט אין די אויגן. — וואָס איז מיט דיר געשען? שטענדיק אזא גוטער, אזא נאָכגיביקער.

— פאַראַן פאַלן, — האָט ער האַרט געענטפערט, — ווען מע טאָר ניט זײַן נאָכגיביק.

— דו האַלטסט, אַז איצט איז אזא פאַל?

— יאָ.

— אויב אזוי, — האָט זי נאָכגעגעבן, — קום, וועל איך דיר דערציילן.

זיי האָבן זיך אומגעקערט אין פּארק, זיך צוגעזעצט אויף א פרײַער באַנק און לאַנג געשוויגן. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— מײַנע עלטערן ווייסן ניט...

— וואָס ווייסן זיי ניט?

— אַז איך שפּאַציר מיט דיר.

— פאַרוואָס?

— פּאָשעט.

— אָבער וואָס זאָגסטו זיי אַלע מאָל, ווען דו קערסט זיך אום שפּעט אהיים?

— כ'האָב שפּאַצירט, — זאָג איך זיי, נאָר זאָג ניט מיט וועמען. ניט זייער דײַגע.

— און זיי פּרווון זיך ניט דערוויסן?

— מע פּרווט.

— און דו?

— איך זאָג ניט.

— פאַרוואָס?

זי איז ווידער אנשוויגן געוואָרן. דערנאָך א קוק געטאָן אויף אים ווי מיט שרעק אין בליק.

— פאַרשטייסט, — האָט זי ענדלעך געזאָגט, — די עלטערן מײַנע... זיי זײַנען ווילע, גוטע מענטשן, נאָר...

— נאָר...

— נאָר עטוואָס מאָדנע...

— מיט וואָס?

— ווי גיט מען עס דיר צו פאַרשטיין, — אין פאַרלעגנהײַט האָט זי געצופּט דעם זוים פון איר מיני־קליידל, — מײַנע עלטערן פאַרנעמען וויכטיקע שטעלעס. נו, און די באַקאַנטע, וואָס קומען אין שטוב, זײַנען אויך פון די זעלבע, פון זייערע ספערן...

— איז וואָס? — האָט ניט פאַרשטאַנען ארקאַדי.

— נו, שטעלן זיי זיך פאָר, אַז איך דאַרף אויך כאַסענע האָבן מיט אזא...

— פון די זעלבע ספערן? — האָט איבערגעפרעגט ארקאַדי.

— יאָ.

— און וואָס באַטײַט עס?

— נו, אזא, וואָס זײַנע עלטערן פאַרנעמען אַן אַנטשפּרעכיק אָרט און וואָס פאַר אים אליין איז אויך גאַראַנטירט ניט קיין ערגערס... נו, און מיט א דאַטשע, מיט א „וואָלגע", ווי עס פירט זיך...

— עפּשער האָבן זיי שוין פאַר דיר צוגעזוכט אזא? — האָט געפרעגט ארקאַדי.

— עפּשער...

— און דו?

— איך? — זי האָט אין פֿאַרלעגנהייט א קוק געטאָן אף אים און זיך מוידע געווען: — ווייסט, פֿון קינדווייז אוף הער איך אלץ אזעלכע רייד, און בעמיילע האָב איך זיך קיין אנדערס ניט פֿאָרגעשטעלט. און ווייסט, מיר איז אף זיך אליין געווען א כידעש, ווען דו... ווען דו ביסט מיר אזוי געפעלן...

— עפשער ווילסטו כאראַטע האָבן?

— קיינמאָל! — האָט בא איר זיך ארויסגעריסן. — איך האָב דיך ליב! — זי האָט אים ארומגעכאפט און צעקושט. אן אנדערשמאָל וואָלט ער איר טייקעף געענטפערט מיט דעם זעלבן, אצינד האָט ער איידל, נאָר אנטשיידן אראָפּגענו־מען אירע הענט און א קאפעלע זיך אָפּגערוקט. ערשטנס, זײַטיקע מענטשן ארום, צווייטנס, נאָכדעם, וואָס זי האָט אים אָקאָרשט דערציילט, האָט ער מיטאמאָל דערפילט צווישן זיך און איר אן אומזעבארע מעכיצע. אים איז נאָך ניט אינ־גאנצן קלאָר געווען, פֿונוואנען זי האָט זיך גענומען, אין וואָס זי באשטייט, און געפּרוּווט עס אויסקלאָרן. אומגעריכט פֿאר איר האָט ער א פֿרעג געטאָן:

— זאָג מיר, זיידעס, באָבעס האָסטו?

— כ׳ווייס ניט.

— וואָס הייסט? — האָט ער זיך פֿארכידעשט.

— איך האָב זיי קיינמאָל ניט געזען, און אין שטוב רעדט מען ניט וועגן זיי.

— אָבער פֿאָרט?

— דעם טאטנס עלטערן — דאָס ווייס איך יאָ — לעבן ערגעץ אין א דאָרף. נאָר זינט איך געדענק זיך, איז ער בלויז א פֿאָר מאָל צו זיי געפֿאָרן, מיך האָט ער אהין ניט מיטגענומען.

— ווער זײַנען זיי, דײַן טאטנס עלטערן?

— קאָלווירטניקעס.

— און ער אליין וואָס האָט געטאָן, ווען ער איז געווען אין אונדזערע יאָרן?

— וועגן דעם האָב איך קיינמאָל ניט געטראכט, — איז זי זיך מוידע געווען. — מיסטאמע אויך געארבעט אין קאָלווירט מיט די עלטערן.

— און דערנאָך?

— דערנאָך האָט מען אים געשיקט זיך לערנען.

— און דערנאָך?

— דערנאָך האָט ער פֿארענדיקט אן אינסטיטוט, די אספּיראנטור.

— און דער מאמעס עלטערן — וואָס האָבן זיי געטאָן?

— דער טאטע אירער איז געווען אן אײַזנבאנלער, א סטרעלאָטשניק. אליין האָט זי די ערשטע צײַט אויך געארבעט אף דער אײַזנבאן, אין א דעפּאָ. דער־נאָך האָט מען זי געשיקט זיך לערנען. געלערנט האָט זי זיך מיט מײַן טאטן אין איין אינסטיטוט. טאקע דאָרט האָבן זיי זיך באקענט און כאסענע געהאט. אנט־קעגן וואָס פֿרעגסטו דאָס אלץ? — האָט זי מיטאמאָל זיך א כאפּ געטאָן. — וואָס גייען דיר אָן מײַנע באָבעס און זיידעס?

— גלאט אזוי, — האָט ער געענטפערט און פֿארטראכטערהייט צוגעגעבן: — איצט איז מיר קלאָר...

— וואָס איז דיר קלאָר?

— פֿארוואָס מיר האָבן זיך געווייקט מיט דיר אונטערן רעגן...

זי האָט ארופגעלייגט איר האנט אף זײַנער.

— באליידיק זיך ניט. כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט: מײַנע עלטערן זײַנען ווילע, נאָר עטוואָס מאָדנע מענטשן.

— עטוואָס? — האָט ער איבערגעפֿרעגט און, אלץ נאָך ניט ארויסגייענדיק פֿון זײַן פֿארטראכטקײַט, צוגעגעבן: — פֿונוואנעט נעמען זיך אָבער בא אונדז אזעל־כע מענטשן? אָט וואָס ס׳איז מאָדנע...

זיי זײַנען נאָך א ביסל געזעסן אין פֿארק, א ביסל געשטאנען און געקוקט

אפן אמור, דערנאָך האָט ער זי אָפּגעפירט אהיים. ביז איצט איז אים ניט געווען קלאָר, פאַרוואָס זי דערלויבט אים קיינמאָל ניט זי אָפּפירן ביז צו דער שטוב און געזעגנט זיך מיט אים אלע מאָל באם נאָענטסטן ראָג. איצט איז עס אים קלאָר געווען.

— עפּעס ביסטו היינט אזא אומעטיקער, — האָט זי באמערקט.

— עס דאכט זיך דיר...

— ניין, אַן אומעטיקער, אַן אומעטיקער!.. — האָט זי איבערגעכאַזערט, — נו, פאַרבלייב! ביז מאָרגן!

זיי האָבן זיך באגעגנט אויך מאָרגן, און איבערמאָרגן, און נאָך א סאך מאָל, נאָר ער האָט געפילט — נאָך יענעם געשפּרעך אין פּארק האָט עפּעס אין זייערע באַציִונגען ווי אָנגעבראָכן זיך, כאָטש זאָיע איז פאַרבליבן די זעלבע, וועגן גאָר־ניט געוואָלט איבעריקנס פאַרטראַכטן זיך...

און ער האָט געטראַכט. געטראַכט, צי דאַרף ער זי איצט ניט פאַרלאָזן. איין־מאָל האָט ער אפילו אָנגעמערקט א טאָג, ווען ער וועט עס טאָן, — ניט קומען אף דער אָפּגערעדטער באגעגעניש, און אויס... נאָר אין דער לעצטער מינוט דער־פילט — ער קען עס ניט טאָן. ער האָט זי ליב... אים איז שווער זיך פאָרשטעלן, ווי וועט זי, אזא איידעלע, שוואכע, קאָנען לעבן אָן אים, אָן זיין מאַנצבלשער שוץ... אים האָט ארומגעכאַפּט א שוידער פונעם גדאַנק, אז זי קאָן לעבן מיט יענעם, וואָס די עלטערן האָבן איר צוגעזוכט, אריינפאַלן אין א סוויווע פון לייט, וואָס אלע שטרעבונגען זייערע זיינען — א גוטע שטעלע, א „וואָלגע", א דאַטשע... אין אָט דער סוויווע וועט זי פאַרטשאַכנעט ווערן. ניין, ער וועט עס ניט דער־לאָזן...

שפּעטער איז אים, אַרקאַדין, קלאָר געוואָרן, און אים איז קלאָר איצט, — דאָס, וואָס ער האָט דעמלט געפילט צו זאָיען, איז געווען ראַכמאָנעס, בלויז ראַכמאָנעס. נאָר דעמלט האָט ער נאָך דערפון ניט געוווּסט.

ס'איז געקומען די צייט פון פּריזיוו. מע האָט אים גענומען אין פלאָט. פאַרן אָפּפאָרן האָט ער מיט זאָיען זיך געזעגנט, אָפּגערעדט: מע וועט איינע די אַנדערע שרייבן, זי וועט וואַרטן אף אים.

און אזוי איז עס געווען — זי האָט אים געשריבן, ער איר. ער האָט מער פון קיינעם קיין בריוו ניט באַקומען, זיינען אירע בריוו אים דאָפּלט טייער געווען. געדינט האָט ער גוט, מיט די נייע כאַווערים זיך פיין צונויפגעלעבט, די קאָמאַנ־דירן האָבן פון אים געהאַלטן. אלץ איז וויל געווען, ווען ניט איין זאַך: זאָיע האָט פּלוצעם אופגעהערט שרייבן. געשען איז עס אפן דריטן יאָר פון זיין דינען אין פלאָט. אוועק א כוידעש, א צווייטער, קיין וואָרט. ער האָט איר זיינע בריוו גע־שיקט צום אופאָדערן. איצט זיינען זיי פאַרבליבן אָן ענטפער. בא וועמען זאָל ער זיך אָנפרעגן? בא וועמען עפּעס דערוויסן זיך? און טאקע דאָס, וואָס ער קאָן מיט גאָרניט העלפן, ווייסט ניט וואָס צו טאָן, האָט אים געפּייניקט מער פאַר אלץ, — ער ווייסט ניט, וואָס איז אים געשען... אייננס איז אים קלאָר געווען: זיין ליבע טרינקט זיך, גייט אונטער... זי איז אף יענער זייט באָרט, אָט־אָט פאַרשלינגען זי די כוואַ־ליעס. און ער? וואָס טוט ער? קוקט עס צו פונעם שיף־דעק און טוט זיך ניט א וואָרף זי ראַטעווען?.. ווי איז מעגלעך אזוינס? האָט ער טאַקע זיך א וואָרף געטאָן ווי אין וואַסער — אָנגעשריבן אירע עלטערן. דעם אדרעס זייערן האָט ער געוווּסט. ער האָט צוזאַמען מיט זאָיען זיך געלערנט אין מוזיק־שול, — האָט ער געשריבן (א ליגן, נאָר מיילע), — ווען־ניט־ווען האָבן זיי זיך דורכגע־שריבן. נאָר ער האָט שוין לאַנג ניט באַקומען קיין בריוו און וויל וויסן, וואָס איז מיט זאָיען, צי איז עפּעס ניט געשען?

אינגיכן האָט ער באַקומען אָן ענטפער. מיט א היפּשן דייטלעכן קסאַוו פון א מענטשן, וואָס ווייסט אף זיכער, וואָס מע דאַרף אין לעבן יאָ און וואָס ניט טאָן,

האָט זאָיעס מוטער געשריבן: יאָ, ס'איז געשען. זאָיע האָט כאַסענע געהאַט. זי לעבט אין אַן אַנדער שטאָט, ווו עס אַרבעט איר מאַן. איר נײַער אַדרעס איז פאַר אים ניט וויכטיק. זי האָפט, אַז ניט זאָיען, ניט זיי, אירע עלטערן, וועט ער מער קיינמאָל ניט באַאומרויִקן.

אָפּן טאָג־ליכט איז געפאַלן אַ טונקעלער שלייער. אָט דער שלייער האָט אײַנגעשלונגען אַלץ, וואָס איז געווען אין אַרקאַדין,— זײַן פרייד, זײַנע אויסזיכטן, האָפענונגען. ס'איז געווען ווי בייס אַ ליקעכאַמע, ווען אַלץ אויף דער ערד ווערט מיטאַמאָל פאַרענדערט און מע דערקענט ניט די הײַזער, די ביימער, די מענטשן... אַלץ זעט אויס אַנדערש, ווי איבערגעקערט... נאָר אַ ליקעכאַמע דויערט מינוטן, און בײַ אים איז אָט די טונקלעניש, אָט די וויסטע פאַרענדערונג שוין אָפּן גאַנצן לעבן. אַזוי האָט דעמלט אַרקאַדי געטראַכט. און פונקט ווי מיט יאָרן צוריק, ווען ער איז געווען אַ קינד נאָך און זײַנע עלטערן זײַנען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, האָט ער אויך איצט געהאַט אַזאַ געפיל, אַז די ערד פון אונטער זײַנע פיס גליטשט זיך אַרויס, דאָס לעבן ווערט אָן דעם גלײַכגעוויכט און קיין זאַך האָט שוין מער קיין ווערט ניט — ניט די אַרבעט, וואָס ער האָט פריִער געטאָן, ניט זײַן איצטיקדינען אין פלאָט, ניט דאָס לעבן אַליין... אַ פּאָר מאָל, שטייענדיק אויף דער באַנאַכטיקער וואַכטע, איז בײַ אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: אָט באַלד, צוגיין צום ראַנד פונעם שיף־דעק, און אויס... וואָס פאַר אַ ווערט האָט זײַן לעבן? די אייגענע מוטער האָט אים פאַראַטן... דער פאָטער — אויך. איצט — זאָיע... די ליבסטע מענטשן... איז מיטן קאָפּ אין וואַסער און — אויס...

די כאַווײרים, וואָס האָבן צוזאַמען מיט אַרקאַדין געדינט, האָבן באַמערקט, אַז מיט אים קומט עפּעס פּאָר. באַמערקט האָט עס אויך דער פאַרטרעטער פון קאַפּיטאַן אַנדרייעוו — אַ בלאָנדער בלוי־אויגיקער גוואַר — דער ליבלינג פונעם עקיפּאַזש. אָפּגעשטעלט אַרקאַדין, האָט ער אים פאַרטרויליך אַ פרעג געטאָן:

— עפּעס איז געשען, מאַטראָס?

— גאָרניט.

— זעסט אויס כּווישעכדיק.

— עט.

— איך ווייס, — האָט געזאָגט אַנדרייעוו, — באַקומסט ניט די לעצטע צײַט קיין בריוו. איז דאָס די סיבע?

— ניט וויכטיק.

— ניין, זייער וויכטיק! אַנו, קום נאָר אַרײַן צו מיר.

זיי האָבן לאַנג געשמועסט. דרײַ מענטשן זײַנען געבליבן אײַנגעבאַקן בײַ אַרקאַדין אין האַרצן: די באָבע, דער מײַסטער פון דער פאַבזאַוושול פּראָקאָפּי טראָפימאָוויטש און ער, דער זאַמפּאָליט אַנדרייעוו. יענעמס שטרענגע גוטסקײַט פון אַן עלטערן ברודער האָט אַרקאַדי, פונקט ווי זײַנע כאַווײרים, געשפּירט אויף זיך די גאַנצע צײַט, וואָס זיי האָבן געדינט. דעריבער האָט אַרקאַדי אים איצט אָפנהאַרציק דערציילט אי וועגן זאָיען, אי וועגן אירע בריוו, אי וועגן דעם בריוו פון איר מוטער. דער זאַמפּאָליט האָט אים שטיל אויפמערקזאַם אויסגעהערט, אַ לענגערע ווײַלע געשוויגן, קלאַפּנדיק מיט די פינגער איבערן טיש, דערנאָך אויפגעהויבן די אויגן — בלויע, גוטע, פאַרטראַכטע — און געזאָגט:

— איך פאַרשטיי דיך, מאַטראָס. דיר ווײַזט זיך איצט אויס — עק וועלט! אַלץ איז פאַרפאַלן, דאָס לעבן — קיין גראָשן ניט ווערט... עמעס?

אַרקאַדי האָט עס באַשטעטיקט מיט אַ שטומען בליק.

— איך וויל דיך איצט אין גאָרניט אײַנריידן, — האָט פאַרגעזעצט אַנדרייעוו, — דאָס לעבן אַליין וועט דיר באַווײַזן, אַז ס'איז ניט אַזוי. מיט דער צײַט וועסטו עס פאַרשטיין. איך וויל בלויז פרעגן: זאָיען האָסטו ליב?

— יאָ.

— כ׳מיין, אויך איצט נאָך דעם, וואָס איז געשען?
— יאָ.
— און ווי מיינסטו, — דער זאמפּאָליט האָט צונויפגעזשמורעט די אויגן, — זי איז ווערט דײַן ליבע?
— זי איז זייער אן אײדעלע, — האָט ארקאדי געענטפערט, — אן אײדעלע נעשאָמע און א שוואכע...
— אויב אפילע אזוי...
— איך בין זיכער, אז דאָס האָבן די עלטערן זי אײַנגעבראָכן. און בא איר האָט ניט געקלעקט קיין קויעך קעגנשטעלן זיך...
— אזוי צי אזוי, נאָר דאָס, וואָס זי האָט געטאָן, האָט א נאָמען...
— ?
— פאראט.
— יאָ, — האָט ארקאדי צוגעשטימט.
— און אויב א מענטש איז פּייזיק אף פאראט, — ניט וויכטיק, צי מאכמעס דער אײַנגעבוירענער פארדאָרבנקייט, צי מאכמעס שוואכקייט, — וואָלט ער דאָך גע־קאָנט פאראטן שפּעטער אויך...
— וואָס ווילט איר זאָגן דערמיט? — האָט ניט פארשטאנען ארקאדי.
— איך וויל זאָגן, אז בעסער פריער, איידער שפּעטער...
ארקאדי האָט מיט שטוינונג געקוקט אפן זאמפּאָליט.
— און נאָך וויל איך זאָגן, — האָט אנדרייעוו פאָרגעזעצט, — אז, מעגלעך, אין דעם אלעם, וואָס מיט דיר איז איצט פאָרגעקומען, — דו מאך נאָר ניט אזעלכע גרויסע אויגן, — באשטייט גאָר דײַן גליק...
— גליק?
— יאָ, און ווייס: איצט, אין דער־אָ מינוט, ביסטו ניט אימשטאנד עס צו בא־גרײַפן, נאָר מיט דער צײַט וועט קומען צו דיר דער דאָזיקער פארשטאנד. וויל איך, אז דעמלט, ווען דאָס וועט געשען, — מעגלעך, אין יאָרן ארום, — זאָלסטו זיך דערמאָנען: אמאָל האָט דיר געזאָגט וועגן דעם דער זאמפּאָליט אנדרייעוו... — ער האָט זיך אופגעהויבן, דערלאנגט ארקאדין א גרויסע ווארעמע האנט און צוגעגע־בן: — פארגעדענק: דיר איז פארבליבן א קנאַפּ יאָר צו דינען, און נאָכדעם שטייט דיר ערשט פאָר א גרויס לעבן. אין לעבן וועט אַלץ זײַן, אי גוטס, אי שלעכטס, נאָר וואָס מיט דיר זאָל ניט געשען, זאָלסטו קיינמאָל ניט אראָפּלאָזן די נאָז און ניט אָנווערן די האָפענונג...
סעמיאָן יעווסייעוויטש איז געזעסן אנטקעגן מיט צוגעזשמורעטע אויגן.
— איר שלאָפט? — האָט געפרעגט ארקאדי.
— ניין, ניין, — האָט יענער געענטפערט, — איך הער מיטביידע אויערן! וואָס איז געווען ווײַטער?
— ווײַטער האָב איך פארענדיקט דינען, זיך אומגעקערט אין מײַן היימשטאָט און אָנגעקומען אפן זאוואָד, ווו איך ארבעט איצט.
— פארוואָס ניט אין דער שטאָט, ווו דו האָסט געארבעט ביזן גיין דינען?
— דאָרט וואָלט מיר אַלץ דערמאָנט וועגן איר...
— האָסט זי נאָך אַלץ ליב געהאט.
— יאָ. איצט פארשטיי איך, אז פון מײַן זײַט איז עס גיכער געווען א מין געפיל פון ראכמאָנעס, ווי צו א קליין, אומבאהאָלפן קינד...
— האָסט זי געפרווט זוכן?
— צו וואָס?
— נו, און פארוואָס האָסטו זיך אומגעקערט קיין ביראָבידזשאן? האָסט דאָך געקאָנט פאָרן אין א באליביקער אנדערער שטאָט?
— קיין היים איז עס, אייגנטלעך, פאר מיר ניט געווען, כ׳האָב דאָ ניט געהאט

קיין מאמע... מײַן מאמע האָט מיך דאָ געוואָרפֿן. נאָר אליין די הײַזער, די גאסן זײַנען מיר אייגן, כ׳בין דאָך געוואקסן צוזאמען מיט זיי. און א נאָענטן קייווער האָב איך דאָרט.

— דער באָבעס...

— יאָ.

— האָסט איר געשטעלט א מאצייווע?

— יאָ.

— מיט א טויב?

— ייִנגלשע פאנטאזיעס... נאָר דעם קוואָרעסמאן האָב איך באצאָלט, ער זאָל לייגן אף איר קייווער בלומען. אליין קום איך אהין אויך.

סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט זיך אופגעהויבן און צוגעגאנגען צום פענצטער.

— אָהאָ, עס טאָגט שוין!..

העט־ווײַט, באם האָריזאָנט, דאָרט, ווו אין אים האָט זיך אָנגעשפּארט דער יאם, האָט זיך געצויגן א שמאָלער ראָזער פאס. דער יאם, אָן א מינדסטן כוואַליעכל אף זײַן גלאטן אויבערפלאך, האָט ווי געדרעמלט...

— יאָ, זיך פארעדט, — האָט געענטפערט ארקאדי. — שולדיק זײַט איר, סעמיאָן יעווסייעוויטש...

— מיט וואָס?

— איר זײַט פון די מענטשן, פאר וועלכע מע קאָן זיך אויסריידן דאָס הארץ...

— און דו, זעט אויס, האָסט עס שוין לאנג ניט אויסגערעדט? איך האָב נאָך צו דיר א פאָר פראגן, — האָט זיך אָנגערופן גרינבוים, — נאָר איך לייג זיי אָפּ אף מאָרגן. אצינד — שלאָפן.

— איר לייגט זיך, — האָט געזאָגט ארקאדי, — איך וועל סײַווי ניט אײַנשלאָפן. כ׳וועל זיך א ביסל דורכגיין.

— ווי דו ווילסט.

ווען ארקאדי איז ארויסגעגאנגען, האָט סעמיאָן יעווסייעוויטש, לייגנדיק זיך אונטער דער קאָלדרע, געטראכט: נאָך אזא יונגער און וויפל איז שוין אויסגעפאלן אף זײַן גוירל... „און דו אין זײַנע יאָרן?” — האָט ער א פרעג געטאָן בא זיך און זיך אליין אין געדאנק געענטפערט: „מיט עפּעס איז מיר געווען שווערער, און מיט עפּעס לײַכטער”. דאָס לעבן, די אויסקומעניש, די ארבעט איז געווען ניט צו פארגלײַכן שווערער, דערפאר האָט ער פון קיין אנדערע צאָרעס ניט געוווּסט. טאטע־מאמע האָבן דערצויגן א גרויסע מישפּאָכע, כאָטש אין אָרעמקײַט, נאָר אלע קינדער זײַנען געווען בא זיי טײַער, ליב. ער האָט זיך אײַנגעליבט אין א ווויל מיידל, כאסענע געהאט, צוזאמען אויסגעכאָוועט אן אייגענע, אויך ניט קיין קליינע מישפּאָכע, מע לעבט אדהײַעם, ניט צו פארזינדיקן. עמעס, ס׳איז געווען א מילכאָמע, א שרעקלעכע מילכאָמע...

שוין אין דרעמלענדיקן מויעך בא סעמיאָן יעווסייעוויטשן האָט זיך געוויגט א לענגערע ווײַלע נאָך איין געדאנק: יעדער צײַט האָט אירע פריידן, אירע ליידן... יעדער צײַט — אירס... יעדן דאָר — זײַנס...

א פארטאָגיקע קילקײַט האָט געשטראָמט אין פענצטער. סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט העכער ארופגעצויגן אף זיך די קאָלדרע.

9

— אוי, בריט, פריסעק! — האָט צו זיך אליין א זאָג געטאָן סעמיאָן יעווסייעוויטש, אריבערלויפנדיק איבערן אָנגעגליטן זאמד פונעם פליאזש. צווישן דעם דורכויסיקן אָנגעוואלגער פון נאקעטע מאנצבלשע און פרויִשע לײַבער איז ער

קוים דערלאָפן צו יענעם אָרט, ווו ס'איז געלעגן זײַן און ארקאדיס אָנטאָן און טייקעף ארײַן אין די שטעקשיך. ס'האָבן געבראָטן די פיאטעס. ער האָט זיך אוועקגעזעצט, ארומגעכאפט מיט די הענט די נאסע קני און זיך ארומגעקוקט. גוט... אלץ איז באשאפן פארן מענטשן — דער יאם, די ערד, דער הימל... געניס און האָב האנאָע!.. אין אָט דעם אָרט האָט די יאבאָשע זיך ארײַנגעשניטן אין יאם מיט א היפשן דרײַעקיקן שפּיץ, און ס'האָט אויסגעזען — די ערד, א פארמאטערטע פון היץ, א פארכליאנעטע פון דאָרשט, האָט אויסגעשטרעקט צום וואסער א ווײַסע לאנגע צונג... די דאָזיקע צונג — דער פליאזש. פונעם סאנאטאָרי האָט מען זיך אריבערגעשיפּט אהער איבערן אײַנגוס אף א קאטיער. ער האָט געהאָרעוועט פון פרי ביז נאכט, אריבערפירנדיק די אָפּרועגדיקע פון סאנאטאָרי אהער און פונ־דאנעט צוריק אין סאנאטאָרי.

גרינבוים האָט זיך אויסגעצויגן אפן זאמד. דער הימל האָט איבערגעקערט איבער אים זײַן הויכע בלויע אומענדלעכקײַט, און ס'איז געווען א כידעש, ווי האלט זיך דאָרט אײַן אזויפיל בלויקײַט, פאלט ניט אראָפּ און פארטרינקט ניט די ערד... נאָך מער כידעש איז געווען, ווי האלטן זיך דאָרט אײַן אָט די שורעס ווײַ־סע וואָלקנדלעך. זיי שטייען אין דער הייך און רירן זיך ניט פון אָרט. און טאקע פון זיי, א סוואָרע, שטראָמט צו דער ערד אָט די טיפע שאלוועדיקע רו...

סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט צוגעמאכט די אויגן. נאָר אויס מוירע אײַנצודרעמ־לען האָט ער זיי באלד געעפנט, זיך אופגעהויבן און א קער געטאָן צום יאם. יענער איז ווי מיט שפּיזן אף דורך און דורך געווען דורכגעשטאָכן מיט זון... די זון האָט זיך אין אים געבאָדן, געקאָכט, מיט פרייד ארויסגעליארעמט פון אים. גאָלדענע טראָפּנס, ווי פונקען, זײַנען אופגעפלויגן דאָ און דאָרט, נאָך מער פאר־שטארקנדיק דעם אלגעמיינעם אײַנדרוק פון יאָמטעוו, ווען עס שפּילן איינע מיט דער אנדערער, שטיפן צוויי סטיכיעס — די זון און דער יאם...

קוקנדיק אף די שווימער, האָט גרינבוים מיט באדויערן געטראכט: אוועק די צײַט, ווען ער האָט אויך אזוי געקענט זיך א וואָרף טאָן אין די כוואליעס און אָפּגעבן זיך אף זייער באראָט... איצט האָט ער זיך אָפּגעטויוולט א ביסל באם ברעג, און אלץ... היפּערטאָניע, סטענאָקארדיע... ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין די שווימער, וואָס האָבן זיך דערנעענטערט צום ברעג, און דערקענט צווישן זיי ארקאדין. א כיעס צו קוקן, ווי דער באָכער איז דאָ אָפּגעברענט געוואָרן, ער איז אינגאנצן ווי אויסגעגאָסן פון בראָנזע. און ווי ער לייגט עס קלאפּטערס!

ארקאדי איז ארויס פון וואסער.

— פארוואָס זשע שווימט איר ניט? — איז ער צוגעלאָפן מיט א טײַנע, אליין אינגאנצן, פון קאָפּ ביז די פיס, אין פינקלענדיקע טראָפּנס.

— איך בין מײַנס שוין אָפּגעשווומען.

— נאָר אָן פעסימיזם!

— ס'איז ניט קיין פעסימיזם, פּאָשעט — א פאקט.

סעמיאָן יעווסייעוויטש איז געזעסן א קרענקלעך ווײַסלײַביקער, אין לאנגע שווארצע טרוסן, און ארקאדי איז געשטאנען איבער אים, א שטאלטנער, א בראָנזן־ברוינער, אין רויטע באָד־הייזלעך. פון זײַנע גלאנצנדיקע נאסע האָר זײַנען אראָפּגערונען טראָפּנס איבערן רוקן, איבער די מוסקולן פון די הענט און פיס.

— אך, גוט! — האָט ער אויסגערופן. — כ'וואָלט ניט ארויסגעקראָכן פון יאם...

— שווימסט דאָך טאקע, ווי א פיש, — האָט געזאָגט סעמיאָן יעווסייעוויטש.

— וואָס זשע, — האָט געענטפערט ארקאדי, — אומזיסט האָב איך געדינט אין פלאָט!.. — ער האָט זיך א זעץ געטאָן גלײַך אין זאמד לעבן סעמיאָן יעווסייע־וויטשן. יענער האָט צו אים א ווונק געטאָן:

— זעסט כאָטש, ווער עס קוקט אף דיר?

— ווו?

— אָט, אױף רעכטס.

ארקאַדי האָט געוואָרפֿן אַהין אַ קורצן בליק.

— ווער איז עס?

— דערקענסט ניט?

— ניין.

— די, וואָס זיצט באַם שכײנישן טיש, די בלאָנדע.

— איז וואָס?

— איז גאָרניט. איַי, ארקאַדי, ארקאַדי, דײַן גליק, וואָס ביסט ניט מײַן זון...

— ווען יאָ, איז וואָס?

— ווען יאָ, וואָלט איך אראָפּגענומען דעם פּאַס און דיר אַרײַנגעצימבלט, אַז וואָלסט געהאַט צו געדענקען...

— פֿאַר וואָס?

— פֿאַר דאָס...

— צימבלט, איך דערלויב! — מיט די ווערטער האָט ארקאַדי זיך אַ וואָרף געטאָן אין זאַמד מיטן רוקן אַרויף.

— זאָלן דיך שײדים שוין צימבלען, — האָט אַ לאַך געטאָן גרינבוים, קוקנדיק מיט פֿאַרגעניגן אויף ארקאַדיס בראָנזן־ברוינעם רוקן, אַ באַשפּרענקלטן מיט גלאַנציקע טראָפּנס. — דו באַמערקסט אַפֿילע ניט, וואָס פֿאַר אַ שײנע מויד עס האַלט אויף דיר אַ אײן קוקן...

— און איר באַמערקט דאַפֿקע יאָ?

— וואָס זשע, כ'האָב קײן אויגן ניט?

ליגנדיק מיטן קאָפּ אַראָפּ, האָט ארקאַדי זיך אַ זײַטל געטאָן אויף סעמיאָן יעווסײעוויטשן מיט אַן אויג, אַ פֿולן מיט שפּאַסיקן געלעכטער:

— געדענקט, כ'וועל דערציילן אײַער אַלטיטשקער, וועט זי אײַך דערלאַנגען אַ פּסאַק...

— דערצייל, דערצייל וועגן מיר, — האָט אין דעם זעלבן שפּאַסיקן טאָן געענטפֿערט סעמיאָן יעווסײעוויטש, — וועגן זיך ווײסטו דאָך ניט האָבן וואָס צו דערציילן...

ארקאַדי האָט ניט געענטפֿערט. אָנגענומען אַ הויפֿן זאַמד, האָט ער פּאַמעלעך אים דורכגעלאָזט דורך די פֿינגער, אַזוי אײנעם, אַ צווייטן, אַ דריטן...

שטיל און ערנסט האָט סעמיאָן יעווסײעוויטש אַ זאָג געטאָן:

— אָט האָסטו מיר נעכטן דערציילט וועגן זיך. אַ סך דערציילט. געדענקסטו כאָטש אָבער, אַנטקעגן וואָס ס'איז צו רייד געקומען?

— אַנטקעגן וואָס? — האָט פֿאַרטראַכטערהייט איבערגעפֿרעגט ארקאַדי, אַלץ נאָך באַשעפֿטיקט מיטן זאַמד. — איך געדענק ניט.

— און איך געדענק.

— אַנטקעגן וואָס?

— אַנטקעגן דעם, וואָס איך האָב דיר געזאָגט, אַז ביכלאַל ביסטו אַ יאַט — אַ כוואַט, נאָר קומט צו מײדלעך, שטעלן זיך די פֿערד אונטערן באַרג... האָסטו מיר געענטפֿערט, אַז אָט די זאַך איז ניט פֿון די פּאַשעטע, און גענומען דערציילן...

— יאָ, יאָ, כ'האָב זיך דערמאָנט, — האָט געענטפֿערט ארקאַדי און צוגעגעבן: — נו, אָט האָב איך אײַך דערציילט. דערציילט וועגן מײַן מוטער... דערציילט וועגן זאָיען... איז עס אײַך ווייניק?

— אין שײַכעס מיט וואָס ווייניק?

— אין שײַכעס מיט דעם, אַז איר זאָלט פֿאַרשטיין...

— וואָס פֿאַרשטיין?

— פֿאַרוואָס ס'האָט באַ מיר אָפּגעשלאָגן דעם כײשעק צו קענען זיך נאָענט מיט פֿרויען...

— וואָס זשע, מיינסט, אלע פרויען זײַנען אזעלכע, ווי...
— איך מיין גאָרניט.
— ביסט דאָך אָבער א יונגער באָכער, דער רועך זאָל דיך נעמען!
— איז וואָס?
— ציט דיך גאָרניט אן אקסל צו אָט אזא, ווי די בלאָנדע, פונעם שכייניש טיש?
— וועל איך זיך פארליבן אין א פרוי, וועט ציִען צו איר ניט נאָר אן אקסל — דער גאנצער גוף מיט דער גאנצער נעשאָמע. און אזוי, אָן ליבע, — צו וואָס?
— נו און מיט ליבע איז שוין געווען בא דיר?
— כ'האָב אמאָל געמיינט, אז ס'איז געווען זאָיע, נאָר דעמלט האָב איך, ווײַזט אויס, א טאָעס געהאט.
— און איצט?
— איצט איז בא מיר קיינער ניטאָ. ס'הייסט, פאראן באקענטע, כאווייררים, פרײַנט. קיין געליבטע — ניט.
— מאָדנע, זייער מאָדנע, — האָט שטיל, פאר זיך, א מורמל געטאָן סעמיאָן יעווסייעוויטש.
— פארוואָס מאָדנע? — האָט איבערגעפרעגט ארקאדי.
— ניט דאָס מיין איך, — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייעוויטש, — איך טראכט גאָר וועגן עפּעס אנדערש. פארשטייסט, איך קען נאָך איין מענטשן, וואָס האלט פונקט ווי דו...
— מיקויעך וואָס?
— מיקויעך ליבע. ליבע — אלץ. אָן ליבע — גאָרניט.
— ווער איז דער מענטש?
— מײַן אייניקל.
— איר האָט אן אייניקל?
— שיין געזאָגט! איין אייניקל האָב איך? קיין אײַנהאָרע א האלבע טוץ.
— איך פארשטיי, נאָר איך מיין...
— די, וואָס זאָגט אזוי? יאָ, א טײַער קינד. פארענדיקט א מעדיצינישן אינ־סטיטוט, ארבעט שוין, און כאסענע האָבן — ניט. מיינסט עפשער — א פארזעע־ניש? א יעפּאס־טויאר! מע קוקט זיך אָף איר אום אין גאס. נאָר אָט, ווי דו: אָן ליבע — ניט... — גרינבוים האָט מיטאמאָל איבערגעשלאָגן זיך אליין. — ליבע־שמיבע! געפונען ווו צו רעדן פון אזעלכע הויכע זאכן. פון מיר וועט שוין דאָ באלד ווערן א פּרעזשעניצע... אָט גייט דער קאטיער. פאָרן מיר אין סאנאטאָריי?
— איך וועל זיך נאָך איין מאָל א באָד טאָן, — האָט געזאָגט ארקאדי. אופ־געשפּרונגען, ווי א פּרוזשינע, איז ער אוועקגעלאָפן צום וואסער און ראפּטאָם א וואָרף געטאָן זיך אין די כוואליעס. זיי האָבן אים אונטערגעכאפּט און פלינק אוועקגעטראָגן מיט זיך.
אהיים האָט מען זיך אומגעקערט פאר אָוונטברויט. מע האָט זיך אופגעהויבן צו זיך אין צימער.
— דו ווי דו ווילסט, — האָט געמאָלדן סעמיאָן יעווסייעוויטש, — איך מוז זיך צולייגן כאָטשבי אָף א האלבער שאָ. די זון האָט מיך הײַנט אינגאנצן פריטש־מעליעט.
— לייגט זיך, לייגט זיך, — האָט צוגעשטימט אַרקאדי.
— און דו?
— איך וועל אָט דעם איניען לאָזן אָף באַנאכט. און דערוויַיל... דערוויַיל, ווילט איר, וועל איך אראָפּלויפן א קוק טאָן די פּאָטשט. איר ווארט דאָך אָף א בריוו פון דער היים, וועל איך אים אײַך ברענגען.
— אָט־אָט, טו מיר די טויווע.

ארקאַדי איז אַרויס פון צימער, און אין עטלעכע מינוט אַרום איז ער שוין געווען צוריק מיט אַ קאָנווערט אין האַנט.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק! — האָט סעמיאָן יעווסייעוויטש זיך אונטערגעהויבן. — דערלאַנג מיר אים אַקאָרשט, דעם בריוועץ!..

— אײַלט זיך ניט צו דאַנקען, — האָט געזאָגט ארקאַדי, — און כאַפּט ניט...

— וואָס זשע, וועסט מיך עפּשער צווינגען גיין אַ טאַנץ?

— בעשום־אויפן! טאַנצן וועל איך אַליין...

— וואָס? דיר אויך אַ בריוו? — האָט זיך פאַרכידעשט גרינבוים.

— יאָ.

— אָבי האָסט געזאָגט — ניט קיין אייגענע, ניט קיין קרויווים און וואַרטסט פון קיינעם ניט אַף קיין בריוו.

— איך האָב אָבער אַ בריגאַדע, און אין איר אַרבעטן טײַערע כעווירע, נאָך בעסער פון קרויווים.

— נו, אויב אַזוי, וועל איך טאַקע אַ דרעמל טאָן, — האָט געזאָגט סעמיאָן יעווסייעוויטש. ארקאַדי האָט אויפגעריסן דעם קאָנווערט, אַרויסגענומען דעם בריוו און אַף די שפּיץ פינגער אַרויס פון צימער, ווו די ווענט האָבן זיך מאַמעש גע־טרייסלט פון גרינבוימס כראָפּען, און זיך צוגעזעצט אין וועסטיבויל אין אַ פּאַ־טעל. ער איז אָבער באַלד אויפגעשפּרונגען. דערנאָך האָט ער זיך צוריק אַוועק־געזעצט און נאָכאַמאָל איבערגעלייענט דעם בריוו. זיך אויפגעהויבן צו זייער צימערל, איז ער אַ ווײַלע געשטאַנען בא דער טיר. „נו, דערלאַנגט ער, דער אַלטער, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, — אַ גליק, וואָס באַנאַכט שלאָף איך אַזוי, אַז איך הער ניט“... און איז אַרײַן מיט דעם בריוו אין האַנט.

סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט זיך געריבן די אויגן.

— ווו ביסטו געווען?

— אַרויס איבערלייענען דעם בריוו.

— דאָ האָט דיר עמעצער געשטערט?

— ניין, קיינער...

— איז וואָס זשע?

— איר האָט דערלאַנגט, קיין אײַנהאָרע, אַ כראָפּע...

— אָט אַ כאַלאַס! — האָט גרינבוים אַף זיך אַליין זיך אָנגעברוגעזט.

— נאָר איך בין אײַך מויכל דאָס כראָפּען, הערט בעסער, וואָס מע שרײַבט מיר!

— נו, קאָרשט, נו, קאָרשט! איך זע, ביסט צופרידן פונעם בריוו?

— ווי זשע? ערשטנס, שרײַבן מיר די כעווירע, אַז זיי האָבן שוין אויסגעפּילט דעם פּלאַן. אָט: „עס זײַנען דורך ערשט צוויי דעקאַדעס, נאָר דער כוידעש־פּלאַן איז שוין בא אונדז אין קעשענע“. „און פאַר דער געבליבענער דעקאַדע, — שרײַבן זיי, — וועלן מיר דערלאַנגען נאָך אַ האַלבן פּלאַן“. גאָלדענע כעווירע! „מײַן ניט, — שרײַבן זיי, — אַז אָן דיר וועט ניט זײַן קיין טאָלק. ווי דו זעסט, באַגייען מיר זיך גאַנץ פײַן אָן דיר... נאָר פונדעסטוועגן, — גיבן זיי צו, — קום גיכער, מיט דיר גייט עס צו פריילעכער“... אָט כעווירע!..

— וואָס נאָך שרײַבן זיי? — האָט געפרעגט גרינבוים. — איך זע, דער בריוו איז אַ היפּשער.

— און נאָך שרײַבן זיי וועגן וואַלערין. „זינט דו ביסט אַוועקגעפאָרן, — שרײַבן זיי, — איז אים ניט צו דערקענען. שוין באַלד דרײַ וואָכן, און פאַר אָט דער גאַנ־צער צײַט — קיין איין פּראָגול, קיין איין מאָל האָט מען אים ניט געזען שיקער. עס גלייבט זיך מאַמעש ניט“. נו, דערמיט האָבן זיי מיך דערפרייט...

— וואָס איז עס פאַר אַ וואַלערי?

— אָ, דאָס איז א גאנצע געשיכטע. א באָכער פון אונדזער זאוואָד, פון די — מיט לאנגע פאטלעס, לאנגע הויזן, און די האסאָגעס — קורצע: אויסטרינקען, זיך דורכטאנצן מיט א מיידל, א כוליגאנעווע טאָן... איר ווייסט, ווי עס הייבט אָן אמאָל פוילן אן עפל — פון דער שאָלעכץ. שייל זי אָפּ, און דער עפל איז געראַ־טעוועט. טוסטו עס אָבער ניט, הייבט אָן פוילן ווײַטער, און דעמלט דארף מען אים ארויסוואַרפן. אזוי — אָט דער באָכער. כ׳האָב זיך צוגעקוקט צו אים, און זע — אינווייניק איז ער גאנץ, עס קאָן נאָך זײַן פון אים א מענטש. זאָג איך אים — ס׳איז גראָד געווען פאר מײַן אָפּפאָרן אהער, אין סאנאטאָרי: „כ׳וועל דיר העלפן אָנקומען אין א גוטער בריגאדע, נאָר מיט א טנאַי: „ביז כ׳וועל זיך אומקערן, — קיין איין פראָגול, קיין איין מאָל זאָל מען דיך ניט זען שיקער, קיין איין בראק אין דער ארבעט״... נו, און אָט זעט איר, וואָס די כעוורע שרײַבן. זיי ווייסן ניט, פונוואנעט דאָס האָט זיך גענומען... דערמיט האָבן זיי מיך דערפרייט נאָך מער, ווי מיטן אויסגעפילטן פלאַן...

— ער קער זיך מיט דיר עפּעס אָן, אָט דער וואלערי? — האָט גרינבוים גע־פרעגט. א לענגערע ווײַלע האָט ארקאדי געשוויגן.

— סעמיאָן יעווסייעוויטש, — האָט ער ענדלעך געזאָגט, — איר זאָלט בא מיר אזוינס פרעגן! אף אײַך האָב איך זיך עס ניט גערעכט. וואָס הייסט — צי ער קער זיך מיר עפּעס אָן? אוואדע, ער קער זיך מיר אָן — א מענטש... איך און איר, מיר זײַנען ניט קיין לײַבלעכע קרוויים, נאָר איינער פארן אנדערן זײַנען מיר אלע פאראנטוואָרטלעך. ווי זשע אנדערש?

— אזוי טראכסטו? — האָט גרינבוים געפרעגט, ניט אראָפּלאָזנדיק פון אים דאָס אויג.

— יאָ. איר האלט, אז כ׳בין ניט גערעכט?

— ניין, ניין, דאָס זאָג איך ניט, — האָט זיך אָנגערופן סעמיאָן יעווסייעוויטש.

— נאָך הײַנט וועל איך די כעוורע מײַנע ענטפערן מיט א גרויסן בריוו, — האָט אופגעלייגט זיך אָנגערופן ארקאדי. — איך לויף טאקע שוין אף דער פּאָטשט. ער איז ארויס פון צימער.

א טײַערער באָכער, — האָט א טראכט געטאָן גרינבוים. — פון די, וואָס אלץ אף דער וועלט גייט זיי אָן. און נאָך האָט ער א קלער געטאָן: אפילע דער קראסאוויצע — דער איבערקלײַבערן, דעם אייניקל זײַנעם, וואָלט אזא איינַער, דאכט זיך, אויך געפעלן.

באגעגנט האָבן זיי זיך שוין באם אָוונטברויט.

— נו, האָסט אָפּגעשיקט דײַן גרויסן בריוו? — האָט געפרעגט סעמיאָן יעווסיי־עוויטש.

— ניין.

— פארוואָס?

— ביז איך בין געקומען אף דער פּאָטשט, האָב איך זיך באטראכט, אז אלץ, וואָס כ׳האָב געוואָלט זאָגן אין מײַן ענטפער, קאָן מען זאָגן א סאך קירצער.

— וואָס זשע האָסטו געטאָן?

— געשיקט א טעלעגראַם.

— א גרויסע?

— דרײַ ווערטער: „פּאָזדראַווליאיו טאק דערזשאט״[1]. דאָרט, ווו מע קאָן זאָגן קורץ, דארף מען ניט ריידן לאנג. ווי מיינט איר?

— איך מיין אויך אזוי, — האָט געענטפערט גרינבוים.

[1] איך באגריס. האלט זיך ווײַטער אזוי (רוס.).

— א ייִד?
— א ייִד.
ניט אויסצושעפּן רײַך איז די גאַמע פון מענטשלעכע אינטאָנאַציעס.
אין דער פראַגע: צווייפל (יאָ, אָדער ניט געטראָפן? און אויב יאָ, צי וועט דער מענטש זיך מודה זײַן?); פאַרלאַנג (ער זאָל האָבן געטראָפן); גרייטקייט (אויב ניט, זיך אַנטשולדיקן און אַוועקגיין — ער האָט גאָרניט געמיינט)...
אינעם ענטפער: באַשטעטיקונג (יאָ, א ייִד); כידעש (עמעצער קאָן אין דעם צווייפלען?); כשאַד (דער, וואָס פרעגט, דערלאָזט, דאַכט זיך, אַז מע קאָן עס וועלן לייקענען); שטוינונג (אייגנטלעך, וואָס איז די נאַפקעמינע — א ייִד צי ניט קיין ייִד?).
נאָך א רײ דינסטע שאַטירונגען האָבן זיך געלאָזט הערן סײַ אין דער פראַגע, סײַ אינעם ענטפער, נאָר מיר וועלן זײ דאָ מער ניט פאַרפינקטלעכן.
דער, וואָס האָט די פראַגע פאַרגעבן, — א מענטש בא די זיבעציק, ניט קיין הויכער, א דאַרער, די פּלייצע עטוואָס געבויגן, דאָס לענגלעכע פּאָנעם טונקל אָפּגעברוינט. די גרויסע אויגן, אַמאָל, ווײַזט אויס, שטאַרק שוואַרצע, איצט ברוינ־לעך אויסגעוועפּטע, מיט אַן אָנגעשטרענגט פאָרשערישן בליק.
דער, וואָס האָט אויף דער פראַגע געענטפערט, — גרינבוים סעמיאָן יעווסייע־וויטש.
גרינבוים איז געזעסן אין הויף באַם צענטראַלן ארײַנגאַנג אין סאַנאַטאָרי. נאָך מיטיק, אין דער „שטילער שאָ" האָט ער געהאַט געכאַפּט א רעכטן דרעמל און איצט אין שאָטן פונעם הויכן קליאָן, וואָס האָט אָפּגעהיט די באַנק, ווי א וועכ־טער, האָט סעמיאָן יעווסייעוויטש מיט פאַרגעניגן ארײַנגעאָטעמט אין זיך די איידעלע רייכעס פון די בלומען, וואָס זײַנען געוואַקסן אויף די היפּשע קלומבעס אַנטקעגן. אין אָט די מינוטן האָט זיך וועגן גאָרניט געוואָלט קלערן, אים איז פּאַשעט געווען גוט. און אָט האָט ער דערהערט די פראַגע:
— א ייִד?
— א ייִד, — האָט ער געענטפערט און א קוק געטאָן אויף דעם, וואָס האָט עס געפרעגט. דערהערט דעם ענטפער, האָט יענער פאַרגעבן א צווייטע פראַגע:
— און פונוואַנעט?
— פון ביראָבידזשאַן.
— ביראָבידזשאַן? — בא דעם, וואָס האָט געפרעגט, זײַנען געוואָרן גאָר גרויסע אויגן, און אין אָט דעם איינציקן וואָרט, וואָס ער האָט אָקאָרשט ארויס־געבראַכט, האָבן ווידער א קלונג געטאָן א סאַך פאַרשיידנערליי אינטאָנאַציעס: געשיקט זיך? איז טאַקע אַפּנעמעסן פאַראַן אַזאַ אָרט — ביראָבידזשאַן? און איר זײַט טאַקע סאַמע פון דאָרטן? זאָל ער טאַקע גלייבן?
— וואָס זשע הערט זיך אין ביראָבידזשאַן?
אָנשטאָט צו ענטפערן האָט גרינבוים פון זײַן זײַט א פרעג געטאָן:
— און איר פונוואַנעט זײַט?
— פון וולאַדיוואָסטאָק.
— וואָס זשע הערט זיך עפּעס אין וולאַדיוואָסטאָק?
— מע לעבט, — און זיך צוגעזעצט לעבן גרינבוימען אויף דער באַנק.
— אין ביראָבידזשאַן לעבט מען אויך, — האָט גרינבוים געזאָגט, עטוואָס אָפּ־רוקנדיק זיך, קעדיי מאַכן פאַרן אומבאַקאַנטן מער אָרט.
— נאָר ביראָבידזשאַן איז דאָך גאָר אַן אַנדער זאַך, — האָט זיך אָנגערופן יענער.
— פאַרוואָס אַן אַנדערע?
— ס'איז דאָך עפּעס א ייִדיש לאַנד!

— ווער האָט עס איַיך געזאָגט?

— וואָס זשע? מע האָט דאָך געמאכט דערמיט אזא טומל אױף דער גאנצער וועלט...

— איך ווייס ניט, וועגן וואָס פאר א טומל איר רעדט, — האָט געענטפערט גרינבוים, — נאָר אינדערעמעסן איז געווען אזוי: צוערשט האָט מען אפן וויַיטן מיזרעך געשאפן א נאציאָנאלן יידישן ראיאָן, דערנאָך האָט מען דעם ראיאָן פארוואנדלט אין א יידישער אווטאָנאָמער געגנט.

— נו?

— וואָס נו?

— האָט מען דאָך די געגנט געדארפט וויַיטער פארוואנדלען אין אן אווטאָ־נאָמער רעפובליק. פארוואָס זשע האָט מען עס ניט געטאָן?

— איר ווילט אין דעם עמעצן באשולדיקן? וועמען, אשטייגער?

— וואָס הייסט, וועמען? די, וואָס האָבן אָנגעהויבן, האָבן געדארפט די זאך וויַיטער פירן...

סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט אױף דער באנק נאָך עטוואָס זיך אָפּגערוקט פון זיַין מיטשפרעכער, קעדיי בעסער אים באטראכטן.

— און זיך, רעב ייד, זיך אליין, האלט איר אינגאנצן ניט פאר שולדיק? — האָט ער געפרעגט.

— איך? — האָט יענער ברייט צעעפנט די אויגן. — וואָס האָב איך פאר א שיַיכעס?

— אזוי גאָר, איר האָט ניט קיין שיַיכעס?

— ס'הייסט, א שיַיכעס וואָלט איך געקאָנט עפשער האָבן, נאָר...

— איז אָט דער „נאָר" — דער שולדיקער, — האָט געענטפערט גרינבוים און גליַיך א פרעג געטאָן: — ווו זיַיט איר געווען אין אכט־און־צוואנציקסטן יאָר?

— וואָס עפעס אין אכט־און־צוואנציקסטן?

— אין אכט־און־צוואנציקסטן זיַינען געקומען די ערשטע עשעלאָנען איבער־וואנדערער אהין, ווו ס'איז שפעטער אויסגעוואקסן ביראָבידזשאַן. אין דעם יאָר בין איך אויך אהין געקומען. און איר?

— איך האָב זיך דעמלט געלערנט אין לענינגראד, אין פאָליטעכנישן אינ־סטיטוט.

— און אז איר האָט פארענדיקט?

— בין איך געבליבן ארבעטן אין לענינגראד.

— וואָס זשע, מע האָט איַיך אין ערגעץ ניט געשיקט?

— מע האָט מיך יאָ געוואָלט שיקן, נאָר כ'האָב געהאט, פארשטייט איר מיך, א שוואָגער...

— אָט־אָט, — האָט אים איבערגעשלאָגן גרינבוים, — איר האָט געהאט א שוואָ־גער, אן אנדערער — א שוועגערן, א דריטער איז אליין געווען א גרויסער מע־כוטן... און איצט קומט איר און פרעגט — ווו איז די יידישע אווטאָנאָמע רעפוּ־בליק... און ווער האָט זי געזאָלט בויען, אויב ניט מיר מיט איַיך? — גרינבוים האָט עס א זאָג געטאָן מיט עטוואָס מער היץ, איידער ער איז געווינלעך גע־ווינט געווען צו ריידן. איז ער אנשוויַיגן געוואָרן און אין א וויַילע ארום רוּקער זיך אָנגערופן: — מיר האָבן זיך מיט איַיך שוין שיר ניט צעקריגט און זיַינען נאָך אפילע ניט באקאנט. נו, אז איך בין פון ביראָבידזשאַן, ווייסט איר שוין. מע רופט מיך גרינבוים, סעמיאָן יעווסייעוויטש. און איַיך?

— וואָסקאָבויניקאָוו ראָמאן ניקאָלײַעוויטש.

— ווי קומט צו איַיך אזא פאמיליע?

— די עמעסע פאמיליע איז וואָסקאָבויניק. נאָר בייס דער פאספּאָרטיזאציע האָט דער עלטערער ברודער צוגעשטעלט אן „אָוו". האָב איך שוין אויך...

— נו, און ראָמאַן איז מיסטאמע — רווון?
— יאָ, איר האָט געטראָפן.
— און פונוואַנעט — ניקאָליי?
— דער טאַטע האָט געהייסן קאַלמען.
— איז פאַרוואָס ניט קלימענטי?
— וואָס עפּעס קלימענטי?
— ווײַל קלימענטי איז מער ענלעך אף קאַלמען. עס הייבט זיך כאָטש אָן פון דעם זעלבן אָס...
מיט זײַנע גרויסע ברוינלעך אויסגעוועפּטע אויגן האָט וואָסקאָבאָיניקאָוו א קוק געטאָן אף גרינבוימען.
— איר זײַט, זע איך, אַן אַפּשפּעטער...
— קיין אַפּשפּעטער בין איך קיינמאָל ניט געווען, — האָט געענטפערט גרינ־בוים, — נאָר כ'האָב ליב דעם עמעס. און דער עמעס באַשטייט דערין, אז אייניקע ייִדן זוכן אויס פאַרשיידענע מיטלען אף אויסצובאַהאַלטן זייער אַפּשטאַם. צו וואָס?
— און אויב אפילע יאָ, — האָט געענטפערט רווון בען קאַלמען וואָסקאָבויניק, אָדער ראָמאַן ניקאָלײַעוויטש וואָסקאָבויניקאָוו, — זײַנען זיי אין דעם אויך ניט שולדיק.
— ווער זשע איז שולדיק?
— און אליין ווייסט איר ניט?
— איר ווילט זאָגן... כ'וועל נעמען, צום בײַשפּיל, זיך. איך האָב קיינמאָל פון קיינעם ניט אויסבאַהאַלטן מײַן אַפּשטאַם. אומעטום, ווו מיר איז אויסגעקומען צו זײַן, האָבן אַלע געוווּסט, אז איך בין א ייִד, און קיינמאָל אין לעבן האָט מיר קיינער נאָך ניט געזאָגט מיקויעך דעם קיין שלעכט וואָרט. ווייסט איר פאַרוואָס? ווײַל כ'האָב שטענדיק געאַרבעט באַגלײַך מיט אַלעמען, אף דער מילכאָמע אויך געטאָן מײַן זאַך באַגלײַך מיט אַלעמען, קיינמאָל אין לעבן ניט געפּרוּווט אַרופ־לייגן אף עמעצן מײַן כיילעק האַרעוואַניע. פאַרקערט, האָט מען געדאַרפט, האָב איך נאָך גענומען אף זיך עמעצנס כיילעק. און כוץ קאָוועד און אָפּשײַ צו זיך האָב איך גאָרניט געזען. און אײַך איז אויסגעקומען הערן וועגן זיך אַנדערע רייד?
— אויסגעקומען.
— ווילט איר אוודאי זאָגן, אז די, וואָס האָבן אזוי גערעדט, זײַנען שלעכטע מענטשן?
— ווי זשע?
— וועל איך אײַך בעטן מיר מויכל זײַן, איך וועל אײַך זאָגן אָפן, וואָס איך טראַכט וועגן דעם...
— זאָגט.
— ניט שטענדיק זײַנען די דאָזיקע מענטשן שלעכטע, נאָר איר זײַט פּאַשעט א שלעכטער מענטש און א שלעכטער ייִד.
— אָ, — האָט ראָמאַן ניקאָלײַעוויטש זיך אָנגערופן און זיך אָפּגערוקט, — אויב אזוי, זײַט איר דאָך...
— אַן אַפּשפּעטער?
— ערגער!
— וואָס זשע?
— אַן עמעסער... ייִדנפײַנט!
— שיין געזאָגט! — האָט גרינבוים זיך צעלאַכט. — איך, דער ייִדנפײַנט, האָב א גאַנץ לעבן אָפּגעאַרבעט אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, און איר, דער קאָשערער ייִד, באַהאַלט זיך א גאַנץ לעבן אויס אונטער אַן אַנדער נאָמען...
ראָמאַן ניקאָלײַעוויטש האָט זיך אופגעהויבן:

— א דאנק פאר אן אָנגענעמען געשפּרעך.

— ניטאָ פאר וואָס, — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייעוויטש.

די גאַנצע צײַט פונעם שמועס מיטן אומגעריכטן מיטשפּרעכער האָט גרינבוים ניט אַרויסגעלאָזט פון אויג דעם ווײַטלעכן קעגנִיבערדיקן עק פונעם הויף, ווו א בינטל יונגעלײַט, מאַנצבלען און פרויען, זײַנען געשפּרונגען מיט טעניסקעס אין די הענט. געזען האָט ער דאָרט אויך אַרקאַדין. שלאַנק, מיט די אָפּגעברוינטע הענט און פיס, אין דער ווײַסער מײַקע און אין ווײַסע שאָרטן, איז ער דאָרט אַרומגעשפּרונגען, ווי א שעד, אָפּקלאַפּנדיק איין פּילקע נאָך דער אַנדערער. די בלאָנדע איז אויך געווען דאָרט.

געבליבן אליין אַף דער באַנק, האָט גרינבוים נאָך א לענגערע ווײַלע געקוקט אין יענער זײַט מיט א פאַרקלערטן אויסזען, דערנאָך זיך אויפגעהויבן און א שטעק געטאָן די נאָז אין א הויכן קוסט פון א גאָרטענזיע און אזוי געשטאַנען א לענגערע ווײַלע, ווי וועלנדיק פאַרטרײַבן מיט איר אײדעלן גערוך דעם שווערן אײַנדרוק, וואָס איז פאַרבליבן בא אים נאָכן געשפּרעך מיטן וולאַדיוואָסטאָקער. דערנאָך איז ער אוועק א קוק טאָן נעענטער, ווי גייט עס בא די טעניסיסטן.

נאָך אָונטערווט, שוין ליגנדיק אין בעט, האָט גרינבוים דערציילט אַרקאַדין וועגן זײַן געשפּרעך מיט ראָמאַן ניקאָלאַיעוויטשן. אַרקאַדי איז שוין אויך געלעגן אין בעט און געלייענט א בוך.

— ס׳איז א קאָמפּליצירטער איניען אָט די דאָזיקע פּראַגע, — מיטאַמאָל האָט ער אוועקגעלייגט דעם בוך און זיך א קער געטאָן צו גרינבוימען: — איר ווייסט, ווען כ׳האָב צום ערשטן מאָל מיט אָט דער פּראַגע זיך צונויפגעשטויסן?

—— ווען?

— כ׳בין געווען נאָך דעמלט גאָר א שנעק — א יאָר עלף, ניט מער.

— וויאַזוי זשע?

— ביז דעם האָב איך בכלל ניט פאַנאַנדערגעטיילט די מענטשן אַף נאַציעס. פאַראַן דען א כילעק צווישן איינעם און א צווייטן? א מענטש, און גאָר. נאָר איינמאָל בייס דעם גרויסער האַפּסאָקע האָב איך זיך צעפּאַטשט מיט א כעוורעמאַן פון מײַן קלאַס. סאַשקע לעוווטשענקאָ — טאַקע מײַנער א שאָכן אויך. איך האָב זיך מיט אים שטענדיק געכאַווערט, געשפּילט צוזאַמען אין קינדער־שפּילן, און דאָ, ווי עס טרעפט אמאָל, זיך צעפּאַטשט. איך בין געווען געזינטער, האָב איך אים אוועקגעלייגט. און דאָ, ליגנדיק אונטער מיר, האָט ער מיט אָנמעכטיקן קאַס מיר א געשריי געטאָן: „ייִדישער פאַרצעף״... דאָס איז געוועזן פאַר מיר אזוי אומגעריכט, אז צוערשט האָב איך ניט פאַרשטאַנען, צו ווענען האָט עס א שײַכעס... „דאָס זאָגסטו מיר?״ — האָב איך געפרעגט. „דו, דו, דו!״ — האָט ער מיט סינע אויסגעשריִען און נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט אָט די צוויי ווערטער. האָב איך אים דערלאַנגט נאָך א פּאָר פּליאַסק און בין אוועק. דער טאַטע איז פּונקט געווען אין דער היים דעמלט, בין איך צו צו אים, וויל אים פרעגן און קען ניט, די טרערן שטיקן מיך... „עמעצער האָט דיך געשלאָגן?״ — פרעגט ער. „ניין, — זאָג איך, — דאָס האָב איך געשלאָגן״. — „ווענען?״ — „סאַשקען״. — „טאָ זאָל סאַשקע וויינען, וואָס וויינסטו?״ — „סאַשקע האָט מיר געזאָגט... סאַשקע האָט מיר געזאָגט״... — און דאָ האָב איך אים דערציילט. דער טאַטע האָט א מאַך געטאָן: „מע דאַרף זיך ניט צוהערן צו קיין נאַרישע רייד״. — „פאַרוואָס אָבער האָט ער עס מיר געזאָגט?״ — „מיר זײַנען דאָך ייִדן״, — האָט געענטפערט דער טאַטע. „איז וואָס? — בין איך ניט אָפּגעשטאַנען. — זײַנען מיר דען ערגער פון אַנדערע?״ — „פאַרשטייסט זיך, אז ניין. ס׳איז א סאַך וועגן דעם צו ריידן״, — האָט געזאָגט דער טאַטע און געוואָלט מיר עפּעס דערקלערן, נאָר דאָ איז פּונקט אַרײַנגעקומען די מאַמע מיט אן ערשט געקויפטן צײַג אַף א נײַעם קלייד, גענומען

עס באוויַזן, מע האָט זיך פּארעדט. אפן אנדערן טאָג איז דער טאַטע אוועקגע־פאָרן, און אזוי האָט ער מיר טאקע גאָרניט דערקלערט. און אינווייניק אין מיר איז פאָרגעקומען אן איבערקערעניש. מיט מײַן קינדערשן מויעך האָב איך עס ניט געקאָנט באגרײַפן. האָב איך געפרעגט בא דער באָבען. האָט זי מיר דער־ציילט, אז אמאָל, בייסן צאריזם, פלעגן פאָרקומען פּאָגראָמען, ווען מע האָט געשלאָגן, געהארגעט ייִדן. שפּעטער, בייסן בירגערקריג, האָבן אזוינס געטאָן דעניקין, פּעטליורע... „געהארגעט נאָר דערפאר, ווײַל זיי זײַנען ייִדן?״ — האָב איך געפרעגט. „יאָ, מײַן קינד. דאָס זעלבע האָט נאָכדעם געטאָן היטלער. נאָר בא אונדז אין לאנד, — האָט צוגעגעבן די באָבע, — האָט לעניִן אײַנגעפירט, אז איין נאציע טאָר ניט באליידיקן קיין אנדערע. אלע — גלײַך״. „פארוואָס זשע סאשקע?״ — האָב איך ווידער געפרעגט. „מיסטאמע האָט ער געהערט פון זײַנע עלטערן״. — „אָבער זײַנע עלטערן זײַנען דאָך אויך שוין געבוירן נאָך דער רעוואָליוציע״, — האָב איך באמערקט. מיט א טיפן זיפץ האָט די באָבע געענט־פערט: „פאראן שלעק, וואָס מע קאָן לאנג פון זיי ניט פּאָטער ווערן״...

ארקאַדי איז אנשוויגן געוואָרן. גרינבוים האָט אויך געשוויגן. באם סאמע אויער האָט לאנג און נודנע געהודזשעט אן ארײַנגעפלויגענער קאָמאר. ארקאַדי האָט אים געוואָלט כאפּן, נאָר ווען ער האָט צעעפנט די דלאָניע, האָט זי זיך ארויסגעוויזן פּוסט.

— ווען איך בין עלטער געוואָרן, — האָט געזאָגט ארקאַדי, — האָב איך גע־נומען זוכן אן ענטפער אף אָט דער פראגע ניט באם טאַטן, ניט בא דער באָבען...

— בא וועמען זשע? — האָט גרינבוים געפרעגט.

— בא לענינען, בא גאָרקין...

— נו, און?..

— מיר זײַנען א סאך זאכן קלאָר געוואָרן.

— וואָס זשע?

— מיר איז קלאָר געוואָרן, אז א מענטש איז אין זײַן נאציאָנאליטעט ניט „שולדיק״, פּונקט ווי אין זײַן ראסן־אָנגעהעריקײַט, געשלעכט. פאַרן געבוירן ווערן פרעגט מען בא אים ניט, ווער וויל ער זײַן — א ווײַסער צי א שווארצער, א רוס צי א ייִד, א פרוי צי א מאנצבל. אזא איז ער געבוירן געוואָרן — אזא ראַ־סע, אזא נאציאָנאליטעט, אזא געשלעכט...

— איז דעריבער? — האָט גרינבוים געפרעגט.

— דעריבער איז, ערשטנס, ניט שײַעך צו שעמען זיך מיט דער נאציאָנאלי־טעט, ווי מע שעמט זיך ניט מיטן געשלעכט...

— און צווייטנס?

— צווייטנס, איז ניט שײַעך אויסצוווארפן עמעצן, האלעמײַ ער איז פון אזא נאציאָנאליטעט און ניט פון קיין אנדערער. און אוואדע איז ווילד צו פארפאָלגן מענטשן פאר זייער אָנגעהעריקײַט צו דער אָדער אנדערער נאציאָנאליטעט.

— נו, און כוץ דעם, פאר זיך אליין האָסטו געמאכט עפּעס אויספירן דער־פון? — האָט ווײַטער געפרעגט גרינבוים.

— געמאכט.

— כ׳וואָלט וועלן הערן — וועלכע?

— אָט: איך בין א ייִד, ווײַל מײַנע טאַטע־מאַמע זײַנען ייִדן. דאָס איז א פאקט. לייקענען אים, שעמען זיך דערמיט, אָדער, פארקערט, גרויסהאלטן זיך, איז ניט שײַעך, ווײַל דערין איז ניטאָ ניט מײַן פארדינסט און ניט מײַן שולד. אזא בין איך געבוירן געוואָרן. נאָר וויבאלד איך בין שוין יאָ געבוירן געוואָרן אזא, און ניט קיין אנדערער, דארף איך שעצן די ווירדע און דעם קאָוועד פון דער נאַ־ציאָנאליטעט, צו וועלכער כ׳געהער, ניט ווייניקער, ווי פון אלע אנדערע.

— וואָס הייסט עס?

— דאָס הייסט, איך דארף זיך סטארען אזוי לעבן, אזוי ארבעטן, אופירן, דאָס זאָל פארשאפן קאָוועד און ניט קיין אומקאָוועד דעם נאָמען ייִד, אויב איך בין א ייִד, און בעמיילע דעם נאָמען — מענטש.

— מײַנע ווערטער! — האָט זיך הייס א כאפ געטאָן סעמיאָן יעווסייעוויטש און האסטיק זיך אופגעזעצט אפן בעט. — מיט די ווערטער האָב איך הײַנט געענט־פערט אָט דעם... אָט דעם ראָמאן ניקאָלײַעוויטשן.

— וואָס זשע האָט ער אײַך געענטפערט?

— וועסט ניט טרעפן. ער האָט געזאָגט, אז איך בין... א ייִדנפײַנט.

— איר? — האָט ארקאדי זיך צעלאכט.

— יאָ.

זיי האָבןביידע א לענגערע ווײַלע געלאכט, און ווען זיי זײַנען אנשוויגן גע־וואָרן, האָבן זיי דערהערט, ווי עס זשומעט נודנע דער קאָמאר. ווי רייצנדיק זיך, איז ער צוגעפלויגן אָט צו איינעם, אָט צום אנדערן. ארקאדי האָט האסטיק פאר־קוועטשט די דלאָניע:

— געפאקט!.. — פאָרזיכטיק פאנאנדערגענומען די פינגער, די דלאָניע — פוסט. אויבן, הויך בא דער סטעליע, האָט נאָך לאנג געזשומעט דער זעלבער קאָמאר.

## 11

ארקאדי האָט אָנגעהויבן פארפאלן ווערן אין די אָוונטן. נאָך אָוונטברויט — ניטאָ. איינמאָל איז ער געקומען, ווען גרינבוים איז שוין געשלאָפן און האָט ניט געהערט. א צווייט מאָל האָט יענער זיך געמאכט ניט הערנדיק. צום דריטן מאָל האָט ער א פרעג געטאָן:

— ארקאדי, וואָס קומט עס פאָר?

— גאָרניט.

— אָבער פאָרט?

— גאָרניט.

— נו, נו, — האָט א מאך געטאָן גרינבוים און זיך אויסגעקערט מיטן פּאָנעם צו דער וואנט. — א גוטע נאכט, ארקאדי!

— א גוטע נאכט.

פונעם דיל ביז דער סטעליע האָט אין א ווײַלע ארום דאָס צימערל געציטערט פון א הילכיקן כראָפּען. נאָר ארקאדי איז ניט געשלאָפן ניט דערפאר, ווײַל דאָס כראָפּען האָט אים געשטערט. ער האָט געהערט דאָס כראָפּען, ווײַל ער איז ניט געשלאָפן. און שלאָפן האָט ער איצט ניט געקענט.

אף מאָרגן איז ער ניט געקומען נעכטיקן. דאָס האָט שוין סעמיאָן יעווסייע־וויטשן ניט אף קאטאָוועס באומרויִקט. מאלע וואָס? ער האָט אינמיטן דער נאכט געוואָלט אפילע קלינגען צו דער דעזשורנע פון סאנאטאָרי, נאָר האָט זיך בא־טראכט: ווער ווייסט, א יונגער באָכער, ער קען אים נאָך אמאָל אונטערפירן. האָט ער ניט געקלונגען. נאָר אליין שוין ניט צוגעמאכט מיט קיין אויג. ווו קאָן ער זײַן?

קאיאָר, ס'איז שוין געווען ליכטיק, האָט ארקאדי זיך ארײַנגעשטעלט. אף די שפּיץ פינגער צוגעגאנגען צו זײַן געלעגער און א פאל געטאָן אף דעם, ווי ער שטייט און גייט.

גרינבוים האָט ניט אויסגעהאלטן.

— ארקאדי, — האָט ער זיך אָנגערופן, — ס'געפעלט מיר ניט די מײַסע.

— וואָס פאר א מײַסע?

— ניט געקומען די גאנצע נאכט. כ'האָב ניט געוווּסט וואָס איבערצוטראכטן.

— וואָס זשע, כ׳בין א קליינינקער?
— מאלע וואָס...
— גאָרניט.
— אָבער פּאָרט?
— פּאָרט? איַיך, סעמיאָן יעווסייעוויטש, דארף אָט די מיַיסע דאפקע געפעלן.
— מיר?
— יאָ.
— פארוואָס?
— די גאנצע ציַיט האָט איר מיר אופגעוואָרפן, האלעמיַי איך פיר זיך צו ליַיטיש, גאָרניט ווי קיין יונגער באָכער, איז אָט...
— אף אזויפיל האָב איך ניט געמיינט.
— איך אליין האָב אויך ניט געמיינט, — האָט געזאָגט ארקאדי און א בעט געטאָן: — מיר וועלן ריידן וועגן דעם אן אנדערשמאָל, גוט? איצט וויל איך שלאָפן.
— גוט.
בייסן מיטיק האָט גרינבוים א קוק געטאָן צום שכיינישן טישל.
— עפּעס זע איך ניט די בלאָנדע.
ארקאדי האָט געשוויגן.
— געוויינלעך פארשפעטיקט זי ניט, — האָט גרינבוים באמערקט.
— זי וועט שוין מער ניט זיַין, — האָט געזאָגט ארקאדי.
— וואָס איז?
— אוועקגעפאָרן.
— פארענדיקט דעם טערמין?
— ניין, זי האָט נאָך געהאט עטלעכע טעג.
— טאָ וואָס זשע?
— אזוי.
מער האָט גרינבוים גאָרניט געפרעגט.
אין אָוונט איז ארקאדי מער אין ערגעץ ניט געגאנגען, געווען אין צימער. נאָר ער האָט ניט געלייענט ווי געוויינלעך. געלעגן אף זיַין געלעגער מיט פאר־קלעמטע הענט הינטערן קאָפּ און געקוקט אף דער סטעליע. גרינבוים אף זיַין געלעגער האָט עטלעכע מאָל אָפּגעלייגט און ווידער גענומען אין האנט א זשור־נאל, נאָר ער האָט אפילע אין אים ניט אריַינגעקוקט. ענדלעך האָט ער זיך אָנגערופן:
— ארקאדי...
— וואָס?
— איך פרעג בא דיר גאָרניט.
— גוט טוט איר.
— וואָס זשע?
— ווען איר פרעגט, וואָלט איך איַיך גאָרניט דערציילט.
— און אזוי?
— אזוי וועל איך איַיך עפּשער יאָ דערציילן, נאָר ניט איצט, אַן אנדערש־מאָל.
דערציילט האָט ער דעם זעלבן אָוונט.
...אלץ האָט זיך אָנגעהויבן פון דער עקסקורסיע אין דער נאָענטער יאם־שטאָט. גרינבוים איז דאן ניט געפאָרן, וויַיל ער האָט געפילט זיך ניט מיט אלע־מען. עס האָט זיך אזוי געמאכט, אז אן עלטערע פולע פרוי, וועלכע איז געזעסן אין אווטאָבוס אף די הינטערשטע ערטער לעבן ארקאדין, האָט זיך גענומען קלאָגן, אז איר איז ניט באקוועם, עס טרייסלט דאָ צו שטארק. די בלאָנדע, וועל־

כע איז געזעסן עטוואָס פון פאָרנט, האָט עס דערהערט און פאַרגעלייגט דער פרוי זיך בײַטן מיט די ערטער. יענע האָט זי באַדאַנקט, און די בלאָנדע האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן ארקאַדין. א שטיק וועג איז מען געפאָרן שווײַגנדיק. דערנאָך האָט זי געפרעגט:
— פאַרוואָס זײַט איר דאָ הײַנט אָן אײַער שטענדיקן באַגלייטער?
— ער פילט זיך ניט מיט אַלעמען.
— האָב איך, הייסט עס, אים צו פאַרדאַנקען? — האָט זי געזאָגט.
— איר — אים?
— יאָ.
— פאַרוואָס?
— ווען ער זאָל דאָ זײַן, ווי וואָלט איך געהאַט די מעגלעכקײַט זיך צוזעצן לעבן אײַך?
— דאָס איז אַזאַ גרויס גליק? — האָט ארקאַדי א לאַך געטאָן.
— מעגלעך, יאָ, — האָט די בלאָנדע ערנסט געענטפערט און א קוק געטאָן אים גלײַך אין די אויגן. ערשט איצט האָט ער באַמערקט (פריִער האָט ער זיך ניט צוגעקוקט), אַז די אויגן זײַנען בא איר ניט קיין בלָויע און ניט קיין גרויע, נאָר ווי פון א מין העלן אַש־קאָליר. פון אינווייניק פון די גרויסע שוואַרצאַפּלען קוקט ארויס בא איר עפּעס טיף טרויעריקס. אין דער רעגע, וואָס זי האָט געקוקט אויף אים, האָט אים, ניט צו וויסן פון וואָס, עפּעס פאַרקלעמט באַם האַרצן.
— פאַר אײַך איז עס ניט קיין גליק? — האָט זי געפרעגט.
פאַרשטייט זיך, ער האָט געדאַרפט ענטפערן, אַז יאָ, נאָר לײַגן האָט ער ניט געקאָנט. אָפּקומען, ווי מע טוט אין אַזעלכע פאַלן, מיט א וויץ? נאָר אין איר פראַגע האָט ער אויפגעכאַפּט עפּעס צו ערנסטס, ענטפערן דערויף מיט א וויץ וואָלט געווען ניט ערלעך. האָט ער געשוויגן.
— וואָס זשע שווײַגט איר? — האָט זי אין א ווײַלע ארום געפרעגט.
— גליק, פאַרשטייט איר, דאָס איז צו א גרויסער באַגריף. מע דאַרף זיך מיט אים ניט וואַרפן...
— אַהאַ, איך פאַרשטיי, — האָט זי א מאַך געטאָן, און ניט קלאָר איז געווען, צי פאַרשטייט זי טאַקע, וואָס ער מיינט, צי זי האָט דערבײַ אירן, אַן אייגענעם מיין. ביז מע איז געקומען אויפן אָרט, האָט מען מער ניט גערעדט, אויפמערקזאַם געהערט דעם גיד. באַם אַראָפּשטײַגן פון אַוטאָבוס אין שטאָט האָט די בלאָנדע גענומען ארקאַדין אונטער דער האַנט.
— איר האָט ניט קעגן, — האָט זי געפרעגט, — צו זײַן הײַנט מײַן קאַוואַלער?
— איך בין אָבער זייער א שלעכטער קאַוואַלער, — האָט ער איר געענטפערט.
— דאָס ווייס איך.
— און צווייטנס, האָב איך זייער פײַנט אָט דאָס וואָרט אַליין... נאָר אויב איר ווילט...
זײַנען זיי שוין די גאַנצע צײַט בײַס דער עקסקורסיע געווען צוזאַמען. אויף איינעם פון די שטאָטישע פּלעצער, בא אַן אַלטן דענקמאָל, ווען דער גיד האָט דערקלערט, ווער, ווען און וועמען עס האָט אָט דעם דענקמאָל געשטעלט, האָט זשאַנע (אַזוי האָט מען די בלאָנדע גערופן) געזאָגט:
— ארקאַדי, איר זײַט א ריכטיקער מענטש.
— וואָס הייסט עס? — האָט ער ניט פאַרשטאַנען.
— אויב ס׳איז אָנגעשריבן: „די גאַס דורכגיין אין דעם אָרט“, וועט איר זי אין קיין אַנדערן ניט דורכגיין?
— צו וואָס דאַרף מען — אין אַן אַנדערן?
— עס קאָן זיך דאָך מאַכן א סיבה.
— אויב א סיבה...

— און אויב אַן א סיבע?
— צו וואָס?
— און איך בין אַן אנדערע, — האָט זי א זאָג געטאָן, א וואָרף געבנדיק מיט די העל־בלאָנדע לאָקנס, — כ'האָב ביכלאל ניט ליב, מע זאָל מיר אָנווײַזן: דאָ שטיי, דאָ גיי. מיר ווילט זיך דאן דאפקע גיין און שטיין אין אַן אנדער אָרט.
— פאַרוואָס?
— גלאַט אַזוי.
— וואָס הייסט — גלאַט אַזוי?
— אפצולאָכעס! אײַך ווילט זיך קיינמאָל ניט עפּעס אופטאָן אפצולאָכעס?
— וועמען אפצולאָכעס?
— ניט וויכטיק וועמען, אמאָל אפילע זיך אליין.
ארקאַדי האָט א צוק געטאָן מיט אַן אקסל.
שפּעטער איז קלאָר געוואָרן, צוליב וואָס זי האָט עס געפרעגט. ווען די עקסקורסיע האָט זיך פאַרענדיקט און מע האָט זיך שוין געקליבן ארײַנזעצן אין אווטאָבוס, קעדיי פאָרן צוריק אין סאַנאַטאָריע, האָט זי פּלוצעם א זאָג געטאָן:
— איך האָב צו אײַך א ביטע...
— וואָס?
— נאָר איך האָב מוירע, אז איר וועט זי ניט אויספילן.
— ס'איז אַפּהענגיק וואָס...
— לאָמיר בלײַבן...
— ווי־אַזוי? ווו?
— נו, נאָך א ביסל, אַן דער עקסקורסיע, א גיי טאָן איבער דער שטאָט, — אין איר בליק, וואָס זי האָט אופגעהויבן צו אים, איז געווען דערבײַ אַזוינס, אז ארקאַדי האָט דערפילט: ער וועט איר ניט קענען אָפּזאָגן.
— גוט, — האָט ער א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.
— בראַוואָ, בראַוואָ! — האָט זי אונטערגעטאַנצט, פליעסקענדיק מיט די שמאָ־לע דלאָנקעלעך. — זײַט איר, ווײַזט זיך ארויס, גאָר ניט אַזא ריכטיקער מענטש...
— דאָס פירט איר מיך אראָפּ פון וועג, — האָט ער א שמייכל געטאָן.
— אָ, איך וועל אײַך ערשט אראָפּפירן, — האָט זי, א צופרידענע, אים א דראָע געטאָן מיט א פינגער.
דעם מאָסאָוויק, וואָס האָט באגלייט די עקסקורסיע, האָט ארקאַדי געזאָגט, אז זיי וועלן זיך אומקערן שפּעטער מיט דער עלעקטריטשקע, — און מע איז אוועק. באַרג־ארוף, באַרג־אראָפּ — די שטאָט איז געווען א באַרגיקע — דורך גאַסן און געסלעך, ביז זשאַנע האָט געזאָגט:
— מער קען איך ניט. איך פיל שוין ניט קיין פיס.
— לאָמיר זיך צוזעצן, — האָט ער פאָרגעלייגט.
זיי זײַנען פונקט געגאַנגען דורך א סקווער. אף זײַן גאַנצער לענג זײַנען אף די בענק געזעסן עלטערע לײַט, פענסיאָנערן, יונגיטשקע מאַמעס און אַלטע באָבעס מיט פאַרשיידנקאָליריקע קינדער־וועגעלעך. קיין ליידיקע בענק זײַנען ניט געווען, האָבן זשאַנע און ארקאַדי זיך צוגעזעצט אף איינער, ווו אפן אנדערן עק איז געזעסן אַן אלטיטשקער מיט א שקאַרמיצל. פון מאָל צו מאָל האָט ער א שאָט געטאָן פונעם שקאַרמיצל א ביסל הירזש, און צו אים זײַנען ראַשיק זיך צונויפגעפלויגן טשאַטעס טויבן פון די אַרומיקע ביימער.
— מיר וועלן אײַך ניט שטערן? — האָט זשאַנע געפרעגט באַם אלטיטשקן.
— אויב איר וועט ניט פאַנאַנדערטרײַבן מײַנע טויבן...
זשאַנע האָט זיך אוועקגעזעצט מיט דער פּלייצע צום אלטיטשקן און אָנגע־שטעלט אף ארקאַדין א שווײַגנדיקן בליק. געווען איז אין אָט דעם בליק אי

טרויעריקס, אי ווי א מין מאַנונג און נאָך עפּעס, וואָס ער האָט זיך אַליין ניט געקאָנט דערקלערן, וואָס איז עס אַזוינס.

זי האָט אַלץ געשוויגן, האָט ער געזאָגט:

— איר קוקט עפּעס די גאַנצע צײַט אויף מיר אַזוי, ווי אײַך זאָל עפּעס פון מיר אַרויסקומען...

— ריכטיק, — האָט זי געענטפערט, — ס'קומט אַרויס. — געזאָגט האָט זי עס שטיל, קוים עפענענדיק די ליפּן.

— אײַך — פון מיר?

— יאָ.

— וואָס זשע?

נאָך א ווײַלע האָט זי געקוקט אויף אים שווײַגנדיק און ענדלעך א זאָג געטאָן:

— ווו נעמען זיך אַזעלכע האַרצלאָזע מענטשן?

— ווי ווער? — האָט ער ניט פאַרשטאַנען.

— ווי איר.

— ווי איך?

— יאָ, יאָ, ווי איר. איר פאַרשטייט נאָך אַלץ ניט?

— ניין.

זי האָט אויפגעהויבן אויף אים א פײַנפולן בליק, און אירע אַש־קאַליריקע אויגן האָבן געגלאַנצט פון פײַכטקײַט.

— שוין צוויי וואָכן צײַט לאָז איך פון אײַך ניט אַראָפּ קיין אויג. ווו איר, דאָרט בין איך. און איר באַמערקט ניט. איך דערנידעריק זיך און פרעג בא אײַך, צי גייט איר ניט אין קלוב אויף טענץ, ענטפערט איר, אַז אײַך ווילט זיך ניט. זאָגט, ניט שוין זשע בין איך אַזאַ מיִעסע, אַזאַ ניט אינטערעסאַנטע פרוי?

— ווער זאָגט דען? — האָט ער געשטאַמלט, ניט פאַרשטייענדיק, פאַרוואָס קומען אים אָט די אַלע באַשולדיקונגען.

און זי:

— כ'פאַרשטיי, ס'איז ניט אָנשטענדיק, ניט גוט פון מײַן זײַט דאָס אַלץ, וואָס איך זאָג אײַך. נאָר מער קען איך ניט, — זי האָט זיך צעוויינט, און דורך טרערן: — כ'בין הײַנט געפאָרן מיט דער עקסקורסיע, ווײַל איר זײַט געפאָרן. און ווען די דיקע פרוי האָט זיך גענומען קלאָגן אויפן אָרט, האָב איך פאַרשטאַנען: הײַנט לייזט זיך מײַן גורל...

— זשאַנע, וואָס פאַר א גורל? ווענן וואָס רעדט איר? — ער האָט זי אָנגענומען בא דער האַנט, זײַן שטים איז געוואָרן ווייך. אים איז געווען א שאָד צו זען אירע טרערן, און ער האָט נאָך אַלץ ניט גאָר באַנומען, אין וואָס דאָ גייט, אַזוי /ווײַט איז ער געווען פון דעם, וואָס זי האָט גערעדט. — באַרויִקט זיך, זשאַנע...

— דאָס איז אַזאַ דערנידעריקונג פאַר א פרוי, — האָט זי פאַרגעזעצט דורך טרערן, — זאָגן דאָס אַלץ, וואָס איך זאָג אײַך. און איר — אַזאַ האַרצלאָזער. גאָר־ניט פילט איר ניט, גאָרניט פאַרשטייט איר ניט...

— אָבער וואָס דאַרף איך פאַרשטיין?

— איר דאַרפט פאַרשטיין, אַז מע האָט אײַך ליב, טשורבאַן וואָס איר זײַט...

— ליב? — האָט ער זיך פאַרכידעשט.

— יאָ, יאָ, יאָ!...

— אָבער... נאָר...

— כ'פאַרשטיי, וואָס איר ווילט זאָגן, — האָט זי זיך אָנגערופן, — איר האָט ניט ליב...

— ניין... יאָ, ס'הייסט, ניין... נאָר...

— מע דאַרף איצט מער גאָרניט זאָגן, — האָט זי אים א שעפּטשע געטאָן. — איר הערט? גאָרניט. מיר איז שוין גוט דערפון אַליין, וואָס איך האָב געזאָגט. קומט.

זיי האָבן זיך אופגעהויבן.

— מיר האָבן ניט געשטערט אײַערע טויבן? — האָט זשאַנע זיך א קער געטאָן צום אַלטיטשקן.

— ניין, — האָט יענער זיך צעלאַכט, — איר האָט אַליין געוואָרקעט, ווי די טײַבעלעך...

— איר האָט געהערט? — האָט זשאַנע א פרעג געטאָן.

— מע דאַרף דען הערן? ס'איז גענוג צו זען, — האָט געענטפערט דער אַלטיטשקער. — איך ווינטש אײַך גליק! — פּונעם, שקאַרמיצל האָט ער א שאָט געטאָן נאָך א ביסל הירזש, און מיט א פרייַלעכער פלאַטערניש האָט פון אַנטקעגנדיקן בוים זיך אַראָפּגעלאָזט בא זײַנע פיס א נײַע טשאַטשע טויבן.

אין סאַנאַטאָרי האָבן זיי זיך אומגעקערט שפּעט. מע האָט שוין געהאַלטן בא פאַרמאַכן די קאָרפּוסן אף באַנאַכט. אין דער טאָפּאָל־אַלייע האָט זי אים פעסט אַרומגענומען און א קוש געטאָן. ער האָט זיך א נייג געטאָן, זי האָט געמיינט, ער וויל זי אויך א קוש טאָן, האָט זי א מאַך געטאָן מיט דער האַנט „מע דאַרף ניט!" און איז אַוועקגעלאָפן צו זיך אין קאָרפּוס.

אף מאָרגן זײַנען זיי צוזאַמען געווען אַפן פּליאַזש, צוזאַמען געשפּילט אין טעניס, נאָך אָונטערברויט לאַנג שפּאַצירט. מע האָט גערעדט וועגן פאַרשיידענע זאַכן. נאָר טאָמער האָט זיך איר געדאַכט, אז ער וויל זיך אומקערן צו זייער נעכטיקן געשפּרעך אין סקווער, האָט זי אַפּגיך צוגעלייגט איר שמאָלינק דלאָנקעלע צו זײַנע ליפּן.

— מע דאַרף ניט. שווײַג. מיר איז גוט אַזוי...

אומבאַמערקט זײַנען זיי אַריבער אף „דו". ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז זיי זײַנען אין איינע יאָרן, זי איז אַפילע אף א פּאָר כאַדאָשים עלטער. אים האָט עס זייער פאַרכידעשט. ניט הויך, גראַציעז, האָט זי אויסגעזען אין אירע לײַן־ווײַסע לאָקנס א סאַך יינגער — קימאַט א מיידעלע, א קיינעוודיק, שטיפעריש מיידעלע. זי האָט די גאַנצע צײַט געלאַכט, דערציילט פאַרשיידענע געשיכטעס, געווען אופגעלייגט. און אים האָט וואָס ווײַטער אַלץ מער באַהערשט א שווער געפיל, ווי ער זאָל אין עפּעס זיך האָבן שטאַרק פאַרשולדיקט... באַזונדערס האָט אָט דאָס געפיל זיך פאַרשטאַרקט, ווען זי האָט אים געניוער דערציילט וועגן זיך. ווײַזט זיך אַרויס, זי איז א כאַסענע געהאַטע.

— דאָס כידעשט דיך? — האָט זי געפרעגט, באַמערקט זײַן בליק.

— ניין, — האָט ער זיך עטוואָס פאַרלוירן. — כ'האָב פּאַשעט וועגן דעם ניט געטראַכט. נאָר אַפן אויסזען ביסטו נאָך אַזוי יונג... און אַזוי לײַכטזיניק, — האָט ער צוגעגעבן, — אז כ'האָב זיך בעעמעס ניט פאָרגעשטעלט...

— דאָס געפעלט מיר דאַפקע, — האָט זי זיך צעלאַכט.

— און — א קינד?

— פאַרשטייט זיך. א טעכטערל, סאַשענקע. זי האָט שוין פאַרענדיקט דעם ערשטן קלאַס. מיך האָט מען אויסגעכאַפּט, ווען איך בין נאָך קיין פולע אכצן ניט אַלט געווען...

— ווער איז דער מאַן?

— אָ, א וואַזשנער, א שטרענגער אַזאַ... מיט וואָנצעס.

— עלטער פון דיר?

— אף צען יאָר.

— וואָס טוט ער?

— א קאָנסטרוקטאָר אף א זאַוואָד.

— האָסט אים ליב געהאַט?

— וואָס האָב איך פאַרשטאַנען אין ליבע? דעמלט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז יאָ.

— און איצט?

— איצט האָט זיך מיר אופגעהערט דאַכטן.

— וואָלסט זיך מיט אים פאַנאַנדערגעגאַנגען?

— יאָ.

— און דאָס קינד?

— דאָס קינד וועט בלײַבן מיט מיר און מײַן מאַמען.

— האָסט אַ מאַמע אויך?

— ווי זשע? זי קוקט נאָכן קינד.

אין דער טאָפּאָל־אַלייע זײַנען געשטאַנען בענק. לעבן איינער זײַנען זיי גראָד דורכגעגאַנגען.

— מירן זיך צוזעצן? — האָט געפרעגט אַרקאַדי.

— יאָ, מיר שפּאַצירן שוין לאַנג, — האָט געענטפערט זשאַנע.

זיי האָבן זיך צוגעזעצט.

— און ווי וועט זײַן, — האָט, פאַרזעצנדיק דעם געשפּרעך, געפרעגט אַרקאַ־די, — אויב דער אַנדערער, וואָס צוליב אים וועסטו זיך צעגיין מיטן מאַן, וועט דאָס קינד ניט וועלן?

— וואָס הייסט?

— פּאַשעט: דיך, וועט ער זאָגן, דאַרף איך, און דאָס קינד ניט. און די מאַמע אויך ניט.

— ער קאָן אַזוי ניט זאָגן.

— פאַרוואָס? דו קענסט אים דען? ווייסט, וואָס פאַר אַ מענטש ער איז?

— אָט דו... דו וואָלסט אַזוי געזאָגט? — האָט זשאַנע אים איבערגעשלאָגן.

— און וואָס ווייסטו וועגן מיר? דו קענסט מיך דען?

— איך דאַרף דיך ניט קענען. איך האָב דיך ליב! — האָט זיך אַרויסגעריסן באַ איר.

— נו, גוט, — האָט ער געזאָגט. — איבעראיאָר וועסטו קומען אין אַן אַנדער סאַנאַטאָרי, נאָך עמעצן באַגעגענען, און דיר וועט זיך אויסווײַזן, אַז דו האָסט יענעם ליב...

— מיר וועט זיך מער ניט אויסווײַזן, — האָט זי געענטפערט, און אַ שטרעק געטאָן צו אים די הענט. ער האָט פאָרזיכטיק די הענט פון זיך אָפּגעווענדט און געזאָגט:

— זשאַנע, מיר זײַנען ניט קיין קינדער. מיר האָבן ניט קיין רעכט צו זײַן לײַכטזיניק. איך וועל זיך באַלד אופהייבן און אַוועקגיין. דערנאָך וועסטו אַוועק־גיין. אין אַן אַנדער זײַט. מער וועלן מיר זיך ניט באַגעגענען.

— פאַרוואָס? — האָט זי אַ צי געטאָן זיך צו אים.

ער האָט זיך שוין געהאַט אופגעהויבן, האָט ער זיך ווידער צוגעזעצט.

— איך וויל ניט זײַן דער שולדיקער אין אַ פאַמיליען־טראַגעדיע, — האָט ער געזאָגט, — איך ווייס ניט, ווי דײַן מאַן, נאָר די טאָכטער און די מאַמע זײַנען דאָך אַוודע גאָרניט שולדיק.

— דאָס איז אַלץ, וואָס דו קאָנסט מיר זאָגן?

— יאָ.

ער האָט זיך אופגעהויבן. זי האָט אים אַ צי געטאָן באַ דער האַנט און צוריק אַוועקגעזעצט לעבן זיך.

— אויב אַזוי... אויב אַזוי, זאָג מיר צו איינס...

— וואָס?

— מיר איז נאָך געבליבן א וואָך צײַט צו זײַן דאָ. שענק מיר די דאָזיקע וואָך. זײַ מיט מיר...

— ניין.

— כ'האָב געוווּסט, — האָט זי שטיל, ווי פאר זיך, א זאָג געטאָן. — ביסט פון די מענטשן, וואָס גייען דורך די גאס נאָר אין דעם אָרט, ווו ס'איז דערלויבט.

— פארשטיי, ווי דו ווילסט.

זי האָט לאנג געשוויגן. ער האָט אויך געשוויגן. געוואָלט זיך אופהייבן, אוועקגיין און ניט געקאָנט. ווי אמאָל צו זאָיען, האָט זיך דערוועקט אין אים א מאָדנע ראכמאָנעס־געפיל צו אָט דער קליינינקער לײַכטזיניקער פרוי. מיט זאָיען האָט ער ניט געוווּסט, איצט איז אים קלאָר געווען, אז ס'איז ניט מער ווי ראכמאָנעס, און דאָך איז ער ניט אוועקגעגאנגען.

— נו, גוט, — האָט זי געזאָגט, — מאָרגן... שענק מיר דעם מאָרגנדיקן טאָג... איבערמאָרגן פאָר איך אוועק... — זי האָט דערפילט, אז באלד וועלן בא איר א שפריץ טאָן טרערן, האָט זי זיך אופגעכאפּט און אנטלאָפן. ארקאדי איז געבליבן זיצן אף דער באנק. ער האָט ניט פארשטאנען, וואָס קומט מיט איר פאָר. איז זי טאקע אין אים פארליבט? און ער? ער פארשטייט ניט איר געפיל, ניט פייִיק צו באנעמען עס? איז זי, אויב אזוי, ניט לײַכטזיניק, ווי אים דאכט זיך, נאָר פארקערט, — א מענטש, וואָס איז פייִיק אף א שטארקן געפיל, פייִיק צוליב אָט דעם געפיל א סאך מאקריוו זײַן... און ער? ער באנעמט עס פּאָשעט ניט. פארדינט ער דען, אויב אזוי, אזא ליבע, איז ער זי ווערט?

אף מאָרגן זײַנען זיי ווידער געווען צוזאמען. גלײַך נאָכן פרישטיק איז מען אוועק אין די וועלדלעך, ווײַט פונעם סאנאטאָרי, ווו מע טרעפט קימאט קיין מענטשן ניט. געשפּאנט, גערעדט, געשוויגן. צו מיטיק און צו אָוונטברויט האָבן זיי אין סאנאטאָרי זיך ניט אומגעקערט, ניט געפילט קיין הונגער און קיין מידקײַט.

— דעם היינטיקן טאָג, — האָט זי געזאָגט, — וועל איך אוועקטראָגן מיט זיך אפן גאנצן לעבן. דעם היינטיקן און די פאָריקע נאָך דער עקסקורסיע. א דאנק דיר פאר אָט די גאָלדענע טעג. דו ווייסט ניט, — ניין, דו ווייסט ניט, וואָס זיי באטײַטן פאר מיר...

ער האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן איר דערויף. ער האָט נאָר געפילט, ווי איר גאנצער וועזן איז אויסערגעוויינלעך אופגעברויזט, און אָט דער ברויז האָט אף א מאָדנעם אויפן זיך איבערגעגעבן אויך צו אים... עטלעכע מאָל האָבן זיי זיך שוין געהאט געזעגנט, נאָר ניט בעקויעך זיך פאנאנדערצוגיין, נאָכאמאָל געבליבן צוזאמען, נאָכאמאָל געגאנגען, געשוויגן, גערעדט. ביז זי האָט אים אָפּגעשטעלט צופוסנס פון א פארנאכטלעך־טונקלענדיקן בערגל.

— דער היינטיקער טאָג, — האָט זי געזאָגט, — איז מײַנער. — איר פּאָנעם האָט העל געלויכטן אין דער טונקל מיט עפּעס א טיפער אינערלעכער שײַן. — ס'איז מײַן טאָג, — האָט זי איבערגעכאזערט, — און איך וויל, אז אין דעם טאָג זאָל פאָרקומען אלץ, אלץ...

אף מאָרגן איז זי אוועקגעפאָרן.

12

אף איינעם פון די קירצערע טערענקורן, וועלכע זײַנען אָנגעמערקט פאר עלטערע לײַט, האָט סעמיאָן יעווסייעוויטש דערזען דעם וולאדיוואָסטאָקער. יענער איז געגאנגען אנטקעגן. נאָר ער איז נאָך געווען ווײַטלעך, און דער ערשטער געדאנק בא סעמיאָן יעווסייעוויטשן — אָפּקערן אין א זײַט. דער דאָזיקער ייִד

האָט נאָך יענער אומגעריכטער באַגעגעניש איבערגעלאָזט בא אים ניט קיין גוטן איַינדרוק, און ס'האָט זיך ניט געוואָלט איצט נאָכאַמאָל מיט אים באַגעגענען.

ס'איז געווען נאָך פרישטיק. פאַרטאָג איז דורכגעגאַנגען אַ רעגן, די ביימער האָבן שעמערירט מיט פאַכטן געבלעטער, יעדער טיילעכל לופט איז געווען דורכ־געוועבט מיט שיַין, דורכגעזאַפּט מיט פרישקיַיט, עס האָט זיך געשמעקט מעכיַי־עדיק ליַיכט און ליַיכט איז געווען אַפן האַרצן. די ראַיווינעס אין קאָפּ זיַינען אויך געווען ליַיכטע, פאַרביַישוועבנדיקע, קימאַט ניט אָנצוכאַפּן, אַט ווי אין הימל די וואָלקנדלעך — איינס פונעם אַנדערן ריַיסן זיי זיך אָפּ, גייען זיך ווידער צונויף און פאַרשווינדן אין דער הייך... ווען מע טוט אַ פרעג בא סעמיאָן יעווסייעוויטשן, וועגן וואָס קלערט ער אין אַט די מינוטן, וואָלט ער ניט געקאָנט ענטפערן. נאָר ס'איז אים געווען גוט, ליַיכט. און מיטאַמאָל אָט דער דאָזיקער. אָפּקערן אין אַ זיַיט? נאָר מיסטאַמע האָט יענער אים שוין באַמערקט און קען נאָך אַ טראַכט טאָן ווער ווייסט וואָס. זיך ניט ווויסנדיק מאַכן? ניט באַקוועם. און עפּשער וועט יענער גאָר אויך זיך מאַכן ניט ווויסנדיק? ער, גרינבוים, האָט אים דעמלט ניש־קאָשע אַריַינגעזאָגט...

— שאָלעם אַלייכעם! — דער וולאַדיוואָסטאָקער, ווי עס זאָל גאָרניט געווען געשען, איז שוין געשטאַנען קעגן אים.

— אַלייכעם שאָלעם, רעב ניקאָלאַיַ ראָמאַנאָוויטש, — האָט געענטפערט גרינ־בוים.

— אַנטשולדיקט, ניט ניקאָלאַיַ ראָמאַנאָוויטש, נאָר ראָמאַן ניקאָלאַיַעוויטש.

— כ'געדענק, אַז עס שמעקט עפּעס מיטן רוסישן קייסער, נאָר וואָס פריִער, וואָס שפּעטער, פאַרגעסן, זיַיט מויכל!

— איך זע, איר זיַיט אַ מענטש, וואָס האָט ליב צו טריַיבן לעצאָנעס.

— ניין, ס'איז פּאַשעט געקומען צו רייד.

— איך בעט איַיך, איר זאָלט אַף מיר ניט האָבן קיין פּאַריבל, — האָט דער וולאַדיוואָסטאָקער געזאָגט.

— פאַרוואָס פּאַריבל?

— כ'ווייס, כ'האָב איַיך עפּשער באַליידיקט.

— מיט וואָס?

— כ'האָב איַיך אָנגערופן, אַנטשולדיקט מיר, מיט אַ שלעכט וואָרט...

— מאַלע וואָס. איך האָב איַיך אויך, דאַכט זיך, געזאָגט אַ פּאָר פּריקרע ווער־טער.

— זיַינען מיר קוויט?

— קוויט.

— ביכלאַל וואָלט איך אַף איַיך זיך יאָ געזאָלט באַליידיקן, — האָט געזאָגט ראָמאַן ניקאָלאַיַעוויטש, לאָזנדיק זיך גיין באַנאַנד מיט גרינבוימען. — נאָר וואָס איז שיַיעך, אַז ס'איז ניטאָ מיט וועמען אויסריידן אַ ייִדיש וואָרט.

— און אין דער היים? — האָט גרינבוים געפרעגט.

— וואָס — אין דער היים? איך לעב בא אַ טאָכטער. בא איר איז אַ רוסישער מאַן. און זי אַליין קען קיין וואָרט ייִדיש ניט.

— מיסטאַמע קען זי ניט דערפאַר, — האָט גרינבוים באַמערקט, — וויַיל בא איַיך אין דער היים האָט מען אויך קיין ייִדיש ניט גערעדט?

— נו, יאָ, אַלע יאָרן געלעבט אין לענינגראַד, ווילט איר ייִדיש?

— און איצט האָט איר זיך פאַרבענקט נאָך מאַמע־לאָשן?

— וואָס קומט אָבער אַרויס, — האָט ראָמאַן ניקאָלאַיַעוויטש זיך אָנגערופן, — אַז ס'איז אויס ייִדישקיַיט. אויס!

— וואָס הייסט בַּאַ איַיך „אויס ייִדישקיַיט”?

— איר האָט ניט קעגן, מיר זאָלן זיך א ביסל צוזעצן? — האָט געזאָגט ראָמאַן ניקאָלײַעוויטש. — אף דער עלטער דינען עפּעס שלעכט די פיס.
— מאכטייסע.
— איר רייכערט? — האָט ראָמאַן ניקאָלײַעוויטש געפרעגט.
— געוואָרפן. שוין לאנג.
— און איך קען ניט. וויפל די דאָקטער — זי איז א דאָקטערן — האָט מיט מיר צו טאָן, העלפט ניט.
ער האָט ארויסגעצויגן פון א גלאנציק פּעקל א פילטרירטע סיגארעט, צוגע־טראָגן א צינד־מאשינדל און פאררייכערט.
— איר פרעגט, — האָט ער געזאָגט, אָפּטרײַבנדיק דעם רויך, — וואָס הייסט „אויס יידישקײַט”? וואָס זשע, איר ווייסט אליין ניט, אז ס'איז אויס?
— אין וואָס באשטייט אײַער יידישקײַט?
— אין דעם, וואָס אײַערס. יידישקײַט — דאָס איז טויזנט זאכן...
— אשטייגער?
— אשטייגער? מינהאָגים, מידעס, טראדיציעס. וואָס הייסט, איר פרעגט גאָר? און כוץ דעם, א יידן האָט מען שטענדיק געקאָנט דערקענען פאר א מײַל. און איצט? ווען איך האָב אײַך צום ערשטן מאָל דאָ אין סאנאטאָרי דערזען, האָב איך זיך לאנג געשלאָגן מיט דער דייע, צוגיין אָדער ניט צוגיין? עפּעס האָט איר מיר יאָ אויסגעזען און ניט אויסגעזען ווי א ייד. דער ייד אונדזערער טייל̤ט זיך דאָך אָפּט מיט גאָרניט אויס פון אנדערע. ווו זשע איז אהינגעקומען אונדזער אייגנארט?
— אונדזער נאציאָנאלער אייגנארט? — גרינבוים האָט אָפּגעטריבן דעם רויך, וואָס האָט אף אים א טראָג געטאָן, — יאָ, אמאָל האָט מען א יידן געקאָנט דער־קענען פאר א מײַל. וואָס זײַנען ווערט געווען די באָרד און פייעס, די קאפּאָטע... אומזיסט אָבער מיינט איר, אז יידן האָבן איצט ניט זייער אייגנארט?
— אין וואָס באשטייט ער, דער נײַער נאציאָנאלער אייגנארט אײַ־ערער?
— אין דעם, וואָס יידן טיילן זיך ניט אויס צווישן אנדערע פעלקער, וואָס זיי זײַנען מיט אלעמען גלײַך.
— איר מיינט אזוי? — האָט נאָך א לאנגן טראכטן א פרעג געטאָן ראָמאַן ני־קאָלײַעוויטש.
— ווײַל אזוי איז עס, — האָט געענטפערט גרינבוים, — און גוט, וואָס עס איז אזוי.
— נו, רעכט, — האָט אין א ווײַלע ארום זיך אָנגערופן ראָמאַן ניקאָלײַע־וויטש, — פייעס, קאפּאָטעס — דאָס איז רעליגיעזער שימל, אלטווארג, ס'האָט אָפּ־געלעבט. אָבער אָט וויל איך לייענען א יידיש וואָרט...
— ווו ווילט איר עס לייענען?
— וואָס הייסט ווו. אין א צײַטונג, אין א ביכל, אין א זשורנאל...
— ווער זשע לאָזט אײַך ניט?
— וואָס הייסט ווער? ס'איז דען בענימצע?
— ע, רעב ייד, שטייט איר דאָך אָפּ פון לעבן, און טאקע היפּש, — האָט א מאך געטאָן גרינבוים.
— איר ווילט עפּשער זאָגן, — האָט יענער זיך א כאפּ געטאָן, — אז ס'איז יאָ פאראן?
— ווי זשע!
— פאראן א יידישע צײַטונג?
— פאראן.
— ווו דערשײַנט זי, ווען איר מיר עפּשער זאָגן?

— וואָס הייסט ווו? אין ביראָבידזשאַן.
— אין ביראָבידזשאַן?
— „ביראָבידזשאַנער שטערן״ — אזוי הייסט די צײַטונג. נו, און אז עס דער־שײַנט בא אונדז א ייִדישער זשורנאַל, ווייסט איר?
— א זשורנאַל? ווו?
— אין מאָסקווע.
— אין מאָסקווע? א ייִדישער זשורנאַל?
— „סאָוועטיש היימלאַנד״ הייסט ער, און עס דרוקן זיך אין אים ייִדישע שרײַבער.
— פאַראַן ייִדישע שרײַבער?
סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט א ווײַלע באַטראַכט זײַן מיטשפּרעכער און גע־זאָגט:
— אָט קוק איך אף אײַך, רעב ייִד, און טראַכט... ווייסט איר, וואָס איך טראַכט?
— זאָגט, וועל איך וויסן.
— איר וועט זיך אף מיר ניט באַליידיקן?
— וואָס איז שײַעך...
— איך קוק אף אײַך און טראַכט: אין וואָס באַשטייט איינער פון אונדזערע גרויסע אומגליקן...
— וועמעס אונדזערע?
— כ׳מיין, איינער פון אונדזערע נאַציאָנאַלע ייִדישע אומגליקן... ער באַשטייט אין דעם, — באַליידיקט זיך נאָר ניט, כ׳וועל אײַך זאָגן אָפן, וואָס איך טראַכט... ער באַשטייט אין דעם, וואָס מיר האָבן אַזעלכע ייִדן, ווי איר...
— אַוועלכע — אַזעלכע?
— אָט אַזעלכע, וואָס בענקען נאָך נאַציאָנאַלן אייגנאַרט און בײַטן די נעמען, מע זאָל זיי, כאָלילע, ניט דערקענען. וואָס ווילן, עס זאָלן דערשײַנען ייִדישע צײַטונגען, ביכער, זשורנאַלן, נאָר אויסשרײַבן און לייענען זאָלן זיי אַנ־דערע...
א לענגערע ווײַלע האָבןביידע געשוויגן. דערנאָך האָט ראָמאַן ניקאָלײַעוויטש מיטאַמאָל א פרעג געטאָן:
— איר לעבט שוין לאַנג אין ביראָבידזשאַן?
— פונעם ערשטן טאָג, זינט ביראָבידזשאַן האָט זיך אָנגעהויבן.
— אויב אזוי, באַליידיק איך זיך אף אײַך ניט. אויב אזוי, האָט איר רעכט...
זיי האָבן זיך אופגעהויבן און זײַנען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין פאַרשיידע־נע זײַטן.

צוויי אומגעריכטקײַטן האָבן דערוואַרט סעמיאָן יעווסייעוויטשן, ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין סאַנאַטאָרי: איינע אָן אָנגענעמע — א בריוו מיט א באַנדע־ראָל פון דער היים; די צווייטע — אַרקאַדי סטאַנאָווסקי האָט זיך געקליבן אין וועג. ווען גרינבוים איז אַרײַנגעקומען אין צימער, האָט יענער שוין פאַרצויגן דעם צווייטן פאַס פון זײַן ניט גרויסן לעדערנעם טשעמאָדאַן.
— וואָס טוסטו, אַרקאַדי? — האָט גרינבוים געפרעגט.
— איר זעט דען ניט?
— ביסט דאָך געקומען אהער שפּעטער פון מיר?
— איז וואָס? און אוועקפאָרן וועל איך פריִער.
— נאָך וועמען האָסטו זיך עס פאַרבענקט?

— וואָס זשע, ניטאָ נאָך וועמען?
— אשטייגער?
— אשטייגער, נאָך די כעוורע פון בריגאַדע, נאָך דער ארבעט.— און צוגעגעבן, פאַרענדיק זיך באַם טשעמאָדאַן.— איר ווייסט גאָר ניט, וואָס פאַר א כֶעווּרע בא מיר אין בריגאַדע. ערשטנס, אן עמעסער אינטערנאַציאָנאַל: פינף פאַרשוין — פינף נאַציאָנאַליטעטן. און לעבן, ווי ברידער. וואָס זאָג איך — לײַבלעכע ברידער לעבן זיך אמאָל אזוי ניט צונויף, ווי מיר. איינער פארן אנדערן איז גרייט אין פײַער און אין וואסער.
— און קיינער טיילט זיך פון קיינעם מיט גאָרניט אויס? — האָט געפרעגט גרינבוים.
— צו וואָס?
— אין וואָס זשע באַשטייט, אויב אזוי, דער נאַציאָנאַלער אייגנארט פון יעדערן פון אײַך?
ארקאַדי האָט א קוק געטאָן אף זײַן שאָכן:
— עפּעס פארשטיי איך אײַך הײַנט ניט, סעמיאָן יעװסייעוויטש.
— פארשטייסט ניט? — האָט יענער געזאָגט, איבערטוענדיק זיך אין דער פיזשאַמע.— איך האָב ערשט־אָ געהאַט א ציקאַווע געשפּרעך.
— מיט וועמען?
— מיט דעם ייִדן פון װלאַדיװאָסטאָק, געדענקסט, כ׳האָב דיר דערציילט?
— דער, וואָס האָט אײַך אָנגערופן ייִדנפּײַנט? — האָט ארקאַדי זיך צעלאַכט.
— יאָ, יאָ. דער. פארן אָנרופן מיך מיטן דאָזיקן וואָרט האָט ער, אגעווו, זיך אנטשולדיקט. נאָר ער האָט פון מיר געכאַפּט א פּסאַק פאַר עפּעס אנדערש...
— פאַרוואָס זשע?
— ער איז ארויס מיט א גאַנצער „טעאָריע”: אמאָל, זאָגט ער, האָבן ייִדן געהאַט זייער נאַציאָנאַלן אייגנארט, ספּעציפישע סימאָנים, וואָס לויט זיי האָט מען געקאָנט דערקענען א ייִדן פאַר א מײַל. איצט זײַנען אָט די סימאָנים ניטאָ. גוט, זאָג איך, וואָס ניטאָ. איצט באַשטייט אונדזער נאַציאָנאַלער אייגנארט אין דעם, וואָס מיר טיילן זיך ניט אויס צווישן אנדערע, ווײַל מיר זײַנען מיט אלעמען גלײַך. איך וואָלט אים טאַקע געדאַרפט ברענגען פאַר א בײַשפּיל דיך און דײַן בריגאַדע.
גרינבוים האָט בייסמײַסע פאַנאַנדערגענומען דאָס גראָבע פּאַק־פּאַפּיר פון דער באַנדעראָל און ארויסגעצויגן פון דאָרט א לענגלעך ביכל אין העל־קאָלירטע טאָוולען.
— א שאָד,— האָט ער געזאָגט,— וואָס כ׳האָב עס ניט באַקומען פריִער און ניט געקאָנט באַווײַזן יענעם ייִדן.
— וואָס איז עס? — האָט געפרעגט ארקאַדי.
— דאָס איז אונדזער ייִדישער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד”.
— איר שרײַבט אים אויס?
— יאָ, באַלד שוין פופצן יאָר.
— און איר לייענט אים?
— א פראַגע! איך קען זיך ניט דערוואַרטן אף יעדן נײַעם נומער. אין דער היים בא מיר ווייסט מען עס, און זעסט, ווי נאָר דער נומער איז אָנגעקומען, האָט מען מיר אים גלײַך אריבערגעשיקט אהער. לייענען, ארקאַדי, איז מײַן לעבן. די בילדונג איז בא מיר א קנאַפּע. נאָך ארײַנגעכאַפּט א ביסל כיידער, דערנאָך זיבן גרופּעס פון א ייִדישער שול, ניט מער. אלץ, וואָס איך ווייס, ווייס איך פון

ביכער, א גאנץ לעבן, ווי נאָר א פּריַיע מינוט, לייען איך. אפילו אפן פראָנט האָב איך אין רוקזעקל געטראָגן מיט זיך צוויי ביכער.

— וועלכע?

— „וויאַזוי עס פאַרהאַרטעוועט זיך שטאָל” ניקאָלײַ אָסטראָווסקיס און שאָ־לעם־אַלייכעמס א ביכל.

— וועלכס?

— „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס”. און דו ווייסט, אָט דער „מאָטל” האָט מיר געראַטעוועט דאָס לעבן.

— וויאַזוי?

— בייס א לופט־באָמבאַרדירונג האָט אין בוך געטראָפן א באָמבע־שפּליטער. ווען ניט ער, וואָלט דער שפּליטער דערלאַנגט אין מיר. אַזוי אז ער איז אַן עמעסער סאָלדאַט, „מאָטל”. אין מײַן ביכער־שאַפע שטייט ער איצט פונויבנאָן...

סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט זיך צוגעזעצט, מיט די אויגן דורכגעלאָפן דעם בריוו, וואָס ער האָט באַקומען, און דערלאַנגט אים אַרקאַדין.

— נאַ, זע, ווי מײַן אייניקל שרײַבט, — פּערל־קסאַוו...

אַרקאַדי האָט גענומען דאָס בלעטל, א קוק געטאָן.

— ס'איז די, וואָס האָט פאַרענדיקט דעם מעדיצינישן?

— יאָ.

— לעבט זי בא אײַך?

— יאָ.

— פאַרוואָס ניט מיט די עלטערן?

— די עלטערן אירע — מײַן זון מיט דער שנור — האָבן זיך דאָ ניט לאַנג אַריבערגעצויגן קיין כאַבאַראָווסק. ווען די טאָכטער זייערע האָט פאַרענדיקט דעם אינסטיטוט, האָט מען זי געשיקט אַרבעטן קיין ביראָבידזשאַן. איז ווו זאָל זי דאָרט לעבן, אויב ניט באַם זיידן מיט דער באָבען? און מיר זײַנען דאָך איצט פאַרבליבן דיד דא באַבא, איז אונדז היימלעכער מיט איר. און ליב האָט זי אונדז, פרעג ניט! א טײַער קינד...

אומקערנדיק דעם בריוו, האָט אַרקאַדי געזאָגט:

— צוויי שורעס האָב איך ניט פאַנאַנדערגעקליבן — די ערשטע און די לעצטע, עפּעס זײַנען זיי מאָדנע אָנגעשריבן.

— פאַרוואָס מאָדנע? — האָט געפרעגט גרינבוים. — זיי זײַנען אָנגעשריבן אויף ייִדיש.

— אײַער אייניקל קען ייִדיש?

— זי איז צוגעשטאַנען — זי וויל זיך אויסלערנען. זי זעט, איך לייען א ייִדי־שע צײַטונג, א זשורנאַל, וויל זי אויך.

— האָט איר זי אויסגעלערנט?

— באַוויזן דעם אַלעפבייס, ס'איז ניט שווער, און זי האָט אָנגעהויבן צוביס־לעך לייענען...

— און שרײַבן אויך? — האָט געפרעגט אַרקאַדי.

— ניין, שרײַבן קען זי דערווײַל נאָר אָט די צוויי שורעס, וואָס דו זעסט אין בריוו.

— וואָס באַטײַטן זיי?

— די ערשטע: „טײַערער זיידע!”

— און די לעצטע?

— „זײַ געזונט, זיידע!”

— כ'בין מעקאַנע אײַער אייניקל, — האָט געזאָגט אַרקאַדי.

— אף וואָס ביסטו זי מעקאַנע?

— אפן זיידן. כ׳וואָלט אויך וועלן האָבן אזא...
סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט א ווײַלע שווײַגנדיק געקוקט אף ארקאדין און שטיל א זאָג געטאָן:
— ווילסט? רעכן, אז דו האָסט אים...
געזעגנט האָבן זיי זיך ווי ריכטיקע קרויווים. גרינבוים האָט באגלייט ארקאַדין צום וואָקזאל.
— דעם אדרעס געדענקסטו? — האָט ער געזאָגט, ווען ס׳איז צוגעקומען דער צוג.
— ווי זשע? דעם אדרעס און דעם טעלעפאָן.
— ווי נאָר כ׳וועל אהיימקומען, כאפּ זיך ארײַן.
— גוט, — האָט געענטפערט ארקאדי, — מיט פארגעניגן!
— און טאָמער ווילסטו, גיי ארײַן פריִער, גיב איבער א גרוס!
— ניין, איך וועל שוין צוווארטן, ביז איר וועט קומען.
— ווי דו ווילסט. זײַ מאצליִעך!
ארקאדי האָט זיך ארופגעכאפּט מיטן טשעמאָדאן, פון טאמבור א מאך געטאָן מיט דער האנט.
דער צוג האָט גערירט. סעמיאָן יעווסייעוויטש איז נאָך געשטאנען, ביז עס האָבן פארבײַגעשווינדלט די לעצטע וואגאָנען, און פאמעלעך געלאָזט זיך גיין פון וואָקזאל.
א ווינטל האָט געפלאפּלט מיט די בלעטער פון די ביימער אפן וועג צום סאנאטאָריִ.
אוועקגעפאָרן פריִער איז ער, — האָט סעמיאָן יעווסייעוויטש געטראכט וועגן ארקאדין, — ניט נאָר ווײַל ער האָט זיך פארבענקט נאָך די כעוורע, נאָך דער ארבעט. דאָס אויך, פארשטייט זיך, אָבער ניט נאָר... א היפשע ראָליע האָט, ווײַזט אויס, געשפּילט דאָ זשאנע און דאָס, וואָס צווישן זיי איז געשען... אָפן האָט אר־קאדי וועגן דעם ניט גערעדט, נאָר אפן וועג צום וואָקזאל איצט האָט ער א פּאָר מאָל דערוף אָנגעדײַט. דארף זיך טרעפן א געשיכטע... זי, די בלאָנדע זשאנע, איז אין אים פארקאָכט געוואָרן, ווי נאָר זי האָט אים דערזען. פאראן אין וועמען: א יונג — שיין, געזונט, קלוג — אלע מײַלעס! ער, סעמיאָן יעווסייעוויטש, האָט באַמערקט פריִער פון ארקאדין, ווי יענע לאָזט פון אים דאָס אויג ניט אראָפּ. האָט ער זיך ניט ווויסנדיק געמאכט. אן ערנסטער באָכער, ניט פון די, וואָס לאָזן זיך לויפן נאָך יעדן קליידל, איז זי אים פּאָשעט ניט אָנגעגאנגען. נאָר א פרוי, אז זי וויל, קאָן זי אויספירן אירס. און אז זי האָט אויסגעפירט, איז אים געוואָרן פון אָט דער גאנצער געשיכטע — דאָס קאָן מען פארשטיין — ניט לײַכט אפן הארצן. זי אין אים איז געווען פארקאָכט. ער — ניט. און דאָך איז אלץ געשען... פון איין זײַט, ווײַזט אויס, איז אים געווען זי א שאָד. פון דער אנדערער — אן ערלעכער באָכער, האָט ער ניט געקאָנט זיך עס מויכל זײַן. האיטאָכן? זי איז באגאנגען א פארברעכן קעגן איר מאן און קינד, אָבער ניט קעגן זיך. זי האָט ליב געהאט, און דאָס אליין מאכט באָטל פיל כאטאָיִם. ער אָבער איז באגאנגען א פארברעכן אי קעגן איר, אי קעגן זיך, ווײַל ער האָט ניט ליב געהאט...
ווי זשע פּאָרט איז עס געשען? דער באָכער איז ארומגעגאנגען די לעצטע טעג — סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט עס גוט געזען — אָן א קאָפּ. ארקאדי האָט געמוזט אוועקפאָרן, ער האָט דאָ ניט געקאָנט פארבלײַבן מער.
פונווײַטן האָט מען שוין אָנגעזען דעם צענטראלן קאָרפּוס פונעם סאנאטאָריִ, נאָר סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט זיך ניט געאײַלט. אים איז פריקרע געווען צו קלערן, אז אָט וועט ער זיך אופהייבן צו זיך אין צימערל און וועט דאָרט קיינעם ניט טרעפן... מאָדנע, — האָט ער געקלערט, — נאָך צוריק מיט א קנאפּן כוידעש האָט ער אפילע ניט געוווסט, אז עס לעבט אף דער וועלט א באָכער ארקאדי סאָ־

טאנאָווסקי, און איצט איז ער אים שוין איַינגעבאקן אין הארצן... ער האָט געהאט דריַי זין, וועט ער האָבן א פערטן... ער וועט אים איצט שוין אויספעלן. אזא אומעט האָט מיטאמאָל ארומגעכאפּט סעמיאָן יעווסייעוויטשן, אז ער איז אויך גרייט געווען מויכל זיַין די עטלעכע טעג, וואָס אים איז נאָך פארבליבן צו זיַין דאָ, נעמען דאָס רענצל און אוועק צום וואָקזאל. ער האָט עס אָבער ניט געטאָן. יאָרן ארבעט, יאָרן ארמיי־דינסט, פראָנט האָבן צוגעוווינט גרינגבוימען צו דיסציפּלין. מאלע וואָס עס וואָלט זיך וועלן. פאר אלץ איז דאָ א ציַיט. די פּוטיאָווקע אין סאנאטאָרי איז געגעבן אף 24 טעג, וועט ער זיי אָפּזיַין אלע, ביזן לעצטן. איַי ס'איז אומעטיקלעך? מיילע. גוט, וואָס מע האָט אים צוגעשיקט דעם פרישן זשורנאל־נומער, וועט ער אים לייענען. ער האָט שוין טאקע אף אָט דעם נומער ארויסגעקוקט, אין אים איז אָפּגעדרוקט די פאָרזעצונג פון א נייַעם ראָמאן, וואָס האָט אין פאָריקן נומער אים פארכאפּט.

דאָס פענצטער פונעם קליינעם צימערל אפן דריטן שטאָק פונעם סאנאטאָרי־קאָרפּוס האָט איבער דער לאנגער טאָפּאָל־אלייע העל געלויכטן ביז שפּעט אין דער נאכט.

# צווייטער טייל

## 1

באם קאָמוניזם, ווען אָט דער טרוים פון דער מענטשהײַט וועט מע־קויעם ווערן, וועלן אומגליקלעכע מענטשן זײַן אָדער ניט? ווײַזט אויס, זײַן...

ליבע... ווי אצינד, ווי אין אלע צײַטן, וועט עס אויך דאן פאר־בלײַבן איינס פון די פארהוילנסטע געפילן. איינע האָב איך ליב, א צווייטע מיך... דאָס וועט פארבלײַבן. וועט בלײַבן אויך דער פײַן פון ניט צעטיילטן געפיל...

און נאָך? נאָך וועלן אומגליקלעך זײַן מענטשן, וואָס מאכמעס פארשיידענע סיבעס (מאלע וואָס פארא סיבעס עס קאָנען זײַן) וועלן זיי ניט קאָנען ארבעטן. ניט ארבעטן איז אן אומגליק, פונקט ווי טאָן אן ארבעט, וואָס איז ניט צום הארצן. עמעס, דאן, באם קאָמוניזם, וועלן זײַן באדינגונגען פאר דעם, אז יעדערער זאָל טאָן די ארבעט, וואָס אים איז ליב. ניט שטענדיק אָבער געפינט גלײַך אליין דער מענטש, אין וואָס זײַן בארוף איז. אנ־דערע קומען דערצו דורך פײַנלעכע זוכונגען.

יאָ, אויך אין יענער צײַט וועלן אומגליקלעכע זײַן. אָבער גליקלעכע — מער. אָן אן ערעך מער! גליקלעכע מיט דער מעגלעך פולער הארמאָניע פון געדאנק און געפיל, פון פיזישער און גײַ־סטיקער גוורע, שיינקײַט, פון שטרעבונג און דעראָבערונג. אויך איצט זײַנען געוויס פאראן מענטשן, וואָס עס פאלט שוין אף זיי דער אָפשײַן פון יענער צײַט...

א לויטערער זומער־פרימאָרגן האָט געהילט די שטאָט אין א דורכזיכטיקן שלייער. זי האָט, א צופרידענע, געוואָרעמט זיך אין זײַנע שטראלן, ברייטלעך צעוואָרפן די גאסן, פלעצער און ראנד־געביטן צווישן די מער נעענטערע — גרינע און, וואָס ווײַטער, אלץ מער בלויע און בלוילעכע הויכענישן. פון לאנג שוין, צו זען, איז צווישן אָט די הויכענישן און דער שטאָט ווי געוועזן א מין שטומע אָפגערעדטקײַט: „דו, שטאָט, ביסט יונג, און מיר זײַ־נען אלט. קיינמאָל האָט זיך אונדז ניט געכאָלעמט, אז דיר וועט קלעקן דרייסטקײַט אופצוקומען דאָ, צווישן אונדז... נאָר האָסטו געוואגט און ביסט דאָ, — זײַנען מיר פאר דיר א זיכערע שוץ"...

שטייען זיי אזוי אין א ריזיקן קרײַז, די הויכע סאָפּקעס, קוקן צו, ווי זי האלט צופוסנס בא זיי אין איין וואקסן, די שטאָט, און ווו־ניט־ווו נעמט זי שוין קלעטערן אף זייערע מעשופּעדיקע אָפּ־האנגען. איר איז דאָ גוט, דער שטאָט, היימלעך.

אָט די היימלעכקײַט רינגלט ארום אויך אים, ארקאַדי סאטאַ־נאָווסקין, זינט ער געדענקט זיך. אויב פון דער קינדהײַט אָן פארבליבן אָן טאטע־מאמע, האָט ער דאָך זיך ניט געפילט פאריאָ־סעמט, איז עס אדאנק צוויי ליבע וועזנס — דער באָבע און... דער שטאָט. יאָ, זיי ביידע, — אי די בענימעסע אלטע ייִדענע, אי אָט די שטאָט, די שטענדיק יונגע, די קעסיידער ברויזיק הילכנדיקע מיט זעגן און העק, מיט בולדאָזערס און הייבקראַנען, — ביידע האָבן ניט געקארגט פאר אים זייער געטרײַשאפט. דערפאר האָט

אים אזוי געצויגן אהער, דערפאר איז ער אזוי גליקלעך געווען אויך איצט, ווען נאָכן אומקערן זיך פון סאנאטאָרי איז ער צום ערשטן מאָל געגאנגען צו זיך אפן זאוואָד.

אופגעשטאנען פרי — ס'איז זיך ניט געשלאָפן, — האָט ער באשטימט זיך דורכ־גיין אָף דער ארבעט צופוס, כאָטש פון דער טשאפּײַעוו־גאס, ווו ער האָט געוווינט, צום זאוואָד איז געווען א מעהאלעך פון היפשע עטלעכע קילאָמעטער. ווי מיט א לעבעדיקן פרײַנט, האָט זיך אים געוואָלט זען אויך מיט דער שטאָט. ער האָט פּאָ־שעט זיך פארבענקט נאָך איר.

אין צענטער — צוויי סקווערן — אן אלטער און א נײַער. דעם אלטן האָבן „אָפּ־געדונגען" די פענסיאָנערן. א גאנצן טאָג קאָן מען זיי דאָ זען זיצן אָף די בענק און שמועסן. זעלטן־ווען שפּרענקלט זיך דאָ ארײַן אָף א באנק א יונג פּאָרל. זיי איז אלציינס ווו צו זיצן אָדער שטיין, סײַווי, כוץ זיך אליין, זעען זיי און הערן גאָרניט...

דער נײַער סקווער שטרעקט צום הימל די שטרענגע סטעלע פונעם אָבעליסק — אן אָנדענק די לאנדסלײַט, וואָס זײַנען געפאלן אין דער פארגאנגענער מילכאָמע. אָט דאָס אָרט האָט ארקאדי קיינמאָל ניט געקאָנט פארבײַגיין גלײַכגילטיק. אפילע ווען ער האָט ערגעץ זייער געאײַלט, האָט ער כאָטשבי אָף א רעגע דאָ זיך אָפּגע־שטעלט. אזוי האָט ער געטאָן אויך איצט.

די פארגאנגענע מילכאָמע... ער איז געבוירן געוואָרן שוין היפש נאָך איר. בלויז פון ביכער, פון פילמען, פון עלטערע לײַט האָט ער וועגן איר געוווּסט. אָבער געוווּסט ניט ווייניק, ווײַל ער האָט אין זיך זשעדנע אײַנגעזאפּט אלץ, וואָס האָט געהאט א שײַכעס צו יענער שרעקלעכער צײַט, פאר וועלכער ער האָט זיך געע־פּילט א באלכויוו. כאָטש, אייגנטלעך, וועגן וואָס פאר א כויוו זײַנעם, ארקאדיס, ווי פון זײַן גאנצן דאָר, האָט געקאָנט גיין א רייד, אויב אין יענע יאָרן, ווען ס'איז געגאנגען די מילכאָמע, איז ער נאָך אפילע אָף דער וועלט ניט געווען... אָבער אויך אין דעם איז פאראן עפּעס ווי זײַנע א שולד, — האָט ער געטראכט, — ער האָט פארשפּעטיקט געבוירן ווערן. און נאָך האָט ער שטענדיק געשפּירט, — כאָטש מיט קיין וואָרט ניט ארויסגעזאָגט עס, — מיט אלע כושים זײַנע געשפּירט: זיי, די אומגעקומענע אין יענער מילכאָמע, האָט ער צו פארדאנקען פאר דעם, וואָס ער לעבט, ארבעט, האָט פרײַנט, זעט איבער זיך דעם הימל... א באלכויוו איז ער פאר אלע, וואָס זייערע נעמען זײַנען יאָ און ניט אָנגעצייכנט אָף די אָבע־ליסקן... זיי זאָגן: „מיר זײַנען געווען מענטשן. מיר זײַנען אומגעקומען, דו זאָלסט לעבן. טאָ זײַ א מענטש". ס'איז זייער צוואָע... אזוי האָט ער, ארקאדי סאטאָ־נאָווסקי, געפּילט, און וועגן דעם האָט ער אלע מאָל געטראכט, שטייענדיק בא אָט דעם אָבעליסק, צי באם אנדערן, יענעם, וואָס איז געשטעלט אין יישעוו פון זייער זאוואָד.

פארן קנאפּן כוידעש, וואָס ארקאדי איז דאָ ניט געווען, זײַנען אין שטאָט פאָרגעקומען ענדערונגען. מע האָט באוויזן איבערגראָבן די גאָרקי־גאס אין דעם אָרט, ווו זי קרייצט זיך איבער מיט דער לענין־גאס, — מע האָט געהאלטן אין דורכלייגן די שטאָטישע טערמאָ־טראסע. א ריזיקע מאשין, וואָס גראָבט די ערד, און א מעגושעמדיק גרויסער בולדאָזער האָבן פארשטעלט דעם וועג. ארקאדי האָט פארקערעוועט אָף רעכטס און דאָ זיך אָנגעשטויסן נאָך אָף א נײַס: לענגויס דעם גאנצן ערשטן שטאָק פונעם נײַעם פינפגאָרנדיקן מויער — א שילד: „שערערײַ". פריער איז די שערערײַ געווען אינעם הויז באם ראָג. אמאָל איז עס געווען דאָס פאָרנעמסטע אָף אָט דער גאס, און איצט, אין פארגלײַך מיטן נײַעם מויער, האָט עס אויסגעזען נעבעכדיק און אָפּגעבליאקעוועט.

ווײַטער איז ער אוועק מיט דער לענין־גאס. א גאנצע אלייע הויכע טאָפּאָל־ביימער האָט זיך געהויבן איבערן קאָפּ. באם ראנד פון טראָטואר האָבן, ווי שניי,

זיך געוויַיסט הורבעלעך טאָפּאָל־פוך. ארקאדי האָט אָנגענומען א הויפן פוך, נאָר ער איז בא אים פון דלאָניע זיך באלד פאנאנדערגעפלויגן. ניט וויסנדיק רעכט וועגן וואָס, האָט ארקאדי א שמייכל געטאָן און איז אוועקגעגאנגען וויַיטער.

אָט איז דאָס דריַישטאָקיקע געמויערטע הויז, ווו עס געפינען זיך די רעדאק־ציעס פון די געגנטלעכע ציַיטונגען און די דרוקעריַי, מיט א מעמאָריאַל־טאָוול אף דער וואנט, וואָס דערציילט, אז מיט פיל יאָרן צוריק האָט דאָ געארבעט א מענטש, וואָס זיַין נאָמען איז שפּעטער ברייט באוווּסט געוואָרן איבער דער וועלט — עמאנויל קאזאקעוויטש. אנטקעגנאיבער איז די ביבליאָטעק אף שאָלעם־אליכעמס נאָמען, דער מוזיי, די געבוַידע פון דער מיטלשול. ארקאדין איז דאָ אלץ געווען אייגן, היימיש. אין אָט דער שול האָט ער זיך געלערנט. אין ביבליאָ־טעק איז ער ניט איין אָוונט אָפּגעזעסן אין לייענזאל איבער ביכער וועגן דער מילכאָמע, וועגן באוווּסטע קריגספירער, וועגן קאָסמאָס. אין מוזיי איז ער א סאך מאָל געווען אליין און מיט עקסקורסיעס. באזונדערס האָט ער ליב געהאט די עקספּאָזיציעס וועגן די העלדן פון בירגערקריג אפן וויַיטן מיזרעך, וועגן די ערשטע איבערוואנדערער, וועגן דער היגער פאונע און פלאָרע.

און אָט איז דער ניט גרויסער געמיטלעכער סאָוועטן־פלאץ מיטן לענין־דענק־מאָל אינדערמיט. ארום — בלומען־קלומבעס — רויטע, בלויע, פון אָראנזש־קאָליר.

ער איז אריבער אף דער שאָלעם־אליכעם־גאס.

אפן גאנצן וועג ביזן זאוואָד האָט ארקאדין באגלייט א געפיל פון גליק — גליק, וואָס איז שוין דאָ אין און ארום אים, און גליק נאָך גרעסערס, וואָס ער ווייסט נאָך ניט — ווו, ווען, וויאזוי עס וועט קומען צו אים, נאָר ער ווייסט — ס׳וועט קומען! מיט אָט דעם געפיל איז ער אריַין אין צעך.

דאָ האָט אף אים גליַיך א שפּאר געטאָן און פריַינטלעך ארומגענומען עפּעס זייער אייגנס, נאָענטס. נעכטן, ווען ער איז שפּעט אין אָוונט אראָפּ פון צוג און אוועק צו זיך אין זיַין איינזאמער דירע אף דער טשאפּייַעוו־גאס, האָט ער זיך נאָך ניט געפילט אינגאנצן אין דער היים. אפאנעמעסן אין דער היים האָט ער זיך דער־פילט איצט, אין צעך. דאָ האָבן געוואַרט אף אים זיַינע כאווערים, זיַינע ווערק־שטעלן.

ביזן אָנהייב פונעם ארבעטסטאָג איז נאָך פארבליבן א מינוט פופצן. אינעם לאנגן, הויכן צעך האָט מען, אויספרווונדיק, געלאָזט אין גאנג איין ווערקשטעל, א צווייטן. זייער צוגעטויבטער גערויש האָט אף א וויַילע אופגעטומלט און באלד איַינגעשטילט געוואָרן. דאן האָבן זיך געלאָזט הערן קורצע, אָפּגעהאקטע פראזעס, מיט וועלכע מע האָט זיך איבערגעוואָרפן אין צעך: א פראגע, אן ענטפער, א קורצער געלעכטער. ווען אין מיטלסטן דורכגאנג פונעם צעך האָט זיך באוויזן ארקאדי, האָבן איינער, א צווייטער זיך א קער געטאָן אין זיַין זיַיט, און צום אָרט, ווו ס׳האָבן געארבעט די כעוורע פון זיַין בריגאדע, איז ער שוין געגאנגען „קאליסטראָי״, דורך אָן א שיר צופרידענע אויסרופן. זיַין נאָמען האָט ער דער־הערט אויסשריַיען פון פארשיידענע זיַיטן און אף א פארשיידענעם אויפן, לויט דער מאָס פון יעדן איינעמס גרעסערער אָדער קלענערער נאָענטקיַיט צו אים:

— זע, ארקאדי!

— פונוואנעט האָסטו זיך גענומען?

— ארקאשע? דארפסט זיך נאָך, דאכט זיך, פרעגלען אפן פליאזש?

— שוין גענוג אָפּגעפרעגלט, — האָט אויסגערופן א צווייטער, — זעסט ניט? ער איז שווארץ, ווי א ציגייַנער.

— זדראַוו, סאטאנאָווסקי! וואָס מאכט מען?

— קאק זשיטוכא?[1]

[1] ווי איז דאָס לעבעכץ (רוס.).

— זשיטוכא, בוד ספאָק[1], — האָט זיך דערהערט אַן אויסרוף, — ער האָט ארופ־געכאַפּט די פײַנע פּאָר קילאָגראַם...

ניט אָפּשטעלנדיק זיך, איז ארקאַדי געגאַנגען צווישן אָט די פריַינטלעכע אויס־רופן, בלויז געוויטעט זיך אין אַלע זײַטן, די נעענטער שטייענדיקע אַרײַנגע־שטעקט א האַנט, די ווײַטער שטייענדיקע באַגריסט מיט אופגעהויבענע און צוזאַ־מענגעשלאָסענע דלאָניעס. אַף יעדער באַגריסונג און כאָכמע, וואָס האָבן זיך געשאָטן אַף אים פון אַלע זײַטן, געענטפערט מיט זײַנער א באַגריסונג, מיט זײַנער א כאָכמע. צו דעם, וואָס האָט אײַנגעזען אַף אים א פּאָר צוגעקומענע קילאָגראַם, א געשריי געטאָן:

— האָסט א טאָעס, צוויי קילאָגראַם אָנגעווירן.

— מאָלאָדיעץ! — האָט יענער געענטפערט. — וועסט נאָך באַווײַזן ארופנעמען.

ענדלעך איז ער צוגעקומען צו דעם אָרט אין צעך, ווו ס'האָט געאַרבעט זײַן בריגאַדע. די כעוורע האָבן לאַנג שוין געזען, ווי ער גייט, נאָר ניט גערירט זיך פון אָרט, ניט געוואָלט שטערן אַנדערע באַגריסן זיך מיט זייער בריגאַדיר און געדולדיק געוואַרט אַף אים מיט לוסטיק אַרויסקוקנדיקע אויגן. ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן, איז ארקאַדי באַלד ניט געוואָרן אונטער די אָרעמס פון זײַנע כאַוויי־רים. אַלע צוזאַמען, מיטאַמאָל האָבן אים ארומגעכאַפּט, ווי כאָקייִסטן זייערן א כאַווער, וועלכער האָט אַרײַנגעשלײַדערט א שײַבע...

— שיידים, איר וועט מיך דאָך דערשטיקן! — האָט ארקאַדי קוים זיך אַרויסגע־ראַטעוועט פון די אָרעמס פון די צופרידענע כעוורע. — לאָזט מיך אַף אײַך א קוק טאָן!

— אַף אונדז איז ניטאָ וואָס צו קוקן, — האָט געזאָגט וואַסילי קרילאָוו, — לאָ־מיר אָקאָרשט א קוק טאָן אַף דיר, ווי זעסטו אויס נאָכן קוראָרט? — דעם גרויסן רוסיאַווע קאָפּ געדיכטע האָר אָפּגעוואָרפן אַף צוריק, האָט וואַסילי, ווי הויך ער איז, אויסגעשטרעקט די לאַנגע הענט צו אַרקאַדיס אַקסל, אים אָפּגערוקט עטוואָס פון זיך, ווי מע רוקט אָפּ א בילד, קעדיי בעסער עס באַטראַכטן.

— בראַטווא, גיט א קוק. נו, האָט געלוינט דעם זאַווקאָם אויסברענגען פּאָר אים געלט אַף א פּוטיאָווקע?

— געלוינט! — האָט אויסגערופן אָלעס טשערעדניטשענקאָ און שמייכלענדיק א בלענד געטאָן מיט די ברייטלעכע ציין אונטער די קויל־שוואַרצע וואָנצעס. — אַהאַ, ווי ער איז עס דאָרט פאַרברוינט געוואָרן. א מיידל וואָלט באַצאָלט דערפאַר גאָלד...

— וואָס הערט זיך דאָ בא אײַך? — האָט ארקאַדי געפרעגט. — מוסאַ, וועמען האָט דיר כאַפּיזע דײַנע געבראַכט?

— א ייִנגל.

— מאָלאָדיעץ! דאַרף מען דאָך עס אָפּמערקן!

— פאַרשטייט זיך. מיר האָבן געוואַרט אַף דיר.

— און בא דיר, יעגישע, וואָס פאַר נײַס? — האָט ארקאַדי זיך א קער געטאָן צו פּאַפּאַיאַנען.

— בא מיר — די גרעסטע נײַס!

— כאַסענע געהאַט?

— ניין, דערמיט וואַרט איך אַף דיר. מיר וועלן שוין צוזאַמען...

— וואָס זשע?

— א גאַסט האָב איך.

— וועמען?

— דעם טאַטן.

---

[1] דאָס לעבעכץ איז זײַ רוזק (רוס.).

— אזש פון ארמעניע?
— פון יערעוואַן.
— ניט געפוילט זיך קומען אהער, צו דיר?
— ווי דו זעסט.
— נו, גוט, מיר וועלן נאָך שמועסן, — האָט געזאָגט ארקאדי. — מיטן פּלאַן ווי האַלט עס?
— ניט שלעכט, — האָט געענטפערט קרילאָוו. ער האָט פאַרביטן ארקאדין, ווען יענער איז ניט געווען. — עס וואָלט געהאַלטן נאָך בעסער, ווען עס האַמע־וועט ניט דער דריטער באַצירק. ער דערגיט ניט קיין זאַגאָטאָווקעס.
— נאָך אַלץ?
— ווי געווען. מיט די ציין דאַרף מען זיי אַרויסרײַסן. גוט, וואָס ביסט געקומען. מיר איז שוין דערעסן מיט זיי האָבן צו טאָן. נאָר דיר איז נאָך געבליבן, — האָט קרילאָוו זיך אַ כאַפּ געטאָן, — אַ פּאָר טעג אורלויב?
— ניין, איך בין אַרויס צו דער אַרבעט.
— אין סאַנאַטאָריע געווען ניט דעם גאַנצן טערמין?
— ניין.
— וואָס איז?
— נאָך אײַך, שיידים, זיך פאַרבענקט, נאָך דער אַרבעט.
— מיר וואָלטן אין ערגעץ ניט אַנטלאָפן, — האָט באַמערקט טשערעדניטשענקאָ.
— די אַרבעט אויך, — האָט צוגעגעבן פּאַפּאַיאַן.
— איך בין אָבער צופרידן, וואָס כ׳בין שוין דאָ, — האָט געענטפערט ארקאדי און אַ גלעט געטאָן זײַן האַלב־אווטאָמאַטישן ווערקשטעל. — עס בײַסן אַזש די פינגער, אַזוי ווילט זיך שוין אָן אַרבעט טאָן!
— אויב אַזוי, — האָט זיך אָנגערופן קרילאָוו, — נעם צוריק דײַנע בריגאַדירישע פונקציעס און מאַך אַ טאָלק מיט די זאַגאָטאָווקעס.
מע איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. ארקאדי האָט זיך גלײַך דערפילט אַפן אָרט. ער איז אוועק אַפן דריטן באַצירק, אויסגעקלאָרט, פאַרוואָס פאַרהאַלט מען די זאַגאָטאָווקעס, דערוווּסט זיך, וואָס עס קוועטשט זיי דאָרט, — זיי זײַנען אויך געווען ניט גאָר שולדיק, — מע האָט גענומען אין דער אַרבעט דעם שעף פון צעך, אַ סטראַשע געטאָן אים מיטן „קאָמיוגישן פּראָזשעקטאָר”. צי יענער האָט זיך יאָ דערשראָקן, אָדער ניט, נאָר ער האָט צוגעזאָגט, אַז פון מאָרגן אָן וועט מען דערלאַנגען זאַגאָטאָווקעס וויפל מע דאַרף.
אַ פּאָר שאָ ביז מיטיק האָט ארקאדי באַוויזן נאָך אָפּאַרבעטן באַם ווערקשטעל. ער האָט מוירע געהאַט, אַז פאַר דער צײַט, וואָס ער האָט גערוט, האָבן די הענט זיך אָפּגעוווינט, דאָס אויג איז געוואָרן ניט אַזוי פינקטלעך. ניין, ווי עס זאָל גאָרניט געווען זײַן קיין איבעררײַס, איז עס גלײַך אוועק באַ אים אַ גאַנג. דאָס האָט אים געפרייט. די הענט האָבן געטאָן זייערס אויסגערעכנט, פינקטלעך, ווי שטענדיק, דאָס אויג האָט וואַכזאַם געשפּירט נאָכן ווערקשטעל. אַלץ האָט אים אָנגעפילט מיט טיפן גענוס — די אייגענע געניטקײַט, די העלע פלאַכטעס שײַן, וואָס האָבן דורך די הויכע פענצטער פאַרגאָסן די לאַנגע רייען אווטאָמאַטישע און האַלב־אווטאָמאַטישע ווערקשטעלן, די מענטשן לעבן זיי, דער ספּעציפישער גערוך פון די הייסע ספּיראַלן פון דער שטאָלענער סטרוזשקע, דער גאַדלעסדיקער גלאַנץ פון די פאַרטיקע דעטאַלן.
„אַלע 420 מינוט פונעם אַרבעטסטאָג — פאַר הויכפּראָדוקטיווער מי!” — אַזאַ פּלאַקאַט מיט אויסיעס ווי ריזן איז געהאַנגען איבערן צעך. פאַר דער בריגאַדע, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט ארקאדי סאַטאַנאָווסקי, איז עס געווען אַ געזעץ.

בייסן מיטיק־איבעררײַס, גייענדיק אין דער זאוואָדישער גאָרקיך, האָט אר־קאַדי ארומגענומען באַ די אקסלען גריזאטולינען און פאפאיאנען.

— וואָס זשע הערט זיך גוטס? א וואזשנעם באָכער האָט דיר כאפיזע גע־בראכט, מוסא?

— א וואזשנעם, — האָט מיט א שעמעוודיקן שמייכל אפן טונקעלן געזיכט יענער געענטפערט. — דרײַ קילאָגראם מיט זעקס הונדערט גראם. אָט ווי...

— אָן עמעסער גיבער! און דו, פאפאיאן? האָט דער טאטע דײַנער ניט גע־פוילט זיך מאכן אזא ווײַטע רײַזע?

— ער איז ניט געפאָרן, נאָר געפלויגן. צום ערשטן מאָל אין לעבן. ער איז באַ מיר שוין ניט קיין יונגער, דעם אכטן צענדליק צעביטן, נאָר א זשוואוואר. „איידער כ׳וועל שטארבן, — האָט ער געזאָגט, — מוז איך א קוק טאָן, וווהין מײַן מיזיניק האָט זיך פארקליבן”.

— אים איז דאָ געפעלן?

— עס זאָל ניט זײַן אף דער וועלט קיין יערעוואן, — זאָגט ער, — בלײַבט ער א בירהאָבידזשאנער...

אין דער צווייטער העלפט טאָג איז די ארבעט געגאנגען אָן איבערשלאָגן, נאָרמאל, און צום סאָף פון דער וואכטע האָט ארקאדין זיך שוין געדאכט, אז ס׳איז ניט געווען קיין סאנאטאָרי באַם יאם, ניט געוועזן קיין קליין צימערל אפן דריטן שטאָק מיט סעמיאָן יעווסייעוויטשן בישכײַנעס, ניט געווען קיין פליאזש, קיין זשאנע, — דאָס אלץ האָט זיך אים ניט מער ווי געכאָלעמט...

נאָך דער ארבעט איז מען נאָך פארבליבן אף א קאָמיוגישער פארזאמלונג. ווען די פארזאמלונג האָט זיך פארענדיקט, האָט אין דרויסן שוין געטונקלט.

ארקאדי האָט נאָכן ערשטן ארבעטסטאָג זיך געזעגנט מיט די כעוורע. יעגי־שע פאפאיאן האָט מיטאמאָל א זאָג געטאָן:

— יאָ, ווייסטו כאָטש, וואָס פאר א קונץ ס׳האָט ארויסגעוואָרפן וואלערי קראס?

— וואלערי? — פארטאָג מיט דער באגעגעניש מיטן צעך, מיט זײַן בריגאדע, האָט ארקאדי אין אָט דעם ערשטן טאָג וועגן וואלערין אינגאנצן פארגעסן. און ער האָט דאָך אים עפעס צוגעזאָגט. אײַ, ניט גוט...

— וואָס מאכט ער, וואלערי? — האָט ער געפרעגט.

— ניטאָ וואלערי.

— וואָס הייסט?

— ניטאָ און אויס!

— ווו איז ער אהינגעקומען?

— אָנגעפײַפט.

— דערציילט מיט א טאָלק!

איבערשלאָגנדיק איינער דעם אנדערן, האָבן די כעוורע דערציילט: א צײַט איז וואלערין געוואָרן ניט צו דערקענען — אויס שיקרעס, קיין איין פראָגול. זיי האָבן אים וועגן דעם געשריבן...

— איז דאָך גוט! — האָט באמערקט ארקאדי.

— גוט איז גוט, — האָט זיך אָפגערופן טשערעדניטשענקאָ, — מיטאמאָל דער־לאנגט ער אָבער א מעלדונג, מע זאָל אים באפרײַען פון דער ארבעט.

— די סיבע?

— באַ אזא פארשוין ווילסטו א סיבע? עפעס האָט אים א דריי געטאָן אין מויעך...

— און וואָס?

— פארשטייסטו דאָך, מע האָט זיך שטארק פאר אים ניט געהאלטן.

— באפריַיט?

— נו, יאָ.

— און...

— און ער איז אוועקגעפאָרן.

— וווּהין?

— מע זאָגט, פאַרוועבירט זיך אַף סאַכאַלין.

— גאָר אַזוי?

— ווער ווייסט.

איז וואַלערי קראַס ניטאָ. אוועקגעפאָרן.

אָפּגעזעגנט זיך מיט די כאַווייִרים, האָט אַרקאַדי באַשלאָסן, פּונקט ווי אינדערפרי צו דער אַרבעט, אויך אַהיימגיין צופוס. דער ערשטער טאָג איז צעך האָט אים ניט פאַרמאַטערט, און כוץ דעם, האָט ער געהאַט וועגן וואָס מיט זיך אַליין אַ קלער טאָן. אַלײן זיך איז אויך ניט געווען וואָס, קיינער האָט אַף אים ניט געוואַרט.

וואָס זשע איז פּלוצעם געשען מיט וואַלערין? — האָט ער געטראַכט. — זאָל ער האָבן אין אים אַ טאָעס געהאַט, און קיין שום „ווילער יאַט" הייבט ניט אָן אין אים צו שטעקן? נאָר אָט האָט ער דאָך אופגעהערט טרינקען, אופגעהערט מאַכן פּראָגולן... עפּעס איז דאָ ניט גלאַט.

קלערנדיק אַזוי, איז אַרקאַדי צוגעקומען צו דעם אָרט אַף דער שאָלעם־אַלייכעם־גאַס, ווו מיט אַ קנאַפּן כוידעש צוריק איז אים און וואַלערין אַנטקעגנגעקומען דאָס מיידל, וועלכע יענער האָט אַזוי היימיש אָנגערופן מאַרלענאַטשקע און וועלכע האָט אים, אַרקאַדין, אַזוי איבעראַשט... ער האָט איצט זייער בוילעט זיך דערמאָנט יענעם אָוונט, יענע באַגעגעניש... סאַרא שאָד, וואָס ער האָט באַ וואַלערין זיך ניט דערוווּסט, ווער זי איז, ווו זי אַרבעט, וווינט? באַ וועמען וועט ער עס איצט זיך שוין קענען דערוויסן?

ער האָט געוואָלט זיך איַינריידן, אַז וועגן יענעם צופעליק באַגעגנטן מיידל האָט ער אָט די גאַנצע צייַט ניט געקלערט, נאָר דאָס איז געווען ניט אַזוי. אינדערעמעסן, — איצט איז ער אין דעם זיך מוידע געווען, — האָט ער וועגן איר געטראַכט אויך דאָרט, אין סאַנאַטאָרי. די גאַנצע צייַט האָט אין אים געלעבט אַ האָפענונג, אַז ער וועט מיט איר זיך נאָך טרעפן, ער מוז זיך טרעפן מיט איר, — און פאַרבונדן איז אָט די האָפענונג געווען מיט וואַלערין. נאָר אָט איז וואַלערי ניטאָ. נעלעם געוואָרן וואַלערי.

אַרקאַדי איז ווידער אַרויסגעגאַנגען צום סקווער מיט דער הויכער סטעלע. זי האָט איצט סוידעספּול געלויכטן זיך אין בלוילעכן אָפּשייַן פון די אַרומיקע לאַמטערנס. ווי סאָלדאַטן אַף דער ערן־וואַך, האָבן געגליוועט אַרום די נידעריקע טאַנען. אַ לענגערע וויַילע איז אַרקאַדי דאָ געשטאַנען, און ווען ער האָט פּאַמעלעך געלאָזט זיך פונדאַנעט אַוועקגיין, האָט ער דערשפּירט מיטאַמאָל, ווי דאָס געפיל פון גליק, וואָס האָט אים אָנגעפילט אָט דעם גאַנצן טאָג, הייבט ביסלעכווייַז אָן אַנטרינען, טוט זיך אָפּ פון אים, און אָנשטאָט דעם קומט אַ געפיל פון אומעט. מעטושטעשע שפּירונגען פון באַדויערונג האָבן פאַרקלעמט אים באַם האַרצן... פּייַנלעך זייַנען געווען די דערמאָנונגען וועגן זשאַנען, שווער דער געדאַנק, אַז אָט האָט ער ניט געטראָפן וואַלערין און וועט ניט קענען אויספּילן דעם פאַרטראַכט, וואָס ער האָט מיקויעך אים געהאַט.

מיט אַ שווער האַרץ איז אַרקאַדי צוגעקומען צו זייַן הויז אַף דער טשאַפּייַעוו־גאַס. אין אים האָט מיטאַמאָל איצט אופגעטויכט די זעלבע פראַגע, מיט וועלכער ער איז געגאַנגען אינדערפרי צו דער אַרבעט:

„באַם קאָמוניזם, ווען אָט דער טרוים פון דער מענטשהייַט וועט מעקוייעם ווערן, וועלן אומגליקלעכע מענטשן זייַן אָדער ניט?"

פונקט ווי אינדערפרי, און נאָך מיט מער זיכערקייַט, האָט ער איצט זיך אַליין געענטפערט: „יאָ. זייַן"...

2

שוין אויפן אַנדערן טאָג נאָכדעם, ווי אַרקאַדי איז אַרויס צו דער אַרבעט, האָבן אויף אים אַרופגעוואַלגערט זיך אַלע זייַנע אָן אַ שיער אָנלאָדונגען, אויפטראָגן, פליכטן: קאָמיוגישע, פּאַרטייִשע, געזעלשאַפטלעכע און נאָך. דאָס אַלץ — כוץ דער אַרבעט באַם ווערקשטעל, כוץ די פליכטן פון אַ בריגאַדיר. אָט די קעסיידערדיקע פאַרנומענקייַט האָט אַרקאַדי קיינמאָל ניט געפילט ווי קיין לאַסט, כאָטש אַלע מאָל, ווען מע האָט געקליבן זיך אים געבן אַ נייַעם אויפטראָג אָדער אַ נייַע אָנלאָדונג, האָט ער שיר ניט מיט געוויין געבעטן זיך: „כעווערע, האָט גאָט אין האַרצן! וויפל איז דער שיר? איך וועל דאָך פאַלן אין די האָלאָבליעס"... „נישקאָשע, — האָט מען אים געענטפערט, — וועסט ניט פאַלן, בא דיר איז אַ געזונטער קאַרק, וועסט אויסהאַלטן"... און ער איז ניט געפאַלן, האָט אויסגעהאַלטן. פאַרקערט, טוענדיק מיט פלייַס אָט די אַלע אַרבעטן, האָט ער זיך געפילט אין זיי, ווי אַ פיש אין וואַסער. ער האָט ניט געקענט זיך פאָרשטעלן, ווי וואָלט ער געלעבט אַנדערש, ניט זייַענדיק אַזוי פאַרנומען, ניט האָבנדיק פאַנאַנדערגעדרייט זייַן ברויזיקע לעבנס־ענערגיע, ווי ער האָט ליב געהאַט צו זאָגן, — „אויף דער גאַנצער קאַטושקע"...

ניט געווען דער טאָג, אַרקאַדי זאָל נאָך דער אַרבעט ניט פאַרהאַלטן זיך אויפן זאַוואָד. הייַנט — אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג, מאָרגן — אַ קאָמיוגישע, איבערמאָרגן — אַ פּראָפּאַרייִנישע באַראַטונג, אַ סעמינאַר, נאָך עפּעס. אַהיימגעקומען איז ער שוין שפּעט אין אָוונט. קויעך האָט אים געקלעקט בלויז אויף אַרונטערשטעלן זיך אונטערן דוש און נאָכדעם אַ וואַלגער טאָן זיך אין בעט. אייַנגעשלאָפן איז ער טייקעף, און, ווי עס האָט ריכטיק געטראָפן די עלטערע מעדיצין־שוועסטער אין סאַנאַטאָריע, קיין כאַלוימעס אין שלאָף האָט ער שוין ניט געזען. און אויב יאָ, האָט ער זיי ניט געדענקט.

צום סאָף פון דער ערשטער וואָך האָבן די אָוונטן און די אָפּרו־טעג, שאַבעס און זונטיק, אויך זיך אַרויסגעוויזן פאַרנומען. מוסאַ גריזאַטולין און זייַן כאַפיזע האָבן שאַבעס געפּראַוועט אַ סאַבאַנטוי לעקאָוועד זייער ערשטלינג. זונטיק האָט יעגישע פּאַפּאַיאַן אייַנגעלאַדן אַלעמען צו זיך — דער טאַטע האָט פאַרן אוועקפאָרן געוואָלט פאַרברענגען אַ ביסל מיטן זונס כאַווײרים און, פאַרשטייט זיך, מיטן בריגאַדיר.

דערנאָך האָט פּונקט אַזוי האַסטיק זיך אָוועקגעדרייט די צווייטע וואָך, און ווען זי איז שוין אויך געגאַנגען צו ענדע, האָט אַרקאַדי זיך געכאַפּט: ער איז נאָך ניט געווען בא סעמיאָן יעווסייעוויטשן און אַפילע ניט אָנגעקלונגען! און יענער איז דאָך מיסטאַמע לאַנג שוין אין דער היים, וואַרט. און אים, אַרקאַדין, בענקט זיך אויך, ער וויל אים טאַקע זען, דעם ווילן אַלטן, מיט וועלכן זיי האָבן אַזוי גוט פאַרבראַכט אַ קנאַפּן כוידעש אין סאַנאַטאָריע. ער האָט באַשלאָסן: מער טאָר מען ניט אָפּלייגן. דאָנערשטיק האָט ער אָנגעקלונגען, אַז פרייַטיק נאָך דער אַרבעט וועט ער קומען. און אָט איז פרייַטיק, סאָף אַרבעטסטאָג. ער האָט אויסגעשלאָסן דעם ווערקשטעל, געזען, מע זאָל די אויסאַרבעטונגען פון זייַן בריגאַדע פאַרן טאָג אָפּגעבן אין אָפּטייל פון טעכנישן קאָנטראָל. ער איז שוין אינגאַנצן פאַרטיק

געווען צום אוועקגיין, איז אים אין דורכגאנג פון צעך אנטקעגנגעקומען ליוסיע, זי איז אויך, ווי ער, א מיטגליד פון זאוואָדישן קאָמיוג־קאָמיטעט.

— סאטאנאָווסקי, — האָט זי געזאָגט (אזא טעווע געהאט — רופן מענטשן נאָר בא דער פאמיליע), — ווערסט זיך פארהאלטן! — געזאָגט קאטעגאָריש, מיט אזא טאָן, אז קיין דערווידערונגען זײַנען ניט שײַך. אלץ, וואָס אָט די ליוסיע זאָגט, זאָגט זי אָט אזוי — קאטעגאָריש. דאפקע נישקאָשע פון א מיידל — כיינעוודיק, שטאלטנע, — נאָר פאר אָט דער קאטעגאָרישקײַט אירער האָט ארקאדי זי ניט ליב געהאט, און דערפאר האָט ער איר אָפּגעענטפערט אויך קאטעגאָריש:

— הײַנט — ניט.

יענע האָט אף אים א וואָרף געטאָן א פּאָר גרויסע בלוי ארומגעפירטע אויגן.

— ווייסט דאָך אפילע ניט צוליב וואָס?

— וואָס עס זאָל ניט זײַן.

— אָ, — האָט ליוסיע שמאָל צונויפגעפירט די שווארץ אָנגעשטוקעוועטע וויִעס, — א באגעגעניש?

— יאָ.

— כאָטש מיט א ווויל מיידל?

— ניט מיט קיין מיידל. מיט א פענסיִאָנער.

ליוסיעס וויִעס זײַנען געוואָרן נאָך שמעלער:

— אזוי שלעכט האלט עס מיט דיר, סאטאנאָווסקי, אז דו גייסט שוין אף סווידאניעס מיט פענסיִאָנערן?

ארקאדי האָט ניט געענטפערט. געפרעגט:

— וואָס דארף זײַן?

— א זיצונג פון „קאָמיוגישן פּראָזשעקטאָר”. אן אויסעראָרדנטלעכע.

— אָן מיר.

— ביסט דאָך א מיטגליד?

— כ׳בין אין א סאך ערטער א מיטגליד.

— איך וועל מיטיילן אין קאָמיטעט.

— טייל מיט. — ער האָט זיך אויסגעקערט און איז אוועק. געוויס איז זי געשטאנען און נאָכגעקוקט מיט איבערראשונג. אויב עס וועט טרעפן, אז א באָכער וועט אמאָל פרעגן בא איר, צי האָט זי אים ליב, וועט זי אים אויך ענט־פערן „יאָ” אָדער „ניין” — מיט דער זעלבער קאטעגאָרישקײַט, אָן שום ניואנסן.

ווי קאָן מען לעבן אָן ניואנסן? — האָט געטראכט ארקאדי, ארויסקומענדיק אין זאוואָדישן הויף. די דרויסנדיקע לופט האָט אָפּגעפרישט זײַן צעהיצט פּאָנעם, נאָר ער וואָלט דערפון מער האנאָע געהאט, ווען ניט די באגעגעניש מיט ליוסיען. יענע האָט אים היפש געפּאטערט די שטימונג.

דער אווטאָבוס האָט אים אָפּגעפירט צום צענטער. דאָ איז ארקאדי אראָפּגע־שטיגן און האָט זיך פארנומען אף רעכטס. דאָס אָרט האָט געטראָגן דעם נאָמען פון א גאס, נאָר פאקטיש איז עס געווען א קורץ געסל צו דרײַ־פיר מויערן פון ביידע זײַטן. דער עקסטער דרײַגאָרנדיקער מויער פון רעכטס, פון אויסן אָנ־געצאצקעטער מיט קאָלירטע סיליקאט־ציגל, איז געווען א קאָאָפּעראטיוו הויז. אין איינער פון די דירעס אפן צווייטן שטאָק האָט דאָ געוווינט סעמיאָן יעווסייע־וויטש.

באם ראָג האָט אן עלטערע פרוי פארקויפט גרויסע רויטע סאראנקעס, ניט קיין בלומען — שטיקער פײַער. ארקאדי האָט געקויפט א היפשן בוקעט. ניט שיין, — האָט ער א טראכט געטאָן, — קומען מיט ליידיקע הענט. צוליב עפּעס האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, אז די טיר וועט אים עפענען סעמיאָן יעווסייעוויטשעס אייניקל, די יונגע דאָקטערן, וועט ער איר גלײַך אונטערטראָגן אָט דעם בוקעט.

ארײַן אין גרינעם פּײַן צוגעקליבענעם הויף, האָט ארקאדי זיך געלאָזט צום

מיטלסטן אַרײַנגאַנג, ווי עס איז געווען אָפּגעמערקט אינעם אַדרעס, וועלכן סע־מיאָן יעווסײיעוויטש האָט אים געגעבן אין סאַנאַטאָרי. באַם אַרײַנגאַנג איז גע־שטאַנען אַ רויטע גאַז־שאַפע, און אַ שאַרפער רייעך פון גאַז האָט אים באַגלייט, ביז ער האָט זיך אופגעהויבן איבער די שמאָלע ריין אויסגעקערטע טרעפ אפן צווייטן שטאָק. דאָ האָט ער זיך אַ קער געטאָן לינקס צו דער טיר מיטן נומער 21. די טיר איז געווען טונקל־רויט געפאַרבט, ווי אויך די אַנדערע טירן דערבײַ. באַ דער שוועל איז געלעגן אַן אַקוראַט גרין טעפּיכל אף אָפּרייניקן די שיך.

אַ רײַב געטאָן די פּאָדעשוועס, אַריבערגענומען אין דער לינקער האַנט דעם בוקעט, האָט אַרקאַדי אָנגעקוועטשט אף דער קנאָפּקע. ניט צו וויסן פאַרוואָס, האָט באַ אים שטאַרק גענומען קלאַפּן דאָס האַרץ... די טיר האָט זיך געעפנט, און... אַרקאַדי האָט קוים באַוויזן ראַטעווען דעם בוקעט. סעמיאָן יעווסײיעוויטש האָט אים שיר ניט צעקוועטשט, מיט אַזאַ האַסטיקער פרייד האָט ער אַרומגעכאַפּט דעם גאַסט.

— געקומען טאַקע... נו, פײַן... נו, מאָלאָדיעץ!.. איך האָב שוין געמיינט... קום, קום אַרײַן...

אַרײַנפירנדיק אַרקאַדין אין שמאָלן קאָרידאָרל, האָט סעמיאָן יעווסײיעוויטש פריילעך אַ געשריי געטאָן:

— שלימע, קום אַהער! אַרקאַדי...

ער האָט זיך געריכט דערזען אַ קליין גראָבינק ווײַבל — אַזוי האָט אַרקאַדי די גאַנצע צײַט זיך פאָרגעשטעלט סעמיאָן יעווסײיעוויטשעס באַשערטע. נאָר אין קאָרידאָר האָט זיך באַוויזן אַ שטאַלטנע הויכע פרוי היפּש העכער פון איר מאַן, — מיט אַ שיינעם קאָפּ זילבערדיק־ווײַסע האָר.

— זע, וואָס פאַרא בלומען האָט ער דיר געבראַכט! — האָט אויסגערופן סעמיאָן יעווסײיעוויטש.

— יאָ, ס'איז פאַר אײַך, — האָט געזאָגט אַרקאַדי, איבערגעבנדיק דעם בוקעט. אַזאַ קליינער ליגן, האָט ער אַ קלער געטאָן, מאַכט ניט אויס, ביפראַט, אַז מער קיין פרויען איז דאָ ניט געווען צו זען.

— קומט אַרײַן! קומט אַרײַן! — האָט אײַנגעלאַדן די באַלעבאָסטע.

די דילן, באַדעקטע מיט רויטן אָרגאַליט, האָבן שפּיגלדיק געגלאַנצט. גיין אף אַזעלכע דילן מיט די שיך איז ניט שײַעך, האָט אַרקאַדי זיי גענומען אויסטאָן, און סעמיאָן יעווסײיעוויטש האָט אים גלײַך אונטערגערוקט אַ פּאָר ווייכע שטעק־שיך.

אין אַ מינוט אַרום זײַנען די מאַנצבלען שוין געזעסן אין די פּאָטעלן אַרום דעם פּאָלירטן טישל מיט די אָנגעוואָרפענע פרישע צײַטונגען אינעם ניט גרויסן זאַל, און די באַלעבאָסטע איז אוועק נאָך אַ קיילע פאַרן בוקעט.

— ווי רופט מען אײַער פרוי? — האָט אַרקאַדי געפרעגט.

— שלימע.

— מיר איז ניט באַקוועם אַזוי צו רופן זי.

אין אַ לענגלעך־דורכזיכטיקער קרישטאָלענער וואַזע מיט וואַסער האָט די פרוי אַרײַנגעטראָגן די בלומען, און זיי האָבן אַ פינקל געטאָן אפן טיש העל און פריילעך.

— אונדזער גאַסט פרעגט, — האָט סעמיאָן יעווסײיעוויטש געזאָגט זײַן פרוי, — ווי מע רופט דיך?

— האָסטו ניט געקאָנט זאָגן?

— אַזוי ווי איך רוף דיך, זאָגט ער, וויל ער ניט.

גרייטנדיק צום טיש, האָט די פרוי דערציילט:

— אין קאָלווירט, ווען איך בין נאָך געווען גאָר אַ יונג מיידל, האָט מען מיך גערופן שלימקע, שלימע. דערנאָך האָט מען פון אונדזער קאָלווירט און פון נאָך

עטלעכע געמאכט א גרויסן סאָווירט. א דירעקטאָר האָט מען צוגעשיקט א נײַעם, א רוסישן מענטשן פון ערגעץ ארום וואָראָניעזש. בא דער באקאנטשאפט פרעגט ער מיך, ווי איך הייס. זאָג איך. ניין, ענטפערט ער, אזוי טויג ניט. איינע פון די בעסטע מעלקערנס אף דער פערמע — דאָס האָט ער שוין געוווּסט, — א כאָשע־ווער מענטש, דארף מען רופן מיטן פאָטער־נאָמען, פאָ אָטשעסטווו. זאָג איך, ווי איך בין פארשריבן אין פאספאָרט — שלימא שמוּליעוונא. „שמוליעוונאַ? — מאכט ער. — עפּעס קלינגט עס, ווי כויזעק". זאָל זײַן, זאָג איך, סאמוּילאָוונא. אויב אזוי געפעלט אים בעסער. האָט ער אָבער דאָס וואָרט „סאמוּילאָוונא" ניט געקענט ארויסריידן, ס'האָט זיך בא אים באקומען נאָר סאמוילאָוונא, איז געבליבן — סאַ־מוילאָוונא. און איר, — האָט זי א שמייכל געטאָן צו ארקאדין, — קלײַבט זיך אויס פון אָט די נעמען אוועלכן איר ווילט.

— איך וועל אײַך רופן שלימע סאמוּילאָוונע.

— זאָל זײַן אזוי, — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייעוויטשעס פרוי, — און זאָל אײַך ווויל באקומען!

בייס זי האָט גערעדט, האָט ארקאדי צו איר זיך צוגעקוקט און זיך געכידעשט, וויאזוי א פרוי אין אירע יאָרן, וועלכע האָט א גאַנץ לעבן שווער געהאָרעוועט, אויסגעניאנטשעט קינדער און אייניקלעך, האָט פאַרהיט אזא שטאלט, אזויפיל איידלקייט אין געזיכט, וואָס האָט נאָך איצט ניט ווייניק געהאט צו זאָגן וועגן איר אמאָליקער שיינקייט.

— מיט וואָס, שלימע, וועלן מיר מעכאבעד זײַן דעם גאסט? — האָט געפרעגט גרינבוים.

— מיט עפּעס־וואָס, שימענקע, וועלן מיר אים שוין מעכאבעד זײַן, — האָט זי געענטפערט און — צו ארקאדין: — עסן ווילט איר, נאָר דעם עמעס?

ארקאדי האָט גלײַך זיך דערפילט היימיש אין אָט דער שטוב, האָט ער געענט־פערט אָן צערעמאָניעס:

— איך קום צו אײַך גלײַך פון דער ארבעט און בין הונגעריק, ווי א וואָלף.

— אוי, האָב איך ליב, אז מע זאָגט דעם עמעס! — האָט סעמיאָן יעווסייעוויטש, פונקט ווי אין סאנאטאָרי בייס זייער ערשטער באקאנטשאפט, אויסגערופן און א פאטש געטאָן ארקאדין אין פּלייצע.

מע האָט ארויסגערוקט אינמיטן צימער דעם קײַלעכדיקן טיש, פארשפּרייט אים מיט א בלאנקענדיקן סערוועט. עס האָט לאנג ניט געדויערט, און אף אים האָבן זיך באוויזן געהאקטע אייער, א סאלאט פון גרינוואַרג מיט סמעטענע, א קעסטעלע שפּראָטן, דין אָנגעשניטענע ווורשט און האָלענדער קעז, א טעלער מיט געפילטע פיש.

— ווי? — האָט סעמיאָן יעווסייעוויטש פארשווערעריש א ווונק געטאָן צו אר־קאדין אף דער פלאַש קאָניאַק, וואָס ער האָט ארויסגענומען פון אײַז־קעלטער.

— קיין טרינקער, ווייסט איר דאָך, בין איך ניט, — האָט געענטפערט אר־קאדי, — נאָר זאָל שטיין...

— דאָס זאָג איך דאָך אויך, — האָט צופרידן זיך אָפּגערופן סעמיאָן יעווסייע־וויטש.

— ביסט צופרידן, — האָט זיך ארײַנגעמישט שלימע, — וואָס קענסט ארײַנ־כאפּן א קויסע.

— אָבער ניט קיין גרויסע, — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייעוויטש.

— דו גראמסט שוין? — האָט באמערקט שלימע. צו ארקאדין: — דער ערשטער סימען, אז ער איז פון עפּעס שטארק צופרידן, איז, ווען ער הייבט אָן גראמען. הײַנט איז ער צופרידן מיט אײַער קומען, ארקאדי.

— סעמיאָן יעווסייעוויטש, — האָט ארקאדי זיך א קער געטאָן צו אים, — אין סאנאטאָרי האָב איך גאָרניט באמערקט בא אײַך אזעלכע טאלאנטן...

— אין דער פּרעמד, גוטערברודער, גראַמט זיך ניט, — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייעוויטש, — גראַמען גראַמט זיך אין דער היים. — און גלײַך צוגעגעבן: — באַ זיך אין שטיב איז אַלץ ליב... פאַרשטייסט כאָטש, וואָס מע רעדט צו דיר?

— כ'פאַרשטיי, — האָט געענטפערט אַרקאַדי. — די באָבע פלעגט מיט מיר רעדן אויף ייִדיש. נאָר די באָבע פלעגט זאָגן — שטוב.

— אַ, איז זי געווען אַ ליטוועטשקע? פונוואַנעט האָט זי געשטאַמט, די באָבע דײַנע?

— פון וויטעבסק.

— נו, יאָ. די ליטוואַקעס זאָגן: שטוב, גרוב, אַ הין איז באַ זיי אַ הון, און אַ הון — אַ האָן... און מיר זײַנען אוקראַיִנער, פון פּאָדאָליע. באַ אונדז: „כ'בין געזעסן אויף דער קאַנאַפּע, איז געקימען די קאַץ און געטיך אַ דראַפּע"... אַזוי לאַכן אונדז אויס די ליטוואַקעס. און מיר לאַכן פון זיי. „סאַבעש" זאָגן זיי אָנשטאָט „שאַבעס" — פונקט קאַפּויר. ווי פלעג די באָבע דײַנע זאָגן אויף דעם, מיט וואָס מע גייט?

— פיס, — האָט געענטפערט אַרקאַדי.

— און דאָס, וואָס ליגט אָט אין גרויסן טעלער?

אַרקאַדי האָט אויף אַ ווײַלע זיך פאַרטראַכט.

— אויך פיס.

— זעסט, ניט ריכטיק, — האָט באַמערקט סעמיאָן יעווסייעוויטש. — דאָס, מיט וואָס מע גייט, איז טאַקע פיס. נאָר דאָס, וואָס אויפן טיש, הייסט פיש.

— ווידער אַ גראַם! — האָט אויסגערופן די באַלעבאָסטע.

— איך בין דאָך ניט שולדיק, אַז עס גראַמט זיך! — האָט זיך פאַרענטפערט איר מאַן.

— דער גאַסט איז דאָך אָבער אוואַדע ניט שולדיק, און ער וועט פון דײַנע גראַמען זאַט ניט זײַן, — האָט געזאָגט שלימע.

— געדעכט! — האָט אויסגערופן סעמיאָן יעווסייעוויטש און האָט אָנגעגאָסן זיך און אַרקאַדין צו פולע קעלישעקלעך קאָניאַק. ער האָט שלימען אויך געוואָלט אָנגיסן, האָט זי זיך גענומען אָפּזאָגן.

— אָבער אַ האַלב גלעזעלע? צוליבן גאַסט!

— צוליבן גאַסט גיס אָן, — האָט זי דערלויבט.

אַרקאַדי האָט זיך אופגעהויבן.

— שלימע סאַמויִלאָווונע, איך וויל אויסטרינקען פאַר אײַך.

— וואָס עפּעס פאַר מיר? פאַר אונדז אַלעמען.

— ניין, צוערשט פאַר אײַך. מיר איז זייער געפעלן דאָס, וואָס איר האָט דערציילט וועגן אײַערע נעמען. פאַר זיי וויל איך אויסטרינקען: פאַר שלימקען, פאַר שלימען. פאַר שלימע שמוליעוונאַ. פאַר שלימע סאַמויִלאָווונע. און פאַר סאַמויִלאָוונאַ!

אַרקאַדי האָט אויסגעטרונקען דאָס גאַנצע קעלישעקל. סעמיאָן יעווסייעוויטש אַ האַלבס. די באַלעבאָסטע האָט אײַנגענעצט די ליפּן.

אַ לענגערע ווײַלע איז באַם טיש געווען שטיל, מע איז טויעם געווען פון אַלעמען צוביסלעך. די באַלעבאָסטע אַליין האָט זיך צו גאָר קימאַט ניט צוגערירט, נאָר איר האָט גרויס האַנאָע געטאָן צו זען, ווי ס'פאַרבײַסט דער מאַן (אויפן אַפּעטיט האָט ער זיך קיינמאָל ניט געקלאָגט) און דעריקער — דער גאַסט.

ווען מע האָט זיך גענומען צו די פיש, האָט שלימע אַ זאָג געטאָן:

— אַבי עס הייסט געפילטע פיש...

— וואָס האָסטו צו זיי? — האָט זיך אײַנגעשטעלט דער מאַן.

— ס׳איז דען די פיש, וואָס איך פלעג מאכן אמאָל? אמאָל פלעג איך אָנפילן א העכט, א קארפּ, א סאזאַן, א סיג...

— גרויס, ווי א ציג, — האָט ארײַנגעשטעלט דער מאַן.

— איז געווען אַף וואָס א קוק צו טאָן. איצט זײַנען אָט די אלע מינים ווער ווייסט ווו אהינגעקומען. ניטאָ. א מאָדע געוואָרן — יאַם־פיש. אליין די נעמען זײערע ווארפן אָן א מוירע: פּאלטוס, כעק...

— טו א שמעק און ווארף אוועק...

— פּראָסטי... איר זאָלט מיר מויכל זײַן, — פּראָסטיפּאָמאַ, אוקעדוימע. ווער האָט דען אמאָל געפילט אזעלכע פיש?

— און פונדעסטוועגן מאכסטו זיי ניט שלעכט, — האָט זיך אָנגערופן דער באַלעבאָס. — ארקאדי, פארזוך און זאָג מעווינעס. נאָר פאר דעם דארף מען נעמען צו קאפּעלעך. — ער האָט באנײַס אָנגעגאָסן ארקאדיס קעלישעקל, אליין דער־טרונקען די פארבליבענע העלפט. שלימע האָט ווידער נאָר צוגעטראָגן צו די ליפּן.

— איך בין א קנאפּער מייוון, — האָט געזאָגט ארקאדי, — געפילטע פיש האָב איך געגעסן נאָך בא דער באָבען, דאָס איז שוין געווען זייער לאנג. נאָר מיר דאכט זיך, שלימע סאמויִלאָוונע, אז אײַערע פיש דערמאָנען מיר יענעם טאַם...

אַפן טיש האָבן זיך באוויזן גרויסע טעלער מיט א מעכײַעדיק שמעקנדיקער יויך מיט מאנדלען.

— שלימע סאמויִלאָוונע, — האָט געזאָגט ארקאדי, — איך האָב צו אײַך א טײַנע.

— וואָס?

— פארוואָס האָט איר פריִער ניט געוואָרנט, אז ס׳וועט נאָך זײַן אזא פײַנע יויך?

— וואָס זשע וואָלט געווען?

— וואָלט איך ווייניקער פארזוכט פונעם פאָרשפּײַז.

— איך האָף, ס׳וועט בא אײַך קלעקן אָרט, — האָט זי געענטפערט. — נאָר אַף ווײַטער וואָרן איך: עס וועט נאָך זײַן א געפילטע הון.

— איר ווילט, איך זאָל פון טיש ניט אופשטיין?

— נישקאָשע. איר אײַלט דען ערגעץ?

ער האָט ניט געאײַלט. אים איז געווען גוט. ער וואָלט פונדאַנעט ביכלאל ניט אוועקגעגאנגען, געזעסן און געשמועסט דאָ באַם טיש. די גאנצע צײַט האָט ער געוואַרט, אז פון אונטער דער טונקעלער פאָרטיערע, וואָס טיילט אָפּ דאָס צווייטע צימער, וועט זיך באווײַזן די יונגע דאָקטערן, זייער אייניקל. מעגלעך, אז זי רוט אָפּ, — האָט ער געטראכט, — אָדער איז מיט עפּעס פארנומען. אָט וועט זי זיך דאָרט אופהייבן, אָדער באפרײַען און ארײַנקומען. נאָר זי האָט זיך ניט באוויזן. ווען מע האָט דערלאנגט צום טיש די יויך, איז ארקאדין שוין קלאָר געווען, אז דאָס אייניקל איז ניטאָ אין דער היים. מיסטאמע נאָך ניט געקומען פון דער ארבעט.

— א שאָד, אונדזער אייניקל איז ניטאָ, — האָט געזאָגט שלימע, — מיר האָבן געוואָלט, איר זאָלט זיך מיט איר באַקענען.

ניט אנדערש, זי האָט געטראָפן זײַנע געדאנקען.

— ווו איז זי? — האָט ער געפרעגט.

— אוועקגעפאָרן.

— מע האָט זי אריבערגעפירט אין אן אנדער אָרט?

— כאָלילע! וואָס רעדט איר? אָן איר וואָלט באַ אונדז קיין לעבן ניט געווען, אזוי איז זי אונדז אײַנגעבאקן אין הארצן. פּאַשעט, אַף שאבעס און זונטיק פאָרט זי אלע וואָך קיין כאבאראָווסק, צו די עלטערן.

— מאָל דיר, ניט נאָר צו די עלטערן, — האָט סוידעספּול א מאך געטאָן סע־מיאָן יעווסייעוויטש. קוים צו מערקן, האָט די פרוי א ווונק געטאָן צו אים: „א זײַטיקער מענטש, דאַרף ער אַלץ וויסן?" נאָר דער מאַן האָט זי „אויסגעגעבן": — ארקאַדי איז פאַר אונדז ניט קיין פרעמדער, — האָט ער געזאָגט. — ער איז ווי אַן אייגענער. פאַר אים דאַרפן בא אונדז קיין סוידעס ניט זײַן. איז אָט, ארקאַדי, וועגן אונדזער אייניקל האָב איך דיר שוין דערציילט. א מיידל, קיין אײַנהאָרע, מיט אַלע מײַלעס. איין כיסאָרן אָבער — א גרויסע איבערקלײַבערן. שוין אוואדע א צענדליק באָכערים אָפּגעוואָרפן! איינער געפעלט איר ניט צוליב איינס, אַן אנדערער צוליב א צווייטס. מיט איין וואָרט — ניט און ניט. און דאָ האָט זיך גע־פונען א באָכער, אין כאַבאַראָווסק טאַקע, וואָס מיט אים וועט זײַן — יאָ. ס'הייסט, מע קאָן נאָך ניט וויסן, נאָר דאַכט זיך... ווען זי פאָרט אַלע וואָך אין כאַבאַראָווסק, זעט זי זיך דאָרט ניט נאָר מיט די עלטערן, נאָר מיט אָט דעם באָכער אויך. דאָס מאָל האָט ער געקלונגען, אַז ער האָט בילעטן אַף א ספּעקטאַקל פון א מאָסקווער טעאַטער, וואָס גאַסטראָלירט אין כאַבאַראָווסק.

— ווער איז ער, אָט דער באָכער? — האָט געפרעגט ארקאַדי.

— מיר האָבן אים נאָך ניט געזען, נאָר ווײַזט אויס — א פאַרשוין! א סוואָרע, מע האָט זיך שוין געקענט, ווען זי האָט זיך נאָך געלערנט אין אינסטיטוט. אויך א דאָקטער. א בעניאָכיד בא גאָר געהויבענע עלטערן. מיט אַלע מײַלעס...

— אייסעך וואָס! ניטאָ וואָס צו רעדן, — האָט זיך אָפּגערופן שלימע, — ס'איז נאָך אַפן בוידעם א יאַריד!

ס'האָט אויסגעזען, ווי זי זאָל מוירע האָבן פאַר א „גוט־אויג". איר מאַן האָט עס פאַרשטאַנען און מער גאָרניט געזאָגט. ארקאַדי האָט מער גאָרניט גע־פרעגט.

שפּעט אין אָוונט האָט ער זיך אומגעקערט אהיים. מיט די גבינבוימס וואַרעם זיך געזעגנט. זיי האָבן אים געבעטן אַרײַנגיין, ער האָט צוגעזאָגט. א היימלעכע שטוב, ווױלע מענטשן — אי ער, אי זי. און דאָס אייניקל? זי האָט ער ניט געזען, בלויז געהערט וועגן איר, און — א מאָדנע זאַך — די געשיכטע מיטן באָכער, צו וועלכן זי פאָרט קיין כאַבאַראָווסק, האָט אים, ארקאַדין, מיט עפּעס געאַרט... וואָס זאָל עס באַטײַטן? — האָט ער בא זיך אַליין געפרעגט און אינווייניק אין זיך צעלאַכט זיך. וואָס האָט עס צו אים פאַר א שײַכעס? בעעמעס, וואָס פאַר א שײַכעס?

יענע נאַכט איז ער געשלאָפן ניט וואַשזנע. אים האָט זיך עפּעס געכאָלעמט און עפּעס־וואָס האָט ער אפילע פאַרגעדענקט.

...זײַן באָבע און שלימע שטייען אין קיך בא איין טיש. די באָבע — אזא, ווי ער האָט זי פון קינדווײַז פאַרגעדענקט, ביידע זײַנען שטאַרק פאַרטאָן באַם גרייטן געפילטע פיש, און איינע מיט דער אַנדערער ספּערעדעווען זיך — וועמעס פיש וועלן בעסער געפעלן אים, ארקאַדין...

א צווייטער כאָלעם: א מיידל, א יונגגס, א שטאַלטנע, נאָר — אזוינס קאָן טאַקע נאָר אין א כאָלעם געשען — אלעמאָל בײַט זיך בא איר דאָס פּאָנעם. אָט איז עס ליוסיעס, און אָט זשאַנעס... דאָס מיידל מיט ליוסיעס פּאָנעם איז בייז אַף אים. „ביסט א שלעכטער, — זידלט זי אים, — א נימעסער, אַן אויסוווּרף! איך וועל מעלדן אַף דיר אין קאָמיטעט"... זשאַנעס פּאָנעם, פאַרקערט, שמייכלט צוגעלאָזט. „ביסט א ווױלער, — זאָגט זי, — א טײַערער, א ליבער. נאָר איך וועל קיינעם וועגן דעם גיט אויסזאָגן, געגוג, וואָס איך ווייס עס אַליין"... ווייסט ער ניט, אר־קאַדי, — איז ער א שלעכטער אָדער א גוטער? א נימעסער אָדער א ווױלער? א טײַערער אָדער אַן אויסוווּרף, וואָס מע דאַרף מעלדן וועגן אים אין קאָמי־טעט?

ער האָט זיך אופגעכאַפּט און איז אזוי טאַקע אַרויס ניט וויסנדיק.

פאר ניט בײַזײַן אף דער אויסערארדנטלעכער זיצונג פונעם „קאַמיוגישן פּראַ־זשעקטאָר” האָט ארקאדי ארײַנגעכאפּט א פּסאַק. עמעס, ניט קיין גרויסן, נאָר דאָס אליין, וואָס מע האָט אָט דעם איניען באהאנדלט אף א זיצונג פונעם זאוואָ־דישן קאָמיוג־קאָמיטעט, איז שוין געווען געגוג פריקרע — אזוינס איז געשען מיט אים צום ערשטן מאָל.

פארשטייט זיך, אז אף דעם, אז מע זאָל באהאנדלען אָט די פראגע, איז באַ־שטאנען ליוסיע. זי האָט אײַנגעזען אין דעם פאל ארקאדיס ניט איין כעט, נאָר עטלעכע כאטאָים מיטאמאָל. זי האָט זיי אויסגערעכנט אין דער מעלדונג אירער, וואָס זי האָט דערלאנגט אין קאָמיוג־קאָמיטעט: ניט־דיסציפּלינירטקײַט, גרויסהאל־טערײַ, ביטל־באַציִונג צו געזעלשאפטלעכע פליכטן, אומפאראנטוואָרטלעכקײַט... און נאָך עפּעס האָט זי אײַנגעזען, ליוסיע, און האָט פארענדיקט איר מעלדונג מיט א באגרינדונג, וואָס זי האָט געהאלטן פאר אומבאשטרײַטבאר: אויב אזוינס האָט זיך געקאָנט דערלויבן א מיטגליד פונעם זאוואָדישן קאָמיוג־קאָמיטעט, וואָס זשע קאָן מען פאָדערן פון געוויינלעכע קאָמיוגיסטן? און נאָך: וואָס וועט זײַן, אויב אלע (דאָס דאָזיקע וואָרט איז געווען אונטערגעשטראָכן צוויי מאָל) וועלן זיך נעמען אופירן אזוי, ווי עס האָט זיך דערלויבט ארקאדי סאטאנאָווסקי?

דאָס זעלבע, קימאט וואָרט בא וואָרט, האָט ליוסיע איבערגעכאזערט אין איר ארויסטרעטונג אף דער זיצונג פונעם קאָמיוג־קאָמיטעט. זי האָט געפאָדערט פאר סאטאנאָווסקין א שטרענגע שטראָף — אָן אויסרייד, ניט ווייניקער.

זײַן גליק, וואָס די אַנדערע מיטגלידער פון קאָמיטעט זײַנען געווען געשטימט ניט אזוי אגרעסיוו.

נאָך ליוסיעס ארויסטרעטונג האָבן זיך א שאָט געטאָן רעפּליקעס:

— נו, ליוסיע, האָסט איבערגעבויגן דעם שטעקן...

— מע דארף דאָך וויסן, וועגן וועמען עס גייט א רייד...

— וואָס זשע, מיר ווייסן ניט, ווער ארקאדי איז? מיר קענען אים פון נעכטן?

— עפּעס א סיבע איז דאָך מיסטאמע געווען בא אים?

— וויכטיק איז ניט די סיבע, — האָט אָפּגעהאקט ליוסיע, — וויכטיק איז דער פאקט.

— ניין, אזוי טאָר מען ניט, — האָט זיך ארײַנגעמישט דער סעקרעטאר פון קאָמיטעט, וואָס האָט ביז איצט געשוויגן. נאָר נאָך איר לעצטער רעפּליק האָט ער דערפילט, אז מער טאָר ער ניט שווײַגן.

סעקרעטאר פון קאָמיוג־קאָמיטעט פונעם זאוואָד איז אָט דער פעסט געפּאַק־טער שוואַרצכיינעוודיקער באָכער געוואָרן נאָך גאָר ניט לאנג. אף אָט דעם פּאָסטן האָט מען אים אויסגעוויילט נאָכדעם, ווי ער, איינער פון די בעסטע פרעזעראָווטשיקעס אין אינסטרומענטאל־צעך, איז אָפּגעווען עטלעכע יאָר סעקרעטאר פון דער קאָמיוג־אָרגאניזאציע פון דעם דאָזיקן צעך. דענקען, זארגן, אָנפירן איז ער געוווינט געווען אין די מאסשטאבן פון זײַן צעך. איצט איז אים פאָרגעשטאנען זיך איבערבויען, פארברייטערן זײַן טעטיקײַט ביז צו די מאסשטאבן פון דער גאנצער אונטערנעמונג. דערווײַל האָט דאָס אים נאָך ניט אינגאנצן זיך אײַנגעגעבן, און ער האָט עס געשפּירט ווי זײַנעם א כיסאָרן, פון וועלכן מע דארף זיך וואָס גיכער באפרײַען. נאָך מער ווי פריִער האָט ער זיך איצט געהאלטן באם קלאל: איידער אָנעמען אוועלכן־ניט־איז באשלוס, אופמערק־זאם אויסהערן, וואָס עס זאָגן אנדערע, גוט אָפּוועגן דאָס געזאָגטע, אלזײַטיק באקלערן עס און אף דעם סמאך מאכן אָן אייגענעם אויספיר. נאָך האָט ער גע־ווּסט: אף וואָס פאר א ניוואָ עס זאָל ניט אויסקומען אָנפירן מיט מענטשן — אין מאסשטאב פון א בריגאדע, א צעך, צי פון א גאנצן זאוואָד, — איז דער איקער:

ניט באצײַען זיך צו קײן זאך פאָרמעל (װעגן דעם האָט ער א סאך געלײענט בא לענינען). יעדער פראגע, יעדן איניען, ביפראט װען עס האנדלט זיך װעגן א מענטשן, באטראכטן קאָנקרעט, אינדיװידועל, נעמענדיק אין אכט אלע אומ־שטענדן, מאָטיװן, װאָס האָבן געבראכט דערצו, אז א מענטש זאָל זיך אופירן אזוי און ניט אנדערש.

— ליוסיע, ביסט ניט גערעכט, — האָט דער סעקרעטאר זיך א קער געטאָן צו איר. — װילן מיר אורטײלן ריכטיק װעגן א פאקט, דארפן מיר גענוי װיסן די סיבע, װאָס האָט צו אים געבראכט. אנדערש װעלן מיר קײנמאָל ניט קענען מאכן קײן ריכטיקן אויספיר.

און צו ארקאדין:

— ליוסיע האָט בא דיר זיך אָנגעפרעגט, פארװאָס קענסטו ניט פארבלײַבן אף דער זיצונג פונעם „קאָמיוגישן פראָזשעקטאָר״?

ארקאדי האָט זיך דערמאָנט ליוסיעס כשאד װעגן א „סװידאניע״, איר לעצאָ־נעסדיקע פראגע: „כאָטש א װײל מײדלז?״, — נאָר האָט באשלאָסן װעגן דעם ניט זאָגן.

— אײגנטלעך, ניט, — האָט ער געענטפערט, — ניט געפרעגט. נאָר סײַװי האָב איך עס איר געזאָגט.

— און זי?

— זי האָט ניט געלײגט קײן אכט. — אף א װײַלע האָט ארקאדי זיך פאר־טראכט און צוגעגעבן: — כאָטש, דעם עמעס זאָגנדיק, האָב איך איר װי געהע־ריק די זאך ניט דערקלערט.

— פארװאָס?

— פארװאָס? — האָט ארקאדי איבערגעכאזערט די פראגע. — שװער צו זאָגן...

— פאָרט?

— זי האָט גערעדט מיט מיר אין אזא טאָן, אז ס׳האָט זיך גאָרניט געװאָלט דערקלערן.

— אָבער אונדז װעסטו דערקלערן?

— פארשטײט זיך.

ער האָט דערצײלט אלץ, װי געװען. אין סאנאטאָרי האָט ער געלעבט אין אײן צימער מיט אײנעם פון די ערשטע בויער פון ביראָבידזשאַן. זײ האָבן אָפּ־גערעדט זיך טרעפן, װען מע װעט אהײמקומען. און אָט, װען ער האָט נאָך דער ארבעט זיך געלאָזט גײן צו אים, איז אים אנטקעגנגעקומען אין צעך ליוסיע מיטן אָנזאָג װעגן דער זיצונג...

— ביסטו ניט געבליבן?

— ניט.

— האלטסטו זיך פאר שולדיק? — האָט געפרעגט דער סעקרעטאר.

— פאָרמעל, יאָ.

— און אינדערעמעסן?

— אינדערעמעסן... — װײַטער האָט ארקאדי גערעדט פאמעלעך, פּאָשעט גע־קלערט אף א קאָל, זאָלן די כאװײרים הערן זײַנע געדאנקען און זאָגן — איז ער גערעכט, אָדער ניט... פאר א כודעש צײַט אין סאנאטאָרי האָט ער זיך צו־נױפגעלעבט מיט א מענטשן. עס בענקט זיך פּאָשעט נאָך אים. און אָט האָט ער צוגעזאָגט קומען, מע װארט אף אים. מענטשן האָבן זיך געגרײט, מע קוקט ארויס...

— האָסט כאָטש גוט פארבראכט יענעם אָװנט בא דײַנע באקאנטע? — האָט אים איבערגעשלאָגן דער סעקרעטאר.

— אויסגעצײכנט! — האָט אופריכטיק אויסגערופן ארקאדי.

— געהאט האנאָע?

— זייער.

מיט א פאַרטײַעטן שמייכעלע האָט ליוסיע געוואָרפן א בליק אפן סעקרע־טאַר, — סאַרא מאַלאַדיעץ ער איז! פאַרגיט אזעלכע אומשולדיקע פּראַגן, נאָר וויפל שטעקט אין זיי ביטל, איראָניע... סאַטאַנאָווסקי וועט עס באַלד דערפילן. דערווײַל שטויסט ער זיך נאָך גאָרניט אָן. באַלד... נאָר וואָס הייסט עס? ליוסיע, — זי איז געזעסן עטוואָס אָנגעבויגן פאָרויס, — האָט מיטאַמאָל זיך אויסגעגלײַכט אפן שטול — ער מיינט עס, דאַכט זיך, ערנסט, דער סעקרעטאַר? ער טראַכט, דוכט זיך, אפילע ניט צו איראָניזירן? אָט פרעגט ער ווײַטער:

— נו, און זיי, דײַנע נײַע באַקאַנטע, זײַנען אויך געבליבן פון יענעם אָוונט צופרידן?

— איך מיין, אז יאָ, — האָט געענטפערט אַרקאַדי.

ליוסיע האָט א צוק געטאָן מיט די שמאָלע אַקסלען. זי האָט ניט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס רעדט מען דאָ? וועמען גייט עס אָן, צי זײַנען די אַלטע צי נײַע באַ־קאַנטע געווען צופרידן אָדער ניט? סאַטאַנאָווסקי האָט בייזוויליק (יאָ, בייזווי־ליק) זיך אָפּגעזאָגט אָנטיילנעמען אין א וויכטיקן מאָסמיטל, און וועגן דעם דאַרף גיין א רייד. זי איז געווען זיכער, אז אזוי וועט טאַקע זײַן. נאָר מאָדנע — דער סעקרעטאַר האָט גאָר, פּונקט ווי ערשט סאַטאַנאָווסקי, גענומען ריידן שטיל, באַדאַכט... אָנשטאָט מעלדן קאַטעגאָריש, ווי עס פּאַסט פאַר אן אָנפירער, זײַן מיינונג, קלײַבט ער זיך אויך, דאַכט זיך, קלערן אף א קאָל.

— איר פאַרשטייט, — האָט ער געזאָגט, — כאָטש באַציִונגען אַמטלעכע, געזעל־שאַפטלעכע און קאָלעגלעכע אַנדערע, זײַנען פאַראַן אויך מענטשלעכע, פּאָשעט מענטשלעכע באַציִונגען. וועגן דעם פאַרגעסן מיר אָפּט. און אויב מיר פאַרגעסן ניט, זײַנען מיר געניײגט די דאָזיקע באַציִונגען שטעלן ערגעץ אפן לעצטן אָרט נאָך אַלע אַנדערע פליכטן, אופטראָגן, אָנלאָדונגען אאַזוו. ניט אַלע מאָל איז עס ריכטיק. — ער האָט אף א ווײַלע זיך פאַרטראַכט און פאָרגעזעצט: — אָט אין געגעבענעם פאַל. פאַר אַרקאַדין איז געשטאַנען אן אויסוואַל: בלײַבן אף א זיצונג פונעם „קאָמיוגישן פּראָזשעקטאָר“, וועגן וועלכער מע האָט אים אָקאָרשט געמאָלדן, צי טרעפן זיך מיט זײַנע פרײַנט, עלטערע לײַט, וועלכע ער האָט נאָך נעכטן צו וויסן געגעבן, אז ער וועט קומען. וואָס האָט ער געזאָלט טאָן?

אינעם ניט גרויסן צימערל, ווו די זיצונג פונעם זאַוואָדישן קאָמיוג־קאָמיטעט איז פאָרגעקומען, איז שטיל געוואָרן. דורכן אָפענעם לופטל איז ארײַנגעפלויגן א גרויסע פליג, א שוואַרצע, מיט פיִאָלעט אָפּגלאַנצנדיקע פליגעלעך. מיט א שטאַרקן זשום האָט זי גלײַך גענומען זוכן, נאָר בעשום־אויפן ניט געקענט גע־פינען דעם וועג צוריק אין דרויסן אַרויס.

די כעוורע אין צימער האָבן זיך א נייג געטאָן צום סעקרעטאַר. די דאָזיקע פראַגע האָט ער געשטעלט פאַר זיך אַליין, אָדער ער מיינט, אז יעדערער פון זיי באַזונדער זאָל געבן אף איר אן ענטפער? דאָס איז געווען ניט גאָר לײַכט. מע האָט פרײַער אָפּגעטעמט, ווען נאָך א ניט גרויסער פּאַוזע האָט דער סעקרע־טאַר פאָרגעזעצט:

— ניט צופעליק האָב איך געשטעלט די פראַגע, צי האָבן זיי, אַרקאַדי און זײַנע באַקאַנטע, האַנאָע געהאַט פונעם אָוונט, וואָס זיי האָבן צוזאַמען פאַר־בראַכט. אויב יאָ, וויל איך, — כידעשט זיך ניט, — זאָגן: אויב יאָ, האָט ער, אַר־קאַדי סאַטאַנאָווסקי, אין יענעם אָוונט בעסער אויסגעפילט זײַן קאָמיוגישן כויוו, — איך שטרײַך אונטער — קאָמיוגישן, — ווי ווען ער זאָל געווען פאַרבלײַבן אף דער זיצונג פונעם „פּראָזשעקטאָר“.

ליוסיע האָט שטאַרק א צוק געטאָן מיט די אַקסלען און אָנגעשטעלט אירע גרויסע בלוי־אָרומגעפירטע אויגן אפן רעדנער. „אזוינס זאָגט א סעקרעטאַר?!“ —

האָט מען געקאָנט איבערלייענען בא איר אין בליק. זי האָט ניט געגלייבט אירע אייגענע אויערן. און ער האָט ווײַטער גערעדט:

— לאָמיר זיך פאָרשטעלן: ארקאדי איז אף דער זיצונג געבליבן. עס קאָן זיך זייער מאכן, אז מאסקים זײַענדיק מיט די אנדערע אָנטיילנעמער פון דער זי־צונג, וואָלט ער דאָס מאָל קיין אייגענע פאָרשלאָגן ניט ארײַנגעטראָגן. מעגלעך, אפילע ניט ארויסגעטראָטן. אלנפאלס, אויך אָן אים איז אלץ געטאָן געוואָרן, וואָס נייטיק, אזוי אז זײַן אָפּוועזנהײַט אין דעם פאל האָט קיין שאָדן, און אוואַ־דע שוין קיין גרויסן שאָדן, פאר וועלכן מע זאָל אים דארפן באשטראָפן, ניט געבראכט. איצט לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז ער איז ניט געקומען צו זײַנע פרײַנט, ווי ער האָט צוגעזאָגט. עלטערע לײַט, ווילע מענטשן האָבן זיך געגרייט צו זײַן קומען, געווארט אף אים, און ער איז ניטאָ. וואָס וואָלטן געקאָנט זאָגן אָט די צוויי עלטערע מענטשן? „הײַנטיקע יונגעלײַט! אמאָל האָט מען געהאט דערעכערעץ פאר עלטערס פון זיך, געפילט א כויוו, טרײַ געווען דעם וואָרט: צוגע־זאָגט — אויסגעפילט. און איצט וואָס? מע רעכנט זיך מיט קיינעם און גאָרניט, כוץ מיט זיך אליין, קיין שום געפיל פון כויוו, פאראנטוואָרטלעכקײַט"... און גע־זאָגט וואָלטן זיי עס ניט וועגן איין ארקאדי סאטאנאָווסקי — וועגן אונדז אלע־מען, וועגן גאנצן יונגן דאָר... אזוי אז ער האָט באשיצט ניט נאָר זײַן אייגענעם, נאָר אויך אונדזער קאָוועד...

דאָס אלץ איז ארויסגעבראכט געוואָרן עטוואָס מיט הומאָר, אָבער אזוי, אז מע האָט געפילט אין דעם אויך אָן ערנסטן מיין. די מיטגלידער פון קאָמיטעט איז עס געפעלן און זיי זײַנען מאסקים געווען מיט אים.

איין ליוסיע איז ניט נאָר ניט מאסקים געווען, זי האָט פּאָשעט געשטוינט: ווי קאָן מען אזוי?

דער סעקרעטאר האָט זיך א קער געטאָן צו איר:

— דו באשטייסט אף דײַן פאָרשלאָג וועגן אָן אויסרייד?

זי האָט פארשטאנען: נאָכדעם, ווי עס האָבן רעאגירט אף דער ארויסטרע־טונג פונעם סעקרעטאר די מיטגלידער פון קאָמיטעט, האָט זי געדארפט אראָפּ־נעמען איר פאָרשלאָג. זי וואָלט עס שוין עפשער געטאָן, נאָר מיטאמאָל האָט עפּעס טראָציקס א טאנץ געטאָן אין איר און זי האָט ארויסרופּעריש געענט־פערט:

— כ'באשטיי.

— אויב אזוי, שטעל איך די פראגע אף אָפּשטימונג, — האָט געזאָגט דער סעקרעטאר. — ווער איז פאר ליוסיעס פאָרשלאָג — מעלדן ארקאדי סאטאנאָווסקין אָן אויסרייד — בעט איך אופהייבן די הענט.

איין האנט האָט זיך אופגעהויבן — ליוסיעס.

— ווער איז פאר דעם, מע זאָל זיך באגרענעצן מיט דער באהאנדלונג פון אָט דער פראגע אף דער דאָזיקער זיצונג?

אלע האָבן אופגעהויבן די הענט.

די דאָזיקע פראגע איז אין טאָג־סיידער, נאָך א היפּש צעטל אנדערע וויכטי־קע פראגן, געשטאנען די לעצטע, און דערוף וואָלט מען געקאָנט שליסן די זי־צונג. נאָר איידער צו טאָן עס, האָט דער סעקרעטאר באשלאָסן זאָגן נאָך עט־לעכע ווערטער ליוסיען.

— ביסט א ווויל מיידל, — האָט ער באמערקט, א קער טוענדיק זיך צו איר, — א גוטע קאָמיוגיסטקע. נאָר ביסט יונג און היציק. יונג — דאָס איז גוט, היציק — שלעכט! פארשטייסט נאָך ניט אייניקע זאכן, וואָס מיט דער צײַט ועסטו זיי געוויס פארשטיין.

— וואָס אזוינס פארשטיי איך ניט? — האָט ליוסיע באליידיקט א פרעג גע־טאָן.

— אָט דאָס וועל איך דיר פּרוּוון דערקלערן. פאַראַן זייער גוטע זאַכן אַף דער וועלט, און צווישן זיי — דיסציפּלין, פאַראַנטוואָרטלעכקייט, געזעלשאַפט־לעכע אַקטיוויקייט. אַלץ איז אָבער אָפּהענגיק דערפון, ווי די אָדער אַנדערע זאַך ווערט פאַרווירקלעכט אין לעבן. אויב ניט ריכטיק, שלעכט, — דאַן ווערט די בעסטע זאַך פאַרוואַנדלט אין איר קעגנזאַץ. דיסציפּלין, אַשטייגער — אַ נייטיקע זאַך? ביז גאָר. נאָר אויב צוגיין דערצו פאָרמעל, אַבסטראַקט, ניט האָבן אין זי־נען דעם מענטשן, ווען מען אָט די דיסציפּלין דאַרף דינען, קאָן מען זי פאַר־וואַנדלען אין דער רועך ווייסט וואָס. אַזעלכעס איז שוין אין דער געשיכטע געווען. און נאָך: אָט האָסטו געשריבן און הייַנט דאָ איבערגעכאַזערט: „וואָס וועט זייַן, אויב אַלע וועלן טאָן אַזוי, ווי סטאַנאַוואָסקי?" דאָס וואָרט „אַלע" האָסטו אונטערגעשטראָכן. אין דעם זעסטו אייַן די הויפּט־געפאַר דערפון, וואָס ער האָט געטאָן. אַזוי האָב איך דיך פאַרשטאַנען?

— אַזוי, — האָט מיט אַ האַלב מויל געענטפערט ליוסיע, ניט וויסנדיק, וואָס וויל ער דערפון דרינגען.

— איז אָט, — האָט שטרענג פאַרגעזעצט דער סעקרעטאַר, — פאַרגעדענק: דאָס, וואָס האָט אַ שייַכעס צו איין מענטשן — גוטס אָדער שלעכטס — זאָלסטו קיינמאָל ניט פאַראַלגעמיינערן אַף אַלעמען. באַגיין זיך אַזוי איז אי ניט ריכטיק, אי ניט אָרנטלעך. אין געגעבענעם פאַל האַלטסטו, אַז סטאַנאַוואָסקי האָט געטאָן שלעכט, יאָ?

— יאָ.

— נו אָט, איין מענטש, לאָמיר זאָגן, האָט געטאָן שלעכט. ווער זשע האָט דיר געגעבן רעכט צו האַלטן, אַז אַלע, דאָס הייסט אונדזער גאַנצע זאַוואָדישע קאָ־מיוג־אָרגאַניזאַציע, קאָן אויך טאָן פּונקט אַזוי? פאַרוואָס טראַכסטו אַזוי שלעכט וועגן אַלעמען?

— איך טראַכט ניט, — האָט ליוסיע זיך פאַרענטפערט.

— נאָר אַף דעם בויסטו דאָך דייַן באַשולדיקונג...

— איך האָב געזאָגט: „אויב"...

— נאָר זאָגנדיק „אויב", דערלאָזסטו, אַז אַזוינס איז מעגלעך?

אין דער אָנגעהויבענער פּאָלעמיק האָט ליוסיע פּלוצעם אָנגעווענדט אַ מיטל, אַף וועלכן דער סעקרעטאַר האָט זיך ניט גערעכנט, — זי האָט זיך צעוויינט. אַרופּ־געלייגט דעם קאָפּ אַף די הענט און צעוויינט זיך... ער האָט זיך פאַרלוירן, אַ קוק געטאָן אַף די מיטגלידער פון קאָמיטעט, ווי בעטנדיק בא זיי הילף אין אָט דער אומגעריכטער פאַר אים סיטואַציע...

צוויי מיידלעך פון קאָמיטעט זייַנען צוגעלאָפן צו ליוסיען:

— נאַרישע, הער אויף...

איינע האָט זיך אָנגערופן:

— גאָר קיין שרעקלעכס איז ניט געשען. פּאָשעט: אַ מענטש הייבט אָן עפּעס־וואָס צו באַנעמען...

האַסטיק אַ ריס געטאָן זיך פון די כאַווערטעס, איז ליוסיע אַרויסגעלאָפן פון צימער.

— וואָלאָדיע, ניט געדאַרפט אַזוי האַרב, — האָט איינע פון די מיידלעך גע־זאָגט צום סעקרעטאַר.

נאָך אַלץ אַ פאַרלוירענער פון ליוסיעס טרערן, האָט דער סעקרעטאַר זיך געפרוּווט פאַרענטפערן:

— איך האָב דאָך ניט געמיינט...

— עס מאַכט ניט אויס, — האָט זיך אָנגערופן דאָס צווייטע מיידל, — ס'וועט זייַן פאַר איר אַן אָנלערנונג, זי וועט עס פאַרגעדענקען...

אַרקאַדי האָט זיך געפֿילט פֿריקרע. אים האָט זיך געדאַכט — ער איז דער שולדיקער אין אַלץ. ער האָט ניט געטראַכט וועגן דעם, אַז שולדיק איז ליוסיע אַליין, וועלכע האָט פֿאַרקאָכט אָט די גאַנצע כאַסענע קעגן אים. און, פֿאַרשטייט זיך, איר האָט פֿאַרדראָסן, ווען דער איניען האָט זיך אַ קער געטאָן קעגן איר. דערויף האָט זי זיך ניט געריכט. און עפּשער האָט זי טאַקע עפּעס־וואָס אָנגעהויבן פֿאַרשטיין...

אין עטלעכע מינוט אַרום איז דאָס צימער געוווען פּוסט. דער איינציקער לעבעדיקער וועזן דאָ, די גרויסע שוואַרצע פֿליג, האָט, אַלעמאָל אָנשטויסנדיק זיך אין אַן אַנדער פֿענצטער־שויב, געזוכט אַ וועג אין דרויסן אַרויס...

4

היפּשע עטלעכע וואָכן זײַנען דורך, ביז אַרקאַדי האָט אַ צווייט מאָל זיך באַוויזן בײַ די גרינבוימס. ער איז די גאַנצע צײַט געווען שטאַרק פֿאַרטאָן אַף דער אַרבעט און מיט זײַנע פּאַרטיי־שע, קאָמיוגישע, געזעלשאַפֿטלעכע איניאַנים. עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז שאַבעס און זונטיק איז ער מיט עפּעס אויך געווען פֿאַרנומען. בלויז איין מאָל פֿאַר אָט דער צײַט האָט ער אָנגעקלונגען צו זיי. דאָס טרײַבל האָט גענומען שלימע סאַמוילאָוונע. זי האָט זיך שטאַרק דערפֿרייט מיט זײַן קלונג, אים גענומען אויסריידן, האַלעמײַ ער קומט ניט. אַף דער פֿראַגע, ווו איז סעמיאָן יעווסייעוויטש, האָט זי געענטפֿערט:

— סעמיאָן יעווסייעוויטש, אַז ער גייט זיך ניט דורך אַמווייניקסטנס דרײַ מאָל אין וואָך אַף זײַן פֿאַבריק, לעבט ער ניט. איצט איז ער אויך דאָרטן. אַוועקגעגאַנגען אַהין נאָך פֿון אינדערפֿרי.

— ער האָט דאָרט אַן אַרבעט? — האָט געפֿרעגט אַרקאַדי.

— איין אַרבעט? ערשטנס, איז ער, ווי געווען, אַ מיטגליד פֿון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פֿון דער פֿאַבריק, גייט אַף פֿאַרזאַמלונגען, פֿילט אויס אויפֿטראָגן. ווײַטער איז ער אין דער גרופּע פֿון פֿאָלקס־קאָנטראָל, און אין אַ קאָמיסיע פֿון קוואַליטעט, און נאָך עפּעס — איך קען אײַך גאָר אַלץ ניט אויסרעכענען. אַז אַ מענטש זוכט אַרבעט, געפֿינט ער.

— דאָס איז ניט שלעכט, — האָט באַמערקט אַרקאַדי.

— שלעכט איז עס ניט, — האָט געענטפֿערט שלימע, — אַלץ דאַרף אָבער זײַן מיט אַ מאָס.

— איר האַלט, אַז ער כאַפּט איבער די מאָס?

— מיר דאַכט, אַז יאָ, — האָט זי געזאָגט און טאַקע גלײַך אָפּן אָרט געפֿרעגט: — ווען קומט איר צו אונדז?

— איך קען אײַך ניט זאָגן פּינקטלעך, — האָט געענטפֿערט אַרקאַדי, — נאָר איך וועל קומען.

— אָט, ווען איר וועט קומען, וועט סעמיאָן יעווסייעוויטש אין ערגעץ ניט גיין. — איר שטים אין טרײַבל איז געוואָרן שטילער. — איך וועל אײַך אויסגעבן אַ סאָד...

— וואָס זשע?

— סעמיאָן יעווסייעוויטש זאָגט, אַז פֿאַר די עטלעכע וואָכן אין סאַנאַטאָריע האָט ער זיך אַזוי מיט אײַך צונויפֿגעלעבט, אַז „איך בענק נאָך אים, — זאָגט ער, — ווי נאָך אַן אייגן קינד”... איר הערט?

— איך הער...

— נו, און איר קומט ניט.

— כ׳וועל קומען, שלימע סאַמוילאָוונע, אומבאַדינגט קומען!

— און דאָס אייניקל אונדזערס וויל זיך מיט אײַך באַקענען.
— דאָס אייניקל?
— יאָ. דער זיידע האָט איר אַזויפיל וועגן אײַך אָנדערציילט, אַז זי וויל אײַך זען. איר האָט באַנק געטאָן, וואָס זי איז געווען אין כאַבאַראָווסק, ווען איר זײַט געקומען.
— נאָר אין כאַבאַראָווסק האָט זי דאָך אַן אינטערעס.
— אייסעך, אָפּן הימל אַ יאַריד... קומט. ווי נאָר איר וועט האָבן אַ פרײַע מינוט, קומט.
— אַ דאַנק, שלימע סאַמויִלאָווּנע. כ'וועל אומבאַדינגט קומען.
אַרקאַדי האָט אָוועקגעלייגט דאָס טרײַבל.
דאָס אייניקל... ער האָט זיך געפּרוּווט פאַנאַנדערקלײַבן אין זײַנע געדאַנקען און געפילן. אַוודאי ווען ער איז צום ערשטן מאָל געגאַנגען צו די גרינבוימס, האָט ער געמיינט צו זען זייער אייניקל אויך. מיט עפּעס האָט זי אים באַקאַנטערהייט אים אינטריגירט. „און איבערקלײַבערן”, — זאָגט וועגן איר דער זיידע. ער האָט אויך פאַרגעדענקט די צוויי יידישע שורעס אין איר בריוו, וואָס איז אָנגעקומען אין סאַנאַטאָריע: „טײַערער זיידע” און „זײַ געזונט, זיידעני!”. ווען ער האָט זי באַ זײַן ערשטן קומען ניט געטראָפן, האָט עס אים אַ ביספּעלע אַנטוישט. דערנאָך האָט ער דערהערט, אַז זי האָט אַ באָכער („מע דאַרף פאַרשטיין — אַ כאָסן?” — אַזוי האָט ער געטראַכט) אין כאַבאַראָווסק. איז צו וואָס קומען? יאָ, — איז ער זיך איצט מוידע געווען פאַר זיך אַליין, — דאָס האָט אויך געשפּילט אַ געוויסע ראָליע אין דעם, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג זיך ניט אויסגעקליבן מיט אַ צווייטן וויזיט צו די גרינבוימס. נאָר דאָס איז דאָך ניט גוט, — האָט ער זיך אַליין אין האַרצן געמוסערט, — ווי ליבלעך שלימע סאַמויִלאָווּנע האָט מיט אים אָקאָרשט גערעדט. און וואָס עס האָט געזאָגט וועגן אים סעמיאָן יעווסייעוויטש... זי האָט אויסגעגעבן זײַן סאָד. טײַערע מענטשן...
און דאָך האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז נאָך אַ גאַנצע וואָך צײַט האָט ער ניט געקאָנט אויספילן זײַן צוזאָג. אָפּגעלייגט אויף זונטיק, האָט מען אויף זונטיק געמאָלדן אַ קאָלעקטיוון אַרויספאָר אין וואַלד און ער האָט זיך געמוזט אין אים באַטייליקן.
געפאָרן זײַנען אַלע מיטגלידער פון זײַן בריגאַדע, כוץ מוסאַ גריזאַטולינען. ער און זײַן פרוי כאַפיזע האָבן ניט געהאַט אויף וועמען צו לאָזן דאָס קינד. מיטנעמען עס מיט זיך אין וואַלד האָבן זיי נאָך מוירע געהאַט — צו קליין איז עס. וואַסילי קרילאָוו און אָלעס טשערעדניטשענקאָ זײַנען געפאָרן מיט די פרויען און מיט זייערע שוין גרעסערע קינדער. יעגישע פּאַפּאַיאַן, נאָך ניט קיין באַווײַבטער, האָט מיטגענומען זײַן גיטאַרע. „מײַן טײַערע קאַלע”, — אַזוי האָט ער זי גערופן. ער האָט פריילעך געמאַכט דעם אוילעם אין אָווטאָבוס און דערנאָך אָפן אָרט. דאָס אָרט — אַ שטיק וווּנדער. אַ קילאָמעטער פּופּצן פון שטאָט, צופוסנס פון אַ הויכלעכער ברייטער סאָפּקע, דורכויס אַ פאַרוואַקסענער מיט פאַרשיידנאַרטיקן ביימער־געמיש — פיכטע, צעדער, אָלכע, אָסינע, קליאָן. אין זייער צוזאַמענגעגאָסענער טונקל־גרינער מעסיבע, וווּ־ניט־ווּ — ווי אַ שילערן אין אַ ווײַס פּאַרטעכל — אַ יונגע בערעזקע... דאָ טאַקע דערבײַ איז געווען אַן אָזערע, באַ די ראַנדן אירע — טונקל־גרין פון די ביימער און הויכע קוסטעס, וואָס האָבן אין איר אַרײַנגעקוקט, ווײַטער־צו — בלווילעך, און אינמיטן העל צעשמאָלצן — די זון האָט זיך דאָרט געשפּיגלט אין איר. מיט ראַש און טומל האָט באַם ברעג זיך געפּליושקעט קליינוואַרג. ווײַטער האָבן שטיל און פלינק „געלײַגט פּולקעס” דערוואַקסענע כוואַרע. אָנגעשוווּמען זיך, איז מען אַרויס אָפן ברעג, געטאַנצט, געיאָגט זיך מיט הילכיקן געלעכטער איינע נאָך די אַנדערע, די ייִנגלעך אין „פּלאַווקעס”, די מיידלעך אין קאָלירטע באָד־קאָסטיומען, דאָס לײַב אַרויסגע־

שטעלט פרײַ פאַר דער זון, פאַרן וואַסער, פאַר דער לופט — פאַר אַלע סטיכיִעס, אַליין אויך אַ שטיק סטיכיִע...

וואַסילי קרילאָוו איז אַלעס טשערעדניטשענקאָס ווײַבער — בײַ קרילאָוון אַ טונקל־אויגיקע און טונקל־לײַביקע פּולבלעכע אוקראַיִנערן, בײַ אַלעסן — אַ הויכע בלאָס־הויטיקע און בלוי־אויגיקע שיינהײַט פון ערגעץ הינטער ריאַזאַן — האָבן צוערשט זיך געשעמט פאַר די זײַטיקע מאַנצבילען, נאָר אינגיכן האָבן זיי אויך, ווי אַנדערע, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אייבערשטע קליידער און פאַרבליבן — אַקסאַנע (אַזוי האָט מען גערופן קרילאָווס פרוי) אין אַ רויטן און יעוודאָקיִע (טשערעדניטשענקאָס) אין אַ בלויען קופּאַלניק. צוזאַמען מיט די אייבערשטע קליידער האָבן ביידע פרויען ווי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַלע זאָרגן און די סאָ־לידקײַט פון מאַמעס פון קינדער, זיך דערמאָנט, אַז זיי זײַנען נאָך גאַנץ יונג. און מיט אַ פריידיקן געשריי אוועק צום וואַסער.

פּאַפּאַיאַנען מיט זײַן גיטאַרע האָט איבערגעכאַפּט אַן אַנדער קאָמפּאַניע, און זײַן געזאַנג האָט פון ערגעץ ווײַטלעך זיך דערטראָגן אַהער.

וואַסילי קרילאָוו האָט נאַרוואַס זיך דורכגעשווומען און האָט איצט אָפּגערוט, ליגנדיק אונטער אַ הויכן צעדער. דורך דער גרינער נאָדל־געדיכטעניש פונעם בוים האָט מיט העלע שטרײַפעלעך די זון זיך געוויגט אַפן מוסקולדיקן קערפּער פונעם גוואַר. אַרקאַדי, אויך נאָך אַ נאַסער נאָכן שווימען, איז געלעגן לעבן אים. מע האָט געשוויגן. ריידן האָט זיך ניט געוואָלט. גוט איז געווען נאָכן אָפּפרישן זיך אין וואַסער שפּירן, ווי אַ לײַכט וויינטל טריקנט דאָס לײַב, פילן די שטרײַ־פעלעך זון אַף זיך, אַרײַנעטעמען די לעבנספולע שאַרפע רייכעס פון דער ערד, פונעם גראָז, פונעם נאָענטן וואַסער.

— זע, סאַראַ דרייסטע, — האָט אין אַ לענגערער ווײַלע אַרום זיך אָנגערופן קרילאָוו.

— ווער? — האָט אַרקאַדי ניט פאַרשטאַנען. וואַסילי האָט מיטן בליק אים אָנגעוויזן אַף דער אייגענער ברוסט. אַרקאַדי האָט זיך אונטערגעהויבן אַפן עלנבויגן און דערזען: צווישן דער בלאָנדער האָר־געדיכטעניש אַפן כוואַרס מעכטיקער ברוסט שלאָגט מיט מאַטערניש דורך פאַר זיך אַ וועג אַ קליינינקע מורעשקע...

— קיצלט, צום טײַוול! — האָט מיט אַ שמייכל אונטערגעהויבן זײַנע רוסיאַ־ווע וואָנצעס קרילאָוו.

— אַזאַ נישט, — האָט ער מיט באַוווּנדערונג זיך אָנגערופן, — און סע קריכט...

ער האָט לענגער מיט נײַגער געשפּירט, וואָס עס טוט זיך אַף זײַן האָריקער ברוסט, און פאַרגעזעצט:

— פאַר איר איז דאָך עס פּונקט ווי ווען איך אָדער דו, אַשטייגער, זאָלן אַרײַנפאַלן אין דזשונגלען, אין עמעסע אַפריקאַנישע דזשונגלען... וואָס וואָלטן מיר מיט דיר געטאָן? זיך איבערגעשראָקן? נו, יאָ, און נאָך אַ מין! און דאָס האָט מוירע? ניין, זע, ווי עס קריכט, נישטערט, זוכט אַ וועג... אַך דו... — ער האָט צוגעפּלעטשט אַרום דער מורעשקע די האָר און איר צוגעשטעלט אַ פינגער... — וויבאַלד ביסט אַזאַ דרייסטע, וועלן מיר דיר העלפן... ווי זשע?.. — די מורעשקע איז אַרויף אַפן פינגער, ער האָט אַ שטרעק געטאָן דעם פינגער אין אַ זײַט און צוגעוואַרט, ביז דאָס אינזעקטל האָט בעשאָלעם זיך אַראָפּגעלאָזט אַף אַ גרינעם גרעזל...

אַרקאַדי האָט נאָכדעם געזאָגט:

— ווייסט, וועגן וואָס כ'האָב געטראַכט, וואַסילי, ווען האָסט זיך געפּאָרעט מיט דער מורעשקע?

— נו?

— דו העלפסט אַרויס דײַן גלײַכן.

קרילאָוו האָט אָנגעשטעלט אַף ארקאדין א שטוינענדיקן בליק:
— וואָס ווילסטו זאָגן דערמיט? א מענטש איז געגליכן צו א מורעשקע?
— פארקערט: א מורעשקע איז געגליכן צו א מענטשן.
— ווי־אזוי?
— אָט די מורעשקע איז מיסטאמע אין איר געזעלשאפט פונקט אזא גוואר, ווי דו אין דײַנער. דערפאר האָט זי אזוי דרייסט זיך געראנגלט אין דײַנע דזשונגלען.
— מעגלעך, — האָט געזאָגט קרילאָוו.
ארקאדי איז געלעגן נאזנדיק, מיטן קאָפּ אַף די צונויפגעפלאָכטענע הענט. א גרין־בלוי־גאָלדענע נעץ — די ביימער, דער הימל, די זון — האָבן לײַכט גע־וויגט זיך איבער אים. ער האָט צוגעמאכט די אויגן. א לײַטזעליקער דרעמל האָט אײַנגעשלעפערט זײַנע גלידער. דורכן דרעמל האָט ער מיטאמאָל דערהערט... צי אים האָט זיך אויסגעדאכט, אז עפּעס פרעגט מען בא אים. ער האָט געשוויגן.
קרילאָוו האָט זיך אונטערגעהויבן:
— שלאָפסט?
— ניין.
— פרעג איך דאָך בא דיר.
— וואָס?
— וואָס וועט זײַן דער סאָף פון דיר, פרעג איך, הא?
— וואָס פאר א סאָף?
— מאך זיך ניט טאמעוואטע! — וואסילי האָט זיך א קער געטאָן צו אים. דער בליק זײַנער — א בליק פון א מענטשן, וועלכן עס גייט אָן, אז אלעמען ארום זאָל זײַן גוט... — אָט ביסטו בריגאדיר, — האָט ער געזאָגט, — א כאָשעווער מענטש. מע האלט פון דיר. האָסטו עס אָבער פארדינט?
— איך זאָג ניט...
— פארדינט, פארדינט! — האָט אים איבערגעשלאָגן קרילאָוו. — לויט אלע פונקטן, כוץ איינעם...
— אוועלכן?
— דו ווייסט אליין...
— ניין, מיר איז ניט קלאָר.
— וועל איך דיר דערקלערן. נעם אונדזער בריגאדע: איך און אָלעס זײַנען באווײַבטע, האָבן ווילע פרויען, שוין היפשע קינדער, די עלטערע וועלן אײַנגיכן גיין אין שול. מוסא האָט שוין אויך אָן ערשטלינג. יעגישע לעבט אליין, האָט ער כאָטש א גיטארע, וואָס ער רופט זי „מײַן קאלע". דו — דאָס אויך ניט...
— אָט וועגן וואָס, — האָט ניט צופרידן זיך אָפּגערופן ארקאדי.
— יאָ, וועגן דעם, — האָט געענטפערט וואסילי און איבערגעכאזערט, אונ־טערשטרײַכנדיק, — וועגן דעם.
— וואָס — וועגן דעם?
— דו ווייסט ניט, וואָס דאָס איז?
— ניין, — האָט געענטפערט ארקאדי.
— און שעמסט זיך ניט? מאיאקאָווסקיס א באוווסטע פּאָעמע הייסט אזוי. „פּראָ עטאָ"... וועגן דעם זעלבן, הייסט עס, וועגן דעם סאמע־סאמע איקער...
— מאיאקאָווסקין האָב איך ליב, — האָט געזאָגט ארקאדי, — נאָר די זאך זײַנע ניט געלייענט.
קרילאָוו האָט א קנייטש געטאָן דעם שטערן.
— אמאָל האָב איך געקענט גאנצע שטיקער פון אָט דער פּאָעמע אַף אויס־ווייניק.ווארט, אָט:

Эта тема день истемнила в темень,
колотись — велела — строчками лбов.
Имя
этой темы...![1]

— ווײַטער, — האָט געזאָגט קרילאָוו, — גייען א פּילפּונקט מיט אן אויסרופֿ־צייכן אָנשטאָט דעם וואָרט, וואָס דארף דאָ שטיין. ווי מיינסטו — וואָס פאר א וואָרט איז עס?

— ליובאָוו? — האָט ניט זיכער געזאָגט ארקאדי.

— אָט־אָט, — האָט אונטערגעכאפּט קרילאָוו, — טאקע זי מיינט מען. הער, וואָס ער זאָגט ווײַטער:

Чтоб не было любви — служанки
замужеств,
похоти,
хлебов,
Постели прокляв,
встав с лежанки,
Чтоб всей вселенной шла любовь![2]

— ווי?!

— שטארק! — האָט אויסגערופן ארקאדי און האָט זיך אף לאנג פארטראכט. — נאָר מאיאקאָווסקי אליין האָט דאָך קיינמאָל ניט כאסענע געהאט, — האָט ער געזאָגט.

— ווילסטו אים נאָכטאָן?

נאָר דאָ האָט מען איבערגעשלאָגן זייער געשפּרעך. עס זײַנען צוגעקומעןביידע פרויען, אָקסאנע האָט געפירט בא די הענט ביידע בלאָנדהאָריקע ייִנגע־לעך. זיי האָבן געפּכימקעט, געוואָלט נאָך זײַן אין וואסער.

— גענוג, — האָט די מאמע געזאָגט שטרענג, — אליין וועט איר זיך נאָך דערטרינקען.

— און פארוואָס גאליע און וואליע? — האָבן געכניקעט די ייִנגלעך, מיינענ־דיק די טשערעדניטשענקאָס.

— מיט זיי איז געבליבן זייער פּאפּע, — האָט געענטפערט אָקסאנע. — אויב אײַער פּאפּע וויל, זאָל ער אײַך אויך נעמען מיט זיך.

ראפּטום אופגעשפּרונגען, ווי גרויס ער איז, האָט קרילאָוו אויסגערופן צו ארקאדין:

— מיר גייען?! — דאָס עלטערע ייִנגל האָט ער א כאפּ געטאָן אף די אקסלען, ארקאדי האָט גענומען דעם קלענערן, און מע איז אוועק.

— פּאמעלעכער, שיידים, — האָט נאָכגעשריִען אָקסאנע, — איר וועט נאָך אראָפּוואַרפן די קינדער...

ביידע ייִנגעלעך, איבערגליקלעכע, זײַנען זיך פארגאנגען אין געלעכטער.

---

[1] די דאָזיקע טעמע האָט דעם טאָג פארטונקלט ביז פינצטערניש,
קלאַפּ זיך — האָט זי באפוילן — מיט שורעלעך־קעפּ.
דער נאָמען
פון דער דאָזיקער טעמע...!

[2] עס זאָל ניט זײַן קיין ליבע — קיין דינסט,
קיין כאסענעס,
גלוסטונג,
ברויט,
די בעטן פארשאָלטן,
זיך אופגעהויבן פון געלעגער,
זאָל איבער גאָר דער וועלט שפּאנען די ליבע!

גוט אָנגעבאָדן זיך, איז מען צוריקגעקומען. די ווײַבער האָבן שוין באוויזן ארופוווארפן אף זיך לײַכטע ציצענע כאלאטלעך. אונטערן צעדער, אף אן אויס־געשפּרייטן טישטעך האָבן רייצנדיק געגלאנצט דין אָנגעשניטענע אוגערקעס, גרינע ציבעלעס, אָפּגעשיילטע אייער, געקאָכטע יונגע קארטאָפל, קאָטלעטן, א פּאָר פלעשער ווײַן, סיטראָ פארן קליינוואָרג. נאָכן באָדן זיך, אף דער פרישער לופט, האָט זיך געגעסן באזונדערס געשמאק. פון אנדערע קאָמפּאניעס איז מען צוגעגאנגען צו זיי, זיך צוגעזעצט, צוזאמען געהערט לידער און מוזיק פון די טראנזיסטאָרס, מיטגעזונגען.

פּאמעלעך האָט זיך אראָפּגעלאָזט די זון אף יענער זײַט סאָפּקע, געלאָזט נאָך זיך בלויז א קילע העלישע רויטקײַט. די רויטקײַט האָט זיך געשפּיגלט אין דער אָזערע. די מאמעס האָבן זיך אָנגעהויבן באומרוִקן — עס ווערט קיל, עס זאָל ניט פארשאטן די קינדער. אָקסאנע און יעוודאָקיִע האָבן גענומען איבערטאָן דאָס קליינוואָרג, אָלעס האָט זיי געהאָלפן צונויפנעמען די זאכן.

שטייענדיק אונטערן הויכן צעדערבוים, האָבן וואסילי און ארקאדי פאָרגע־זעצט דעם שמועס, וואָס מע האָט זיי פריִער ניט געלאָזט פארענדיקן.

— איך גלייב ניט קיין פרויען, — האָט אן אָנגעכמורעטער געזאָגט ארקאדי.

— וואָס הייסט?

— כ׳גלייב ניט — און א סאָף...

— מיינסט, אלע זײַנען, ווי זאָיע? — וואסילי האָט געוווסט די געשיכטע פון ארקאדיס ערשטער ליבע.

— ניט נאָר אין זאָיען גייט עס.

— אין וואָס זשע? אפּן זאוואָד זײַנען דאָ אזויפיל טײַערע מיידלעך...

— ניט פאר מיר.

— זיך אָפּגעבריט אף הייסן, ווסטו א גאנץ לעבן בלאָזן אף קאלטן?

— ווייסט דאָך, — האָט ארקאדי געענטפערט, — כ׳האָב דיר שוין אמאָל גע־זאָגט: כ׳וועל זיך ניט צונויפגיין מיט קיין פרוי, ביז כ׳וועל ניט באגעגענען אזא, וואָס זאָל מיך פארכאפּן אינגאנצן, כ׳זאָל פילן: אָן איר קען איך ניט...

— האָסטו נאָך אזא ניט באגעגנט?

ארקאדי האָט געשוויגן, ווי ניט הערנדיק די פראגע, דערנאָך געזאָגט:

— וואלערי האָט אונטערגעפירט.

— וועלכער וואלערי?

— קראָס.

— אָט דער ביטניק? וואָס האָט ער פאר א שײַכעס?

— א ביטניק, זאָגסטו? ס׳איז ניט גאָר אזוי. פון אים קאָן מען נאָך מאכן א מענטשן, און כ׳האָב געקליבן זיך עס טאָן. איז ער אוועקגעפאָרן...

— אָבער — וואָס פאר א שײַכעס?

אומגעריכט פאר זיך אליין האָט ארקאדי דערציילט וועגן דער באגעגעניש פארן אוועקפאָרן אין סאנאטאָריע.

— און מער האָסטו זי ניט געזען?

— ניין. געהאָפט, צוריק קומענדיק, בא וואלערין דערקונדיקן זיך ווער־וואָס. איז ער ניטאָ.

קרילאָוו האָט זיך צעלאכט.

— וואָס לאכסטו?

— זוכסט א זשוראוול אין הימל?

— קיין סיניצעס דארף איך ניט.

— וואסילי! ארקאדי! — האָט געשריִען אָקסאנע. — דער אווטאָבוס גייט באלד אָפּ...

דער זאַוואָדישער אויטאָבוס איז שוין געווען פול געפאַקט, ווען זיי זײַנען אין אים אַרײַן. איבערגעפּולט מיט פרײלעכער גערײדערײַ, מיט הילכיקע געלעכטער־אויסברוכן, מיט גרויסע בוקעטן פײַערדיקע סאַראַנקעס, מיט וואַלדיקער פרישקײַט, האָט אין דער פאַרנאַכטיקער טונקלעניש דער אויטאָבוס שנעל געיאָגט איבערן אַספאַלט צווישן די דעמבענע וועלדלעך פון ביידע זײַטן וועג. און פון אַריבער דער אַלץ ווײַטער ווערנדיקער טונקעלער סאָפּקע האָט דעם גאַנצן וועג זיי נאָכגעקוקט אַ ניט־פאַרגייענדיקער שקיִע־פּאַס. אים איז, דאַכט זיך, זייער אָנגעגאַנגען צו וויסן, צי זיי, אָט די אַלע אינעם יאָגנדיקן אויטאָבוס, האָבן ניט קיין כאַראָטע אויפן פאַרגאַנגענעם טאָג...

5

מאָדנע, אַף מאָרגן האָט אַרקאַדין פון גאַנצפרי עפּעס געדריקט אויפן האַרצן. וואָס זאָל עס באַטײַטן? נעכטן האָט מען דאָך אַזוי גוט פאַרבראַכט. סײַדן דער שמועס, וואָס וואַסילי האָט מיט אים דאָרט, אין וואַלד, פאַרפירט? האָט ער דאָך קיין שלעכטס ניט געמיינט דערמיט, אַרקאַדי ווייסט, ער האָט געמיינט זײַן טויווע. און דאָך... דאָך האָט ער באַרירט אַן אָנגעווייטיקט אָרט... אַרקאַדי דערציילט וועגן דעם קיינמאָל קיינעם ניט, נאָר — ס'טוט ווײ... איינזאַם איז ער, איינזאַם... דאָ אין צימער בײַ זיך, דאָרט, אין וואַלד... וואָס הייסט איינזאַם? — האָט ער זיך אַליין איבערגעשלאָגן אין געדאַנק. — און די כאַווײרים, די פרײַנט, אַלע, וואָס זײַנען נעכטן מיט אים געווען — נאָענטע דאָך, אייגענע... ריכטיק, — האָט ער זיך אַליין געענטפערט, — דאָס האַרץ פאָדערט אָבער נאָך עפּעס, נאָך אַ נאָענטקײַט, די סאַמע־סאַמע... דאָס, וואָס מאַיאַקאָווסקי האָט געשעמט זיך אָנרופן באַם נאָמען, באַצייכנט בלויז מיט אַ פּילפּונקט און אַן אויסרוף־צייכן... „פראָ עטאָ" — וועגן סאַמע דעם, הייסט עס, וואָס אָן דעם קען אַ מענטש זיך ניט באַגיין, אָן דעם קען ער ניט לעבן, אָן דעם איז דאָס לעבן זײַנס ניט גאַנץ, ניט פול, ניט באַרעכטיקט...

Чтоб всей вселенной шла любовь...

גוט געזאָגט. נאָר אויב „ווסיעי ווסיעליענאָי", דאַרף זי דאָך אָנרירן אַלעמען, יעדן לעבעדיקן וועזן, נאָר אָט אים האָט זי אויסגעמיטן...

אָט די געדאַנקען האָבן געמאַטערט אַרקאַדין פאַרן אײַנשלאָפן, מיט זיי האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג. ווי אַפּצולאָכעס, איז קאַליע געוואָרן דער וועטער. נעכטן איז געווען אַזאַ שיינער, ליכטיקער טאָג, הײַנט איז וואָלקנדיק, אָט־אָט וועט נעמען רעגענען. אַ סמוטנע טונקעלער דרויסן. און אויפן האַרצן — סמוטנע.

ער האָט אַפגיך זיך אָנגעטאָן (פרישטיקן האָט זיך ניט געוואָלט), גענומען אין האַנט דעם טונקל־גרינעם באַלאָניע־פּלאַשטש (געוויס וועט רעגענען) און איז אַוועק צו דער אַרבעט. שוין אַראָפּלויפנדיק פון די טרעפּ, זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן: די וואָך אַרבעט דאָך זײַן בריגאַדע אין דער צווייטער וואַכטע. ווי האָט עס געקאָנט אַרויס בײַ אים פון קאָפּ! וואָס זשע טוט מען? צוריק אין צימער אומקערן האָט זיך ניט געוואָלט. ווו זשע טוט מען אַהין אַ האַלבן טאָג? און דאָ האָט ער זיך דערמאָנט: די גרינבוימס! אָט ווו ער וועט אַהינטאָן די פרײַע עט־לעכע שאָ. אָנקלינגען? ניין, פּאָשעט קומען: אָט בין איך! שלימע סאַמוילאָוונע האָט דאָך געזאָגט: ניט קלינגען, ניט וואָרענען. אַ פרײַע מינוט, קומט! ווי קומט מען אָבער צו פרעמדע מענטשן גאַנץ פרי? — האָט ער ווײַטער איבערגעקלערט. — איז וואָס? זיי שלאָפן שוין דאָך ניט. און זיי זײַנען דען פרעמדע? שוין צום ערשטן מאָל האָט ער זיך דערפילט בײַ זיי אַזוי היימיש, און ניט נאָר

מיט סעמיאָן יעווסייעוויטשן, מיט שלימע סאמוילאָווגען אויך. מיט עפּעס דער־מאָנט זי אים זײַן באָבע — א קלוגע, א האַרעפּאשנע, א צוגעלאָזטע פרוי... און גוט, וואָס ער וועט דאָס איינִיקל ניט טרעפן — זי איז געוויס אַף דער אַרבעט. זי דאַרף ער ניט האָבן. צו וואָס? זי האָט א כאָסן, זאָל איר ווויל באַקומען. ער וועט פארברענגען מיט די אלטע לײַט, טײַערע מענטשן... אָ, ער איז גאָר ניט אזוי איינזאַם, ארקאדי. פאַראַן בא אים א היימיש הויז...

אין א האלבער שאָ ארום איז ער שוין געווען בא די גרינבוימס. זיך אנטשולדיקט פונדעסטוועגן, האלעמײַ ער האָט ניט אָנגעקלונגען, ניט געוואָרנט.

ביידע, סעמיאָן יעווסייעוויטש און שלימע סאמוילאָווגע, איבערשלאָגנדיק איינע דעם אנדערן:

— גוט, וואָס ניט געקלונגען.

— גוט, וואָס ניט געוואָרנט.

— ווער דאַרף די צערעמאָניעס?

— אזוי פרי — ס'מאכט ניט אויס?

— גוט, וואָס פרי.

— וואָס איז די נאַפּקעמינע?

ער ארבעט הײַנט אין דער צווייטער וואכטע.

גוט, וועט ער בא זיי טאקע עסן מיטיק.

שלימע האָט זיך אנטשולדיקט — זי מוז צוגיין אין קראָם, מע האָט געבראַכט פריש קרויט. וועט זי נעמען עטלעכע הייפּטלעך און מאכן צום מיטיק פּראקעס. ער ווייסט ניט מיט וואָס מע עסט עס? געשיקט זיך? נו, אָט, וועט ער פארזוכן אירע פּראקעס, וועט ער שוין א סימען האָבן.

אין טיר שטייענדיק, — צום מאַן:

— לאָז שוין איבער דײַן ארבעט און פארנעם זיך מיטן גאסט. איך קום באלד צוריק.

— וואָס פאר אַן ארבעט? — האָט געפרעגט ארקאדי, ווען די טיר הינטער דער באלעבאָסטע האָט זיך פארמאכט.

— אייסעך, — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייעוויטש, — אז ס'איז ניטאָ וואָס צו טאָן, איז אלץ אַן ארבעט. — ער האָט ארײַנגעפירט ארקאדין אין צווייטן צי־מער. דאָס הויכע ברייטע פענצטער איז געווען נאקעט־הויל אָן די גארדינען. א היפּשע באנקע מיט צעפירטער בלוילעכער אייל־פארב איז געשטאַנען אפן פענצטער־ברעט. א ניט גרויס בערשטל איז געלעגן דערבײַ. — פאַראיאָרן, — האָט ער געזאָגט, — ווען מע האָט געמאכט רעמאָנט, האָט מען אָפּגעפארבט צו טונקל, וויל ער דאָס פענצטער, די בײַשטידלעך איבערפארבן, סע זאָל זײַן א ביסל ליכ־טיקער.

— און איר קלײַבט זיך עס אליין טאָן? — האָט געפרעגט ארקאדי.

— וואָס זשע?

— ס'איז ניט פאר אײַך קיין ארבעט קריכן אפן פענצטער, שטיין אינדער־לופטן...

— פאר וועמען זשע איז עס אַן ארבעט?

— פאר מיר, — האָט געענטפערט ארקאדי. — ס'איז אַן ארבעט פאר מיר! איך האָב ליב די מעלאָכע. ווען איך האָב געדינט אין פלאָט, פלעגן מיר פארבן און דראַיען, אז ס'איז געגאנגען א רויך! אָט נעם איך זיך שוין! — האָט ער אָנ־געהויבן אראָפּצײַען דאָס אייבערשטע העמדל.

— וואַרט, הייך זיך ניט, — האָט אים אָפּגעהאלטן דער באלעבאָס. — מער פעלט ניט, שלימע זאָל ארײַנקומען און דיך טרעפן אפן פענצטער! זי וואָלט מיר גע־געבן יענע גאָב! האָסט כאָטש געפרישטיקט?

— און אז ניט, איז וואָס?

— אזוי זשע רעד. ווײסט אָפּעסן פּרישטיק, דערנאָך וועלן מיר זען.

אינגיכן האָט זיך אומגעקערט די באַלעבאָסטע. דער מאַן האָט טייקעף פאַרמאסערט פאַר איר דעם גאַסט:

— שלימע, דו ווייסט, ער האָט דאָך היינט נאָך ניט געפרישטיקט, דער טאַכשיט!

זי האָט אוועקגעשטעלט דאָס קוישל, א צעשפּאַרטס פון עטלעכע היפּשע הייפּטלעך קרויט.

— ווײ איז מיר, — האָט זי א פליעסקע געטאָן מיט די הענט, — וואָס זשע האָט איר געשוויגן? און איך שטיי און דערצייל דאָרט מײַסעס מיט א שכיינע... באַלד! באַלד וועלן מיר עפּעס מאַכן...

אין געציילטע מינוטן ארום האָט אפן טיש מיט גאָלדענע אויגן־קײַלעכער זיך געכײַנדלט א פּרעזשעניצע — א גלאַזוניע, עס זײַנען געווען אָנגעשניטן גרינע אוגערקעס מיט ציבעלעס, עס איז געשטאַנען ברויט מיט פּוטער און עס האָט זיך מעכײַעדיק געדעמפּט א גלאָז קאַווע. אַרקאַדי האָט דערפילט מיטאַמאָל א שטאַרקן אַפּעטיט, ער האָט געקײַט אף ביידע באַקן, און די באַלעבאַטים (זיי האָבן שוין געפרישטיקט) האָט עס זייער האַנאָע געטאָן. שלימע סאַמוי׳לאָוונע איז אינגיכן אוועק אין קיך — זי וויל צום מיטיק באַוויַזן אָפּקאָכן די פּראַקעס.

אַרקאַדי האָט באַמערקט, אז סעמיאָן יעווסייעוויטש זעט היינט אויס עפּעס סמוטנע.

— איר זײַט ניט געזונט? — האָט ער א פרעג געטאָן.

— פון וואָס נעמסטו?

— עפּעס זעט איר היינט אויס...

— ניט וואַזשנע?

— ניט וואָס, נאָר...

— יאָ, די היפּערטאָניע מאַטערט צו ביסלעך. נאָר ניט אין דעם גייט עס.

— אין וואָס זשע?

— עט, א סך צו ריידן.

— אָבער פאָרט?

— נו, אָט, דו עס, און איך וועל דיר דערציילן. פאַרשטייסט, ווו מע טוט זיך ניט א קער, איז אומעטום די זעלבע זאַך. אָן איר ניט אהער, ניט אהין...

— וואָס פאַר א זאַך?

— די׳אַלעקטיקע.

— וואָס? — האָט איבערגעפרעגט אַרקאַדי, ניט דערטראָגנדיק דעם גאָפּל צום מויל.

— די׳אַלעקטיקע, זאָג איך. כידעשסט זיך, וואָס דו הערסט פון מיר אזא וואָרט?

— ניין, נאָר...

— איך פאַרשטיי, — האָט געזאָגט סעמיאָן יעווסייעוויטש, — קיין אינסטיטוטן האָב איך דאָך ניט פאַרענדיקט, ווי זשע קומט צו מיר, ווילסטו פרעגן, די׳אַלעקטיקע? וועל איך דיר ענטפערן: און דורכשפּאַנען צופוס פון סמאָלענסק ביז סטאַלינגראַד, און דערנאָך פון סטאַלינגראַד ביז בערלין — איז דיר א קליינע די׳אַלעקטיקע? איז אָט... — ער האָט אף א ווײַלע זיך פאַרטראַכט און פאָרגעזעצט: — אָן איר — קיין טראָט. אנטקעגן וואָס זאָג איך עס? אנטקעגן גאָר אנדערע זאַכן. די מילכאָמע האָט מען פאַרענדיקט, אף דער וועלט איז שאָלעם. מיר האָבן זיך ווידער געשטעלט אף די פיס, עס איז אוועק א בויונג — נײַע שטעט, זאַוואָדן, עלעקטראָסטאַנציעס. נעם אונדזער שטאָט — ווי זי איז אויסגעוואַקסן פאַר די לעצטע יאָרן! וואָס קאָן זײַן בעסער, הא?

— פאַרשטייט זיך, — האָט צוגעשטימט אַרקאַדי, ניט ווייסנדיק נאָך, וואָס וויל אויסברײַען זײַן מיטשמועסער.

— גוט, זייער גוט, — האָט יענער געזאָגט און פּלוצעם, ווי גאָרניט צו דער זאַך, א פּרעג געטאָן: — די וואָלאָטשײַעווקער גאַס ווייסטו?

— וואָס זשע, — האָט געענטפערט ארקאַדי, — אמאָל, איך בין נאָך געווען א קינד, האָבן מיר אַף אָט דער גאַס געוווינט.

— און איצט קומט דיר אויס אמאָל צו זײַן דאָרט?

— ניט אָפט. א פּרעכטיקע גאַס געוואָרן מיט נײַע שיינע מויערן.

— און וואָס איז דאָרט געווען פריִער?

— הילצערנע הײַזער, געדענק איך, פון די גאָר ערשטע איבערוואַנדערער.

— איז אָט, — האָט זיך אָנגערופן סעמיאָן יעווסייעוויטש, — איינס פון אָט די הײַזער אַף דער רעכטער זײַט גאַס איז געווען מײַנס.

— אײַערס?

— יאָ, ווען מיר זײַנען נאָר געקומען אהער, האָבן מיר אינגיכן אָט דאָס הויז אויסגעבויט. ווען כ'האָב כאַסענע געהאַט און אריבערגעפאָרן אין קאָלכאָז, זײַנען אין הויז געבליבן מײַנע עלטערן. נאָך דער מילכאָמע האָב איך זיך באַזעצט אין דעם הויז מיט מײַן מישפּאָכע. צו דער צײַט איז אויסגעוואַקסן ארום דעם הויז א היפּשער סאָד. א גאָרטן געווען. דער גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען בא מיר — אין א רו־טאָג אָדער אינמיטן דער וואָך אין א פרײַער שאָ טאָן ־עפּעס אין סאָד צי אין גאָרטן, זען, ווי עס וואַקסט, העלפן דער מאַמעניו־ערד ארויסגעבן אירע געבענטשטע פּרוכט... וואָס קאָן זײַן שענער און בעסער דערפון, האָ?

סעמיאָן יעווסייעוויטש איז אַנשוויגן געוואָרן.

— ווי זשע איז עס איצט? — האָט ארקאַדי געפרעגט.

— איצט? ווייסט דאָך, די שטאָט וואַקסט. און וואַקסט ניט גלאַט אין דער וועלט ארײַן, — לויט א פּלאַן. דעם פּלאַן באַשטעטיקט מען אין די גאָר הויכע פענצטער. איז לויט דעם דאָזיקן פּלאַן געקומען די ריי צו אונדזער גאַס. פון דער רעכטער זײַט דאַרף מען דאָ אוועקשטעלן דרײַ פינפגאָרנדיקע מויערן צו הונ־דערט דירעס אין יעדערן. שטעלסט זיך פאָר, בויען דאַרף מען זיי דאָרט, ווו אונדזערע הילצערנע וווינונגען שטייען. מיר און מײַנע שכיינים זאָגט מען: פאַר די דירעס, פאַר אײַערע גערטענער און סעדער וועט איר באַקומען וויפל אײַך קומט, און איר קלײַבט אויס: אָדער קלײַבט זיך ארײַן אין א נײַ געמויערט הויז מיט אלע פּריטשענדאַלן, אָדער פאָרן געלט, וואָס מע האָט אײַך אָפּגעצאָלט, קויפט זיך א דירע אין א קאָאָפּעראַטיוון הויז, ווי איר ווילט! ווען וועסטו זאָגן — ניין? האָבן מיר געקויפט אָט די קאָאָפּעראַטיווע דירע.

— טוט עס אײַך באַנק?

— וואָס איז שײַעך — באַנק? נאָר אמאָל גיי איך זיך דורך צו דער וואָלאָ־טשײַעווקער גאַס, פּונקט נעכטן בין איך אויך דאָרט געווען. וואָס זאָל איך דיר זאָגן? פון איין זײַט — שיינע פּרעכטיקע מויערן, א כיִעס! נאָר פון דער אַנדערער, אז טוסט א קוק אַפן גלאַטן אַספאַלט, וואָס האָט צוגעדעקט די ערד דאָרט, ווו אמאָל פלעגן בליִען און גרעאָטן מײַנע ווײַנשלבײמער און עפּלבײמער, רײַסט אויס א שטיק האַרץ... — סעמיאָן יעווסייעוויטש איז אַנשוויגן געוואָרן און צו־געגעבן: — אָט האָסטו דיר — דיִאַלעקטיקע...

— פון אַזאַ דיִאַלעקטיקע איז נאָך צו דערלײַדן, — האָט באַמערקט ארקאַדי.

— און נאָך א זאַך, — האָט, ווי ניט הערנדיק אים, פאָרגעזעצט סעמיאָן יעוו־סייעוויטש, — פריִער אין מײַן אַלטן הויז האָב איך געדאַרפט האַקן האָלץ, קעדיי באַוואַרעמען עס, געדאַרפט שלעפּן און טראָגן וואַסער פון ברונעם, געדאַרפט טאָן א סאַך אַנדערע זאַכן. איצט, אין די נײַע דירעס, פאַרשפּאָרט מען עס. מע איז אַף אַלעם גרייטן. די וואַסער, דאָס הייצוואַרג, דער גאַז — אַלץ אַפן אָרט, מע דאַרף ניט ארײַנטאָן קיין האַנט אין קאַלט וואַסער...

— איז דאָך גוט, — האָט באַמערקט ארקאַדי.

— גוט איז טאַקע גוט, — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייעוויטש, — אָבער ניט אײַנגאַנצן. אָט איר, יונגע, ווייסט דאָך שוין אַפילו ניט דעם טאַם פון אַזאַ פּאַשעטער זאַך, ווי האַקן האָלץ. סאַראַ פאַרגעניגן דאָס איז! כ׳דערמאָן זיך: טוסט אַ הייב די האַק איבערן קאָפּ און לאָזט זי אַראָפּ אויף אַ גראָבן קלעצל — טראַך! — ווערט דערפון צוויי... דערנאָך ווערט פון די צוויי — פיר... טרעפט אַ סוקעוואַטע קלעצל, די האַק פאַרזינקט אין דעם. הייבסטו עס אויף מיט דער האַק אײַנגיינעם און אויף דער קאָלאָדע — טראַך! — איין מאָל, אַז מע דאַרף, — אַ צווייט מאָל... דער פראָסט ברענט, נאָר עס ווערט הייס, וואַרפסט אַראָפּ דאָס פּעלצל, עס שלאָגט אַזש אַ פּאַרע... און אַרום ליגט שוין אַ באַרג מיט שײַטלעך, טרוקענע, שמעקנדיקע... עך... פאַרגעדענק מײַנע ווערטער, אַרקאַדי: קאָלזמאַן אַ מענטש לעבט, דאַרף ער האַקן האָלץ. האַקט ער ניט קיין האָלץ, איז ער ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט אים.

— איר מיינט, האַקן האָלץ מאַמעש?

— איך מיין אַרבעט, — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייעוויטש. — אַ מענטש מוז אַרבעטן. אַרבעט ער, איז אַז וויל צו אים! אַרבעט ער ניט, קאָן מען דערוואַרטן ווו נאָר אַן אומגליק, ווו נאָר אַ צאָרע...

פונעם געשמאַקן פּרישטיק, פון סעמיאָן יעווסייעוויטשעס רייד האָט אַרקאַדי זיך דערפילט מיטאַמאָל אויפגעלייגט, קיין סימען פון דער אינדערפרי׳יִקער מאָרעשכוירע. ביז גאָר אויפגעלייגט האָט ער אויסגערופן:

— איצט פאַרשטיי איך, סעמיאָן יעווסייעוויטש, פאַרוואָס איר האָט זיך גענומען איבערפאַרבן די בײַשטידלעך און דאָס פענצטער...

— וואָס זשע, — האָט יענער אַ שמייכל געטאָן בלויז מיט די אויגן אַליין, — עפּעס דאַרף מען דאָך טאָן.

— און פונדעסטוועגן, — האָט געזאָגט אַרקאַדי, — וועל איך אָט די אַרבעט בײַ אײַך צונעמען.

שלימע סאַמוילאָווענע האָט פּונקט זיך באַוויזן פון קיך.

— עפּשער נאָך אַ גלאָז קאַווע?

— אַ דאַנק! — האָט געענטפערט אַרקאַדי. — זאָט — אָט אַזוי! איצט קלײַב איך זיך אײַך אָפּאַרבעטן פאַרן פּרישטיק.

— וואָס הייסט, — האָט זי אַ ווײַז געטאָן אויפן מאַן. — אַ מענטש האָט קוים צוגעטראַכט פאַר זיך אַ שטיקל אַרבעט, ווילט איר עס בײַ אים צונעמען? — מיט אַ שמייכלענדיקן בליק האָט זי אַ פיר געטאָן אויף ביידן און געפּאַסקנט: — בײַם טיש דאַרף מען אָפּטרעטן דאָס אָרט פאַר עלטערס פון זיך, בײַ דער אַרבעט — פאַר ייִנגערס...

— בראַוואָ, שלימע סאַמוילאָווענע! — האָט אויסגערופן אַרקאַדי. — איר ווייסט גאָרניט, וואָס פאַר אַ כאַכאָמע איר זײַט!..

עס האָט קיין מינוט ניט געדויערט, איז ער שוין אין צווייטן צימער אין איין מײַקע (דאָס העמדל אַראָפּגעוואָרפן) געשטאַנען אַפן פענצטער מיטן בערשטל אין האַנט.

— איך וועל עס מאַכן פּאָ־פּלאָטסקי, — האָט ער געמאָלדן, — גייט און גוט! און איר, סעמיאָן יעווסייעוויטש, זעצט זיך, זײַט אַזוי גוט, און כאַפּט אַ קוק אין דער הײַנטיקער צײַטונג.

נאָר די פרוי האָט געפונען פאַר אים אַן אַנדער אַרבעט — העלפן איר איבערדרייען דאָס פלייש צו די פּראַקעס.

אַרקאַדי האָט פליַיסיק זיך גענומען צו דער אַרבעט. פון פענצטער איז ער אַראָפּ און זיך פאַרנומען צוערשט מיט די בײַשטידלעך. דערנאָך נאָכאַמאָל אַרויף אַפן פענצטער. געאַרבעט ניט געאײַלט, אַקוראַט, סטאַרענדיק זיך, קיין מינדסטער פלעק זאָל ניט פאַלן דאָרט, ווו מע דאַרף ניט. „אַ שטיקל אַרבעט דאַרף געמאַכט

ווערן ריין״ — אזא קלאל האָט ער געהאט. פארכאפּט מיט דעם, וואָס ער האָט געטאָן, האָט ארקאדי ניט באמערקט, ווי ס׳זײַנען דורך א קנאפּע פּאָר שאָ. מיטאמאָל האָט ער דערהערט א קלונג אין דער קאָרידאָר־טיר. שלימע איז אוועק עפענען. „אוי, מירעלע! — האָט זי אויסגערופן. — אזוי פרי אף מיטיק?״

דאָס אייניקל! — האָט זיך אָנגעשטויסן ארקאדי. ניט צו וויסן פארוואָס, האָט אים א טיאָכקע געטאָן אין הארצן. „וואָס איז?״ — האָט ער זיך אף זיך אליין פארכידעשט. — סײַדן דערפאר, וואָס גראָד הײַנט האָט ער זיך ניט געריכט זי צו טרעפן? און נאָך א געדאנק: פונדעסטוועגן ציקאווע אף איר א קוק טאָן. אזויפיל וועגן איר זיך אָנגעהערט. די אלטע לײַט רופן זי מירעלע. ער האָט שוין א פּאָר מאָל פון זיי אָט דעם נאָמען געהערט.

אין קאָרידאָר — א שושקעניש. מע דערציילט איר, אז אין שטוב איז דאָ א גאסט.

דעם אייניקלס קלינגענדיקע שטים:

— הײַנט וועט בא אונדז קאָנסולטירן א פּראָפעסאָר. ספּעציעל געקומען פון כאבאראָווסק. באבוליע, כ׳האָב אײַנגאנצן א האלבע שאָ...

ארקאדי האָט זיך פארלוירן. אזא־אָט וועט זי אים דערזען אפן פענצטער שטייענדיק? אין איין מינוט, די פינגער אין אייל־פארב? מע דארף עפּעס טאָן... ניט באוויזן האָט ער זיך אָבער א קער טאָן, איז זי שוין געשטאנען אפן שוועל. שיר ניט אָנווערנדיק דעם גלײַכגעוויכט, האָט ארקאדי אף איין פוס זיך א דריי געטאָן אפן פענצטער־ברעט און קעדיי ניט אראָפּפאלן, א שטרעק געטאָן פאָרויס דאָס בערשטל. אפן רויטן דיל האָט אראָפּגעשפריצט א בלויער פלעק.

— איר? — האָט ער ארויסגעאָטעמט אויסער־זיך. ער איז אראָפּגעשפרונגען פון פענצטער און — מיט אומבאגרײַפלעכן כידעש:

— מארלענע?!.

6

אוי, האָט זי געלאכט! זי האָט געקײַכט פון געלעכטער. ער, אַן אומבאהאָלפּע־נער, א געפּלעפטער, מיטן בערשטל אין האנט, האָט ניט באמערקט, ווי איינס נאָכן אנדערן — קאַפּ־קאַפּ — טריפן אראָפּ בלויע טראָפּנס אפן רויטן אָרגאליטענעם דיל.

ענדלעך האָט ער זיך אָנגעשטויסן, אז מע דארף אוועקלייגן דאָס בערשטל. און זי האָט אלץ געלאכט.

צוגעצויגענע מיטן אומגעריכטן פאר זיי געלעכטער, זײַנען שלימע סאמויִלאָוו־נע און סעמיאָן יעווסייעוויטש ארײַן פון קיך. זיי האָבן געוווּסט, אז זייער אייניקל קען, קיין אײַנהאָרע, לאכן. זי, אז זי צעלאכט זיך, איז ווי א גלעקעלע, וואָס מע האלט עס אין איין הוידען... אָבער אזוי לאכן? און וואָס פּלוצעם? זיי האָבן בא־מערקט די געפּלעפטקײַט אף ארקאדיס פּאָנעם, געהערט זײַן פראגע: „מאר־לענע?״

— וואָס, איר קענט זיך? — האָט מיט כידעש געפרעגט סעמיאָן יעווסייעוויטש.

— אוודע קענען מיר זיך! — האָט געזאָגט מארלענע, ניט אופהערנדיק צו לאכן.

— פונוואנעט? — האָט געפרעגט די באָבע. דאָס אייניקל האָט איר ניט בא־וויזן צו ענטפערן, ווײַל גלײַכצײַטיק האָט זי דערהערט נאָך א פראגע, ארקאדיס. ער האָט קוים ארויסגעשטאמלט:

— איר... איר געדענקט דען? — און קוקט אף איר מיט גרויסע אויגן.

— אוודע געדענק איך, — האָט זי גלײַך אים געענטפערט און זיך א קער געטאָן צום זיידן מיט דער באָבען. — איך קום ארײַן, ער שטייט אפן פענצטער,

כאַ־כאַ... מיטן בערשטל אין האַנט. ער איז שיר ניט אַראָפּגעפאַלן פון פענצטער, כאַ־כאַ־כאַ... — איז זי ווידער זיך פאַרגאַנגען.
— געוווּג שוין! — האָט אַף איר אָנגעשריִען דער זיידע.
— דו, אַז דו הייבסט אָן לאַכן, — האָט אויך מיט פאָרוואורף זיך אָנגערופן די באָבע.
— און נאָך, איר פאַרשטייט, — האָט זי זיך אַ קער געטאָן צו אַרקאַדין, — זינט דער זיידע איז געקומען פון סאַנאַטאָריע, הערט ער ניט אויף וועגן אײַך צו ריידן. די באָבע, זינט איר זײַט געווען באַ אונדז, — אויך. טראַכט איך: מע דאַרף אַף אים כאָטש אַ קוק טאָן, אַף אָט דעם אַרקאַדין. ערשט — מיר קענען זיך דאָך...
— אַנטשולדיקט, — האָט געזאָגט אַרקאַדי, — איך וועל אָפּוואַשן די פאַרב, — און ער איז אַרויס פון צימער. שלימע סאַמוּילאָווּנע איז אַוועק נאָך אים ווײַזן וווּ און וואָס.
— וואָס פאַר אַ געלעכטער אַזאַ? — האָט סעמיאָן יעווסייעוויטש שטיל מיט פאָרוואורף אַ פרעג געטאָן. — אַ מענטש קען דאָך מיינען כ׳ווייס וואָס...
— ער וועט גאָרניט מיינען, — האָט זי אויפגעלייגט געענטפערט און אַ קוש געטאָן אים אין קאָפּ, אין יענעם אָרט, וווּ צווישן די געדיכטלעך־האַרטע גראָווע האָר האָט זיך געקײַלעכיקט באַ אים אַ שעמעוודיק פּליכעלע. „זיידע, כ׳וועל דיך אַ קוש טאָן אינעם פּליכעלע״, — אַזוי פלעגט זי נאָך פון קינדוויַז ליב האָבן זאָגן, און אים האָט דערפון שטענדיק גרויס הנאָע געטאָן. דאָס מאָל האָט ער אָבער איר אומצופרידן פאַרגעוואָרפן:
— זען צום ערשטן מאָל אַ מענטשן און אַזוי לאַכן...
— הערסטו דאָך, זיידעניו, ניט צום ערשטן...
שפּעטער, בייסן מיטיק, האָט זי דערציילט, ווי־אַזוי וואַלעריק האָט זיי באַקענט.
— וואַלעריק גאָר? — האָט מיט כידעש געפרעגט סעמיאָן יעווסייעוויטש.
— ווי קומט אַהער וואַלעריק? — האָט געפרעגט שלימע סאַמוּילאָוונע.
— זיי זײַנעןביידע געגאַנגען אין גאַס, — האָט געענטפערט מאַרלענע, — איך בין זיי אָנגעקומען אַנטקעגן, האָבן מיר אַ ווײַלע זיך אָפּגעשטעלט. איר געדענקט, אַרקאַדי, — האָט זי זיך אַ ווענד געטאָן צו אים, — ווי וואַלעריק האָט אײַך רע־קאָמענדירט: „אַ בריגאַדיר, אַ פּראָווילנער מענטש אַף אַלע הונדערט פּראָצענט, — רייכערט ניט, טרינקט ניט און אַזוי ווײַטער״... ווי מע רופט אײַך, דעם עמעס זאָגן, האָב איך באַלד פאַרגעסן, נאָר אָט דאָס פאַרגעדענקט. זײַט איר טאַקע אַזאַ „פּראָווילנער״? ס׳איז עמעס?
— איר ווייסט דען ניט, — האָט אַרקאַדי געענטפערט, — וואָס פאַר אַ כויזעק־מאַכער וואַלערי איז?
— איך ווייס עס, — האָט געזאָגט מאַרלענע, — נאָר דאָס מאָל איז ער, ווײַזט אויס, געווען גערעכט, ווײַל דער זיידע דערציילט אויך...
נאָר דער זיידע האָט זיך אַרײַנגעמישט:
— פונוואַנעט קענסטו וואַלעריקן? — האָט ער באַ אַרקאַדין געפרעגט.
— ער האָט געאַרבעט באַ אונדז אַפן זאַוואָד. איר געדענקט, אין סאַנאַטאָריע האָב איך באַקומען אַ בריוו — די כעוורע פון מײַן בריגאַדע האָבן מיר געשריבן וועגן איינעם, וואָס האָט נאָך מײַן אָפּפאָרן ניט געמאַכט קיין איין פּראָגול. דאָס איז וועגן אים געגאַנגען אַ רייד.
אַרקאַדי האָט געוואָלט פרעגן באַ סעמיאָן יעווסייעוויטשן און זײַן פרוי, ווי־אַרום קענען זיי וואַלערי קראַסן און פאַרוואָס רופן אים דאָ אַלע פאַרצויגן — וואַלעריק, נאָר ער האָט עס ניט געטאָן. צופיל איבעראַשונג איז געווען פאַר אים אין אָט די לעצטע מינוטן.
— ווי געפעלן אײַך מײַנע פּראַקעס? — האָט געפרעגט די באַלעבאָסטע.

— כ׳האָב געמיינט, איך ווייס ניט מיט וואָס מע עסט עס, — האָט געזאָגט אר־קאדי, — נאָר דאָס זײַנען דאָך געוויינלעכע גאָלובצי.

— גאָלובצי, יאָ, — האָט באמערקט סעמיאָן יעווסייעוויטש, — נאָר ניט קיין געוויינלעכע. אָט דאָס מײַכל, פּראקעס, פלעגט מען אמאָל עסן בא ייִדן איין מאָל אין יאָר, אין א גרויסן יאָמטעוו...

— איז עפּשער הײַנט אויך א גרויסער יאָמטעוו? — האָט געפרעגט מארלענע.

— וואָס זשע מיינסטו, — האָט געענטפערט די באָבע, — אז עס קומען זיך צונויף גוטע מענטשן, איז עס אלע מאָל א גרויסער יאָמטעוו. עסט, איך בעט אײַך, — און זי האָט ארײַנגעלייגט יעדערן אין טעלער נאָך צו איין שמעקנדיקער צוגעברוינטער פּראקע.

— נו, איך גיי, כ׳פארשפּעטיק שוין, — האָט מארלענע זיך אופגעכאפּט פון טיש. דער באָבען — א טשמאָק אין באק, דעם זיידן — אין פּליכעלע, צו ארקא־דין — א מאך מיט דער האנט, א קלאפּ מיט דער טיר, און — ווי ניט געווען.

— אלע מאָל אזוי: א כאפּ און — ניטאָ! — האָט, ניט צו וויסן, מיט פאָרוווּרף צי מיט אנציקונג געזאָגט די באָבע.

— ווי געפעלט אײַך אונדזער אייניקל? — האָט זי א פרעג געטאָן מיט אזא טאָן, וואָס פאָדערט ניט קיין ענטפער. ווײַל גופא אין דער פראגע ליגט שוין דער ענטפער אויך: ווי קאָן אזוינס ניט געפעלן?

האָט ארקאדי טאקע ניט געענטפערט. ער האָט געפרעגט:

— פארוואָס רופט איר זי מירעלע, ניט מארלענע?

— די מאמע אירע, אונדזער שנור, איז א לערערן פון פראנצויזיש, — האָט געענטפערט די באָבע. — זי האָט פארענדיקט אין כאבאראָווסק דעם פּעדאגאָגישן אינסטיטוט...

— דעם פאקולטעט פון אויסלענדישע שפּראכן, — האָט צוגעגעבן סעמיאָן יעווסייעוויטש.

— ווען דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, — האָט פאָרגעזעצט שלימע סאמוי־לאָוונע, — האָט די שנור געוואָלט איר א נאָמען געבן אפן פראנצויזישן שניט: מאדלען.

— איר איז געפעלן דער דאָזיקער נאָמען, — האָט צוגעגעבן סעמיאָן יעווסייע־וויטש, — אויך דערפאר, וואָס אזוי האָט מען גערופן א העלדן אין ערענבורגס א ראָמאן. זי האלט זייער פון ערענבורגן.

— זאָגט דאָוויד, דער זון אונדזערער, — האָט ווײַטער דערציילט שלימע סא־מויִלאָוונע, — ער איז מאסקים, נאָר מיט א טנאַי.

סעמיאָן יעווסייעוויטש:

— וואָס פאר א טנאַי? מע זאָל אינמיטן פארבײַטן דעם „דאלעד" אף א „רייש".

שלימע סאמויִלאָוונע:

— ס׳הייסט, ניט מאדלען, נאָר מארלען. אזוי האָט ער געזאָגט, וועט עס זײַן אפן סאָוועטישן שטייגער. איר ווייסט, וואָס עס באטײַט מאר־לען?

— יאָ, — האָט געענטפערט ארקאדי.

— און אונדז איז עס אויך מער געפעלן, ווײַל מארלען קלינגט קימאט ווי מא־ריעם, און מאריעם איז... ווי מיריעם. מיריעם האָט געהייסן מײַן מאמע.

סעמיאָן יעווסייעוויטש:

— מיט איין וואָרט, א נאָמען נאָך דער עלטערבאָבע.

שלימע סאמויִלאָוונע:

— איז זי פארשריבן — מארלען.

סעמיאָן יעווסייעוויטש:

— אלע רופן זי — מארלענע.

שלימע סאמויִלאָוונע:

— און באַ אונדז איז זי — מירעלע...

מירעלע — מארלען... מירעלע — מארלען... מירעלע...

ארקאַדי האָט זיך א כאַפּ געטאָן, אז ער איז זיך היפּש פארזעסן, ער פארשפּע־טיקט שוין אף דער ארבעט. ער האָט אָפּגעדאנקט פארן מיטיק, פאר די פּראקעס און איז אוועק.

דעם גאנצן וועג ביז צום אווטאָבוס, דערנאָך, בייס ער איז געפאָרן אין אווי־טאָבוס, און שפּעטער, ווען ער איז אריַין צו זיך אין צעך, און די גאנצע צײַט דאָרט, באַ דער ארבעט — אופגעשטעלט און אראָפּגענומען איינע נאָך דער אנ־דערער נײַע דעטאלן באַ זײַן האלב־אווטאָמאטישן ווערקשטעל, — ער האָט זיי נאָך קיינמאָל, דאכט זיך, ניט געשטעלט און ניט אראָפּגענומען מיט אזא פלײַס, — האָבן באַ אים אין די אויערן, און ניט נאָר אין די אויערן, אינווייניק אין זײַן גאנצן וועזן, ניט אופגעהערט צו זינגען און צו שפּילן די דאָזיקע צוויי ווערטער: מירעלע... מארלען... מירעלע... מארלען... די דאָזיקע ווערטער זײַנען געווען אומעטום, זיי האָבן געשײַנט, געלויכטן, מיט זיי איז געווען דורכגעזאַפּט די לופט אין צעך, אין דרויסן, מיט זיי האָבן געעטעמט די ביימער, די ערד...

די כעוורע האָבן געוווּסט, אז דער בריגאַדיר זייערער קען די מעלאָכע. ווײַ־ניקער פון הונדערט פּופציק פּראָצענט פון דער נאָרמע האָט ער קיינמאָל ניט אויסגעארבעט. און זיי שטייען פון אים ניט אָפּ. נאָר ווען זיי האָבן דאָס מאָל צום סאָף פון דער וואכטע א קוק געטאָן צו זײַן ווערקשטעל, איז מען שטיין גע־בליבן איבערראשט. אָן א שיר שפּיגלדיק אָפּגעטאָקטע דעטאלן האָבן געבלענדט דאָס אויג.

— נו אי דאיאָש[1], בריגאַדיר! — האָט מיט א לאנגן פײַף אויסגעצויגן פּאפּאיאַן.

— דער שײַטאן האָט זיך אין דיר ארײַנגעכאַפּט, צי וואָס? — האָט אויסגערופן גריזאטולין.

— אָ, צע דאַ[2]... — האָט בלויז געקענט אויסריידן אָלעס טשערעדניטשענקאָ.

וואסילי קרילאָוו איז צוגעגאנגען, ארופגעלייגט ארקאַדין די האנט אפן אקסל, ארײַנגעקוקט אין די אויגן, שטיל געזאָגט:

— עפּעס גוטס איז געשען באַ דיר, יאָ? איך זע...

מיט דאנקבארקײַט פאר אָט דעם פארשטאנד האָט ארקאַדי אף אים א קוק געטאָן, געענטפערט:

— געשען... כ'וועל דיר דערציילן.

— גוט, — האָט געזאָגט קרילאָוו, — א צווייט מאָל, — און איז אָפּגעגאנגען צו זײַן ווערקשטעל.

נאָך דער ארבעט האָט ארקאַדי זיך אומגעקערט אַהיים. ער האָט אײַנגעשלאָסן די שײַן, און אים האָט זיך אויסגעדאכט, אז ער דערקענט ניט זײַן צימער. אלץ איז, ווי פריִער, געשטאַנען אף די זעלבע ערטער, נאָר ער האָט דאָס צימער ניט דערקענט, עפּעס האָט עס אים אויסגעזען גאָר אַנדערש ווי אלע מאָל... ער האָט אראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס אָנטאָן און איז אוועק אין דוש. לאנג, מיט פארגעניגן זיך געפּליושקעט, דערנאָך ארומגעריבן זיך מיט א גראָבן האנטעך. וואָס טוט מען עפּעס אוף אזוינס ווי אזעלעכס, האַ? ער מוז עפּעס אופטאָן. אָך, קיינער זעט דאָך ניט... די הענט — אפן דיל, די פיס אינדערלופטן — אזוי האָט ער אוועקגע־שפּאנט איבערן צימער... א שאָד, ס'איז צו קליין דאָס צימער, ער וואָלט אזוי געקאָנט שפּאנען און שפּאנען... באַם טעלעוויזאָר האָט ער זיך געשטעלט אף די פיס. דאָס ניט גרויסע קעסטל פונעם אלטן „רעקאָרד" איז געווען פארשפּרייט מיט א קאָלירטן טישטעכל. אף דעם איז געשטאנען א פּליושענער בער. ארקאַדי האָט

[1] נו, דערלאנגסטו סכוירע (רוס.).
[2] אָ, דאָס יאָ (אוקר.).

גאָר ניט געדענקט, ווען און וויאַזוי האָט ער זיך גענומען אהער. אהא, מיט עט־לעכע יאָר צוריק, ווען דער מישפּאָכע, וואָס האָט דאָ פריִער געוווינט, א יונג פאַרפאָלק, מיט א ייִנגעלע, האָט מען געגעבן א גרעסערע דירע, און אים, דעם באָכער, אַרײַנגעזעצט אהער, אין דער איינציממערדיקער, האָבן זיי צוזאַמען מיט אנדערע זאכן דאָ אויך איבערגעלאָזט אָט דעם טעלעוויזאָר, און אָף אים דעם פּליושענעם בער. דער בער איז געווען אן אלטער — דער ברוינער פּליוש אָף די זײַטן און פון פאָרנט, אפן בויך, היפּש אָפּגעריבן — און א פּילגעליטענער: איין אויער האָט זיך בא אים געבאָמבלט האלב אן אָפּגעריסענער, און געקוקט האָט דער בער בלויז מיט איין שווארצקנעפּלדיקן אויג. דאָס צווייטע האָט געפעלט...

ווען ארקאַדין פּלעגט אמאָל ווערן שטארק אומעטיק אליין דאָ אין דירע, פּלעגט ער א נעם טאָן דעם בער אָף די הענט און אײַנטײַנען צו אים, ווי צו א לעבעדיקן:

— וואָס, גוטערברודער, מיר בידעווען מיט דיר? לאנג וועלן מיר נאָך אזוי בידעווען, הא?

אויך איצט האָט ער אים א נעם געטאָן אין האנט און פאַרגעבן די זעלבע פראַגע:

— לאנג וועלן מיר נאָך בידעווען מיט דיר, הא?

וואָס איז געשען? געשיקט זיך? זאָל דער בער האָבן באקומען לאָשן? ער וואָלט געמעגט שווערן, ארקאדי, אז מיט די אייגענע אויערן האָט ער געהערט, ווי יענער האָט געענטפערט:

— שוין ניט לאנג...

— שוין ניט לאנג, זאָגסטו? אך, דו, טײַערע כײַע! — ארקאדי האָט א הייב געטאָן דעם בער איבערן קאָפּ, אראָפּגעשטעלט אים אָף זײַן אָרט און אליין, ניט פאנאנדערנעמענדיק דאָס געלעגער, זיך א וואלגער געטאָן אָף דער טאכטא מיטן פּאָנעם אראָפּ.

ניט שוין זשע איז ער ערשט הײַנט אינדערפרי פון אָט דעם זעלבן צימער אוועק, אנטלאָפן מיט אזא שווערן געמיט? צו די גרינבוימס איז ער אנטלאָפן זיך ראַטעווען פון עלנט און אומעט. און איצט? פון אָט די מינוטן, ווען ער ליגט אזוי מיטן פּאָנעם אראָפּ אָף דער ניט פאנאנדערגענומענער טאכטא, טיילן אָפּ פונעם פאַריקן גאַנצפרי, דאכט זיך אים, ניט קיין שאָען, — ניין! — יאָרן... וואָס זשע איז פאר אָט די שאָען — יאָרן געשען? גאָר קיין באזונדערס. און וואָס איז געווען? איר געלעכטער... ער שטייט מיטן בערשטל אפן פענצטער, זי קוקט אָף אים און לאכט. פאר איבעראַשונג איז ער שיר פון פענצטער ניט אראָפּגעפאלן. אוי, ווי זי האָט געלאכט!.. און ווער וואָלט ניט געלאכט? שטייט א מענטש אפן פענצטער, אויסגעשמירט אין אייל־פארב... און ער שטעלט זיך פאָר, וואָס פאר א פּאָנעם ער האָט געהאַט, ווען זי האָט זיך באוויזן אָף דער שוועל... זי... ער האָט ניט גע־גלייבט זײַנע אויגן. מארלען... מירעלע — מארלען... גיי ווייס... אָפּגעלעבט א כוידעש צײַט מיט איר זיידן און גאָרניט געוווּסט, ארײַנגעגאַנגען צו זיי אין שטוב און ניט געוווּסט, גאָרניט געוווּסט, אָף גאָרניט געהאַפּט, און אָט... זי... דאן, ווען וואלערי (פאַרוואָס רופן אים אַלע בא די גרינבוימס אין שטוב — וואלעריק?), ווען וואלערי האָט זיי באקענט, זײַנען איר די גאָלדיק־בלאָנדע האָר געפאלן מיט צוויי לאנגע קוואליעס אָף די אקסלען. הײַנט זײַנען זיי מיט א גאָלדענעם סטויג געווען צונויפגענומען בא איר אפן קאָפּ און דערפון האָט איר פּאָנעם זיך אויס־געוויזן קלענער און איידעלער, נאָר סײַווי האָט ער זי באלד דערקענט. ער וואָלט אומעטום דערקענט אירע אויגן... כאָטש די אויגן זײַנען אויך געווען א ביסל אנ־דערע. דעמלט, פארנאכט, אין גאס האָבן זיי אויסגעזען זייער שווארץ. איצט, בא־טאָג, זײַנען זיי געווען ליכטיק־קארע, און דער אויסדרוק... זייער אויסדרוק איז אים נאָכגעגאנגען, האָט אים פאַרפאָלגט פון יענעם פארנאכט אָן. עפּעס האָבן זיי זייער א סאך געזאָגט, אָט די אויגן. נאָר וואָס? — דאָס האָט ער כאַפּן ניט

געקאָנט ניט דעמלט, ניט הײַנט. ווי נאָר ער האָט זי ווידער הײַנט דערזען, האָט ער ניט אופגעהערט וועגן דעם צו טראַכטן, און ערשט איצט, אף דער טאַכטאַ, ליגנדיק מיטן פּאָנעם אַראָפּ, איז עס מיטאַמאָל אים קלאָר געוואָרן... צוויי יונגע הירשעלעך איז אים אויסגעקומען אַמאָל צו זען, גאָר יונגע, זײַנען באַ יענע הירשעלעך געווען פּונקט אַזעלכע אויגן... אַזעלכע גרויסע, אַזעלכע נײַגעריקע — אַלץ אף דער וועלט ווילן זיי וויסן, — אַ קאַפּעלע איבערגעשראָקענע — זיי זײַנען דאָך נאָך אַזוי קליין און אומבאַהאָלפן — דעריקער אָבער — פול מיט שפּרודלדיקן לעבנס־לוסט... אין איר גאַנצן געשטאַלט איז אויך געווען עפּעס פון אַ יונג הירשעלע. און אָט די גרויסע טונקעלע אויגן...

דעמלט, ווען וואַלערי האָט זי אָפּגעשטעלט אין גאַס, האָט ער, אַרקאַדי, געמיינט, זי וועט פאַרבײַגיין. אים איז אפילו אַרײַן אַ ווילדער געדאַנק — אַ ניט־דאַיִקע איז זי, פון אַן אַנדער פּלאַנעטע... וואַלערי האָט נאָכדעם גערעדט צו אים, נאָר ער האָט ניט געהערט. האָט אים יענער אַ פרעג געטאָן: „ביסט פון הימל אַראָפּגעפאַלן?" און צוגעגעבן: „מאַרלענאָטשקע קאָן עס. זי אַז מע דערזעט צום ערשטן מאָל, קאָן אַזוינס טרעפן". „און צום צווייטן מאָל?" — האָט געפרעגט אַרקאַדי. „צום צווייטן איז שוין לײַכטער". הײַנט האָט ער זי געזען צום צווייטן מאָל, נאָר לײַכטער איז אים ניט. אין די אויערן קלינגט באַ אים אָן אופהער איר געלעכטער, אַ געלעכטער ניט קיין באַליידיקנדיקער, — כאָלילע! — אַ גוטמוטיקער און אַ צופרידענער... ער האָט זיך מאַמעש געבאָדן אין איר געלעכטער.

ער האָט זי פאַרגעדענקט. ווי קאָן מען אַזאַ, ווי זי, ניט פאַרגעדענקען? זעסט זי איינמאָל, און — אפן גאַנצן לעבן... אָבער זי זאָל אים אויך פאַרגעדענקען? דערויף האָט ער זיך ניט געריכט. זי האָט אפילע פאַרגעדענקט, ווי וואַלערי האָט אים פאָרגעשטעלט: „אַ פּראַווילנער מענטש אף אַלע הונדערט פּראָצענט"...

נאָך און נאָכאַמאָל פאַר די אויגן — איר שטאַלט, איר בליק, אין די אויערן — איר געלעכטער.

אַזוי איז אַרקאַדי יענע נאַכט טאַקע ניט אײַנגעשלאָפן. ערשט פאַרטאָג־צו אַ ביסל זיך פאַרגעסן אף דער ניט־אויסגעבעטער טאַכטאַ.

איבער די ווײַט־בלויע סאָפּקעס באַם מיזרעך־האָריזאָנט האָט ניט דרייסט זיך דורכגעשניטן די ערשטע שלאַבעריקע ראָזקײַט. אַרײַנגעבליקט אין פענצטער, האָט זי דאָ געטראָפן אַ שלאָפנדיקן מענטשן און איבער אים — אַ וואַכנדיקן בער.

7

— באַ מיר איז אופגעקומען אַ מאָדנער פאַרגלײַך, — האָט ער נאָך אַ לאַנגן שווײַגן געזאָגט, — צו אַזאַ, דוכט מיר, האָט קיינער זיך נאָך ניט דערטראַכט.

— אַשטייגער? — האָט זי געפרעגט.

— די אָפּשפּיגלונג פון דער לעוואָנע אין טײַך זעט איר?

— איך זע.

— אַ גוט אויסגעשליפענע דעטאַל.

— האַ? — האָט זי אופגעהויבן אַ ברעם.

— יאָ, אַ דעטאַל. דער טײַך — אַ שלײַפער. ער שלײַפט און שלײַפט זי ביז גלאַנץ, און פון איר האַלטן אין איין פאַלן זילבערנע סטרוזשקעס. אָט האָבן זיי שוין באַדעקט דעם גאַנצן טײַך...

— צי איז דער מענטש, וואָס אים איז אײַנגעפאַלן אַזאַ פאַרגלײַך, אַ פּאָעט, — שווער צו זאָגן, — האָט זי ניט געײַלט זיך אָנגערופן, — נאָר אַז ער פירט אָן מיט אַ בריגאַדע שלײַפער אף אַ זאַוואָד, — דאָס איז אַ פאַקט! — און זי האָט הילכיק זיך צעלאַכט. דער אָפּהילך פון איר געלעכטער איז איבערגעפלויגן אפן צווייטן

ברעג טײַך און האָט זיך דאָרט אָנגעשטויסן אין די שטומע טריבונעס פונעם שטאָ־טישן סטאַדיאָן.

ס׳איז שוין געווען שפעט. אינצווייען זײַנען זיי געשטאַנען בא דער בירע, געקוקט אף אירע האסטיק פלייצנדיקע כוואַליעס. א מעכטײַעדיקע פרישקײַט האָט געוויט פונעם וואסער.

דער פלאַץ ארום איז געווען פוסט. געטונקלט האָבן פון איין זײַט דער געבײַ פונעם ארכיטעקטור־ווערקשטאט, וואָס איז שוין פון אויסן געווען פארענדיקט, פון דער אנדערער — נאָך ניט פארענדיקטע צוויי גרויסע געבײַען. מיט ברייטע פענצטער האָט צווישן זיי, אינמיטן, העל געלויכטן א הויך ווײַס הויז. געהאט האָט דאָס הויז עפעס ענלעכס צו א גרויסער שיף. אלץ ארום גליווערט, ווארט אף עפעס, און זי, די שיף, גייט איר וועג. זי האָט א ציל און גייט צו אים אויסגע־רעכנט, אנטשלאָסן.

— די שטאָט שלאָפט שוין, נאָר דאָ איז מען וואך, — האָט באמערקט מאר־לענע.

פארבײַ אָט דעם הויז פונעם געגנטקאָם פון פארטיי זײַנען זיי שוין דורכגע־גאנגען עטלעכע מאָל אהין און צוריק. זי האָט געזאָגט:

— בײַ־בײַ... צײַט גיין שלאָפן.

— נאָך א ביסל, — האָט ער געבעטן.

אנטקעגן, אין דער לאנגער שורע מויערן, וואָס זײַנען מיט טונקעלע פענצטער געשלאָפן אף יענער זײַט וועג, איז געשטאַנען אויך דאָס קאָאָפעראטיווע הויז, ווו עס האָבן געוווינט די גרינבוימס. ער האָט זי צוגעפירט אהין, באגלייטנדיק נאָכן עסטראַדע־קאָנצערט, אף וועלכן זיי זײַנען צוזאמען געווען. זיי זײַנען גאנץ לאנג אָפּגעשטאַנען באם ארײַנגאנג אין הויף. ווען זי האָט זיך שוין געוואָלט גע־זעגענען, האָט ער געזאָגט:

— לאָמיר זיך נאָך א ביסל דורכשפאצירן צום טײַך.

ס׳איז שוין געווען דער דריטער אָדער פערטער אָוונט, וואָס זיי האָבן פאר־בראכט צוזאמען. די דאָזיקע באגעגענישן האָבן זיי דערנעענטערט. זיי איז געווען אינטערעסאנט צוזאמען, מע האָט געהאט א סאך וועגן וואָס צו ריידן. אף פיל זאכן, האָט זיך ארויסגעוויזן, איז דער קוק בא זיי געווען דער זעלבער, און דאָרט, ווו מע איז זיך ניט צונויפגעגאנגען אין די מיינונגען, איז געווען אינטערעסאנט צו וויסן, וואָס וועט זאָגן דער אנדערער. געריידט האָבן זיי וועגן א סאך פאר־שיידענע זאכן. די עטלעכע שאָ פון יעדער באגעגעניש פלעגט זיי קיינמאָל ניט קלעקן אף ארומריידן אלץ.

זי האָט זיך געהאלטן מיט אים כאוועריש, פראָסט, און ער האָט ביסלעכווײַז אָנגעהויבן געוווינט ווערן צו דעם, וואָס זי, וואָס ערשט ניט לאנג נאָך האָט ער ניט געהאָפט ווען־ניט־איז אין לעבן זי באגעגענען, גייט מיט אים באנאנד, רירט אָן אמאָל זײַן האנט, דערווידערט ניט, ווען ער נעמט זי אונטערן אָרעם, לאכט צו אים מיט איר אויסערגעוויינלעכן געלעכטער, וואָס אזא האָט ער קיינמאָל בא קיינעם ניט געהערט.

עמעס, נאָך יעדער באגעגעניש מיט איר, ווען ער פלעגט אהיימקומען, האָט ער זיך אליין ניט געגלייבט: איז עס טאקע עמעס? ערשט־אָ, מיט עטלעכע מינוט צוריק, איז זי געווען מיט אים באנאנד? זיי האָבן געשמועסט? ער האָט געקוקט אין אירע אויגן — גרויסע אויגן פון א יונגן הירשעלע — נײַגעריקע, א קאפעלע ווי פון עפעס אָנגעשראָקענע און אזעלכע לעבנסלוסטיקע? יאָ?

האָט ער גענומען דעם בער פון טעלעוויזאָר און געבעטן:

— זאָג, גוטערברודער, ס׳איז עמעס, האָ?

מיטן איינציקן שווארצקנעפלדיקן אויג האָט יענער געקוקט און ניט געוווסט פון עפעס צו זאָגן.

— עך, דו, — האָט ער צוריקגעשטעלט דעם בער אף זײַן אָרט, — וואָס ווייסטו דען? ווייסט נעבעך גאָרניט...

איינמאָל באַם געזעגענען זיך האָט זי געזאָגט:

— אָט וועט איר אהיימקומען איינער אליין, ס'איז אײַך מיסטאמע אומעטיק? — געזאָגט פראָסט, מיט מיטגעפיל.

— איך בין ניט אליין, — האָט ער געענטפערט.

— מיט אײַך ווינט נאָך עמעצער? — האָט זי געוואָרפן אף אים א נײַגעריקן בליק. — א ווילער מענטש? וואָס זשע האָט איר וועגן דעם געשוויגן?

אוי, האָט זי געלאַכט, ווען ער האָט איר דערציילט וועגן דעם בער, געלאַכט ביז טרערן.

— נו, זײַט איר א וויצלער, — האָט זי געזאָגט, — איר מוזט מיך אומבאַדינגט מיט אים באקענען, מיט אײַער בער.

ער האָט איר צוגעזאָגט.

אין איינעם אָן אָוונט איז בא זיי אוועק א רייד וועגן מענטשלעכע כעסרוינעס.

— ווי מיינט איר, — האָט זי זיך אָנגערופן, — פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין איין, נו, קיין מינדסטן כיסאָרן?

ער האָט א קלער געטאָן און געענטפערט:

— איך מיין, אז ניט. עפּעס א כיסאָרן האָט יעדערער.

— נאָר ניט אַלע ווייסן זייערע כעסרוינעס, — האָט זי באַמערקט. — אָט איר — ווייסט?

— יאָ.

— אין וואָס זשע באַשטייען אײַערע כעסרוינעס?

— איך בין שוואַכמוטיק.

— איר — שוואַכמוטיק? — האָט זי זיך פאַרכידעשט. — איך האָב געהאַלטן פאַרקערט.

— ניין.

— ווי זשע פירט איר אָן מיט מענטשן?

— מענטשן האַלטן מיך פאַר א העלד, און איך בא זיך ווייס, אז איך בין שוואַכמוטיק, און דערצו נאָך א פאַכדן.

— א פאַכדן?

— יאָ.

— פון וואָס נעמט איר עס?

ער האָט איר דערציילט: ווען ער איז נאָכן אָפּדינען אין פלאָט אָנגעקומען אהער אַרבעטן, איז ער אַרײַנגעטראָטן אין מעכאַנישן טעכניקום באַם זאַוואָד. געאַרבעט און געלערנט, פיר יאָר. באַקומען א דיפּלאָם פון א טעכניקער־טעכנאָלאָג. געדאַרפט גלײַך אײַנגעבן די פּאַפּירן אף אָנקומען הינטער־אויגיק אין פּאָ־ליטעכנישן אינסטיטוט. נאָר ער האָט באַשלאָסן געבן זיך אליין א יאָר אָפּרו.

— נו?

— נו, איז אָט שוין אוועק דאָס צווייטע יאָר, און איך האָב נאָך די פּאַפּירן ניט אָנגעגעבן.

— פאַרוואָס?

— אָט דאָס איז דאָך עס. דערשראָקן זיך. שווער, כ'וועל זיך ניט ספּראַווען, הויכע פאָדערונגען. פאַכדאָנעס!

— אָבער אפן קומענדיקן יאָר וועט איר אָנקומען?

— פאַרשטייט זיך. נאָר צוויי יאָר האָב איך דאָך שוין געפּאַטערט.

א לענגערע ווײַלע איז מען געגאַנגען שווײַגנדיק. פּלוצעם האָט זי א פרעג געטאָן:

— און בא מיר... בא מיר האָט איר באמערקט כעסרוינעס? — געזאָגט האָט זי עס מיט א היפּשער דאָזע קאָקעטישקײַט, וואָס אָן דעם באגייט זיך, אפּאָנעם, ניט קיין איין פרוי אין דער וועלט.

— באמערקט, — האָט ער געענטפערט.

זי האָט זיך אָנגעשפּיצט:

— וועלכע?

ער האָט געקוקט אף איר און געשמייכלט.

— וואָס זשע שווײַגט איר?

— בא מיר איז געווען זייער א ווילדע באָבע, — האָט ער אָנגעהויבן, — א ביסל ענלעך אף אײַערער. פלעגט זי מאמעש שיטן מיט פאָלקסווערטלעך. אייניקע האָב איך פארגעדענקט ביז איצט. אָט איז איינס פון זיי: „די קאלע האָט א כיסאָרן: זי איז צו שיין"...

מיט א דאנקבאר צעפּראלטן בליק האָט מארלענע אף אים א קוק געטאָן און באלד ארָאפּגעלאָזט די וויִעס.

— צום באדויערן, — האָט זי געזאָגט, — האָב איך נאָך אנדערע כעסרוינעס אויך.

— וועלכע?

— פרעגט בא מײַן באָבע מיטן זיידן, וועלן זיי אײַך זאָגן.

— אשטייגער?

— זיי וועלן אײַך זאָגן, אשטייגער, אז איך בין אן אויסברענגערן.

— אזוי גאָר?

— יאָ.

— און ס'איז עמעס?

— איך ווייס ניט. אָט הערט, — און זי האָט אים דערציילט א מײַסע מיט שטיוועלעך, לאנגע, ווײַסע, עלאסטישע שטיוועלעך אף הויכלעכע קנאפּל. פון די, וואָס אין קיין איין קראָם איז זיי ניט צו קריגן, נאָר וואָס בא אלע יונגע פרויען און מיידלעך אף די פיס קאָן מען זיי זען.

— מיר האָט זיך געמאכט א געלעגנהײַט, — האָט זי דערציילט, — צו קריגן אזא פּאָר ווײַסע שטיוועלעך. איר ווייסט דאָך, אזעלכע זאכן קריגט מען נאָר בא א געלעגנהײַט. און שטעלט זיך פאָר: די באָבע און דער זיידע — איינמאָל ניין! און האָבן קיין געלט ניט געגעבן...

— איר האָט נאָך אזעלכע שטיוועלעך ניט געהאט?

— פארוואָס? א שווארצע פּאָר און א רויטע פּאָר האָב איך, נאָר קיין ווײַסע ניט. און איר שטעלט זיך פאָר — ווינטער צו מײַן דובליאָנקע (דער טאטע האָט זי מיר געקויפט) ווײַסע שטיוועלעך...

— און דער זיידע מיט דער באָבען האָבן זיי אײַך טאקע ניט געלאָזט קויפן?

— ביז איך האָב עס בא זיי געפּועלט, האָט מען די שטיוועלעך אויסגע־כאפּט, — און מארלענע האָט צוגעגעבן: — איר מיינט אוודע, אז מײַן באָבע מיטן זיידן האָבן ניט קיין כעסרוינעס?

— יאָ, אזוי מיין איך.

— האָט איר א טאָעס. קיין סאך ניט, נאָר איין גרויסן כיסאָרן האָבן זייביידע.

— וועלכן?

— זיי זײַנען קארגע.

— קארגע?

— יאָ.

— איר קאָנט עס דערווײַזן?

— די מײַסע מיט די שטיוועלעך איז אײַך ווייניק? און ס'איז דאָ נאָך...

— יאָ, — האָט זיך אָנגערופן ארקאדי, — אנטשולדיקט, איך מיש זיך עפּשער אַרײַן אין אײַערע איניאָנים, נאָר מיך אינטערעסירט: פאַרוואָס דאַרפן דער זיידע מיט דער באָבען אײַך געבן געלט אף שטיוועלעך? איר באַקומט דאָך געהאַלט?

— נו, יאָ, איך באַקום. נעמען זיי דאָך עס בא מיר צו.

— ווער?

— דער זיידע מיט דער באָבע.

— זיי נעמען צו אײַער געהאַלט?

— יאָ.

— און וואָס טוען זיי דערמיט?

— לייגן אַרײַן אין שפּאַרקאַסע.

— אף וועמעס נאָמען?

— אף מײַנעם.

— עפּעס פאַרשטיי איך ניט...

— וואָס פאַרשטייט איר ניט? איך לעב באַם זיידן מיט דער באָבען אף זייער אויסהאַלט. מײַן פאָטער האָט זיי געוואָלט אײַנצאָלן א געוויסע סומע יעדן חודעש, האָבן זיי מיט אים שיר זיך ניט צעקריגט. מיר זאָגן זיי: זאַט ביסטו, אָנגעטאָן ביסטו, וואָס דאַרפסטו נאָך? און דײַן געהאַלט — אין שפּאַרקאַסע. צו דער חאַסענע וועסטו האָבן אף א קאָאָפּעראַטיווער דירע. איר פאַרשטייט?

— איצט פאַרשטיי איך.

— וואָס פאַרשטייט איר?

— איך פאַרשטיי, אַז איר, מאַרלענע, זײַט טאַקע אַן אויסבערענגערן, און זיי קיין קאַרגע זײַנען ניט.

— וואָס דען זײַנען זיי?

— איר ווילט, מאַרלענע, וועל איך אײַך זאָגן, אין וואָס אײַער עמעסער כיסאָרן באַשטייט.

— אַדעראַבע.

— ס'איז ניט נאָר אײַער כיסאָרן. דאָס האָט א שײַכעס צו א סאַך אַזעלכע, ווי איר, צו א היפּשן טייל פון אונדזער הײַנטיקער יוגנט. פון קליינוויניז אוף האָט איר געלעבט אין נאָרמאַלע באַדינגונגען, דאָס הייסט אף אַלעם גרייטן. איר האָט זיך געלערנט אין שול, דערנאָך אין אינסטיטוט, און דאָס אַלץ איז אײַך אָנגעקומען אָן איבעריקע שוועריקײַטן און אַזוי, ווי אַנדערש קאָן גאָר ניט זײַן. איר האָט עלטערן, א זיידן און א באָבע. זיי זאָרגן וועגן אײַך, קעכלען אײַך, און איר מיינט, אַז אַזוי קומט אײַך, ווי קאָן דען זײַן אַנדערש? איאָ? איר זײַט ניט שולדיק אין דעם, אַזא איז איצט דאָס לעבן. זיי אָבער, דער זיידע און די באָבע אײַערע, האָבן געלעבט אין אַנדערע באַדינגונגען. זיי האָבן פאַרזוכט הונגער, קעלט, שווערע האַרעוואַניע, האָבן איבערגעלעבט א מילכאָמע. זיי ווייסן, ווי שווער אַלץ איז אָנגעקומען. דאָס, וואָס אײַך דאַכט זיך, אַז ס'איז קאַרגשאַפט, איז אינדערעמעסן פּאַשעט א פאַרלאַנג ניט צו פּאַטערן אומזיסט, אף קלייניקײַטן, דאָס שווער פאַרהאָרעוועטע. זיי ווייסן דעם עמעסן ווערט פון א רובל און פון א קאָרן שטיקל ברויט. מיר, יונגע, ווייסן עס אָפּטמאָל ניט...

מאַרלענע האָט געהערט און געשוויגן.

— אַזוי מיינט איר? — האָט זי נאָכדעם א פרעג געטאָן.

— יאָ.

— עפּשער זײַט איר גערעכט, — האָט זי פאַרטראַכט זיך אָנגערופן, שפּאַנענדיק מיט אים באַנאַנד. — דער זיידע שמועסט מיט מיר אָפּט. „איין זאַך פאַרשטיי איך ניט, — זאָגט ער, — נאָך דער רעוואָליוציע האָט מען אַרויסגעוואָרפן אַפן סמיטניק א סאַך אַלטע זאַבאַבאָנעס — כופּעס, כאַסענעס, דראָשע־געשאַנקען. האָט מען

געקאַנט מיינען — אויס, מער וועט עס שוין קיין טכיאס־האַמייסים ניט אופשטיין. ווי זשע איז געשען, זאָגט ער, אז דאָס אלץ איז ווידער אריַין אין דער מאָדע, און מע ברענגט אויס גרויסע געלטער אף דראַשע־געשאנקען, כאָטש מע רופט עס איצט אנדערש, אף צירונגען מיט אלץ מיטאנאנדער?״

— איר ווייסט, — האָט זי אין א וויַילע ארום פאַרגעזעצט, — דער זיידע מיט דער באָבען האָבן ניט געהאַט קיין גאָלדענע פינגערלעך. קיינמאָל. דאָ ניט לאַנג האָבן זיי געפּראַוועט פערציק יאָר, זינט מע האָט כאסענע געהאַט. עס זיַינען זיך צונויפגעפאָרן אלע דריַי זין מיט די מישפּאָכעס, מע האָט געבראַכט א סאַך מאַ־טאָנעס און צוויי גאָלדענע פינגערלעך אויך. האָט די באָבע איר פינגערל אָנ־געטאָן, דער זיידע ניט. „א גאַנץ לעבן, זאָגט ער, אויסגעקומען אָן דעם, וועל איך אף דער עלטער זיך גיין נאַריש מאַכן, ווערן א כאָסן־באָכער״... די זין מיט די שניר האָבן אים קוים איַינגעבעטן, ער זאָל פונדעסטוועגן אָנטאָן דאָס פינגערל. האָט ער עס איין טאָג געטראָגן און געזאָגט, אז ס׳איז אים שווער אף דער האַנט. אויסגעטאָן און מער אף דעם קיין קוק ניט געגעבן.

— יעדן דאָר — זיַינס, — האָט געזאָגט ארקאַדי.

ער האָט ניט געוווּסט, אז די זעלבע ווערטער זיַינען געקומען אפן זינען סעמיאָן יעווסייעוויטשן, ווען יענער האָט געטראַכט וועגן אים, ארקאַדין, און זיַין דאָר.

— קיל געוואָרן, — האָט געזאָגט מאַרלענע, — שפּעט, מיַינע אלטיטשקע קערן זיך שוין באומרויִקן.

זיי זיַינען געגאַנגען איבערן באַנאַכטיקן פּוסטן טראָטואַר ניט וויַיט פון איר הויז. ער האָט זי צוגעפירט צום טויער. איבערן טויער האָט ארויסגעקוקט אן אלטער טאָפּאָל־בוים. די לעוואָנע, וואָס פריִער האָבן זיי געזען, ווי זי שפּיגלט זיך אין טיַיך, האָט איצט איר קאַלטע שטראַליקיַיט פאַרפּלאָנטערט אינעם טונ־קעלן געבלעטער. באַזונדערע ליכט־פּלעקן זיַינען פלאַטערדיק געפאַלן אפן פאָרל.

— א גוטע נאכט? — האָט זי ניט געזאָגט — געפרעגט.

— א גוטע נאכט? — האָט ער איבערגעפרעגט.

— א גוטע נאכט! — האָט זי געזאָגט.

— א גוטע נאכט! — האָט ער געענטפערט און זיך געלאָזט אוועקגיין.

— ארקאַדי...

זי רופט אים? אזוי שטיל? צי אים האָט זיך אויסגעדאַכט? — ער האָט זיך אומ־געקוקט. זי איז אלץ נאָך געשטאַנען אונטערן בוים. דורכגעריסענע ליכט־פּלעקן האָבן זי באַשפּרענקלט אינגאַנצן.

— וואָס? — האָט ער געפרעגט.

— גאָרניט.

— וואָס זשע?

— גלאַט אזוי. איר זיַיט א מאָדנער מענטש, ארקאַדי...

— מיט וואָס?

זי האָט ניט געענטפערט. ליכט־שפּרענקעלעך האָבן זיך געוויגט אף אירע האָר, אף אירע אקסלען.

— מיט וואָס בין איך א מאָדנער? — האָט ער נאָכאמאָל געפרעגט.

— דאָ ניט לאַנג, — האָט זי געזאָגט, — איז מיר אויסגעקומען שפּאַצירן מיט איינעם. ס׳האָט זיך באַקומען קימאַט צופעליק, ביז דעם האָבן מיר זיך ניט גע־קענט. באַם געזעגענען — איר שטעלט זיך פאָר? — האָט ער זיך א וואָרף געטאָן מיך קושן...

— נו, און...

— נו, און ער האָט געכאַפּט א פּאַטש.

— איז איַיך א כידעש, פאַרוואָס איך וויל ניט כאַפּן?..

— מיט אײַך שפּאַצירן מיר דאָך שוין ניט איין אָוונט.
— וואָלט איך, הייסט עס, געמעגט ריזיקירן?
— ווער ווייסט...
— מארלענע, — האָט ער געזאָגט און אנשוויגן געוואָרן.
— וואָס?
— מיר קענען זיך מיט אײַך נאָך ניט לאנג. איך ווייס ניט, וויאזוי האָט איר געלעבט ביז דעם, מיט וועמען זיך באגעגנט. איך ווייס ניט און דארף עס מיס־טאמע ניט וויסן. איך קען אײַך זאָגן בלויז וועגן זיך.
— זאָגט.
— אָט גייען מיר מיט אײַך צוזאמען, שטייען, שמועסן, איך זע אײַך... כ׳ווייס ניט, ווי פאר אנדערע, פאר מיר איז דאָס אליין... — ער איז אנשוויגן געוואָרן, זוכנדיק א וואָרט, וואָס זאָל איבערגעבן, וואָס דאָס באטײַט פאר אים. קיין נייטיק וואָרט ניט געפונען, האָט ער געזאָגט: — דאָס אליין איז פאר מיר גענוג. מער — וואָלט שוין געווען צופיל. איר פארשטייט?
— כ׳פארשטיי, — האָט זי ארויסגעאָטעמט. — איז עס טאקע אזוי?
— אזוי.
— אויב אזוי... — ער האָט דערפילט אירע ליפּן בא זיך אפן שטערן.
— א גוטע נאכט! — איז דערפלויגן צו אים, ווען ער האָט זי שוין ניט געזען.
אהיים האָט ער זיך אומגעקערט מיט דער גאס, וואָס דאָ ניט לאנג האָט מען זי אָנגערופן נאבערעזשנע. פון איין זײַט איז זי שוין דורכויס געווען פארבויט מיט נײַע הויכע מויערן, פון דער אנדערער זײַנען נאָך געשטאנען עטלעכע אלטע צווייִשטאָקיקע הילצערנע הײַזער. די גאס איז אין איר גאנצער לענג געווען פּוסט. אָט גייט עמעצער אנטקעגן. אן אלטיטשקער. אויסגעגלײַכט זיך, האָט ער מאָדנע א קוק געטאָן, פארבײַגעגאנגען. מיטאמאָל האָט ארקאדי דערהערט הינ־טער זיך א בורטשע:
— שאטאיוטסיא טוט... פּיאניִע...[1]
וועמען האָט ער געמיינט? אים, ארקאדין? וואקלט ער זיך סײַדן? יאָ, ער איז שיקער... עפּעס אומגלייבלעך גרויס, ריזיקס צעשפּארט אים די ברוסט. מע טאָר ניט צעפּליעסקען דערפון קיין טראָפּן...
ער איז קימאט געלאָפן. א לאנגער שאָטן — נאָך אים.
ער איז בא זיך אין הויף. ארײַן אין שטוב? ניין, ווי וועט ער זיך א קער טאָן דאָרט מיט דעם נײַעם, ריזיקן, וואָס אין אים? ס׳איז אים ענג אַייך דער דרויסן. דער הימל האָט זיך עפּעס ווי אראָפּגעלאָזט פון זײַן געוויינלעכער הייך. אָט די דורכזיכטיק לענגלעכע וואָלקנדלעך מיט דער פולער לעוואָנע אינדערמיט — שטרעק אויס די האנט, דערלאנגסטו זיי... ווו זשע טוט מען זיך אהין מיט דעם אלעם, וואָס צעשפּארט און בושעוועט אין אים? דער הימל — נידעריק, די וועלט די גאנצע — ענג...

[1] עס דרייען זיך דאָ ארום... שיקערע (רוס.).

# דריטער טייל

## 1

דער זייפנבלאָז — א גרויסער, קאָלירפולער — האָט, פליִענדיק, גע־האלטן אין איין וואקסן. וואָס מער ער איז געוואקסן, אלץ זײַ־נען איידעלער געוואָרן זײַנע קאָלירן. אין דורכזיכטיקער קײַ־לעכדיקייט האָבן אויסגעבויגן זיך געשפיגלט אין אים די מויערן פון דער גאַס, די ביימער פונעם הויף, די קינדערלעך, וואָס האָבן זיך דאָ געשפילט, דער הימל, די ערד... און מיטאמאָל האָט ער — א גאנצע וועלט העלע שיינקייט — געפלאצט, ניט גע־פלאצט אפילו, — שטיל צעשאָטן זיך אף גרויע שטויבעלעך...

אף א באגרינטן באלקאָן אפן צווייטן שטאָק האָט א ייִנגעלע מיט א טונקל טשוביקל — עס איז אלט געווען א יאָר אכט — פלײַסיק געבלאָזן אין א דין טרײַבעלע, פון דעם איז אָפגעפלויגן א הירליאנדע פיצינקע בלעזעלעך. און אָט האָט זיך גענומען אויסקײַלעכיקן נאָך איין נײַער שפיגלדיקער פראכט. פאמעלעך אָפגעטיילט זיך פונעם טרײַבל, האָט ער לאנגזאם אוועקגע־שוועבט... ארקאדי האָט אים געהאלטן אין אויג, ביז ער האָט זיך געהויבן אין דער הייך, און געטראכט: אָט ווער ס׳איז בעע־מעס גליקלעך — דאָס ייִנגעלע מיטן טשוביקל: טונק דיר דײַן טרײַבל אין זייף און בלאָז אויס פרעכטיקע וועלטן...

און ער, ארקאדי אליין, האָט ער ווײַטער א קלער געטאָן, איז דען ניט גליקלעך? יאָ, גליקלעך, באזונדערס פון דעם טאָג, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אז אין אָט דעם הויז, וווּהין ער האָט אָנגעהויבן אָפט ארײַנקומען, — אויך איצט איז ער געגאנ־גען אהין, — לעבט זי, מירעלע, דאָס אייניקל פון די גרינבוימס. צוערשט — א געהיימניס פאר אים, א סאָד, דערנאָך האָט זיך אויסגעלאָזט — מארלענע...

נאָך יענעם אָוונט, ווען זיי האָבן שפעט שפאצירט, האָבן זיי נאָך א פאָר מאָל זיך געטראָפן. זי האָט זיך געהאלטן מיט אים פראָסט, ווי אלע מאָל, און אזוי, ווי גאָר קיין באזונדערס זאָל אין יענעם אָוונט ניט געווען געשען. ער האָט וועגן דעם איר ניט דערמאָנט, פאָשעט ניט געוואגט עס צו טאָן, ווײַל עפשער האָט עס אים זיך געכאָלעמט? נאָר ער איז מיט איר געגאנגען, זי איז געווען באנאנד, ער האָט איר געקוקט אין די אויגן, און אים איז געווען גוט. ער איז גליקלעך געווען ניט ווייניקער פון אָט דעם ייִנגל, וואָס לאָזט זײַנע זייפנבלאָזן...

— דיאדיע! הא, דיאדיע!

ארקאדי האָט זיך ארומגעקוקט, דאָס מיינט מען אים? יאָ, דאָס ייִנגעלע פון באלקאָן רופט אים. יענער האָט אָפגענומען דאָס טרײַבל פון מויל.

— איר גייט צו דער מומע מארלענע?

ארקאדי — מיט כידעש (דאָס ייִנגל האָט ער הײַנט געזען צום ערשטן מאָל):

— פונוואנעט ווייסטו?

— איך ווייס. נאָר זי איז ניטאָ אין דער היים.

— ווו איז זי, אויב דו ביסט אזא ווייסער?
— זי איז אוועק מיט אן אנדער דיאַדיע.
— מיט וועלכן?
— דאָס ווייס איך ניט. כ'האָב אים הײַנט געזען צום ערשטן מאָל.
— און מיך האָסטו דאָ שוין א סאך מאָל געזען?
— אָהאָ! — האָט געענטפערט דאָס ייִנגל און ווידער גענומען זיך צו זײַן ארבעט.

די גרינבוימס האָט ארקאַדי געטראָפן ניט אין קיין געוויינלעכער שטימונג. די באַלעבאָסטע האָט צוגעקליבן פון טיש. צו זען, געווען א גאסט צום מיטיק. סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט אין פאָטעל באם זשורנאַל־טישל געהאַלטן א צײַטונג, נאָר ער האָט זי ניט געלייענט. ביידע זײַנען געווען עפּעס כמורנע און אפילע נאָך ארקאַדיס ארײַנקומען ניט באַלד געקאָנט פון זיך פארטרײַבן אָט די כמור־נעקײַט.

— עפּעס עסן, ארקאַדי? — האָט, ווי אַלעמאָל, ווען ער קומט, געפרעגט די באַלעבאָסטע.

— א דאנק, שלימע סאמוי׳לאָוונע, געווען הײַנט א גוטער מיטיק אין דער זאווואָדישער גאָרקיך.

— א טרונק?
— ניין, א דאנק.
— וואָס פאַלסטו באַלד אָן אף א מענטשן? — האָט באַרויגעזלעך זיך אָנגע־רופן דער מאַן. — לאָזסט ניט אָפּעטעמען...
— נו, נו, — האָט זי פּונקט אזוי באַרויגעזלעך געענטפערט, — זײַ דו אים מעכאַבעד מיט דײַנע פּאַטראָוועס.
— כ'וועל אים טאַקע מעכאַבעד זײַן...

דער רוגזעדיקער טאָן באביידן איז געווען שײַעך ניט צו דעם, וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט איצטער, נאָר א נאָכווייעניש פון א פריִ׳ערדיקן געשפּרעך, וואָס זיי האָבן געפירט ביז זײַן ארײַנקומען. ארקאַדי האָט עס פארשטאַנען און געפרווּוט צעשטרייען בא זיי אָט די שטימונג.

— איר מעגט מיך באַגריסן! — האָט ער האָפערדיק געזאָגט.
— מיט וואָס, ארקאַדי? — האָט געפרעגט שלימע.
— מײַן בריגאַדע איז אפן ערשטן אָרט.
— אין צעך?
— נעמט העכער — אפן זאוואָד.
— אָ, באַגריס איך דיך טאַקע! — האָט אויסגערופן סעמיאָן יעווסייעוויטש. — גרויסע היסכײַוועסן האָט איר גענומען?
— דעם פינפיאָר — פאַר דרײַ מיט א האַלבן!
— און דעם פאַריקן? כ'מיין, דעם פאַריקן פינפיאָר פאַר וויפל האָט איר אויסגעפּילט?
— פאַר פיר. איצט ווילן מיר מאַכן א שפּאַן ווײַטער.
— אזוי דאַרף זײַן, — האָט געזאָגט סעמיאָן יעווסייעוויטש און צוגעגעבן: — כ'דערמאָן זיך די ערשטע פינפיאָרן — מאַגניטאָגאָרסק, דניעפּראָסטראָי... דער סאַמע אָנהייב... און איצט! מיר זײַנען ווײַט אוועק, ניט צו פארגלײַכן...
— הײַנט נאָך, ווען ניט די מילכאָמע, — האָט זיך אָנגערופן שלימע סאַמוי־לאָוונע.
— ווען ניט די מילכאָמע, אָהאָ! — סעמיאָן יעווסייעוויטש איז אַנשוויגן גע־וואָרן, קלאַפּנדיק מיט די פינגער איבערן זשורנאַל־טישל. — יאָ, — האָט ער זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, — כ'האָב דאָך דיר געוואָלט ווײַזן שאָלעם־אַלייכעמס ביכל, וואָס איז געווען מיט מיר אפן פראָנט, „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס"... — צוגעגאַנגען

צום היפשלעכן סטעלאַזש מיט ביכער, האָט ער פּאַרזיכטיק אַרויסגענומען אַ שמאָלן באַנד, אָן אײַנגעוויקלטן אין ווײַס פּאַפּיר. ער האָט פּאַמעלעך אויפגעמישט דעם בוך, און אַלע דרײַ האָבן איבער אים זיך איבערגעבויגן.

— ס׳איז פּונקט געווען בײַס אַ מאַרש, — האָט דערציילט סעמיאָן יעווסייע־וויטש. — מיר זײַנען געגאַנגען צו סטאַלינגראַד. זײַנען אָנגעפלויגן „מעסער־שמיטן״, און ס׳האָבן אַ האָגל געטאָן באָמבעס...

— ווען ניט „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס״, — האָט זיך אָנגערופן שלימע, — איז ווער ווייסט, שימענקע, צי וואָלסטו געבליבן לעבן.

— און ווען ניט איך, ווער ווייסט, צי וואָלט געבליבן לעבן „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס״... — מיט דער טונקעלער שווערער האַנט האָט ער פאַרמאַכט דעם בוך און אַוועקגעשטעלט אים אויפן אָרט.

— סעמיאָן יעווסייעוויטש, — האָט אַרקאַדי געזאָגט, — דער בוך דאַרף שטיין ניט דאָ.

— ווו זשע?

— אין מוזיי. זאָלן מענטשן קוקן און וויסן וועגן אים, וועגן אײַך. ס׳איז גע־שיכטע.

— אין מוזיי, זאָגסטו? דאָס וועט ניט אַנטלויפן. זאָל ער דערווײַל שטיין דאָ. קאַלזמאַן מיר לעבן, איז די געשיכטע מיט אונדז.

— און דאָס וואָס איז? — האָט אַרקאַדי אַ ווײַז געטאָן אויף ענג צונויפגעשטעל־טע קאָלירטע רוקנדלעך אויף דער אונטערשטער פּאָליצע.

— דאָס איז דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד״. כ׳האָב אין סאַנאַטאָרי באַוויזן דיר אַ נומער, געדענקסט? כ׳שרײַב אים שוין אויס אַ סאַך יאָרן.

— טאָמער מאַכט זיך, די פּאָטשט פאַרהאַלט אַמאָל אַ נומער, — האָט זיך אָנ־גערופן דאָס ווײַב, — לייגט ער אײַן די וועלט.

— וואָס זשע, — האָט געזאָגט שימען, — כ׳האָב ליב צו לייענען דעם זשור־נאַל, און ס׳איז דאָ פּאַר וואָס. איך האָב ליב צו לייענען די „כראָניק״ דאָרט. אַמאָל דרוקט מען עפּעס וועגן ביראָבידזשאַן. נו, און גלאַט ציקאַווע זאַכן, אָט ליגט דאָ אַ נומער, — ער האָט אַ נעם געטאָן פון טישל דעם זשורנאַל, אַ בלעט־טער געטאָן. — וויפל, מיינסטו, ייִדן לעבן אין איראַן? שטעל זיך פאָר — 65 טויזנט. און מיסטאָמע, קלערסטו, אַז אויף די האַוויײַער אינדזלען זײַנען ניטאָ קיין ייִדן? האָסטו אַ טאָעס, באַ צוויי טויזנט. — ער האָט איבערגעלייענט: „די מער־הײַט פון זיי וווינט אויפן אינדזל אָאַהו...״

אַרקאַדי האָט דאָס אַלץ געהערט מיט אינטערעס. נאָר אויסגעוויזן האָט זיך אים, אַז סעמיאָן יעווסייעוויטש איז אים הײַנט גרייט אַוועקפירן אַפילו אויף די האַוויײַער אינדזלען אָדער נאָך ווײַטער, אַבי נאָר אויסמײַדן אַן אַנדער געשפּרעך.

— ווו איז מאַרלענע? — האָט ער געפרעגט.

דאָס פּאָרפאָלק האָט זיך איבערגעקוקט.

אַלע מאָל אַזוי: ער קאָן זיצן גאַנץ לאַנג, ווען ער טרעפט ניט אין דער היים מאַרלענען, ריידן וועגן פאַרשיידענע זאַכן, און אויב זי קומט ניט, שטעלט ער סאָפּקאָלסאָף די דאָזיקע פראַגע. נאָר הײַנט, זעט אויס, איז שווערער אויף איר צו ענטפערן, ווי ווען־ניט־איז. ער האָט ניט געוואָלט אויסזאָגן, אַז ער ווייסט, אַז אַוועקגעגאַנגען איז זי ניט אַליין, געמיינט — זיי וועלן אים זאָגן מיט וועמען. נאָר דאַפקע דאָס, אַפּאָנעם, איז שווער געווען צו זאָגן. האָבן די אַלטע לײַט אַזוי לאַנג געקוקט איינער אויפן אַנדערן, ביז זיי האָבן גלײַכצײַטיק אַרויסגערעדט. ער:

— מיסטאָמע נאָך אויף דער אַרבעט.

זי:

— און וועט מיסטאָמע גיך קומען.

ביידע האָבן גלײַך אַראָפּגעלאָזט די אויגן. מע האָט געזען: קיין ליגן זאָגן קענען זיי ניט — ניט ער, ניט זי.

— עפּשער אײַנשליסן דעם טעלעוויזאָר? — האָט זיך א כאַפּ געטאָן סעמיאָן יעווסייעוויטש. — שלימע, ווו איז די פּראָגראַמקע?

— אָט ליגט זי באַ דיר פאַר די אויגן.

סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט א נעם געטאָן דאָס בלעטל, אָנגעטאָן די ברילן.

— שאַ, — האָט ער אויסגערופן, — באַלד הייבט זיך אָן „אָטשעווידנאָיע — ניעוועראָיאַטנאָיע". האָסט ליב צו קוקן עס, אַרקאַדי?

— ווי אַמאָל, — האָט יענער געענטפערט.

— א טײַערע זאַך א טעלעוויזאָר, — האָט, קוקנדיק אין דער פּראָגראַמקע, געזאָגט סעמיאָן יעווסייעוויטש. — שליסט אים אײַן, און מע פאַרשפּאָרט ריידן א וואָרט. מאַלע וואָס פאַרא קלאָץ־קאַשעס מע קען דיר שטעלן, מאַלע צו וואָס מע קאָן זיך דערריידן, אַז מע האַלט אין איין שאָקלען מיט דער צונג. און אַזוי — דער טעלעוויזאָר אַרבעט, דו זיץ און שווײַג, דריי נאָר אונטער פון מאָל צו מאָל דאָס רעדעלע, אָט שטילער, אָט העכער... א מעכײַע!

דאָס מאָל האָט מען דעם טעלעוויזאָר פאַרשפּאָרט אײַנשליסן. „אָטשעווידנאָיע — ניעוועראָיאַטנאָיע" האָט זיך אָנגעהויבן אָן אים.

מע האָט אָנגעקלונגען אין טיר. די באַלעבאָסטע איז אוועק עפענען. אין א ווײַלע ארום זײַנען אין צימער געשטאַנען:

„אָטשעווידנאָיע" — מאַרלענע. דאָס זומער־קלייד אויף איר האָט פאַרכאַפּט דאָס אויג מיט אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן.

„ניעוועראָיאַטנאָיע" — א הויכער שטאַלטנער יונגערמאַן מיט שוואַרצע באַקנ־באַרדן אין א העלן זומערדיקן אָנצוג.

אַלע האָבן זיך די ערשטע ווײַלע פאַרלוירן. אַרקאַדי האָט זיך ניט געריכט, אַז מאַרלענע וועט קומען מיט א באַגלייטער. איר באַגלייטער האָט זיך ניט גע־ריכט דאָ צו טרעפן אַרקאַדין. מאַרלענע האָט זיך אויך דערויף ניט געריכט. נאָר גלײַך אָפּן אָרט, ווי גאָר קיין אויסערגעוויינלעכס זאָל ניט געשען, האָט זי גע־נומען זיי באַקענען.

— אַרקאַדי, — האָט ער עטוואָס זיך אונטערגעהויבן פון שטול.

— אַרנאָ, — האָט געזאָגט דער הויכער מיט די באַקנבאַרדן און האָט זיך צו־געזעצט אָפּן שטול, וואָס שלימע סאַמוילאָוונע האָט אים פאָרגעלייגט. און גלײַך איז דאָס צימער פול געוואָרן מיט מאַרלענעס קלינגענדיקער שטים:

— באַבוליע, מאַך טיי. אַרנאָ האָט באַשלאָסן פאָרן מיט א שפּעטערדיקן צוג, וועלן מיר נאָך א ביסל זיצן. נו, דערציייל, אַרנאָ, — האָט זי זיך א קער געטאָן צו אים, — האָסט דאָך מיר ניט פאַרענדיקט דערציילן...

— פאַר אַנדערע וועט עס מיסטאַמע זײַן ניט אינטערעסאַנט, — האָט ער גע־זאָגט און פון זשורנאַל־טישל גענומען א דינעם העפט. — ס'איז די לעצטע „ניע־דיעליאַ"?[1] דאָ איז פאַראַן אַן אינטערעסאַנט אַרטיקל וועגן אָפּעראַציעס אָפּן האַרץ. וועגן דעם האָב איך דיר געזאָגט, מאַרלענע. לייען עס דורך. נאָר מער האָט מיך דאָ פאַראינטערעסירט גאָר עפּעס אַנדערש...

זיי זײַנען אויף „דו", — האָט אָפּגעמערקט אַרקאַדי. קיין זעלבסטזיכערקײַט פעלט ניט. וואָס אַנדערע טראַכטן, — ניט וויכטיק. וויכטיק, וואָס — ער. „סטאָפּ! — האָט צו זיך אַליין א מאַך געטאָן אַרקאַדי. — זעסט א מענטשן צום ערשטן מאָל, און קלײַבסט זיך שוין טראַכטן וועגן אים שלעכטס?.."

די באַלעבאָסטע האָט געבראַכט טיי, געבעקס, אײַנגעמאַכטס אין קליינע טע־צעלעך.

---

[1] א וואָכן־צײַטונג.

ביישן טיי־טרינקען האָט זיך געהערט באַם טיש נאָר דער באַס פון ארנאַ:

— איין צײַט האָט מען געטײַנעט: די אויבערהאַנט האָבן די ליריקער; דער־נאָך — די פיזיקער; שפּעטער: אי די, אי יענע. פּוסטע מײַסעס! די צײַט פון לי־ריקער האָט איינמאָל אויף אַלעמאָל זיך פאַרענדיקט.

— ביסט ניט צו קאַטעגאָריש, ארנאַ? — האָט זיך אָנגערופן מארלענע.

— כ׳וועל עס דערווײַזן!

— פּרוּוו.

— געווען אַמאָל בארימטע דיכטער — בלאָק, יעסענין, מאַיאַקאָווסקי. איצט קאָנט איר מיר אָנרופן כאָטשבי איין דיכטער פון אַזאַ פאַרנעם?

מארלענע — זי איינע האָט אונטערגעהאַלטן דעם געשפּרעך:

— און אויב אַפילו ניט, וואָס דרינגט דערפון?

— און נאָך אַ זאַך: איר קאָנט מיר אָנרופן באַ הײַנטיקן טאָג אַ דיכטער, וואָס זאָל זיך פאַרגלײַכן אין רום מיט אַ קאַראַליאָוו, מיט אַ לאַנדאַו? אויך ניט. פאַרוואָס? טאַקע דערפאַר: די צײַט פון די ליריקער איז אַוועק. ס׳איז אַ צײַט פון פּינקטלעכע וויסנשאַפטן, פון סינכראָפאַזאָטראָנען, פון קיבערנעטיק. קיין ליריקער דאַרף מען ניט, מע קען זיך פאַשעט באַגיין אָן זיי.

— מיר דאַכט, ס׳איז ניט אַזוי פּאַשעט, — האָט אַרײַנגעשטעלט אַ וואָרט אַר־קאַדי.

— איר מיינט אַזוי? — האָט ארנאַ זיך אַ קער געטאָן צו אים. — אַנטשולדיקט, וואָס איז אײַער פאַך?

— אַ טאָקער, אַ שלײַפער. איך פיר אָן מיט אַ בריגאַדע אויף אַ זאַוואָד.

— אַ טאָקער? אַ בריגאַדיר? און איר זאָלט אַזוי זאָגן?.. אָנע אַכמאַטאָווא, אשטייגער, קאָן אײַך מיט עפּעס העלפן באַם טאָקן אָדער שלײַפן אײַערע דע־טאַלן?

— עס קאָן זיך מאַכן, אַז יאָ.

— נו, מײַן טײַערער...

— און מײַן לעבן באַשטייט דאָך ניט נאָר פון טאָקן און שלײַפן דעטאַלן, כוץ דער אַרבעט דאַרף דאָך אַ מענטש עפּעס נאָך...

— אויסטראַקטעניש! — האָט מיט זיכערקײַט אַ זאָג געטאָן ארנאַ.

אָט די זיכערקײַט, קאַטעגאָרישקײַט האָט מיט עפּעס ארקאַדין אַ טשעפּע גע־טאָן. ער האָט ניט ליב געהאַט קיין מענטשן, וואָס זײַנען צופיל זיכער אין זיך, וואָס זאָגן אַרויס זייערע אַ מיינונג, ווי אַן אורטייל אין דער לעצטער אינסטאַנץ. און נאָך: פאַראַן מענטשן, וואָס ווי נאָר זיי באַווײַזן זיך אין אַ געזעלשאַפט, ווערן אַלע אין זייער אָנוועזנהײַט, ווי פון זיך אַליין, מיטאַמאָל עפּעס קלענער, בלאַ־סער, הינטערשטעליקער, אײדער זיי זײַנען אינדערעמעסן. ער איינער, אָט דער מענטש, נעמט געוועלטיקן איבער זיי. דער קלוגער, דער שיינער, דער ווילער איז ער! די אַנדערע? אייסעך... עפּעס ענלעכס איז געשען אויך איצט. סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט גאָר ניט ווי זײַן טעווע זיך אײַנגעהויקערט אינעם פּאָטעל און אָנגעכמורעט געשוויגן. שלימע סאַמויִלאָוונע — אויך. אַפילו מארלענע, די פּרעכטיקע מארלענע, האָט אין דער אָנוועזנהײַט פון אָט דעם ארנאַ אויך ווי אָנגעוווירן עפּעס פון איר פּראַכט. פון מאָל צו מאָל האָט זי געוואָרפן אויף ארנאַ אַ בליק, וואָס זײַן באַטײַט איז שווער געווען צו פאַרשטיין.

דאָס אַלץ האָט ארקאַדין פאַרדראָסן. אים איז אַ שאָד געווען די באַלעבאַטים פון אָט דער שטוב, וועלכע זײַנען שוין געוואָרן פאַר אים ווי אייגענע. טײַערע מענטשן, וואָס האָט איר אָנגעבויגן דעם קאָפּ? פאַר וועמען? אָט דער מענטש, — כ׳זע אים צום ערשטן מאָל, — איז, גלייבט מיר, קוים ווערט אײַער מינדסטן נאָגל... און, כוץ אַלעמען, איז ער דאָך ניט גערעכט.

מאכמעס דעם האָט ארקאדי — צוערשט האָט ער אויך עטוואָס פארלוירן געשוויגן, ווי אלע דאָ באם טיש, — זיך אַנגערופן שטיל:

— כיקמעטן האָט איר געלייענט?

— איר פרעגט מיך? — די אינטאָנאציע — א פארכידעשטע. אָנשטאָט הערן, וואָס ער רעדט, שטעלט אים גאָר עמעצער פראַגן?

— יאָ, איַיך.

צום ערשטן מאָל זינט ער איז אריַינגעקומען, האָט ארנאָ געוואָרפן אן אָפןאופמערקזאמען בליק אַף ארקאדין. וואָס וויל אָט דער טאָקער? נאָר וויבאלד מע פרעגט, וועט ער ענטפערן:

— געלייענט — ניט. געהערט. ניט קיין אונדזעריקער? דאכט זיך, אויב איך האָב ניט קיין טאָעס, — פון טערקיַי? בא אים אין לאנד האָט מען אים גערוידעפט, האָט ער געלעבט בא אונדז. דאכט זיך, געשטאָרבן?

— אלץ ריכטיק, — האָט באמערקט ארקאדי.

— איז וואָס?

— צום באדויערן, בין איך אויך ניט זייער אָנגעלייענט אין פּאָעזיע, — האָט זיך אָנגערופן ארקאדי. — איך זאָג — צום באדויערן. נאָר אלע מאָל, ווען עס מאכט זיך א געלעגנהײַט, קוק איך אריַין אין א בוך מיט קורצע שורעס. איז אָט, — ארקאדי האָט זיך א קער געטאָן צום באלעבאָס פון שטוב, — ווען מיר זיַינען געווען מיט איַיך, סעמיאָן יעווסייעוויטש, אין סאנאטאָרי, איז מיר דאָרט אין ביבליאָטעק געקומען צו די הענט א באנד פון נאזים כיקמעטן. איר געדענקט, איר האָט מיך נאָך געפרעגט, וואָס האָב איך געבראכט גוטס, האָב איך איַיך באוויזן. א היפּשער באנד אזא...

א קער צו אלעמען:

— ער שרײַבט אף זיַין אייגנארטיקן אויפן, כיקמעט: ניט אלעמאָל געגראמט, מערסטנטייל — ניט. איין שורע קאָן זיַין א קורצע, די צווייטע א לאנגע. נאָר יעדער שורע, יעדעס וואָרט איז פול מיט געדאנק, גייט פון הארצן.

„אָט דער בריגאדיר קלײַבט זיך, דאכט זיך, האלטן א לאנגע דראָשע”, — האָט מיט פארדראָס א טראכט געגעבן ארנאָ און געוואָרפן א בליק אף מארלענען: צי טיילט זי זיַין פארדראָס? ניין, זי קלײַבט זיך, אפּאָנעם, אים אויסהערן. מאָדנע... נו־נו, ער וועט אויך פּרוּוון...

סעמיאָן יעווסייעוויטש, ווען ארקאדי האָט זיך צו אים געווענדט, האָט זיך עטוואָס אויסגעגלײַכט אין פּאָטעל, א נייג געטאָן פאָרויס דעם קאָפּ און מיט שאָדנפרייד א קלער געטאָן וועגן גאסט: „אהא, געמיינט, דו איינער האָסט א צונג? הער אויס, וואָס א פּראָסטער כײַוועקיַיעם, א נאש־בראט וועט דיר זאָגן”...

שלימע סאמוילאָוונע האָט באזונדערס וועגן גאָר ניט געטראכט, זי האָט נאָר געוואָרפן פון צו מאָל א בליק אף מארלענען, פרווונדיק טרעפן, וואָס יענע טראכט.

מארלענע האָט מיט אינטערעס געקוקט אף ארקאדין.

— איינע א ניט גרויסע ליד, — האָט ער פאָרגעזעצט, — האָט זיך מיר באזונדערס פארגעדענקט.

— איר קענט זי אף אויסווייניק? — האָט געפרעגט מארלענע.

— אף אויסווייניק ניט. נאָר די געדאנקען, וואָס זיַינען אין איר אויסגעדריקט, קאָן איך איבערדערציילן.

— דערציילט.

ארנאָ האָט א צוק געטאָן מיט די אקסלען.

סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט צוזאמען מיט זיַין פּאָטעל זיך א רוק געטאָן נעענטער צום טיש.

שלימע סאמויִלאָווּנע האָט אַראָפּגעשאַרט אַ פּאָר ברעקלעך פון טישטעך און זיך צוגעגרייט הערן.

ארקאַדי — שטיל:

— ...איך וואָלט וועלן זײַן אַ בוים, וואָס אינעם שאָטן זײַנעם קאָן מען אָפּ־רוען... כ׳וואָלט וועלן זײַן אַ בוך, וואָס מע לייענט אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט און מע פילט ניט קיין לאַנגווײַל... אַ טיר, וואָס עפנט זיך פאַר גוטע מענטשן און פאַרמאַכט זיך פאַר שלעכטע... אַ פענצטער אַ ברייט צעפראַלטס, אַזוי אַז אין דעם זאָל קענען אַרײַנגיין די שטאָט... כ׳וואָלט וועלן זײַן אַ וואָרט, וואָס רופט צו שיינקײַט, צו גערעכטיקײַט, צו עמעס... זײַן אַ וואָרט, קעדיי מיט צאַרטקײַט דערציילן וועגן מײַן ליבע...

ארקאַדי איז אַנשוויגן געוואָרן. אַ גאָלדן פישל אין גרינבלעכן אַקוואַריום האָט אַ צאַפּל געטאָן מיטן עקעלע, האָט מען עס דערהערט...

— אלץ? — האָט שטיל געפרעגט מאַרלענע.

— אלץ...

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ארקאַדי זיך אָנגערופן:

— און איר זאָגט... — מיט אָט די ווערטער האָט ער זיך געווענדט צו אַלע־מען, נאָר געמיינט האָט ער אַרנאָ. — ווי קאָן מען זיך דען אָן דעם אַלעם באַגיין? אָט רעדט כיקמעט וועגן ליבע. זי וועט דאָך בלײַבן. ווי מיינט איר? זי וועט בלײַבן אין דער עפּאָכע פון קיבערנעטיק, פּונקט ווי זי איז געווען אין דער ערשטער מעזאָזאָישער ערע? דאַרף דאָך זײַן אויך דאָס וואָרט אַף אויסצודריקן זי...

אַרנאָ איז געקומען צו־זיך. אָט דער בריגאַדיר האָט זיך צופיל צערעדט. און צו אָפט קוקט אין זײַן זײַט מאַרלענע. אויך מיר אַ פריידיקער. מע דאַרף אים שטעלן אפן אָרט.

— וועגן ליבע האָט מען שוין צופיל גערעדט, — האָט ער זיך אָנגערופן, — בערג מיט פּלוידערײַ האָט מען אָנגעהויפנט אַרום איר. איך מיט ליבע האלט איצט אַנדערש.

— ווי זשע?

— ליבע רעדט ניט, ליבע טוט.

— גוט געזאָגט! — האָט אויסגערופן ארקאַדי. — ליבע טוט, שאַפט! ריכטיק. זי טוט און שאַפט אָבער קוידעמקאָל דערפאַר, ווײַל זי רעדט. רעדט צום האַרצן...

אַרנאָ האָט אַ קוק געטאָן אפן האַנט־זייגער.

— אָ, איך פאַרשפּעטיק שוין צום צוג!

אַלע האָבן זיך אַ הייב געטאָן פון די ערטער.

— מיט אײַך וועלן מיר נאָך אַמאָל דערדיסקוסירן, — האָט אַרנאָ מיט אַ גוט־מוטיקן מאַכעטייסע־טאָן אַ זאָג געטאָן צו ארקאַדין.

— איך האָף, — האָט יענער געענטפערט.

— עפּשער וועסטו בלײַבן ביז מאָרגן? — האָט געפרעגט מאַרלענע.

— ניין. מאָרגן אַסיסטיר איך בײַ אַ קאָמפּליצירטער אָפּעראַציע. אַ נײַער פּראָפעסאָר, אַ שטרענגער, ניט קעדײַ. — די האַנט האָט אַרנאָ דעמאָנסטראַטיוו אַרופגעלייגט אַף מאַרלענעס אַקסל. — סט׳מיך באַגלייטן?

— ווי זשע?

— און צוריק? — האָט געפרעגט אַרנאָ און געוואָרפן אַן אויג אַף ארקאַדין: וואָס וועט זאָגן יענער? צי וועט ער זיך אויך ניט אַרויסרופן באַגלייטן?

ארקאַדי האָט געשוויגן.

— איך וועל צוגיין מיט אײַך צום וואָקזאַל, — האָט זיך אָנגערופן סעמיאָן יעווסייעוויטש.

— ס׳וועט ניט זײַן פאַר דיר שווער? — האָט געפרעגט מאַרלענע.

— ס׳איז דאָך ניט ווײַט.

פון שטוב איז מען ארויס צוזאמען. באם נאָענטן ראָג איז מען זיך פאנאנ־דערגעגאנגען — מארלענע, ארנאָ און סעמיאָן יעווסייעוויטש אין איין זײַט, אר־קאדי אין א צווייטער.

יענע נאכט האָט ארקאדי לאנג געבלאָנקעט אין די געסלעך ארום זײַן שטוב. שוין פארטאָג־צו איז ער ארײַן צו זיך אין דירע. ער האָט זי ווידער ניט דער־קענט. עפּעס גאָר אנדערש האָט זי אויסגעזען, כאָטש אלץ איז דאָ געשטאנען אף די זעלבע ערטער. דער בער אויך.

— איז וואָס, — האָט ארקאדי זיך צו אים אָנגערופן, — זײַנען מיר ווידער געבליבן מיט דיר אליין, הא?

2

דאָס דאָזיקע קאפּיטל — מיקויעך דעם, ווי פארשיידענע מענטשן האָבן זיך באצויגן צום געשעענעם.

קוידעמקאָל — ארקאדי אין יענער שלאָפלאָזער נאכט.

נו, יאָ, דאָס אלץ האָט ער דאָך שוין געוווּסט. נאָך בייס זײַן ערשטן וויזיט צו די גרינבוימס האָט סעמיאָן יעווסייעוויטש דערציילט: אין כאבאראָווסק האָט זי עמעצן. ער געדענקט, ארקאדי, — ער האָט איבערגעכאפּט שלימע סאמוילאָוו־נעס א בליק צום מאן, ווי איינער רעדט: „וואָס גיסטו אויס סוידעס פאר א פרעמדן מענטשן?" און סעמיאָן יעווסייעוויטש: „ארקאדי איז ניט קיין פרעמ־דער, ער איז בא אונדז ווי אן אייגענער, פאר אים דארפן קיין סוידעס ניט זײַן"... „ווער איז דער באָכער?" — האָט ארקאדי געפרעגט. „אן אויסגעשפּילטער פאר־שוין. א בעניאָכיד בא געהויבענע עלטערן. אויך א דאָקטער. א סוואָרע, מע האָט זיך שוין געקענט, ווען זי האָט זיך נאָך געלערנט אין אינסטיטוט". ארקאדי דער־מאָנט זיך: מיט עפּעס האָט אים עס שוין דעמלט געארט, אָט דאָס אלץ, כאָטש וואָס? ער האָט דאָך נאָך דעמלט זייער אייניקל אין די אויגן ניט געזען. געארט, ווײַזט אויס, פּאָשעט, ווײַל דאָס איז זייער אייניקל. זיי זײַנען ווילע מענטשן, דאָס אייניקל געוויס אויך, זאָל איר זײַן גוט... שפּעטער, ווען ער האָט אָנגעהויבן ארײַנגיין צו זיי אין שטוב, ווען זײַן גאנץ וועזן איז איבערגעפולט געוואָרן דער־מיט, וואָס ער גייט מיט מארלענען, שמועסט מיט איר, קוקט אף איר, איז אים קיין איין מאָל אפן געדאנק ניט געקומען דאָס, וואָס ער האָט געהערט וועגן כא־באראָווסק, וועגן א באָכער. דאָס אלץ איז דאָך שײַעך געווען צום אייניקל פון די גרינבוימס, עפּעס א מירעלע, וואָס ער האָט ניט געזען, ניט געהערט... אָבער — מארלענע? וואָס פאר א שײַכעס קאָן עס האָבן צו איר?

הײַנט, ווען ער האָט דערזען ארנאָ, האָט ער פארשטאנען, אז ס'האָט א שײַכעס...

ארקאדי האָט זיך געראנגלט מיט דער אייגענער פארביטערטקײַט. וויפל קען ער מארלענען? אים דאכט זיך — פון אייביק אָן. אינדערעמעסן אָבער — א כוי־דעש. איין כוידעש, ניט מער. און ביז דעם איז בא איר דורך א שטיק לעבן — פארענדיקט א שול, אן אינסטיטוט, אָנגעהויבן ארבעטן. וואָס זשע האָט ער געוואָלט? — פאר אָט דער גאנצער צײַט זאָל זי קיינעם ניט ליב באקומען און קיינער זאָל ניט ליב באקומען זי? עפּשער האָט זי גאָר געזאָלט וואַרטן אף אים, אף ארקאדי סאטאנאָווסקין? מעגלעך, זי וואָלט עס געטאָן, ווען זי ווייסט כאָטש, אז אזא לעבט אף דער וועלט... האָט זי ניט געוווּסט... דערפאר ווייסט זי, אז ס'איז דאָ ארנאָ. „א סוואָרע, מע האָט זיך שוין געקענט, ווען זי האָט זיך נאָך געלערנט אין אינסטיטוט", — האָט דערציילט סעמיאָן יעווסייעוויטש. דאָס האָט ער דער־ציילט וועגן זײַן אייניקל, און דעמלט האָט עס אים, ארקאדין, ניט אָנגערירט. מאלע וואָס? אָבער איצט, ווען ער ווייסט, אז עס גייט א רייד וועגן מארלענען...

ארנאָ... ארקאדי האָט זיך געסטארעט קלערן וועגן אים אָביעקטיוו. א שיינער, א שטאלטנער, אן אָנזיכטיקער. גאָר ניט קיין נאר. פארמאָגט איבערציַיגונגען. עמעצן געפעלן זיי ניט? אָבער אזוי טראכט ער. האלט פון זיך. א ביסל צופיל אין זיך פארגלייבט, צו קאטעגאָריש? ס׳טרעפט. און דאָך האָט ארקאדי ניט גע־קאָנט אין זיך גויווער זיַין דעם ווידערגעפיל צו אָט דעם מענטשן. זאָל עס זיַין דערפאר, וויַיל — מארלענע? ניין, ניט נאָר דערפאר...

און מארלענע, — האָט וויַיטער פיַינלעך געטראכט ארקאדי, — ווי פארשטייט מען איר באַציִונג צו ארנאָ? פריִער האָט ער, ארקאדי, וועגן דעם ניט געטראכט. ס׳איז אים פּאָשעט ניט אָנגעגאנגען, אזוי איז ער פול געווען מיט זיַין אייגענעם געפיל צו איר. זי וויַיכט דאָך פון אים ניט, — איז גוט! מער דארף ער ניט. גיין מיט איר, זיַין באנאנד, קוקן איר אין די אויגן, אין אָט די גרויסע אויגן פון א קליין הירשעלע, — אזעלכע ניַיגעריקע, א קאפּעלע ווי פאר עפּעס אָנגעשראָקענע, אזעלכע לעבנסלוסטיקע... מער האָט ער ניט געדארפט!

איצט אָבער, נאָך דער באגעגעניש מיט ארנאָ, ווען ארקאדין איז קלאָר גע־וואָרן, אז יענעם פארבינדן מיט מארלענען געוויסע באַציִונגען, האָט ער זיך פאר־טראכט: ווי זשע זאָל ער פארשטיין, אויב אזוי, איר באַציִונג צו אים, ארקאדין? ער איז דאָך שוין שיר ניט געווען אפן זיבעטן הימל! נו, איז וואָס, — האָט ער זיך אליין געענטפערט, — ער האָט געמעגט זיַין אפילע אפן צענטן. וואָס האָט עס פאר א שיַיכעס צו איר? זי האָט אים דען געגעבן דערצו א גרונט? קיין מינדסטן גרונט ניט. א פּאָר מאָל זיך דורכגעשפּאצירט מיט אים? איז וואָס? גערעדט, דער־ציילט? זי וואָלט עס געטאָן מיט א באליביקן אנדערן. נו, און דער זיידע האָט דאָך איר אָנגערעדט וועגן אים, איז זי צו אים פריַינטלעך, צו ארקאדין, אָבער ניט מער. דער קוש? דער קוש אין שטערן, וואָס ער איז אוועק נאָך אים א שיקערער, אזוי אז די גאנצע וועלט איז מיטאמאָל געוואָרן אים ענג? מאלע וואָס... דאָס איז אים די וועלט געוואָרן ענג, און זי האָט דערמיט איבעריקנס מיסטאמע גאָרניט געמיינט, אזוי, א קאפּריז...

מיטאמאָל האָט ער זיך דערמאָנט אינעם ייִנגעלע, וואָס האָט געלאָזט זייפנ־בלאָזן פונעם באלקאָן. „די מומע מארלענע, — האָט ער געזאָגט, — איז אוועק מיט אן אנדער דיאדיע״. דערנאָך האָט ער אים, אָט דעם „דיאדיע״, געזען, און טאקע ער, וויַיזט אויס, איז דער איקער. וואָס זשע בליַיבט פאר אים, ארקאדין? ער האָט נאָכאמאָל דערזען פאר זיך דעם ייִנגעלעס זייפנבלאָזן, ווי זיי פליִען ארום איַנ־דערלופטן, פארבלענדן מיט זייערע קאָלירן דאָס אויג. נאָר וויפל לעבט א זייפנ־בלאָז? אָט גלאנצט ער, אָט ניטאָ... אף טויזנטער שטויבעלעך צעפאלן און — אויס.

שוין פארטאָג־צו איז ארקאדי ארופגעקומען צו זיך אין דירע און אייצע האלטן זיך מיטן בער: עפּשער גאָר אוועקוואַרפן אלץ מיטאנאנדער און איבערפּעקלען זיך עפּעס אף א וויַיטן אינדזל. וויַיזט זיך ארויס, פאראן אזא אינדזל: אַ־אַ־הו...

וועגן וואָס האָט געטראכט מארלענע?

...ארנאָ האָט א וויַילע זיך פארהאלטן אין טאמבור, צו איר און צום זיידן א מאך געטאָן מיט דער האנט און אריַין אין וואגאָן. דער זיידע איז געווען אָנגע־כמורעט. א ביסל האָט זי זיך אָנגעשטויסן די סיבע, נאָר איבעריקס ניט געוואָלט זיך אריַינטראכטן. גייענדיק פון וואָקזאל, האָבן ביידע געשוויגן. די באָבע האָט אף זיי געוואָרט. פאָרגעלייגט מארלענען א גלאָז מילך, האָט זי זיך אָפּגעזאָגט. זי וויל שלאָפן. נאָר איַינשלאָפן לאנג ניט געקענט.

ארנאָ... א געלעכטער מאמעש — עמעצער האָט אים שוין דאָרט, אין כאבאַ־ראָווסק, באוויזן אונטערטראָגן, אז מע האָט זי דאָ, אין ביראָבידזשאן, געזען שפּאַ־צירן מיט א באָכער. איז ער געקומען צו פליִען. ווער, וואָס? האָט זי אָפּגעקילט

זײַן היציקײַט. ערשטנס, מײנט זי ניט, ער זאָל האָבן רעכט אַזױנס איר פאָרצו־
װאַרפן. זי איז אַ זעלבשטענדיקער מענטש און קאָן אַרומגײן מיט װעמען זי װיל.
צװײטנס, איז דער דאָזיקער מענטש דעם זײדנס אַ באַקאַנטער, זײ האָבן צוזאַמען
אָפּגערוט אין סאַנאַטאָרי און ער גײט אַרײַן צו זײ אין שטוב. „מײנסטו, אַז איִם
אינטערעסירן דײַן זײדע מיט דער באָבע?״ — האָט אַ פרעג געטאָן אַרנאָ. „און
אױב אַפילע איך אינטערעסיר איִם, איז װאָס?״ — האָט געענטפערט מאַרלענע.
דערמיט האָט זי געגעבן צו פאַרשטײן, אַז זי האַלט נאָך ניט אירע באַציִונגען
מיט אַרנאָ פאַר אַזעלכע, װאָס זאָלן איִם געבן אַף איר װעלכע־ניט־איז רעכט. דאַן
האָט ער זי — שױן ניט צום ערשטן מאָל — געגומען צוריידן, זי זאָל זיך אַריבער־
פירן קײן כאַבאַראָװסק. „מײַן טאַטע, — האָט ער געזאָגט, — קאָן עס אײַנאָרדענען
אײנס־צװײ״... זי האָט געענטפערט, אַז דאָ איז איר אינטערעסאַנטער צו אַרבעטן
און זי װיל פון קײנעם ניט זײַן אָפּהענגיק.

מיט אַרנאָ קענען זײ זיך שױן לאַנג. זי איז אָנגעקומען אַפן ערשטן קורס,
און ער איז שױן געװען אַפן פינפטן צי אַפן זעקסטן (ער איז עלטער פון איר).
נאָך דאַן האָט ער זיך אָנגעהױבן מיט איר אינטערעסירן. ער אײנער? װיפל סטו־
דענטן אַף אַלע קורסן — פונעם ערשטן ביזן לעצטן, — אַזױפיל זײַנען, דוכט זיך,
געװען אין איר פאַרליבט. און זי? צו אײנעם אַ לאַך, מיט אַ צװײטן — אַ טאַנץ,
מיט אַ דריטן — אַ שפּאַציר, און — ניט מער. האָט עמעצער געמײנט: אָט, איִם
האָט אָפּגעגליקט, ער איז דער אױסדערװײלטער, — האָט זי איִם געװיזן דעם װעג.
פון קינדװײַז האָט זי געװוּסט, אַז זי געפעלט. איר האָט פאַרשאַפן האַנאָע די
שטענדיקע אַטמאָספער פון גאַפנדיקער אַנציקונג, פון זוכן איר באַקאַנטשאַפט,
פרײַנטשאַפט, קײנעם באַזונדערס האָט זי אָבער ניט אױסגעטײלט. איר איז געװען
גענוג, װאָס אַלע האָבן זי ליב, אַלע זײַנען פון איר אַנציקט, און זי האָט נאָך
ניט געזוכט די ליבע, די אַנציקונג פון אײנעם. אַזױ זײַנען דורך די סטודענטישע
יאָרן, אַזױ איז געװען אױך איצט, װען זי האָט שױן געאַרבעט. בעשאַס זי האָט
געהאַלטן באַ פאַרענדיקן דעם לעצטן קורס, האָט אַרנאָ זיך װידער געטראָפן אַף
איר װעג און ניט אָפּגעטראָטן מער. ביז איצט איז ער זיך מיט קײנעם ניט
צונױפגעגאַנגען, — האָט ער געזאָגט, — ער װאַרט אַף איר, אַף איר אײנער. פאַר
אַ פרױ איז אַזױנס ניט װײניק, ביפראַט װען דאָס זאָגט אַזאַ פאַרשױן, װי אַרנאָ.
װען זי פלעגט גײן מיט איִם אין גאַס, האָט מען זיך אומגעקוקט אַף בײדן, און זי
האָט געװוּסט: אַף איִם — ניט װײניקער, װי אַף איר. הױך, שײן, אַ ספּאָרטיװ
געשוילטע פיגור. אירע כאַװערטעס אין אינסטיטוט האָבן ניט פאַרשטאַנען: פאַר־
װאָס ציט זי, פאַרװאָס זאָגט זי ניט „יאָ״? פאַרװאָס גײט זי זיך מיט איִם ניט
צונױף? און זי האָט אַלץ אָפּגעצױגן. ס'האָט זי געשראָקן זײַן שײנקײַט. צו שײן
איז ער געװען. און אַף אַזױפיל, אַז טײלמאָל פלעגט זי אָנהײבן צװײפלען, צי
איז עפּעס פאַרבליבן באַ איִם פון אָט דער אױסערלעכער שײנקײַט אױך אינער־
לעך? באַ איר איז געװען צו איִם אַ צװײיענדיקע באַציִונג: פון אײן זײַט, האָט זי
גערן מיט איִם זיך באַגעגנט, װען זי פלעגט קומען קײן כאַבאַראָװסק צו די על־
טערן, אַפילע ספּעציעל געפאָרן, װען ער האָט אײַנגעשאַפן בילעטן אַף אַ קאָנ־
צערט אָדער אין טעאַטער. פון דער אַנדערער — געװען מיט איִם צוריקגעהאַלטן.
איִם האָט אַזױנס אַרױסגעפירט פון גלײַכגעװיכט, ער האָט ניט פאַרשטאַנען, װי
קאָן מען אַזױ באַציִען זיך צו איִם. צו פאַרגלײבט אין זיך איז ער געװען און ניט
געװוּסט, אַז טאַקע אָט די זעלבסטפאַרגלײבטקײַט זײַנע צװינגט זי נאָך און
נאָכאַמאָל טראַכטן און איבערטראַכטן: צי מעג זי מיט אַזאַ מענטשן פאַרבינדן איר
לעבן?

אַף דער צענטראַלער, קאַרל־מאַרקס־גאַס אין כאַבאַראָװסק האָט זי צוריק מיט
אַ כױדעש פלוצעם באַגעגנט לילקען. יענע האָט געטראָגן אַ העכסט מאָדנעם פאַ־
ריק, הױזן מיט אַ ברײטן קליאָש. מיט לילקען האָט זי זיך געלערנט אַף אײן

קורס. מע איז נאָך געווען אף פּראַקטיק, האָט יענע כאַסענע געהאַט מיט אַן אַנ־געזעענעם טוער, עלטער פון זיך, אָבער מיט א דאַטשע און אן אייגענער „לאַדאַ“.

מאַרלענען האָט זי פאַרוואָרפן מיט קאָמפּלימענטן:

— דו הערסט ניט אויף צו שײַנען! ביסט נאָך שענער, ווי געווען! און ניט כאַסענע געהאַט נאָך?

— ניין.

— אף וועמען וואַרטסטו? די אייגעלעך, די בעקעלעך, מיינסטו, וועלן אַזוי גלאַנצן אייביק?

— וואָס זשע, מע האָט כאַסענע נאָר צוליב די אייגעלעך און בעקעלעך?

— און דו האָסט געמיינט? זײַ ניט קיין נאַר... בא אײַך איז דאָך אַזאַ אַלטע ליבע מיט אַרנאָ, וואָס וואַרטסטו? אַזאַ טאַטע! אַזאַ דאַטשע...

— איך קלײַב זיך ניט כאַסענע האָבן ניט מיט זײַן טאַטן, ניט מיט זײַן דאַטשע.

— און אַרנאָ אַליין! א קראַסאַוועץ!

זיי זײַנען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. מאַרלענע האָט ניט פאַרשטאַנען, ווי קאָן מען זײַן אַזוי לײַכטזיניקי? און לילקע, האָט זי געקלערט, האָט מיסטאָמע ניט פאַרשטאַנען: ווי קאָן מען זײַן אַזוי ניט פּראַקטיש...

און אינגיכן האָט אין איר לעבן זיך באַוויזן אַרקאַדי.

אין סאַנאַטאָרי איז אַרקאַדי געווען מיטן זיידן אין איין צימער. צוערשט, — דערציילט דער זיידע, — האָט אַרקאַדי זיך דערשראָקן, געוואָלט אַנטלויפן, נאָר געבליבן. זיי האָבן זיך באַפרײַנדעט, איינער דעם אַנדערן געפעלן געוואָרן. דער זיידע האָט אים זייער ליב, געהאַלטן וועגן אים אין איין דערציילן. און אָט קומט זי איינמאָל אַהיים, — ער שטייט אַפן פענצטער, אויסגעשמירט אין אייל־פאַרב, מיט א בערשטל אין דער האַנט. אוי, האָט זי געלאַכט! ווײַזט זיך אַרויס, זיי קענען זיך דאָך... וואָלעריק האָט זיי באַקענט. און ער, ווען ער האָט זי דערזען... זי וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, וואָס פאַר א פּאָנעם בא אים איז געווען... פאַר איבעראַשונג איז ער שיר פון פענצטער ניט אַראָפּגעפאַלן. דערנאָך האָבן זיי זיך עטלעכע מאָל באַגעגנט, שפּאַצירט, און — א מאָדנע זאַך: מיט אַרנאָ קען זי זיך אַזוי לאַנג, מיט אַרקאַדין — ערשט באַקענט זיך, נאָר ריידן מיט אים איז פיל לײַכטער, ער פאַרשטייט דיך אַפן האַלבן וואָרט. עמעס, ער איז א ביסל א מאָדנער. צו באַשיידן, צי וואָס? ער האָט ניט געגלייבט, אַז זי האָט אים פון יענער ערשטער קורצער באַגעגעניש פאַרגעדענקט. מע זעט גלײַך — א בראַוער, אַן ענערגישער, און א שיינער אויך. עמעס, מיט אַן אַנדער שיינקײַט, ניט אַזאַ, ווי בא אַרנאָ. בא יענעם איז זי אינגאַנצן אין דרויסן, זײַן שיינקײַט, און בא דעם... בא דעם פאַרבלײַבט, דאַכט זיך, עפּעס אינווייניק אויך. סײַווי אָבער — א מאָד־נער, ניט אַזאַ, ווי אַנדערע. ניט געווען נאָך קיין איין באָכער, וואָס זאָל שוין אינעם ערשטן אָוונט נאָך דער באַקאַנטשאַפט ניט וועלן זי א קוש טאָן. קיין איי־נער... און דער — ניט. אינעם ערשטן אָוונט איז עס נאָך קיינעם ניט געלונגען. נאָר אַפן פערטן, פינפטן פלעגט אַמאָל טרעפן — יאָ. און דער — איין אָוונט, א צווייטער, א דריטער — קיין אָנדײַט. ס'האָט זי אף אַזויפיל פאַרכידעשט, אַז זי האָט, מעגלעך, געטאָן א נאַרישקײַט, וואָס זי האָט פאַרפירט וועגן דעם א רייד. און ער האָט איר געענטפערט... אַזעלכס האָט זי אויך פון קיינעם ביז איצט ניט געהערט. ס'איז אים געװנוג, האָט ער געזאָגט, אַז ער גייט מיט איר, שטייט מיט איר, זעט זי. „עפּעס מער, — האָט ער צוגעגעבן, — וואָלט שוין געווען צופיל“... דערבײַ האָט ער אף איר אַזוי א קוק געטאָן, אַז זי האָט ניט אויסגעהאַלטן — א קוש געטאָן אים... און אַנטלאָפן. דערנאָך האָט זי זיך שוין אופגעפירט מיט אים שטרענגער, ער זאָל ניט מיינען וועך ווייסט וואָס... פּאַשעט, זי האָט אים באַ־לוינט פאַר א קלוגן ענטפער. נאָר א קלוגן דען? ניין, א האַרציקן, אַן אופריכטיקן.

און אָט איז געקומען ארנאָ, און זיי האָבן מיט ארקאַדין זיך באַגעגנט, אַזעלכע פֿאַרשיידענע, אַזעלכע ניט ענלעכע. זי איז געזעסן צווישן זיי און געקוקט אָט אויף איינעם, אָט אויפֿן אַנדערן. זיי האָבן זיך שיִער ניט צעקריגט. וועגן וואָס האָבן זיי זיך געקריגט? ווײַזט אויס, יעדערער אויף זײַן אופֿן... נאָר ווען ארקאַדי האָט זיך גענומען איבערדערציילן כיקמעטס ליד... זי האָט זיך ניט געריכט, אַז ער זאָל האָבן אַזאַ טיפֿן פֿאַרשטאַנד פֿאַר דיכטונג. ווען ער האָט איבערדערציילט כיקמעטס פֿאַרלאַנג צו זײַן אַ וואָרט, וואָס זאָל מיט צאַרטקייט אויסדריקן זײַן ליבע, האָט ער געקוקט פּונקט אַזוי, ווי דעמאָלט, ווען ער האָט איר געזאָגט, פֿאַרוואָס ער וויל זי ניט אַ קוש טאָן... און פּונקט ווי דעמאָלט, האָט איר זיך זייער פֿאַרוואָלט אַ קוש טאָן אים... נאָר ארנאָ זיצט דערבײַ. ארנאָ איז געווען ניט צופֿרידן. מע קאָן אים פֿאַרשטיין: זיי קענען זיך אַזוי לאַנג, און דאָ איז געקומען איינער — ניט מע קען אים, ניט מע ווייסט אים, און — נאַ דיר! נאַרישער ארנאָ... ער מעג ניט מוירע האָבן. זי קלײַבט זיך ניט פֿאַרליבן אין אָט דעם נײַעם באַקאַנטן. און ארנאָ... אים האָט זי ליב? זי האָט אים קיין איין מאָל ניט געזאָגט „יאָ". זי האָט אים אָבער נאָך קיין איין מאָל ניט געזאָגט „ניין".

אַ פּלאָנטער, אַ פּלאָנטער אין האַרצן, אין קאָפּ... אַ לײַכטער נעפּל האָט זי אײַנגעהילט און אײַנגעשלעפֿערט...

אין אַלקער איז שטיל. די גאַרדינען אויפֿן פֿענצטער זײַנען צונויפֿגעפֿירט איינער נעם, איז טונקל, נאָר אין דער מיט, וווּ זיי זײַנען ניט גאָר שטײַף זיך צונויפֿגעגאַנגען, טיילט זיי פֿאַנאַנדער אַ בלאַסלעכער פּאַס — אַ דורכלויכט פּונעם לעוואַנעדיקן דרויסן.

ס'איז שוין שפּעט, נאָר די עלטערע לײַט שלאָפֿן ניט, כאָטש לאַנג גיבן זיי עס איינער דעם אַנדערן ניט אויס.

ענדלעך זײַנער אַ שטילער שעפּטשע:

— שלאָפֿסט, שלימע?

זי — נאָך שטילער:

— ניין, שימענקע, כ'שלאָף ניט.

— פֿאַרוואָס שלאָפֿסטו ניט?

— ווער ווייסט, אַזוי...

אין אַ לענגערער ווײַלע אַרום — ער:

— טראַכסט?

— אַזוי זיך. און דו?

— צו ביסלעך.

— וועגן וואָס טראַכסטו?

— און דו?

— מיסטאָמע טראַכטן מיר ביידע וועגן דעם זעלבן.

ווידער ווערט שטיל. דערנאָך — ער:

— אַ ווילער באָכער.

— ווער?

—ארקאַדי, מיין איך.

— אַ...

— האָסט געמיינט, איך מיין יענעם?

— כ'ווייס... שטילער, דאָס קינד קען נאָך דערהערן.

— זי שלאָפֿט. האָסט כאָטש געזען, ווי ארקאַדי קוקט אויף איר?

— געזען.

— נו?

— וואָס נו? וואָס קומט ארויס?
— וואָס הייסט?
— גאָרניט.
— און יענער? ניט צופרידן.
— וואָס זשע? אזא צײַט ווי מע קען זיך, און דאָ — נא דיר.
— וואָס זאָגסטו אָבער, ווי ארקאדי האָט אים אָפּגעשמיסן די פליגל, הא?
— גאָרניט אָפּגעשמיסן. און ביכלאל — ס'איז ניט קיין פארגלײַך.
— וואָס ניט קיין פארגלײַך?
— דער מיט יענעם.
— וואָס זשע, האלטסט, אז ארנאָ איז מער... אויסגעצאצקעט?
— און דו ווי האלטסט?
— פארשטייט זיך, אזא טאטע, אזא „וואָלגע", אזא דאטשע...
— וואָס געהער זיך עס אָן?
דאָס שעפּטשען איז געוואָרן העכער.
— ער אליין איז א מענטש, — האָט געשעפּטשעט שלימע.
— און דער וואָס, איז קיין מענטש ניט?
— אלע זײַנען מענטשן. נאָר פאר אונדזער קינד...
— וואָס — פאר אונדזער קינד?
— איז ארנאָ מער מענטש. און שוין אזא צײַט ווי מע איז באקאנט, וואָס רעדסטו?
— נו־נו, — האָט א מאך געטאָן סעמיאָן יעווסייעוויטש. ער וועט זיך ניט שטעלן איצטער שפּארן אינמיטן דער נאכט. און עפּשער איז שלימע גערעכט אויך. נאָר אים איז א שאָד ארקאדין. ער האָט געזען, וואָס פאר אן אויסזען יענער האָט נעבעך געהאט, ווען זיי זײַנען זיך פאנאנדערגעגאנגען אפן ראָג.
— א שאָד דעם באָכער, — האָט ער געזאָגט. — ווי מיינסטו, זי באמערקט כאָטש?
— וואָס?
— אז ארקאדי...
— וואָס זשע, זי באמערקט ניט? נאָר בעסער זאָל זי ניט באמערקן.
— הערסטו, מע קאָן נאָך גאָרניט וויסן.
— און אז מע ווייסט ניט, שווײַגט מען, — האָט א זאָג געטאָן שלימע בארויגעזלעך.
זיי זײַנען געלעגן אף זייערע הילצערנע צונויפגעשטעלטע בעטן, יעדערער אף זײַנעם. אין דער אלטער דירע זײַנען זיי געשלאָפן ביידע אף איין שמאָלן אײַזערנעם בעט מיט ניקעלירטע קײַלעכלעך פון אויבן. אהער, אינעם נײַעם הויז, האָט מען שוין יענץ בעט ניט גענומען, געקויפט א טײַערן גארניטור פון רויטן האָלץ — א גארדעראָב, א שפּיגל מיט טומבאָטשקעס און אָט די צוויי ברייטע בעטן. ליגן אף זיי איז גערעם, ווייך, נאָר שלימע האָט געבענקט נאָכן אלטן געניקלטן בעט, וווּ זי פלעגט שטענדיק פילן לעבן זיך איר שימענען.

3

ס'האָט זיך אומגעקערט וואלערי קראס. מע האָט אים געזען אין שטאָט. ארקאדין האָט וועגן דעם דערציילט פאפּאיאָן.
— ווי זעט ער אויס? — האָט געפרעגט ארקאדי.
— דער זעלבער.
— מיט דער פאטלע?

— מיט דער פאטלע, מיטן גאנצן קלאפערגעצייַג, ווי געווען. וואָס ווילסטו — א ביטניק? אים ווערסטו שוין ניט איבערמאכן.

— מיט אזעלכע אויספירן דארף מען זיך קיינמאָל ניט אײַלן, — האָט באַ־מערקט ארקאדי.

— וואָס זשע, — האָט געפרעגט פאפאיאן, — מיינסט, מע קאָן נאָך פון אים מאכן א מענטש?

— אלץ קאָן זיך מאכן. האָסט גערעדט מיט אים?

— ניין. ער ווייסט מײַן באציִונג צו אים, און מיט מיר רעדט ער ניט.

— זעסט, און דאפקע מיט אזעלכע, ווי ער, דארף מען ריידן, א סאך ריידן.

— נו, דאָס איז אן ארבעט פאר דיר, — האָט געענטפערט פאפאיאן, — איך קאָן עס ניט.

— א שאָד. האָסט ניט געהערט, צוריק אפן זאוואָד קלײַבט ער זיך ניט?

— ניט געהערט, נאָר כ׳מיין, אז ניט.

— פארוואָס?

— ווײַל דאָ קען מען אים שוין. יאָ, כ׳האָב געהערט, ער ארבעט ערגעץ אף אן אנדער אָרט.

— ווו?

— אף א בויונג, דאכט זיך, נאָר ווו ווייס איך ניט.

ארקאדי האָט זיך געוואָלט טרעפן מיט וואלערין, נאָר ס׳האָט זיך אלץ ניט געמאכט. ווו צו זוכן אים האָט ער ניט געוווּסט. ערשט איינמאָל, ער גייט פון דער ארבעט, קומט אים אָן אנטקעגן וואלערי. יענער איז געגאנגען מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, די פאטלע, ווי געווען, ביז די אקסל, די שווארצע באָרד וואַרפט פונווײַטנס אָן א פּאכעד — אן עמעסער פיראט, ווי מע פלעגט מאָלן אין די אלטע מײַסע־ביכלעך. די פארלאטעטע דזשינסן שארן דעם שטויב.

דערזען ארקאדין, האָט ער זיך ווי דערשראָקן, געוואָלט אָפּגיין אין א זײַט, נאָר ס׳איז שוין געווען שפעט.

— א גרוס, וואלערי!

יענער האָט א ווײַלע געקוקט אף ארקאדיס אויסגעשטרעקטער האנט, ווי גלייבנדיק און ניט גלייבנדיק, אז זי איז אויסגעשטרעקט צו אים, און פוילבלעך ארײַנגעלייגט אין איר זײַנע פינגער.

— ווו ביסטו פארפאלן געוואָרן?

— עט...

— ווען האָסטו זיך אומגעקערט?

— ס׳איז דען וויכטיק? דאָ, דאָרט — אלציינס.

— וואָס אלציינס?

— די זעלבע מאכערײַקע...

— כ׳האָב געהערט, ארבעטסט?

— יאָ, אף א בויונג.

— וואָס טוסטו דאָרט?

— „מײַנא — ווירא”.

— אף א קראן?

— ניין, אפן קראן זיצט אן אנדערער. איך טשעפּע צו און טשעפּע אָפּ די פּאנעלן, די קאסטנס מיט צעמענט, וואָס עס מאכט זיך.

— צוליב דעם פּאָדערט זיך ניט קיין גרויסע קוואליפיקאציע.

— און צו וואָס דארף איך א קוואליפיקאציע? איך דארף א צוזאמענוווינונג, ווו אוועקצולייגן דעם קאָפּ באנאכט, און עטלעכע קלינגערס אף אויסטרינקען. דאָס באקום איך...

גערעדט געוואָרן איז דאָס אַלץ מיט אַ פּוילבלעכער און גלײַכגילטיקער שטים. מיטאַמאָל האָט באַ וואַלערין אין בליק עפּעס אַ לויכט געטאָן:

— שאַ, בריגאַדיר! ווייסט כאָטש, ווו מיר האָבן זיך מיט דיר באַגעגנט?

— ווו?

— דאָרט, ווו פֿאַר דײַן אָפּפֿאָרן אין סאַנאַטאָריע, אַפֿן זעלבן אָרט. אַ גוירל־זאַך, ניט אַנדערש! אָט איז אַף יענעם ראָג די שאַשליטשנע.

אַרקאַדי האָט זיך אַרומגעקוקט.

— ריכטיק!

— ווייסט, — האָט וואַלערי, אַן אופֿגעלייגטער, פֿאַרגעזעצט, — פֿאַר דער צײַט, וואָס מיר זײַנען דאָ ניט געווען, זײַנען פֿאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען.

— ווו?

— אין שאַשליטשנע.

— מע האָט אָנגעהויבן דערלאַנגען הייסן שאַשליק?

— פֿאַרקערט, מע האָט אַראָפּגענומען די שילד.

— פֿאַרוואָס?

— מע האָט זי פֿאַרביטן מיט אַ נײַער.

— אוועלכער?

— „זאַקוסאָטשנע". גוט אַזוי, כאָטש אָן ליגנערײַ... מירן אַרײַנגיין? הײַנט בין איך מעכאַבעד.

— פֿון וואָס פֿאַרא מאַיאָנטקעס?

— אָ, — האָט געענטפֿערט וואַלערי, — אַף סאַכאַלין האָב איך גוט פֿאַרדינט. מע צאָלט דאָרט וואַזשנע, אַרײַנגעכאַפּט אַ גאַנצע פּויטעקע, און עפּעס־וואָס איז נאָך באַ מיר פֿאַרבליבן.

אַרקאַדי האָט אַ ווײַלע געטראַכט און זיך אָנגערופֿן:

— פֿאַרשטייסט, וואַלערי, טאַקע וועגן דעם, — ווי האָסטו מיטאַמאָל אָנגעשפּאַרט אַף סאַכאַלין? וואָס האָסטו דאָרטן געטאָן? פֿאַרוואָס ביסטו אוועקגעפֿאָרן און פֿאַרוואָס צוריקגעקומען? — וועגן דעם אַלעם וויל איך פֿון לאַנג מיט דיר אַ שמועס טאָן. גוט, וואָס מיר האָבן זיך באַגעגנט, נאָר אַהינצו, ווי עס זאָל ניט הייסן — „שאַשליטשנע" צי „זאַקוסאָטשנע", וויל איך ניט גיין.

— ווו זשע?

— כ׳האָב אַ פֿאָרשלאָג, לאָמיר זיך אַרײַנזעצן באַלד אין אויטאָבוס און צו־פֿאָרן צו מיר.

— אַהיים?

— יאָ.

— און ווער איז דאָרט באַ דיר?

— קיינער. מיר וועלן זײַן אינצווייען.

— אָ, גוט! — האָט אופֿגעלויכטן וואַלערי. — נעם איך באַלד אַ בוטל, עפּעס פֿאַרבײַסן... — ער האָט זיך געלאָזט לויפֿן.

— וואַלערי! — האָט אים צוריק גערופֿן אַרקאַדי.

— מיינסט, כ׳ווייס ניט, — האָט יענער זיך אומגעקוקט, — כ׳וועל נעמען וואָס מע דאַרף...

— ניט דאָס, — האָט געזאָגט אַרקאַדי, — מע דאַרף גאָרניט פֿון דעם מין.

— גאָרניט? — האָט מיט כידעש אים אָנגעקוקט וואַלערי. — ווי זשע? צוויי מאַנצבלען וועלן זיצן, און... וואָס וועלן זיי טאָן? וואָס וועלן זיי טרינקען, פֿרעג איך באַ דיר? טיי?

— יאָ, טיי.

— נו, ביסטו אַ טשודאַק, בריגאַדיר! וואָס פֿאַר אַ מאַנצבלשער געשפּרעך קאָן זײַן באַ טיי?

— וואלערי, איך וויל טאקע האָבן מיט דיר א מאנצבלשן געשפּרעך, אָבער א ניכטערן, פארשטייסט?

— נו־נו, — קראס האָט א צוק געטאָן מיטן אקסל, ווי מע זאָל אים פארלייגן א ביז גאָר אומגעלומפּערטע זאַך, נאָר ער האָט געפאָלגט, און זיי האָבן זיך ביידע אריינגעזעצט אינעם צוגעקומענעם אווטאָבוס.

— ע, בריגאדיר, ווינסט עפּעס אָרעמלעך, — דאָס זײַנען געווען די ערשטע ווערטער, וואָס וואלערי קראס האָט ארויסגעבראכט, ווען זיי זײַנען ארײַן צו אר־קאדין אין דירע.

— וואָס זשע? — האָט ארקאדי א פרעג געטאָן און גלײַך זיך א לאָז געטאָן אין קיך.

— אזא באַרימטער מענטש, ווי דו, און... ניין...

— ווער איז א באַרימטער מענטש? — האָט ארקאדי א לאך געטאָן פון קיך.

— דו, בריגאדיר, — האָט וואלערי געענטפערט, פאָרזעצנדיק באטראכטן דאָס צימער.

— פון וואָס נעמסטו? — האָט געפרעגט אַרקאדי און אָנגעצונדן אין קיך דעם גאז.

— א שיינע מײַסע: אין צײַטונג — א פּאָרטרעט; אפן זאוואָדישן ערן־טאָוול — א פּאָרטרעט! ס'איז דיר נאָך ווייניק? וואָס זשע הייסט באַרימט זײַן?

פון קיך האָט זיך דערטראָגן דער רויש פון געעפנטן וואסער־קראן און אר־קאדיס ענטפער:

— א פּאָרטרעט, וואלערי, דאָס איז גאָרניט. דעריקער — דער מענטש.

— יאָ, — האָט געזאָגט וואלערי, — אָבער ניט פון אלעמען מאָלט מען פּאָר־טרעטן. פון מיר, אשטייגער, וועט מען מאָלן א פּאָרטרעט?

— פון דיר? — עס האָט זיך געהערט, ווי מע שטעלט דעם טשײַניק אף דער גאז־פּליטע. — דאָס איז פון דיר אליין אָפּהענגיק, מער פון קיינעם.

— אזוי מיינסטו?

ארקאדי האָט עטוואָס צוגעקליבן אין קיך און ארײַן אין צימער. וואלערי איז געשטאנען באם טעלעוויזאָר און געהאלטן אין האנט דעם בער.

— וואָס איז דאָס פאר א באשעפעניש? — האָט ער געפרעגט.

— אָ, — האָט געענטפערט ארקאָדי, — דאָס איז מײַנער א גרויסער פרײַנט. ווען עס ווערט מיר אמאָל דאָ אומעטיק אליין, שמועסן מיר מיט אים זיך דורך.

— דיר — אומעטיק? — האָט איבערגעפרעגט וואלערי.

— וואָס זשע כידעשסטו זיך?

— דו? איך האָב געמיינט, אז אזעלכע, ווי דו, באשטייען בלויז פון ענטוזיאזם.

— לעצעווע ניט! ס'ווערט אמאָל אומעטיק, און נאָך ווי...

— וואָס זשע איז די סיבע? — האָט וואלערי זיך פארינטערעסירט.

— ווייניק סיבעס? כאָטשבי דאָס, וואָס אף דער וועלט שפּאנט ארום אזא פארשוין, ווי דו...

— מע קאָן מיינען, אז דער פארשוין גייט דיר שטארק אָן?

— איז מען א מענטש, גייט אלץ אָן.

— פונדעסטוועגן לעבסטו אָרעמלעך, — האָט איבערגעכאַזערט וואלערי, אוועק־שטעלנדיק דעם בער אף זײַן אָרט. — נו, וואָס איז עס פאר א טעלעוויזאָר? א „רעקאָרדל" פון די סאמע ערשטע. שוין לאנג צײַט אפן סמיטניק. בא דיר דארף שטיין א נײַער, א קאָלירטער...

— ביז מיר, — האָט ארקאדי דערקלערט, — האָט דאָ געוווינט א יונג פּאָרפאָלק מיט א קינד. זיי האָט מען געגעבן א גרעסערע דירע, און מיך — אהער. האָבן זיי מיר איבערגעלאָזט זייער מעבל. אין דער נײַער דירע האָבן זיי געקויפט נײַס. און וואָס דארף איך? אהיים קום איך נאָר נעכטיקן, גאנצע טעג אפן זאוואָד...

מיטן אונטערטאנצנדיקן דעקל האָט פון קיך זיך געלאָזט הערן דער טשײַניק. ארקאדי איז אוועק אהין. אינגיכן האָט ער זיך באוויזן מיט א טאץ. אף איר: א ווײַס טשײַניקל מיט פריש פארקאָכטער טיי, צוויי גלעזער, צוקער, אין א וואַזעלע — זעמעלעך, פון די, וואָס מע קויפט אין די קולינאריע־קראָמען.

— אָ, — האָט מיט כידעש אויסגערופן וואלערי, — פירסט א באלעבאָטישקײַט?

— ווי זשע אנדערש? עלעמענטארע זאכן.

וואלערי האָט גענומען די טיי, וואָס ארקאדי האָט אים דערלאנגט, און געזאָגט:

— עך, טוסט א קוק אן אויסלענדישן פילם, ווי זיי לעבן דאָרט, די פארשאָלטענע קאפיטאליסטן. דעם עמעס זאָגן, נעמט א קינע. שטייט זיך א סטעלאזש מיט ביכער, געוויינלעכע ביכער, בא אונדז זײַנען אויך אזעלכע פאראן. טוסט אים אן עפן, און הינטער זיי — א גאנצער באר, פלעשער אף פלעשער. וויסקי און ברענדי און וואָס דו ווילסט. די קאָקטיילן, וואָס מע מאכט דאָרט. עך...

— ביסטו זיי דערוף מעקאנע? — האָט זיך אָנגערופן ארקאדי.

— און דו — ניט?

— ניט.

— באלד גלייב איך דיר!

ארקאדי האָט אוועקגעשטעלט זײַן גלאָז.

— אָט דאָס איז דער אומגליק פון אזעלכע, ווי דו, — האָט ער געזאָגט, — איר האָט זיך אָנגעקוקט מיט אויסלענדישע פילמען און מיינט, אז דאָס איז עס. איר פארשטייט ניט, אז דאָס, וואָס איר זעט אין אָט די פילמען, איז דאָס אויבנאויפיקע, דאָס אויבערפלעכלעכע, דער שוים, דערמיט פארבלענדט מען אזעלכע, ווי דו, די אויגן. און אונטער אָט דעם שוים, טיפער א ביסל, טוט זיך אָפּ... איך רעד שוין ניט פון ארבעטסלאָזיקײַט, אָרעמקײַט, פארברעכערישקײַט... מענטשן זײַנען דאָרט פארצווייפלט, ניטאָ קיין גלויבן אינעם מאָרגנדיקן טאָג און קיין זיכערקײַט אינעם הײַנטיקן. ניין, איך בין זיי ניט מעקאנע. און וואָס שײַעך וויסקי, ברענדי, זײַנען זיי דאָרט גרייט אָפּגעבן עס אינגאנצן פאר א פלאש רוסישער וואָדקע, וואָס דו האָסט זי דאָ אף יעדן שריט... אזוי, וואלערי, אז זיי זײַנען גאָר דיר מעקאנע.

— נו, ביסטו א מײַסטער! — האָט א מאך געטאָן וואלערי.

— איך פארשטיי ניט.

— א מײַסטער אף איבערדרייען.

— וואָס איבערדרייען?

— ווי קונציק דו האָסט איבערגעדרייט, אז ניט איך זיי, נאָר זיי מיר דארפן מעקאנע זײַן.

— יאָ, יאָ, וואלערי, מע דארף דיר גוט א דריי טאָן די געהירן, זיי זאָלן זיך שטעלן אפן אָרט. נו, גענוג, — האָט געזאָגט ארקאדי, — דערצייל וועגן סאכאלין. וואָס פלוצעם האָט עס דיך א טראָג געטאָן אהין? וואָס האָסטו דאָרט געטאָן? פארוואָס צוריק געקומען?

— ניטאָ וואָס צו דערציילן, — האָט וואלערי געענטפערט, — נו, אוועקגעפאָרן... נו, געקומען... וואָס איז דאָ צו דערציילן?

— ס'האָט דאָך געמוזט זײַן א סיבע?

— קיין שום סיבע.

— ע, ניין, — האָט דערווידערט ארקאדי, — א סיבע מוז זײַן. זעסט, אָט איז די פליג פונעם טעלעוויזאָר אריבערגעפליגן צו אונדז אפן טיש, — ער האָט אָפּגעטריבן די פליג. — זי האָט דערשמעקט, אז דאָ שטייט צוקער...

— איך בין דאָך ניט קיין פליג, — האָט געענטפערט וואלערי.

— דארף אוואדע זײַן א סיבע. נאָך מער, — האָט געזאָגט ארקאדי, — וואָס א

מענטש זאָל ניט טאָן, גוטס צי שלעכטס, זײַנען שטענדיק פאַראַן דערבײַ, אויב מע זאָל זיך גוט פאַנאַנדערקלײַבן, ניט אײנע, נאָר עטלעכע סיבעס מיטאַמאָל.

— עטלעכע, זאָגסטו? — האָט איבערגעפרעגט וואַלערי.

— יאָ, עטלעכע. אָבער אײנע אוודאי. דערצײל!

— נו, א קאָרעש, — האָט וואַלערי ניט גערן אָנגעהויבן און אַנשוויגן געוואָרן.

— וואָס — א קאָרעש?

— וואָס זשע, ווייסט ניט, וואָס א קאָרעש הייסט?

— פונוואַנעט האָט ער זיך גענומען?

— פונוואַנעט נעמט זיך א קאָרעש? מע האָט צוזאַמען אויסגעטרונקען און...

— און וואָס?

— א יונגער נאָך, נאָר שוין אויסגעוואָקסן ווי דו ווילסט.

— אין טורמע אויך?

— פונוואַנעט ווייסטו?

— איך שטעל זיך פֿאָר.

— יאָ, אין טורמע אויך. ניט לאַנג פאַר דעם האָט מען אים אַרויסגעלאָזט. זאָגט ער: לאָמיר זיך פֿאַרוואַרבירן אַף סאַכאַלין. וואָס האָב איך דאָרט ניט געזען? — פרעג איך. זאָגט ער: מע קאָן זיך פֿאַרוואַרבירן אַף א שיף, וואָס כאַפּט וואַלפֿישן. א האַלב יאָר — הימל און יאַם... פרישע לופֿט, שטאָרמען... א האַרמאַט, וואָס שיסט מיט האַרפּונען. די האַרפּונען טרעפֿן אינעם וואַלפֿיש, מע ציט אים אַרויף אַף דער שיף — א מאַסע פֿון צענדליקער טאָן. די שיף — א שווימענדיקער זאַוואָד... ע, טראַכט איך: וואָס זע איך דאָ? אַלע טאָג — דער זעלבער שטאַמפּ. דערעסן...

— און ווײַטער וואָס?

— געקומען אַף סאַכאַלין.

— און — אַף דער שיף?

— ניין, אַף דער שיף האָבן מיר פֿאַרשפּעטיקט. זי איז אוועק אָן אונדז.

— וואָס זשע?

— אַפֿן ברעג איז פֿאַראַן א פֿיש־קאָמבינאַט, זײַנען מיר אָנגעקומען אַהין.

— דער קאָרעש אויך?

— יאָ, נאָר אינגיכן איז ער אוועק.

— וווּהין?

— פֿאַרנומען זיך ווײַטער מיט זײַנע שטיק, מיך אויך געצויגן מיט זיך, גע־האַלטן, אַז כ׳בין שוין א זײַעריקער. זאָג איך: דאָס ניט! נו, מיט זײ טאָר מען אַזוי ניט. האָט מען מיך אונטערגעוואָרט אין אָוונט, ווען כ׳בין געגאַנגען פֿון דער אַרבעט, און — אַף מיר. צוערשט זײַנען זײ געווען צוויי, האָב איך זײ צעוואָרפֿן, כ׳האָב אַמאָל באַזוכט די סעקציע פֿון באָקס, איז מיר צוגיך געקומען. נאָר פֿונ־וואַנעט האָבן זיך גענומען נאָך צוויי? אַף מײַן גליק זײַנען אָנגעקומען עטלעכע אַרבעטער פֿון פֿיש־קאָמבינאַט, האָבן זײ מיך געראַטעוועט. אײנעם פֿון די אור־קעס האָט מען פֿאַרהאַלטן, בא אים האָט מען אָפּגענומען א מעסער...

— זעסט, וואַלערי? — האָט מיט ערגערניש זיך אָנגערופֿן אַרקאַדי.

— וואָס „זעסט”? אַזוינס קאָן טרעפֿן אומעטום.

— נו, און ווײַטער?

— ווײַטער בין איך געקומען אַהער, אַהיים.

וואַלערי איז אַנשוויגן געוואָרן. אַרקאַדי האָט אויך געשוויגן, דרייענדיק די ליידיקע גלאָז אין האַנט, דערנאָך א פרעג געטאָן:

— נו, און דאָס, וואָס מיר האָבן מיט דיר אָפּגערעדט, וואַלערי?

— וואָס אָפּגערעדט?

— האָסט פֿאַרגעסן? פֿאַר מײַן אָפּפֿאָרן אין סאַנאַטאָרי...

— א...
— איך האָב דאָך צוגעזאָגט זען, מע זאָל דיך אַריבערפירן אין א בריגאַדע, אויב דו וועסט אויספּילן מײַן טנאַי. און כ׳ווייס — האָסט אויסגעפּילט.
— פונוואַנעט ווייסטו?
— די כעוורע פון מײַן בריגאַדע האָבן מיר געשריבן.
— די כעוורע פון דײַן בריגאַדע?
— יאָ, זעסט, דו מיינסט, אַז קיינעם גייסטו ניט אָן, און מיט דיר אינטערעסירט מען זיך. וואָס זשע, האָסטו פאַרגעסן?
— כ׳האָב ניט פאַרגעסן. — וואַלערי איז אַף לאַנג אַנשוויגן געוואָרן. זאָגן, צי ניט זאָגן, — האָט ער געטראַכט. — זאָגן אים, אַז דער הויפּט־שולדיקער אין זײַן, וואַלעריס, אַוועקגיין פון זאַוואָד, אין דעם, וואָס ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט ערגעץ זוכן גליקן, איז ניט יענער קאָרעש — פאַרן קאָרעש האָט ער פּאַשעט זיך אָנגעכאַפּט, — נאָר ער, דער בריגאַדיר סאַטאַנאָווסקי אַליין. זאָגן, צי ניט? ער וועט געוויס זיך פאַרכידעשן. ניין, ער וועט ניט זאָגן.
וואַלערי האָט זיך אופגעהויבן.
— נו, גענוג, בריגאַדיר. פאַר דער טיי א דאַנק. און מער האָב איך ניט קיין צײַט מיט דיר דאָ שלאָגן בײַדעקעס. טשאַאָ! — ער האָט זיך געלאָזט צו דער טיר.
— וואַלערי! — האָט אַרקאַדי אויסגערופן. — וווהין אײַלסטו זיך? זיץ א ווײַלע.
— ביסט צו א כיטרער, — האָט יענער מיט א בייזן אויסזען זיך א קער געטאָן פון דער טיר.
— איך — א כיטרער?
— יאָ. דערלאַנגט א גלאָז טיי, און דערפאַר, ווילסטו, זאָל א מענטש דיר אויסקערן די נעשאָמע אַף דער לינקער זײַט? צו ביליק...
— וואַלערי, — האָט מיט פאַרוואָרף אויסגערופן אַרקאַדי, — כ׳האָב געמיינט, ביסט קליגער. נו, גוט, — ער איז אויך בייז געוואָרן. — גיי צו אַלדי רוכעס! נאָר פאַרן אַוועקגיין מוזסטו מיר ענטפערן אַף איין פראַגע...
— וואָס נאָך?
— ענטפער מיר: וועגן דעם, וואָס מיר האָבן מיט דיר אָפּגערעדט, האָסטו געדענקט אָדער ניט?
— ציסט בא דער נעשאָמע?
— ענטפער און גיי.
— עך... — מיט איין שפּרונג האָט וואַלערי פּלוצעם אָנגעשפּאַרט אין קיך. דאָ האָט ער האַסטיק אָן עפּן געטאָן דעם אײַז־קעלטער, אַרײַנגעקוקט און פאַרמאַכט אים.
— נו, בריגאַדיר! — האָט ער א זאָג געטאָן, אומקערנדיק זיך אין צימער.
— וואָס? — האָט אַרקאַדי געשטוינט.
— כ׳האָב די גאַנצע צײַט געמיינט, — האָט געענטפערט וואַלערי, — אַז בא דיר שטייען דאָרט א פּאָר פלעשער גוטן קאָניאַק, און דו זשאַלעוועסט זיי אַרויסצושטעלן. ווײַזט זיך אַרויס — ניין. ביסטו טאַקע א טשודילע...
— וויאַזוי האָסטו געקאָנט אַזוינס מיינען?
— אַנטשולדיק! נאָר ווען איך פאַרמאָג אַזאַ כאָלאָדילניקל, וואָלט עס געווען בא מיר אָנגעפּראָפּט מיט פלעשער...
— צו וואָס?
— צו וואָס? פאַראַן זאַכן, וואָס נאָך א גלאָז טיי קאָן מען בעשום־אויפן וועגן זיי ניט ריידן.
— איז לויף איך באַלד אַרויס אין קלייט, אויב אַזוי...
— מע דאַרף ניט, — האָט נאָכגעגעבן וואַלערי. — זאָגן דיר דעם עמעס? מיר

איז הײַנט דאפקע געפעלן געוואָרן דײַן טיי. שוין לאנג אזא טיי ניט געטרונקען. און די זעמעלעך אויך. זיי האָבן א היימישן טאם. שוין לאנג ניט פארזוכט...

— וועל איך אָנווארעמען נאָך טיי.

— גוט!

ווען ארקאדי איז ארײַן צוריק פון קיך, האָט ער געטראָפן וואלערין זיצן באם טיש א פארקלערטן, מיט אן אָנגעבראָכן זעמעלע אין האנט.

— טאָ ווייס, — האָט וואלערי אופגעהויבן דעם קאָפּ, — דער שולדיקער אין דעם, וואָס כ'בין אוועק פונעם זאוואָד און אָנגעשפּארט אף סאכאלין, איז ניט יענער קאָרעש, וואָס כ'האָב דיר דערציילט. דער קאָרעש — אזוי זיך.

— ווער זשע?

— דו.

— איך?

— יאָ, דו, און מאך ניט אזעלכע אויגן.

— נאָר איך בין דאָך דאָ אפילע ניט געווען.

— דו ביסט ניט געווען, נאָר וועגן דעם, וואָס מיר האָבן אָפּגערעדט, האָב איך געדענקט.

— האָסטו יאָ געדענקט?

— יאָ, און דערפאר טאקע בין איך אוועקגעפאָרן.

— אָבער וואָס פאר א שײַכעס?..

— אזא קלוגער, און פארשטייסט ניט... וועל איך דיר דערקלערן. די טיי זידט...

ארקאדי איז ארויסגעלאָפן אין קיך, ארײַנגעבראכט דעם אופגעזאָטענעם טשײַניק, אָנגעגאָסן וואלערין, זיך. יענער האָט, אָפּזופנדיק פון דער הייסער גלאָז, געזאָגט:

— דעמלט אין סקווער, ווען דו האָסט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט מיר, האָב איך צוערשט געמיינט: ס'אזוי זיך, טופטא. הײַנט געזאָגט, מאָרגן פארגעסן. אזוי טרעפט דאָך אָפט. דערנאָך אָבער, ווען האָסט געגומען ריידן וועגן א ברי־גאדע, האָב איך פארשטאנען, אז דו מיינסט ערנסט. נאָר מיין ניט, אז טרינקען האָב איך דאן אופגעהערט, ווײַל כ'האָב דיר צוגעזאָגט. ניין! פּאָשעט, כ'האָב צו זיך אליין א מאך געטאָן: וואלערי, ביסט א מאנספארשוין, צי ניט? אויב יאָ, קאָנ־סטו זיך אליין דערווײַזן, אז דו פארמאָגסט א שטיקל ווילן? אָט באפוילסטו זיך אליין — א כוידעש צײַט אָן דעם ביטערן טראָפּן! — און פיל אויס. האָב איך אויס־געפילט. ווען ניט, וואָלט איך זיך אליין געווען דערווידער. נו, און אז כ'האָב ניט גענומען קיין טראָפּן אין מויל, איז געוואָרן אויס פראָגולן. איך פלעג קומען צו דער ארבעט צו דער צײַט. אין צעך שטוינט מען: וואָס איז געשען מיט וואלערי קראָסן! און איך טראכט מיר: שטוינט, איך ווייס מײַנס... און אָט גייט שוין דער כוידעש צו ענדע. דו דארפסט אינגיכן זיך אומקערן פון סאנאטאָרי. און וואָס פאר א פארשוין דו ביסט, איז מיר שוין קלאָר: האָסטו געזאָגט, וועסטו אויספילן. טראכט איך: וועסט קומען, זען, אז דעם טנײַ האָב איך אויסגעפילט, וועסטו מיך נעמען שטופן ערגעץ אין א לײַטישער בריגאדע, ווו סע ארבעטן טאַטעס פון קינדער. זיי בייטיקן זיך אין א פּראָגרעסיוועקע, אין א דרײַצנטן געהאלט. און איך וואָס? א כוידעש צײַט האָב איך אויסגעהאלטן, אָבער ווײַטער? ווײַטער קען איך אין איין שיינעם טאָג זיך ארויספרײַסן, און ס'וועט ווידער אוועק... און כ'וועל אונטערפירן זיי, כ'וועל אונטערפירן דיך... ע, טראכט איך, צו וואָס אָט די אלע קלאָפּאָטעס? דאָ האָט זיך פונקט אונטערגעדרייט דער קאָרעש... יאם, שטאָרמען, וואלפישן... אָט אזוי...

ארקאדי האָט געהאלטן די פינגער אף דער אויסגעקילטער גלאָז טיי. ער האָט זיך צו איר אפילע ניט צוגערירט.

— געדענקסט, וואלערי, — האָט ער זיך אָנגערופן, ווען יענער האָט פאַרענ־דיקט, — דעמלט אין סקווער האָב איך דיר געזאָגט, אז אין דיר, אונטער דער־אָ פּאַטלע, אונטער דער־אָ באָרד שטעקט א ווילער יאַט, און מע דאַרף אים וואָס גיכער ארויסציִען אױף דער ליכטיקער שײַן...

— כ׳געדענק, נו...

— נו, באַגריס איך דיך: איך זע, ער הייבט שוין אָן פון דיר ארויסקריכן...

— אין וואָס זעסטו עס? פאַרקערט, איך בין אוועק פון זאַוואָד, אוועקגעפאָרן...

— טאַקע אין דעם זע איך עס.

— אויב אזוי, — האָט וואלערי זיך אופגעהויבן, — דאַרף מען גיין.

— וואָס איז?

— יענער יאַט וועט נאָך ארויסקריכן... וועלן מיר שוין זײַן אינדרײַען... וועט בא דיר ניט קלעקן קיין טיי...

— זיץ, ס׳וועט זיך געפינען, — האָט ארקאַדי אים א דריק געטאָן אפן אקסל, נאָר וואלערי איז געבליבן שטיין.

— דו ווייסט, ארקאַדי, — דאַכט זיך, צום ערשטן מאָל האָט ער אים אָנגערופן ניט „בריגאַדיר”, נאָר באם נאָמען, — ווען דו האָסט מיר פריִער געזאָגט, אז מיר וועלן טרינקען מיט דיר טיי, האָב איך זיך פּאַשעט צעלאַכט, כ׳האָב זיך ניט פאָרגעשטעלט, ווי וועלן עס צוויי זשלאָבעס זיצן צוזאַמען און וועגן וואָס וועלן זיי ריידן אָן א בוטל? ווײַזט זיך ארויס, מע קאָן אָן א בוטל אויך..

— זעסט?..

וואלערי האָט פּלוצעם דערפילט א ווארעמקײַט צו אָט דעם מענטשן, וועלכער איז געשטאַנען קעגן אים און איז, ווײַזט אויס, געווען פאַרינטערעסירט אין זײַן גורל. אים האָט זיך פאַרוואָלט אָט דעם מענטשן נאָך עפּעס דערציילן, עפּעס אזוינס, טיף פאַרבאָרגנס, וואָס זיך אליין איז מען אין דעם ניט אלעמאָל מוידע.

— דו האָסט דאָ פריִער געזאָגט, ארקאַדי, אז צו אלץ, וואָס א מענטש טוט, איז פאַראַן א סיבע...

— יאָ, און אמאָל אפילע עטלעכע. דען ניט אזוי? אָט צו דעם, וואָס דו ביסט אוועקגעפאָרן, האָסטו מיר שוין דערציילט צוויי סיבעס...

— פאַראַן נאָך איינע.

— א דריטע?

— ניין, אָן ערשטע... — נאָר וואלערין האָט גלײַך באַנק געטאָן אױף אָט די ווערטער, וואָס האָבן ניט ווילנדיק בא אים זיך ארויסגעכאַפּט.

— גענוג, — האָט ער געזאָגט. — האָסט מיר הײַנט דערוויזן, אז מע קאָן זיך גוט דורכשמועסן אָן א בוטל, פאַר דעם — א דאַנק! אָבער — גענוג. סאַליוט!

ארקאַדי האָט זיך ניט באַוויזן ארומקוקן, איז דער גאַסט שוין געווען פון יענער זײַט טיר.

## 4

דאָס, וואָס וואלערי קראַס האָט ניט דערציילט ארקאַדי סאַטאַנאָווסקין, האָט ער אין דעם זעלבן טאָג דערציילט אָן אנדער מענטשן. ער האָט ניט געקליבן זיך דעם טאָג צו שיקערן, נאָר אומגעריכט פאַר זיך אליין זיך אָנגעשיקערט און אומגעריכט, און פאַר א לאַכלוטן אומגעריכטן מענטשן דערציילט דאָס, וואָס ער האָט זיך קיינעם ניט געקליבן צו דערציילן.

אָט ווי דאָס איז געשען.

ארויס פון ארקאַדיס דירע, איז וואלערי א קורצע ווײַלע געשטאַנען אין פאַר־לעגנהײַט, קלערנדיק וווהין צו גיין. גאָרניט צוגעקלערט, האָט ער אוועקגעשפּאַנט

גלאט אזוי, וווהין די אויגן טראָגן. פארבײַגעגאנגען די הויכע, פינפגאָרנדיקע מויי־ערן פונעם נײַעם מיקראָראיאָן, וואס איז דאָ אופגעקומען גאָר ניט לאנג, אריבער אף דער אנדערער זײַט מיט דער אלטער אפטייק אפן ראָג און געלאָזט זיך פארבײַ דעם רוישיקן אווטאָוואָקזאל. פאָרויס האָט זיך געצויגן אן אלייע אלטע הויכע ביימער. זיי האָבן געפירט צום וואָקזאל־פלאץ, פון וועלכן מע האָט דאָ ניט לאנג אראָפּגענומען דעם אלטן פאָנטאן.

אנטקעגן דער ברייטער צווייגאָרנדיקער, גרינבלעך געפארבטער וואָקזאל־געבײַדע מיט די גרויסע פארקײַלעכיקטע פונויבן־צו פענצטער, מיטן זייגער פונויבן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. די דאָזיקע געבײַדע האָט אים שטענדיק, זינט ער געדענקט זיך, געצויגן צו זיך. מיט וואָס? איין קליינדיקײַט: גיי ארײַן אינווייניק, שטעל זיך בא א פענצטערל און נעם א בילעט וווהין דו ווילסט... אָפּ און אוף גייען צוגן — פון מײַרעוו אף מיזרעך, פון מיזרעך אף מײַרעוו. זיי וועלן דיך אוועקפירן וווהין דו ווילסט... וואלערי האָט פון שטענדיק אָן געטרוימט צו מאכן רײַזעס איבער דער וועלט, זען נײַע ערטער, א סאך נײַע ערטער, — און ער וועט נאָך זען! — איז ער זיכער געווען. דער סאמע באליבטער לימעד אין שול איז בא אים געווען געאָגראפיע. נאָר ס'האָט זיך אזוי געמאכט, אז כוץ אין דער נאָענט־סטער גרויסער שטאָט כאבאראָווסק איז ער דערווײַל אין ערגעץ ניט געווען. זײַן ערשטע רײַזע אין א מער ווײַטן אָרט — די רײַזע קיין סאכאלין, פונוואנעט ער האָט דאָ ניט לאנג זיך אומגעקערט.

דערווײַל האָט ער מער אין ערגעץ ניט געקליבן זיך פאָרן. נאָר אין דער וואָקזאל־געבײַדע איז ער ארײַן. דאָ איז, ווי געוויינלעך, געווען פול מיט מענטשן. בא די קאסעס — לאנגע רייען. אונטערן הויכן סופיט האָט א הילכיקע שטים פונעם ראדיאָ־דינאמיק געהאלטן אין איין דונערן — איין צוג איז ארויס פון דער לעצ־טער סטאנציע, א צווייטער גייט אָפּ.

באם גרויסן צײַטונג־קיאָסק האָט וואלערי זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט ליב גע־האט גלאט אזוי צו קוקן אפן שלאל אקוראט אויסגעלייגטע פרישע צײַטונגען, זשורנאלן, בראָשורן, קאָנווערטן, קארטלעך. געפרעגט, צי איז ניטאָ דער לעצטער נומער „פוטבאָל — כאָקיי". ניטאָ, האָט מען אים אָפּגעענטפערט, און ער איז אָפּגע־גאנגען אין א זײַט. די טיר באנאנד מיטן קיאָסק האָט געפירט אין בופעט. איז ער ארײַן אהין, געבעטן א גלאָז קאלטן מאָרס. מע האָט אים דערלאנגט. אויסגע־טרונקען דעם מאָרס, איז ער צוגעגאנגען צו דער אָפענער טיר, וואָס האָט געפירט אין זאל פונעם וואָקזאל־רעסטאָראן. דער זאל — ניט קיין גרויסער און א גאנץ געמיטלעכער, א פאָר טישלעך, האָט ער באמערקט, שטייען ניט קיין פארנומענע.

— ברודערקע, הא, ברודערקע!

וואלערי האָט זיך אומגעקוקט. בא דער טיר, אין ווינקל איז געשטאנען א מענטש, וועלכן ער האָט צוערשט דאָ ניט באמערקט.

— מירן נעמען א האלבן ליטער אף צווייען? — האָט יענער שטיל גע־פרעגט.

וואלערי האָט זיך אײַנגעקוקט אין דעם מענטשן. ניט קיין הויכער, אין א טונקעלן אָנצוג פון א פײַנעם שטאָף, נאָר שוין אָ היפּש אָפּגעטראָגענעם, מיט א שניפּס. דער שניפּס איז געווען פארדרייט, ווי א בענדל, און אינעם גאנצן אויסזען פון אָט דעם מענטשן איז אויך געווען עפּעס שטאַרק אָפּגעטראָגנס. זײַן עלטער איז שווער געווען פעסטצושטעלן, ס'האָט זיך אָבער געמערקט — ער דאַרף זײַן ייִנגער, איידער ער זעט אויס. די גרויע אויגן אין די טיפע אויגן־לעכער אונטער די פאָרויס ארויסשטארצנדיקע טונקעלע ברעמען האָבן געקוקט מיט פיבערדיקן גלאנץ און געהאט אזא אויסזען, ווי פון דעם, וואָס וואלערי וועט אָט דעם מענטשן ענטפערן, איז אָפּהענגיק זײַן לעבן אָדער טויט... ווײַזט אויס, מיט אָט דער פראגע זײַנער האָט ער זיך שוין ניט צו איינעם געווענדט.

— נו? — האָט ער איבערגעפרעגט, און אין דער אָנגעבראָכענער שטים פונעם מענטשן האָט זיך דורכגעשלאָגן א פעדעמל האָפענונג.

— גוט, — האָט געענטפערט וואלערי. עפעס איז אים אין אָט דעם אומבאקאנטן געפעלן געוואָרן. ער וואָלט אליין ניט געקאָנט זאָגן — וואָס? סײַדן די געוויסע אינטעליגענטישקײַט, וואָס האָט זיך נאָך ניט אינגאנצן אויסגעוועפט פון זײַנע שוין היפש צוגעשוואָלענע געזיכט־שטריכן. אָדער פּאָשעט א געפיל פון ראכ־מאָנעס? — גוט! — האָט איבערגעכאַזערט וואלערי.

די אויגן באַם אומבאקאנטן האָבן נאָך פיבערדיקער א גלאַנץ געטאָן.

— א דאנק, ברודערקע, — האָט ער א כאַפּ געטאָן וואלערין באַ דער האַנט, מיט דער אנדערער — ארויסגענומען פון קעשענע א ביסל מינץ, זײַן כײַלעק, און געלאָזט זיך צום בופעט. וואלערי האָט זײַן האַנט פונעם אומבאקאנטנס שנעל ארויסגעכאַפּט, דאָס ביסל מינץ זײַנס אָפּגעשטופּט און געזאָגט:

— ניט דאָ.

— ווו זשע?

וואלערי האָט א ווײַז געטאָן אפן זאל פונעם רעסטאָראַן.

— אהין?

— יאָ.

— דאָרט וועט מען אונדז ניט געבן.

— מע וועט געבן. — וואלערי האָט א שפּאַן געטאָן אין זאל, פארנומען א פרײַ טישל ניט ווײַט פון דער טיר און אײַנגעלאַדן דעם אומבאקאנטן. פאַרזיכטיק זיך ארומגעקוקט, ווי ער זאָל מוירע האָבן, מע זאָל אים ניט ארויסטרײַבן, איז יענער צוגעגאנגען, זיך צוגעזעצט אפן שפּיץ בענקל און האכנאָעדיק א קוק געטאָן אף אָט דעם מאָדנע לאנגן באָכער מיט דער שווארצער באָרד און פּאטלע.

— וואָס טרינקסטו? — האָט פון געלעכטער וועגן א פרעג געטאָן וואלערי.

— אף וואָס עס וועט קלעקן, — האָט יענער באוויזן זײַן ביסל מינץ.

— באהאלט דײַן מינץ, — האָט וואלערי אָפּגעשטויסן זײַן האַנט. — איך צאָל.

— דו? נאָר דו קענסט דאָך מיך אפילע ניט...

וואלערי האָט צוגערופן די אָפיציאַנטקע:

— א פלאַש „עקסטרא", אָבער עקסטרע. איר זעט, באַ א מענטשן גייען שוין אויס די לעצטע קויכעס... אויך א פּאָר פלעשער ביר, נו, און עפּעס צובײַסן — א סאלאט, א שניצעל, אָדער וואָס איר האָט דאָרט...

די אָפיציאַנטקע איז אוועק.

מיט גרויס כידעש האָט דער אומבאקאנטער געקוקט אף וואלערין, דערנאָך זיך אופגעהויבן און אויסגעשטרעקט אים א בלאַסע ציטערנדיקע האַנט:

— אויב אזוי, לאָמיר זײַן באקאַנט, יונגערמאַן. דראַזדאָוו פּאָרפירי סידאָראָ־וויטש — אַן אינזשעניער־קאָנסטרוקטאָר.

— וואלערי, — האָט קורץ געענטפערט קראַס. — וואָס זשע קאָנסטרויִרט מען?

— אמאָל. דאָס איז געווען אמאָל... איצט קאָנסטרויִרט מען שוין גאָרניט, — האָט יענער קרום א שמייכל געטאָן. — אלץ איז געווען אמאָל... א שטעלע, קינ־דער, א ווײַב... אלץ געווען...

— שוין לאנג ניטאָ?

— אָ, אזוי לאנג, אז איך געדענק אפילע ניט, צי איז עס טאַקע געווען, צי עפּשער האָט זיך עס מיר נאָר געכאָלעמט...

די אָפיציאַנטקע האָט געבראַכט א גראַפין בראַנפן, ביר, פאַנאַנדערגעשטעלט די פוזשערן און קעלישעקלעך.

מיט א זשעדנע־אומגעדולדיקן בליק האָט פּאָרפירי סידאָראָוויטש געקוקט אפן קעלישעקל, בײַס וואלערי האָט געגאָסן אין דעם בראַנפן. ניט בעקויעך זיך אײַנ־צוהאלטן, מיט א ציטערנדיקער האַנט עס א כאַפּ געטאָן, צעגיסנדיק צוגעטראָגן

צום מויל און אין איין אויגנבליק אַרײַנגעקערט. געגומען פון טעלער א ריפטל ברויט, האָט ער אָפּגעצופּט דערפון א ברעקל און עס א שמעק געגעבן.

— לײַכטער געוואָרן אפן הארצן, — האָט ער פרײַער אָפּגעעטעמט. — סט׳גלייבן, נאָך הײַנט אין מויל ניט געהאַט...

— קיין ביסן?

— דאָס וואָלט ניט אויסגעמאכט... דאָס קאָן מען איבערטראָגן. קיין טראָפּן... און דאָס, יונגערמאַן, איז ערגער... נו, לאָמיר זײַן געזונט! — און ער האָט איבערגע־קערט דאָס צווייטע קעלישעקל.

וואלערי אליין האָט אויך געטרונקען זשעדנע. עס איז דורך א מין האלבע שאָ. די ביר־פלעשער — ליידיק, אין גראפין אויך ווייניק־וואָס געבליבן. אין די טעלער — צעשמירטע רעשטן פון שניצעל. פּאָרפירי סידאָראָוויטש האָט זיך אין אים קאָלופּעט מיטן גאָפּל, און וואלערי, האלטנדיק אין האנט א ניט דערטרונקן קעלישעקל בראנפן, איבערבייגנדיק זיך איבערן טיש, האָט פלײַסיק ארײַנגעג־טײַנעט.

— הײַנט, — האָט ער געזאָגט, — איידער כ׳האָב זיך באגעגנט מיט דיר, האָב איך געשמועסט מיט א מענטשן, מיט א ווילן מענטשן, ניט דאָס, וואָס מיר מיט דיר. מיר האָבן מיט אים געטרונקען טיי און געשמועסט.

— טיי? — האָט א כמיקע געטאָן דראָזדאָוו.

— יאָ, שטעל זיך פאָר — טיי. און זייער וויל געשמועסט. א טײַערער מענטש. ווען ער ווייסט, אז איך זיץ דאָ איצט מיט דיר און זשליאָקע בראנפן, וואָלט ער געווען ניט צופרידן. נאָר — מיילע, מיט איין טיי וועסטו זיך ניט דורכלעבן, איאָ, פּאָרפירי סידאָראָוויטש?

— געוויס.

— איז אָט, האָב איך אים דערציילט, אָט דעם מענטשן, פאַרוואָס ס׳האָט מיך פּלוצעם א טראָג געטאָן אף סאכאלין.

— וווהין?

— אף סאכאלין. האָסט שוין פארגעסן? כ׳האָב דיר דאָך ערשט דער־ציילט...

— הא, יאָ, יאָ, סאכאלין...

— „פאַרוואָס ביסטו געפאָרן?״ — פרעגט ער. האָב איך אים ארויסגעלייגט איין סיבע, א צווייטע...

— יאָ, יאָ, — האָט דראָזדאָוו, שוין היפּש שיקער, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— די עמעסע, די ריכטיקע סיבע האָב איך אים אָבער ניט געזאָגט. דו הערסט? איז אָט, אים האָב איך די עמעסע סיבע ניט דערציילט, און דיר, פּאָרפירי סידאָ־ראָוויטש, וועל איך דערציילן. אים — ניט, דיר — יאָ. קאָנסטו עס אָפּ־שאצן?

— אוואדע שעץ איך, אוואדע, — האָט געענטפערט דראָזדאָוו, קאלופּענדיק זיך ווײַטער אין טעלער.

וואלערי האָט א קוק געטאָן אפן ניט־דערטרונקענעם קעלישעקל אין האנט און אומגעריכט געפרעגט:

— פּאָרפירי סידאָראָוויטש, א ליבע איז בא דיר אמאָל געווען?

— א... ליבע? — האָט יענער אופגעהויבן א שיקערן בליק.

— יאָ, א ליבע.

— ניטאָ קיין ליבע, — האָט דראָזדאָוו ווידער אראָפּגעלאָזט די אויגן אין טע־לער.

— וואָס הייסט — ניטאָ?

— ניטאָ, און אויס.

— און איך זאָג, אז ס׳איז דאָ. און באלד וועלן מיר מיט דיר פאר דעם אויס־טרינקען! — וואלערי האָט אָנגעגאָסן צוויי פולע קעלישעקלעך, זיך און אים.

— אויסטרינקען קען מען, — האָט דראָזדאָוו געזאָגט. — פארוואָס ניט אויס־טרינקען? נאָר פאר וואָס צו טרינקען איז ניטאָ.

מע האָט אויסגעטרונקען.

— איצט הער, — האָט פאַרגעזעצט וואלערי, — מיר זײַנען געגאנגען מיט איר אין איין קינדערגאָרטן. דערנאָך געלערנט זיך אין איין שול. נו, זאָגן דיר, אז כ׳האָב נאָך אין קינדערגאָרטן אין איר זיך פארליבט, וועט זײַן נאריש, נאָר אזוי איז עס געווען. א געלעכטער: איינמאָל זע איך — צוויי ייִנגלעך רײַסן זי בא די צעפּלעך, איינער אין איין זײַט, דער צווייטער אין דער אנדערער. צעפּלעך זײַנען געווען בא איר שיינע, בלאָנדע, מיט בלויע באנטן. ייִנגלעך, היפּש גרעסערע פון מיר, נאָר איך האָב זיך א וואָרף געטאָן אף זיי, אָפּגעטריבן און אָפּגעפירט זי אהיים. די מאמע, דערהערט, וואָס עס איז געשען, זאָגט דעם טעכטערל: „ער האָט דיך גערעטעוועט, ער איז א ווילער, טו אים א קוש”. איז זי צוגעגאנגען און מיך א קוש געטאָן אין באַק. אָט דעם קוש געדענק איך ביז איצט...

דראָזדאָוו האָט א פארומערטער געקוקט אין טעלער.

— ווײַטער האָבן מיר מיט איר געלערנט אין שול, — האָט וואלערי פאָרגע־זעצט, — צוזאמען אריבערגעגאנגען פון איין קלאס אין אנדערן, ביזן צענטן, און ס׳איז געווען אזוי: וואָס עלטער זי ווערט, אלץ שענער. און וואָס מער איך וואקס, אלץ מער וואקסט אין מיר מײַן ליבע צו איר. נאָר אין איר זײַנען געווען פאר־ליבט אלע ייִנגלעך פון די עלטערע קלאסן. אף מיר קוקט זי זיך אפילע ניט אום. פאר איר בין איך פארבליבן וואלעריק פונעם קינדערגאָרטן. דערנאָך האָבן מיר אָנגעגעבן די דאָקומענטן אין אינסטיטוט. זי איז אָנגעקומען, איך — ניט. נו, און בא מיר איז פון דעמלט אָן אלץ אוועק מיטן קאָפּ אראָפּ... עס גייען דורך יאָרן. זי פארענדיקט דעם אינסטיטוט און קערט זיך אום אהער אין שטאָט ארבעטן. איינמאָל באגעגן איך זי אין גאס. א פּראַכט, א שיינהײַט, ניט ארויסצורײדן... אלע פּענעמער קערן זיך נאָך איר... „א, וואלעריק!” — זאָגט זי. איך בין געבליבן פאר איר דער זעלבער וואלעריק, און אויס... — וואלערי האָט נאָך מער זיך איבערגע־בויגן איבערן טיש צו זײַן מיטשמועסער. — איינמאָל האָב איך באשלאָסן: גענוג כאָכמעלעך, איך וועל איר זאָגן אלץ, ווי עס איז: איך האָב זי ליב... געזאָגט. און זי? זי האָט זיך צעלאכט. און זי, אז זי צעלאכט זיך... „קענסט דען ליב האָבן, וואלעריק?” — פרעגט זי און לאכט. „ליב האָבן, זאָגט זי, דארף מען קענען”... פארשטייסט: איך צו איר — מיטן גאנצן הארצן, און זי — לאכט...

וואלערי האָט אָנגעגאָסן נאָך א קעלישעקל און, ניט פארבײַסנדיק, עס אויס־געטרונקען.

— דערנאָך דערוויס איך זיך, — האָט ער פאָרגעזעצט, — אז אין א צווייטער שטאָט האָט זי א באָכער, זיי באגעגענען זיך. ווערסט גלייבן? איינמאָל, ווען זי איז געפאָרן צו אים אין יענער שטאָט, בין איך, אָבער אזוי, זי זאָל ניט וויסן, אויך געפאָרן. און דאָרט אין שטאָט אומבאמערקט איר נאָכגעגאנגען און געזען דעם פארשוין, מיט וועמען זי טרעפט זיך דאָרט. א קוק טאָן אף אים, פארכאַפּט דאָס אויג... מיר איז קלאָר געוואָרן: אף וואָס צו האָפן האָב איך ניט. מאטער זיך ניט, — האָב איך געזאָגט צו זיך אליין, — פאָר אוועק ערגעץ אין אויסרײַ־סעניש, עפּשער וועסטו פארגעסן וועגן איר...

מיט שיקער פארלאָפּענע אויגן האָט דראָזדאָוו געקוקט אף וואלערין.

— דו הערסט? — האָט יענער אים א מינטער געטאָן. — און איך בין אוועקגע־פאָרן, פארשטייסט... דאָס איז געווען די עמעסע סיבע, פארוואָס איך בין אוועק־געפאָרן, און ניט די, וואָס כ׳האָב יענעם מענטשן דערציילט. און יענער הייבט ניט אָן דערפון צו וויסן...

— נו, און צוליב וואָס פאַר א טיַיוול האָסטו זיך צוריקגעקערט אהער? — האָט א פרעג געטאָן דראַזדאָוו.
— טאַקע צוליב דעם...
— צוליב וואָס?
— אָט זאָגסטו, אלטער טֶערעך, אז קיין ליבע איז ניטאָ?
— ניטאָ.
— און איך זאָג, אז ס'דאָ.
— און איך זאָג, אז ניטאָ.
— און איך זאָג — דאָ.
— און איך...
— ווילסט, וועל איך מיט אָט דעם גראַפין דיר באלד פּלעטן דעם קאָפּ! — וואַלערי האָט א נעם געטאָן אין האַנט דעם גראַפין.
— פּלעט, — האָט מיט שיקערן גלײַכגילט געענטפערט דראַזדאָוו, — און איך וועל סײַווי זאָגן — ניטאָ.
אזא אײַנגעשפּאַרטקײַט האָט געווירקט. וואַלערי האָט אוועקגעשטעלט דעם גראַפין. לענגער געקוקט אויף דראַזדאָוון און שטיל געזאָגט:
— נו, גוט. אויב אזוי, אלטער טערעך, דערקלער מיר, פונוואנעט נעמט זיך עס...
— וואָס?
— אָט אזוינס: מיטאמאָל דערפיל איך — אין יענעם קאַנט קען איך מער קיין טאָג ניט פאַרבלײַבן. מיך ציט צוריק אהער, פונוואַנעט איך בין אנטלאָפן. נאָר איך פיל — ווײַט פון איר קאָן איך ניט זײַן. פאַרשטייסט, איך מוז זײַן אין איין שטאָט מיט איר, טרעטן אויף דער זעלבער ערד, וואָס זי... איך מעג זי דאָ וואָכנלאַנג ניט באגעגענען, איך ווייס אָבער: דאָ קען איך זי באגעגענען, און דאָס איז שוין פאַר מיר גענוג. און באגעגן איך זי, איז עס פאַר מיר דער גרעסטער יאָמטעוו. געוויינלעך רעדן מיר מיט איר קיינמאָל ניט וועגן עפּעס־וואָס ערנסטס. זי מיר: „וואַלעריק", איך רוף זי אויך באם פאַרצויגענעם קינדערשן נאָמען. מע טוט זיך א כאַכמע וועגן דעם, וועגן יענעם און מע גייט זיך פאנאנדער. נאָר פאַר מיר איז עס שוין גענוג. איך שפּאַן איבערן טראָטואַר און טראַכט: מיט עטלעכע מינוט צי מיט א שאָ פריִער איז זי דאָ געגאַנגען... איך זע, דאַכט זיך, די שפּורן פון אירע טריט... און מיר איז גוט. אָדער זי וועט דורכגיין אויף דעם אָרט נאָך מיר. אויך גוט! אין קיין שום אנדער אָרט וועל איך אזוינס ניט קענען טראַכטן. זאָל זי זײַן מיט אן אנדערן, זאָל איר זײַן גוט. נאָר איך מוז זײַן דאָרט, וווּ זי... דערפאַר בין איך צוריקגעקומען. און יענעם מענטשן האָב איך אויך וועגן דעם גאָרניט געזאָגט. ער ווייסט פון גאָרניט, יענער מענטש... עך, מענטשן, מענטשן!.. זיי מיינען, אז זיי ווייסן עפּעס. אינדערעמעסן ווייסט קיינער גאָרניט. ס'הייסט, עפּעס, וואָס, קליינע עמעסלעך ווייסט מען. אָבער דעם גרויסן, דעם עמעסן עמעס...
— האָר האָסטו א סאך, — האָט אים איבערגעשלאָגן דראַזדאָוו, — און יאָרן ווייניק. נאָר פלוידערן פלוידערסטו צו דער זאך. געטרעכט: דעם עמעסן עמעס ווייסט קיינער ניט. זאָגן דיר פאַרוואָס?
— ווײַל ער ליגט טיף פאַרבאָרגן.
— ניין.
— וואָס זשע?
— ווײַל ער איז ניטאָ.
— ווער איז ניטאָ?
— דער עמעס.
— און קיין ליבע ניטאָ?
— ניטאָ.

— וואָס זשע איז דאָ?
— אָט דאָס איז דאָ — דער טרונק! — האָט דראָזדאָוו א ווײַז געטאָן אפן גראפין.
— און דאָס גאָר?
— און דאָס גאָר.
וואלערי האָט גענומען דעם גראפין, אין אים ארײַנגעקוקט.
— דאָ איז אויך שוין גאָר ניטאָ. ער איז ליידיק.
— דאָס איז גראָד ניט געפערלעך, — האָט באמערקט דראָזדאָוו. — מע קאָן אים ווידער אָנפילן.
— אָנפילן? — האָט מיט גרייטקײַט געפרעגט וואלערי.
— ווי דו ווילסט.
וואלערי האָט גענומען זוכן די אָפיציאַנטקע, נאָר מיטאמאָל א זאָג געטאָן:
— ניין.
— פארוואָס? — האָט געפרעגט דראָזדאָוו.
— איך קאָן אָנפילן דעם גראפין מיט א טנײַ — מיר זאָלן אויסטרינקען פאר צוויי זאכן...
— אוועלכע?
— פארן עמעס און פאר דער ליבע.
— נו, דערלאנג!
— וואָס — דערלאנג?
— וועלן מיר אויסטרינקען.
— גלייבסט דאָך ניט ניט אין דעם, ניט אין יענעם? זאָגסט דאָך — ניטאָ.
— אָבער אויסטרינקען קען מען.
— ניין, אזוי וועט ניט גיין. גלייבסטו, טרינקען מיר. גלייבסטו ניט, איז גיי דיר דײַן וועג... — וואלערי האָט א רוף געטאָן די אָפיציאנטקע. — מירן זיך צע־רעכענען?
יענע האָט ארויסגענומען קליינינקע ווײַסע כעזשבן־ביינדלעך, א וואָרף געטאָן אהין — אהער.
פון דער אונטערשטער קעשענע פון זײַנע פארלאטעטע דזשינסן האָט וואלערי ארויסבאקומען דרײַ פאפירלעך און דערלאנגט. די אָפיציאַנטקע האָט זיך גענומען פאַרען אין קעשענקעלע פון איר ווײַסן פארטעכל.
— מע דארף ניט, — האָט ער געזאָגט.
— וויפל האָסטו איר איבערגעלאָזט „נא טשײַ"? — האָט אן אָנגעכמורעטער א פרעג געטאָן דראָזדאָוו, ווען די אָפיציאַנטקע איז אוועקגעגאנגען.
— אייסעך, א קלייניקײַט.
— ניט קיין קלייניקײַט, — האָט יענער געזאָגט. — כ'האָב געזען, בא איר איז געבליבן מער פון א רובל. בעסער וואָלסטו עס מיר געגעבן.
— אף וואָס?
— אף „אָפּאָכמעליען" זיך מאָרגן.
וואלערי האָט א קוק געטאָן אף דראָזדאָוון:
— נו, פאָרפירי סידאָראָוויטש, ביסטו א קונד! אזוינס האָב איך נאָך ניט געזען...
— וואָס זשע?
— האָסט אָפּגעגעסן א מיטיק, זיך אָנגעזשליאָקעט מיט ביר און בראָנפן און דיר קומט נאָך עפּעס ארויס?
— ניט אומזיסט דאָך, — האָט געזאָגט דראָזדאָוו.
— וואָס הייסט ניט אומזיסט?
— אוואדע.
— האָסט עפּעס געטאָן פאר מיר?
— און ניט ווייניק.

— וואָס?

— כ'האָב דיך אויסגעהערט.

— און דאָס גאָר?

— אויסגעהערט פון דיר אזוינס, וואָס קיינעם, כוץ מיר, פּאָרפירי סידאָראָוויטש דראָזדאָוון, האָסטו עס דערציילן ניט געקאָנט, ניט עמעס?

— אזוי מיינסטו? — האָט געפרעגט וואלערי.

— ניט איך מיין, כ'בין זיכער. ווילסט, וועל איך דיר זאָגן נאָך מער, — האָט פאָרגעזעצט דראָזדאָוו. —שוין ניט איין טאָג שפּאנסטו ארום איבער דער שטאָט און עס צעשפּארט דיך מאמעש, אזוי ווילסטו וועגן דעם אלעמען דערציילן עמעצן. נאָר — ניטאָ ווער... אָט ערשט האָסטו אויסגעגאָסן דיין האַרץ פאר פּאָרפירי סידאָראָוויטשן, און ער האָט דיך אויסגעהערט. צי פילט ער מיט אָט די ייִנגלשע נארישקייטן, דאָס איז אן אנדער זאַך. נאָר אויסגעהערט האָט ער דיך. הײַנטיקע צײַטן, יונגערמאן, קאָסט אזוינס גרויסע געלטער.

— עפּשער ביסטו גערעכט, — האָט געזאָגט וואלערי. — וויפל דארפסטו?

— אָט־אָט, זײַ א מענטש.

— ביסט דאָך אָבער קיין מענטש ניט, — האָט וואלערי געזאָגט, — ווי נאָר איך וועל אוועקגיין, וועסטו עס דאָך באלד אפן אָרט פארטרינקען.

— גאָט באהיט. ביז מאָרגן — ניין־ניין...

וואלערי האָט אים א שטרעק געטאָן א פּאפּירל און איז ארויס פון רעסטאָראן.

געבליבן אליין, האָט פּאָרפירי סידאָראָוויטש א שאָקל געטאָן דעם גראפין, עפּשער איז כאָטש עפּעס פאראן אפן דעק? גאָרניט. אין איינער פון די ביר־פלע־שער איז יאָ עפּעס פארבליבן, האָט ער עס אויסגעטרונקען און גענומען באַ־טראכטן דאָס פּאפּירל, וואָס וואלערי האָט אים געלאָזט.

ער האָט עס ארײַנגערוקט טיף אין דער בוזעם־קעשענע. נאָר אין א ווײַלע ארום האָט ער עס צוריק ארויסגענומען און צוגערופן די אָפיציאנטקע.

5

קערלעך. געוויינלעכע פלוימען־קערלעך, פלאטשיק־לענגלעכע און פולב־לעך־בײַכיקע. מע קאָן זיי לײַכט צעקנאקן מיט די ציין. און קערלעך פון פער־שקעס — גרויסע, מיט טיפע קארבן און קארבעלעך, פארקרעמפּעוועטע, ווי אײַזן, מיט קיין האמער ניט צו צעקלאפּן. קינדווײַז האָט ארקאדי ליב געהאט אזעלכע קערלעך. די באָבע פלעגט זיי קלײַבן פאר אים נאָך א קאָמפּאָט, אויסטריקענען און דערלאנגען. אנומלטן בא די גרינבוימס האָט ער וועגן דעם זיך דערמאָנט.

— ארקאדי, עפּעס עסן? — אויך דאָס מאָל האָט שלימע סאמויִלאָוונע, ווי גע־וויינלעך, א פרעג געטאָן, ווי נאָר זי האָט אים דערזען אפן שוועל.

— ניין, שלימע סאמויִלאָוונע, א דאנק. ערשטנס, בין איך צו אײַך ארײַן אף א פּאָר מינוט, ניט מער, כ'האָב נאָך הײַנט א פארטיי־פארזאמלונג אפן זאוואָד. צווייטנס, אָקאָרשט פון סטאָלאָווע. געגעסן, געטרונקען, זאט — אָט אזוי־אָ, ביז איבערן האלדז.

— נו, און קערלעך? — האָט זי געפרעגט.

ער האָט זיך פארכידעשט.

— וואָס פאר קערלעך?

— פון קאָמפּאָט. שוין פארגעסן? איר האָט אונדז דערציילט...

בא אים האָט ווארעם א לויכט געטאָן דער בליק.

— און איר האָט פארגעדענקט, שלימע סאמויִלאָוונע?

— ווי זשע? — אין א ווײַלע ארום איז זי ארײַן פון קיך מיט א פולן טעלער טרוקענע ברוינע קערלעך.

— מײַן באָבעס קערלעך, — האָט ער געזאָגט, — א דאנק!

— די פלוימען־קערלעך וועט איר אײַנבײַסן, איר האָט יונגע ציין, — האָט זי זיך אָנגערופן, — און דאָס איז פאר די קערלעך פון די פערשקעס, — שלימע סאמוילאָוונע האָט אוועקגעלייגט א היפשע אָפּצוועננגע. — שמועסט אײַך דאָ, און איך וועל גיין צו מײַנע ארבעטן אין קיך.

— וואָס זשע מאכט מען, סעמיאָן יעווסייעוויטש? — האָט ארקאדי געפרעגט, צעקנאקנדיק א קערל.

— וואָס קאָנען מאכן אלטע לײַט? — האָט יענער געענטפערט. — מע לעבט דורך א טאָג, איז גוט.

— איר זאָלט אזוינס זאָגן? — האָט זיך אָנגערופן ארקאדי. — אף אײַך האָב איך זיך עס ניט גערעכט.

— וואָס זשע, — האָט יענער געענטפערט, — מיר האָבן שוין אונדזערס אָפּ־געטאָן. איצט לעבן מיר מער דערמיט, וואָס איר, יונגע, טוט. אָט האָבן מיר נעכטן באקומען א בריוו פון אונדזער מיזיניק, פון גרישען.

— פון יאקוטיע?

— יאָ. ער באקומט דאָרט ארויס דימענטן. שרײַבט ער, אז פארן צווייטן קווארטאל האָבן זיי אויסגעפילט אָנדערהאלבן פלענער. — סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט אף א ווײַלע זיך פארטראכט, ווי דערמאָנענדיק זיך וועגן עפעס, און צוגעגעבן: — ווען מע זאָל דעם טאטן מײַנעם, אשטייגער, דעם קאפצן אף דריקעס, געוועז זאָגן אמאָל, אז זײַן אייניקל וועט האָבן צו טאָן מיט דימענטן! כ'ווייס, — ווי וואָלט ער געקאָנט אזוינס גלייבן? איך אליין, ווען כ'טו זיך א דערמאָן, ווי איך בין א באַרוועסער ארומגעלאָפן איבער די בלאָטיקע שטעטלשע געסלעך, און טו עס א פארגלײַך מיטן הײַנטיקן טאָג, גלייבט זיך מיר מאמעש ניט, אז אזויפיל האָט זיך געענדערט, און אזוי געענדערט פאר איין מענטשלעך לעבן... מיר לעבן דאָך טאקע אין א דימענטענער צײַט! אײַ, וואָס ניט אלע מענטשן זײַנען נאָך דימענטענע, — האָט ער צוגעגעבן, — דאָס איז שוין אן אנדער זאך...

— וועמען האָט איר אין זינען? — האָט געפרעגט ארקאדי.

— מאלע וואָס...

ארקאדי האָט עטלעכע אויסגעשיילטע יאָדערן א שאר געטאָן צו סעמיאָן יעווסייעוויטשן.

— פארזוכט.

— כ'בין דערוף ניט קיין שטארקער באלן, — האָט יענער געענטפערט און פוילבלעך ארײַנגעלייגט א יאָדער אין מויל.

— ווען כ'פלעג זיך נעמען קנאקן קערלעך, — האָט ארקאדי אָנגעהויבן דער־ציילן, — פלעגט די באָבע זיך אוועקזעצן אנטקעגן און קוקן, ווי איך קנאק. און כ'ווייס ניט, ווער פון אונדז ס'האָט געהאט מער הנאָה... פלעג איך איר אויך צושארן א כיילעק און זאָגן: „באָבע, מיר א קערל, דיר א קערל"... האָט זי גע־נומען א יאָדערל, אָט ווי איר, און געזאָגט: „ס'איז ניט פאר מײַנע ציין, עס אליין"...

ווי פאַרזעצנדיק זײַנעם א ניט־ארויסגעזאָגטן געדאנק, האָט סעמיאָן יעווסייע־וויטש באמערקט:

— אָ, ווען מע זאָל קענען א מענטשן, דעם כאראקטער זײַנעם, מיין איך, צעבײַסן אזוי לײַכט, ווי א קערל, וואָלט אוואדע גרינגער געווען צו לעבן אף דער וועלט... — און אָן שום איבערגאנג א פרעג געטאָן. — ווי איז דיר געפעלן ארנאָ?

ארקאדי איז איצט געווען בא די גרינבוימס צום ערשטן מאָל נאָך יענעם אָוונט, ווען ער האָט זיך דאָ מיט אים באגעגנט.

— וואָס זשע, — האָט ער געענטפערט, — אַן אַנזיכטיקער פּאַרשוין, מיט אַ שטעל. ווייסט זײַן ווערט.

— ווי מייסטו, ער טרײַבט אים ניט איבער?

— שווער צו זאָגן. כ'האָב אים געזען צום ערשטן מאָל.

— גוט האָסטו אים אָבער ארײַנגעזאָגט מיקויעך די פיזיקער מיט די ליריקער.

— כ'האָב געהאַלטן, אַז ער איז ניט גערעכט, האָב איך אים ארײַנגעזאָגט.

יאָ, — האָט ארקאַדי זיך אַ כאַפּ געטאָן, — כ'האָב געוואָלט בײַ אײַך פרעגן, וואָס איז עס פאַר אַ נאָמען — ארנאָ?

— וואָס פאַרשטייסטו ניט, — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייעוויטש, — דער זיידע זײַנער האָט געוויס געהייסן ארן. און איז מיסטאָמע געווען אין שטעטל אַ שוסטער אָדער אַ שנײַדער, און עפּשער געהאַלטן אַ באַקאַליינע קלייטל, פון וועלכן ס'האָט אים ניט געקלעקט קיין וואַסער אויף קאַשע. דער זון איז געוואָרן אַ פּראָפעסאָר. ווען באַם פּראָפעסאָר איז אויך געבוירן געוואָרן אַ זון, האָט ער אים אַ נאָמען געגעבן נאָכן טאַטן. נאָר פּראָסט ארן קלינגט עפּעס ניט, איז געוואָרן ארנאָלד. ארנאָלד אָבער ווײַזט אויך, ווער מע איז, האָט מען אָפּגעוואָרפן די לעצטע פּאָר אויסיעס, איז געוואָרן ארנאָ. דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. גיי דערקען, ווער און וואָס מע איז.

— ס'איז דען בעסער? — האָט געפרעגט ארקאַדי.

— פאַר אַזעלכע, ווי ארנאָ, אַפּאָנעם יאָ. — סעמיאָן יעווסייעוויטשעס שטים איז פול געווען מיט ביטל. דערנאָך האָט ער זייער ערנסט געזאָגט: — איך געטרויע ניט קיין מענטשן, וואָס פון קינדווײַז אויף קעכלט מען און מע פּעסטעט זיי און וואָס האָבן אין לעבן קיין שווערן טאָג ניט געוווּסט. אָט נעם מײַן מישפּאָכע. מיר האָבן דערצויגן מיט שלימען דרײַ זין, קיין אײַנהאָרע. קיין טעכטער האָבן מיר ניט געהאַט. דערפאַר האָבן מיר אַזוי ליב מאַרלענען, זי איז באַ אונדז אי אַ טאָכטער, אי אַן אייניקל צוזאַמען. איר טאַטע, דאַוויד, איז אונדזער בכאָר. אַ סאַך יאָרן האָט ער געאַרבעט דאָ, אין ביראָבידזשאַן, איצט איז ער אין כאַבאַראָווסק. אַ פּראָראַב אויף אַ גרויסער בוידונג. דער מיזיניק גרישע, ווייסטו שוין, איז אין יאַקוטיע. דער מיטלסטער, ליאָניע, איז אַן אַגראָנאָם אין אַ סאָווירט. געדרוקט זײַנען זיי אַלע איינער פונעם אַנדערן אויף צוויי, צוויי מיט אַ האַלבן יאָר. קינדווײַז האָט מען זיך געפּאַטשט, אַז ס'איז געגאַנגען אַ רויך. נאָר טאָמער האָט עמעצער פון אַ זײַט איינעם אָנגערירט, האָבן אַלע זיך אײַנגעשטעלט איינס פאַרן אַנדערן. און ס'איז געווען אַ זאָרג פון עלטערס וועגן יינגערס. פון קליינוויײַז אויף האָט מען געוווּסט, וואָס הייסט העלפן דעם טאַטן מיט דער מאַמען אין שטוב, אין גאָרטן, אין פעלד. האָט מען געדאַרפט אָנקאָסיען היי פאַר דער בעהיימע, האָט מען אָנגעקאָסיעט; און ברענגען האָלץ פון וואַלד, — איז געבראַכט! געוווּסט, וואָס הייסט סמאַליען זיך זומער אויף דער זון און פרירן ווינטער בייס אַ פראָסט. זײַנען אויסגעוואַקסן מענטשן, אויף אונדז אַזאַ יאָר. די וועלט האָט אַ נוץ פון זיי, און זיי פון דער וועלט. און איצט שטעל זיך פאָר: אויף אַלעם גרייטן וואַקסט באַ פאַרמעגלעכע עלטערן אַ בעניאָכידל. וואָס נאָר שפּאַרט מען אין אים פון קליינוויײַז אויף ניט ארײַן! באַווײַזט ער נאָך ניט עפּעס ארויסצורײדן, ווערט גלײַך אויסגעפּילט יעדער זײַנער פאַרלאַנג. מיינט ער, אַז ער איז דאָס אייבערשטע פון שטייסל. ער איינער, און מער קיינער! און אַזאַ וואַקסט אויס און גייט ארײַן מיט דעם דאָזיקן פאַרשטאַנד אין לעבן. קען אַזאַ ראַטעווען אַן אַנדערן, לאָמיר זאָגן, אויב עס טרעפט כאָלילע אַן אומגליק? ניין, זיך אַליין וועט ער ראַטעווען דעם ערשטן. קאָן אַזאַ מיטפילן, אַז עמעצן איז שווער, עמעצן העלפן? ער פאַרשטייט דאָך גאָרניט, וואָס דאָס הייסט.

סעמיאָן יעווסייעוויטש איז אנשוויגן געוואָרן. די שאָלעכץ פון די צעקנאקטע קערלעך האָט זיך געהויפנט לעבן ארקאדין אפן טיש.

— איר רעדט וועגן א געוויסן מענטשן? — האָט געפרעגט ארקאדי.

— ניין, איך מיין עס ביכלאל, — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייעוויטש. פון קיך האָט זיך באוויזן שלימע סאמוילאָוונע.

— ער האָט איך מיסטאמע שוין אָנגערעדט א פולן קאָפּ? — האָט זי געזאָגט.

— שלימע סאמוילאָוונע, א דאנק פאר די קערלעך! שוין לאנג ניט געהאט אזא האנאָע, — ער האָט זיך אופגעהויבן. — איך גיי.

— צו געזונט! וואָס זשע אנטלויפט איר?

— כ'זאָג דאָך, א פארטיי־פארזאמלונג.

שוין בא דער טיר שטייענדיק:

— ווו איז מארלענע?

— אין כאבאראָווסק. היינט באטאָג אוועקגעפאָרן.

— אין כאבאראָווסק?

ווען ער איז אוועקגעגאנגען, האָבן די אלטע לייט זיך איבערגעקוקט.

— האָסט כאָטש געזען, וואָס פאר א פּאָנעם בא אים איז געווען, ווען דו האָסט געזאָגט — אין כאבאראָווסק?

שלימע סאמוילאָוונע האָט גאָרניט געענטפערט און איז מיט דער צונויפגעשארטער שאָלעכץ אוועק אין קיך.

סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט ניט געוווסט, אז נעכטן אין אָוונט האָט זיין פרוי געהאט א שמועס מיט מארלענען. ער איז געווען אף דער פאבריק — דאָרט האָט זיך פארזאמלט די גרופּע פון פּאָלקס־קאָנטראָל, — און שלימע האָט זיך באנוצט מיט דער געלעגנהייט.

מארלענע איז נעכטן געקומען פון דער ארבעט ניט מיט אלעמען. זי איז געלעגן אף דער טאכטא אין איר קאָלירטן כאלאטל, די פיס צוגעדעקט מיט א טונקעלן טוך. לעבן איר איז געווען צעעפנט א בוך, נאָר זי האָט אין אים ניט אריינגעקוקט. א טייל פענצטער האָט פון א זייט פארכאפּט די פארגייענדיקע זון, און מארלענע איז ביז העלפט געווען אין רויטלעכן אָפּשיין.

— מארלענאָטשקע!

— וואָס, באבוליע?

— א גלאָז הייסע מילך?

— ניין.

— וואָס זשע?

— גאָרניט.

— האָסט ניט קיין היץ? — זי האָט איר צוגעלייגט א האנט צום שטערן.

— ניין.

— וואָס זשע?

— אזוי זיך, ס'וועט דורכגיין.

— איך מעג זיך א ווײַלע צוזעצן לעבן דיר?

— באבולקע, זעץ זיך! — מארלענע האָט געמאכט פאר איר אָרט. — וואָס פרעגסטו? — א טשמאָק אין באק. — איך האָב דיך ליב, באבוליע!

— זאָג, אפן הערצעלע איז בא דיר רויק?

— וואָס זשע?

— לעבסט גאָרניט איבער?

— ס'בענקט זיך.

— נאָך וועמען?

— נאָך דער מאמען, נאָכן טאטן. פאָריקע וואָך בין איך דאָך בא זיי ניט געווען. שוין צוויי וואָכן...

— מאָרגן איז פרײַטיק, וועסטו נאָך דער ארבעט אוועקפאָרן און שוין בלײַבן אף שאבעס און זונטיק.
— אומבאדינגט!
— און מער בענקסטו נאָך קײנעם ניט?
— נאָך וועמען נאָך?
— און... ארנאָ?
— ארנאָ? צי בענק איך נאָך אים? כ׳ווייס ניט...
— ווען זשע וועסטו שוין וויסן?
— ווייס איך אויך ניט...
— צײַט צו וויסן, — די באָבע האָט זיך צוגערוקט נעענטער, ארופגעלייגט איר די האנט אפן אקסל. — וויפל קאָן זיך עס אזוי ציִען, מארלענאָטשקע? כ׳וועל דיר זאָגן דעם עמעס: איך כידעש זיך אף זײַן געדולד, ארנאָס. אן אנדערער אף זײַן אָרט וואָלט שוין לאנג ניט אויסגעהאלטן. זאָגסט ניט „יאָ”, זאָגסט ניט „ניין”... וויפל קאָן מען אזוי?
— ווילסט, באבוליע, איך זאָל גיכער כאסענע האָבן?
— און דו ווילסט ניט?
— וואָס איז די אײַלעניש?
— אף אלץ קומט א צײַט.
— און דו האלטסט, אז מײַן צײַט איז שוין געקומען?
— איך מיין, אז יאָ. ביסט א סאכן געפעלן, דאָס ווייס איך, און דיר געפעלט עס. נאָר צײַט שוין אויסצוקלײַבן איינעם.
— און אָט דער איינער, מיינסטו, דארף זײַן ארנאָ?
— ווער זשע?
— די מאמע זאָגט אויך אזוי. און די כאווערטעס. אלע...
לוסטיקע שיידימלעך האָבן פלוצעם זיך צעשפילט בא מארלענען אין די אויגן.
— און ווי, אויב איך האָב אים ניט ליב?..
— וואָס הייסט? אזא צײַט, ווי איר קענט זיך... אזא צײַט, ווי איר פירט זיך... פאָרסט צו אים, ער צו דיר...
— איז וואָס?
— מארלענע, רעדסט, ווי א קינד. ביסט דאָך שוין א דערוואקסן מיידל. מיט א מענטשן טאָר מען אזוי ניט שפילן אויך... ביפראט מיט אזא מענטשן...
— איך שפאס, באבוליע, איך שפאס. ער איז א ווווילער, ארנאָ...
— א ווווילער, א קלוגער, א געלערנטער. וועסט זיך ניט באווײַזן ארומקוקן, וועט ער ווערן א פראָפעסאָר, ווי דער טאטע זײַנער. א גאָלדענער קאָפּ.
— צו אָט די אלע מײַלעס דארף ער אָבער האָבן נאָך איינע...
— וואָס נאָך?
— ער דארף מיך ליב האָבן.
— ארנאָ האָט דיך ניט ליב?
— ווער ווייסט?
— וואָס רעדסטו? ער קושט דאָך דײַנע טריט...
די שקיִעדיקע רויטקײַט האָט זיך איבערגערוקט אין פענצטער, און מארלענע איז שוין איצט געלעגן אינגאנצן אין העלער שײַן.
— וואָס זאָגט דער זיידע? — האָט זי געפרעגט, אונטערהייבנדיק זיך.
— וואָס פארשטייען מאנצבלען אין אזעלכע זאכן? דו פאָלג מיך.
— און וואָס זאָל איך טאָן?
— אָט וועסטו זײַן אין כאבאראָווסק, וועסט זיך באגעגענען מיט אים?
— מיסטאמע. זאָל איך אים זאָגן „יאָ”?
— ניין, אויב ער וועט ניט פרעגן בא דיר, זאָג אים גאָרניט.

— ער פרעגט אלע מאָל.
— טאָ זאָג און אַן עק!
— „יאָ״?
— יאָ.
— „יאָ״? — האָט מארלענע איבערגעפרעגט נאָכאמאָל.
— יאָ.
און ס׳איז געבליבן — יאָ.
דערמיט איז מארלענע אוועקגעפאָרן קיין כאבאראָווסק.

6

צווישן צוויי וואכטעס — דער אינדערפריִקער און דער אָוונטיקער — איז אפן זאוואָד פאָרגעקומען א מיטינג. די ארבעטער פוןביידע וואכטעס, א מאן טויזנט, זײַנען געשטאנען אין די דורכגעגנג פונעם גרויסן מעכאנישן צעך, צווישן די ווערקשטעלן, און אלעמענס אויגן זײַנען געווען געווענדט צו דער אימפּראָוויזיר־טער טריבונע. דאָרט זײַנען געשטאנען עטלעכע מענטשן — א הויכער יונגער־מאן אין א לײַכט ווײַס העמדל, מיט טונקל־בארעמלטע ברילן און א ברייטפּליי־ציקער געזעצטער מאנצבל מיט קורץ געשוירענע גראָוולעכע האָר. דער הויכער איז געווען אן אינסטרוקטאָר פונעם שטאָטישן פארטיי־קאָמיטעט, דער נידעריק געזעצטער — דער סעקרעטאר פון פארטיי־קאָמיטעט פונעם זאוואָד. מיט זיי זײַ־נען געווען נאָך עטלעכע מענטשן — פאָרשטייער פון זאווקאָם און פונעם קאָמיוג־קאָמיטעט.
איבערן צעך האָט זיך געצויגן א ריזיקער העלער טראנספּאראנט:
„אָפּשטעלן די יאָגעניש פון די באוואָפענונגען! פאר שאָלעם אף דער גאנצער וועלט!״
דער מיטינג איז צונויפגערופן געוואָרן אין צוזאמענהאנג מיטן אונטערשרײַבן דעם נײַעם שטאָקהאָלמער רוף צו פארייניקן די באמיִונגען פון אלע פעלקער אין קאמף פאר אנטוואָפענונג.
דורך די הויכע און ברייטע פענצטער האָט פלאכטעסווײַז געשטראָמט אין צעך הייסע טאָג־שײַן און באלויכטן טראָפּנדלעך שווייס אף די פּנעמער פון די אר־בעטער און ארבעטערנס, וואָס האָבן זיך פארזאמלט אפן מיטינג. די ווערקשטעלן, די אייבערשטע קראנען, וואָס געוויינלעך זײַנען זיי אין האסטיקער באוועגונג, האלטן אין איין גרילצן, דונערן, זײַנען איצט געשטאנען אומבאוועגלעך, שטום. אונטער די הויכע געוועלבן פונעם צעך האָט א פּילפּאכיק פארשטארקטע דורך די ראַדיאָ־רופּאָרס זיך געטראָגן די שטים פונעם סעקרעטאר פון דעם זאוואָדישן פארטיי־קאָמיטעט. ער האָט פאָרגעלייענט דעם טעקסט פונעם שטאָקהאָלמער רוף, און מיט א באזונדער דײַטלעכקײַט האָט ער איבערגעכאזערט אין אָט דעם טעקסט דאָס וואָרט: צוזאמען...
...צוזאמען קעמפן פאר פארבאָטן דאָס יאָדער־געווער און אַלע אנדערע מינים געווער פון מאסן־פארניכטונג!
...צוזאמען קעמפן פאר אן אלגעמיינער און פולשטענדיקער אנטוואָפענונג!
...צוזאמען קעמפן פאר וואָס גיכער צונויפרופן אן אלוועלטלעכע קאָנפערענץ פאר אנטוואָפענונג!
נאָך דעם האָבן זיך אָנגעהויבן ארויסטרעטונגען. עס זײַנען ארופגעגאנגען און אראָפּ פון דער טריבונע אן עלטערער מאנצבל — א שעף פון א צעך, אן ארבעטערן.

ארקאַדי איז צוזאַמען מיט די מיטגלידער פון זײַן בריגאַדע געשטאַנען ניט ווײַט פון דער טריבונע.
— כעוורע, איך וועל נעמען א וואָרט. אין אײַער נאָמען אויך. מאַסקים?
— גוט, — האָט צוגעשטימט קרילאָוו.
— איך בעט א וואָרט! — האָט ארקאַדי א הייב געטאָן די האַנט.
דער סעקרעטאַר פונעם זאַוואָדישן פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט אים באַמערקט, זיך א קער געטאָן צום אינסטרוקטאָר פון שטאָטקאָם, און זיי האָבן וועגן עפּעס זיך דורכגערעדט.
— א וואָרט באַקומט דער בריגאַדיר פון א קאָמיוגיש־יוגנטלעכער בריגאַדע פון קאָמוניסטישער מי ארקאַדי סאַטאַנאָווסקי.
ארקאַדי איז גיך אַרויף אויף דער טריבונע, זיך אַרומגעקוקט. אויף אַזעלכע מיטינגען איז אים נאָך ניט אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן, און אין דער ערשטער רגע האָט ער זיך א ביסל פאַרלוירן. הונדערטער פּענעמער, הונדערטער פּאָר אויגן... אַלע קוקן אויף אים, וואַרטן, וואָס קלײַבט ער זיך זאָגן? און אַז אַזויפיל פּאָר אויגן מיטאַמאָל קוקן אויף דיר, דאַרף מען דאָך זאָגן עפּעס וויכטיקס, וואַגיקס, אַזוינס, וואָס זאָל באַרעכטיקן דײַן שטיין אָט דאָ, אויף אָט דעם הויכן אָרט... אויב ניט, וואָס האָסטו דאָ צו טאָן?
שוין נאָך דעם, ווי ער האָט א וואָרף געטאָן צו די פאַרזאַמלטע דאָס ערשטע וואָרט: „כאַווײַרים!“, האָט אים א קיל געטאָן מיטאַמאָל דער רוקן, אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע ווערטער זײַנען פּלוצעם פון אים אַוועק, אַנטרונען. צי האָט מען באַמערקט אָדער ניט אָט די שרעקלעכע פּאַוזע? אים האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט געדויערט אַן אײביקײַט. ער האָט זיך אָבער באַהערשט.
— כאַווײַרים, — האָט ער פאָרגעזעצט, און דער מיקראָפאָן האָט פּילפאַכיק פאַרשטאַרקט זײַן שטים, — מיר ריידן דאָ וועגן שאָלעם, וועגן מאַכן א סאָף צו דער יאָגעניש פון באַוואָפענונגען, וועגן דעם, עס זאָל מער אין ערגעץ ניט פאַרגאָסן ווערן קיין מענטשלעך בלוט. וואָס הייסט עס? דאָס הייסט דאָך — אַזוי פאַרשטיי איך עס — דער וועלט — דער גאַנצער וועלט — דערקלערן זיך אין ליבע...
די לופט אין צעך האָט זיך א שפּאַלט געטאָן פון אַפּלאָדיסמענטן.
— ...און דאָס איז באַ מיר, באַ יעדערן פון אײַך, — האָט ארקאַדי פאָרגעזעצט, — פאַרשריבן אין האַרצן... מיר ווילן בויען קאָמבײַנען, וואָס זאָלן אַראָפּנעמען גאָלדענע געוועטענישן, ניט קיין טאַנקען, ניט קיין האַרמאַטן. כאָטש די, וואָס דאַרפן וויסן, ווייסן: מיר קענען בויען טאַנקען, האַרמאַטן און עפּעס מער אויך. מיר קאָנען, נאָר מיר ווילן ניט. שאָלעם ווילן מיר, אַנטוואָפענונג! און דערפאַר וועלן מיר אַלע הײַנט אונטערשרײַבן דעם שטאָקהאָלמער רוף.
ווידער האָבן אויפגערוישט אַפּלאָדיסמענטן. ווען זיי זײַנען שטיל געוואָרן, האָט ארקאַדי איבערגעכאַזערט:
— יאָ, דערפאַר. נאָר פאַר אַן ארבעטס־מענטשן איז אונטערשרײַבן אליין — ווייניק. מע דאַרף באַפעסטיקן אָט די אונטערשריפטן מיט אופטועך. אין נאָמען פון די מיטגלידער פון מײַן קאָמיוגיש־יוגנטלעכער בריגאַדע וואַסילי קרילאָוו, אָלעס טשערעדניטשענקאָ, מוסאַ גריזאַטולין און יעגישע פּאַפּאַיאַן מעלדע איך: דעם פּלאַן פון קומענדיקן כוידעש האָבן מיר זיך אונטערגענומען אויספילן אויף 150 פּראָצענט. מיר וועלן אים אויספילן אויף 160! דאָס וועט זײַן אונדזער צושטײַער אין קאַמף פאַר שאָלעם, פאַר אַנטוואָפענונג!
אַראָפּ פון דער טריבונע, האָט ער זיך געלאָזט צו יענעם אָרט, וווּ עס זײַנען געשטאַנען די כעוורע פון זײַן בריגאַדע. ער האָט ניט געוווּסט — דאָס רוישן די אַפּלאָדיסמענטן, צי דאָס בלוט באַ אים אין די אָדערן?
וואַסילי קרילאָוו האָט אָן ווערטער אים פעסט א דריק געטאָן די האַנט.

דערנאָך האָט מען אונטערגעשריבן דעם רוף. ער איז געווען אָפּגעדרוקט אַף גרויסע בויגנס מיט בלויען שריפט. מיט בלויען זײַנען אויך געווען אָנגעצייכנט אַף זיי די קאָנטורן פון א טויב. און בעעמעס, ווי טויבן, האָבן די בויגנס זיך געטראָגן איבערן צעך, זיך געלייגט אונטער שטאַרקע אַרבעטערישע הענט און פאַרפּילט געוואָרן מיט צענדליקער, הונדערטער כסימעס. די כסימעס האָבן זיך געענגט אַף די בויגנס, געוואָרן אַלץ מער, און ס׳האָט זיך געדאַכט: אָט וועלן זיי אַרויסשטויסן פון די בויגנס די אָנגעמאָלטע טויבן און יענע וועלן, ווי לעבעדיקע, אופפליִען אונטער די הויכע געוועלבן פונעם צעך.

מיטאמאָל — א פאַרכידעשטער מיידלשער אויסרוף:

— זעט נאָר! זעט...

אַלע האָבן אופגעהויבן די קעפּ. איבער זיי האָבן געפלאַטערט צוויי ווײַסע לעבעדיקע טויבן.

דער אינסטרוקטאָר פון שטאָטקאָם האָט זיך א קער געטאָן מיט א שמייכל צום סעקרעטאַר פונעם זאַוואָדישן פאַרטיי־קאָמיטעט:

— דאָס האָסטו אָרגאַניזירט?

— ניין, — האָט יענער אויך מיט א שמייכל געענטפערט, — דאָס האָבן זיי לויט דער אייגענער איניציאַטיוו... זיי פליִען דאָ אָפט...

אין א גאָר געהויבענער שטימונג איז אַרקאַדי אוועק פונעם זאַוואָד.

אין דרויסן איז געווען הייס. בלויז בא די זײַטן פון דער גאַס האָבן די ביימער געקילט און אָפּגעפרישט מיט זייער שאָטן. איבער דער שטאָט, אָן אַרומגערינגלטער אין דער ווײַט מיט טונקל־בלויע סאָפּקעס, איז געהאַנגען א לויטערער הימל מיט זעלטענע דורכזיכטיק ווײַסע וואָלקנדלעך אין זעניט. נאָר באַם מיזרעכדיקן הימל־ראַנד האָט זיך געקליבן א טונקעלע כמאַרע. דערווײַל האָט זי נאָך קנאַפּ־וואָס זיך אָנגעזען, און ס׳איז שווער געווען צו זאָגן, צי וועט זי זיך פאַנאַנדערוואַקסן אָדער, פאַרקערט, אומבאַמערקט פאַרשווינדן פונעם האָריזאָנט...

דער מיטינג... די טויבן... די, וואָס אַפן פּאַפּיר, און יענע, די לעבעדיקע, וואָס זײַנען פלוצעם אַרײַנגעפלויגן... זײַן רעדע... דאָס אַלץ האָט אוועקגענומען, געמאַכט פאַרגעסן דעם שווערן געמיט, וואָס האָט אים די לעצטע טעג אזוי געדריקט אַפן האַרצן.

מיטאמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. אַף דעם אָרט האָט ער צום ערשטן מאָל דערזען מאַרלענען. דאָ האָט וואַלערי קראַס אים באַקענט מיט איר. ער האָט אזוי היימיש מיט איר זיך געכאָכמעט. זי אים — „וואַלעריק". ער איר — „מאַרלענאָטשקע"... זאָל עפּעס זײַן צווישן זיי? ער ווייסט ניט ביז איצטער, אַרקאַדי, ניט באַקוועם געווען זיך אָנפרעגן ניט בא וואַלערין, ניט בא איר. דערנאָך האָט ער אזוי ווונדערלעך מיט איר א צווייט מאָל זיך געטראָפן. מע האָט צוזאַמען שפּאַצירט, געשמועסט. איר קוש... זאָל עס געווען זײַן אָפּדערעמעסן? און איצט... ווי פּאָשעט די באָבע אירע האָט מיט א פּאָר טעג צוריק אים א זאָג געטאָן: „אין כאַבאַראָווסק. באַטאָג אוועקגעפאָרן". כאַבאַראָווסק. וויפל מאָל קאָן זי פאָרן אַהין און זיך אומקערן? איינמאָל וועט דאָך געשען אזוי, אַז זי וועט דאָרט פאַרבלײַבן. מיט יענעם, אַרנאָ... איז ער ווערט, יענער, אַזאַ גליק? און ער, אַרקאַדי, איז ווערט? און אויב אפילע יאָ, וואָס קאָן ער טאָן צוליב זײַן גליק? גאָרניט...

אַרקאַדי האָט פּאַמעלעך געשפּאַנט. ווײַט האָבן אים פאַרטראָגן זײַנע געדאַנקען. ס׳וועט קומען אמאָל א צײַט אָן מילכאָמעס, אָן בלוט־פאַרגיסונגען. אַלע — פרײַ, אַלע — גלײַך. צי וועלן אויך דעמלט אָבער אַלע זײַן גליקלעך? ווײַזט אויס, ניט. ווײַל אָט דאָס וועט דאָך פאַרבלײַבן — ער האָט ליב זי, זי אָן אַנדערן. און

דיך האָט אויך ליב אזא, וואָס דו האָסט צו איר קיין מינדסטן געפיל ניט. ווען אומגליקלעכע זײַן, ווי געווען... סײַדן עפשער וועלן מענטשן דאן זיך ווענדן מיט ספּעציעלע רופן וועגן... ליבע?.. און וועגן דעם וועט מען ריידן אף מיטינ־גען...

— וועגן וואָס האָט זיך פאַרטראַכט דער בריגאַדיר? ווי בעסער אויספילן דעם פּלאַן?

ארקאַדי האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ.

— וואַלערי? פונוואַנעט?

— פון א מיטינג.

— א מיטינג?

— יאָ, אונטערגעשריבן דעם שטאָקהאָלמער רוף.

— מיר אויך.

— וועגן וואָס זשע האָט מען זיך עס אזוי שטאַרק פאַרטראַכט?

— זאָגן?

— דערלאַנג!

— ווּהין גייסטו?

— כ׳קאָן גיין מיט דיר.

— טאָ הער. ס׳וועט קומען א צײַט: מילכאָמעס — אויס. עקספּלואַטאַציע — אויס. אלע — פרײַ. אלע — גלײַך.

— ווען וועט עס זײַן? — האָט געפרעגט וואַלערי.

— ניט וויכטיק — ווען, ס׳וועט זײַן. וועגן וואָס זשע וועט מען דעמלט ריידן אף מיטינגען?

— און מיטינגען וועלן פונדעסטוועגן זײַן?

— כ׳מיין, אז יאָ.

— אויב אזוי, וועט מען ריידן אף זיי...

— וועגן וואָס?

— וועגן ליבע.

— ביסט א כאָכעם, וואַלערי, — האָט ארקאַדי אויסגערופן, — מײַן געדאַנק!

— וועגן וואָס זשע נאָך? — האָט א לאַך געטאָן יענער. — אלע אנדערע פּראָ־בלעמען וועלן דאָך שוין זײַן צו יענער צײַט געלייזט. — און ער האָט צוגע־געבן: — איז אָט וועגן וואָס א בריגאַדיר טראַכט? און איך האָב געמיינט — ווי אויספילן דעם כוידעש־פּלאַן, באַקומען א פּרעמיע...

— כוידעש־פּלאַן, פּרעמיע — דאָס אלץ איז וויכטיק, — האָט געענטפערט אר־קאַדי. — ס׳איז אָבער גאָר ניט ווערט, אויב מע זאָל ניט פאַרקלײַבן זיך ווען־ניט־ווען מיטן געדאַנק אויך אהין, צו אונדזערע אורייניקלעך...

— קעדיי טראַכטן אָבער וועגן אורייניקלעך, — האָט באַמערקט וואַלערי, — דאַרף מען אלס מינימום האָבן קינדער. און מיר האַלטן נאָך מיט דיר פון דעם גאַנץ ווײַט.

— דאָס איז עמעס, — האָט געזאָגט ארקאַדי און זיך א כאַפּ געטאָן: — ווייסט, וואַלערי, ווען איך באַגעגן דיך ניט, וואָלט איך אוועק דיך זוכן.

— אזוי נייטיק דאַרפסטו מיך?

— יאָ.

— וואָס איז?

— ווען דו ביסט געווען בא מיר, האָב איך דיר ניט באַוויזן זאָגן איינע זייער א וויכטיקע זאַך.

— דאָס האָב איך ניט באַוויזן...

— האָסט געכאַפּט און אנטלאָפן...

— דערפאַר טאַקע בין איך אנטלאָפן, כ׳זאָל ניט באַוויזן...

— און איך האָב ניט באַוויזן, ווײַל דו ביסט אַנטלאָפֿן. זאָלסט ניט מיינען... קענסט נאָך מיינען, אַז איך באַהאַלט עס אומיסטן אויס... איז אָט...
— דו זאָלסט אויך ניט מיינען. נאָר דיר איז דאָך, אייגנטלעך, אַלצ־איינס.
— קיין זאַך, זאָלסטו וויסן, איז מיר ניט אַלצ־איינס.
— און דאָס יאָ, ווײַל ס'האָט אַ שײַכעס נאָר צו מיר.
— קיין זאַך, — האָט געזאָגט אַרקאַדי, — קאָן קיינמאָל ניט האָבן קיין שײַכעס בלויז צו איין מענטשן. האָט עס אַ שײַכעס צו איינעם, איז עס בעמיילע שײַעך אַנדערע אויך.
— דאָס איז שוין פֿילאָסאָפֿיע, — האָט אַ מאַך געטאָן וואַלערי, — און דאָ גייט אָט אין וואָס...
זיי זײַנען געגאַנגען פֿאַרבײַ דעם סאָוועטן־פּלאַץ.
— עפּשער וועלן מיר זיך צוזעצן? — האָט געפֿרעגט אַרקאַדי.
— מע קאָן, — האָט געענטפֿערט וואַלערי.
דער סאָוועטן־פּלאַץ איז אײַנגעשלאָסן אין אַ קרײַז פֿון עטלעכע אָנזיכטיקע געבײַען. פֿון איין זײַט — דאָס הויז פֿונעם געגנטלעכן אויספֿיר־קאָמיטעט, און אַנטקעגן, איבערן וועג — דער שטאָטקאָם פֿון פּאַרטיי; פֿון דער אַנדערער — אַ שול־געבײַדע, אַ פֿינפֿגאָרנדיק וווין־הויז, און אַנטקעגן — אויך אַ היפּש וווין־הויז. אינמיטן —ביימער, בלומען־קלומבעס, בענק. דאָס אָרט האָבן ליב יונגע מאַמעס מיט וויגעלעך, פּענסיאָנערן. אין צענטער פֿון פּלאַץ — אַ לענין־דענקמאָל מיט שטענדיק לעבעדיקע בלומען צופֿוסנס.
זיי האָבן זיך צוגעזעצט אויף אַ פֿרײַער באַנק.
— ווייסט, — האָט געזאָגט אַרקאַדי, — כ'האָב זיך קימאַט באַפֿרײַנדעט מיט מאַרלענען.
— יאָ? — האָט אָן איבעריקן כידעש אַ פֿרעג געטאָן קראַס.
— דאָס כידעשט דיך ניט?
— ניט זייער.
— פֿאַרוואָס?
— גענוג זי איין מאָל צו זען, וועט מען שוין געפֿינען אַ מיטל צו טרעפֿן זיך אַ צווייט מאָל.
— דו האָסט דאָך אָבער מיך אונטערגעפֿירט.
— איך?
— יאָ.
— מיט וואָס?
— געקליבן זיך נאָכן סאַנאַטאָרי באַ דיר פֿאַנאַנדערפֿרעגן ווו, ווער, וואָס — ביסטו אַוועקגעפֿאָרן.
— יאָ, אַוועקגעפֿאָרן. ווי זשע?
אַרקאַדי האָט אים דערציילט, ווי עס איז געשען, און פֿאַרענדיקט:
— אוי, האָט זי געלאַכט...
— געלאַכט? דאָס קען זי. קיינער לאַכט ניט אַזוי, ווי זי... נו, און ווײַטער?
— מיר האָבן מיט איר שפּאַצירט, געשמועסט.
— און ווײַטער?
— גאָרניט.
— אָט דאָס איז דאָך עס.
— וואָס זשע?
— דאָס ווייסטו, אַז זי האָט אַ כאָסן?
— כ'ווייס, כ'האָב אים געזען.
— געזען? ווו?
— באַ איר אין שטוב.

— און ווי?
— א פארשוין!
— דאָס איז דאָך עס.
— ווי מיינסטו, זי האָט אים ליב?
— ווער ווייסט... איינס איז קלאָר: ניט נאָר איך, דו דאַרפסט אויך היפּש פאַרייַסן צו אים דעם קאָפּ...
— איך קלייַב זיך ניט עס צו טאָן.
— אייגנטלעך, איז עס שוין אַלציינס.
— יאָ, און דו, וואַלערי, — האָט געזאָגט אַרקאַדי, — פונוואַנעט ביסטו אַזוי היימיש מיט מאַרלענען? כ׳האָב שוין לאַנג זיך געקליבן בא דיר פרעגן.
— אַן אַלטע ליבע, — האָט געזאָגט קראַס.
— ניין, עמעס?
— גלייבסט ניט?
— פאַרוואָס?
— טשודאַק, — האָט יענער זיך צו אים א קער געטאָן, — מיר זייַנען געוואַקסן צוזאַמען. אין איין קינדערגאָרטן געגאַנגען, אין איין שול געלערנט. פון דאַן איז עס פאַרבליבן — „מאַרלענאָטשקע״, „וואַלעריק״.
— און שפּעטער, ווען איר זייַט אויסגעוואַקסן?
— פאַר איר בין איך ניט אויסגעוואַקסן. פאַר איר בין איך ביז איצט דער זעלבער וואַלעריק... — אין א ווייַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן: — עך, אַרקאַדי, ווען דו ווייסט, וואָס פאַר א כאַזעריש שטיקל אַרבעט איך האָב אָפּגעטאָן די טעג...
— ווען?
— ווען איך בין נאָכן טיי־טרינקען אוועק פון דיר.
— וואָס זשע?
— וועסט ניט גלייבן. נאָך יענעם טאָג האָב איך זיך אָנגעשיקערט, ווי אַן עמעסער אויסוווּרף.
— מיט וועמען?
— פרעג ניט. מיט א נישט פון די לעצטע שעבעלעצטע, פון די, וואָס זשעב־רען אַף א טרונק.
— צו וואָס האָסטו אים באַדאַרפט?
— ער זאָגט, אַז כ׳האָב אים באַדאַרפט. און עפּשער איז עס עמעס אויך. אים האָב איך אַלץ דערציילט. דאָס, וואָס, א ניכטערער, האָב איך ניט געקאָנט דער־ציילן דיר, האָב איך דערציילט אים.
— וואָס זשע האָסטו דערציילט?
ווי ניט הערנדיק די פראַגע, האָט וואַלערי לאַנג געשוויגן, דערנאָך שטיל געזאָגט:
— כ׳האָב ליב מאַרלענען... פון קינדווייַז אָן...
— און זי?
— זי לאַכט.
קומט אויס: איינער דעם אַנדערן האָט געהאַט צו דערציילן וויכטיקע און, ווי יעדערער פון זיי האָט געמיינט, פאַרשיידענע זאַכן. דערציילט אָבער האָט מען איינס און דאָס זעלבע.
— און דו? — האָט נאָך א לאַנגן שווייַגן געפרעגט וואַלערי.
— וואָס — איך? איצט איז דאָך אַלציינס.
— יאָ, אַלציינס.
זיי האָבן זיך אופגעהויבן און פּאַמעלעך געלאָזט זיך גיין. זיי האָבן ניט גע־

ווּסט, אַז אין די זעלבע מינוטן איז געקומען מיטן פֿאַרנאַכטיקן צוג פֿון כאַבאַ־ראָווסק מאַרלענע.

דאָס מאָל האָט זי די עטלעכע טעג דאָרט פֿאַרבראַכט ניט אומזיסט. זיי האָבן אָנגעגעבן מיט אַרנאָ אַ מעלדונג אין זאַגס.

7

צו דער כאַסענע האָט מען זיך העפּטיק געגרייט אין כאַבאַראָווסק און אין ביראָבידזשאַן. ווי עס פּירט זיך, האָבן אַרנאָס עלטערן איינגעשאַפֿן כאַסענע־קליידער פֿאַר דער קאַלע, מאַרלענעס — פֿאַרן כאָסן. מע האָט געקויפֿט די גאָלדענע פֿינגערלעך, וואָס האָבן אין זייערע ווייכע שיידלען געוואַרט אויפֿן גליקלעכן טאָג. אַרנאָס פֿאָטער, דער פּראָפֿעסאָר, אַן אָנגעזעענער מענטש אין שטאָט, האָט אָנגעקלונגען וווּהין מע דאַרף און זיך צונויפֿגערעדט, אַז אין צענטראַלן רעסטאָראַן וועלן אין טאָג פֿון דער כאַסענע אין אַ באַזונדער זאַל געגרייט זײַן טישן אויף הונדערט פּערזאָן. אַזויפֿיל האָט מען איינגעלאַדן אויף דער סימכע קרובֿים און געסט. אַלץ איז געטאָן געוואָרן אַזוי, קיינער זאָל, כאָלילע, ניט קענען פֿאָרוואַרפֿן ניט איין צאַד, ניט דעם אַנדערן, אַז זיי האָבן עפּעס פֿאַרזען, עפּעס ניט דערטאָן אָדער עפּעס געטאָן ניט אַזוי. מע האָט שוין אָנגעשריבן דעם פֿעטער גרישע קיין יאַקוטיע און דעם פֿעטער ליאָניע אין זײַן סאָווירט, און יענע האָבן געענטפֿערט, אַז, פֿאַרשטייט זיך, צוזאַמען מיט זייערע פֿרויען וועלן זיי קומען אויף דער כאַסענע. שלימע האָט באַשטעלט אַ נײַ קלייד, אַ קליינינקײַט — זי גיט אויס דאָס עלטסטע אייניקל! אויך דעם מאַן האָט זי געצייצעט ספּעציעל צוליב דער כאַסענע אויפֿנייען אַ נײַעם אָנצוג. נאָר ער האָט געענטפֿערט, אַז נישקאָשע, עס מאַכט אים ניט אויס אין דעם, וואָס ער האָט. ער איז נאָך אויך ניט אַלט און ס'וועט זײַן גאַנץ גענוג.

דער איינציקער מענטש אין ביידע מישפּאָכעס, פֿון קאַלעס־צאַד און פֿון כאָסנס־צאַד, וואָס האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין גרויס היספּײַלעס מיט דער פֿאָרשטייענדיקער געשעעניש, איז געווען סעמיאָן יעווסייעוויטש. פֿאַרקערט, גראָד אין אָט די פֿריילעך־טומלדיקע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען מיט אַ גאַנץ פֿאַרומערטן אויסזען. אַז מע האָט אים געפֿרעגט, וואָס איז די מײַסע, וואָס ער זעט עפּעס אַזוי ניט וואַזשנע אויס, האָט ער זיך פֿאַרופֿן אויף דער היפּערטאָניע.

שלימע האָט געוווּסט, אַז ניט נאָר די היפּערטאָניע איז שולדיק, און מעגלעך, אַז די היפּערטאָניע געהער זיך אַפֿילע דאָ גאָרניט אָן. רעכט פֿאַרשטיין, וואָס איז מיט אים, האָט זי אָבער ניט געקענט.

— מע קאָן מיינען, — האָט זי געזאָגט, — אַז ניט מע קלײַבט זיך כאַסענע מאַכן דאָס עלטסטע אייניקל דײַנס, נאָר אַז כ'ווייס... אַז מע קלײַבט זיך זי פֿאַרשיקן ערגעץ עק וועלט...

— בעסער וואָלט מען זי אַהין געשיקט, — האָט ער געענטפֿערט.

— מיט דיר זיך אויסטײַנען! — האָט זיך אָנגערופֿן די פֿרוי. — איך האָב גאָר דערויף קיין צײַט ניט! — און איז אַוועק צו אירע אַרבעטן. זי האָט זיי בעעמעס געהאַט איצט היפּש.

ווען מאַרלענע איז יענעם פֿרײַטיק אין אָוונט געקומען קיין כאַבאַראָווסק, צו אירע עלטערן אַהיים, איז די מאַמע, די לערערן פֿון פֿראַנצויזיש, אַ שטאַלטנע, אַ פֿריש און פֿײַן אויסזעעוודיקע — מע קאָן איר בעשום־אויפֿן ניט געבן אירע צוויי און פֿערציק יאָר — אַרופֿגעפֿאַלן אויף איר מיט קושן, מיט האַלדזן און מיט פֿאָרווורפֿן:

— האָסט איינגאַנצן פֿאַרגעסן דײַנע עלטערן, ווילסט גאָר פֿון זיי ניט וויסן.

— פאַרוואָס, מאַמוליע? — מאַרלענע האָט פּאַנאַנדערגעוואָרפֿן איבערן צימער איר קאַלירט קוישל, דעם זאַנט, דאָס קאָפּטל.
— פאַרוואָס ביסטו פאַריקע וואָך ניט געקומען? שוין צוויי וואָכן...
— געווען פאַרנומען. און דו ווייסט, מאַמע, די צײַט לויפט אַזוי גיך...
— א סימען — דו בענקסט ניט נאָך אונדז.
— איך בענק, איך בענק, — זי האָט ארומגעכאַפּט די מוטער און צוגעדריקט צו זיך, — און ווו איז דער פּאַפּוליע?
— ווייסט ניט? דער אינדערפרי טראָגט אים ארויס, און דער אָוונט — אַרײַן. הײַנט איז בא אים נאָך א זיצונג פון פאַרטקאָם. ער האָט געקלונגען, ער וועט גיך קומען.
די מאַמע האָט געמאַכט טיי. אוועקגעשטעלט לעקעכלעך, וואָס מאַרלענע האָט ליב. קוקנדיק אף דער טאָכטער, ליבנדיק זיך אין איר, האָט די מאַמע געזאָגט:
— נו, גוט, טאָכטער, נאָכן טאָטן מיט דער מאַמען בענקסטו ניט...
— איך בענק, איך בענק!..
— דאָס איז שוין קלאָר. ס'איז אָבער דאָ נאָך עמעצער, נאָך וועמען דו דאַרפסט בענקען.
— נו, דאָ בענק איך שוין אוודע ניט און קלײַב זיך ניט.
— פאַרוואָס?
— אַזוי.
די מאַמע האָט זיך אופגעהויבן, צוגעגאַנגען, זי לײַכט ארומגענומען.
— מאַרלענאָטשקע, ביסט דאָך שוין ניט קיין קינד.
— איך ווייס, איך ווייס, מאַמע, וואָס דו ווילסט מיר זאָגן.
— פונוואַנעט ווייסטו?
— די באָבע האָט עס מיר שוין געזאָגט.
— די באָבע?
— יאָ. מיט וואָס זי האָט מיך באַגלייט, דערמיט האָסטו מיך באַגעגנט.
— וואָס זשע האָט דיר געזאָגט די באָבע?
— דאָס אייגענע, וואָס דו זאָגסט אלע מאָל. שוין דערעסן צו הערן איינס און דאָס זעלבע.
— אויב דערעסן, — האָט געזאָגט די מוטער, — טו, ווי מע ראָט דיר, וועט מען פאַרשפּאָרן איבערכאַזערן.
— איך וועל טאָן, איך וועל טאָן.
— וועסטו זײַן א כאַכאָמע! — די מוטער האָט זיך אופגעהויבן, זיך א שטעל געטאָן קעגן איר, נאָך איצט אויך אַזאַ שטאַלטנע, א שיינע (מאַרלענע איז ענ־לעך אף איר), און מיט א באַזונדער מין גלאַנץ אין די אויגן געזאָגט:
— מאַרלענע, איך הייב דיך ניט אָן צו פאַרשטיין.
— וואָס זשע?
— ווען צו מיר זאָל מיידלווײַז געווען זיך שאַדכענען אַזאַ באָכער, ווי אַר־נאָ... כ'וואָלט קיין איין מינוט ניט איבערגעקלערט, — פּרוויזש־פּאַרטרוילעכס איז געווען אין אירע ווערטער, זי האָט עס געזאָגט דער טאָכטער, ווי צו אירס א גלײַכן.
— איך זע, דיר געפעלט ער? — האָט באַמערקט מאַרלענע.
— און דיר ניט?
— מיר אויך. נאָר וואָס איז די אײַלעניש?
— פאַראַן זאַכן, מײַן קינד, מיט וועלכע מע דאַרף אײַלן... — די מוטער האָט זי צוגעצויגן צו זיך און איר אײַנגערוימט: — מע קאָן אים נאָך אויסכאַפּן... האָסט גאָר פאַר דעם ניט מוירע?
— וואָס זשע דאַרף איך טאָן?

— אַט דאָס איז א קלוגע פראגע, — די מוטער איז אָפּגעגאנגען פון איר. — ערשטנס, דארפסטו אים באלד אָנקלינגען.
— באלד?
— יאָ.
— שוין שפעט. איך בין מיד און וויל שלאָפן.
— וועסט זיך לייגן שלאָפן. נאָר אים קלינג אָן, זאָל ער וויסן, אז דו ביסט דאָ. וועט ער מאָרגן אינדערפרי גלײַך קומען.
— מאָרגן אינדערפרי? קענסט אים ניט? ער וועט נאָר דערהערן, אז כ׳בין דאָ, וועט ער קומען צו לויפן.
— איז אוודע גוט!
מארלענע האָט אָנגעקלונגען. ארנאָ איז געווען אין דער היים, ער האָט אליין גענומען דאָס טרײַבל. זי האָט מיט אים צוערשט א שפיל געטאָן, געזאָגט, אז זי קלינגט פון ביראָבידזשאַן.
— פארוואָס אזוי שפעט? — האָט ער געפרעגט. — עפּעס איז געשען?
— ס׳איז גאָרניט געשען, — האָט זי געענטפערט. — פּאַשעט אזוי.
— פּאַשעט אזוי? — האָט ער איבערגעפרעגט. — ווען זשע קלײַבסטו זיך קומען קיין כאבאראָווסק? פאַריקע וואָך ביסטו ניט געקומען.
— מעגלעך, אז איך וועל די וואָך אויך ניט קענען קומען. פארוואָס? א סאך ארבעט...
די מאמע האָט אף שטומלאָשן איר געמאכט צייכנס, זי זאָל אופהערן שפּילן. נאָר מארלענע האָט פאָרגעזעצט:
— וואָס זשע, האָסט זיך פארבענקט? איז קום צו מיר. ווען? אפילע מאָרגן...
מיטאמאָל האָט ער זיך געכאפּט: עפּעס צו גוט הערט זיך די שטים אירע...
— מע האָט פאריכט די טעלעפאָן־ליניע, — האָט זי געענטפערט און, קוקנדיק, ווי די מאמע הערט ניט אוף צו מאכן גרימאסן, אין טעלעפאָן־טרײַבל אויסגעשאָסן א געלעכטער.
— מארלענע, ביסטו אין דער היים? — האָט ער מיט פרייד אויסגערופן.
— יאָ.
— ווען ביסטו געקומען?
— ערשט־אָ.
— לויף איך שוין!
— מע דארף ניט. כ׳בין מיד. מאָרגן...
— איך לויף שוין! — ער האָט אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל.
— מאמע, וועסט באלד האָבן א גאסט, — האָט געזאָגט מארלענע.
געקומען דער טאטע. ניט קיין הויכער, א פעסט געפאקטער, זייער ענלעך אף סעמיאָן יעווסייעוויטשן. נאָר די טשופּרינע א געדיכטע, א גרויסע, אָן איין גראָ־ווער האָר. פונקט אזא מיסטאמע איז אמאָל געווען באם זיידן.
— אהא, פונדעסטוועגן פארבענקט זיך, — האָט ער געזאָגט צו דער טאָכטער, ארומנעמענדיק זי. — ווען זשע קלײַבסטו זיך אריבערפאָרן אהער?
— צו אײַך? — האָט זי געפרעגט.
— איך ווייס — צו אונדז, צו זיך, — וווהין דו וועסט וועלן. — א ווונק אף דער מוטער. — די מאמע האָט מיט דיר שוין דורכגעפירט א פּאָליט־שמועס?
— ווי שטענדיק, — האָט מארלענע געענטפערט.
— און ס׳האָט עפּעס געהאָלפן?
— הײַנט, דאכט זיך, יאָ, — האָט זיך אָנגערופן די מוטער. — באלד וועלן מיר האָבן א גאסט...
אינגיכן איז געקומען ארנאָ. מע האָט אָנגעשטעלט א פולן טיש, נאָר ער האָט גאָרניט פארזוכט.

ער וויל זיך דורכשפּאַצירן מיט מאַרלענען.

זיי זײַנען אַוועק. שפּאַצירט האָבן זיי ביז שפּעט. עטלעכע מאָל האָט זי זיך געבעטן — זי איז מיד, זי וויל שלאָפן, נאָר ער האָט זי ניט אָפּגעלאָזט. „וועסט באַווײַזן", — האָט ער געזאָגט, און זיי האָבן נאָך און נאָך שפּאַצירט.

— ווען? — האָט ער בײַ איר געפרעגט, ווען ער האָט זי צום לעצטן מאָל צו־געפירט צו איר הויז.

— וואָס ווען? — האָט זי זיך ניט וויסנדיק געמאַכט.

— דו ווייסט, — האָט ער געזאָגט, — ווען וועסטו מיר ענטפערן אויף מײַן פראַגע?

— ווען ווילסטו?

— איך וויל הײַנט, שוין.

— אַזאַ גיכער ביסטו?

— מאַרלענע, וויפל קאָן מען?

— נו, גוט.

— דו זאָגסט — גוט?

אַ ברייטפּלייציקער, אַ הויכער, איז ער געשטאַנען איבער איר. ער האָט גע־וואַרט. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט צו אַ בוים, זײַנען זיי געשטאַנען אינדרײַען. זי, אַרנאַ, העכער פון איר, דער בוים — העכער פון אַרנאַ. דער בוים האָט, דאַכט זיך, אויך געוואַרט. די גאַס איז געווען פּוסט, קיין איין דורכגייער. מאַרלענע האָט זיך דערמאָנט אין איר שמועס מיט דער באָבען: „זאָג אים, און אַן עק"... דאָס זעלבע — די מאַמע. דער טאַטע שווײַגט, נאָר ער טראַכט אויך אַזוי. און זי? זי אַליין? זי וויל דען עפּעס אַנדערש? וואָס זשע ציט זי? אָט שטייט ער איבער איר, אַזאַ גרויסער און שטאַרקער, וואַרט.

פון אַ הויכן באַרג טוט מען אַזוי אַ שפּרונג אַראָפּ אין וואַסער:

— יאָ...

— יאָ? — האָט ער אַ געשריי געטאָן.

זי — נאָך שטילער:

— יאָ.

ער — נאָך הילכיקער:

— יאָ?!

— יאָ.

— יאָ! יאָ! יאָ! — אויף איר טאַליע האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָסן זײַנע גרויסע הענט, ער האָט זי מיטאַמאָל אַ הייב געטאָן אינדערלופטן און אויף אַ ווײַלע פאַר־האַלטן איבער זיך. דערנאָך האָט ער זי אַראָפּגעלאָזט און גענומען קושן.

— סאַראַ שטאַרקער דו ביסט! — האָט זי געזאָגט. זי האָט אים אויך אַ קוש געטאָן און איז אַנטלאָפן.

— קום אַהער! — האָט ער זי צוריק גערופן.

— מאָרגן! — האָט זי אַ געשריי געטאָן און איז פאַרשוווּנדן אין הויז.

אויף מאָרגן זײַנען זיי געווען אין זאַגס. דערויף איז באַשטאַנען ער. אויב יאָ, ניטאָ מער וואָס צו ציִען.

אין זאַגס האָבן זיי געלאָזט אַ מעלדונג: ער — אַזאַ און אַזאַ — און זי — אַזאַ און אַזאַ — ווילן צוזאַמען פאַרבינדן זייער לעבן דורך אַן אָפיציעלן הייראַט.

— לויטן געזעץ, — האָט זיי דערקלערט די עלטערע פרוי, די פאַרוואַלטערן פון זאַגס, — וועט איר קענען פאַרוואַנען די כאַסענע אין אַ כוידעש אַרום.

— דאָס גיט איר אונדז אַ כוידעש אויף באַטראַכטן זיך? — האָט געפרעגט אַר־נאַ. — שוין יאָרן, ווי איך הער ניט אויף דערפון צו טראַכטן...

— ווי יאָרן, דאָרט איז נאָך אַ כוידעש, — האָט געענטפערט די פאַרוואַלטערן.

— איר מיינט, אַט דער כוידעש קאָן עפּעס ענדערן?

— אין לעבן טרעפט אלץ, — האָט געזאָגט די עלטערע פרוי. איר איז געפעלן אָט די שיינע פּאָר, האָט זי מיט א שמייכל צוגעגעבן: — באטראכט עס ווי א נייטיקע פּאָרמאליטעט און נעמט זיך אָן נאָך מיט א קאַפּעלע געדולד.

די דאָזיקע געשעעניש האָט מען אָפּגעמערקט מיט א מיטיק באַם פּראָפעסאָר אין שטוב. געווען זײַנען אויך מארלענעס עלטערן. פונעם ראנד פון טיש איז אינמיטן מיטיק אראָפּגעפאלן א טעלער און האָט זיך צעבראָכן. דער פּראָפעסאָר האָט געלאכט.

— דאָס, וואָס קומט בא אונדז הײַנט פאָר, — האָט ער געזאָגט, — האָט אמאָל בא ייִדן זיך גערופן — טנאָים. אַף טנאָים פלעגט מען ברעכן טעלער. אזוי אז אלץ איז ריכטיק! — און ער האָט פאָרגעלייגט א טאָסט פארן קינפטיקן פּאָרפּאָלק.

דערנאָך האָט ארנאָ אינעם טאטנס מאשין אָפּגעפירט מארלענען צום וואָקזאל. ווען דער צוג האָט שוין געריַרט, איז ער לאנג נאָך געלאָפן נאָך איר וואגאָן, און די אויגן האָבן בא אים געשײַנט, ווי בא א מענטשן, וואָס זײַנער א לאנגאָניקער פארלאנג איז ענדלעך מעקוייעם געוואָרן.

8

אין א וואָך ארום, פארנאכט, האָט ארנאָ זיך ארײַנגעשטעלט צו די גרינבוימס. אין שטוב איז געווען איין סעמיאָן יעווסייעוויטש. דעם אומגעריכטן גאסט האָט ער באגעגנט קאלטלעך.

— מאכטייסע, זיצט.

— ווו איז שלימע סאמויִלאָוונע?

— סײַדן זי טאקע דארפט איר?

— ס׳הייסט, ניין, ס׳הייסט, יאָ...

אַף די ווערטער איז אָנגעקומען די באלעבאָסטע מיט א פולן קויש — פון מאגאזין.

— זע נאָר, סארא גאסט! — האָט זי א פליעסקע געטאָן מיט די הענט. — ווו זשע איז מארלענאָטשקע? זי ווייסט? באלד מאך איך וועטשערע...

— מע דארף גאָרניט, — האָט געזאָגט ארנאָ. — ווו איז מארלענע?

— בא א שכיינע, — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייעוויטש. — באלד וועט זי ארײַנקומען.

אין א וואָכעדיקן כאלאטל, די האָר ווי־ניט־איז צונויפגענומען אפן קאָפּ, האָט זיך באוויזן אפן שוועל מארלענע.

— אוי, ארנאָ? — האָט זי מיט כידעש אויסגערופן. — ווען ביסטו געקומען?

— הײַנט.

— פארוואָס ניט אָנגעקלונגען?

— געוואָלט מאכן א סורפריז.

— אַף לאנג?

— אַף עטלעכע טעג.

— באלד טו איך זיך איבער, — און זי איז פארשוווּנדן אין איר צימער.

ווען זיי זײַנען שוין געווען אין גאס און ער האָט שטײַף זי גענומען אונטער דער האנט, האָט זי — ער איז העכער פון איר — פארהויבן צו אים דעם קאָפּ:

— בעעמעס, וואָס ביסטו פלוצעם געקומען?

— ניט צופרידן?

— וואָס רעדסטו! נאָר ביסט דאָך אַף דער ארבעט.

— זיך אָפּגעבעטן. פארבענקט... און דו?

— ס'איז דאָך שוין געבליבן ניט לאנג.
— יעדער טאָג — א יאָר...
שפּאַצירנדיק, זײַנען זיי צוגעקומען צום צענטראַלן האָטעל באַם אָנהייב פון דער שאָלעם־אַלייכעם־גאַס.
— ווייסט, — האָט ער געזאָגט, — כ'האָב זיך דאָ אָפּגעשטעלט.
— דאָ?
— יאָ. א גוטער צימער. ווילסט, לאָמיר אַרײַנגיין.
— ניין, — האָט זי געזאָגט.
זיי זײַנען אוועק ווײַטער. מע האָט נאָך לאנג שפּאַצירט אַרויף־ און אַראָפּ־גאַס און ווידער זיך אָפּגעשטעלט בײַ די ברייטע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט אין העל־באַלויכטענעם האָטעל.
— בײַ מיר איז א פּרעכטיקער צימער אויפן דריטן שטאָק, — האָט ער גע־זאָגט. — קום אַרײַן.
— ניין.
— פאַרוואָס?
— אַזוי.
ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר:
— מאַרלענע, טײַערע... אין דרײַ וואָכן אַרום דאָך... סײַווי...
— דעמלט.
— און איצט?
— ניט. דעמלט, — האָט זי איבערגעכאַזוערט שטרענג און געזאָגט: — פיר מיך אַהיים.
— האָסט מיך ניט ליב, — האָט ער געזאָגט, ווען ער האָט זי צוגעפירט צו דער שטוב.
— ניין, דאָס האָסטו מיך ניט ליב.
— פאַרוואָס?
— איך וועל ניט שטעלן זיך דערקלערן. פאַרשטיי אַליין.
זיי האָבן אָפּגערעדט, אז מאָרגן אין אָוונט גייען זיי אין פּאַרק.
אויף מאָרגן איז ער נאָך איר געקומען. זי איז שוין געווען גרייט. א קורץ ווײַס קליידל, א שניי־ווײַס קאָפּטל מיט קורצע אַרבל, בלאַנקענדיק ווײַסע טופּ־ליעס, די העל־בלאָנדע האָר פאַרנומען, ווי א קרוין, איבערן קאָפּ.
זיי זײַנען שוין געשטאַנען אין טיר צום אַרויסגיין, האָט שלימע סאַמויִלאָוונע געזאָגט:
— זעט נאָר, קינדער, ניט שפּעט. מיר וועלן וואַרטן.
— די באָבע מיינט, איך גיי נאָך אַלץ אין קינדערגאָרטן, — האָט מאַרלענע זיך צעלאַכט.
ווען הינטער זיי האָט זיך פאַרמאַכט די טיר, איז די באָבע צו צום פענצטער. זי האָט גערופן דעם זיידן אויך:
— קום אַהער א ווײַלע... געווגוג שוין צו שטעקן די נאָז אין גאַזעט. זע, ווי די קינדער גייען. ביידע שיין, ווי די וועלט. אויף אונדז אַזאַ יאָר!
דער זיידע האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.
— וואָס ביסטו אַזוי פאַרומערט? — האָט, אָפּגייענדיק פון פענצטער, געפרעגט די באָבע. — אינגיכן שוין די כאַסענע... מע קאָן מיינען, דו ווילסט ניט, מאַרלע־נאָטשקע זאָל זײַן גליקלעך...
— אין דעם גייט דאָך, — האָט ער געענטפערט, — וואָס דאָס דאַפקע וויל איך יאָ, — און ער האָט ווידער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אין צײַטונג.

מארלענע און ארנאַ זײַנען פֿארבײַגעגאנגען דעם שפּיטאָל, ווו זי האָט געאַר־בעט. די פֿענצטער אף אלע דרײַ שטאָקן פֿון דער גרויסער געבײַדע האָבן העל געלויכטן.

— הײַנט איז געווען מײַן ריי באנאכט צו דעזשורען, — האָט געזאָגט מאַר־לענע, — האָב איך זיך געביטן, איך וועל דעזשורען א צווייט מאָל, צוליב דיר...

— א דאנק! — האָט ארנאָ איר א דריק געטאָן די האנט, וועלכע ער האָט פֿעסט געהאלטן אין זײַן אָרעם. מע איז פֿארבײַגעגאנגען דעם אוניווערמאג, דאָס קול־טור־הויז מיט די היפּשע קאָלאָנעס. אינגיכן זײַנען זיי געשטאנען באַם האָטעל. אפֿן ערשטן שטאָק האָט א דורכזיכטיקע גלעזערנע וואנט אָפּגעטיילט פֿון דער גאס אקוראט פֿאנאנדערגעשטעלטע שיין געדעקטע טישלעך מיט מענטשן ארום זיי. פֿון גאס האָט מען אָנגעזען, ווי אין דער טיף פֿון זאל שאָקלט מען זיך אין א מאָדערנעם טאנץ. א צוגעטויבטע האָט זיך דערטראָגן אהער די מוזיק.

— מירן ארײַנגיין? — האָט געפֿרעגט ארנאָ.

— מיר גייען דאָך אין פּארק.

— נאָר לאָמיר פֿריִער דאָ א ביסל זיצן, א טאנץ טאָן. דערנאָך אין פּארק, האָ?

מארלענע האָט זיך געוואקלט. עס האָט זי אויך א ציִ געטאָן אהער, אין אָט דער העלער יאָמטעוודיקײַט. מוזיק. טענץ. מיט ארנאָ. פֿארוואָס ניט?

— ניין, — האָט זי אָבער געענטפֿערט, — אין פּארק איז איצט בעסער. און וועלן מיר ארײַן אהער, וועלן מיר שוין אהין ניט טרעפֿן.

— ווי דו ווילסט, — האָט ער ניט גאָר צופֿרידן א מאַך געטאָן, און זיי האָבן פֿארקערעוועט פֿונעם האָטעל אף רעכטס, פֿארבײַ די אלטע גרין־אָפּגעפֿארבטע געבײַען פֿון דער קולטור־אופקלער־שול, איבערוואַרטנדיק, ביז עס זײַנען דורך עטלעכע לאסטמאשינעס, אריבערגעשפּאנט דעם וועג און ארוף אפֿן ברייטן שטעג, וואָס האָט געפֿירט אין פּארק. מארלענע געדענקט, — זי איז נאָך דעמלט געווען א קינד, — ווען דער ארײַנגאנג אין פּארק איז געווען ניט דאָ — עטוואָס ווײַטער, פֿון לינקס, איבער א לענגלעכער הילצערנער בריק, וואָס האָט זיך געוואקלט אונטער די פֿיס. די בריק האָט מען אראָפּגענומען, די וואסער אונטער איר האָט אויסגעטריקנט, און דאָס אָרט איז איצט ניט צו דערקענען — פֿארוואקסן מיט גראָז, מיט קוסטעס, מיט א צענדליק יונגע בערעזקעס.

נאָך נעכטן האָט מארלענע באשלאָסן — זי מוז זײַן מיט ארנאָ אין פּארק. ערשטנס, האָט זי נאָכן פּארק זיך פֿארבענקט, שוין לאנג ניט געווען דאָ, ניט אויסגעקומען. צווייטנס, וויל זי אים באווײַזן דאָ אייניקע ערטער, וואָס זײַנען איר טײַער, זיי דערמאָנען איר די קינדהײַט, די יוגנט.

זיי זײַנען ארײַן אונטער די געדיכטע הויכע קרוינען פֿון די אלטע פּארק־ביימער.

— די געשיכטע פֿון אָט דעם פּארק ווייסטו כאָטש? — האָט געפֿרעגט מאַר־לענע.

— דערצייל, וועל איך וויסן.

— דיר איז עס אינטערעסאנט?

— פֿארוואָס ניט?

— איז אָט: דאָס האָט מיר דער זיידע דערציילט. ווייסט, ער איז דאָך דאָ איינער פֿון די ערשטע איבערוואנדערער געווען, פֿון די סאַמע ערשטע. ווען זיי זײַנען געקומען אהער, האָבן זיי אומעטום געטראָפֿן דאָ אזעלכע ביימער, ווי אָט די — טײַגע. אפֿן אָרט, ווו עס שטייט איצט די שטאָט, איז געווען דורכויס טײַגע. האָבן זיי גענומען זי אויסהאקן און שטעלן הײַזער, פֿארשטייט זיך, ניט אזעלכע, ווי איצט, — הילצערנע. ווען מע איז צוגעקומען צו אָט דעם אָרט בא דער בירע, האָט זיך עמעצער פֿון יענע ערשטע דערטראכט: לאָמיר איבערלאָזן, — האָבן זיי

געזאָגט, — א שטיק טײַגע, ווי עס שטייט און גייט, און זאָלן די שפּעטערדיקע דורות, — דאָס הייסט, מיר מיט דיר, ארנאָ, און נאָך ווײַטער אויך, — האָבן א פאָרשטעלונג וועגן דעם, וואָס דאָ איז געווען אמאָל. אזוי האָט מען דאָ געמאכט א פּארק.

— ציקאווע, — האָט באַמערקט ארנאָ. — נאָר דו מיינסט טאקע, אז דער זיידע דײַנער און די אנדערע מיט אים האָבן אזוי שטארק זיך געסטאַרעט פון־אונדזערט־וועגן, פאר מיר מיט דיר?

— ווי זשע?

— נארישינקע, יעדערער סטארעט זיך, קוידעמקאָל, פאר זיך.

— וואָס הייסט?

— אָט אזוי: פאר זיך אליין און מער פאר קיינעם.

— אָבער אָט די מענטשן האָבן געליטן אזויפיל שוועריקייטן און דאָך געאַר־בעט, געבויט...

— פאר זיך. אלץ פאר זיך.

— נאָר מיר מיט דיר באנוצן זיך דאָך דערמיט, וואָס זיי האָבן אופגעטאָן...

— פארוואָס ניט, אויב ס'איז שוין דאָ? נאָר גלייב מיר, ווייניקער פאר אלץ האָבן זיי אין זינען געהאט אונדז...

— ארנאָ, רעדסט זייער מאָדנע. מיר איז אפילע שווער דיר צו דערווידערן, אזוי אומגעריכט איז פאר מיר אלץ, וואָס דו זאָגסט...

— און מע דארף ניט דערווידערן, טײַערינקע, — האָט ער זי א גלעט געטאָן איבער דער האנט, — מע דארף ניט. ווײַז מיר בעסער, וואָס דו האָסט מיר גע־וואָלט, האָסטו געזאָגט, באווײַזן.

זיי האָבן פארקערעוועט צום קינדער־פּלאַץ. דאָ איז געווען טונקל, נאָר ס'האָבן זיך אָנגעזען די קליינע שטיבעלעך, די פארקײַלעכיקטע קעסטלעך צום וויגן זיך, די הוידלקעס.

אף איין הוידלקע האָט מארלענע שטיפעריש זיך צוגעזעצט און אָנגעוויזן ארנאָ אף דער צווייטער באנאנד.

— זעץ זיך, האָב ניט מוירע, וועסט ניט אראָפּפאלן... ווען כ'בין געווען א קינד, האָב איך זייער ליב געהאט זיך דאָ צו הוידען... — פלוצעם האָט זי זיך א בייג געטאָן אָן א זײַט: — וואלעריק! וואלעריק... — און באלד א נייג אף צו־ריק. — ס'האָט זיך מיר אויסגעדאכט. פונוואנעט האָט דאָ פלוצעם זיך געקאָנט נעמען וואלעריק?

— ווער איז עס אָט דער וואלעריק? — האָט ניט צופרידן א פרעג געטאָן אר־נאָ. — ניט יענער, דער בריגאדיר, וואָס לייענט כיקמעטן?

— ניין, — האָט מארלענע זיך צעלאכט, — יענער הייסט גאָר ארקאדי. און דאָס איז — וואלעריק. מיר זײַנען געגאנגען מיט אים אמאָל אין איין קינדער־גאָרטן. ווייסט, זומער פלעגט אונדז די דערציִערן אלע טאָג פירן אהער, אף אָט דעם קינדער־פּלאַץ, דאָ האָבן מיר זייער גוט פארבראכט. איינמאָל האָבן צוויי כעוורעלײַט מיך פארפירט אין יענעם ווינקל אונטער די ביימער, קיינער זאָל ניט זען, און א כאפּ געטאָן פאר די צעפּלעך. בא מיר זײַנען געווען לאנגע צעפּ־לעך מיט בלויע באנטן. איז אָט — איינער רײַסט צו זיך, אין איין זײַט, דער צווייטער — אין דער אנדערער, און מע לאכט, מע פארגייט זיך. איך שרײַ: לאָזט אָפּ, ס'טוט וויי... און זיי רײַסן... דאָ האָט ווי פון אונטער דער ערד זיך באוויזן וואלעריק. ער איז געווען קלענער פון אָט די יִינגלעך, נאָר ער האָט זיך אזוי א וואָרף געטאָן אף זיי — ניט מוירע געהאט, — אז זיי האָבן גענומען שטעלן פּיס. די מאמע האָט מיר נאָכדעם געזאָגט: „וואלעריק איז א ווילער, טו אים א קוש"...

— און דו האָסט אים א קוש געטאָן?

— פאַרשטייט זיך.
ארנאַ האָט זיך צוגענייגט מיט דער באַק:
— טו מיך אויך א קוש.
— און דיך — פאַרוואָס?
— גלאַט אזוי.
— גלאַט אזוי קושט מען ניט, — האָט זי א מאַך געטאָן מיט א פינגער.
— נו, וועל איך קושן דיך!..
זי איז אראָפּ פון דער הוידלקע.
— ארנאַ!..
— וואָס „ארנאַ"?
— זײַ ניט קיין ווילדער! בארויִק זיך... קום, וועל איך דיר ווײַזן די בירע.
— ווילסט מיך אָפּקילן מיט איר?
— איך וויל דיר ווײַזן, ווי שיין דער טײַך איז אין אָוונט. ווען מיר האָבן פאַרענדיקט דעם צענטן קלאַס, זײַנען מיר נאָכן ארויסלאָז־אָוונט, דער גאַנצער קלאַס, געקומען אהער, צו דער בירע. מע איז געקומען אויך פון אנדערע שולן. אלע צוזאַמען האָבן מיר דאָ באַגעגנט דעם זון־אויפגאַנג...
זיי זײַנען אוועקגעגאַנגען אף רעכטס, אין דער ריכטונג צו דער לאַנגער אלייע פון רום, ווו איינס קעגן אנדערן זײַנען געהאַנגען היפּשע לײַוונטן — פּאָרטרעטן פון כאָשעווע מענטשן — העלדן פון מי. צווישן דעם קינדער־פּלאַץ און דער העל באַלויכטענער אלייע פון רום האָט זיך געצויגן א ווילדלעכער טייל פּאַרק. דאָ איז געווען פינצטער, די ביימער האָבן זיך נידעריק צונויפגעפּלאָכטן מיט די קרוינען איבערן קאָפּ, פון די זײַטן — געדיכטע קוסטעס. קיין מענטשן האָט מען דאָ ניט געזען.
מאַרלענע האָט גענומען ארנאַ אונטער דער האַנט.
— קום גיכער, — האָט זי געזאָגט, — דאָ איז עפּעס אומהיימלעך.
— ביסט א פּאַכדנטע? — האָט ער א לאַך געטאָן. — קום, קום גיכער... ווו איז ער, דער טײַך?
זיי האָבן געמאַכט נאָך עטלעכע שפּאַן.
— צורייכערן פאַראַן?
וואָס איז עס? ארום — פינצטער. די פינצטערניש האָט אין איין אָרט נאָך מער זיך צונויפגעפּרעסט, אָנגענומען די קאָנטורן פון א פיגור, זיך צוגערוקט, איבער־געכאַזערט:
— גיב צורייכערן...
וואָס איז עס? ארנאָס האַנט איז פון אונטער אירער ניט געוואָרן. בא דער זײַט — קיל, פּוסט. ווו איז ארנאַ? די פרעמדע פיגור, א צונויפגעפּרעסטע פון דער ארומיקער פינצטערניש, רירט זיך פון אָרט ניט, הינטער איר נאָך, דאַכט זיך, איינער, צוויי? עפּשער זײַנען עס ביימער? ניין... קוסטעס? מאָדנע, מיטאַמאָל האָט זי דערפילט אין זיך א שטײַפקײַט. רויִק:
— כעוורע, מע דאַרף ניט... גייט אײַך אײַער וועגס. — אזוי באַדאַכט האָט זי עס א זאָג געטאָן. עס וואָלט געווירקט. געוויס געווירקט. די ערשטע טונקעלע פיגור האָט זיך א רוק געטאָן נענטער. די אנדערע צוויי אויך. אף איר האָט געדיכט א טראָג געטאָן מיטן גערוך פון בראַנפן. עס האָט זי ארומגעכאַפּט א שרעק. ווו איז ארנאַ? לויפן, לויפן! — אין מויעך האָט דורכגעבליצט: — ס'וועט זײַן ערגער.
— כעוורע... — אין דער ארומיקער פינצטערניש האָט ציטעריק געבלאָסט איר ווײַס קאָפּטל מיט די קורצע ארבל.
די פינצטערניש האָט באַקומען לאָשן:
— ליאָכאַ... סאַשאָק... געהערט?

צו איר:
— דער טשוואק דײַנער — ווו? אנטרונען? ניטאָ בא אים קיין פּײַער אף געבן צורייכערן?.. ווערסטו אונדז געבן... דו... — ניט איינער פון זיי — אליין די פינצטערניש האָט ביז ווייטעק זיך אײַנגעקלעמט אין איר האנט, א שלעפּ געטאָן אין א זײַט, אין די קוסטעס. זי איז שיר ניט געפאלן. שרײַען האָט זי געוואָלט — ניט געקענט... פארגליווערט געוואָרן איז אלץ אין איר, נאָר דאָס הארץ האָט ביז ארויסשפּרינגען געקלאפּט, געפלאטערט... און איין געדאנק: ווו איז ארנאָ?..
— שטייט, פּאדלעס!!!
דער, וואָס האָט זי געשלעפּט, האָט פאר איבערראשונג ארויסגעלאָזט איר האנט.
— זעט נאָר, איר טשוואק האָט זיך אומגעקערט!
— ער האָט געבראכט צו פארייכערן, כא־כא...
— נו, קום אהער, נעענטער, נעענטער... באווײַז דײַן פּײַער, באווײַז...
— ליאָכא, סאשאָק! ניט איר טשוואק איז עס...
— ווער זשע?
— יענער איז געוועזן אָן א באָרד, כ'האָב גוט געזען, דער — מיט. וואָס דארפסטו דאָ, באָרד?
— ס'איז מײַן טשוויכע. לאָזט זי אָפּ!..
— ליאָכא, סאשאָק! געהערט, וואָס די באָרד זאָגט? זײַן טשוויכע... איר טשוואק האָט זיך אָפּגעטראָגן, הערסט? טראָג זיך אויך אָפּ, ביז די באָרד איז בא דיר גאנץ...
מארלענע האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. וואלעריק? פּונוואנעט האָט ער דאָ זיך גענומען? און ווו איז ארנאָ? און פּונוואנעט — וואלעריק?
— לאָזט אָפּ די טשוויכע, — האָט ער געזאָגט מיט א דראָונג אין קאָל.
— און אויב ניט?
— אויב ניט, ווערסטו זען...
— אָהאָ! ליאָכא, סאשאָק, אנו... — און אליין — צו מארלענען. די באָרד האָט זיך א שטעל געטאָן צווישן אים און איר.
— לויף, מארלענע! — ער האָט איבערגעכאפּט דעם פויסט, וואָס האָט געצילט אין אים, און מיט זײַן לאנגער האנט דערלאנגט דעם פינצטערן פארשוין אין קין...

מארלענע איז געלאָפן. מיט אלע קויכעס איז זי געלאָפן איבער דער ליכטיקער, לאנגער אלייע. זי איז ניט אנטלאָפן, — ניין! געלאָפן נאָך הילף. וואלעריק — פּונוואנעט האָט ער זיך גענומען? — האָט זיך דאָרט געשלאָגן מיט דרײַען. איינער קעגן דרײַ... און ארנאָ? ניטאָ. אנטרונען ארנאָ...
פון ביידע זײַטן האָבן צוגעקוקט, ווי זי לויפט, אומבאוועגלעכע פּאָרטרעטן, — קיין מענטשן זײַנען אין אָט דער שפּעטער שאָ דאָ ניט געווען. דאָ איז ליכטיק, אלץ פארגאָסן מיט שײַן. און דאָרט, מיט עטלעכע שפּאן ווײַטער — פינצטער. איינער שלאָגט זיך דאָרט קעגן דרײַ...
זי איז געלאָפן צום באלויכטענעם צענטער פון פּארק.
— צו הילף! צו הילף! — האָט ניט מיט איר קאָל געשרי׳ען מארלענע.

אליין די פינצטערניש האָט, דאכט זיך, ארויסגעגעבן פון זיך אָט די פאר־דומפּענע קלאנגען.
— ערן! ערן! — ווי בא האקן האָלץ. דאָ האָט מען געהאקט מיט פויסטן איבער ברוסטקאסטנס, ריפּן. וואלערי האָט שוין געהאט אזוינס אף סאכאלין. און ביז

סאכאלין... ס׳איז פאר אים ניט געווען קיין נאָווינע. אַף סאכאלין האָבן אים די ארבעטער פונעם פיש־קאָמבינאַט געראַטעוועט. און דאָ? ווו איז מארלענע? אבי זי איז גאַנץ... אבי... טראַך! — איינער, וועלכן ער האָט ערשט אומגעוואַלגערט, האָט זיך אויפגעהויבן, האָט ער אים דערלאַנגט נאָכאַמאָל... דעם אַנדערן פון רעכטס — אויך. דער דריטער האָט אים א האַק געטאָן אין בויך. אין דער זײַט... פינצטער. פון די אויגן — פונקען... די ליפּן צעהאַקט, בלוט... אבי ניט פאלן... נאָר ניט פאלן... פאלט ער, וועלן זיי אים צעטרעטן מיט די פיס. ער ווייסט עס. טראַך! טראַך! — איינעם, א צווייטן. דער דריטער ווו איז? ער פארגייט, דוכט זיך, פון רוקן?

אין דער רעגע, וואָס וואַלערי קראַס האָט זיך אומגעקוקט אַף צוריק, האָבן די צוויי אים דערלאַנגט מיט די פויסטן אין קאָפּ, אין דער זײַט. איינער האָט אויפגעהויבן א פוס, געצילט אים אין דער דיך... וואַלערי האָט בליץ־שנעל א שפּרונג געטאָן אַף צוריק מיט ביידע פויסטן אויסגעשטרעקט פאָרויס, נאָר... נאָר וואָס איז עס? א ווייטעק אין רוקן... שאַרפס, שאַרפס... נאָך... נאָכאַמאָל... ער האָט פּאַמעלעך א קער געטאָן דעם קאָפּ אַף צוריק און, ווי אַן אונטערגעשניטע־נער, א פאַל געטאָן אַפן בויך. דאָס לעצטע, וואָס ער האָט געהערט, — טופּענדיקע, זיך דערווײַטערנדיקע טריט... און, דאכט זיך, נאָך טריט, וואָס האָבן זיך דער־נעענטערט... נאָר זיי האָט אײַנגעשלונגען א פינצטערניש...

— אָט דאָ איז עס, דאָ, — האָט געזאָגט מארלענע.

— ווו? מע זעט גאָרניט.

זי האָט געבראַכט אהער צוויי דרוזשיניקעס. די האַנט־לאַמטערנדלעך האָבן א שאַר געטאָן איבער די קוסטעס, איבערן גראָז.

קיינער. שטיל.

צוויי ליכט־שטראַלן האָבן מיטאמאָל זיך איבערגעקרייצט אַף ווײַסן. ווײַסן און רויטן... מע האָט זיך אָנגעבויגן. אין גראָז איז געלעגן א מענטש אַפן בויך, איין פוס אונטערגעבויגן אונטער זיך, ווי ער זאָל זיך געווען פּרוּוון אופהייבן... דאָס ווײַסע העמדל אַפן רוקן מיט א רויטן פלעק. דער פלעק צעוואַקסט זיך...

— וואַלעריק! — האָט אויסגעשריִען מארלענע און איז א פאַל געטאָן אַף די קני לעבן אים. מיט די הענט האָט זי פארשטעלט דאָס פּאָנעם און זיך צעוויינט.

געוויינט האָט זי אזוי אַן אייביקײַט... ווען זי האָט אַפּגענומען די הענט פונעם פּאָנעם און זיך ארומגעקוקט, האָט זי דערזען בלויז איין דרוזשיניק. ער האָט געענטפערט אַף איר שטומער פראַגע:

— קלינגען אוועק. מיליציע, גיכע הילף...

זי האָט זיך א כאַפּ געטאָן: פארוואָס טוט זי גאָרניט? יעדער מינוט איז דאָך טײַער... דעם דויפעק... איין האַנט איז בא אים געווען ארונטערגעבומען אונטער זיך, די צווייטע אַפּגעוואָרפן אין א זײַט. פּאַמעלעך האָט זי אופגעהויבן אַפן דרו־זשיניק די אויגן. זיי האָבן א לויכט געטאָן בא איר אין דער פינצטער:

— ער לעבט... דער דויפעק מערקט זיך. ער לעבט...

אין עטלעכע מינוט ארום האָבן זיך באוויזן מיליציאָנערן. די מאשין פון „גיכער הילף" האָט ניט געקענט צופאָרן אהער. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט עטוואָס ווײַטער אין דער ליכטיקער אַלייע. א מיליציאָנער און ביידע דרוזשיניקעס האָבן פאָרזיכטיק אופגעהויבן וואַלערין, אוועקגעטראָגן.

— ווער פאָרט מיט? — האָט געפרעגט דער דאָקטער.

— איך, — האָט געענטפערט מארלענע.

דאָס טראָגבעטל מיט וואַלערין האָט מען ארײַנגעשטעלט אין מאשין. אָנגע־בויגן דעם קאָפּ, האָט זי אויך אהין זיך ארײַנגעזעצט. דעם גאַנצן וועג האָט מארלענע געהאַלטן וואַלעריס האַנט אין אירער.

## 9

אין זאַל איז געווען אָנגערייכערט, א בלויער וואָלקן האָט שיקערלעך געוויגט זיך איבער שיקערע קעפּ. קאָפּ אף קאָפּ. ווען ארנאָ איז אַרײַנגעקומען, האָט ער מיט שוועריקײַט אָפּגעזוכט דאָס דאָזיקע אָרט באַם טישל, בא וועלכן עס זיצן צוויי באָכערימלעך און א מיידל. ביידע, צו זען, פאַרקאָכט אין איר, און זי קאָקעטירט אָט מיט איינעם, אָט מיטן אנדערן. טאַנצן גייט מען אַלע צוזאַמען. אָט טאַנצן זיי דאָרט אינמיטן זאַל. מע דרייט זיך, מע ברעכט זיך איבער אף דער העלפט, מע שאָקלט זיך איינס קעגן אנדערן. צוזאַמען מיט זיי ברעכן זיך און שאָקלען זיך דאָרט נאָך א פּאָר צענדליק אַזעלכע יונגע כעווערלײַט. דער ניט גרויסער דזשאַז־אָרקעסטער הילכט, ליאַרעמט, פאַרטויבט אַלץ מיט זײַנע גוואַלדעווענדיקע קלאַנגען, פאַרשטאַרקטע דורכן מיקראָפאָן. זאָל ער דונערן, דער אָרקעסטער, שטאַרקער, פאַרטויבן דאָס, וואָס עס טוט זיך בא אים, ארנאָ, אינווייניק. אָפּגעריסענע שטיקלעך געדאַנקען, אָפּגעריסענע שטיקלעך געפילן... אָט קומען זיי אוף, אנטרינען, קריכן ווידער פון ערגעץ ארויס, ברעכן זיך, שאָקלען זיך, דרייען זיך, ווי אָט די טאַנצנדיקע פּאָרן. א יעראַלאַש! ער לייגט אוועק איין ניט־דערייכערטע סיגאַרעט, פאַרייכערט א צווייטע. אַלץ ארום זעט ער דורך די בלויע פּאַסמעס פונעם סיגאַרעטן־רויך.

פון א ניט גרויסן אף העלפט שוין אויסגעליידיקטן גראַפין האָט ער אָנגעגאָסן אין קעלישעקל קאָניאַק, געהאַלטן עס א ביסל אין האַנט, קוקנדיק, ווי קעגן ליכט מינעט זיך די העל־ברוינע פליסיקײַט, אויסגעטרונקען און גענומען זיך צום סאַלאַט.

ווי קומט ער איצט אהער? וווּהין דען האָט ער געזאָלט גיין? שלאָפן איז נאָך געווען פרי, און סײַווי וואָלט ער איצט ניט אײַנגעשלאָפן. איז ער אַרײַן אהער, א ביסל זיצן. ווי אַלץ אין לעבן איז פונדעסטוועגן אומזיכער, וואַקלענדיק, וויגט זיך, ברעכט זיך, שאָקלט זיך, איז ניט שטאַנדהאַפטיק, ווי דער טאַנץ, וואָס אָט די יונגע טאַנצן דאָרט. זאָל ער אויך גיין טאַנצן? ווען זי פאָלגט אים, וואָלט דאָך אַלץ געווען אנדערש. ער האָט דאָך איר גלײַך פון אָנהייב געהאַט פאָרגעלייגט אַרײַנגיין אהער, אין רעסטאָראַן. מע וואָלט געזעסן א ביסל, געטאַנצט. דערנאָך... דערנאָך וואָלט מען זיך אופגעהויבן צו אים אין צימער אפן דריטן שטאָק. נעכטן האָט זי ניט געוואָלט. א קאַפּריז. הײַנט נאָכן רעסטאָראַן וואָלט זי אײַנגעגאַנגען, וואָס זשע? און... און אַלץ וואָלט געווען, ווי ס׳באַדאַרף זײַן... דרײַ וואָכן דאָך ביז דער כאַסענע. איז ניין, איר האָט זיך פאַרוואָלט אין פאַרק. צו וואָס האָט זי עס געדאַרפט? דערציילן אים די געשיכטע, פונוואַנעט דער פאַרק האָט זיך גענומען? עס גייט אים שטאַרק אָן. א מײַסע מיטן זיידן, מיט ערשטע איבערוואַנדערער, טײַגע... באָבעמײַסעס! וועמען קאָן עס איצט אינטערעסירן? און וואָס איז עס פאַר א מאָדנע אײַנפירעכץ — אָט יענע, די ערשטע, וואָס האָבן דאָ געבויט יישוּוים, שטעט, פאָרשטעלן ווי עפּעס העלדן, וואָס האָבן קלוימערשט געזאָרגט וועגן עמעצנס צוקונפט? נאַרישקײַטן! זיי האָט פּאָשעט ניט געקלעקט קיין סייכל צי קיין פייִקײַטן צו פאַרבלײַבן אף די אַלטע טײַערע ערטער — האָט זיי אוועקגעטראָגן אהער, אין אָט דער ווילדעניש. בויען נײַע שטעט... זי וועט אים ווײַזן דעם קינדער־פּלאַץ, ווו עמעצער האָט זי אמאָל געריסן בא די צעפּלעך. זי וועט אים ווײַזן דעם טײַך, ווו זיי האָבן באַגעגנט דעם זון־אופגאַנג... סענטימענטן. נאָר זי האָט געוואָלט, איז ער געגאַנגען. געטראַכט דערבײַ, זיי וועלן א ביסל א שטיי טאָן באַם טײַך און — אהער, אין רעסטאָראַן. דערנאָך — אַלץ, ווי ער האָט אויסגערעכנט. פּלוצעם: „צורייכערן פאַראַן?״ פונוואַנעט האָט זיך עס גענומען? ער ווייסט, מיט וואָס אַזא פראַגע שמעקט. זיך אָנגעהערט... דו דערלאַנגסט א שוועבעלע, און דיר דערלאַנגט מען דערווײַל איבערן קאָפּ מיט אַן

איַיזן... ניט באוויזן האָט ער נאָך באַגריַיפן דאָס געשעענע, ווי די פּיס אַליין פון זיך האָבן אים א טראָג געטאָן פון יענעם אָרט. דאָס האַרץ האָט זיך געוואָרפן, אָט פאַלט עס אַרויס... קוסטעס האָבן געדראַפּעט די הענט, א צוויַיג האָט אים א שמיץ געטאָן אין פּאָנעם. אָט איז דער קינדער־פּלאַץ, ווו ערשט זיַינען זיי אַזוי רויִק געזעסן. ער איז געלאָפן וויַיטער. שוין באַם אַרויסגאַנג פון פּאַרק זיך א וויַילע אָפּגעשטעלט, איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און א טראַכט געטאָן: מאַרלענע... אין אָט די געפערלעכע מינוטן, ווען ער איז געלאָפן אַהער, איז זי אים אינגאַנצן אַרויס פון קאָפּ. איצט, ווען פאַר אים איז די געפאַר, דאַכט זיך, אַריבער, האָט ער זיך דערמאָנט וועגן איר. זי איז געבליבן דאָרט, אַליין... נאָר ער האָט דאָך איר געזאָגט: „לויף!״ ער האָט געוווּסט, אַז ער האָט איר גאָרניט געזאָגט, ניט באַוויזן צו זאָגן, נאָר ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר אָט דעם געדאַנק: געזאָגט. און אַזוי האָט זי געטאָן. וואָס זשע, זי וועט וואַרטן? ער האָט זיך איַינגעקוקט: עפּעס זעט מען זי ניט? מיסטאָמע אַוועק אין אַן אַנדער זיַיט. ער האָט נאָך א וויַילע צוגעוואַרט און געלאָזט זיך צום אַרויסגאַנג פון פּאַרק.

עפּשער אָנקלינגען אין מיליציע? — האָט זיך א באָבֿרע געטאָן באַ אים א געדאַנק, נאָר ער האָט אים באַלד פאַרטריבן. וואָס וועט ער זיי זאָגן? ווו איז עס געשען און וואָס איז געשען? עפּשער איז גאָר גאָרנישט געשען? און ווו איז ער געווען? ניין, בעסער זיך ניט אָנהייבן.

מאַרלענע? זי איז שוין געוויס אין דער היים. ניט אָנגענעם, פאַרשטייט זיך, נאָר נישקאָשע. ס׳וועט זיַין אין אָרדענונג.

מיט די דאָזיקע געדאַנקען איז ער צוגעקומען צום האָטעל און, איידער זיך אופהייבן צו זיך אין צימער אויפן דריטן שטאָק, אַריַין אין רעסטאָראַן.

דער אָרקעסטער איז אַנשוויגן געוואָרן, די טענץ האָבן זיך איבערגעריסן, און דאָס יונגע דריַילינג האָט זיך אומגעקערט צום טישל. די פענעמער — אין שוויַיס. דער אויסזען — א צופרידענער, מע האָט אָפּגעטאָן אַן אַרבעט און מע מעג זיך אָפּרוען. דאָס מיידל — א יאָר זעכצן, ניט מער. די יינגלעך — אַף א יאָר, אַף צוויי עלטער. די לאַנגע האָר פון ביידע זיַיטן פאַרשטעלן דאָס פּאָנעם אַזוי, אַז מע זעט נאָר אַרויס באַ איר די אויגן, דאָס שפּיצעכיקע נעזל און די אָנגעפאַרבטע ליפּעלעך. פון אַן אָנגעהויבן פּעקל אויפן טיש האָט זי מיט די טונקל אָנגעמאַניקיורטע פינגער אַרויסגענומען א סיגאַרעט, און גליַיך האָבן ביידע קאַ־וואַלערן איר אונטערגעטראָגן זייערע צינד־מאַשינדעלעך. איר סיגאַרעט האָט זי לויט דער ריי צוגעלייגט צו איין פיַיערל, צום צווייטן (דערביַי יעדן איינעם פון די יינגלעך געשאָנקען א שמייכעלע בלויז מיטן בליק) און האָט זיך טיף פאַר־צויגן. דערנאָך האָבן זיי געטרונקען, פאַרביסן מיט וואָס ס׳איז געבליבן אין די טעלער, פוילבלעך געשמועסט וועגן זייערע זאַכן. ווען זיי האָבן נאָכאַמאָל אָנ־געגאָסן די קעלישעקלעך, האָט אַרנאָ אָנגעפילט זיַינס (דער ניט גרויסער גראַפין איז שוין געווען קימאַט ליידיק) און געזאָגט:

— איך בין פאַר איַיך א פרעמדער, נאָר אָט זיצן מיר באַ איין טישל און איר זיַיט מיר זייער אַלע דריַי געפעלן. איר האָט ניט קעגן, וועל איך אויס־טרינקען מיט איַיך?

— ביטע, ביטע! — האָבן געענטפערט ביידע יינגלעך מיטאַמאָל.

— פאַר וואָס זשע וועלן מיר אויסטרינקען? — האָט געפרעגט דאָס מיידל און געוואָרפן א קאָקעטישן בליק אויפן שאָכן.

— איך וויל אויסטרינקען פאַר איַיער יונגקיַיט! — האָט ער געזאָגט.

ווידער האָט א דונער געטאָן די מוזיק. באַ אים איז אופגעקומען א לוסטיקער געדאַנק. וויַיזנדיק מיטן בליק אויפן מיידל, האָט אַרנאָ זיך א נייג געטאָן צו איין יינגל, צום אַנדערן:

— דערלויבט?

ער האָט זיך אופגעהויבן און פארנייגט פארן מיידל, יענע איז גערן אופגע־שפרונגען פון אָרט.

בייסן טאנצן האָבן זיי צוגעצויגן אופמערקזאמקײַט. ער — א הויכער, א שיי־נער, א סאָלידער, און ווארפט ארויס פאָרטעלן, וואָס אזוינס האָט מען נאָך דאָ ניט געזען. זי — א קליינינקע, א ספריטנע, קען אויך די מעלאָכע, שפרינגט אנט־קעגן אים, ווי א ווײזעלע.

ווען דער טאנץ האָט זיך פארענדיקט, האָט ער צוגעפירט דאָס מיידל צום טישל און א זאָג געטאָן צו די ייִנגלעך:

— איך קער אײַך אום אײַער דאמע גאנץ און אומגעשעדיקט.

פארן מיידל האָט ער זיך פארנייגט:

— א דאנק!

דערנאָך האָט ער צוגערופן די אָפיציאַנטקע, זיך פאנאנדערגעצאָלט און פא־מעלעך זיך אופגעהויבן צו זיך אין צימער. דאָ האָט ער גענומען א דוש און אָן אָפגעפרישטער זיך ארונטערגעלייגט אונטער דער דינער זומערדיקער קאָל־דרע. אינגיכן איז ער אײַנגעשלאָפן.

10

די קאפעלניצע שטייט לעבן בעטל אף א הויכן געשטעל. זי איז, דאכט זיך, געוואָרן פאר די לעצטע טעג א טייל פון אים אליין. עס בײַטן זיך די פליסי־קײַטן אין איר, עס בײַט זיך זייער רייעך, קאָליר. ער ווייסט ניט, ווי מע רופט די רעפועס, וואָס מע האלט אין איין ארײַנשפריצן אין אים, נאָר ער פילט, ווי מיט יעדן טראָפּן קומט אים צו לעבן...

דער קאָפּ דרייט זיך א ביסל, ער איז אָפּגעשוואכט, און דאָס הארץ זײַנס איז פול מיט דאנקבארקײַט צו די מענטשן, וואָס גייען דאָ ארום אים, — די דאָקטוי־רים, די שוועסטער, די ניאניעטשקעס. אלע גייען זיי ארום אים מיט אזא אויס־זען, ווי ער זאָל האָבן אָפּגעטאָן פונזייערטוועגן ווער ווייסט וואָס און זיי קומען אים ארויס דערפאר א כויוו, וואָס זיי סטארען זיך אים אָפּצאָלן...

— ווי פילט מען זיך? אלץ אין אָרדענונג?

— יאָ, יאָ, מאשענקע, אלץ איז גוט. א דאנק!

מאשענקע. זי איז א גראָבלעכע, אלץ אין איר איז גראָבלעך — די פיגור, דאָס נעזל, די ליפּן, און דאָך איז זי פול מיט כיין. קיין איין שוועסטער קאָן ניט אזוי, ווי זי, ארײַנשטעכן די נאָדל אין דער וועגע, מע זאָל אפילע ניט דערפילן, אזוי ארומבינדן די האנט, ס׳זאָל אין ערגעץ ניט רײַבן, ניט קוועטשן. אלע צען־פופצן מינוט איז זי לעבן אים.

אמאָל דרעמלט ער אײַן ניט אף לאנג. אָט דאָס מאָל אויך אזוי. ער האָט אײַנגעדרעמלט, און אים האָט עפּעס זיך געכאָלעמט. וואָס? געדענקט ער שוין ניט. ער האָט געעפנט די אויגן, און... וואָס איז עס? דער כאָלעם סײַדן ציט זיך ווײַטער? ער האָט זיך שוין דערמאָנט. אים האָט זיך געכאָלעמט מארלענע. און ווער איז דאָס? ווער שטייט בא דער קאפעלניצע? ער האָט שוואך געעפנט די בלווילעכע ליפּן:

— מארלענע?.. דו?

— איך, איך, — האָט זי זיך צוגעבויגן צו אים. — איך, וואלעריק...

מאָדנע, ער האָט זי נאָך קיינמאָל ניט געזען אין קיין ווײַסן כאלאט, אין אָט דער ווײַסער הויב. ווי זיי קלײדן איר... זי איז אין זיי נאָך שענער ווי געוויינ־לעך...

— מאָדנע...

— וואָס מאָדנע?
— האָסט מיר ערשט־אָ זיך געכאָלעמט, מארלענע...
— יאָ?
— יאָ. דו ביסט א קליינינקע, און איך אויך...
— מיר זײַנען שוין לאנג מיט דיר גרויסע, זייער גרויסע. ווי פילסטו זיך, וואלעריק?
זי האָט געזאָגט — וואלעריק? אזוי רופט זי אים פון שטענדיק אָן. נאָר ניין, איצט איז די אינטאָנאַציע באַם ארויסברענגען זײַן נאָמען אַן אנדערע, יאָ, יאָ, — אַן אנדערע. פריִער האָט „וואלעריק" באַטײַט: „אויך מיר"... „וואלעריק בלײַבט וואלעריק"... „א סאך קאָן מען פאָדערן פון אים?" איצט האָט ער אין איר שטים דערהערט: „אָט אוועלכער דו ביסט גאָר, וואלעריק!" און נאָך האָט זיך אים אויסגעדוכט: צארטקײַט...
— ווי פילסטו זיך?
— איך פיל זיך גוט, — האָט ער שוואך א שמייכל געטאָן און לאנג און טיף ארײַנגעקוקט איר אין די אויגן. זי האָט איר בליק פון זײַנעם ניט אָפּגעווענדט, געזאָגט:
— דארפסט ליגן רויִק. כ'האָב געבראכט א פרישינק ייַכל, די באָבע האָט אָפּגעקאָכט. זאָלסט עס אופעסן. דארפסט זיך אָנעמען מיט קויעך.
זי איז אוועק.
מארלענע האָט געארבעט אפן ערשטן שטאָק, אין טעראפעווטישן אָפּטייל, געארבעט דאָס ערשטע יאָר, און מע האָט איר נאָך ניט זייער געטרויט. די על־טערע דאָקטערן, די שווארצכיינעוודיקע ליודמילע שולימאָוונע, וועלכע האָט אָפּגעארבעט דאָ אין שפיטאָל קנאפּע אָנדערהאלבן צענדליק יאָר, האָט איר צו־מאָל אונטערגעזאָגט, וואָס פארא רעצעפּטן אויסשרײַבן, וואָס פאר א היילונג צושרײַבן. א פאָר מאָל אין וואָך פלעגט זי קומען אין פאלאטע צוזאמען מיט מארלענען. מארלענע האָט זיך זייער געסטארעט. די עלטערע קאָלעגן זײַנען געווען מיט איר צופרידן.
— ס'וועט זײַן א גוטער דאָקטער, — האָבן זיי געזאָגט.
ווי זי זאָל ניט זײַן פארנומען, פלעגט מארלענע עטלעכע מאָל אין טאָג (און ווען ס'איז געווען איר דעזשורסטווע, — אויך באנאכט) זיך אופהייבן אפן צווייטן שטאָק, אין דער כירורגישער אָפּטיילונג, און ארײַנגיין אין דער זיבעטער פּאַ־לאטע, ווו ס'איז געלעגן וואלערי. די פאלאטע איז געווען א היפּשע, נאָר אין איר איז געווען ענג און דושנע, כאָטש די טיר האָט מען די גאנצע צײַט גע־האלטן צעעפנט אין קאָרידאָר ארײַן. וואלערי — דער סאמע שווערער כוילע אין פאלאטע — איז געלעגן בא דער וואנט לינקס, נעענטער צו דער טיר, ער זאָל האָבן מער לופט.
אמאָל פלעגט מארלענע אים טרעפן דרעמלען, איז זי געשטאנען א ווײַלע איבער אים און אף די שפּיץ פינגער ארויסגעגאנגען. ווען ער איז געווען וואך, האָט זי מיט אים זיך דורכגעוואָרפן מיט א פאָר ווערטער (לאנג באומרויִקן אים האָט מען ניט געטאָרט). אלע טאָג פלעגט זי אים ברענגען עפּעס פון דער היים, — א פריש ייַכל, א פערטל אָף, קאָמפּאָט.
— עס, — האָט זי געזאָגט, — ס'האָט די באָבע דיר געשיקט.
— א טעראפּעווט זאָל אזוי גוט היילן א כירורגישן כוילע, — האָבן שמייכ־לענדיק געשמועסט צווישן זיך די אנדערע כאלאָיִם אין פאלאטע. מע האָט דאָ גוט געוווּסט די געשיכטע, וואָס איז פארלאָפן, און געזאָגט האָט מען עס אין גוטן מוט.
אין א טעג צען ארום נאָך דעם, ווי מארלענע האָט געבראכט מיט דער „גיכער הילף" וואלערין אהער אין שפּיטאָל, איז זי געקומען צו אים ניט אליין. אין אַן

ענגלעכן ווײַסן כאַלאַט, אָנגעוואָרפן אױף די ברייטע אַקסלען, איז מיט איר דאָ געשטאַנען אַרקאַדי סאַטאַנאָווסקי. ער האָט אַרומגעכאַפּט מיטן בליק די היפּשע פּאַלאַטע און אָנגעשטעלט אױף מאַרלענען אַ פּאָר פֿרעגנדיקע אויגן: ווהין האָסטו מיך געבראַכט? ווו איז וואַלערי? האָט זי מיט אַ שמייכל אים געוויזן אױפֿן בעטל בײַ דער טיר, לעבן וועלכן זײ זײַנען געשטאַנען. אַרקאַדי האָט אַ קוק געטאָן אױפֿן בעטל, נאָר דעם מענטשן, וואָס איז דאָ געלעגן, ניט אָנגעהויבן צו דערקענען. ניט קיין פּאַטלע, ניט קיין באָרד. די האָר אָפּגעשוירענע ביז צום קאָפּ, שנײַדן זיך נעבעכדיק אַרײַן מיט אַ שמאָל שפּיציקל אינעם הויכלעכן שטערן. אָן אויסגעמאָגערט לענגלעך פּאָנעם, ווי אָן איי, מיט אַ פּאָר טיף אַרײַנגעזעצטע אויגן פֿון אַ שעמעוודיק ייִנגל. די ליניע פֿונעם ניט גרויסן מויל האָט אין זיך עפּעס קינדעריש אומבאַהאָלפֿנס... איז אָט וואָס אָט דער באָכער האָט אויסבאַהאַלטן אונטער דער גאַזלאָנישער באָרד און פּאַטלע, — האָט אַרקאַדי אַ טראַכט געטאָן, — ייִנגלשע שעמעוודיקײַט און קינדערישע אומבאַהאָלפֿנקײַט...

— ווי גייט עס? — האָט ער לײַכט אַרופֿגעלייגט זײַן האַנט אױף וואַלעריס.

— ניט דערקענט? — האָט יענער שלאַבעריק אַ שמייכל געטאָן.

— ניט דערקענט.

— אַן אַנדער מענטש, וואָס?

— אַן אַנדער מענטש.

וואַלערי האָט געפּרוּווט נאָכאַמאָל אַ שמייכל טאָן, נאָר ניט ווילנדיק האָט ער זיך אַ קרים געטאָן פֿון ווייטעק.

— פֿאַרוואָס ביסטו פֿריִער ניט געקומען?

— מע לאָזט דאָך צו דיר ניט אַרײַן, — האָט געענטפֿערט אַרקאַדי. — דאָס מאָל האָט מאַרלענע אויך מיך אַרײַנגעפֿירט אומלעגאַל... — ער האָט זיך צוגעזעצט אױף וואַלעריס בעטל. — איז אָט ווי, — האָט ער אַ זאָג געטאָן שטיל, ווי פֿאַר זיך אַליין.

— וואָס „אָט ווי”? — האָט וואַלערי איבערגעפֿרעגט.

— אָט ווי עס זעט אויס יענער באָכער, וואָס האָט געשטעקט אונטער דײַן גאַזלאָנישער באָרד. כ׳האָב אָבער געוווּסט, געפֿילט — ער שטעקט אין דיר...

— דו האַלטסט, ער איז שוין אַרויסגעקראָכן?

— ווי זשע?

— וואָס קומט אָבער אַרויס? ניט באַוויזן אַרויסקריכן, האָט מען אים דערלאַנגט...

— אָבער — אַרויסגעקראָכן. און ער וועט לעבן!

— דו מיינסט? — האָט געפֿרעגט וואַלערי.

— כ׳בין זיכער.

— וועגן וואָס רעדט איר עס? — האָט געפֿרעגט מאַרלענע. — וואָס פֿאַר אַ באָכער? איך פֿאַרשטיי גאָרניט.

— מאַנצבלען האָבן זייערע סוידעס, — האָט געזאָגט אַרקאַדי און זיך אופֿגעהויבן.

מאַרלענע און אַרקאַדי זײַנען שוין געווען בײַ דער טיר, האָט וואַלערי זיי אַ רוף געטאָן:

— וואַרט אַ ווײַלע...

ביידע האָבן זיי זיך אַ קער געטאָן צו אים:

— וואָס איז?

— איך וויל אױף אײַך ביידן אַ קוק טאָן...

...אַרקאַדי האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם געשעענעם אויפן אַנדערן טאָג. די לעצטע צייַט איז ער ניט אַריַינגעגאַנגען צו די גרינבוימס, האָט ער אָנגעקלונגען, געוואָלט דערוויסן זיך, וואָס זיי מאַכן. דאָס טרייַבל האָט גענומען שלימע סאַמויִלאָוונע. ווי נאָר זי האָט דערהערט זיַין שטים, האָט זי אויסגעבראָכן אַ געוויין:

— אַ גרויסער אומגליק, אַרקאַדי!..

— וואָס איז געשען?

אין טרייַבל אַ כליפּען און מער גאָר.

— וואָס איז געשען?

— באַלד...

אין טרייַבל — סעמיאָן יעווסייעוויטשעס שטים:

— קום צו גיין, אַרקאַדי.

— עפּעס מיט מאַרלענען?

— ניין, ניין. ס'האָט געקאָנט זיַין...

— נאָר...

— נאָר גאָרניט... ס'איז געשען מיט אַן אַנדערן. קום צו גיין...

ער איז געקומען דעם זעלבן אָוונט, און זיי האָבן אים אַלץ דערציילט.

מאַרלענע איז געווען אויף דער אַרבעט.

שלימע סאַמויִלאָוונע האָט געוויינט:

— ווּ זיַינען געווען מיַינע אויגן? דאָס קינד האָט אים ניט געוואָלט, איצט פאַרשטיי איך דאָך, זי האָט אים ניט געוואָלט. זי האָט עפּעס געפילט, און איך רעד זי צו, רעד זי צו...

— איר, וויַיבער, — האָט זיך אָנגערופן סעמיאָן יעווסייעוויטש, — דאַרפט דאָך ניט קיין סאַך. אַבי — דער אויסזען, דער שטעל, און וואָס אונטער דעם שטעל, גייט אייַך ניט אָן...

— שימענקע, ביסט אַ כאָכעם, — האָט געזאָגט שלימע. — איר הערט, אַרקאַדי, ער איז אַ כאָכעם, וואָס די וועלט פאַרמאָגט עס ניט. און איך בין געווען בלינד...

— ער האָט אייַך אַלעמען פאַרבלענדט די אויגן, — האָט געזאָגט סעמיאָן יעווסייעוויטש, — אַלעמען.

— ווען איך זאָל ניט געווען גראָוו ווערן פריִער, — האָט שלימע סאַמויִלאָוונע ווידער זיך צעוויינט, — וואָלט איך גראָוו געוואָרן פאַר דער נעכטיקער נאַכט. איר שטעלט זיך כאָטש פאָר, וואָס מיט אונדזער קינד וואָלט געשען, ווייַ און ווינד איז מיר, ווען ניט וואַלערי...

— נעכטן האָט זי דאָך אונדז גאָרניט דערציילט, — האָט צוגעגעבן סעמיאָן יעווסייעוויטש, — געקומען שפּעט, שוין נאָך איינס, מיר זעען — ס'איז גאָרניט די מאַרלענע, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען. אַן אַנדערע, אַזאַ האָבן מיר זי נאָך קיינמאָל ניט געזען. זי האָט זיך אַ וואַלגער געטאָן מיטן קאָפּ אין קישן, און — קיין וואָרט.

— וויפל מיר האָבן זי ניט געבעטן, — האָט פאַרגעזעצט שלימע, — זאָג, וואָס איז געשען? מיר זעען דאָך, אַז עפּעס איז געשען. קיין וואָרט... „שפּעטער", זאָגט זי, „שפּעטער"... ניט געוואָלט אונדז פאַרשאַפן קיין אַגמעסנעפעש. ערשט אינדערפרי האָבן מיר זיך קוים דערשלאָגן בא איר, זי זאָל עפּעס דערציילן. האָט זי דערציילט אין דריַי ווערטער. נאָר די דריַי ווערטער איז אויך געווען גענוג, ווייַ איז מיר און ווינד... וואַלערי נעבעך... אייַנגעשטעלט דאָס לעבן. גיי ריכט זיך... יענער האָט זי געלאָזט אויף העפקער, און דער האָט אייַנגעשטעלט דאָס לעבן...

— אינדערפרי האָב איך גלייַך אָנגעקלונגען אין האָטעל, — האָט דערציילט סעמיאָן יעווסייעוויטש, זיך נאָכגעפרעגט אויפן פּיַינעם פאַרשויִן. האָט מען מיר

געגנטפערט: ער האָט געבעטן אים אופוועקן צום אכטאזייגערדיקן צוג אף כא־באראַווסק...

ס׳איז געקומען מארלענע. זי האָט אויסגעזען מיד, בלאס. דערזען דאָ ארקא־דין, האָט זי זיך ניט פארכידעשט.

— איר ווייסט שוין? — האָט זי אים געפרעגט.

— איך ווייס. וואָס מאכט וואלערי?

— דערווײַל שווער.

— וואָס זאָגן די דאָקטוירים?

— אלץ, זאָגן זיי, איז מעגלעך...

— א האָפענונג פאראן?

— פאראן.

— דערציילט, מארלענע...

— א צווייט מאָל, כ׳בין זייער מיד... — זי איז אוועק צו זיך אין צימער. שלימע איז איר נאָכגעגאנגען מיט א גלאָז מילך, נאָר באלד באוויזן זיך צוריק.

— זי וויל גאָרניט, — האָט זי מיט אן אומגליקלעכן אויסזען א שעפטשע גע־טאָן און פארשוווּנדן אין קיך.

ארקאדי איז אינגיכן אוועקגעגאנגען.

אלע אָוונט איז ער איצט אריַינגעקומען צו די גרינגבוימס. אין אזא צושטאנד האָט מען דאָס אלטע פּאָרפאָלק ניט געטאָרט לאָזן אליין. ווען זי האָט ניט געהאט קיין אָוונטיקע דעזשורסטווע, איז מארלענע אויך געווען דאָ. אלע טאָג האָט ער בא איר זיך דערוווּסט, וואָס מאכט וואלערי. דערווײַל האָט זי געקאָנט דערציילן ווייניק גוטס. ארקאדי האָט אליין געוואָלט זײַן בא אים, נאָר קיין זײַטיקע מענטשן האָט מען צו אים ניט צוגעלאָזט, אפילע קיין קרויווים אויך.

— די עלטערן האָבן זיך צו אים געבעטן, — האָט דערציילט מארלענע, — האָט מען זיי אויך ניט צוגעלאָזט.

— זיי האָבן זיך פונדעסטוועגן געבעטן?

— ווי זשע?

מע האָט געפרעגט בא וואלערין, צי וויל ער זען די עלטערן, האָט ער צוערשט געענטפערט, אז ניט, דערנאָך געזאָגט:

— די מאמע זאָל קומען, די מאמע.

די מוטער זײַנע איז נאָך גאָרניט קיין אלטע, א יאָר פערציק, און זעט אויס נאָך ייִנגער. זי איז געווען אָנגעטאָן אין א שפּאָגל־נײַעם זומערדיקן הויזן־אָנצוג.

— וואלערי, — האָט זי געזאָגט, — דו האָסט קיינמאָל מיט מיר און מיטן טאטן זיך ניט גערעכנט.

— און איר מיט מיר? — האָט ער געפרעגט.

דערנאָך האָבן זיי לאנג געשוויגן.

ער האָט געפרעגט:

— דו, מאמע, ביסט געזונט?

— יאָ, מײַן זון.

— דער טאטע איז געזונט?

— יאָ.

— טאָ זײַט געזונט!

פארן אוועקגיין האָט זי אָבער נאָך געפונען פאר נייטיק צו באמערקן:

— פונדעסטוועגן, וואלערי, זאָג, צו וואָס האָסטו עס געדארפט?

— וואָס?

— אָט דאָס אײַנשטעלן זיך...

— שווײַג, מאמע...

— פאר עפּעס...

— מאמע, שוויַיג...

— פאר עפּעס א פּרעמדער...

— שוויַיג, זאָג איך דיר...

— מויד...

— שוויַיג! — דאָס פּאָנעם איז בא אים געוואָרן טונקל, און אָדער אפן שטערן איז אָנגעדראָלן. ער האָט זיך געפּרוווט א הייב טאָן, נאָר אין דער זעלבער רעגע האָט פּונעם מויל זיך בא אים א גאָס געטאָן בלוט.

נאָך דעם דאָזיקן באזוך האָט מען שוין צו אים מער קיינעם ניט צוגעלאָזט.

אינעם צוג „ביראָבידזשאַן — כאבאראָווסק" זיַינען די שטולן געווען ווייכע, באַק־וועמע, ווי אין א לופט־לייַנער. מע האָט געקאָנט דעם שטול עטוואָס אָפּבייגן, עס זאָל בעסער אין אים זיך דרעמלען.

אף מאָרגן נאָך דער פּאסירונג אין פּארק האָט אין איינעם אזא שטול געדרעמלט ארנאָ. אף די אנטקעגנדיקע שטולן זיַינען געזעסן צוויי עלטערע פרויען, און זיי האָבן געהאלטן אין איין דערציילן דער דריטער, עטוואָס יינגערער פרוי, וועלכע איז געזעסן באנאנד מיט אים, וועגן דעם, וואָס עס איז נעכטן געשען אין פּארק. אין שטאָט, וויַיזט זיך ארויס, האָט מען שוין וועגן דעם געוווּסט. אף א פּאָרל, האָבן זיי דערציילט, זיַינען אָנגעפאלן כוליגאנעס. דער באָכער האָט גלייַך זיך אָפּגעטראָגן, און מיטן מיידל וואָלט געהאלטן שלעכט, האָט זיך דאָ אָבער געטראָפן א צווייטער באָכער. דעם מיידל האָט ער געזאָגט: „לויף!" און אליין זיך גע־שטעלט שלאָגן מיט די אויסוווּרפן, איינער קעגן דריַי.

— קעגן דריַי? — האָט מיט שרעק אויסגערופן די פרוי באנאנד.

— יאָ. דאָס מיידל איז אוועקגעלאָפן נאָך הילף. נאָר ווען זי איז מיט די דרוזשיניקעס צוריקגעקומען אפן אָרט, איז פון די כוליגאנעס שוין קיין סימען ניט געבליבן. דער באָכער, וואָס האָט זיך אייַנגעשטעלט, איז געלעגן א דער־שטאָכענער...

— אף טויט?

— אייניקע זאָגן — אף טויט, און אנדערע זאָגן, אז מע האָט אים געבראכט אין שפּיטאָל און דאָרט איז ער אויסגעגאנגען.

„און דאָס מיידל?" — האָט געוואָלט פרעגן ארנאָ און געעפנט די אויגן. נאָר דאָס האָט געפרעגט פאר אים די פרוי.

— דאָס מיידל? — האָבן געענטפערט יענע צוויי פרויען. — זי איז געבליבן גאנץ.

נו, אָט, — האָט א טראכט געטאָן ארנאָ, — ער האָט דאָך געוווּסט, אז מיט איר וועט קיין שלעכטס ניט געשען. ער האָט זיך בעסער אייַנגעמאָסטעט אינעם אָפּ־געבויגענעם שטול און צוריק צוגעמאכט די אויגן.

## 11

מאשענקע האָט געזוכט אף דער וועגע א גאנץ אָרט.

— שוין ניטאָ גאָר וווהין צו שטעכן, — האָט זי געזאָגט. דאָך האָט זי געפונען א פּיצעלע אָרט און, ווי שטענדיק, אריַינגעשטעלט דעם שפּריץ אזוי לייַכט, אז וואלערי האָט אפילו ניט דערפילט. — נו, אָט, — מיט איר ליבלעכן שמייכעלע, וואָס באַטיַיט: „אלץ וועט זיַין גוט, ניט געזאָרגט!" איז זי אוועקגעגאנגען.

דער ווייטעק — אָט טעמפּט ער זיך צו א ביסל, אָט ווערט ער נאָכאמאָל שארף. ווען ער טעמפּט זיך צו, דרעמלט וואלערי און עפּעס פּלאָנטערט זיך בא

אים אין מויעך — האלב־כאַלעס, האלב־וואָר. און ווען דער ווייטעק ווערט שאַר־פער און פאַריאָגט דעם דרעמל, לעבט ער נאָך און נאָכאַמאָל איבער אַלץ, וואָס איז געשען יענעם אָוונט אין פּאַרק.

ער געדענקט שוין אַפילע ניט רעכט, וואָס האָט עס אים פּלוצעם אַ טראָג געטאָן אַהין. ס׳האָט זיך אים געוואָלט אָן אָטעם טאָן מיט פרישער לופט. נו, יאָ, אין צימער בּאַ אים אין צוזאַמענוווינונג איז געווען דושנע, הייס. אַף דער נײַער אַרבעט איז ער נאָך ניט לאַנג, מיט די כעוורע אין צימער ניט גאָר נאָענט, האָט ער באַשלאָסן — ער וועט זיך דורכשפּאַצירן אין פּאַרק. עפּשער וועט ער דאָרט טרעפן באַקענטע, עפּשער וועט ער מיט עמעצן דאָרט פאַרפירן באַקאַנטשאַפט, עפּשער גאָר מיט עפּעס אַ ווויל מיידל אויך — אַלץ קען זיך דאָך מאַכן. איז ער אַוועק. אַף דער צענטראַלער אַלייע האָט ער איין מאָל און אַ צווייט מאָל זיך דורכגעדרייט און באַשלאָסן, אַז — ניין, וואָס וועט ער טאָן, ס׳איז אומעטיק אַרומ־גיין אַליין, בעסער וועט ער אַרײַנגיין ערגעץ אין אַ קאַפע. ער האָט זיך שוין געלאָזט צוריק. נאָר פּלוצעם, אין אַ שפּאַן צען פון זיך, האָט ער צווישן פיל אַנדערע דערזען אַ פּאָרל. ער האָט זיי גלײַך דערקענט. מאַרלענע! אַ ווײַס קורץ קליידל, אַ ווײַס קאָפּטל מיט קורצע אַרבל, ווײַסע טופּליעס. איר באַגלייטער האָט ער אויך דערקענט: דער זעלבער. יאָ, ס׳איז דער, וועמען ער האָט געזען אין כאַבאַראָווסק. ער, וואַלערי, איז דעמלט אומיסטן נאָכגעפאָרן מאַרלענען (זי האָט וועגן דעם ניט געוווּסט), דערנאָך נאָכגעגאַנגען. אַצינד וועט ער זיי, — האָט ער באַשלאָסן, — אויך נאָכגיין. צוליב וואָס? ער וואָלט זיך אַליין עס ניט געקאָנט דערקלערן. נאָכגיין, און אויס. ער האָט ליב מאַרלענען און וועט שטענדיק זי ליב האָבן. זי און מער קיינעם... ער האָט אָבער געוווּסט, אַז פאַר איר איז ער קיין פּאָר ניט. נאָר ווײַל ער האָט זי ליב געהאַט, האָט ער געוואָלט, איר זאָל זײַן גוט. מיט איר וועט גליקלעך זײַן אַן אַנדערער, — זאָל ער!.. נאָר ווען וואַ־לערי האָט צום ערשטן מאָל דאָרט, אין כאַבאַראָווסק, דערזען אָט דעם, איז אים, ניט צו וויסן פאַרוואָס, גלײַך קלאָר געוואָרן, אַז מיט אים וועט מאַרלענען גוט ניט זײַן. און דעריבער האָט ער אים פונעם ערשטן אויגנבליק פײַנט געקראָגן. מעגלעך, אָט די סיבּע האָט אים איצט אַוועקגעפירט נאָך זיי, און מעגלעך — קינע.

זיי האָבן פאַרקערעוועט אין דער אַלייע, וואָס פירט צום קינדער־פּלאַץ. וואַ־לערי האָט אַ ביסל צוגעוואַרט און אַוועק נאָך זיי. באַהאַלטנדיק זיך אין דער ביימער־טונקלעניש אַנטקעגן, האָט ער דערזען, ווי מאַרלענע זעצט זיך צו אַף אַ קינדערשער הוידלקע און לאָדט אײַן איר באַגלייטער זיך צוזעצן באַנאַנד. ער האָט, ווײַזט אויס, צו שטאַרק זיך אַרויסגערוקט פון הינטערן בוים, וואַלערי, מאַרלענע האָט אים באַמערקט. זי האָט אים אַ רוף געטאָן. ער האָט זיך ווידער באַהאַלטן. וועגן עפּעס האָט זי גענומען דערציילן (ווען ער ווייסט, אַז זי האָט דערציילט וועגן אים!). דערנאָך האָט ער דערזען, ווי יענער קושט מאַרלענען... מיט צונויפגעבײַלטע פויסטן איז ער אַ רעגע געשטאַנען, גרייט זיך אַ וואָרף טאָן, נאָר אים האָט אָפּגעהאַלטן דער געדאַנק: זי וויל דאָך עס... דערנאָך האָבן זיי זיך אופגעהויבן און אַוועק. וואַלערי, אַף אַ היפּשלעכן מעהאַלעך — נאָך זיי. אַ פינצטער אָרט, ביימער, קוסטעס. עמעצער האָט זיי אָפּגעשטעלט. ווער? מאַלע וואָס. ניין, מע גייט ניט פאַרבײַ, מע פאַרהאַלט זיך. וואָס איז עס — דער באַגליי־טער איז ניט געוואָרן? מאַרלענען שלעפּט מען ערגעץ? זי איז אין ווײַסן, און ער זעט גוט — זי איז שיר ניט געפאַלן. ווער איז דאָרט? וויפל? וואַלערי האָט מער וועגן דעם ניט געטראַכט. מיט אַ ריזיקן שפּרונג איז ער געווען אַפן אָרט:

— שטייט, פּאַדלעס!

— צו מאַרלענען:

— לויף!

ער האָט איבערגעכאַפּט די האַנט, וואָס האָט געציטערט אין אים. ער האָט זיך ניט גלײַך פֿאַנאַנדערגעקליבן אין דער פֿינצטער, אַז זיי זײַנען געווען דרײַ. דרײַ אויף איינעם. ס׳מאַכט ניט, ער געדענקט, ווי ער האָט געטראַכט דעמלט: נאָר ניט אומפֿאַלן... און ער איז ניט געפֿאַלן. מע האָט אים געשלאָגן, נאָר ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פֿיס. ער וואָלט זיי דאָרט אַלע דרײַ צורעכט געמאַכט, ווען ניט...

א שאַרפֿער ווייטעק האָט אים דערמאָנט, מיט וואָס עס האָט דעמלט זיך פֿאַרענדיקט. דער ווייטעק לאָזט אים זינט דאַן ניט אָפּ. אָט טעמפּט ער זיך צו א ביסל, אָט ווידער...

ער האָט געעפֿנט די אויגן. דאַכט זיך, ער האָט געדרעמלט? יאָ, דער ווייטעק האָט זיך א ביסל צוגעטעמפּט, האָט ער אײַנגעדרעמלט. שפּעט באַנאַכט. אין פּאַלאַטע איז די ליכט אויסגעלאָשן. אין דער אָפֿענער טיר שײַנט ארײַן דער איינציקער לאָמפּ, וואָס באַלײַכט דעם גרויסן קאָרידאָר. זײַן בעטל שטייט בײַ דער טיר, און ער זעט, ווי פֿעלאַגייעוונע, די ניאַניעטשקע, האָט אין קאָרידאָר זיך צוגעלייגט אויף א פֿאַרוסינעוון בעטל, גרייט אויפֿצושפּרינגען בײַם ערשטן רוף. פּוסט דער קאָרידאָר. עמעצער פֿון א צווייטער פּאַלאַטע, מיט א כאַלאַט אויף די אַקסלען, האָט שלעפּעריק דורכגעשפּאַנט, און ס׳איז ווידער פּוסט.

וואַלערי האָט נאָכאַמאָל אײַנגעדרעמלט. זיך אויפֿגעכאַפּט: וואָס איז עס — כאָלעם, צי וואָר?

— דו, מאַרלענע?

— יאָ, וואַלעריק. כ׳בין ארײַנגעגאַנגען, האָסטו געדרעמלט. האָב איך דאָ לעבן דיר זיך צוגעזעצט א ביסל.

— שוין לאַנג זיצסטו?

— ניין, א פּאָר מינוט.

— וואָס טוסטו דאָ?

— הײַנט איז מײַן דעזשורסטווע. בין איך אויף א ווײַלע צו דיר אויך ארופֿ־געגאַנגען. עפּעס דאַרפֿסטו עפּעס?

— איך דאַרף גאָרניט.

— עפּעס א טרונק?

— א טרונק — יאָ.

— דעם קאָמפּאָט, וואָס כ׳האָב דיר געבראַכט, האָסטו שוין אויסגעטרונקען?

— א באַטאַמטער קאָמפּאָט. דער באָבעס, יאָ? עס דאַרף נאָך זײַן.

זי האָט געעפֿנט די טומבאָטשקע, ארויסגענומען א באַנקעלע, אָנגעגאָסן אין גלאָז און אים דערלאַנגט. ער האָט א ביסל אָפּגעטרונקען.

— א דאַנק.

— ווי פֿילסטו זיך, וואַלערי?

— נאָרמאַל.

— בײַ דיר איז אַלע מאָל — נאָרמאַל.

— ווי זשע?

— נו, איך וועל גיין. שלאָף.

— עס שלאָפֿט זיך ניט. זיץ נאָך א ביסל.

זי איז געבליבן.

— ווייסט, מאַרלענע, — האָט ער געזאָגט, — דו כאָלעמסט זיך מיר אָפֿט. און ווען עס טרעפֿט, ווי הײַנט, אַז איך כאַפּ זיך אויף און זע דיך, ווערט מיר לײַכטער.

זי האָט געשוויגן.

— דו געדענקסט, ווי אין קינדערגאָרטן נאָך, איך האָב אָפּגעטריבן פֿון דיר צוויי יינגלעך?

— כ׳געדענק.

— געדענקסט, יאָ? — האָט ער זיך אזש א הייב געטאָן פון געלעגער. — האָסט ניט פארגעסן?
— פארוואָס זאָל איך פארגעסן?
— כ'ווייס... אין די צעפלעך בא דיר זײַנען נאָך געווען בלויע באנטן...
— יאָ.
— נו, און וואָס האָט געזאָגט דײַן מאמע, ווען איך האָב דיך אָפּגעפירט אהיים, געדענקסטו?
— יאָ.
— וואָס?
— וואלעריק, — האָט זי געזאָגט, — איז א ווילער...
— און נאָך?
— טו אים א קוש...
— און דו האָסט מיך א קוש געטאָן...
— יאָ.
א לענגערע ווײַלע איז ער געלעגן מיט צוגעמאכטע אויגן. דערנאָך האָט ער זיך א קער געטאָן צו איר:
— מארלענע, איך וויל דיך עפּעס פרעגן...
— פרעג.
— ווען איך בעט דיך איצטער...
— וואָס?
— דו זאָלסט נאָכאמאָל...
איידער ער האָט פארענדיקט, האָט זי זיך אָנגעבויגן און אים א קוש געטאָן. דערנאָך זיך אופגעהויבן:
— שלאָף. זאָלן דיר זיך כאָלעמען גוטע כאלוימעס...
זי איז אוועקגעגאנגען. ביז פארטאָג האָט ער שוין אײַנשלאָפן ניט געקענט.
אינדערפרי, ווען זי האָט פארענדיקט די דעזשורסטווע, איז זי ווידער צו אים ארײַן.
— פארוואָס קומט ניט צו מיר ארקאדי? — האָט ער געפרעגט.
— דו ווייסט דאָך. קיין זײַטיקע לאָזט מען צו דיר ניט צו.
— ארקאדי איז א זײַטיקער? — האָט ער זיך פארכידעשט.
— פאר דיר ניט. אָבער פאר דער אדמיניסטראציע פונעם שפּיטאָל... ווייסט דאָך, אפילע די עלטערן...
— די עלטערן מיילע. אָבער ארקאדי?..
— ער פרעגט זיך נאָך אף דיר אלע טאָג.
— בא וועמען?
— בא מיר.
— זעסטו זיך מיט אים אלע טאָג?
— יאָ. ער קומט צום זיידן מיט דער באָבען.
— דאָס איז גוט, — האָט געזאָגט וואלערי.
— וואָס איז גוט? — האָט ניט פארשטאנען מארלענע.
— וואָס איר זעט זיך.
ווען זי איז שוין געווען בא דער טיר, האָט ער זי א רוף געטאָן. זי האָט זיך אומגעקערט, און ער האָט געזאָגט:
— פארגעדענק, מארלענע: ארקאדי איז א מענטש.
— אוועלכער מענטש?
— א מענטש.
מער האָט ער גאָרניט געזאָגט.

אהיימגייענדיק פון שפּיטאָל, האָט מארלענע ניט גאָר פארשטאַנען — וואָס פלוצעם האָט עס איר וואלערי געזאָגט וועגן ארקאדין?

אָט די אלע טעג איז איר געווען שווער אפּן הארצן. אירע קאָלעגן אף דער ארבעט, דער זיידע און די באָבע האָבן עס פארשטאַנען, באַ איר גאָרניט געפרעגט, און זי איז זיי געווען דערפאַר דאנקבאר. זי האָט זיך געדארפט אליין אין זיך פאַנאַנדערקלײַבן: וויאַזוי האָט דאָס אלץ געקאָנט געשען? ס'הייסט, ניט דאָס, וואָס איז פּאָרגעקומען אין יענעם פינצטערן ווינקל אין פּארק, נאָר דאָס, וואָס אין יענעם פינצטערן ווינקל האָט זי געטראָפן זאלבענאנד מיט א מענטשן, וועלכער האָט אין א געפערלעכער מינוט געלאָזט זי אף העפקער? וויאַזוי איז געשען, וואָס אָט דעם מענטשן האָט זי געזאָגט, סאָפקאָלסאָף, „יאָ", דערלאנגט מיט אים א מעלדונג אין זאגס און מע האָט זיך שוין אפילע אָנגעהויבן גרייטן צו א... כאַסענע, — יאָ, צו א כאַסענע... און אָט די כאַסענע וואָלט אינעם אָנגעמערקטן טאָג פּאָרגעקומען... איצט, אכאר־האַמײַסע, ווען זי האָט געטראכט וועגן יענעם שוידערלעכן אָוונט, איז זי אלע מאָל באפאלן א טויט־שרעק ניט פאר דעם, וואָס מיט איר וואָלט געקאָנט פּאסירן, ווען ניט וואלעריקס פּלוצעמדיק אײַנשטעלן זיך, נאָר פאר דעם, וואָס ווען ניט יענע פּאסירונג, וואָלט זי פארבונדן איר לעבן מיט יענעם... מיט יענעם — אַזוי האָט זי געטראכט — אפילע אין געדאנק האָט זי ניט געוואָלט מער אָנרופן זײַן נאָמען.

וויאַזוי זשע האָט עס געקאָנט געשען? דער זיידע זאָגט: „ער האָט אײַך אלעמען פארבלענדט די אויגן". יאָ, איר דער ערשטער... מיט זײַן שיינקײַט, זיכערקײַט. איר האָט זיך געדאכט, מיט אזא מאנצבל — ווי הינטער אן אײַזערנער וואנט. אָט האָסטו דיר אן אײַזערנע וואנט... אָ, ווי זי ווייסט נאָך ניט קיין מענטשן, ווי זי קען זיך נאָך אין זיי ניט פאַנאַנדערקלײַבן. אין די אינגעווייידן — יאָ, זי איז דאָך א דאָקטער, אין דער נעשאָמע — ניט. ער האָט זיך איר אויסגעוויזן — אן אײַזערנע וואנט. און וואלעריק — אַזוי זיך, א פּוסטע קיילע, א ווערטלזאָגער, — אַזוי האָט זי שטענדיק וועגן אים געטראכט. אזא, ווי וואלעריק, קאָן דען האָבן טיפע געפילן? בלויז כאָכמענען זיך קען ער, ניט מער... און אָט, ניט יענער, — וואלעריק האָט אײַנגעשטעלט פאר איר דאָס לעבן. די כאָכמעלעך זײַנען געווען ניט מער ווי אן אָנשטעל, א מאסקע אף צו פארשטעלן זײַן עמעס געפיל... וואלעריק האָט זי ליב געהאט און האָט זי ליב — ערשט איצט האָט זי עס באנומען. נאָר וואָס האָט זי פארשטאַנען פריִער? גאָרניט. ניט שוין זשע איז אין לעבן אומבאדינגט נייטיק א דערשיטערונג, אזא, וואָס טרייסלט אוף א מענטשן ביזן גרונט, ער זאָל עפּעס אָנהייבן פארשטיין? ווען ניט אָט דער פאל, וואָלט זי אויך ווײַטער ניט געוווּסט, וואָס עס שטעלט מיט זיך אינדערעמעסן פאָר יענער, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר וואלעריק. נאָך מער, זיי אליין וואָלטן עס עפּשער אויך ניט געווען געוווּסט...

איצט ווייסט זי. זי ווייסט נאָך ניט, מיט וועמען זי וועט פארבינדן איר לעבן, זי ווייסט שוין אָבער, מיט וועמען זי וועט עס ניט פארבינדן. עס ליגן אָנגעגרייט די פינגערלעך. איר פינגערל וואָלט געקאָנט ווערן אפּן גאנצן לעבן א שווערע קייט... איצט וועט די קייט ניט זײַן, אָבער מיט וואָס פאר א פּרײַז... וואלערי ליגט מיט דרײַ מעסער־שטעך אין שפּיטאָל. צוויי אויבנופיקע, נאָר איינער האָט אָנגערירט די לונג. וויטאלי דמיטריִעוויטש, דער פארוואלטער פון דער כירורגישער אָפּטיילונג, האלט, אז ס'איז געפערלעך. וואלערין, נאטירלעך, זאָגט מען עס ניט, נאָר עפּעס פילט ער, דאכט זיך, אליין... און וואָס פלוצעם האָט ער עס הײַנט א זאָג געטאָן וועגן ארקאדין?

ארקאדי קומט צו זיי קימאט יעדן טאָג. ס'איז נאטירלעך, ער אינטערעסירט זיך מיט וואלעריס צושטאנד. דער זיידע מיט דער באָבען לעבן שווער איבער דאָס געשעענע, צעשטרייט ער זיי א ביסל. ער האָט זיך זייער מיט זיי צונויפגעלעבט,

מיטן זיידן און דער באָבען. און מיט איר, מאַרלענען? איר ווערט אויך ליַיכטער, ווען זי זעט אים בא זיי אין שטוב. ער דערמאָנט איר ניט מיט קיין וואָרט וועגן געשעענעם, פרעגט זיך וועגן גאָרניט אָן. זי ווייסט ניט פאַרוואָס, נאָר דאַפקע פאַר אים וואָלט זי געוואָלט אַרויסלייגן אַלע אירע ספייקעס, זיך מוידע־אומיס־וואַדע זיַין אין איר גאַנצער אומבאַהאָלפנקייט... נאָר זי ווייסט עס ניט טאָן. וואָס פלוצעם? און וואָס פלוצעם פאַר אים, אַרקאַדין? אָט האָט זי יאָרנלאַנג געקענט אַ מענטשן, און אַזוי אין אים זיך אָפּגענאַרט. דעם קען זי אַזוי ווייניק. וואָס זשע קאָן זי וויסן וועגן אים? זי האָט מיטאַמאָל זיך דערמאָנט דעם אָוונט, ווען יענער האָט געפּרוּווט דערוויַיזן, אַז מענטשן נייטיקן זיך ניט אין קיין פּאָעזיע, און אַרקאַדי, ניט מאַסקים זיַיענדיק, האָט גענומען איבערדערציילן כיקמעטס אַ ליד. געווען זיַינען אין דער ליד, געדענקט זי, אַזעלכע ווערטער: ער, דער דיכטער, הייסט עס, וויל זיַין געגליכן צו אַ טיר, וואָס עפנט זיך פאַר גוטע מענטשן און פאַרמאַכט זיך פאַר שלעכטע... מעגלעך, אַז אַרקאַדי איז שוין דעמלט געווען אַ מייוון אויף יענעם און ניט צופעליק האָט ער דורכגעלייענט די דאָזיקע שורעס? זי, פאַר־קערט, איז שיר ניט געוואָרן אַ טיר, וואָס פאַר שלעכטע מענטשן איז זי גרייט זיך עפענען און פאַר גוטע פאַרמאַכן...

ווער זשע זיַינען די שלעכטע און ווער די גוטע? אַ גוטער איז וואַלערי, איצט ווייסט זי, וויַיל ער האָט עס איר דערוויזן. און אַרקאַדי? אַוועלכער איז ער? וואָס ווייסט זי וועגן אים?

אַזוי האָט מאַרלענע געטראַכט און ניט אויפגעהערט צו טראַכטן, גייענדיק פון דער באַנאַכטיקער דעזשורסטווע אַהיים, דערנאָך אין דער היים, ביז זי האָט זיך אַ ביסל פאַרגעסן אין אַ שלאַבעריקן שלאָף. דערנאָך, ווען זי האָט פוילבלעך, אָן שום אַפּעטיט געגעסן דעם וואַרמעס, וואָס די באָבע האָט פאַר איר אָנגע־וואַרעמט, וויַיל אַליין האָבן זיי אָפּגעגעסן פריִער.

— ווו איז דער זיידע? — האָט געפרעגט מאַרלענע.

— ווייסט ניט, אויב ניט אין דער היים, איז ווו קאָן ער זיַין? אויף דער פּאַב־ריק. אַ וויכטיקע פאַרזאַמלונג, זאָגט ער. עס, עס, מאַרלענאָטשקע, דו עסט דאָך גאָרניט, זע, וואָס פון דיר איז געוואָרן? — די באָבע איז געשטאַנען פון אַ זיַיט און, אונטערגעשפּאַרט די בלאַסע באַק, ניט אַראָפּגעלאָזט דאָס אויג פונעם איי־ניקל.

— וואָס קוקסטו אויף מיר, באָבע, — האָט זיך אָנגערופן מאַרלענע, — פונקט ווי... פונקט ווי איך ווייס וואָס ס'איז געשען.

— וואָס זשע, נאָך ווייניק איז געשען? — האָט געפרעגט די באָבע. — און וואָס וואָלט געקאָנט געשען, ווען ניט...

— באָבע, כ'האָב דיך שוין וויפל מאָל געבעטן...

— איך שוויַיג, איך שוויַיג, — האָט זיך פאַרכאַפּט די באָבע און איז אַרויס אין קיך. מאַרלענע האָט גלײַך אָפּגעלייגט דעם לעפל — איר איז ניט געקראָכן דער ביסן אין האַלדז.

ווידער איז אַריַין די באָבע.

— מאַרלענאָטשקע, שיר ניט פאַרגעסן. ווען דו ביסט געשלאָפן, האָט מען גע־בראַכט אַ בריוו. אָט.

— פון וועמען?

— כ'ווייס ניט.

דער קאָנווערט ניט קיין געוויינלעכער — אַ לענגלעך־שמאָלער, אַ האַרטער. מיט ברייט צעעפנטע אויגן האָט זי אַ קוק געטאָן אויפן האַנטשריפט, מיט וועלכן ס'איז געווען אויפגעשריבן דער אַדרעס, און האָט אָפּגעוואָרפן פון זיך דעם קאָנ־ווערט.

— פון וועמען? — האָט געפרעגט די באָבע.

מארלענע האָט ניט געענטפערט. פּאַמעלעך האָט זי ווידער א שטרעק געטאָן די האַנט צום קאָנווערט, אפּגיך אים געעפנט און ארויסגענומען א שמאָל ווײַס בייגעלע.

— קינד מײַנס, וואָס איז געשען? — האָט אויסגעשריִען די באָבע. מארלענע איז אופגעשפּרונגען פון טיש און אוועק צו זיך אין צימער. די באָבע — נאָך איר.

— מע דאַרף ניט, באָבע, איך בעט דיך, — האָט מארלענע א געשריי געטאָן, — לאָז מיך אליין... אליין...

וואָס זאָל עס באַטײַטן? פון וועמען דער בריוו? אף די שפּיץ פינגער איז די באָבע אין א לענגערער ווײַלע ארום צוגעגאַנגען צו דער שוועל פון מארלענעס צימער און פאַרזיכטיק אהין ארײַנגעקוקט. די עלנבויגנס אף די קני, מיטביידע הענט פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם, איז געזעסן מארלענע אף דער נידעריקער טאַכטאַ. צווישן אירע בלאַסע פינגער האָבן זיך דורכגעזאַפּט טרערן... און עפּשער האָט זיך עס דער באָבען אויסגעוויזן... וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? — האָט די באָבע אין פאַרצווייפלונג געטראַכט. און דאָ איז נאָך שימענקע ניטאָ אין דער היים...

א קלונג אין דער קאָרידאָר־טיר. שימענקע! זי איז אוועק אים עפענען.

— ארקאַדי? איר?..

— יאָ. מע קען צו אײַך?

— מע קען, מע קען, ווי זשע?

— ווער איז דאָרט? — מארלענעס קאָל.

— ארקאַדי איז געקומען.

— ארקאַדי?

— יאָ. — מוירע האָבנדיק ארויסצורײדן א וואָרט, אף שטום־לאָשן האָט שלימע סאַמוילאָווּנע געפּרוּווט דערקלערן ארקאַדין, אז מיט מארלענען קומט עפּעס פאָר, און זי קען ניט פאַרשטיין — וואָס.

— מע קאָן צו אײַך, מארלענע? — האָט ארקאַדי געפרעגט, ארײַנקומענדיק אין ערשטן צימער.

— מע קאָן, מע קאָן, — האָט ער דערהערט.

מארלענע איז, ווי פריִער, געזעסן אף דער טאַכטאַ. איין האַנט אירע איז געווען אָנגעשפּאַרט אף דער טונקעלער דעק, מיט דער אנדערער האָט זי פאַריכט די האָר. אפן טונקעלן שטאָף האָט זיך אויסגעטיילט א ווײַס בייגעלע. אין צימער איז געווען פאַרנאַכטיק טונקל.

— איר זיצט גאָר אין דער פינצטער? — האָט ארקאַדי געפרעגט.

— ניט באַוויזן מאַכן ליכטיק, — האָט זי געענטפערט, — און דעם עמעס זאָגן, האָט זיך ניט געוואָלט. פאַראַן מינוטן, ווען ס'איז פינצטער אף דער נשמה, אזוי פינצטער...

— דאַרף מען אוודאי אײַנשליסן די שײַן.

— דאָס קאָן מען, — האָט זי געענטפערט, — ס'וועט אָבער ניט העלפן.

— איך מיין ניט די עלעקטרישע, — האָט ער געזאָגט.

— אוועלכע זשע?

— די אייגענע. פון אינווייניק...

— און אויב עס גייט דאָרט אויס שײַן...

— אָ, ניין, — האָט ער געענטפערט, — בא יעדן מענטשן זײַנען פאַראַן אומויסשעפּלעכע רעזערוון. מיר ווייסן גאָר אליין ניט, וויפל רעזערוון שײַן מיר פאַרמאָגן...

— און בא מיר. מיינט איר, אויך?

— בא אײַך אוודאי.

— איר זײַט אין דעם זיכער?

— אבסאָליוט.

— אויב אזוי, שליסט אײַן די שײַן.

ער האָט אײַנגעשלאָסן. דאָס מעבל, אלע כפייצים אין צימער האָבן אראָפּגעוואָרפן פון זיך די טונקלעניש, געבליבן שטיין אנטבלויזט, פארגאָסן מיט ליכט. מארלענע איז געווען בלאס. ער האָט עס איר געזאָגט.

— עס ווײַזט זיך אײַך אויס, — האָט זי געענטפערט און דערלאנגט אים דאָס ווײַסע בייגעלע פּאפּיר.

— לייענט.

— וואָס איז עס?

— לייענט.

„טײַערע מארלענע״, — האָט ער א כאפּ געטאָן די ערשטע שורע און פרעגנדיק א קוק געטאָן אף איר.

— לייענט, לייענט! — האָט זי באפוילן.

„טײַערע מארלענע! — האָט איבערגעלייענט ארקאדי. — איך מיין, אז די פּארדריסלעכע פּאסירונג אין פּארק האָט ניט געקאָנט ווירקן אפן באשלוס, וואָס מיר האָבן צוזאמען אָנגענומען. ס׳וואָלט זײַן ניט ריכטיק, געציילטע מינוטן זאָלן צעשטערן דאָס, וואָס איז צוגעגרייט אין פארלויף פון יאָרן. די דאָזיקע פּאסירונג איז א צופאל, ניט מער, א צופאל, וואָס האָט געקאָנט ניט זײַן אויך. ניט שוין זשע וועט ער שטערן אונדזער ווײַטערדיקן גליק? איך האָף, אז אלץ וועט פארקומען, ווי ס׳איז געווען אָנגעמערקט. איך וואַרט אף ענטפער״.

— ער? — האָט געפרעגט ארקאדי.

— איר זעט דאָך דעם אונטערשריפט.

— דאָ איז עפּעס א דריידל.

— אין אָט דעם דריידל איז ער אינגאנצן.

— נאָר איך קאָן ניט באגרײַפן... ווי קאָן מען?.. נאָך אָט דעם אלעמען?.. ער איז דאָך ניט נאָר... ניט נאָר אן אויסוווּרף...

ביידע האָבן געשוויגן. ארקאדי האָט א קוק געטאָן אף מארלענעס בלאס פּאָנעם און געפרעגט:

— פארוואָס האָט איר עס באוויזן מיר? אָט דאָס...

זי האָט אופגעהויבן אף אים די אויגן — גרויסע אויגן פון א יונג הירשעלע — זייער נײַגעריקע, א קאפּעלע פאר עפּעס אָנגעשראָקענע, מיט אַן א שיר לעבנסלוסט אין די טיפענישן. א לענגערע ווײַלע האָט זי אזוי געקוקט אף אים און שטיל געענטפערט:

— וועמען זשע?.. וועמען זאָל איך עס באווײַזן?

12

וואלערי איז געשטאָרבן דרײַ אזייגער באנאכט. ווען מארלענע איז אינדערפרי געקומען צו דער ארבעט און ארוף צו אים אין פּאלאטע, האַט זי דאָס בעטל זײַנס געטראָפן פּוסט. אונטן האָט מען איר שוין געזאָגט, נאָר זי האָט ניט געגלייבט. עס קאָן ניט זײַן! — האָט אינווייניק אין איר אלץ דערווידערט, פּראָטעסטירט. עס קאָן ניט זײַן! און אָט — דאָס פּוסטע בעטל, פארשפּרייט שוין אפילע מיט נײַעם בעטגעוואנט, ווי גאָרניט געווען... מארלענע האַט ניט געזען די אנדערע כאלאַים אין פּאלאטע, קיינעם ארום זיך ניט געזען. פארגעסן, אז זי איז א דאָקטער, אז זי דארף זיך האלטן אָנשטענדיק, א פאל געטאָן אפן פּוסטן בעטל. פארצווייפלט צוגעשפּארט דעם קאָפּ צו דער אײַזערנער פּאָרענטשע, איז זי זיך פארגאנגען אין א געוויין...

— מארלענע דאווידאָוונע! מארלענע דאווידאָוונע...

מאשענקע רירט זי אָן באם אקסל.

— בארויקט זיך. קומט מיט מיר, כ׳וועל אײַך דערציילן...

זי האָט אופגעהויבן די אויגן. מאשענקע איז אויך פארווייִנט.

— כ׳וועל אײַך דערציילן וויאזוי... וויאזוי...— זי האָט אָנגענומען מארלענען פארן אקסל, ארויסגעפירט פון פאלאטע, ארײַן מיט איר צו זיך אין פראָצעדור־קאבינעט — דאָ איז איצט קיינער ניט געווען.

— אים איז נעכטן דאָך געווען לײַכטער, — האָט דורך טרערן געזאָגט מאר־לענע.

— יאָ, לײַכטער, — האָט געענטפערט מאשענקע, — ער איז אפילע אײַנגע־שלאָפן. ניט אף לאנג. דערנאָך זיך אופגעכאפט. איך האָב אים געמאכט אַן אײַנ־שפריצונג, זאָגט ער מיר: „מאשענקע, — אזוי האָט ער געזאָגט, — הער אוף האָ־רעווען ארום מיר"... „וואָס הייסט, — זאָג איך, — מע האָט דאָך צוגעשריבן". זאָגט ער: „מאשענקע, ס׳וועט שוין גאָרניט העלפן. אומזיסט די טירכע, איך ווייס"... „וואָס ווייסטו? — זאָג איך, — דו ווייסט גאָרניט". — „איך ווייס, — האָט ער איבערגעכאזערט, — און ס׳איז בעסער אזוי"... „וואָס אזוי?" — האָב איך גע־פרעגט. „בעסער, וואָס אלץ ענדיקט זיך"... „וואָס רעדסטו? — זאָג איך, — וועסט געזונט ווערן". — „ניין, — זאָגט ער, — מיר האָט דאָס לעבן זיך ניט אײַנגעגעבן... די ליבע האָט זיך מיר ניט אײַנגעגעבן... בעסער — אזוי"... דערנאָך איז אים גע־וואָרן שלעכט. א הויכע טעמפעראטור. מע האָט אלעמען געשטעלט אף די פיס. וויטאלי דמיטריִעוויטש איז אויך געקומען. וואלערי האָט גערעדט פון היץ. אײַער נאָמען, מארלענע דאווידאָוונע, האָט ער עטלעכע מאָל דערמאָנט... און נאָך א נאָמען — ארקאדי. יאָ, ארקאדי... דערנאָך אנשוויגן געוואָרן. צום סאָף האָט ער געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן. באוויזן בלויז ארויסריידן „מא"... און אלץ... אין דער לעצטער מינוט האָט ער געוואָלט, ווײַזט אויס, זאָגן: „מאמע"... — שטילע טרערן האָבן גערונען פון מאשענקעס אויגן. — אזא יונגער...

מארלענע האָט געוווּסט: דאָס לעצטע, וואָס ער האָט געוואָלט ארויסברענגען, איז געווען איר נאָמען. זי האָט ער געזען אין דער לעצטער מינוט.

דער טאָג איז געווען א ווארעמער, אפילע א הייסער. א גאנצע וואָך פאר דעם האָבן געגאָסן רעגנס. אָט הערט אוף דער רעגן, אָט צעלאָזט ער זיך ווידער. און דער דאָזיקער טאָג האָט זיך אויסגעגעבן א לויטערער. אלץ ארום איז אויס־געוואשן, קלאָר און זעט אויס, ווי א קינד, וואָס האָט לאנג געוויינט. אָט האָט עס זיך בארויקט, עס שמייכלט שוין אפילע, נאָר אין די אויגן בא דעם שטייען נאָך גרויסע טרערן...

ליכטיק־בלוי איז געווען דער הימל אין זײַנע ענדלאָזע טיפענישן, און נאָר בא די ראנדן, נידעריק בא דער ערד, ווי אומיסטן אף אונטערצושטרײַכן אָט די בלויקײַט, האָבן זיך געהויפנט גרויסע ווײַסע וואָלקנס. און אף דער ערד — בלויז דרײַ קאָלירן: שווארץ, רויט, געל... שווארץ די סטענגעס אף די קרענץ, וואָס מע טראָגט מיט טרויעריקער ניט־געײַלטקײַט פון פאָרנט... רויט דאָס צײַג, מיט וועלכן ס׳איז ארומגעצויגן די לאנגע, עס דאכט זיך, צו לאנגע, טרונע. געל די קלעזמערשע קיילים. א טויטע שטילקײַט איז אויסגעשפרייט, דאכט זיך, אף דער גאנצער וועלט. מע הערט נאָר דאָס שאָרכען פון פאמעלעכע טריט, פון אַן א שיר טריט. און אָט די שטילקײַט, ווי א דורכזיכטיק וואסער, וויגט אף זיך די שווארצע סטענגעס, די רויטע טרונע און דאָס וואקס־געלע פארענדערטע געזיכט אין איר.

אָט די שטײַף אָנגעצויגענע שטילקײַט האָט מיטאמאָל געפלאצט, צעפאלן זיך אף שטיקלעך. איבער די געבויגענע קעפּ, איבער די דערשראָקן פארצווייפלטע הערצער — דער טעמפער געהילך פונעם פויק:

בום־בום!
אזוי איז געווען — בום!
אזוי איז — בום!
אזוי וועט זײַן — בום־בום!..

די רויטע טרונע — ווי זי זאָל שווימען אינדערלופטן. אזוי ווײַזט זיך אויס די, וואָס גייען נאָך דער לאנגזאם פאָרנדיקער מאשין מיט די צעעפנטע באָרטן. די מאשין איז באדעקט מיט א העל־רויטן טעפּיך, פארשאָטן מיט טונקל־גרינע יאָדלע־צווײַגן. אפן הויכן ווײַסן טורעמל מיטן פינפעקיקן שטערן אפן שפּיץ — א קלײנינקע קײַלעכדיקע פאָטאָ פון דעם, וואָס האָט געשוועבט, ווי אינדערלופטן, דאָרט, פון פאָרנט, אין דער רויטער טרונע. אין טרויעריק פארשטשעמעטן שווײַגן האָבן אונטערגעשטעלט זייערע אקסלען, פון איין זײַט — ארקאדי און די מיטגלידער פון זײַן בריגאדע. יעגישע פאפאיאן איז געגאנגען צולעצט. ער איז געווען קלענער פון זײַנע כאווערים, זײַן אקסל האָט צו דער טרונע ניט דערגרייכט, האָט ער אונטערגעהאלטן מיט דער דלאָניע. פון דער אנדערער זײַט האָבן אונטערגעשפּארט די טרונע בויער פון דער בריגאדע, אין וועלכער וואלערי האָט די לעצטע צײַט געארבעט.

נאָך דער מאשין מיטן טעפּיך און מיטן אָנדענק־טורעמל זײַנען געגאנגען אין שווארצע אָנצוגן וואלעריס טאטע־מאמע, מארלענע מיט טויטער בלאסקײַט אפן פּאָנעם, שלימע סאמוילאָוונע און סעמיאָן יעווסייעוויטש, און הינטער זיי — א לאנג צעצויגענער היפשער אוילעם — ארבעטער פונעם זאוואָד און פונעם בוי־טרעסט און גלאט פארבײַגייער, וואָס דערהערט, וועמעס לעווײַע דאס איז, זײַנען זיי אויך צוגעשטאנען, ווײַל די געשיכטע, וואָס האָט געבראכט צו אָט דער לע־ווײַע, איז געווען באוווּסט אין שטאָט.

אין די הינטערשטע רייען האָט ווער־ניט־ווער אלע מאָל א פרעג געטאָן:
— ווו איז זי?
— אָט איז זי, — האָט מען אָנגעוויזן, — פון פאָרנט, די הויכע, צווישן די צוויי עלטערע לײַט.

מענטשן האָבן זיך געהויבן אף די שפּיץ פינגער, אויסגעצויגן די העלדזער, קעדיי זען מארלענען, וואָס פאר איר האָט אָפּגעגעבן זײַן לעבן דער, וואָס וויגט זיך איצט דאָרט, פאָרויס דער פּראָצעסיע אין דער רויטער טרונע.

אפן אויבערפלאך פון די קלעזמערשע קיילים גלאנצט א פריידיק צעשפּיגל־טע די זון, און פון זייערע אינגעווײדן, ווי פון טיף אונטער דער ערד, רײַסן זיך ארויס פינצטערע, קלאָגנדיקע, גוואלדעוועדיקע קלאנגען.
און דער פויק:
— בום־בום!
— בום־בום!..

פונעם מאָרג האָט מען וואלעריס גוף אריבערגעפירט אין דער צוזאמענוווי־נונג פון די יונגע בויער, ווו ער האָט לעצטנס געוווינט. דאָ, אינעם אונטערשטן גרויסן האָל, האָט מען אוועקגעשטעלט די טרונע, זי ארומגעלייגט מיט בלומען, און אלע דרײַ מינוט האָט זיך געביטן אן ערן־קאראול.

ווען וואלערי איז נאָך געלעגן אין מאָרג, איז אין שפּיטאָל געקומען זײַן פּאָ־טער. ער וויל, האָט ער געזאָגט, נעמען דעם זון אהיים. ארקאדי, וועלכער איז שוין דאָ געווען מיט זײַנע כאווערים, האָט מיט נײַגער א קוק געטאָן אפן מענטשן, וואָס בייס דער זון האָט געלעבט, האָט ער אים ארויסגעטריבן פון שטוב, און נאָכן טויט האָט ער אף א פּאָר שאָ געוואָלט אים אהין אריײַנפירן... ארקאדי האָט זיך פאָרגעשטעלט, אז דאָס דארף זײַן ניט נאָר א גײַסטיקער, נאָר אויך א פיזישער קריפּל, און האָט איצט זיך אפילע פארכידעשט: דער מענטש, וואָס איז געשטאנען אנטקעגן אים, האָט געהאט א גאנץ אָנשטענדיקן אויסזען: העכער פון

מיטעלן ווּקס, אין דער מאָס פּולבלעך, אין טונקעלע ברילן, מיט ערשטער גראָווּר־קייט בא די שלייפן.

— איך מיין, אַז דאָס איז ניט קעדײַ צו טאָן, — האָט געזאָגט אַרקאַדי.

— פאַרוואָס?

— איך מיין, איר דאַרפט אַליין פאַרשטיין.

— איך פאַרשטיי ניט, — האָט זיך אָנגערופן דער פאָטער, — ווער זײַט איר און וואָס פאַר א שײַכעס...

— זייער א גרויסע שײַכעס, — האָט געענטפערט אַרקאַדי, — מיר זײַנען זײַנע כאַווײַרים.

— און איך בין זײַן פאָטער.

— שוין א פּאָר יאָר האָט וואַלערי באַם לעבן ניט איבערגעטראָטן אײַער שוועל, — האָט געזאָגט אַרקאַדי. — איך בין ניט זיכער, צי וואָלט ער עס וועלן איצט...

דער מענטש אין די טונקעלע ברילן — א פענכער, פון וועלכן מע האָט מיטאַמאָל אַרויסגעלאָזט די לופט.

— אַזוי מיינט איר? — האָט ער א מורמל געטאָן און איז ניט געוואָרן.

די טרונע האָט מען, אַלע מאָל זיך בײַטנדיק, געטראָגן ביז צו די ווערק־שטאַטן פון „סעלכאָזטעכניקאַ".

קוקנדיק אויף די נײַע געמויערטע ווענט פון די ווערקשטאַטן, האָט סעמיאָן יעווסייעוויטש זיך דערמאָנט: אַמאָל איז דאָ געווען די בירזאַבידזשאַנער עמטעעס, די ערשטע עמטעעס אין געגנט. מע האָט דאָ רעמאָנטירט רעדער־טראַקטאָרס. די עמטעעס איז דעמלט געשטאַנען ווײַטלעך אויסער דער שטאָט. אַצינד האָט שוין די שטאָט מיט אירע געמויערטע געבײַען פאַרנומען אָט דאָס אָרט און אַוועקגע־שפּאַנט ווײַטער.

דאָ האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. מענטשן איז פאַרבליבן ווייניקער, בלויז די, וואָס ווילן מיטגיין ביזן בעסוילעם. די טרונע האָט מען אַרויפגעשטעלט אויף דער מאַשין. ווי אין ערן־קאַראַול האָבן בא איר זיך אַוועקגעשטעלט פּאַפּאַיאַן און א באָכער פון וואַלעריס בוי־בריגאַדע. די אָנטיילנעמער פון דער פּראָצעסיע, דער אָרקעסטער האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין ספּעציעל באַשטעלטע גרויסע אַוטאָבוסן, און דער גאַנצער טרויער־קאָרטעזש האָט זיך א לאָז געטאָן אין ווײַטערדיקן וועג.

קוקנדיק אינעם דורכזיכטיקן אַוטאָבוס־גלאָז, האָט סעמיאָן יעווסייעוויטש זיך אָנגערופן צו שלימען, וואָס איז געזעסן באַנאַנד:

— דערקענסט כאָטש אָט דאָס אָרט?

— ווער קען עס דערקענען! — האָט זי געענטפערט.

— געדענקסט, אַמאָל, פאַר דער מילכאָמע, און שוין נאָך דער מילכאָמע אויך, — הילצערנע שטיבער, גערטענער — א דאָרף.

— ווען האָט מען עס דאָ באַוויזן אָנצושטעלן אַזויפיל מויערן? זיי ציִען זיך און ציִען...

מע איז פאַרבײַגעפאָרן דעם פלייש־קאָמבינאַט. אינדערווײַטנס האָט פון צווישן ביימער זיך א ווײַז געטאָן דער אַלטער בעסוילעם. דערנאָך האָט מען פאַרקערעוועט לינקס, געלאָזט הינטער זיך די גרויסע ביניאָנים פונעם גאַז־פאַנאַנדערטיילער און מיט א שמאָלן אָנגעשאָטענעם וועג אַרײַנגעפאָרן אין די טויערן פונעם בעסוילעם.

דאָ האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר די אויגן א נײַע שטאָט. אין דער לענג, אין דער ברייט, אויף וויפל עס פאַרכאַפּט דאָס אויג, — מאַצייוועס, דענקמעלער, טורעמ־לעך מיט שטערנדלעך, בלוי־געפאַרבטע צאַמען. אין דער ערשטער ריי, נעענטער צום אַרײַנגאַנג — נאָך פרישע, נעכטיקע און אייערנעכטיקע קרענץ, ניט פאַר־

װעלקטע בלומען. און א שטילקײַט — א גרױסע, א טיפֿע, א דורכזיכטיקע שטיל־קײַט...

אין יענער שטאָט, װאָס מע האָט געלאָזט דאָרט אױף א װײַל, הינטער די פּלײ־צעס, גײט, רױשט א לעבן — מע אַרבעט, מע בױט, מע לערנט, מע טרױמט, מע האָט ליב, מע האָט פֿײַנט, מע קושט זיך, מע שלאָגט זיך, מע זינגט, מע פּאָרט, מע פּליט, מע זוכט, מע פֿאַרלירט, מע געפֿינט — עס קאָכט און ברױזט א לעבן. דאָ, אין אָט דער צװײטער שטאָט, װאָס צעװאַקסט זיך אַלץ מער, — הערשט רו. דאָ האָט מען אָפּגעאַרבעט, אָפּגעטרױמט, אָפּגעזונגען, אָפּגעפּאָרן, אָפּגעפּלױגן, אָפּגע־לעבט... אַלץ פֿאַרלױרן און אײנס בלױז געפֿונען — רו, אײביקע רו...

מע איז אַרױס פֿון די אױטאָבוסן און צופֿוס אַװעק נאָך דער מאַשין. אונטער־טאַנצנדיק אױפֿן ניט גלײַכן באָדן, האָט זי פֿאַרקערעװעט רעכטס און געבליבן שטײן בײַ אַן אָפֿענעם קײװער. איבער אים האָט זיך הױך געהױפֿנט די אױסגעגראָבענע ערד. מע האָט פּאָרזיכטיק אַראָפּגעשטעלט די טרונע. דער אױלעם האָט זיך פֿאַ־נאַנדערגעשטעלט אַרום, װוּ עס האָט זיך געמאַכט.

אױף קײן לעװײַעס איז מאַרלענען נאָך ניט אױסגעקומען צו זײַן. זי האָט גע־װוּסט: מע גראָבט אױס א קײװער אױף אַראָפּלאָזן די טרונע. זי האָט זיך אָבער ניט פֿאָרגעשטעלט, אַז דער קײװער איז אַזױ טיף... זי האָט אַרײַנגעקוקט אין אים און אין שרעק געמאַכט א טראָט צוריק. פֿון דעם קײװער, האָט זי מיט קינדערשער שרעק א טראַכט געטאָן, װעט מען ניט קענען אַרױס... ערשט איצט איז צו איר אין דער גאַנצער מאָס דערגאַנגען: װאַלערי װעט מער ניט זײַן. ניט זײַן...

זי האָט זיך א װאַקל געטאָן. לעבן איר איז אױסגעװאַקסן אַרקאַדי, זי אָפּגע־פֿירט אין א זײַט.

אונטער דער טרונע האָט מען שױן אַרונטערגעפֿירט די גראָבע שטריק, אױף װעלכע מע װעט זי אַראָפּלאָזן אין קײװער. מע האָט נאָר געװאַרט — עפּשער װעט עמעצער עפּעס זאָגן? אַלעמענס בליקן האָבן זיך א קער געטאָן צו אַרקאַדין. פֿאַרװאָס, אײגנטלעך, צו אים? מע האָט געװוּסט: די לעצטע צײַט זײַנען זײ געװען זײער נאָענט, ער און װאַלערי. אַרקאַדי אַלײן האָט אױך געפֿילט: ער דאַרף זאָגן...

מיט א כמורנעם בליק האָט ער א קוק געטאָן אױפֿן אױלעם באַם קײװער.

— מיר געזעגענען זיך הײַנט מיט אונדזער כאַװער, — האָט ער געזאָגט. ס'איז געװאָרן אַזױ שטיל, אַז מע האָט דערהערט, װי פֿון אונטער עמעצנס פֿוס האָבן אין גרוב זיך אַראָפּגעשאָטן עטלעכע הרודקעלעך. פֿון א זײַט האָט זיך דערטראָגן א פֿרױיִש כליפּען. בײַ אַרקאַדין האָט עפּעס איבערגעכאַפּט דעם האַלדז, נאָר ער האָט זיך באַהערשט. — מע דאַרף קענען לעבן, װי א מענטש, — ער האָט פֿאַר־געזעצט שטיל, נאָר אַלע האָבן אים געהערט, — און מע דאַרף קענען שטאַרבן, װי א מענטש. — אַרקאַדי האָט א קוק געטאָן אַראָפּ, צו דער טרונע. — װאַלערי, ביסט נאָך געװען יונג. לעבן האָסטו זיך ערשט געלערנט. נאָר אומגעקומען ביסטו, װי א מענטש...

די מאַנצבלשע פּנעמער אַרום — פֿאַרשטײנערט. די פֿרױיִשע כליפּערײַ איז געװאָרן שטאַרקער. אַרקאַדי האָט העכער געזאָגט:

— מיר װעלן דיך געדענקען, װאַלערי...

דער קװאָרעסמאַן האָט פֿרעגנדיק א קוק געטאָן אױפֿן רעדנער — ער האָט שױן אַלץ געזאָגט אָדער ניט? — און דערזען, אַז יענער האָט געמאַכט א שפּאַן צוריק, געגעבן א שטומע קאָמאַנדע, מע זאָל צודעקן די טרונע. אין דער רגע האָט די שטילקײַט צעריסן א געיאָמער. א פֿרױ אין שװאַרצן איז צוגעפֿאַלן צו דער טרונע:

— זון מײַנער... זונעניו!..

װאַסילי קרילאָװ איז געשטאַנען דערבײַ, האָט ער אױפֿגעהױבן די פֿרױ. „גע־דאַרפֿט פֿריִער יאָמערן”, — האָט ער א טראַכט געטאָן, נאָר גאָרניט געזאָגט און

צוגעפירט די וויינענדיקע פרוי צום מאַן. יענער איז געשטאַנען גלײַך, מיט שטײַף צונויפגעפרעסטע ליפּן, און די טונקעלע ברילן האָבן נאָך מער אונטער־געשטראָכן די בלאַסקײַט פון זײַן געזיכט. נאָך דער לעווײַע וועט מען קומען אין שטוב, א שטוב פול מיט זילבער, גאָלד, קרישטאָל. אַף אײַנשאַפן עס האָט מען געפּאַטערט א לעבן. געווען א זון, האָט מען אים — ניט איצט, שוין לאַנג — פאַרלוירן. און די כפייצים זײַנען געבליבן. מיט זיי וועט מען לעבן — מיט טויטע כפייצים...

שלימע סאַמוילאָווונע האָט אָנגענומען א הויפן ערד און א וואָרף געטאָן אין אָפענעם קייווער. מאַרלענען האָט זי אויך געהייסן אזוי טאָן. ניט וויסנדיק, וואָס זי טוט, מעכאַניש, — די אויגן פאַרלאָפן מיט טרערן, — האָט מאַרלענע גענומען א הרודקע, וואָס האָט זיך צעקרישלט בא איר אין האַנט, און א וואָרף געטאָן אַראָפּ.

— איצט קום, — האָט איר געזאָגט די באָבע. נאָר זי האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

אַרקאַדי, די כעוורע פון זײַן בריגאַדע און פון דער בוי־בריגאַדע האָבן פלײַסיק אָרודעוועט מיט די לאָפּעטעס. אַלץ מער און מער ווערט פאַרשאָטן די טרונע. דאָס רויטע צײַג אַף איר באַהאַלט זיך, פאַרשווינדט צווישן געלער ליים און גרויען זאַמד. אונטער די הרודעס ערד איז נאָך געבליבן איין ניט גרויסער רויטער פלעק, — ווי א לעבעדיק אויג, האָט ער א ווײַלע אַרויסגעקוקט פון אונטערן שווערן טויט־צודעק, נאָר אָט איז ער אויך פאַרשוווּנדן. פולע לאָפּעטעס ערד זײַנען אַלץ געפאַלן און געפאַלן אין גרוב...

דער זיידע מיט דער באָבען האָבן קוים אָפּגעריסן מאַרלענען, וועלכע איז, ווי א פאַרשטיינערטע, געשטאַנען אַף אָט דעם אָרט, און האָבן זי מיט גוואַלד אוועקגעפירט.

די אַלטע גרינבוימס און מאַרלענע זײַנען אַראָפּ פונעם אַוטאָבוס אין צענטער שטאָט, ניט ווײַט פון זייער הויז. אַרקאַדי האָט זיך געזעגנט מיט זײַנע כאַווייריִם, וועלכע זײַנען געפאָרן ווײַטער, און איז אויך אַראָפּגעגאַנגען דאָ. ניט די אַלטע לײַט, ניט מאַרלענען האָט ער ניט געקאָנט איצט לאָזן אַליין.

אין שטוב האָט שלימע סאַמוילאָווונע געהייסן אַלעמען וואַשן די הענט. אזוי פירט זיך, ווען מע קומט פון בעסוילעם. זי האָט געוואָלט שטעלן צום טיש, נאָר אַלע האָבן זיך אָפּגעזאָגט.

— ווען וועט איצט עפּעס קריכן אין מויל? — האָט זיך אָנגערופן סעמיאָן יעווסייעוויטש.

בא אַרקאַדין איז געווען ביטער אַפן האַרצן.

— סײַדן א קעלישעקל, — האָט ער געזאָגט.

— דאָס קען מען, — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייעוויטש. אַרויסגענומען פון סערוואַנט א ניט גרויס גראַפינדל מיט ברוינלעך־געלער לימענע־שאָלעכץ אַפן דעק, האָט ער אָנגעגאָסן פיר קעלישעקלעך, אַרקאַדין א גרעסערס און דרײַ קלענערע. שלימע סאַמוילאָווונע האָט איר קעלישעקל בלויז צוגעטראָגן צו די ליפּן. מאַרלענע האָט א זופּ געטאָן און זיך קרענקלעך פאַרקרימט, סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט אויסגעטרונקען א העלפט.

— זאָל אים וווייך זײַן די ערד, — האָט געזאָגט אַרקאַדי און מיט איין שלונג אויסגעליידיקט זײַנס.

— עפּעס פאַרבײַסן? — האָט פאָרגעלייגט די באַלעבאָסטע.

— מע דאַרף ניט, — האָט געזאָגט אַרקאַדי.

מע איז געזעסן, געפּרוּווט פאַרפירן א רייד, נאָר קיין שמועס האָט זיך ניט געבונדן.

— איך קען ניט זיצן אין שטוב, — האָט אינגיכן געזאָגט מארלענע, — מירן זיך דורכגיין?

— גייט, קינדער, גייט, — האָבן אין איין קאָל זיך אָנגערופן די עלטערע לײַט.

דער טײַך אונטערן הויכן אָנשיט האָט געפּלוישט מיט די שנעל־פלייצנדיקע וואסערן.

לאנג זײַנען ארקאדי און מארלענע דאָ געשטאַנען, דערנאָך אוועק און ווידער אהער זיך אומגעקערט.

— וואָס איז הײַנט פאר א טאָג? — האָט געפרעגט מארלענע.

— שאבעס.

— און וואָס פאר א דאטע?

ער האָט געזאָגט.

— עמעס? — האָט זי איבערגעפרעגט און זיך געביטן אין פּאַנעם.

— וואָס איז, מארלענע?

— גאָרניט. זיך דערמאָנט....

— וואָס?

— ניט וויכטיק.

— אָבער פאָרט?

— אײַך זאָגט די דאטע גאָרניט?

— ניין.

— דארף מען ניט.

— נאָר איך וויל וויסן.

זי האָט אים א קוק געטאָן אין די אויגן:

— הײַנט... הײַנט האָט געזאָלט זײַן... די כאסענע...

— די כאסענע? הײַנט? — ער האָט פריִער וועגן דעם געוווסט, נאָר איצט איז דאָס אלץ שוין געווען אזוי ווײַט, אזוי אומגלייבלעך, אזוי אומעגלעך, אז ער האָט פארגעסן וועגן דעם צו טראכטן, און ווען זי האָט עס אים דערמאָנט, האָט ער זיך פארכידעשט: — הײַנט? די כאסענע?

— יאָ, — האָט זי געזאָגט, — הײַנט. אָנשטאָט דער כאסענע — א לעווײַע.

ער האָט לענגער געשוויגן, געזאָגט:

— עס זאָל ניט זײַן די כאסענע, האָט געמוזט זײַן א לעווײַע.

זיי זײַנען נאָך געשטאַנען, צוהערנדיק זיך צום רעגלמעסיקן גערויש פונעם וואסער אין טײַך, און לאנגזאם אוועק לענגויס דער דאמבע.

ס'איז געוואָרן טונקל, קיל. זיי זײַנען נאָך אלץ געגאַנגען און געשוויגן. ווער ווייסט... קיין שום רייד וואָלטן זיי, מעגלעך, ניט פארבונדן אזוי, ווי דאָס דאָזיקע שווײַגן.

## 13

דער הימל זוניק אויסגעלײַטערט, די ערד אין גאָלדיק־העלע אָנהייב־הארבסטיקע קאָלירן — אזא איז דער ווײַטמיזרעכדיקער כוידעש סענטיאבער. אין די מײַרעוודיקע קאַנטן פונעם לאנד — אף אוקראַיִנע, אין ווײַסרוסלאנד, אין די צענטראלע רוסלענדישע געגנטן, פונוואַנעט אזויפיל מענטשן זײַנען, ווער פריִער, ווער שפּעטער, אריבערגעפאָרן לעבן און ארבעטן אהער, אפן ווײַטן מיזרעך, — איז דער דאָזיקער כוידעש געוויינלעך שוין אן אָנגעכמורעטער, מיט גאָר זעלטענע זוניקע דורכלויכטן, מיט אָפטע נעפּלען, נודנע רעגנס. און דאָ — יאמען לויטער־קײַט שטראלן אראָפּ פון די אויסגעברייטערטע הימלען און נעמען זיך ארום, גיסן זיך צונויף אף דער ערד, איבער די סאָפּקעס מיט דער העלער פּאַליטרע פון די גראָזן אוןביימער, וואָס האָבן ביסלעכווײַז די גרינע קליידער פון זיך אויס־

געטאָן און, ווי צו א גרויסן יאָמטעוו, איין גיין־און־גאָלד זיך אַנגעצירט... ניטאָ די היצן פון יול, די שלאקסרעגנס און געוויטערן פון אווגוסט,— א ווארעמע רויִקע פראכט.

מער פון א כוידעש איז דורך נאָך וואלעריס לעוויַע, און פאר אָט דער גאנצער צײַט איז קימאט ניט געווען דער טאָג, ארקאדי און מארלענע זאָלן זיך ניט טרעפן. צוערשט האָט ער פּאָשעט מוירע געהאט נאָך אלעם איבערגעלעבטן לאָזן זי אליין, פונקט ווי דעם זיידן מיט דער באָבען אירע, און אזוי טאקע, און מיט א געפיל פון דאנקבארקייַט צו אים, האָט זי עס אופגענומען.

ווען ער האָט איין א פאָר וואָכן ארום געפּרוּווט זיך אָפּגעבן א שטיקל דין־וועכעזשבן אין זײַנע אייגענע געפילן, האָט עמעצער, אן אינוויניקסטער פארשוין אין אים, א זאָג געטאָן: „סטאָפּ, ארקאדי! מאכסט דעם אַנשטעל, אז דו מיינסט זייער טויווע — פון די אלטע גרינבוימס און זייער אייניקל?" — „וועמעס זשע?" — האָט ער זיך געפּרוּווט ניט ווינסדיק מאכן. „וועמעס? — האַט געענטפערט יענער אינוויניקסטער פארשוין, — דייַן אייגענע טויווע מיינסטו, אַט וועמעס!" — „יאָ, — איז ארקאדי זיך מוידע געווען, — אָן אָט די צוויי אלטע ווילע לייַט איז מיר שוועֶר אויסצוקומען". — „און אָן מארלענען?" — „אָן מארלענען אויך". — „אויך? — האָט איבערגעפרעגט דער אינוויניקסטער פארשוין. — און עפשער אָן איר — דעריקער?" — „עפשער", — האָט נאָכגעגעבן ארקאדי.

עפשער... דאָס האָט ער אויך געפּרוּווט לייגן זיך אליין. ניט עפשער, נאָר זיכער. זיכער נאָך זינט יענער סאמע ערשטער באגעגעניש, ווען ער האָט געמיינט, זי וועט זיך ניט אָפּשטעלן, זי וועט פארבייַגיין... דערנאָך זײַנען געווען יענע גליקלעכע אָוונטן, ווען זיי האָבן זיך באגעגנט, געשמועסט, און ער האָט שוין געמיינט ווער ווייסט וואָס... האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז ער האַט פארשפּעטיקט, זייער פארשפּעטיקט... נאָך דעם האָט געקאָנט פאָרקומען שרעקלעכס, און אלץ איז שוין גרייט געווען דערצו, אָט דאָס שרעקלעכס זאָל געשען... איז פאָרגעקומען שרעקלעכס פון אן אנדער מין. איין טראגישע געשעעניש האַט געשטערט פאָרקומען א צווייטער... פארבלענדעניש, בלאָנדזעניש — אלץ געווען. איצט איז אלץ פאָריבער.

און זי?

זי האָט לאנג ניט געקענט קומען צו־זיך. פאר איר נאָך ניט רייַפער נעשאָמע אזויפיל אומגעריכטע אנטפלעקונגען מיטאמאָל! דער, וועמען זי האָט געהאלטן פאר א מענטשן, וואָס איז ווערט צו ווערן איר לעבנס־פרייַנט, — אן אומלייַט. דער, וועמען זי האָט לייַכטזיניק און גרינגשעצעריש אוועקגעמאכט מיט דער האנט, האָט זיך ארויסגעוויזן פייִק אף א גרויס און שטארק געפיל, און אָט דאָס געפיל איז געווען — צו איר. דערוויזן האָט ער עס פּאָשעט — ער האָט אייַנגעשטעלט פאר איר זייַן לעבן, ווי א העלד. דער אומלייַט לעבט. וואלערי — ניט. און שולדיק אין אלץ איז זי — איר בלינדקייַט, איר ניט קענען באגרייַפן, ווו שאָטן, ווו שייַן...

ווער ווייסט, צי וואָלט זי דאָס אלץ געקאָנט איבערלעבן, ווען ניט נאָך א מענטש, וועלכן זי האָט אויך צוערשט ניט דערשאצט. אן אָוונט געדענקט זי. געזעסן איז זי צווישן צווייען. זיי האָבן געשטרייַט, אָט די צוויי. ניט וויכטיק — וועגן וואָס. קלאָר געווען — דאָס זײַנען אינגאנצן פארשיידענע מענטשן. יאָ, וועגן פּאָעזיע איז דאן אויך געווען א רייד. איינער האָט געזאָגט — פאר מענטשן איז זי נייטיק, דער אנדערער — ניט. מיטן גאנצן הארצן איז זי געווען מיט דעם, וואָס האָט געהאלטן — נייטיק. ווי זשע האָט זי נאָך דעם געקאַנט האָבן כאָטשבי א מינדסטע מאגע־אומאסע מיט יענעם, וואָס האָט געזאָגט — ניט? און געזאָגט האָט ער אזוי, ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, דאָך ניט צופעליק. דער דאָזיקער זאָג האָט געהאט פאָלגן, און נאָך וואָס פארא פאָלגן...

יאָ, מעגלעך, זי וואָלט דאָס אלץ ניט איבערגעלעבט, ווען ניט אָט דער מענטש, וועלכן זי האָט צוערשט ניט דערשאַצט. נאָר ער איז געווען מיט איר אַזוי איידל, אַזוי דעליקאַט, אַזוי צוטרוילעך־איבערגעגעבן, אַזוי קלוג און האַרציק, אַז דאָס האָט ביסלעכווײַז געלינדערט אירע ווייטעקן, געהאָלפן איר אײַן זיך אליין זיך פאַנאַנדערקלײַבן, פאַרשטיין דאָס, וואָס זי האָט פריִער ניט פאַרשטאַנען, באַנע־מען וואָס ניט באַנומען. מיט אים איז איר געווען לײַכט. מיט אים איז איר געווען גוט אפילו צו שווײַגן... איז זי געווען דאַנקבאַר פאַר דעם, און גאָר. וואָס נאָך? צוויי מענטשן האָט זי אָנגעווירן. צוויי מענטשן, וואָס יעדערער פון זיי האָט גע־קאָנט ווערן צו איר נאָענט. איינעם אָנגעווירן צום גליק, דעם אַנדערן — צום אומגליק. האָט זי ניט געקליבן זיך אַזוי גיך זוכן אַ דריטן. און אַרויסגעוויזן האָט זיך: אָט איז ער, דער דריטער, לעבן איר...

נאָר באַנומען האָט זי עס אויך ניט באַלד.

קימאַט אַלע אָוונט קומט אַרקאַדי אַרײַן צו זיי אין שטוב. מע זיצט באַם טיש, מע טרינקט טיי, מע שמועסט וועגן פאַרשיידענע זאַכן. דער זיידע דערציילט עפּעס וועגן אַמאָליקע צײַטן, ווען ניט זי, ניט אַרקאַדי זײַנען נאָך אויף דער וועלט ניט געווען, — וועגן דער מילכאָמע אָדער גאָר וועגן עפּעס נאָך פון פאַר דער מילכאָמע. דערנאָך גייען זיי אַ ביסל אַרויס אויף דער פרישער לופט — צו דער דאַמבע אָדער גלאַט איבער דער שאָלעם־אַלייכעם־גאַס, ביז צו דער בריק און צוריק, וועגן עפּעס שמועסט מען, צי מע שווײַגט, — ניט וויכטיק.

איינמאָל איז אַרקאַדי אין אָוונט ניט געקומען. מאַרלענע האָט געוואַרט אויף אים. געווען זיכער, אַז, ווי אַלע מאָל, וועט ער זײַן. נאָר — ניטאָ. ס׳איז שוין אַכט אַזייגער, נײַן, — ניטאָ. זי האָט זיך באַזעצט אויף איר טאַכטאַ מיט אַ ביכל. נאָר אינגיכן עס אָפּגעלייגט און אַוועק צו דער באָבען אין קיך.

— באָבע, איך וויל דיר עפּעס העלפן. וואָס זאָל איך דיר העלפן?

— מע דאַרף מיר גאָרניט העלפן, — האָט די באָבע געזאָגט, — כ׳וועל זיך ספּראַווען מיט מײַנע אַרבעטן אַליין.

— אָבער איך וויל דיר העלפן!

— נו, אויב דו ווילסט, אָט איז די שיסל מיט שוואַרצער סמאָראָדינע, כ׳קלײַב זיך מאַכן וואַרעניע, קלײַב אַ ביסל איבער די יאַגעדעס.

— צו וואָס איבערקלײַבן? — האָט געפרעגט מאַרלענע, אַ קוק טוענדיק אין שיסל. — ס׳איז גוטע יאַגעדעס, איינס אין איינס.

— אַזוי דוכט זיך, אַז מע טוט אַ קוק פון אויבנוף. און אַז מע קוקט זיך צו בעסער, וועסטו געפינען צווישן זיי צעקוועטשטע יאַגעדעס אויך און צוגעפּויל־טע. דאַרף מען זיי אַרויסנעמען, זיי זאָלן ניט קאַליע מאַכן. און ווו ס׳איז דאָ אַ שטענגעלע — אָפּרײַסן, אַ בלעטעלע — אַרויסוואַרפן. מיט מענטשן, מײַן קינד, איז אויך אַזוי.

— וואָס — מיט מענטשן?

— פון ערשטן קוק דוכט זיך: אַלע גוטע, אַלע וווילע, ווי דו זאָגסט, — איינס אין איינס. און אַז מע קוקט זיך צו נעענטער...

מאַרלענע האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. די באָבע האָט געטאָן אירס און פון מאָל צו מאָל געכאַפּט אַ קוק אויפן אייניקל.

— מאַרלענע, — האָט זי מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן, — אויף דער אַרבעט איז בא דיר אַלץ אין אָרדענונג?

— וואָס זשע? — האָט יענע אופגעהויבן די אויגן.

— כ׳מיין, עפּשער עפּעס אַן אומאָנגענעמלעכקײַט, כ׳ווייס...

— ניין, וואָס איז דען?

— עפּעס זעסטו הײַנט אויס... ניט אַזוי...

— ס׳דאַכט זיך דיר.

— נו־נו, — האָט א מאך געטאָן די באָבע, — אבי גוט.
מארלענע האָט נאָך א ביסל זיך געפּאָרעט מיט די יאגעדעס און זיך א הייב געטאָן, ווי עפּעס זאָל זי אונטערטראָגן פון אָרט.
— אוי, באָבע, ס'איז דאָך אזא נודנע ארבעט! גיב, וועל איך דיר בעסער העלפן טאָן עפּעס אנדערש.
— גיי, גיי, מײַן קינד. כ'האָב דאָך געזאָגט, מע דארף מיר גארניט העלפן, כ'וועל זיך ספּראַווען אליין.
— אוי, באָבעניו, ביסטו א גוטע! — מארלענע האָט זי א טשמאָק געטאָן אין באק און איז ארויסגעלאָפן פון קיך.
שפּעטער א ביסל איז אין קיך ארײַנגעקומען סעמיאָן יעווסייעוויטש.
— דו באמערקסט כאָטש, — האָט זיך אָנגערופן שלימע, — אז מיט אונדזער מארלענאָטשקען קומט עפּעס פּאָר?
— וואָס זשע, כ'בין א בלינדער?
— וואָס זשע זאָגסטו?
— וואָס זאָל איך זאָגן?
— דו פארשטייסט כאָטש עפּעס?
— וואָס זשע, כ'פארשטיי ניט?
— און איך, שימענקע, בין, ווײַזט אויס, טאקע א נארישע ייִדענע. איך פאר־שטיי גאָרניט. נו, געווען אזא איבערלעבונג. איז דאָך שוין אוועק א צײַט...
— יענע איבערלעבונג איז איין זאך, — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייע־וויטש, — ס'איז שוין דאָ א נײַע...
— וואָס נאָך?
— שרעק זיך ניט, — האָט געזאָגט דער מאן, — דאָס איז שוין דאפקע גוט.
— וואָס זשע?
— אײַ, שלימע, שלימע, ווײַבער דארפן אופכאַפּן אזא זאך מיטן ניוך...
— בין איך שוין, אפאָנעם, טאקע אלט...
— דו זאָלסט אזוינס זאָגן? — ער האָט ניט געשיקט זי א גלעט געטאָן איבערן קאָפּ. — וואָס פארשטייסטו ניט? ער איז דאָך הײַנט ניט געקומען...
— ווער? ארקאַדי?
— נו...
— איז וואָס זשע?
— אָט האָסטו דיר „איז וואָס זשע?". קען זי זיך קיין אָרט ניט געפינען...
— סײַדן, סײַדן, — האָט א מאך געטאָן די באָבע. — אז ער איז אין איר פאר־ליבט, — זעט מען פון לאנג. אָבער — זי? אויך?
— ס'א סוואָרע. געדענקסט, שלימע, כ'האָב דיר געזאָגט: מע קען נאָך גאָרניט וויסן...
— כ'געדענק. האָסט געזאָגט. ביסטו טאקע א כאָכעם, שימענקע, זעסט פאר א מײַל... פארזוך, בעט איך דיך, א פּאָר יאגעדעס...
אף מאָרגן איז ארקאדי אויך ניט געקומען. ער האָט אָנגעקלונגען, אָבער שוין שפּעט. ביז דעם איז מארלענע די ערשטע צוגעלאָפן אף יעדן טעלעפאָן־קלונג. צוויי מאָל האָט מען געקלונגען דעם זיידן, דרײַ מאָל דער באָבען, א פּאָר מאָל האָט מען אָנגענומען ניט דעם נומער. מארלענע איז געווען אויסער־זיך. מער האָט זי באשלאָסן צום טעלעפאָן ניט צוגיין. זי האָט גאָרניט געקאָנט פארשטיין, — ניט וואָס איז געשען מיט אים, ניט וואָס קומט פּאָר מיט איר? ענדלעך, שוין שפּעט אין אָוונט — נאָך א טעלעפאָן־קלונג. צוגעגאנגען איז די באָבע.
— מארלענע, דיך.
זי געדענקט ניט, ווי זי איז צוגעלאָפן, נײן, צוגעפלויגן צום טעלעפאָן, ארויס־געכאַפּט בא דער באָבען דאָס טרײַבל:

— אלאָ!
— מארלענע?
— וואָס איז געשען?
— ערשט זיך פארענדיקט א פארטיי־פארזאמלונג.
— און נעכטן?
— א בעראטונג פון ראציאָנאַליזאטאָרס.
— פארוואָס ניט אָנגעקלונגען?
— שפעט פארענדיקט.
— און מאָרגן?
— דערוויַיל זעט זיך גאָרניט פאָר. כ׳וועל קומען.
— קום...
— וואָס? וואָס?
— קומט, זאָג איך.
— א....
— „א־א״, — האָט זי האלב לוסטיק, האלב אומצופרידן אים איבערגעקרימט, — מע דארף קומען!
נאָר אף מאָרגן איז ער אויך ניט געקומען. גאָר אומגעריכט — א זיצונג פון קאָמיוג־קאָמיטעט. איבערמאָרגן — איר דעזשורסטווע אין שפיטאָל.
א וואָך צייַט האָבן זיי זיך ניט געזען.
מארלענע איז געווען אליין אין שטוב. דער זיידע — אין קלוב אף א לעקציע וועגן דער צווישנפעלקערלעכער לאגע, געקומען א לעקטאָר פון מאָסקווע.
די באָבע — בא א שכיינע.
די אייבערשטע ליוסטרע איז אויסגעשלאָסן. א שלאבעריקע גרינבלעכע שייַן פאלט פונעם טאָרשער אף דער טונקעלער טאכטא, אף מארלענען, אפן פרישן נומער פון דער הייַנטיקער צייַטונג, וועלכן זי האָט ערשט אוועקגעלייגט. אין קאָפּ — קיין שום געדאנקען, אזוי — א וועבעניש, און וואָס וועבט זיך דאָרט, ניט צו וויסן. אין הארצן — פוסטלעך. עפעס נאָגט...
א קלונג. אין טעלעפאָן? ניין, אין טיר. די באָבע?
— באלד. — מארלענע האָט פויל זיך אופגעהויבן, אוועק עפענען.
זי האָט געמאכט א שפאַן צוריק. אין דער אָפענער טיר — ארקאדי.
א הייסע כוואליע האָט איר א שלאָג געטאָן צום הארצן. און גלייַכצייַטיק דער ערשטער געדאנק: ניט אריַינלאָזן, זאָל ער וויסן... נאָר ער איז שוין געשטאנען פון דער זייַט שוועל, און זי האָט געטאָן אזוינס, וואָס זי האָט זיך גאָר ניט גע־קליבן טאָן: צוגעפאלן מיט א געוויין צו זייַן אקסל:
— ווי קאָן מען? ווי קאָן מען פארפאלן ווערן אזוי לאנג?
פון אומגעריכטקייַט האָט ער די ערשטע רעגעס ניט געוווסט וואָס צו טאָן. דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט, אז ער האָט הענט. האָט ער מיט איינער צוגע־מאכט הינטער זיך די טיר, די אנדערע ארופגעלייגט פאָרזיכטיק איר אפן אקסל. דערפילט זייַן האנט, האָט זי פיבערהאפט זיך צוגעדריקט צו אים.
— מארלענע... — ריידן האָט אים געשטערט דאָס אייגענע הארץ. ס׳האָט אים ערגעץ אָנגעשפארט באַם האלדז. — וואָס איז געשען, מארלענע?
זי האָט א קוק געטאָן אף אים:
— פארגעסן מארלענען?
ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען אזוי נאָענט אירע אויגן. פון די טרערן, וואָס זייַנען אין זיי פינקלענדיק געשטאנען, האָבן זיי אויסגעזען גרעסער. אים האָט פארפעלט אָטעם. אומגעריכט פאר איר און פאר זיך אליין, האָט ער זי א כאפ געטאָן אף די הענט:
— וווהין דיך טראָגן? זאָג...

זי האָט געקוקט אַף אים מיט די נאָך ניט אויסגעטריקנטע אויגן.
— אַפן דאַך?
— אַפן דאַך...
— אַפן מאַרס?
— וווּהין דו ווילסט...
אַף די הענט, ווי א קליין קינד, האָט ער זי אַרײַנגעטראָגן צו איר אין צימער און אַראָפּגעלאָזט אַף דער טאַכטאַ.
זיי זײַנען אַף דער דאָזיקער טאַכטאַ געזעסן איינער קעגן אַנדערן און גערעדט שטיל־שטיל, קיינער זאָל, כאָלילע, ניט דערהערן, כאָטש אין שטוב זײַנען זיי געווען אַליין.
— אין טעלעפאָן... ווען כ׳האָב נעכטן גערעדט מיט דיר אין טעלעפאָן, — האָט ער געזאָגט, — האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דו האָסט געזאָגט: „קום״...
— כ׳האָב טאַקע געזאָגט: „קום״...
— פאַרוואָס זשע האָסטו זיך פאַרכאַפּט און געזאָגט: „קומט״?..
— כ׳בין געווען אַף דיר בארויגעז.
— פאַרוואָס איך קום ניט?
— יאָ.
— זײַנען דאָך געווען סיבעס.
— אַלצייִנס.
— נאָר דו ווייסט, — האָט ער געזאָגט, — ווען מיר האָבן זיך געזען מיט דיר אַלע טאָג, אַזויפיל טעג נאָכאַנאַנד, האָב איך ניט געמיינט, אַז אויב מיר וועלן זיך ניט זען, וועט עס זײַן אַזוי שרעקלעך... פאַר דיר.
זי — שטיל:
— איך האָב אויך ניט געמיינט.
— און איצט?
— איצט ווייס איך...
— וואָס ווייסטו?
זי האָט אופגעהויבן די אויגן, אין זיי האָבן נאָכאַמאָל א פינקל געטאָן טרערן. האָט ער זיך אָנגעבויגן און געגומען די דאָזיקע טרערן אויסקושן...

## 14

די הימלען זײַנען ברייט צעפראַלט. אין דער הויכער צעפראַלטקײַט זייערער גיסן זיך איבער שטראָמען ליכט. דער הימל, די ערד פּראַווען א יאָמטעוו פון העלע, בונטע קאָלירן. אַלע שאַטירונגען פון רויט, ברוין, געל, אָראַנזש פינקלען, פלאַטערן אין די סקווערן, אַף די גאַסן, אַף די נאָענטע סאָפּקעס. אַף ווײַטע — אויך, נאָר יענע באַהאַלטן אויס זייער בונטקאָליריקייט אונטער בלווילעכע שלייערס. וואָס ווײַטער, איז די בלויקײַט אַלץ מער צעפירט, און גאָר ווײַט — דורכזיכטיקע רויכלעך, ניט מער...
סענטיאַבער? ניין, מײַי! — אַזוי העל, אַזוי ליכטיק... האַרבסט? ניין, זומער! — אַזוי וואַרעם, פריש. געלע, רויטע, אָראַנזשעווע בלעטער... וועלקונג? ניין. יעדע צײַט פון יאָר פאַרמאָגט איר צירונג, איר יאָמטעוו. נאָר א פולקײַט, אַזא שעפעדיקע פולקײַט, פאַרמאָגט נאָר איין צײַט פון יאָר — האַרבסט...
צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן האָבן אַרקאַדי און מאַרלענע אויך איבערגעלעבט אַזא געפיל, ווען דאָס האַרץ איז פול, ווי אַן אויג, ווי אַן עמער מיט פרישער, ערשט־אָ פון ברונעם אָנגעשעפּטער וואַסער, — א מינדסטן נייג, און עס גיסט זיך אַריבער...
זײַנען זיי אַרומגעגאַנגען ביידע, ווי אַף אַן אַנדערער, א שפּאָגל־נײַער וועלט,

וואָס ניט אַלע האָבן די זכיה איר שוועל אַריבערצוטרעטן, נאָר זיי אָט איז עס דערלויבט געוואָרן און זיי זײַנען אַריבערגעטראָטן... און יעדערער באַזונדער האָט דערפילט אין האַרצן אַן אוצער און האָט זיך אַליין ניט געגלייבט... איז מען צוזאַמען, איז דער אוצער מיט זיי... האָט מען זיך, מעג זײַן ניט אויף לאַנג, צעשיידט, האָט מען גלײַך געגומען צווייפלען, מוירע געהאַט, צי איז ער טאַקע דאָ, אָט דער אוצער... און עפּשער ווײַזט זיך עס נאָר אויס? עפּשער האָט זיך עס בלויז געכאָלעמט? האָט מען געאײַלט אײנס צום אַנדערן, גיכער אַ קוק טאָן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן, איבערצײַגן זיך, אַז דער אוצער איז מיט זיי...

און טאָמער האָט מען זיך אָן אָוונט אָדער צוויי ניט געזען, — באַ אים אַ זיי־צונג, אַ באַראַטונג, באַ איר אַ דעזשורסטווע, — האָט זיך אויסגעוויזן — ס׳איז דורך אַ יאָר. און האָט מען זיך נאָך אַזאַ איבערײַס געטראָפן, האָט מען זיך ניט געקאָנט צו זאַט אָנריידן, אָנשוויַיגן...

— ווייסט, אַרקאַדי, — האָט זי אים איינמאָל געזאָגט, — ווי האָט עס געקאָנט זײַן? מיר זײַנען מיט דיר געוואַקסן, געלעבט אין איין שטאָט און אַזוי לאַנג זיך ניט באַגעגנט.

— איך פרעג דאָס אייגענע באַ דיר...

— און ווי האָט עס געקאָנט זײַן, — האָט זי ווײַטער געפרעגט, — שוין נאָך דעם, ווי מיר זײַנען מיט דיר געוואָרן באַקענט, שוין נאָכדעם, ווי דו ביסט געקור־מען פון סאַנאַטאָריע, — אויך...

— איך פרעג באַ דיר.

— באַ מיר, באַ מיר, — האָט מאַרלענע זיך אָנגערויגעוזט, — פאַרוואָס פרעגסטו ניט באַ זיך?

— באַ זיך האָב איך ניט וואָס צו פרעגן. פונעם ערשטן אויגנבליק, ווען איך האָב דיך דערזען, האָב איך...

— האָסטו וואָס?

— מע דאַרף נאָך ריידן?

— מע דאַרף, מע דאַרף!

— באַקומען דיך ליב.

— ניט עמעס.

— פאַרוואָס?

— ווײַל ווען ס׳זאָל זײַן עמעס, וואָלסטו אַנדערש...

— וואָס וואָלט איך אַנדערש?

— זיך געפירט.

— ווי זשע?

— ביסט דאָך גרייט געוואָרן מיך אָפּגעבן. אָפּגעטראָטן אין אַ זײַט...

— כ׳האָב געמיינט, אַז איך האָב ניט קיין רעכט... געמיינט, אַז דו...

זי האָט אים אַרופגעלייגט די האַנט אויפן מויל.

— גענוג, מע דאַרף ניט... איך רעד נאַרישקײַטן. לאָמיר מער קיינמאָל דערפון ניט ריידן...

אַ צווייט מאָל — זי:

— דו ווייסט, אַרקאַדי, אַמאָל דאַכט זיך מיר, אַז מיר קענען זיך שוין מיט דיר לאַנג, לאַנג, פון אייביק אָן. מיר האָבן זיך גאָר קיינמאָל ניט אויפגעהערט קענען...

— מיר דאַכט זיך אויך...

אין איינעם אַ רו־טאָג האָט ער איר פאָרגעלייגט:

— לאָמיר זיך אַרײַנזעצן אין אַן אַווטאָבוס און פאָרן.

— וווהין?

— וווהין־ניט־איז.

— לאָמיר!
ער — מיט אַ שטראַלנדיקן בליק:
— איך ווייס אַן אָרט. ווילסט?
— איך וויל.
זיי האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין אַן אויטאָבוס, וואָס גייט קיין ביראָפּעלד. אַף האַלב וועג אַראָפּגעשטיגן, און ער האָט זי אַוועקגעפירט אין וואַלד, צו אַן אָזערע.
— ווי שיין דאָ איז! — האָט זי מיט פאַרכאַפּונג אויסגערופן.
— דאָ, — האָט ער דערציילט, — האָבן די אַרבעטער פון אונדזער צעך איינמאָל פאַרבראַכט צוזאַמען אַ שיינעם זומער־טאָג.
ער האָט אָפּגעזוכט דעם הויכן צעדער, אונטער וועלכן זיי האָבן אין יענעם טאָג געשמועסט מיט וואַסילי קרילאָוון, האָט אויסגעשפּרייט זײַן פּידזשאַק. ביידע האָבן זיך צוגעזעצט.
— דעמאָלט איז אַלץ דאָ געווען גרין, — האָט אַרקאַדי געזאָגט.
— איצט איז אַרום — לויטער גאָלד, — האָט באַמערקט מאַרלענע.
— יאָ, דאַכט זיך, גאָר ניט לאַנג איז עס געווען, סאַכאַקל אַ פּאָר כאָדאָשים, און ס׳איז שוין גאָר אַן אַנדער צײַט... — ער האָט אַ קוק געטאָן אין איר גאַפנדיקן בליק און צוגעגעבן: — איך האָב נאָך דעמאָלט ניט געוווּסט, צי וועל איך דיך געפינען...
— האָסט מיך דען געזוכט?
— יאָ. — ער האָט איר דערציילט וועגן זײַן געשפּרעך מיט קרילאָוון, ווי יענער האָט געפרעגט: „זוכסט אַ זשוראַוול אין הימל?” און ווי ער, אַרקאַדי, האָט געענטפערט: „יאָ, קיין סיניצע דאַרף איך ניט...” — דערפאַר האָב איך געוואָלט, — האָט ער פאַרענדיקט, — קומען מיט דיר אַהער, אַף דעם אָרט... דעמאָלט האָב איך גאָר וועגן דיר ניט געוווּסט. און איצט...
— און איצט?
— איצט ביסטו דאָ, מיט מיר... צוזאַמען... — ער האָט זיך אַ נייג געטאָן צו איר, געוואָלט זי אַ קוש טאָן, נאָר אין דער רעגע האָט זיך פּלוצעם דערהערט אַ שאַרך צווישן די ביימער. זיי האָבן זיך פאַרטײַעט. קעגן זיי איז אַרויסגעשפּרונגען אַ יונגע קאָסוליע. די לאַנגע פיסלעך פאַנאַנדערגעשטעלט, ציטערן. דאָס קליינע קעפּל פאַרוואָרפן אַרויף, די אויערלעך אָנגעשפּיצט, די נאָזלעכער פּלאַטערן, די גרויסע שוואַרצע אויגן פול מיט ווילדער שרעק... אַזוי האָט געדויערט אַן אויגנבליק, ניט מער. אַ שפּרונג, און די קאָסוליע איז צווישן די געלע קוסטעס און ביימער ניט געוואָרן.
— דו ווייסט, — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט, — די אויגן בא דיר, ווי בא אָט דער קאָסוליע...
— אוועלכע?
— דערשראָקענע. האָסט זיך איבערגעשראָקן?
— פּלוצעם אַזוי... פונוואַנעט איז זי אַרויסגעשפּרונגען?
— פון ערגעץ פאַרבלאָנדזשעט. דאָס טרעפט אין אָט די ערטער.
— האָסט גוט געטאָן, — האָט זי עטוואָס שפּעטער געזאָגט, — וואָס האָסט מיך געבראַכט אַהער. איך בין דיר דאַנקבאַר.
— כ׳האָב געוווּסט — דיר וועט דאָ געפעלן.
— צי ווייסטו אָבער כאָטש, צוליב וואָס דו האָסט מיך אַהער געבראַכט?
— מיר זאָלן דאָ מיט דיר אַ ביסל פאַרברענגען.
— ניין.
— וואָס זשע?
— פריִער האָב איך אויך ניט געוווּסט. איצט ווייס איך: מיר זאָלן באַגעגענען אָט די קאָסוליע... זי איז דאָך אַרויסגעשפּרונגען אונדז אַף מאַזל. פאַרשטייסט? קום!..

— ביסט א פאנטאזיאָרקע, מארלענע... — ער האָט זי לײַכט ארומגענומען מיט איין האנט, מיט דער אנדערער אונטערגעכאפט פון דער ערד דעם פידזשאק, און זיי האָבן זיך א לאָז געטאָן אראָפּ, צום וועג.

אין איין זײַט — צו די ווײַט־בלויע סאָפּקעס, אין דער אנדערער — צו דער שטאָט, האָט דער וועג זיך געצויגן א לאנגער, א שמאָלער און א פּוסטער. ניט קיין מענטש, ניט קיין מאשין.

— מיינסט, מיר וועלן זיך דאָ דערוואַרטן אפן אווטאָבוס?

— ווער דאַרף דעם אווטאָבוס? — האָט ער געזאָגט.

— רעכנסט אויס אף א מאשין?

— ווער דאַרף א מאשין?

— ווי זשע?

— צופוס! אָט אזוי...

— פופצן קילאָמעטער?

— איז וואָס?

— אף מײַנע קנאַפּל? — זי האָט א ווײַז געטאָן אף אירע ווײַסע טופליעס.

— ווער דאַרף די קנאַפּל דײַנע? — אף זײַנע שטאַרקע הענט האָט ארקאַדי א כאַפּ געטאָן מארלענען און געלאָזט זיך מיט איר לויפן.

— מעשוגע! — האָט זי א געשריי געטאָן און זיך צוגעדריקט צו אים.

אנטקעגן איז געלאָפן דער אספאַלטירטער וועג. אינגאנצן א גאָלדיק דורכגעשטראַלטער, איז בא דער זײַט געלאָפן דער וואַלד. זי, א לײַכטע, קימאַט א וואָגלאָזע, איז געלעגן אף זײַנע הענט, און ער איז אַלץ גיכער מיט איר געלאָפן. דער ווינט האָט אָפּגעטראָגן אף צוריק זײַנע האָר...

— מעשוגע, מעשוגע! — האָט זי געשרײַען און שטאַרקער געטוליעט זיך צו אים...

15

— איך מוז וויסן וועגן דיר אַלץ, — האָט זי געזאָגט.

— דו ווייסט.

— וואָס דו טראַכסט...

— ווייסט.

— וואָס דו טוסט...

— ווייסט.

— ווו דו ארבעטסט...

— ווייסט...

— ניין, איך ווייס ניט. כ׳בין נאָך בא דיר אפן זאַוואָד קיין איין מאָל ניט געווען.

— און איך — בא דיר אין שפּיטאָל.

— דאָס איז דאַפקע גוט...

— כ׳מיין — א קוק טאָן.

— ניטאָ וואָס צו קוקן. כאַלאָים. ניט אינטערעסאַנט. אָבער אפן זאַוואָד...

האָט ער אין איינעם, שוין א קילן, אָבער נאָך זוניק־לויטערן סענטיאַבער־טאָג זי געבראַכט אפן זאַוואָד. ספּעציעל געגומען צוליב דעם אן „אָטגול"[1], באַקומען פאַר איר א דורכלאָז־שײַן און געפירט זי איבער אַלע צעכן, פון איינעם אין אנדערן.

מיטאַמאָל ווי קלענער געוואָרן און א דערשראָקן שטיל געבליבענע איז זי געשטאַנען אינעם ריזיקן שמיד־צעך, און אַלץ אין איר האָט אופגעציטערט מיט

[1] אן ארויסגאַנג־טאָג.

יעדן דונערדיקן קלאַפּ פון די פּילטאָניקע האַמערס. אַ געדיכטער טונקעלער שטויב, אַ געמיש פון ערד, אַש און אײַזן האָט געמאַכט גרויזאַם־אײנטאָניק אַלץ אַרום. ווי העלישע אינדזלען האָבן געלויכטן די שמיד־אויוונס. עס האָט געשמעקט מיט אַ האַרבן געמיש פון איבערגעברענטע שטיינקוילן און אײַזנגלוט. מאַרלענע האָט ניט געקאָנט אָפּרײַסן דעם בליק פון די שטיקער אײַזן, וואָס האָבן געגליט אין די אויוונס. אָט גיסן זיי זיך אָן מיט אַ געדיכטער רויטקײַט, ווי מיט לעבעדיק בלוט, דערנאָך ווערן זיי פּלאַמיק ווײַס, ניט אונטערצושיידן שוין פון די הייסע לאַנגע צינגער, וואָס פּלאַקערן אַרום זיי. מיט אַ געניטער האַנט אַ כאַפּ, און אָט ליגן שוין שטיקער זון אויף די קאַלטע קאָוואַדלעס און עס יאָגט אַוועק איבער זיי אַ האָפּקענדיקער טאַנץ. פונקען, טויזנטער פונקען שפּריצן אין אַלע זײַטן. אַ פּאַרטויבנדיקע קלאַפּעררײַ טרייסלט אויף די אָנגעהיצטע לופט...

אַרקאַדי האָט איר עפּעס געזאָגט, נאָר מאַרלענע האָט ניט געהערט. זי האָט אים געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ניט געקענט.

דערנאָך — אין טערמאָ־צעך, אין גוס־צעך, בײַ די אווטאָמאַטן און האַלב־אווטאָמאַטן אין אינסטרומענטאַל־צעך.

אין מאָנטאַזש־צעך האָט מאַרלענע מיט גרויס נײַגער געקוקט, ווי פון באַזונדערע טיילן ווערט צונויפגעשטעלט דער קאָמבײַן, ווי מע טוט אויף אים אָן די רויפן.

— אַזוי ווי טאַנקען, — האָט זי געזאָגט.

— יאָ, פרידלעכע טאַנקען, — האָט געענטפערט אַרקאַדי, — פאַר שווערע, נאַסע ערד־מאַסיוון, אויף אַראָפּנעמען גוטע גערעטענישן.

שפּעטער זײַנען זיי אַרויסגעקומען אויפן גרויסן פּלאַץ, וווּ עס זײַנען געשטאַנען די פאַרטיקע קאָמבײַנען, שוין גרייט צום אָנלאָדן אויף די פּלאַטפאָרמעס. די שפּאָגל־נײַע מאַשינעס האָבן מיט דער פרישער העלער פאַרב יאָמטעווודיק געפינקלט קעגן דער זון מיט יעדן זייער טײלעכל באַזונדער.

— דאָ זעסטו, — האָט אַרקאַדי געזאָגט, — דעם סאַכאַקל פון אונדזער אַלעמענס אַרבעט. אין די צעכן, וווּ מיר זײַנען מיט דיר געווען, ווערן געמאַכט באַזונדערע טיילן, דעטאַלן, קאָמפּאָנענטן צו דעם, וואָס דו זעסט דאָ. יעדער צעך, יעדער באַציר, יעדער אַרבעטער האָט דאָ זײַן כיילעק.

— און וווּהין שיקט מען זיי אָפּ, אָט די מאַשינעס? — האָט מאַרלענע געפרעגט.

— אין אונדזערע ווײַטמיזרעכדיקע סאָווירטן און קאָלווירטן, קיין סיביר, קובאַן, קאַזאַכסטאַן... און אָט יענע פּאַרטיע, — ער האָט איר אַ ווײַז געטאָן רעכטס, — איז אויף עקספּאָרט. זי וועט אַוועקגיין אויף קובע, קיין וויעטנאַם...

— אַזש קיין קובע, וויעטנאַם? — האָט זי זיך פאַרכידעשט.

— יאָ. וואָס זשע, האָסט ניט געלייענט, אַז מיר שיקן אונדזערע קאָמבײַנען קיין אויסלאַנד אויך?

— געלייענט, נאָר עפּעס ניט פאָרגעשטעלט זיך עס קאָנקרעט. וועלן אָט די מאַשינעס אונדזערע, זאָגסטו, זײַן אויף קובע, אין וויעטנאַם?

— יאָ.

— פון בירָאָבידזשאַן — אויף קובע? — האָט זי פאַרטראַכט אַ פרעג געטאָן.

אַ ווײַלע האָבן זיי געשוויגן, און ער האָט געזאָגט:

— ווייסט, מיר איז אין אויסלאַנד נאָך ניט אויסגעקומען צו זײַן. נאָר אָט די מאַשינעס אונדזערע גייען קיין קובע, וויעטנאַם, בולגאַריע, איראַק און אין אַנדערע לענדער. און אין יעדערער פון אָט די מאַשינעס ליגט מײַן אַרבעט. הייסט עס, טראָגן זיי אָפּ אַהין אַ לעבעדיקן גרוס פון אַרקאַדי סאַטאַנאָווסקין אויך... און אויב איך וועל טאָן מײַן אַרבעט שלעכט, וועט עס זיך אָפּרופן ניט נאָר דאָ, אָפּן אָרט, וווּ איך אַרבעט, נאָר אויך דאָרט... דאַרף איך, אויב אַזוי, טאָן מײַן אַרבעט גוט, זייער גוט, איך זאָל האָבן אַ ריינעם געוויסן. פאַרשטייסט, מאַרלענע?

— כ׳פֿארשטיי.

— איך ארבעט, — האָט ער פֿאַרגעזעצט, — אין בירָאָבידזשאַן, — נאָר דורך מײַן ארבעט בין איך פֿארבונדן מיט דער גאנצער וועלט.

— און די וועלט מיט דיר?

— יאָ.

— און מיט מיר? — האָט, אײַפֿערנדיק אים צו דער גאנצער וועלט, געפֿרעגט מארלענע.

— מיט דיר אויך.

— איך ארבעט דאָך ניט אויס קיין קאָמבײַנען, וואָס גייען קיין אויסלאנד.

— היילסטו מענטשן.

— איך הייל אונדזערע, היגע, בירָאָבידזשאנער...

— איז וואָס?

— וואָס זשע האָט עס פֿאר א שײַכעס צו דער וועלט?

— וואָס א מענטש זאָל ניט טאָן, — האָט געענטפֿערט ארקאדי, — טוט ער עס ניט פֿאר זיך אליין. פֿאר דער גאנצער וועלט טוט ער...

— אזוי מיינסטו?

— כ׳בין זיכער אין דעם, — האָט ער געזאָגט.

צולעצט איז מען געווען אין מעכאנישן צעך. דאָ האָט ארקאדי געבראכט מארלענען צו זיך אין בריגאדע, באקענען זי מיט זײַנע כאווערים.

אלע האָבן זיי, ווער מיט א שמייכל, ווער מיט אן ערנסטער מינע באוויזן איר זייערע הענט, הענט, וואָס איז ניט שײַעך צו דערלאנגען, ביז מע וועט זיי גוט ניט אײַנוואשן נאָך דער ארבעט.

מארלענע האָט א שמייכל געטאָן צו אלעמען מיטאמאָל, ווי איינער רעדט: האלט, אז די באקאנטשאפֿט איז שוין צו שטאנד געקומען.

זיי האָבן זי געזען אף וואלעריס לעוויַע, נאָר דעמלט איז דער קאָפּ ניט גע־לעגן אף צוקוקן זיך, און זי איז געווען שטארק פֿארומערט. אצינד — אזא שײַנענ־דיקע, אזא גליקלעך־צעבליטע, האָט זי דאָ אלעמען איבעראשט.

— איר מעגט זיך מיר ניט רעקאָמענדירן, — האָט זי מיט א שמייכל געזאָגט, — איך קען אײַך שוין אלעמען זייער גוט.

— ווי:ארום? — האָט זיך אָנגערופֿן פּאפּאיאַן.

— ארקאדי האָט מיר וועגן יעדן איינעם פֿון אײַך דערציילט.

— און מיר אײַך, מארלענע, — האָט זיך אָנגערופֿן וואסילי קרילאָוו, — קענען אויך ניט ערגער.

— פֿונוואנעט איר?

— פֿון דעם זעלבן קוואַל.

אלע האָבן זיך צעלאכט.

— מיסטאמע האָט ער אײַך אָנגערעדט שלעכטס אף מיר? — האָט זי, ניט ווילנדיק, א קאָקעטיר געטאָן.

— געפּרוווט, געפּרוווט, — האָט זיך אָנגערופֿן טשערעדניטשענקאָ, — נאָר מיר האָבן... וואָס? — האָט ער זיך א קער געטאָן צו גריזאטולינען.

— מיר האָבן אים גלײַך פֿארמאכט דאָס מויל...

— איר הערט: פֿארמאכט דאָס מויל, — האָט איבערגעכאזערט טשערעדני־טשענקאָ.

— פֿארוואָס?

— אף אונדזער בריגאדירס אויסדערוויילטער, — האָבן מיר אים געזאָגט, — וועלן מיר קיינעם ניט דערלויבן זאָגן א שלעכט וואָרט...

— אפֿילע דעם בריגאדיר אליין, — האָט אויסגעשאָסן פּאפּאיאַן, און אלע האָבן ווידער הילכיק זיך פֿאנאנדערגעלאכט.

ארקאדי און מארלענע האָבן זיך געזעגנט און זײַנען שוין גאנץ היפש אָפּגעגאנגען איבערן צעך, האָט מען אים פּלוצעם א רוף געטאָן.

— וואָס איז? — האָט ער זיך אומגעקוקט. מע דארף אים נייטיק אף א ווײַלע. האָט ער מארלענען געבעטן צוווארטן.

— מיסטאמע עפּעס אן איניען, — האָט ער איר געזאָגט.

ביז ארקאדי האָט דאָרט געשמועסט, האָט מארלענע זיך אָפּגעשטעלט בא א גרויסן פארביקן צײַגער־טאָוול אינמיטן צעך. אף אים איז באוויזן געוואָרן, אף וויפל פּראָצענט עס האָבן אויסגעפילט דעם פּלאַן פון דער פאַריקער דעקאדע די בריגאדעס פונעם צעך. אין דער סאמע אייבערשטער שורע האָט זי דערזען אר־קאדיס בריגאדע. ווען זי האָט זיך אָפּגעקערט פונעם צײַגער־טאָוול, האָט זי שוין דערזען ארקאדין, א שמייכלענדיקן, גיין צו איר.

— וואָס האָט מען דיך גערופן?

— אן איניען.

— א וויכטיקער?

— זייער.

— איך מעג וויסן?

— ס'א פּראָדוציר־סאָד.

— אויב אזוי...

ער האָט זיך צעלאכט. ווען זיי זײַנען שוין ארויס אין זאוואָדישן הויף און געלאָזט הינטער זיך דעם טומל און רויש פון די הילכיקע צעכן, האָט ער געזאָגט:

— אזעלכע לייצים, די כעוורע...

— וואָס זשע?

— פארשטייסט, זיי האָבן באשלאָסן גלײַך אפן אָרט מיר ארויסזאָגן... — ער איז מיטאמאָל אנשוויגן געוואָרן.

— וואָס?

— זייער מיינונג.

— וועגן וואָס?

— ניט וועגן וואָס — וועגן וועמען...

— וועגן וועמען?

— וועגן דיר.

— און צוליב דעם האָבן זיי דיך גערופן?

— יאָ.

— וואָס זשע זאָגן זיי?

— פרעג ניט!

— שלעכט?

— ביז גאָר...

— און אלע — דאָס זעלבע?

— אלע.

זי האָט גענומען ארקאדין אונטער דער האנט:

— וואָס זשע האָבן זיי געזאָגט?

— געזאָגט האָט יעדערער אף זײַן אויפן.

— ווי?אזוי?

מארלענע און ארקאדי זײַנען ארויס פון די זאוואָדישע טויערן. ניט ווײַט האָט זיך אָפּגעשטעלט דער אווטאָבוס.

— מיר וועלן פאָרן? — האָט ארקאדי געפרעגט.

— ניט. גיין, — האָט מארלענע געענטפערט.

— נאָך אזא דורכגאנג איבער די צעכן, — האָט ער זיך פארכידעשט. — ס'טוען ניט ווי די פיס?

— ס׳מאכט ניט... דערצייל. איך וויל וויסן, וואָס זאָגן דײַנע כאַווײרים.

— איז אָט...— ער האָט גענומען מארלענען אונטער דער האַנט, זיי זײַנען אריבער אף דער רעכטער זײַט גאַס און אוועק פארבײַ די מויערן פונעם זאַוואָ־דישן יישעוו. — יעדערער האָט ארויסגעזאָגט זײַן מיינונג אף זײַן אויפן. אָלעס טשערעדניטשענקאָ: „אָ צע — דאָ!..״ אזוי רופט ער אויס אלע מאָל, ווען ער וויל זאָגן, אז בעסער קאָן ניט זײַן. פאפאיאַן: „נו, אי דאיאָש!..״ אף זײַן לאָשן איז עס אויך די העכסטע אָפּשאצונג. און ווייסטו, וואָס מוסא גריזאַטולין האָט געזאָגט?

— וואָס?

— „ביז איצט האָב איך געמיינט, — האָט ער געזאָגט, — אז נאָך איינע אזא שיינע, ווי מײַן כאַפיזע, איז אף דער גאַנצער וועלט ניטאָ״... „און איצטער?״ — פרעג איך אים. „און איצטער זע איך, — זאָגט ער, — אז ס׳איז דאָ נאָך איינע״...

— אזוי האָט ער געזאָגט? — מארלענע האָט דערפילט, ווי ס׳האָבן בא איר א פלאַם געטאָן די באַקן. — און קרילאָוו?

— אָ, בעסער פון אלע האָט געזאָגט וואַסילי.

— וואָס?

— וועסט זיך גאָרניט פאַרשטעלן.

— זאָג שוין...

— „אָנא קראַסיוואַיא, — האָט ער געזאָגט, — יעיאָ נאַוויערנאַ וואָסקרע־סיאַט״...[1]

— ס׳איז פון א ליד?

— יאָ.

— ער איז א דיכטער, קרילאָוו?

— ניין, נאָר ער האָט ליב דיכטונג.

— און אָט די ווערטער פונוואַנעט?..

— מאַיאַקאָווסקיס. פון דער פּאָעמע „פּראָ עטאָ״[2]. געלייענט?

— ניט. וועגן וואָס — „פּראָ עטאָ״?

— אין יענעם טאָג אין וואַלד, — האָט געענטפערט ארקאַדי, — ווען כ׳האָב דערציילט קרילאָוון, אז איך זוך דיך, האָט ער מיך אויך געפרעגט, צי כ׳האָב געלייענט „פּראָ עטאָ״. איך האָב געענטפערט: ניין. האָט ער מיך אויסגעמוסערט: ווי קאָן מען ניט לייענען אזא זאַך? ער, קרילאָוו, קען פון אָט דער פּאָעמע גאַנצע שטיקער אף אויסווייניק.

— האָסט זי נאָכדעם איבערגעלייענט?

— פאַרשטייט זיך.

— וועגן וואָס איז די פּאָעמע?

— וועגן דעם, וואָס אויב עס איז ניטאָ, איז ניט מעגלעך קיין לעבן אף דער וועלט, ניט מעגלעך קיין ארבעט, קיין שאַפונג — גאָרניט. וועגן דעם, וואָס מאַיאַ־קאָווסקי רופט עס ניט אָן, ער שטעלט נאָר א פּילפּונקט...

— וועגן ליבע, יאָ?

— וויאזוי האָסטו געטראָפן?

— כ׳האָב פאַרשטאַנען לויט דײַנע רייד...

— יאָ, וועגן ליבע.

— נו, און אָט די ווערטער, וואָס קרילאָוו האָט געזאָגט, — וואָס באַטײַטן זיי?

— די לעצטע דרײַ קאַפּיטעלעך פון דער פּאָעמע הייסן: „וויערא״, „נאַדיעזש־דאַ״, „ליובאָוו״. גלויבן, האָפענונג, ליבע. פאַרליבט איז דער פּאָעט ניט נאָר אין זײַן געליבטער, נאָר אויך אין זײַן צײַט, אין זײַן ערד. און ער איז פול מיט האָ־

---

[1] זי איז א שיינע, מע וועט זי זיכער צוריק מאכן לעבעדיק (רוס.).
[2] „וועגן דעם״ (רוס.).

פענונג און גלויבן, אז ער פארדינט, מע זאָל אין דער ווײַטער צוקונפט, אין דרײַ־סיקסטן יאָרהונדערט ערגעץ, אים ווידער לעבעדיק מאכן. צום כימיקער פון יענער צײַט ווענדט ער זיך אזוי: „לעב מיך אויף! כ׳וויל דערלעבן, וואָס ניט דערלעבט, דערליבן, וואָס ניט דערליבט״... און אָט ווי ער זאָגט וועגן זײַן געליבטער: „זי איז אַ שיינע, זי וועט מען געוויס לעבעדיק מאכן״...

אַ שטיק וועג זײַנען זיי געגאנגען שווײַגנדיק.

— גוטע כאווירים בא דיר, — האָט מארלענע געזאָגט.

— זיי האָבן מיר פארביטן אַ טאטן מיט אַ מאמען, פארביטן אַ געליבטע...

— און איצטער?

— איצטער וועלן מיר דיך אויך ארײַנעמען אין אונדזער מישפּאָכע.

— דו מיינסט, כ׳בין ווערט?

— דו הערסט דאָך, וואָס מײַנע כאווירים זאָגן.

— און דו? וואָס זאָגסטו?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ קוק געטאָן אױף איר:

— דו מיינסט אוואדע, אז הײַנט האָב איך דיר באוויזן דעם זאוואָד?

— וואָס זשע, ניט?

— ניין, דאָס האָב איך דיך דעם זאוואָד באוויזן.

— אזוי גאָר?

— יאָ.

— וואָס זשע זאָגט דער זאוואָד?

— דו הערסט דאָך: „אָנא קראסיוואיא, יעיאָ נאוויערנאָ וואָסקרעסיאט״...

## 16

אין שטוב איז מען ארײַנגעפאלן העכסט צופרידענע, נאָר ביז גאָר פארמאַ־טערטע. אין ענגן קאָרידאָרל האָט מארלענע אראָפּגעוואָרפן די טופליעס, ארײַן אין צימער און אָן קויכעס אַ פאל געטאָן אין פאָטעל. ארקאדין האָט זי אָנגעוויזן אפן שטול אנטקעגן.

— אוי, — האָט זי אויסגעשריִען, — איך בין אָן פּיס...

אַ דערשראָקענע איז ארײַנגעלאָפן פון קיך די באָבע:

— וואָס איז געשען?

— אוי, באבוליע, ווען דו ווייסט... דעם גאנצן זאוואָד אויסגעשפּאנט מיט אים, אלע צעכן. און אהיים אויך — צופוס.

— אוי, אָן אומגליק! די אווטאָבוסן זײַנען שטיין געבליבן?

— ניין.

— טאָ וואָס זשע?

פון הינטער דער באָבעס פּלייצע האָט ארויסגעקוקט דער זיידע, ער איז אויך ארײַן פון קיך.

— וואָס פארשטייסטו ניט, — האָט ער געזאָגט, — די אווטאָבוסן האָבן אַ כּי־סאָרן...

— וועלכן?

— זיי גייען צו גיך.

— איז שלעכט?

— אוואדע שלעכט, אז מענטשן ווילן גיין פּאוואָליע...

סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט, אָן אופגעלייגטער, דערלאנגט די האנט ארקאדין, איז צוגעגאנגען צו מארלענען.

— בייג זיך אָן, — האָט זי געזאָגט, — כ׳האָב ניט קיין קויעך זיך אופצוהייבן, וועל איך דיך אַ קוש טאָן אין פּליכעלע.

— קוקט, יונגעלײַט, און זײַט מעקאַנע! — האָט אויסגערופן סעמיאָן יעווסייע־וויטש.

— באַבוליע! — האָט מאַרלענע געטומען שרײַען.

— וואָס איז געשען? — איז ווידער אַרײַנגעלאָפן די באָבע.

— איך שטאַרב עסן, און ער אויך, — האָט זי א ווײַז געטאָן אַף אַרקאַדין.

— באַלד! באַלד...

באַם טיש איז געווען פריילעך. מע האָט זיך ניט געקאָנט אָפּלויבן פון די קני־שעקלעך מיט לעבער, וואָס מאַרלענע איז געווען א גרויסע ליבהאָבערן צו עסן, און די באָבע — א מײַסטערן צו באַקן.

— דיר געפעלן די קנישעקלעך, אַרקאַדי? — האָט מאַרלענע געפרעגט.

— איינמאָל פאַר אַלעמאָל זאָלט איר וויסן, — האָט ער געענטפערט, — דאָ אין שטוב געפעלט מיר אַלץ.

— און אַלע? — האָט געפרעגט מאַרלענע.

— און אַלע!

— אויב אַזוי, — האָט זיך אָנגערופן סעמיאָן יעווסייעוויטש, — דאַרף מען אויס־טרינקען. קיין שיקורים זײַנען מיר ניט, נאָר צוליב אַזא פאַל... — ער איז אַוועק צום אײַז־קעלטער און זיך אומגעקערט פון דאָרט מיט א טונקעלער פלאַש, — דאָס איז גוטער אונגאַרישער ווײַן, — האָט ער געזאָגט, אָנווײַזנדיק אַף די פיל אָנגעמאָלטע מעדאַלן אַף דער עטיקעטקע. — מע קריגט אים זעלטן. האָב איך אים אוועקגעשטעלט. כ׳ווייס, ס׳וועט זיך מאַכן, טראַכט איך, אַמאָל א פאַל, עפּעס אַזוינס ווי אַזעלכעס...

— וואָס זשע דערלאַנגסטו אים הײַנט אין א פּאַשעטן מיטוואָך? — האָט גע־פרעגט שלימע.

— א פּאַשעטן, זאָגסטו? — סעמיאָן יעווסייעוויטש האָט כיטרע צוגעזשמורעט אַן אויג. — און מיר דאַכט זיך עפּעס אויס, אַז די דאָזיקע פלאַש האָט געוואַרט דאַפּקע אַפן הײַנטיקן טאָג, — ער האָט אָנגעגאָסן אין די קעלישעקלעך. — איז פאַר וואָס טרינקען מיר, האַ?

— פאַר אײַך, — האָט געזאָגט אַרקאַדי. — פאַרן זיידן מיט דער באָבען! יאָ, מאַרלענע?

— ביסט ניט קיין נאַר, אַרקאַדי, — האָט זיך אָנגערופן סעמיאָן יעווסייע־וויטש, — דו ווילסט, אַז מיר, דער זיידע מיט דער באָבע, זאָלן אויסטרינקען פאַר אײַך?

— כ׳וואָלט ניט האָבן קעגן...

— טאָ לאָמיר אויסטרינקען פאַר אַלעמען אינאיינעם! און זאָל קיין שלעכטס ניט זײַן בא קיינעם!

— שימענקע, דו גראַמסט שוין? א סימען, ס׳איז דיר גוט אַפן האַרצן...

— האַלעמײַ זאָל איך זאָגן — טאַקע גוט! — האָט געענטפערט סעמיאָן יעווסייע־וויטש און אויסגעטרונקען.

יאָ, אים איז געווען גוט אַפן האַרצן. נאָך מיט א קורצער צײַט צוריק וואָלט ער זאָגן אַזוינס ניט געקאָנט, הײַנט — יאָ. שווערע, זייער שווערע טעג זײַנען געווען. א געפאַר, א גרויסע געפאַר האָט געלויערט אַף זײַן ליבלינג, אַפן אייניקל. און זי האָט דערפון ניט געוווּסט, קיינער האָט ניט געוווּסט. ער איינער האָט געזען די געפאַר, נאָר... איינער איז קיינער. אַלע אַנדערע — בלינד, פאַרבלענדט. קיין אָרט האָט ער ניט געקענט זיך געפינען. וואָס טוט מען? ווי עפנט מען מענטשן די אויגן אַפן עמעס? צומאָל טרעפט, אַז דאָס איז גאָר ניט לײַכט צו טאָן. מענטשן גייען צו אַן אָפּגרונט און זעען ניט, ווי ער עפנט זיך בא זייערע פיס... נאָך א טראָט און — פאַרפאַלן! אַלץ פאַרפאַלן... ס׳האָט שוין געהאַלטן דערבײַ... איז גע־שען אַן אומגליק... און דער דאָזיקער אומגליק האָט ניט דערלאָזט, עס זאָל

געשען א צווייטער... א מענטש איז אומגעקומען. דאָס, וואָס ער האָט ניט געקאָנט באוויַיזן מיט זיַין לעבן, האָט ער באוויזן מיט זיַין טויט. ער איז אומגעקומען, און — לעבט. דער אנדערער לעבט, נאָר ער איז ערגער ווי געשטאָרבן...

— ווייסט, ארקאדי, פאר וועמען איך וויל מיט דיר אויסטרינקען?

— פאר וועמען?

— פאר דער רויטער.

— פאר וועלכער רויטער?

— פארגעסן? דערמאָן זיך אָקאָרשט...

— מיר דאכט, שימענקע, דו ביסט שיקער, — האָט זיך אָנגערופן שלימע סאַ־מוֹילאָוונע.

— דערמאָנט! — האָט אויסגערופן ארקאדי.

— וועָן ניט זי, וואָלט דאָך גאָרניט געוועָן...

— הערט שוין אוף צו ריידן מיט רעטענישן, — האָט געזאָגט די באָבע.

— איר האָט אונדז פארינטריגירט, — האָט זיך אָנגערופן מארלענע.

— געדענקסט כאָטש, ארקאדי, ווען דו ביסט דאָרט, אין סאנאטאָרי, צום ערשטן מאָל אריַין צו מיר אין צימער, ווי מיר זיַינען דיר דאָרט ביידע ניט געפעלן געוואָרן, ניט דאָס צימער, ניט דער שאָכן...

— ניין, פארוואָס?

— וואָס דערציילסטו מיר? כ׳האָב דאָך געזען די מינע דיַינע... געדענקסט ווי איך האָב דיר געזאָגט: „איר ווילט, וועל איך טרעפן, וואָס איר טראכט״...

— און איר האָט טאקע געטראָפן!

— דערנאָך פרעג איך אים: „וואָס זשע שטייט איר? וואָס לויפט איר ניט צו דער רויטער בעטן אן אנדער צימער און אן אנדער שאָכן?״ זאָגט ער: „איך האָב איבערגעטראכט״...

— „דער שאָכן הייבט מיר אָן צו געפעלן״ — האָב איך געזאָגט, — האָט צו־געגעבן ארקאדי.

ביידע, דערגאנצנדיק איינער דעם אנדערן, האָבן זיי נאָכאמאָל דערציילט, ווי די עלטערע מעדיצין־שוועסטער אין סאנאטאָרי, נאָך א גאנץ יונגע פרוי מיט א רויטער פריזור, האָט זיי באשטאט אינעם קליינעם צימערל אפן דריטן שטאָק.

— נו, בין איך ניט גערעכט, — האָט פארענדיקט סעמיאָן יעווסייעוויטש, — אז פאר איר, פאר דער רויטער, דארף מען אויסטרינקען? וויַיל ווען זי פירט אונדז מיט דיר ניט צונויף, ווער ווייסט...

— אויב אזוי, טרינק איך אויך פאר איר, — האָט זיך אָנגערופן מארלענע. — באָבע, און דו?

— אז אלע טרינקען, איז ניט שיַיעך, — האָט געענטפערט שלימע סאמוֹילאָוונע און האָט אופגעהויבן איר קעלישעקל.

— איר זאָלט וויסן: איז מען אינצווייען, צעגייען די ווייען...

— שימענקע, דו גראמסט?

— וואָס בין איך שולדיק, שלימעלע, אז סע גראמט זיך! נאָר אז סע גראמט זיך א וואָרט מיט א וואָרט, איז נאָך א קליין גליק. ווען א מענטש מיט א מענטשן גראמט זיך — אָט דאָס איז גליק. זאָל זיך גראמען!

אלע האָבן אויסגעטרונקען.

— איר ווייסט, — האָט מארלענע געזאָגט, — ארקאדי האָט מיך היַינט באקאנט מיט זיַינע כאווערים אף דער ארבעט. זייער ווילע כעוורע בא אים אין בריגאדע.

— וואָס זשע האָבן זיי געזאָגט? — האָט געפרעגט סעמיאָן יעווסייעוויטש.

— וועגן וואָס?

— ביכלאל?

— ביכלאל — גאָרניט.

— און וועגן דיר?
— דאָס האָבן זיי אים געזאָגט, ארקאדין.
— זי איז זיי געפעלן, געפעלן! — האָט ארקאדי געענטפערט.
— איז מיט כאָסנס־צאַד זײַנען מיר שוין קאָנטעט? — האָט געפרעגט סעמיאָן יעווסייעוויטש און זיך א קער געטאָן צו דער באָבען: — און וואָס וועט זאָגן קאַלעס־צאַד?
— קאַלעס־צאַד — ווי כאָסנס־צאַד...
— דארף מען דאָך ערשט אויסטרינקען! — האָט סעמיאָן יעווסייעוויטש אויפגעהויבן די פלאַש.
— מיר וועלן א ביסל זיך דורכשפּאַצירן, יאָ, ארקאדי? — האָט מארלענע זיך אופגעהויבן.
— דיר טוען דאָך וויי די פיס? — האָט זיך אָנגערופן די באָבע.
— כ׳האָב זיך שוין א ביסל אָפּגערוט.
די אַלטע לײַט זײַנען געבליבן. די יונגע זײַנען אוועק.

17

זיי האָבן לאַנג שפּאַצירט. ניט געפילט קיין מידקײַט. גאַס־אויס, גאַס־אײַן. אראָפּ־שטאָט, ארויף־שטאָט. א געסל ארויס, א ליקל ארײַן. ווו זײַנען זיי געגאַנגען, האָבן זיי ניט געוווּסט. ס׳האָט זיי ניט אויסגעמאַכט. מע איז געגאַנגען, און גאָר. זיי וואָלטן געקאָנט אזוי אינצווייען גיין אַן אייביקײַט...

ס׳איז געוואָרן קיל. מע האָט זיך געכאַפּט, אז מע איז ערגעץ אין א נײַעם מיקראָראיאָן.

— ווו זײַנען מיר? — האָט געפרעגט מארלענע. אירע אויגן האָבן אים אויסגעזען א קאַפּל שיקערלעך. פון וואָס? — האָט ער א טראַכט געטאָן. — פונעם זיידנס ווײַן? פון מידקײַט? צי נאָך פון עפּעס? איר האָבן זײַנע אויגן זיך אויך געדאַכט, ווי שיקערלעך. און נאָך מער, ווען זי האָט דערהערט זײַן ענטפער:
— אף אַן אנדער פּלאַנעטע זײַנען מיר...
— ווי הייסט זי, די פּלאַנעטע?
— דאַכט זיך, ווענערע.
— נאָר אף איר זײַנען דאָך קיין מענטשן ניטאָ?
— וועלן מיר דאָרט זײַן די ערשטע...
— די ערשטע מענטשן, יאָ? — זי האָט נאָך שטײַפער זיך אײַנגעטוליעט אין אים, און לאַנג זײַנען זיי אזוי געגאַנגען שווײַגנדיק. דערנאָך האָט זי געזאָגט:
— ארקאדי...
— וואָס?
— האָסט מיר נאָך קיין איין מאָל ניט באוויזן, ווו דו וווינסט...
— ווו איך וווין?
— יאָ. פארוואָס?
— ווייסט, א פּאָשעטע, באָכערישע דירע, מיר דאַכט זיך, זי איז ניט ווערט...
— וואָס?
— דו זאָלסט אין איר ארײַנגיין...
— אָבער דו לעבסט דאָך דאָרט?
— יאָ.
— וואָס זשע דארף מען נאָך? דעם טאָג האָבן מיר הײַנט אָנגעהויבן בא דיר אפן זאוואָד, לאָמיר אים פארענדיקן בא דיר אין דער היים.
— דו ווילסט?
פּאַמעלעך האָט ער זי געפירט איבער די טרעפּ. פּאַמעלעך, ווי ער זאָל טאָקע

פירן א שאָליעך פון אן אנדער פלאנעטע... אראָפּגעקומען פון א ווײַטער פלאנעטע א ווונדערלעכע פרוי, און ער פירט זי צו זיך אין זײַן באָכערישער דירע... ער ווייסט, ער דאַרף זי ארײַנפירן צו זיך, נאָר ער וויל אלץ אָפּציִען אָט די גליקלעכע רעגע, ווײַל אליין די דערוואַרטונג פון אָט דער רעגע איז — גליק.

לאנג האָט ער זיך געפּאָרעט מיטן שליסל, און אָט איז מען אינווייניק. ער האָט אָנגעצונדן די שײַן. איר האָט זיך גלײַך געוואָרפן אין אויג דער קליינינקער טע־לעוויזאָר „רעקאָרד" מיטן קאָלירטן טישטעכל און אף דעם דער בער.

— וועגן אים האָסטו מיר דערציילט, ארקאדי?

— יאָ.

— געדענקסט, האָסט מיר צוגעזאָגט מיט אים באקענען...

— נו, אָט, באקען זיך, — ארקאדי האָט זיך א כאַפּ געטאָן. — זיץ, מארלענע, איך וועל אף איין רעגע ארײַן אין קיך שטעלן טיי.

— מע דאַרף גאָרניט, דו הערסט? מע דאַרף ניט...

ער איז אוועק. מארלענע איז צו צום טעלעוויזאָר, גענומען דעם בער, א גלעט געטאָן זײַנע אָפּגעריבענע זײַטן, צוגעלייגט א פינגער צו זײַן נאָז.

— ווייסט, — האָט זי אים אײַנגערוימט, — בא דײַן באלעבאָס איז איצט דאָ א פרײַנט. א נײַער פרײַנט, פארשטייסט? ווערסט ניט אייפערן?

— וועגן וואָס שמועסטו מיט מײַן בער? — איז ארקאדי ארײַן פון קיך.

מיטן בער אין האנט האָט מארלענע צו אים זיך א קער געטאָן:

— זעסט, מיר האָבן שוין מיט אים סוידעס...

— אזוי גיך?

— דיר וועלן מיר ניט אויסזאָגן. איאָ? — האָט זי געזאָגט צום בער און אוועק־געשטעלט אים אפן אָרט.

— מארלענע, — האָט שטיל זיך אָנגערופן ארקאדי.

— וואָס? — זי איז צוגעגאנגען צו אים.

— מארלענע! — דערלאנגט די האנט, האָט ער לײַכט זי צוגעצויגן צו זיך.

— נו, וואָס?

— טאקע דו ביסט עס? דו?..

— איך. ווער דען?

— בא מיר?

— בא דיר, ארקאדי...

— דו בא מיר?! — מיטאמאָל האָט ער האסטיק גענומען זי דרייען איבערן צימער. — מארלענע בא מיר... בא מיר!.. — פונקט אזוי האסטיק האָט ער זיך אָפּגע־שטעלט, ארײַנגעקוקט איר אין די אויגן. — מארלענע, קוק ניט אף מיר אזוי...

— וויאזוי?

— אזוי! — אויסער־זיך האָט ער מיטאמאָל גענומען קושן אירע האָר, די אויגן... און נאָכאמאָל די אויגן, און נאָכאמאָל די האָר.

בא אים האָט אויסגעפעלט אָטעם.

— הער אוף, ארקאדי...

— כ'וועל ניט אופהערן... איך וועל ניט אופהערן...

— שעמסט זיך גאָרניט?

— פאר וועמען? פאר וועמען שעמען זיך?

— פארן בער.

ביידע האָבן זיך אומגעקוקט. דאָס איינציקע שווארצקנעפּלדיקע אויג, וואָס האָט שטענדיק זיי ביידן אויסגעזען אזוי פארומערט, האָט איצט, ווי געשטראַלט צו זיי מיט אָן א שיר גליק...

# פערל נויעכס

## 1

דאָ און דאָרט בליט נאָך אין די גערטענער אף א דין שטענגל מיט טמימעסדיק־ריינעם גאָלד א שפעטע זונרויז. א פארדארט צעעפנט שיידל אף א פאסאָליע־קוסט שיט אויס אף דער ערד גלאנציק־ווײַסע בעבלעך. שטײַפע פאפשוי־קאטשענעס אין פאר־טריקנטע פאפיראָס־וויקעלעך גלאנצן אָפּ מיט טרוקענער הארט־קײַט פון צווישן רויט־פלאקערדיקע וואָנצעס. לענגלעכע גע־קארבטע דיניעס, ארײַנגעפלעטשטע אין ווארעמען באָדן, דעמפּן אויס דורך דער גראָבער הויט זיסלעכע רייכעס.

אן אלטיטשקע האָט בא זיך אין גאָרטן אופגעהויבן איבערן קאָפּ א געדיכט צונויפגעפלאָכטן בינטל טרוקענע שרויטן, קוים ארומכאפנדיק זיי מיט די הענט. די ווײַסע בײַטעלעך לינטע, די פוכקע נאהוט־בלעזלעך האָבן אינעם בינטל דורכזיכטיק אָפּ־געגלאנצט קעגן דער זון.

אינעם שכייניסשן גאָרטן האָט צווישן א וועלדל אָקאָרשט גע־קעפּטע שטענגלעך מיט א פולן זאק פריש אָנגעשניטענע זונ־רויזן זיך אופגעהויבן א בלאָנד מיידל.

„וואָס א טאָג — שענער", — האָט די אלטע א טראכט געטאָן וועגן איר.

— ווארט א ווײַלע, ביילקעניו! — האָט א רוף געטאָן די אלטע.

— וואָס איז, באָבע פעסיע? — דאָס מיידל מיטן זאק אף די פלייצעס איז געבליבן שטיין, מיט דער פרײַער האנט גיך ארופּ־געשארט א לאָקן, וואָס איז איר די גאנצע צײַט געפאלן אף די אויגן.

די אלטע האָט זיך ניט אָנגעקערט ביילקען קיין באָבע, נאָר קימאט א האלב דאָרף זײַנען דאָ געווען אירע אייניקלעך, האָט שוין דאָס אנדערע האלבע דאָרף פאר איר אויך קיין אנדער נאָמען ניט געהאט, ווי באָבע.

— ביילקעניו, ביסט דאָך שוין, קיין אײַנהאָרע, א קאלע־מויד...

— גייט שוין גייט, באָבע פעסיע! — האָט דאָס מיידל זיך פארשעמט.

— ביסט פונקט ווי די מאמע דײַנע, ווען זי איז געווען אין דײַנע יאָרן, עס זאָל פעלן א האָר...

ניט ווויסנדיק פארוואָס, האָט די אלטע דערבײַ טיף א זיפץ געטאָן. געפרעגט:

— ווען זשע קומט זי שוין, די מאמע דײַנע? עפּעס האָט זי זיך פארזאמט.

ביילקע איז מיטאמאָל געוואָרן שטארק אופגעלייגט. ווײַזט זיך ארויס, אין דאָרף איז דאָ א מענטש, וואָס ווייסט עס נאָך ניט.

— הײַנט, הײַנט קומט זי, באָבע פעסיע! — ביילקע האָט אזש אונטערגעטאנצט פאר פרייד איינעם מיטן שווערן זאק. —

הײַנט באַנאַכט! — און האָט זיך געלאָזט גיין, נאָר די אַלטע האָט זי ווידער אָפּ־געשטעלט, צוגעגאַנגען נאָך נעענטער.

— ס'איז עמעס, ביילקעניו, וואָס מע זאָגט?

— וואָס איז עמעס, באָבע פּעסיע?

— איי־איי, — האָט די אַלטע אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, — פון דער באָבע פּעסיען — סוידעס? מיינסט, איך ווייס ניט?

— וואָס ווייסט איר? — ביילקע האָט אַראָפּגעשטעלט דעם שווערן זאַק.

— וואָס הייסט וואָס? אַז די מאַמע דײַנע וועט שוין מער אַהיים ניט קומען... זי קלײַבט זיך איבער אין שטאָט, די מאַמע דײַנע, און דיך מיטן ברודערל וועט זי אויך אַרויסנעמען צו זיך...

בײַ ביילקען, ווי בײַ איר מאַמען, זײַנען די אויגן געוואָרן גרויסע, בלויע. אַצינד, פאַר כידעש, זײַנען זיי געוואָרן נאָך גרעסער, נאָך בלויער.

— ווער האָט עס אײַך געזאָגט? די מאַמע קומט הײַנט. ס'איז דאָ פון איר אַ בריוו. הײַנט קומט זי! — אַ באַליידיקטע, ניט הערנדיק, וואָס די אַלטע האָט ווײַ־טער געזאָגט, האָט ביילקע אַ כאַפּ געטאָן דעם זאַק, אונטערגעטאַנצט מיט אים, ער זאָל זיך באַקוועמער לייגן אויפן אַקסל, און איז פאַרשוווּנדן צווישן די אָפּגע־שניטענע שטענגלעך, אַרום וועלכע עס האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אַ סאַך זילבערן שפּינוועבס.

איבערן גאָרטן האָט מיט אַ לײַכטן פלאַטער דורכגעשוועבט אַ טויב.

פון דער צווייטער זײַט גאָרטן, בײַ דער מעזשע, אַ פאַרוואַקסענער מיט ווילדגראָז און פּאַסליאָן, האָט די באָבע פּעסיע געטראָפן פייגע אַזריעלס. אַזוי האָט זיך דאָ אין דאָרף געפירט — די ווײַבער האָט מען גערופן אויפן מאַנס נאָמען: פייגע אַזריעלס, פּערל נויעכס.

די באָבע פּעסיע האָט אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד איר בינטל, זיך צוגעזעצט מיט אַ קרעכץ און אַ ווײַז געטאָן אין דער ריכטונג, וווּ ביילקע איז פאַר־שוווּנדן:

— אַ ראַכמאָנעס, זאָג איך, פייגע, אויף די קינדער, נעבעך, אויף פּערלס...

— עס וועט זיי כאָלילע גאָרניט זײַן, — האָט יענע, אַ גראָבלעכע, אַ באַר־יִשעוועטע, רויִק געענטפערט.

— וואָס רעדסטו! אָט זאָל זי נאָר הײַנט קומען, פּערל, אויב ס'איז עמעס טאַקע, אַז זי קומט, וועט נויעך זי דאָך אויף דער שוועל ניט אַרופלאָזן. ס'איז דאָך אָן אַכזער, אַ רויצייעך, וואָס די וועלט פאַרמאָגט ניט...

— געשיקט זיך? אָט אַזוי־אָ?

— קענסט ניט נויעכן? ער האָט דאָך געשוווירן, אַז טאָמער פאָרט זי אַוועק, וועט ער זי מער ניט אַרײַנלאָזן אין שטוב. און ער וועט עס טאָן! אָט וועסטו זען.

די באָבע פּעסיע האָט זיך צוגערוקט נעענטער.

— און פּערל, מיינסטו, ווייסט ניט, מיט וועמען זי האָט צו טאָן? אָט האָב איך געהערט, אַז זי בלײַבט איבער אין שטאָט און אין אַ צײַט אַרום וועט זי אַהין אַרויסנעמען די קינדער...

— זי וואָלט געטאָן ווי אַ כאַכאָמע, — האָט באַיִשעווט געענטפערט פייגע, — ס'איז עפּעס פון די גרינגע זאַכן — טאָג ווי נאַכט יאָגן און יאָגן פון זיך די נע־שאָמע? וואָס איז — די בעהיימע זאָל אָנצירקען מער אַ טראָפּן מילך... און אַז זי צירקעט ניט, כאַטש גיב איר אַ קרענק?

— נאָר איך זאָג מיר, פייגע, מײַנס, בײַ די יאָרן, כ'ווייס, בײַ צוויי דערוואַק־סענע קינדער, אַז מע קאָן אַזוי־אָ, איז עק וועלט!..

— קיין ליבע צווישן זיך האָבן זיי קיינמאָל ניט געפירט, וויפל איך געדענק זיי, — האָט אָפּגעענטפערט פייגע.

הויקערנדיק זיך איבער איר בינטל שרויטן, איז די באָבע פעסיע פּאַמעלעך, אונטערקרעכצנדיק, אוועק צו זיך אַפן גאָרטן.

2

נידעריק געוואַקסן, די באָרד — שטעכיק, פייַערדיק רויט, מיט גראָווע אינד־זעלעך דאָ און דאָרט, איז נויעך געשטאַנען אינעם קאָלווירטישן הויף קעגן דעם פּאָרזיצער, אריבערטרעטנדיק אין גרויס פּאַרלעגנהייט פון איין פוס אַפן אַנדערן. עס האָט אויסגעזען, אַז זיי שטייען שוין אַזוי היפּש איינער קעגן דעם צווייטן — נויעך און דער לאַנג אויסגעצויגענער פּאָרזיצער פון קאָלווירט בוקין, און קאָנען וועגן עפּעס בעשום־אויפן זיך ניט צונויפרײדן.

נויעך האָט געהאַלטן אין איין קוקן אַראָפּ צו די שטאַרק אָפּגעריבענע כאָליע־וועס פון די יוכטענע שטיוול, פויל אַראָפּקלאַפּנדיק פון זיי מיטן בייַטש־שטעקל די פאַרדאַרטע שטיקלעך בלאָטע. צוזאַמען מיט די שטיקלעך קויט זייַנען געפאַלן זייַנע אָפּגעהאַקטע ווערטער:

— כ׳האָ׳ שוין געזאָגט...

— מיסטאַמע ווייס איך...

און אין א ווייַלע אַרום:

— הייַנט — ניט.

נאָך אין א ווייַלע אַרום:

— הייַנט בעשום־אויפן...

און ענדלעך, אופהייבנדיק אַפן פּאָרזיצער א שווערן בליק:

— הייַנט זאָל צום וואָקזאַל פאָרן אַן אַנדערער.

אין אַלטע לעדערנע שטעקשיך אַף די באָרוועסע פיס, אין ברוין־פּליושענע, שטאַרק אָפּגעריבענע הויזן גאַליפע, אין אַן אָפּגעבליאַקעוועט העמדל, וואָס אַמאָל האָט עס געזאָלט זייַן גרין, איז, צוגעשפּאַרט צו א צעבראָכענעם וואָגן, געשטאַ־נען דער קאָלווירט־פּאָרזיצער שמועל בוקין — אַן אויסגעצויגן־לאַנגער, מיט שמאָלבלעכע פּלייצעס, מיט ניט אויסגעשלאָפענע רויטלעכע אויגן. אונטער דער אָפּגעברוינטער הויט האָבן בא אים זיך אָנגעשטרענגט באַוועגט די קינבאַקן. אָט דער נויעך, וואָס האָט זיך דאָ אייַנגעשפּאַרט, ווי אַן אָקס, — ער וועט ניט פאָרן — און אויס! — איז אים שוין דערעסן, ווי א ביטערע ציבעלע. וואָס נאָר האָט ער אָט דעם נויעכן שוין ניט געזאָגט: די פאַס קעראָסין מוז מען האָבן, ווי אין לעבן, שיקן מער איז ניטאָ וועמען, ווייַל אַלע זייַנען פאַרנומען, נאָר יענער — איינ־מאָל ניין!

מיטאַמאָל האָט בוקין זיך א פּאַטש געטאָן אין שטערן: „גלאָמפּ איינער, דעם איקער האָסטו דאָך פאַרגעסן!" ער איז אָפּגיך צו צו נויעכן און פריילעך אים א שטויס געטאָן אין אַקסל:

— הער נאָר: פּערל דייַנע קומט דאָך הייַנט צו פאָרן! מיר איז גאָר אַרויס פון קאָפּ. קיין באַזונדער פורל האָב איך סייַווי ניט אַף שיקן נאָך איר, — מענטש!

האַלטנדיק דערמיט דעם איניען פאַר דערליידיקט און ניט לאָזנדיק נויעכן מער עפּעס צו דערווידערן, האָט בוקין אָפּגיך אוועקגעשפּאַנט צו דער קו־שטאַל. שטייענדיק שוין אַף דער שוועל, האָט ער זיך א קער געגעבן צוריק און א געשריי געטאָן צו נויעכן, וואָס איז נאָך אַלץ פאַרבליבן אַף דעם זעלבן אָרט:

— נעם מער א ביסל שטרוי אַף אונטערשפּרייטן! זאָלסט איר ניט צעטרייס־לען די ביינער, מיר דאַרפן זי האָבן א גאַנצע... — און ער איז אַרייַן אין שטאַל.

אין דער פּײַכטער האַרב־שמעקנדיקער טונקלעניש האָט זיך געהערט דאָס שווערע אָטעמען פֿון עטלעכע בעהיימעס, וועלכע בוקין האָט די ערשטע ווײַלע נאָך דער דרויסן־ליכט ניט דערזען. פֿאַרבלאָנדזשעטע שפּערלינגלעך האָבן גע־צוויטשערט בײַ די שמאָלע לאַנגע פֿענצטערלעך, דורך וועלכע עס האָט זיך אַהער אַרײַנגעזיפּט אַ שלאַבעריקע שײַן. און אָט האָט בוקין דערזען אין איין עק שטאַל אויף דער דורכויס אויסגעווייקטער שטרוי אַ ברוינע בעהיימע מיט קויטיק־ווײַסע פּלעקן אויף די אײַנגעפֿאַלענע זײַטן. די פּײַנלעך־אויסגעבאָלכטע אויגן בײַ דער בעהיימע זײַנען געווען פֿאַרצויגן מיט אַ דין פּײַכט הײַטל. פֿון מאָל צו מאָל האָט די בעהיימע שוואַך צעעפֿנט די מאָרדע, אויף וועלכער עס זײַנען נאָכגעהאַנגען שנירלעך פֿינע. אין צווייטן עק שטאַל האָט דער פּאָרזיצער דערזען נאָך אַ קו — אינגאַנצן אַ ברוינע. דער בויך איז בײַ איר געווען געשוואָלן. זי האָט געעטעמט שווער, ווי פֿון אַ בלאָז־זאַק.

קוקנדיק אויף אָט די בעהיימעס, האָט בוקין זיך דערמאָנט וועגן דעם נעכטיקן געשפּרעך אין ראַיאָנעם פּאַרטיי־קאָמיטעט. פֿאָרנדיק אַהין, האָט ער געוווּסט, אַז מע קלײַבט זיך ניט אַ קניפּ טאָן אים אין בעקל. נאָר אויף אַזוינס האָט ער זיך ניט געריכט. „אָך איז דאָס אַ קאַזאַק, אָט די בערעזינאַ", — האָט ער געטראַכט קימאַט מיט אַנציקונג וועגן דעם נײַעם סעקרעטאַר, דערמאָנענדיק זיך, ווי זי האָט עס אים נעכטן אַרײַנגעצימבלט. „פּערל, פּערל... ניטאָ פּערל! נו, איז וואָס?"... — האָט בערעזינאַ אים געמוסערט, ווען ער האָט די שווערע לאַגע אויף דער פֿערמע גע־פּרוווט פֿאַרענטפֿערן אויך דערמיט, וואָס די בעסטע מעלקערן האָט אַ גאַנצן כוידעש ניט געאַרבעט. בוקין האָט זיך געוואָלט מאַכן קוראַזש, ער איז ניט גע־ווּוינט געווען, מע זאָל מיט אים אַזוי ריידן, נאָר בײַ זיך האָט ער געוווּסט, אַז בערעזינאַ, כאָטש זי איז אַ נײַער סעקרעטאַר און איז נאָך ניט אינגאַנצן באַקענט מיט אַלע איניאָנים אין ראַיאָן, — איז גערעכט.

שפּעטער אַ ביסל האָט זי אים בײַסן נעכטיקן געשפּרעך גאָר מיט אַן אַנדער טאָן מיטאַמאָל אַ פֿרעג געטאָן:

— זאָג נאָר, בוקין, ס'איז עמעס? כ'האָב געהערט, אַז פּערל האָט אויסצושטיין קאַלטס און וואָרעמס פֿון איר מאַן. עס געפֿעלט אים ניט, וואָס זי איז געוואָרן צו אַ כאָשעווער מענטש אין קאָלווירט?..

„אָ, — האָט אַ טראַכט געטאָן בוקין, — אָט די בערעזינאַ איז שוין דאַפֿקע יאָ אין קורס פֿון אַ סאַך זאַכן!..״

— מע זאָגט, — האָט ער אומקלאָר געענטפֿערט.

— אָבער ס'איז עמעס?

— עמעס.

זי האָט דורכדרינגלעך אַ קוק געטאָן אויף בוקינען:

— דאָס זײַנען ניט נאָר אַמפּערײַען צווישן מאַן־און־ווײַב. דער איניען איז אַ סאַך טיפֿער, און מיר דאַרפֿן עס אין זינען האָבן, פֿאַרשטייסט? דאָ איז אויך די זעלבע פֿראַגע: ווער — וועמען?

מער האָט זי אים וועגן דעם גאָרניט געזאָגט.

דערנאָך, ווידער אַריבערגייענדיק צו דער לאַגע אויף דער פֿערמע, האָט בע־רעזינאַ זיך אָנגערופֿן:

— געדענק, בוקין, אַ צווייט מאָל וועלן מיר דאָ וועגן אָט די זאַכן אַזוי מילד ניט שמועסן...

בוקין האָט אַ נישטער געטאָן אין די ווינקלען, זוכנדיק דעם שטאַל־אופֿזעער, נאָר קיינער איז ניט געווען.

— דאָדי! — האָט ער אַ רוף געגעבן. דערנאָך האָט ער אַזאַ געשריי געטאָן, אַז אַ גאַנצע טשאַטע שפּערלינגלעך בײַ דער שוועל איז ראַפּטאָם זיך פֿאַנאַנדער־געפֿלויגן אין אַלע זײַטן...

פון הינטער דער שטאַל האָט, אונטערהינקענדיק, זיך באַוויזן אַ מעגושעמדיק מענטשל מיט אַ צעשויבערט בערדל. אַ קורצע ווײַלע האָט דער פּאַרזיצער שטום געקוקט אויף די שטיקלעך שטרוי אין דער באָרד, אויפן צוגעפּלעטשטן היטל פונעם שטאַל־אופזעער, אויף דער רויט־אײַנגעקאַרבטער רעכטער באַק זײַנער און די אונטערגעשוואָלענע אויגן.

יענער האָט זיך פויל אַ קראַץ געטאָן אונטערן אויער:

— וואָסי, עמעצער האָט מיך גערופן? — און אַ פינטל געטאָן מיט די סיוור־לעכע ווײַעס. — עמעצער דאַרף מיך?

ער האָט געהאַלטן אין איין פינטלען מיט די ווײַעס. איין מאָל — צו די אייגענע פיס, אַ צווייט מאָל — פון אונטן אַרויף צו בוקינען. דעם פּאַרזיצער האָט געשטיקט דער קאַס. ער האָט גאָרניט געקאָנט זאָגן. ער האָט נאָר אַ ווײַז געטאָן אויף דער בעהיימע מיט די קויטיקע ווײַסע פלעקן.

— אָט דאָס? — האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן דער שטאַל־אופזעער. — זיך אָנגעפּרעסן מיט אוסטיאַקעס, און פון נעכטן אָן נעמט זי גאָרניט אין מויל אַרײַן.

אַ ווײַז אויף דער געשוואָלענער בעהיימע.

— אָט דאָס? אַ פּעגירע! מילך גיט זי — ניט מער יאָר אויף די סאָנים. נאָר קלאָפּאָט... — און שטילער: — נעכטן באַנאַכט רײַסט זי זיך ניט אָפּ, און גלײַך צום ווייץ?..

— דו... דו ווו ביסט געווען? — בוקין איז פאַרציטערט געוואָרן פונעם אייגענעם געשריי.

אַ פינטל מיט די ווײַעס:

— איך?

בוקין איז אַפּגיך אַרויסגעלאָפן פון שטאַל. ווען ניט, האָט ער געפילט, געשעט אַ געשלעג...

די ערד אין הויף איז געווען פאַרשאָטן מיט שטרוי, מיט בינטלעך היי. אַרי־בערטאַנצנדיק פון איין אָרט אויפן צווייטן, האָבן ביז טויב צו ווערן געצוויטשערט אָן אַ שיר שפּערלינגען. עס האָט שאַרף געשמעקט מיט פערדישן שווייס, מיט דזעגעכץ.

אַ שאַר טוענדיק מיט אַ פליגל איבער דער ערד, האָט באַ בוקינס פוס זיך אופגעהויבן אַ ראָב און שוואַרלעך, מיט אַ זײַט אוועקגעפלויגן צו דער שטאַל. מיט אַ בליק, אַ פולן מיט נאָך ניט אײַנגעשטילטן קאַס, האָט בוקין באַגלייט די ראָב, און דאָ האָט ער נאָכאַמאָל דערזען נויעכן. שווער, מיט גרויס מאַטערניש אָפּרײַסנדיק די שטיוול פון דער ערד, צוערשט איינעם, דערנאָך אַ צווייטן — האָט יענער געפירט צום וואָגן אַ פּאָר ניט גרויסע בולאַנע פערד. בייסמײַסע האָט ער זיי בייז געשטורכעט אין די אײַנגעפאַלענע זײַטן און פון מאָל צו מאָל דערלאַנגט אָט איינעם, אָט דעם אַנדערן איבער דער מאָרדע.

— קלײַב זיך ווייניקער! — האָט בוקין אַ געשריי געטאָן צו נויעכן.

און שוין מיט עטוואָס אָפּגעגאַנגענעם קאַס:

— אָן פערלען זאָלסטו ניט צוריקקומען, דו הערסט?

בוקין האָט פרײַער נאָר געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער האָט ערשט איצט זיך געכאַפּט, אַז פערל דאַרף קומען. אינדערעמעסן האָט ער שוין געטראַכט וועגן דעם עטלעכע טעג. דער קידער־ווידער צווישן נויעכן און פערלען האָט אים זייער געאַרט נאָך ביזן געשפּרעך מיט בערעזינאַ. איצט האָט ער באַשלאָסן זיך אַרײַנלייגן אין שאָלעם. די בעסטע זאַך, — האָט ער געהאַלטן, — נויעך זאָל אליין זי אָפּנעמען פון באַן. דער וועג איז אַ היפּשער, וועט מען זיך דורכשמועסן און, מעגלעך, צו עפּעס קומען. דער קעראָסין איז געווען ניט מער ווי אָן אויסרייד.

נויעך האָט דעם פערד, וואָס ער האָט געפירט פון לינקס, דערלאַנגט אַ

שטארקן סטוסאק. דער בולאנער האָט אזש געגעבן א שפרונג אין א זײַט, נויעך האָט דעם א טשמעליע געטאָן איבער דער מאָרדע און שטארק צוגעשפארט צום דישל:

— ׳א כוואָראָבע אין די ביינער!..

3

א גאנצן כוידעש האָט פערל זיך געהיילט אין קרים פון א שווערן רעוומאַטיזם, וואָס האָט זי ניט צורו געלאָזט די לעצטע פאָר יאָר. נויעך האָט איר ניט געגלייבט — זי מאכט זיך... קראנק איז גאָר ער. אויב דער קאָלווירט שיקט שוין אף קוראָרט, איז ער בילכער. און וואָס איז ביכלאל געשען אזוינס מיט דער וועלט? א ווײַב דארף האָרעווען און קינדלען. אזוי האָט זיך עס געפירט פון שטענדיק אָן. די קאָלווירטן האָבן איבערגעקערט דאָס גאנצע לעבן מיטן קאָפּ אראָפּ, און דעם איניען מאן־און־ווײַב אויך. זינט עס איז געוואָרן דער קאָלווירט און פערל האָט אָנגעהויבן ארבעטן אף דער פערמע, איז זי געוואָרן אן אנדער מענטש, א גאנצער יא־טעבע־דאם![1] א גוטע באלעבאָסטע, איז וואָס? זאָל זי געווען פרוּוון ניט זײַן קיין גוטע באלעבאָסטע, ער וואָלט איר געגעבן די יאָרן אין די הענט... און איצט: זאָגט ער א הויך וואָרט צי הייבט כאָלילע אוף אף איר א האנט, — טוט זיך כוישעך...

דעם כוידעש, וואָס פערל איז ניט געווען, פלעגט נויעך ניט שלאָפן דורך די נעכט, צוהערנדיק זיך, ווי דער באנאכטיקער סטעפּ וואָיעט, האלט אין איין טרייסלען, ביז ארויסצושלײַדערן די שויבן אין די קליינינקע פענצטער. עס פלעגט זיך אים דוכטן, אז די גאנצע וועלט קלאפּט זיך צו אים, שפּעט אָפּ פון אים, מאכט כויזעק... ווײַל ווו איז עס געהערט געוואָרן: זי, פערל נויעכס, — אלץ, און ער, נויעך אליין, — גאָרניט. עס וועט נאָך דערגיין דערצו, אז אים וועט מען אָנהייבן רופן אף איר נאָמען — נויעך פערלס, מער פעלט ניט...

טאַקע וועגן דעם האָט ער פארביטערט געטראכט אויך איצט אין וועג. אנטקעגן דער פור מיט דער ליידיקער קלינגענדיקער פאס זײַנען איינס נאָך איינס געלאָפן, אלץ גרעסער ווערנדיק, די הודענדיקע טעלעגראף־סלופּן און, אלץ קלענער ווערנדיק, פארבליבן אף הינטן. דינע דורכזיכטיקע שפינוועבס־פעדעם האָבן מיט א לײַכטן קיצל זיך געקלעפּט נויעכן צום פּאָנעם, צו דער באָרד. קנוילנוויַיז איז דער שפּינוועבס געהאנגען אפן טרוקענעם ווילדגראָז, וואָס האָט זיך פויל געשאָקלט איבערן ווײַטן פארגעלטן סטעפּ. אלעמאָל אין אן אנדער אָרט האָבן מיט אן אליארעם זיך אראָפּגעלאָזט גאנצע טשאטעס קראָען. איינציקוויַיז, פאָרנוויַיז זײַנען די קראָען געשפרונגען איבער דער סטערניע, מיט א קראקערײַ זיך אלע צוזאמען ווידער אופגעהויבן, געבליבן הענגען אינדערלופטן, ווי א שוואַרצע צעריסענע כמארע...

נויעך האָט אָפּט און בייז געפּאָכעט מיט דער בײַטש. הינטער זײַנע פּלייצעס האָט מיט רוגזע אונטערגעטאנצט די ליידיקע אײַזערנע פאס. ער האָט זיך געײַלט, געוואָלט וואָס גיכער באקומען דעם קעראָסין אף דער נאפט־באזע און לאָזן זיך צוריק, איידער עס וועט אָנקומען דער אָוונטיקער צוג, מיט וועלכן עס האָט געזאָלט קומען פערל. ער אליין זאָל זי אָפּפירן אהיים? נאָך דעם, ווי דאָס גאנצע דאָרף ווייסט, אז פארן פאָרן האָט ער איר געזאָגט: אהיים זאָל זי ניט וואגן צו קומען... מער פעלט ניט... זי טראכט וועגן אים א סאך... א גאנצן כוידעש זיך געלאָזט ווילגיין באם יאם ערגעץ, און ער ווערט דאָ פארשווארצט, אויסגעריסן...

[1] א מאכערן.

ניין, אזא ווײַב דארף ער ניט האָבן. אויב דער קאָלווירט דארף זי, זאָל ער נאָך איר שיקן...

„נו, האָט דאָך טאקע בוקין דיך געשיקט, — האָט נויעכן א שטאָך געטאָן א געדאנק, — מיט דיר פארשטופּט מען דאָך סײַווי וווּ א לאָך...״

נויעך האָט זיך מיט ווייטעק דערמאָנט בוקינס באפעל, ער זאָל נעמען מער א ביסל שטרוי אף אונטערשפּרייטן... בוקין האָט דאָך פון אים געלאכט, נו יאָ, געמאכט א לײַטיש געלעכטער...

— פּאַשאָל, — האָט נויעך א קנאל געטאָן מיט דער בײַטש די פערד, — א כוואָראָבע אײַך אין די ביינער!

4

ביז ער האָט אָנגענומען אף דער נאפט־באזע קעראָסין, האָט, ווי אין א ווײַט צעוואָרפענעם שײַטער, דערברענט אין דער שקיִע דער טאָג איבערן סטעפּ. דער־נאָך האָט דער הימל זיך אויסגעשפּרייט נידעריק, און אָפּגעברענט שווארצער, ווי נאָך א סרייפע, נאָר שיטערע שטערן האָבן אָט אין איין אָרט, אָט אין א צווייטן געטליִעט ארום די טונקעלע געבײַען פונעם ניט גרויסן וואָקזאל.

נויעך איז שוין גאנץ ווײַט אָפּגעפאָרן פון דער נאפט־באזע. קלינגענדיק מיטן אונטערגעהאנגענעם עמער, האָט די פור געיאָגט אין דער פינצטערניש. ווי אנט־לויפנדיק פון א געפאר, האָט ער נאָך אלץ געטריבן די פערד, געקערעוועט זיי צום דורכפאָר איבער דער אײַזנבאַן־ליניע, אהיים.

„וועט מען ריידן! — האָט ער, אויסשפּײַענדיק, געטריבן פון זיך אן אייגענעם בייזן געדאנק, — זאָל מען וויסן, אז ער איז אויך עפּעס ווערט, אז מיט אים שפּילט מען זיך ניט... האָט ער געזאָגט א וואָרט, איז געזאָגט!.. רײַטנדיק אף אים וועט מען ניט פאָרן, ניט בוקין, ניט דאָס אייגענע ווײַב... א כוואָראָבע זיי אלעמען!״.

„אים הער איך גלײַך, ווי זי! — האָט ער אויסגעשפּיגן נאָך איין געדאנק, וועגן בוקינען. — קעראָסין וועל איך אים ברענגען, און האָדי! און מײַן ווײַב איז ניט זײַן טאטנס דײַגע...״

מיטאמאָל, אײַנגאנצן זיך א וואָרף געטאָן אף צוריק, צו דער נאסער פולער פאס, האָט נויעך שטארק א צי געטאָן די ווישקעס און קוים אײַנגעהאלטן די פערד סאמע בא די רעלסן. א גרוילנדיקע פּײַפערײַ האָט אופגעטרייסלט די פינצטערניש. בליצנדיק מיט די לאמטערנס, אײַנגעהילט אין דאמף, האָט מיט די האסטיק קײַקלענדיקע רעדער זיך פארבײַגעטראָגן דער לאָקאָמאָטיוו, פאנאנ־דערשיטנדיק פלאם און פונקען אין די זײַטן...

א רעגע האָט געפעלט, און אויס נויעך, אויס פערד... ערשט אצינד האָט ער באנומען, ווי גרויס עס איז געווען די אויסגעמיטענע געפאר, און אכער־האמײַסע האָט אין אים גענומען טרייסלען וווּ נאָר אן אייווער. שטארק פאריסן אין פאר־שיידענע זײַטן די מאָרדעס, האָבן די פערד צעפּאָלאָכעטערהייט נאָך אלץ גע־טאנצט אף איין אָרט און ביסלעכווײַז גערוקט דעם שווערן וואָגן אף צוריק.

אײַנהאלטנדיק מיט אלע קויכעס די פערד, איז נויעך געזעסן אף דער פור, און פארבײַ אים האָבן מיט אן אונטערטאנצנדיקער קלאפּערײַ איינס נאָכן אנדערן זיך דורכגעטראָגן די העל־באלויכטענע וואגאָן־פענצטער. הינטער זיי, אין א צווייטער ריכטונג, איז געגאנגען א פראכט־צוג, און דער פײַער־קעסל פון זײַן לאָקאָמאָטיוו האָט נאָכאנאנד ארײַנגעלויכטן אין די פענצטער פון די פאסאזשיר־וואגאָנען. אין איינעם פון אָט די דורכגעלויכטענע פענצטער האָט נויעך פּלוצעם דערזען צוגעטוליעט צו דער שויב א שמייכלענדיק פּאָנעם פון א פרוי אין א

ווײַס טיכל. ער וואָלט געמעגט שווערן, אַז דאָס איז געווען פּערל... נאָר ער געדענקט ניט, זי זאָל ווען־ניט־איז געווען שמייכלען.

ערגעץ דאָרט, באַם ווײַטלעכן וואָקזאַל, האָט דער צוג זיך צונויפגענומען אין איין שטיין־געבליבענעם רויטן פלעק. אַרום האָבן זיך נאָך נידעריק אומגעטראָגן צעגייענדיקע שטיקער דאַמף און רויך. עס האָט שאַרף געשמעקט מיט איבערגעברענטע שטיינקוילן.

נויעך וואָלט ניט געקאָנט דערקלערן, ווי דאָס איז געשען, — עפּשער האָבן די פערד אַליין, אָן זײַן וויסן, זיך אויסגעקערעוועט, נאָר ער האָט זיך געכאַפּט, ווען די פור איז שוין היפּש אָפּגעפאָרן אויף צוריק, צום וואָקזאַל, ווו עס קער שוין וואַרטן מיט די קלומקעס פּערל... מע האָט שוין דײַטלעך אָנגעזען די וואָקזאַל־געבײַען. מיטאַמאָל האָט נויעכן שטאַרק אַ ברען געטאָן אין די פינגער דער דערייכערטער מאַכאָרקע־ציגאַר. האָט ער בייז אַ שלײַדער געטאָן דאָס ביסל פײַער אויף דער ערד און ראַפּטאַם אַ צי געטאָן אויף צוריק די ווישקעס. איבער די נאָך שוואַך־אָופּציטערנדיקע רעלסן האָט ער מיט דער פור זיך אַראָפּגעשלײַכט צום טונקעלן וועג אויף צוריק אַהיים...

פון דער ווײַט האָט זיך קוים דערטראָגן אַהער דער פײַף פונעם אוועקגעגאַנגענעם צוג. ווי אַ העל־גרין שטערנדל האָט געפינקלט אויף יענער זײַט דער סוועטאָפאָר. דער באַנאַכטיקער וועג האָט קיל און טונקל זיך געלייגט אונטער די קרעכצנדיקע רעדער. אַ לעבעדיקע שטערן־געדיכטעניש האָט געווימלט איבערן קאָפּ.

אין דער אײַזערנער פּולער פּאַס הינטער נויעכס אָנגעבויגענער פּלייצע האָט טויבלעך געכליופּעט דער קעראָסין.

## 5

פּערל איז פון קינדווײַז פאַרבליבן אַ יעסוימע. צו צען יאָר איז זי געוואָרן אַ דינסטמיידל בײַ אַ ווײַטן קאָרעוו. דער קאָרעוו, רעב זכריה, האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע ווינטמיל.

— איך לעב פון ווינט. אויך מיר אַ לעבן, — פלעגט ער זיך באַקלאָגן. אינדערעמעסן האָט ער נאָך געגעבן געלט אויף פּראָצענט. צו זײַן היפּשער אשירעס האָט ער זיך אַליין דערשלאָגן. דער טאַטע זײַנער, אַ גרויסער דאַלפן, איז געשטאָרבן פון הונגער. זכריה איז געווען אַ שיק־ייִנגל, דערנאָך אַן אַרבעטער אין מיל. זײַן ווײַב — דעם באַלעבאָס' טאָכטער, וואָס צוליב איר האָט ער באַקומען בעיערושע די מיל, איז בײַ אים אינגיכן געשטאָרבן. קיין צווייט מאָל האָט ער שוין ניט כאַסענע געהאַט. מע האָט געשמועסט: מאַכמעס קאַרגשאַפט — ניט צו שפּײַזן לעבן זיך נאָך אַ מענטשן... מע האָט געשמועסט, אַז זיך אַליין איז ער אויך קאַרג אָפּן ביסן, רעב זכריה.

נויעך איז נאָך דעמלט געווען אַ ייִנגל — אַ מעשאָרעסל אין אַ קלייט. דער באַלעבאָס האָט אים איינמאָל געכאַפּט בײַ דער האַנט און אַרויסגעטריבן. דעמלט האָט אים זכריה גענומען צו זיך אין מיל. נויעך האָט געהאָרעוועט, ווי אַן אייזל, טאָג און נאַכט, געוואָלט זיך אָרופּאַרבעטן. זכריען איז עס געפעלן, און ער האָט פון זײַן אַרבעטער געהאַלטן. ווען יענער האָט שוין בײַ אים אָפּגעאַרבעט עטלעכע יאָר, האָט זכריה אים איינמאָל גאָר אומגעריכט פאַרבעטן צו זיך:

— נויעכצי (אַזוי פלעגט ער אים רופן), כאַסענע האָבן ווילסטו? האָ?

זכריה האָט דערבײַ אַזוי שפּיציק־שאַרף אַ וואָרף געטאָן אויף נויעכן די שוואַרצע קליינע אייגעלעך אונטער די מעליק־ווײַסע ברעמען, אַז יענער האָט

באלד פארשטאנען: גלאט אין דער וועלט אריַין פרעגט ער ניט, זכאריע. סײַדן ער האָט זיך עפּעס דערוווּסט וועגן מינדלען?

נויעכן איז דעמלט געפֿעלן געוועןן א מיידל. נאָך אצינד, אין אזויפיל יאָרן ארום, דערמאָנען זיך אים צומאָל, שוין ווי אין א נעפּל, צוויי לײַן־ווײַסע צעפּ־לעך, א פּאָר אויגן פון א מאָדנע גרינבלעכן קאָליר און שטארק ראָזע בעקלעך. מע האָט זי גערופן מינדל.

זכאריע — ער איז שוין דעמלט געווען אין די זיבעציקער — האָט גענומען קנייטשן זײַן פּלאטשיק פּאָנעם און טרייסלען מיטן ברייט־צעוואקסענעם מעליק־ווײַסן בערדל. איידער נויעך האָט באוויזן עפּעס צו ענטפערן, איז דער אלטער זיך פארגאנגען אין א לאנגן קוואָכטשענדיקן געלעכטער, געטײַט אף אים בייס־מײַסע מיט אן אויסגעקרימטן פינגער:

— אײַ ווילסטו, נויעכצי, אײַ ווילסטו... איך זע, איך זע...

דערנאָך האָט זכאריע אופגעהערט לאכן, מיט דעם זעלבן קרומלעכן פינגער א רוף געטאָן נויעכן נעענטער צו זיך. נויעך וועט קיינמאָל ניט פארגעסן, ווי ער האָט אים דעמלט געזאָגט: ער, זכאריע, איז שוין ניט יונג. מע איז בא גאָט אין די הענט... טאָמער עפּעס, וויל ער, די מיל זאָל ארײַנפאלן אין גוטע הענט. קיין יִיכעס זוכט ער ניט, ער האָט אליין אָנגעהויבן פון א מעשאָרעס...

זיצנדיק אפן שפּיץ בענקל, האָט נויעך געקוקט זכאריען אין מויל ארײַן און ניט אָנגעהויבן צו פארשטיין, וואָס יענער מיינט. איין זאך איז אים מיט יעדער מינוט אלץ קלאָרער געוואָרן: אָט דאָס, וואָס זכאריע האָט אים ארײַנגערופן צו זיך, אים אוועקגעזעצט אנטקעגן זיך אף א בענקל און ניט געלאָזט שטיין, ווי אלעמאָל, בא דער טיר, וואָס זכאריע רעדט מיט אים אצינד, ווי קיינמאָל ביז דעם, קימאט ווי מיט זײַנס א גלײַכן, — דאָס אלץ איז ניט גלאט, עפּעס מוז דערין שטעקן... אָבער וואָס?

ווי רייצנדיק זיך מיט אים, האָט דער אלטער א פרעג געטאָן:

— איצטער פארשטייסטו שוין, וואָס איך מיין, נויעכצי? הא? ביסט דאָך ניט קיין נאר, נויעכצי...

און ער האָט זיך ווידער פאנאנדערגעלאכט, טרייסלענדיק מיטן מעליק־ווײַסן בערדל. נויעך האָט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן געקוקט אפן באלעבאָס און האָט אלץ נאָך גאָרניט פארשטאנען.

דערנאָך, פון זכאריעס ווײַטערדיקע רייד, האָט ער עפּעס יאָ זיך אָנגעהויבן אָנשטויסן, אָבער מורירע געהאט אפילע צו גלייבן. געשיקט זיך, הא?

ביז דער אלטער איז געקומען צום איקער: ער וויל, אז נויעך זאָל נעמען פּערלען. יאָ, פּערלען...

און צוגעגעבן: ער, זכאריע, וועט זי צושרײַבן פאר זײַנער א טאָכטער.

די ווינטמיל — די ווינטמילי! — האָט אין דער־אָ רעגע א שווינדל געטאָן פאר נויעכן, א וואקס געטאָן בא אים אין די אויגן ריזיק גרויס, ביז צו די וואָלקנס... מיט א מעשוגענער געשווינדקײַט האָבן זיך גענומען דרייען די פּליגל, פאר־שטעלנדיק אלץ, אפילע די זון... אין אָט דעם געשווינדן פּליגל־געדריי איז מיטאמאָל אלץ פארשוווּנדן, און מינדל אויך. עס האָט אים פארשלאָגן דעם אָטעם. ער האָט קוים ארויסגעשטאמלט:

— און זי, פּערל... וויל?

זכאריע איז ווידער אף לאנג זיך פארגאנגען אין זײַן קוואָכטשענדיקן גע־לעכטער. גלאנצנדיק מיט די שווארצע נאסע אויגן־שפּעלטעלעך פון אונטער די מעליק־ווײַסע ברעמען, האָט ער געקײַכט:

— אײַ, נויעכצי, נו־נו. א ביסל א פרעג, צי זי וויל...

און אָפּגעהאקט דעם געלעכטער:

— באלעבאָס איז ווער?

אינגיכן האָט מען געפּראַוועט די כאַסענע.

און נאָך דער כאַסענע האָט זיך אַרויסגעוויזן: אַ ביסל פריִער האָט זכאַריע שטילערהייט די מיל פאַרקויפט. אַף דער עלטער איז עס פאַר אים געוואָרן אַ שווערע האָלאַכע — האַלטן די מיל. עס וועט אים קלעקן פראָצענט אַליין. און פון דער דינסט — ער נייטיקט זיך ניט אין קיין דערוואַקסענער דינסט — האָט מען געדאַרפט ווי־עס־איז פּאָטער ווערן. נאָר עס איז דאָך ניט גלאַט קיין דינסט — אַ קרויווע, דערצו נאָך אַן אָרעמע. דאַרף מען צוזוכן פאַר איר אַ שי־דעך און פאַרדינען אַ מיצווע אויך. עס זאָל זײַן פאַר גאָט און פאַר לײַט. דער שידעך איז ניט אַזאַ וואַזשנער, אָבער פּאָרט... אײַ נויעכצי? זאָל ער קיין פערד ניט זײַן, ניט גלייבן אַפן וואָרט...

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן פּערלס מישפּאָכע־לעבן. פון די ערשטע טעג — אַ ביטערע שטראָף פאַר איר „שולד” אין נויעכס מיִעסער אָפּגענאַרטקייט. אַ שוואַנ־גערע איז זי פון זײַנע קלעפּ און קלאָלעס אין אַ האַלב יאָר אַרום נאָך דער כאַ־סענע אַנטלאָפן, ווו די אויגן טראָגן. אייניקע האָבן געהערט, אַז זי לעבט ערגעץ אין אַ ווײַט דאָרף, אַנדערע, אַז זי איז אַ דינסט אין שטאָט.

נויעך האָט זי ניט געזוכט.

אומגעריכט, אין טיפן ווינטער, האָט זיך פּערל באַוויזן מיט אַ פאַרבלאָזוט, קימאַט פאַרפרוירן פיצל קינד — מיט אַ מיידעלע אַף די הענט און איז אַ פאַר־שטאַרטע אַ פאַל געטאָן בײַ נויעכס שוועל...

6

נויעך האָט שמאָל אָן עפן געטאָן די שווער געוואָרענע וויִעס און מיד זיי ווידער צוגעמאַכט. אין דער טיפער פינצטערניש איז אַ ווײַטער ווידערקאָל שלאַבעריק נאָכגעגאַנגען נאָך דער אָנגעלאָדענער סקריפּענדיקער פור. אין אַ פּאָר קילאָמעטער אַרום האָט נויעכן אָנגעיאָגט און באַלד אַריבערגעיאָגט אַן אַנ־דער פור. דעם אָנטרײַבער אַף יענער פור האָט מען קוים געזען. הינטער אים, אַף וויפל מע האָט געקאָנט באַמערקן אין דער פינצטער, איז געזעסן עפּעס אַ פאַרוויקלטע פיגור, ענלעך צו אַ קינד, אָדער אַ פרוי. ווײַזט אויס, — האָט נויעך דרעמלענדיק אַ טראַכט געטאָן, — מע פירט אָפּ עמעצן פון וואָקזאַל אין אַ נאָענטן קאָלווירט. די פור איז געווען געשפּאַנט מיט ווזקסיקע פערד, די פּאָקלאַזשע, ווײַזט אויס, ניט קיין גרויסע, האָט יענע פור גיך איבערגעלאָזט נויעכן מיט זײַן שווערער קעראָסין־פּאַס ווײַט אַהינטער זיך, און דער צוגעטויבטער קלאַנג פון די רעדער איז צערונען געוואָרן אין סטעפּישן כאַשכעס.

נויעך האָט פאַרשלאָפן אַ קוק געטאָן אַרום זיך, הילכיק אַ טשמאָקע געטאָן צו די פערד. איין פערד האָט מיטאַמאָל זיך ספּאָטיקעט, און דער קעראָסין אין פּאַס האָט אַ כליופּע געטאָן שטאַרקער.

אינעם באַנאַכטיקן אומעטיקן וועג האָט נויעך אומבאַמערקט אײַנגעדרעמלט. אין דרעמל האָבן בײַ אים זיך פאַנאַנדערגענומען די פינגער, אַרויסגעלאָזט די בײַטש, אוועקגעשאָנקען זי דעם סטעפּ. די פערד זײַנען געגאַנגען אַליין. אַ צי־טערדיקע קילע אומהיימלעכקייט האָט שוואַרץ געשוועבט פון אַלע זײַטן. נאָר בײַ די ווײַטע הימל־ראַנדן איז די פינצטערניש געווען עטוואָס שיטערער.

מיטאַמאָל האָט שטאַרק אַ טרעשטשע געטאָן אַ ראָד. נויעך האָט זיך אופגע־כאַפּט, דערשראָקן אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן. דער בולאַנער פון לינקס האָט געשטשירעט די גרויסע ציין, שטאַרק געוואָרפן אינדערלופטן מיט די פּאָדערשטע קאָפּיטעס, געכריפּעט. מיט איין עק בײַ אים אַפן האַלדז, מיטן אַנדערן אין דער

ראַד האָט זיך פאַרצויגן אַ ווישקע, וואָס נויעך האָט אין שלאָף ארויסגעלאָזט פון דער האַנט.

מיט אַ קאָל פון אַ מאָדנעם נאַכט־פויגל האָט אינדערוויַטנס פלוצעם זיך אָנגערופן אַ מאַשין. אָט האָט זי שוין גאָר ניט וויַט, ווי מיט אַ מעסער, צעשניטן די פינצטערניש. באַ נויעכן אין מויעך האָט נאָך רעכט זיך ניט פאָטויפּעט, וואָס איז געשען, ווי די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט. די פאַרעס האָבן העל אַ כאַפּ געטאָן דאָס אופגעהויקערטע שטיקל וועג, די פור מיט דער פאַס, דאָס כריפּענ־דיקע פערד, נויעכן... ער האָט זיך ניט באַוויזן אַ ריר טאָן, ווי פון דער מאַשין האָט אַ שפרונג געטאָן דער שאָפער, אַ פלינקער, יונגער באָכער, איז גליַיך צו צום פערד און האָט איבערגעשניטן די פאַרצויגענע ווישקע. דער בולאַנער איז שווער אַ פאַל געטאָן אָףביידע קני, דערנאָך פאַמעלעך, ניט אופהערנדיק צו כריפּען, זיך אופגעשטעלט.

— פונוואַנען? — האָט מיט צאָרן אַ פרעג געטאָן דער שאָפער באַ נויעכן.

— פון „אָקטיאַבער", — האָט יענער שטיל געענטפערט, — קאָלווירט „אָק־טיאַבער".

— אַ סאַך פאַראַן דאָרט אַזעלכע פעפערס, ווי דו? — האָט דער שאָפער גע־פרעגט און צוגעגעבן צו עמעצן, וואָס איז געזעסן אין מאַשין: — שיין קאָן מען אויסזען מיט אַזעלכע!

— אַז איך ווייס ניט אפילע וואָרעמערט, — האָט נויעך זיך געפּרוּווט פאַר־ענטפערן, — ניט געשלאָפן אפילע אַ רעגע.

ער האָט אָפּהענטיק זיך אַ דריי געטאָן אַרום די פערד, עפּעס בורטשענדיק און מיט אַ זיַיט קוקנדיק צום אווטאָמאָביל — ווער פאָרט עס דאָרט? ווער מען האָט עס אָנגעטראָגן?

אַ פרוי האָט פון דער מאַשין ארויסגעשטעלט דעם קאָפּ, און נויעכן האָט אופגעטרייסלט: פערל! מער פעלט ניט, אין אַ מאַשין פירט מען זי אַהיים — ווי דען?

נאָר דאָס איז געווען ניט מער ווי אַן אויסדוכטעניש. לעבן אים איז געשטאַ־נען בערעזינאַ — דער ניַיער סעקרעטאַר פון דעם ראַיאָנישן פאַרטיי־קאָמיטעט.

— פון „אָקטיאַבער", זאָגט איר?

— יאָ, פון „אָקטיאַבער".

— ווי רופט מען איַיך?

— בערדניק, נויעך בערדניק.

בערעזינאַ האָט אים אָפּגעגיך אַ מעסט געטאָן פון קאָפּ ביז די פיס.

— דאָס איז איַיער וויַיב די באַווּסטע מעלקערן?

— נו, איז וואָס?

— וואָס „נו, איז וואָס"?

— און אַז מיַינע, איז וואָס?

— גאָרניט. — אַ לענגערע וויַילע האָט בערעזינאַ שוויַיגנדיק געקוקט אָף נויעכן.

— וואָס קוקט איר אָף מיר אַזוי? — האָט ער אַ בורטשע געטאָן. — ניט אַזאַ מענטש, ווי אַלע, וואָס?

— אַ סאַך געהערט וועגן איַיך, — האָט בערעזינאַ געענטפערט, — וויל איך אַ קוק טאָן.

— וואָס ט'איר געהערט? מע קאָן מיינען...

— געמעגט הערן בעסערס.

— מיַין דייַגע, ניט קיינעמס, — האָט געזאָגט נויעך.

— וואָס?

— ווי איך לעב מיטן וויַיב.

נויעך איז אנשוויגן געוואָרן. דערנאָך, ווי אנטשלאָסן זיך אף עפּעס, דראָענדיק געמאכט אַ טראַט צו בערעזינא:

— פרעגן מעג איך?

— וואָס?

— איך דארף בא אײַך פרעגן...

— פרעגט.

— אָט זײַט איר דאָ סעקרעטאר פון ראיקאָם, קאָמאנדעוועט... טאָ ענט־פערט... — ער האָט איבערגעכאפּט דעם אָטעם, געמאכט נאָך אַ טראָט. — איר האָט מיר געהייסן אָפּפירן אין קאָלכאָזנע שטאל מײַנע פערד, האָב איך אָפּגע־פירט.

— ניט איך האָב געהייסן, — האָט בערעזינא אים איבערגעשלאָגן.

— ניט איר, איז אַן אנדערער. וואָס איז די נאפקעמינע? נאָר איך האָב אָפּגע־פירט. ביידע. די קו — אָפּגעפירט. איצט ענטפערט מיר: דאָס ווײַב בין איך אויך מעכוייעוו אָפּפירן אין קאָלכאָז? צי אזא געזעץ איז נאָך דערווײַל ניטאָ? האַ?

„ער איז ניט אזוי פּראָסט", — האָט אַ קלער געטאָן בערעזינא. זי האָט אָפּ־געוואַרט, עפּשער האָט ער נאָך ניט אלץ געפרעגט. נאָר נויעך האָט זײַן גאנצן פולווער אויסגעשאָסן. האָט זי שטיל און, ווי איר שטייגער, עטוואָס פאמעלעך אויסציִענדיק די ווערטער, געזאָגט:

— דאַפקע איר, דאכט מיר, בערדניק, מאכט ניט קיין כילעק צווישן אַ קאָל־כאָזנע פערד און אײַער אייגן ווײַב: ביידע, זע איך, האָבן בא אײַך די רעכטע אויסקומעניש.

זי איז צוגעגאנגען צום בולאנעם, וואָס האָט נאָך אלץ שווער געמאָטעט מיטן גרויסן קאָפּ אין אלע זײַטן, בארוּיקנדיק אַ פּיר געטאָן איבער זײַן לאנגער מאָרדע, און געזאָגט צו נויעכן:

— פארגעדענקט, בערדניק: דאָס אמאָליקע — „מײַן ווײַב, מײַן פערד, מײַן קו, און וואָס איך וויל, טו איך מיט זיי" — האָט זיך פארענדיקט. אצינד איז עס מער ניט אײַערע, נאָר אונדזער אלעמענס דײַגע.

נויעך האָט געשוויגן.

בערעזינא האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר באשלאָסן — ניט דאָ איז דאָס אָרט.

זי האָט אַ פרעג געטאָן:

— ווען קומט דאָס ווײַב?

מיט כשאד, פון אונטן ארוף, האָט ער אַ קוק געטאָן אף בערעזינא.

— כ'ווייס ניט.

— מיר וועלן מיט אײַך נאָך שמועסן, בערדניק. אינגיכן וועל איך זײַן אין „אָקטיאבער", — און בערעזינא איז אײַלנדיק אוועק צו דער מאשין. שוין זיצנ־דיק, אַ געשריי געטאָן צו נויעכן:

— ווארט צו, זאָל דאָס פערד אַ ביסל קומען צו־זיך.

די מאשין האָט גערירט פון אָרט, אַ בליץ געטאָן מיט די פארעס און אינגיכן פארפאלן געוואָרן אינעם באנאכטיקן סטעפּ.

נויעך איז נאָך לאנג געשטאנען בא דער פור, געקוקט אין דער ווײַט, ווו די מאשין איז פארשווונדן. „באלעבאטים, — האָט ער בייז געטראכט, — אלץ איז זייער דײַגע..." דאָס שיר ניט דערשטיקטע פערד האָט נאָך אלץ געהאלטן אין איין אומרוּיק קערן דעם קאָפּ אף אלע זײַטן. נויעך איז צו מיט אַ צונויפגעבײַלטן פויסט, געוואָלט אויסלאָזן צו דעם זײַן ביטער הארץ, נאָר מיטאמאָל אראָפּגע־לאָזט די אופגעהויבענע האנט און מיט אַ קלאָלע: „אַ כוואָראָבע אײַך אין די ביינער!" — האָט ער גענומען צונויפבינדן די איבערגעריסענע לייצע.

אופציטערנדיק, האָט א ברעקל שטערנדל זיך אלץ געמיט ארויסצורײַסן פון געפענקעניש און ניט געקאָנט. די קאַליוזשע באם ברונעם האָט זיך געהאלטן מיט אים ווי צוליב היימלעכקײַט...

באם ברונעם האָט נויעך זיך אָפּגעשטעלט, געגעבן טרינקען די פערד. אָפּ־פאָרנדיק, האָט ער מיט די רעדער צעפּאסעוועט די קאַליוזשע, פארלאָשן אין איר דאָס שטערנדל און זיך פארנומען בארג־אראָפּ.

די פינצטערניש איבערן סטעפּ האָט ביסלעכווײַז גענומען זיך אויסוועפּן.

אָפּגעפאָרן א פּאָר קילאָמעטער, האָט נויעך מיטאמאָל דערהערט, — צי אים האָט זיך אויסגעדאכט? — א ווײַטלעך געשריי.

אין א ווײַלע ארום האָט ווידער זיך צו אים דערקײַקלט:

— ע־ע־היי!..

נויעך האָט זיך אָפּגעשטעלט, אײַנגעהערט, — גאָרניט. א טרײַב געטאָן די פערד, און ווידער:

— ע־ע־היי!..

„מיסטאמע א פארשוין, — האָט נויעך א טראכט געטאָן, — וויל, מע זאָל אים אונטערפירן. אויב אונטערוועגס, — מעכעטייסע, אָבער אומזיסט — ניט, — א דרײַערל, און אויב מיט פּאַקלאַזשע, — צוויי דרײַערלעך״...

אין סטעפּ האָט שוין געגרויט, און נויעך האָט אינגיכן דערזען אינדערווײַטנס א צעשוווּמענעם פלעק, — עמעצער האָט דאָרט געוואַרט מיט א פּאָר פּעקלעך.

„מיט פּאַקלאַזשע, — האָט נויעך צופרידן א טראכט געטאָן, — צוויי דרײַער־לעך. ניט, — מעג ער גיין צופוס״.

צום ערשטן מאָל אין אָט דער שווערער נאכט איז נויעכן געוואָרן עטוואָס היימלעכער. ער האָט ארויסגענומען א צונויפגעלייגטע צײַטונג פון קעשענע, אקוראַט אָפּגעריסן א שטיקל, פּאַרזיכטיק אָנגעשאָטן מאכאָרקע, פארייכערט.

דער פארשוין אינדערווײַטנס האָט געדולדיק געוואַרט. אָט האָט נויעך שוין דערזען די פּעקלעך, איינס פון זיי — א ווײַס געפלאָכטן רענצל... אים האָט מיטאמאָל צו שטארק א ווארג געטאָן דער רויך פונעם ציגאַר. זײַן ערשטער גע־דאנק — אויסקערעווען די פערד... נאָר עס איז שוין געווען שפּעט...

פון אלע ווערטער, וואָס האָבן אין גרויס בעהאָלע אין זײַן צעפּאָלאָכעטן מויעך זיך גענומען שטויסן, האָט ער, נאָך ניט ווויסנדיק, ווי זיך צו האלטן און וואָס צו טאָן, א בורטשע געטאָן:

— ווי קומסטו אהער? אצינד־אָ? הא?

ווען ער זאָל ניט זײַן אזוי געפּלעפּט פון אָט דער אומגעריכטער באגעגעניש, וואָלט ער עפּשער דערהערט אינעם ענטפער אי א כידעש, אי עפּעס ענלעכס אף פרייד, אי א גרייטקײַט עפּעס מויכל זײַן.

ער האָט אָבער גאָרניט געהערט. עפּשער, — האָט ער אף א ווײַלע א קלער געטאָן, — איז ער טאקע אײַנגעשלאָפן און עס האלט זיך אים אין איין כאָלע־מען: אז ער האָט פארלוירן די בײַטש און שיר ניט דערשטיקט א פערד... בע־רעזינאַ מיט דער מאשין... און איצט זי — פּערל...

נאָר ניין, עס האָט זיך אים ניט געכאָלעמט. אָט שטייט זי פאר אים — אין א נײַעם שאלכל, א שטאָטיש קליידל און זשאקעט — ער דערקענט זי קוים — אי יאָ פערל, אי ניט פערל.

ניט געטראָפן קיינעם פון זייער קאָלווירט אפן וואָקזאל, — דערציילט זי, — האָט זי זיך אָנגעבעטן אף א פורל פון „קאַלינינאָ״, וואָס אף האלבן וועג צו זיי. אָט דאָס האָבן זיי פריִער, אפּאָנעם, אים, נויעכן, אריבערגעיאָגט. אין דער פינצ־טער האָט זי זיך ניט געקאָנט אָנשטויסן, אז דאָס איז ער. דער פורמאַן האָט

פארקערעוועט צו זיך, און זי איז מיט די פעקלעך ווײַטער אוועק צופוס, ביז זי האָט דערהערט זײַן וואָגן.

— פונוואנען זשע פּאָרסטו איצט, נויעך?

גיי דערצייל איר... און וואָס איז ער ביכלאל א כ׳עוו פאר איר זיך מיסוואַ־דע זײַן?

זײַן שטענדיקע אומצופרידנקײַט מיט פערלען, די אומצופרידנקײַט מיט איר קומען, דערמיט, וואָס גראָד אים האָט בוקין געשיקט נאָך איר צום באַן, און דערמיט, וואָס, ניט געקוקט אף אלע זײַנע קונצן, וועט ער ערשט זי מוזן אצינד אראָפּברענגען אליין אין דאָרף, — דאָס אלץ האָט אים שטארק אופגערודערט.

— אָקאָרשט איז דאָ בערעזינא דורכגעפאָרן, מיט א מאשין, כּדי וואָלט זי דיך גענומען, — האָט ער א זאָג געטאָן בייז.

— בערעזינא? — האָט איבערגעפרעגט פערל. — מיסטאמע איז זי געפאָרן ניט פון וואָקזאל. ווען זי זעט, נעמט זי מיך.

געזאָגט האָט זי עס זייער פּראָסט, מיט א זיכערקײַט, אז אנדערש האָט עס ניט געקאָנט זײַן. און טאקע אָט די פּראָסטע זיכערקײַט אירע האָט נויעכן שוין גאָר אינגאנצן ארויסגעבראכט פון די קיילים. בערעזינא... אים איז זי גרייט גע־ווען דוירעס זײַן... וואָס איז? ער האָט שיר ניט דערוואָרגן א קאָלכאָזנע פעגירע. אָט די פעגירע איז בא איר כאָשעווער פון אים. און פערלען, — דאָס ווייסט ער, — פערלען וואָלט זי ארײַנגעזעצט אין מאשין, ווי זשע — אירס א גלײַכן... טאָ זאָל זי, בערעזינא, זי פירן טאקע. זי, און ניט ער. צו אים האָט עס ניט. גענוג! ער דארף ניט אזא ווײַב, וואָס איז בא אלעמען אלץ, און ער — גאָרנישט. אויב גאָרנישט — איז אָט. פון פאָרנט אף דער פור, ווו ער האָט שוין געהאט באפרײַט לעבן זיך א שטיקל אָרט פאר פערלען, האָט ער זיך איצט ווידער ברייט פאנאנדערגעזעצט אינמיטן און שטארק א צי געטאָן די ווישקעס:

— וויאָ!

— שטיי!

נויעך האָט זיך ניט באוויזן רעכט ארומקוקן. אין איין אויגנבליק, ניט מוירע האָבנדיק, אז די פערד וועלן זי צעטרעטן, איז פערל אויסגעוואקסן קעגן זיי און אָנגעכאפּט פאר ביידע צײַמלעך.

— שטיי, זאָג איך!

אזא האָט נויעך זי נאָך קיינמאָל ניט געזען. דאָס שאלכל איז איר אראָפּ אף די אקסלען, די טונקלע האָר האָבן זיך צעשאָטן ארום דעם בלאס געוואָרענעם פּאָנעם. אפן פּאָנעם זײַנען, דאכט זיך, פארבליבן נאָר די אויגן אליין, און אין זיי — א בלוילעכער פלאם, ווי אָנגעצונדענער ספּירט. זי איז איצט דאָ געשטאנען פאר אים אינגאנצן אן אומבאקאנטע, א הויכע — א סאך העכער פון אים... ער האָט זי דערזען איצט, ווי צום ערשטן מאָל.

— וועסט ניט אנטלויפן, — האָט זי, שווער איבערכאפּנדיק דעם אָטעם, גע־זאָגט. — אָט דאָ באלד וועט צווישן אונדז איינמאָל פאר אלעמאָל קלאָר ווערן: אָדער — אָדער...

ניט ער — זי האָט געהאלטן די פערד בא די צײַמלעך, און נויעך האָט מיט אלע כושים דערשפּירט: אָט דאָ, אין דעם קאַיאָריקן סטעפּ, האָט זייער ביידנס לעבן זיך אוועקגעלייגט אף א וואָגשאָל, און אין וואָס פאר א זײַט עס וועט באלד אריבערצ׳ען, — אזוי וועט עס שוין פארבלײַבן.

האָט ער געפּרוווט א צי טאָן אין זײַן זײַט.

— א ווײַב דארף איך האָבן אין שטוב, ניט אין קאָלכאָז. גענוג, וואָס די פערד אָפּגעגעבן, די בעהיימע. גענוג פונמײַנעטוועגן!

— נויעך, נויעך, — האָט א מאך געטאָן פערל. אינעם טאָן פון אָט די ווערטער איז געווען אזא ווייטעק און פאָרוואורף, אז ער איז אנשוויגן געוואָרן.

פאַר פּערלס אויגן האָט אין אָט דער קורצער מינוט דורכגעשוועבט איר גאַנץ לעבן — פון דאַן, ווען אַ קינד נאָך, האָט זי געהאָרעוועט באַ זכאַריען... די כאַסענע... איר צוריקקערן זיך מיטן האַלב־פאַרפרוירענעם פּיצל קינד צו נויעכן. יאָרן האָרעוואַניע, איזדיעקעניש, פּייַן. וויפל פּייַן!.. דערנאָך — דער קאָלווירט. זי איז אַוועק אַהין אַרבעטן, און פאַר איר האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייַ לעבן. אַ שווער לעבן — שווער אין קאָלווירט, שווער אין דער היים — און דאָך מיט פריידן אויך. דער איקער — זי איז געוואָרן מיט מענטשן גלייַך. וועט זי דען ווען־ניט־איז דערפון זיך איצט אָפּזאָגן? און אים, נויעכן, ווייסט זי, פאַרדריסט עס. אוי, פאַרדריסט עס אים — האַלעמייַ זי און ניט ער. נאָר ווער זשע לאָזט אים אויך ניט? איר קאָווער האָט זי פאַרדינט נאָר מיט האָרעוואַניע. זי ווייסט אָבער, וואָס אים קוועטשט. אים לאָזט נאָך אַלץ ניט צורו, וואָס אַמאָל האָט זיך אים ניט אייַנגעגעבן צו ווערן אַ צווייטער זכאַריע. ער וואָלט נאָך אַלץ וועלן ווערן אַ זכאַריע, כאָטש זכאַריעס צייַטן זייַנען שוין לאַנג אַוועק, אויף אייביק אַוועק. זי פאַרשטייט עס גוט, און ער — נאָך ניט. ווי גיט מען עס אים אויך צו פאַרשטיין?

דאָרט, באַם יאַם, האָט פּערל צום ערשטן מאָל אין איר לעבן געהאַט גענוג פרייַע צייַט אויף טראַכטן, שמועסן מיט מענטשן, און איר איז דאָרט אַ סאַך קלאָר געוואָרן אין איר אייגן לעבן און אין לעבן פון אַנדערע. אַז זי וועט אַהיימקומען, — האָט זי באַשלאָסן, — וועט זי פּרוּוון נויעכן אויך געבן צו פאַרשטיין דאָס, וואָס זי האָט פאַרשטאַנען. דערפאַר האָט זי איצט אָנגעכאַפּט און געהאַלטן אַזוי שטאַרק די פערד באַ די צייַמלעך.

— פאַר דיר, — האָט זי געזאָגט, — איז די אַרבעט אין קאָלווירט אַן אָפּקומעניש. פאַר מיר — אַ פרייד. אין דעם איז צווישן אונדז דער גאַנצער כילעק. און אָט די פרייד וועסטו באַ מיר ניט אָפּנעמען. דו הערסט? — זי האָט אים טיף אַרייַנגעקוקט אין די אויגן. ער האָט די אויגן אַראָפּגעלאָזט. ניין, ניט אין זייַן זייַט ציט אַריבער די וואָגשאָל.

— טאָ דאַרף מען ניט! איז כאַפּט זיי אַלעמען אַ כוואָראָבע! פּאַשאָל! — נויעך האָט מיט רעציכע אַ צי געטאָן די לייצעס, און ביידע בולאַנע, וועלכע עס איז שוין לאַנג נימעס געוואָרן צו שטיין אויף איין אָרט, האָבן שטאַרק אַ ריס געטאָן דעם וואָגן.

פּערל איז אומגעפאַלן. אַ ווייַלע איז זי געלעגן אויף דער ערד ווי אין הינערפלעט. פּאַמעלעך זיך אויפגעהויבן, מיט שטאַרע באַוועגונגען אָפּגעטרייסלט די צוגעשטאַנענע שטיקלעך פייַכטע ערד פונעם קליידל, זיך אַרומגעקוקט. לעבנגויס דעם מיזרעך־ראַנד פון סטעפּ האָט געשייַנט אַ דינער העלער פּאַס. עס האָט שאַרף אַ צי געטאָן מיט קאַיאָריקער פרישקייַט. אינדערווייַטנס האָט פּערל דערזען נויעכס אייַנגעהויקערטע פּלייצע, וואָס האָט זיך געטרייסלט אויפן וואָגן. דער וואָגן איז אַלץ קלענער געוואָרן, מע האָט שוין קוים געהערט זייַן טראַסקערייַ. און מיטאַמאָל האָט פּערל דערפילט, ווי אין אירע גלידער גייט אַרייַן אַ מאָדנע לייַכטקייַט. ווי אַ שווערע מאַסע, וואָס האָט זי יאָרנלאַנג געדריקט, זאָל ביסלעכווייַז נעמען פון איר אַראָפּפאַלן, און אָט איז זי, אָט די מאַסע, ענדלעך אינגאַנצן ניט געוואָרן... געוועזן און ניטאָ! און עס ווערט איר לייַכט, לייַכט...

צום אופוואַכנדיקן סטעפּ און צו זיך אַליין האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן מיט כידעש: „פּערל נויעכס”? — און עס האָט איר אויסגעזען מאָדנע — ניט שוין זשע האָט מען זי אַזוי אַמאָל גערופן? זי האָט זיך נאָך אַליין ניט געגלייבט, נאָר, אַ סוואָרע, אַז איצט איז שוין אויס דערמיט, אויס! אַצינד איז זי פּאַשעט פּערל.

אין איין האַנט מיטן ווייַסן געפלאָכטענעם רענצל, אין דער אַנדערער — מיטן צווייטן שווערלעכן קלומעק, האָט פּערל געשפּאַנט אין יענער ריכטונג, וווּ צונויפמישנדיק זיך מיט דער טונקלקייַט, האָט אין אַ טיפער באַלקע, שוין אַ קוים אָנזיכטיקער, זיך אַראָפּגעלאָזט נויעך מיט די בולאַנע...

## אין פולן גאנג

### 1. באם פענצטער

פון צווישן צוויי הויכע, שטארק פארשנייטע בארג־פעלדזן, וואָס האָבן זיך ענג צונויפגעשלאָסן איבער אַ לאנגן טונעל ערגעץ ארום דעם בײַקאַל, האָט זיך מיטאמאָל ארויסגעריסן דער קוריער־צוג. מיט אַ שטאָלענעם גוואלד פון די רעדער און בופערס האָט ער זיך אוועקגעשלענגלט פארבײַ די מעשופעדיקע בארג־אָפּהאנ־גען. הינטער דעם לעצטן וואגאָן האָט לאנג געוויכערט אַ שנייִ־קער ווירבל.

שטום, ניט צוטריטלעך זײַנען געשטאנען די בערג אין פאר־שנייטן ארום, פול מיט שטייניקן גלײַכגילט, ווי ניט פון זייערע דורכגעלעכערטע אינגעווײדן זאָל זיך דאָ ארויסרײַסן צוג נאָך צוג.

אין איינעם פון די גרויע באשנייטע וואגאָנען אינמיטן פונעם צוג איז דאָס לעבן געגאנגען אזוי, ווי עס האָט זיך שוין אײַנ־געשטעלט פאר די עטלעכע מעסלעס, וואָס די פאסאזשירן זײַנען געווען אין וועג. דער וואגאָן־קאָרידאָר איז געווען פוסט. באם עקסטן פענצטער זײַנען געשטאנען אַ קרעפטיק הויכער מאנצבל מיט לײַן־בלאָנדע גלאט פארקעמטע האָר און אַ יונג טונקל גע־קרויזט מיידל — דער קאפיטאן לאוטין און די פארמאצעווטן סימאָנאָווא. זי איז צום ערשטן מאָל געפאָרן אף אָט די וועגן. שכיינים פון איין קופּע, זײַנען זיי שווײַגנדיקע געשטאנען באם אופציטערנדיקן פענצטער, געקוקט אין פארבײַשוועבנדיקן ווינ־טערדיקן דרויסן און בלויז פון מאָל צו מאָל זיך איבערגעוואָרפן מיט אַ וואָרט.

פלוצעם האָט דער צוג שארף אַ קערעווע געטאָן, און דאָס מיידל האָט זיך אָנגעכאפּט פארן פענצטער־רימען.

— עס וויגט? — האָט צו איר אַ שמייכל געטאָן לאוטין און האָט אף איר טונקל־ברוינער האנט, מיט וועלכער זי האָט זיך אײַנגעקלאמערט אינעם רימען, דערזען איר היפּשלעך פלאטשיק זייגערל.

— ער שטייט, אײַער זייגער? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— פארוואָס מיינט איר אזוי?

— לויפט ער סײַדן?

— וואָס טראכט איר אויס? — האָט זי אַ לאך געטאָן.

— ער ווײַזט עפּעס אַ מאָדנע צײַט, זע איך, — פארטאָג צי פארנאכט?

— אך, — האָט זי אַ שמייכל געטאָן, — ער איז בא מיר נאָך אָנגעשטעלט אף דער מאָסקווער צײַט.

— אָהאָ, מיר זײַנען דאָך שוין אָפּגעפאָרן העכער פיר מעס־לעס...

— אין כאבאראָווסק וועל איך אים איבערשטעלן אף אלע זיבן שאָ מיטאמאָל. וויפל איז איצט די אָרטיקע צײַט?

לאוטין האָט אונטערגעהויבן זײַן גרויסע, מיט קלײַען בא־שפּרענקלטע האנט מיטן היפּשן גאָלדיק־גלאנצנדיקן זייגער.

— צען.
— קיין גרויסע סטאנציע זעט זיך ניט פאָרויס? — האָט זי געפרעגט.
— ניין, און צו מיטיקן איז נאָך פרי. וואָס לייענט איר? — האָט ער א ווונק געטאָן אפן ביכל, וואָס סימאָנאָווא האָט געהאלטן אין האנט.
— דאָס האָב איך אין דער צוג־ביבליאָטעק גענומען גערמאַן טיטאָווס „מײַן בלויע פלאנעטע", — האָט זי געענטפערט.
אין זייער קופע האָט מען אָן אופהער געשפילט אין דאָמינאָ, און אין קאָרי־דאָר האָט דורך דער האלב־אָפענער טיר זיך אלעמאָל ארויסגעטראָגן דאָס הארטע קנאקן פון די ביינדלעך.
— איר האָט ניט באמערקט, — האָט א זאָג געטאָן לאוטין, — פריִער א ביסל איז דאָ דורכגעלאָפן דער בוכהאלטער גנעזין פון דער אכטער קופע, ער איז הײַנט בייז — א שרעק!
— ניט באמערקט, — האָט געענטפערט סימאָנאָווא, — איך קוק הײַנט די גאנ־צע צײַט אפן בײַקאל. סארא פראכט! גנעזין, זאָגט איר? נאָך בייזער, איידער נעכטן?
— רעדט ניט! אזא האָב איך אים נאָך ניט געזען.
— מיסטאמע ווידער צום נאטשאלניק פון צוג, וואָס? מיט דער זעלבער טײַנע, מע זאָל אים בײַטן דעם וואגאָן? א מענטשן ווערט ניט נימעס...
— אין פינפטן וואגאָן, — האָב איך געהערט, — האָט ער זיך אָפגעזוכט א קאָ־לעגע, אויך אן אלטער באָכער, ווי ער... א פארוואלטער מיט א שפּאָרקאסע.
— זינאַידע סעמיאָנאָווגע האָט זיך שוין הײַנט באוויזן פון קופע? — האָט סי־מאָנאָווא א פרעג געטאָן, ניט אָפּנעמענדיק דעם בליק פון פענצטער.
— אזוי פרי?
— און מירע יעפימאָווגע האָט איר ניט געזען? ווי פילט זי זיך הײַנט? נעכטן איז איר געווען ניט וואזשנע. מע האָט אפילע מוירע געהאט...
— וויבאלד וואסיע פּעטראָוו איז דאָרטן, מעגט איר זײַן פאר איר רויִק...
— איר ווייסט, — האָט סימאָנאָווא זיך א קער געטאָן, — די ערשטע טעג האָב איך געמיינט, אז ער איז ניט קיין צופעליקער שאָכן לויט דער קופּע, — א מאן, האָב איך געמיינט... איר מוז זײַן זייער שווער צו פאָרן...
— ניט שרעקלעך. אָט אזוי, אין פולן גאנג, איז אלעמאָל בעסער. עס וועט איר ניט שאטן.
אלע פאסאזשירן אין וואגאָן זײַנען שוין גוט געווען באקאנט צווישן זיך, היי־מיש, מע האָט איינער וועגן דעם אנדערן פיל געוווּסט, געהאט אן אײַנגעשטעלטע מיינונג.
די אכטע קופּע איז הײַנט, ווי אלעמאָל, געווען פארשלאָסן. דאָרט איז געפאָרן א שוואנגערע פרוי. מירע יעפימאָווגע זילבערג (אלע — פונעם קאפּיטאן לאוטין ביז די וואגאָן־באגלייטערס — האָבן זיך באצויגן צו איר מיט איידעלן אָפּשײַ) איז געפאָרן צום מאן, אן אינזשעניער־עלעקטריקער, וועלכן מע האָט העכער א האלב יאָר צוריק פון זייער ייִשעוו הינטער מאָסקווע, ווו זיי האָבן צוזאמען גע־לעבט נאָך דער כאסענע און ביז ער האָט פארענדיקט דעם אינסטיטוט, געשיקט אף ארבעט קיין ביראָבידזשאן. אהין איז זי איצט געפאָרן. אליין האָט זי פארענ־דיקט א פּעדאגאָגישן אינסטיטוט און האָט געארבעט אלס לערערן.
געוויינלעך א גענוג הויכע און שלאנקע, האָט עס איצט, בייס דער שוואנגער־שאפט, זי שטארק פאנאנדערגענומען אין דער ברייט, דאָס כיינעוודיקע פּאָנעם איז פול געווען מיט ברוינלעכע פלעקן, און דאָס אלץ האָט זי קימאט ווי מיִעס געמאכט. ווי יעדער פרוי, וואָס שוואנגערט, דערצו נאָך צום ערשטן מאָל, האָט זי זיך געפילט ניט באקוועם, ווען זײַטיקע מענטשן האָבן זי געזען, ביפראט איצט

צווישן אזויפיל פרעמדע מאנצבלעך, וואָס זײַנען געפאָרן אין וואגאָן, און זי פלעגט דעריבער זעלטן וועגן ארויסגיין פון איר קופע.

אן אייגנארטיק שעפטום האָט געגומען איבער איר דער יונגער, זעקס־און־צוואנציקיאָריקער הידראָלאָג פעטראָוו, וועלכער איז געפאָרן ביז כאבאראָווסק, קעדיי פון דאָרטן פליִען וויַטער, אף קאמטשאטקע, ווו ער איז שוין געהאט געווען אף פראקטיק און וווהין מע האָט אים איצטער געשיקט אף ארבעט. צום היפשן פארדראָס פון זינאיִדע סעמיאָנאָוונא זרזיִנא — דער צווייטער פרוי אין קופע — א יונגער גראציִעזער און זייער לעבנסלוסטיקער, האָט דער הידראָלאָג ניט געלייגט אף איר קיין שום אכט און די גאנצע אופמערקזאמקייט זײַנע דאפקע געשענקט דער שוואנגערער. ווען יענע האָט זיך געפילט ניט גאָר גוט, האָט ער איר געבראכט מיטיק פון רעסטאָראן, געזען, די טיר זאָל זײַן פארמאכט, עס זאָל איר גאָרניט שטערן. שאָענלאנג פלעגט זי אָפליגן אפן ווייך אויסגעבעטן אונ־טערשטן געלעגער, און ווען עס פלעגט איר שווער און נימעס ווערן צו ליגן, האָט זי זיך צוגעזעצט צום פענצטער. אָנגעשפארט מיט א פולער האנט אינעם ברייט צענומענעם כאלאט־ארבל אפן קליינעם טישל און א שטילן, פארטרוימטן, אין זיך פארטיפטן בליק פון די גרויסע שווארצע און אויך בא איר איצטיקן צושטאנד שיינע אויגן ניט אראָפגעלאָזט פון די פארבײַיאָגנדיקע וויַס־פאר־שנייטע וועג־פייזאזשן.

זינאיִדע סעמיאָנאָוונע פלעגט געוויינלעך גיך אומעטיק ווערן צו זיצן אין קו־פע. אָפט ביז שפעט אין אָוונט פלעגט זי פארברענגען אין אנדערע וואגאָנען, דעריקער אין יענעם, ווו עס איז געפאָרן דער אינזשעניער־טעכנאָלאָג פון וולא־דיוואָסטאָק וואדים פעטראָוויטש. זי האָט דאָרט געשפילט אין דאָמינאָ, אין פרע־פעראנס. צו זיך אין קופע איז זי בלויז געקומען אָפרוען און איז אלעמאָל גע־שלאָפן ביז שפעטן טאָג.

דער פערטער מיטפאָרער אין קופע איז געווען א הויפט־בוכהאלטער פון א גרויסער אונטערנעמונג — לעוו מארקאָוויטש גנעזין, וואָס האָט זיך צוריקגע־קערט פון מאָסקווע פון א פאראנטוואָרטלעכער קאָמאנדירונג, — א מענטש פון א יאָר עטלעכע און פערציק, מיט א היפשער פײַערדיק־רויטער באָרד. אלע אין וואגאָן האָבן שוין געוווּסט, אז ער איז געווען אן אלטער באָכער. לעוו מארקאָ־וויטש גנעזין האָט אײַנגעזעצן א בייזווייליק שפיצל — ניט אנדערש! — פון דער מאָסקווער בילעט־קאַסע (און עפשער פונעם גורל אליין), וואָס דאפקע אים איז אויסגעפאלן צו פאָרן אין איין קופע מיט א שוואנגערער פרוי אין די הויכע כאַ־דאָשים. ער פלעגט דעריבער די גאנצע צײַט פארברענגען ניט בא זיך אין קופע, נאָר איבערהויפט, שוין פון א פאָר טעג, אינעם פינפטן וואגאָן, ווו עס איז גע־פאָרן דער פארוואלטער פון א שפּאָרקאסע, אויך אן אלטער באָכער, מיט וועלכן זיי זײַנען צוזאמען געווען אין מאָסקווע אף דער בעראטונג און ווו זיי האָבן זיך באקענט. שאָענלאנג פלעגן זיי אָפזיצן אין רעסטאָראן, טרינקען ביר און שמועסן. הײַנט איז גנעזין אויך פון גאנצפרי אוועק אין וואגאָן צו זײַן באקאנטן און פאריינוועגס צום נאטשאלניק פון צוג, דערמאָנען אים צום וויפלטן מאָל, אז אפן ערשטן אָרט, וואָס וועט זיך ווו־ניט־איז באפרײַען אין צוג, זאָל מען אים ארי־בערפירן.

ווייך און ברייט האָט אין שנעלן גאנג זיך געוויגט דער וואגאָן. סימאָנאָוונא האָט זיך פעסט געהאלטן פארן פענצטער־רימען מיט די דינע, נאָך פון זומער ברוינלעכע פינגער. פארכאפט פון די פרעכטיקע ווינטערדיקע פייזאזשן ארום דעם בײַקאל אין אָט די געפערלעך געדרייטע ערטער, האָט זי ניט באמערקט, ווי דאָס ביכל, וואָס זי האָט געהאלטן, האָט זיך בא איר ארויסגעגליטשט און איז געלעגן בא אירע פיס אזוי, אז זי איז שיר ניט געשטאנען אף דעם מיט א קנאפל.

קנייטשנדיק זײַן ברייטן רויטלעכן שטערן, האָט לאַוטין בעשאַסמײַסע געַ־טראַכט וועגן דעם נײַעם פּאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן, וואָס צוליב דעם האָט מען אים אַרויסגערופן קיין מאָסקווע. צוריקגעפאָרן איז ער איצטער מיט אָן אַ שיר פּלענער וועגן זײַן נײַער אַרבעט אויף איינעם פון די ווײַטמיזרעכדיקע ציווילע אַעראָדראָמען.

— זעט נאָר, סאַרא באַרג! — האָט זיך איבערגעשראָקן ניט אויף קאַטאָוועס סימאָנאָוואַ און איז אָפּגעשפּרונגען פון פענצטער. אין וואַגאָן־קאָרידאָר איז מיטאַמאָל שטאַרק טונקל געוואָרן פון דער גרויער שטיינער־מאַסע, וואָס האָט גרויזאַם נאָענט זיך אַ טראָג געטאָן פאַרבײַ דער דריבנע פאַרציטערטער פענצ־טער־שויב.

— באַלד וועט ווידער זײַן אַ טונעל? — האָט זי געפרעגט.

— טוט אַ קוק אַרויף אין פענצטער, — האָט געזאָגט לאַוטין.

— איך זע דאָרט גאָרניט.

זײַן גרויסע מיט קלײַען באַשפּרענקלטע האַנט האָט ער אַרופגעלייגט אויף איר דינינקן אַקסל און זי אַ קער געטאָן אַזוי, אַז זי זאָל אויך זען.

— אין אָט די ערטער איז אַפּאַנעמעסן דאָך שרעקלעך! — האָט זי אַ ציטער געטאָן.

אין וואַגאָן איז שוין ווידער געוועזן ליכטיק פון די בלענדיקע שנייען אין דרויסן. די באַרג־פעלדזן האָבן זיך שוין אָפּגערוקט ווײַטער, נאָר דאָס מיידל האָט נאָך אַלץ געשפּירט איבערן שנעל־יאָגנדיקן צוג דעם געפערלעך אַריבערגעבוי־גענעם ריזיקן פעלדז. עס האָט זיך געדאַכט — מיט ניסים האָט ער זיך פאַרהאַלטן אינמיטן האַסטיקן פליִען... נאָך אַן אויגנבליק, און ער וואָלט מיט זײַן גאַנצער פּלעטנדיקער מאַסע זיך אַ וואַלגער געטאָן אויף זיי... דערפילט זיך זייער אומזי־כער, האָט זי קינדעריש זיך אַ טוליע געטאָן צו לאַוטינס אַקסל.

— דאָ איז דאָך אויף אַן עמעס געפערלעך, — האָט זי נאָכאַמאָל געזאָגט. — נאָך געפערלעכער, ווי פליִען, האַ, ווי מיינט איר?

— דאָס דוכט זיך אײַך, — האָט לאַוטין אַ שמייכל געטאָן.

— אויף אַן אַעראָפּלאַן ריזיקירט מען דאָך ניט, אַז אַזאַ באַרג זאָל אײַך אַ פאַל טאָן אויפן קאָפּ.

— און אַליין אַעראָפּלאַן אויף אַזאַ באַרג, מיינט איר, איז בעסער?

— אַזעלכס קאָן אויך געשען? — האָט זי מיט קינדערישער טמימעס אַ פרעג געטאָן.

— אויב איר דערלאָזט, — האָט ער זיך צעלאַכט, — אַז עס קען אַעראָפּלאַן אַ באַרג, קאָן דאָך עס מיט אַ מענטשן געשען אוואַדע...

— מיט אײַך איז שוין אַמאָל אַזוינס געשען?

— מיט מיר? אויב איך שטיי דאָ לעבן אײַך, איז אַ סימען, אַז מיט די בערג לעב איך בעשאָלעם... טוט בעסער אַ קוק אויף רעכטס, — האָט ער איר אָפּגיך געזאָגט.

— אוי, סאָסנעס! — האָט זי אויסגערופן. — אויף אַזאַ הייך...

— דעם באַרג דערקענט איר?

— סײַדן דער זעלבער?

— נו, יאָ.

— עס קאָן ניט זײַן!

דער צוג איז שוין אָפּגעפאָרן גאַנץ ווײַט פון יענעם באַרג, וואָס מיט זײַן גרויזאַמער נאָענטקײַט האָט ער פריִער אַזוי אָנגעשראָקן די יונגינקע סימאָנאָוואַ. מע האָט אים איצט אויפן ווײַטן און לויטערן פאָן פון הימל אָנגעזען אינגאַנצן מיט אַלע זײַנע שפּיציקע פעלדזן, און אויפן העכסטן פעלדז — די דרײַ סאָסנעס...

— איר האָט מוירע געהאַט, אַז אָט דער באַרג וועט אַף אונדז אַראָפּפאַלן? — האָט לאָוטין געלאַכט. — און די סאָסנעס, איר זעט, — זיי האָבן ניט מוירע...

סימאָנאָווא האָט זיך פאַרשעמט פאַר איר פריִערדיקער שוואַכקייט. דעם צוג האָט מיטאַמאָל ראַשיק איינגעשלונגען אַ טונעל. אַ צעשוווּמענע שײַן האָט צו־ערשט שלאַבעריק אַ שווּעב געטאָן, און די פינצטערניש איז געוואָרן נאָך געדיכ־טער.

ווען פון דער פּלוצעמדיקער שײַן, בײַס דער צוג איז פון טונעל אַרויס, האָבן לאָוטין און סימאָנאָווא מיט צוגעזשמורעטע אויגן אַ קוק געטאָן אַפן וואַגאָן, איז דער שמאָלער קאָרידאָר, ווי פריִער, ווי פריִער, נאָך געווען פּוסט. נאָר אין דער טיר פון דער אַכטער קופּע איז אין איר ברייטן כאַלאַט, מיט אַ האַנטעך אַף דער האַנט גע־שטאַנען מירע יעפימאָוונע זילבערג.

ניט באַוויזן האָט זי זאָגן אַ „גוטמאָרגן", ווי עס האָט זיי ווידער אײַנגע־שלונגען אַ טונעל.

— מירע יעפימאָוונע, וואַרט, גייט ניט! — האָט צו איר אַ געשריי געטאָן אין דער פינצטער סימאָנאָווא.

— איך וואַרט, איך וואַרט, — האָט יענע באַרוּיִקנדיק געענטפערט, ווי פון אַן אָפּגרונט אַרויס.

— זייער אַ דרייסטע פרוי, — האָט אין ראַשיקן גאַנג פון צוג סימאָנאָווא גע־זאָגט צו לאָוטינען, — אין אַזאַ לאַגע זיך לאָזן אין אַזאַ ווײַטן וועג...

ביז עס האָט זיך געצויגן דער טונעל, האָבן זיי ביידע געטראַכט וועגן דעם נײַעם לעבן, וואָס די יונגע פרוי האָט איצט געפירט איבער אָט דעם וועג.

פול מיט פריידיקן אימפּעט האָט דער צוג זיך אַרויסגעריסן פונעם טונעל און אַף לאַנג זיך אַוועקגעטראָגן צווישן דער דורכויסיקער זוניקייט פון די זויבער באַשנייטע וועלדער און בערג...

## 2. אַ טעלעגראַם

נאָך אַף דער סטאַנציע קראַסנאָיאַרסק, ווו דער צוג איז היפּש געשטאַנען, האָט מען אין דער אַכטער קופּע אַרײַנגעטראָגן אַ טעלעגראַם.

ביידע פרויען, מירע יעפימאָוונע און זינאַידע סעמיאָנאָוונע, זײַנען געזעסן אַף זייערע ערטער איינע קעגן דער אַנדערער און אויפגעלעבט וועגן עפּעס גע־שמועסט. צו דער טעלעגראַם האָבן צוערשט זיך אַ ציִ געטאָן ביידע. נאָר ווען דער וואַגאָן־באַגלייטער האָט אָנגערופן די פאַמיליע זילבערג, האָט זינאַידע סע־מיאָנאָוונע זיך גלײַך צוריקגעצויגן און מיטאַמאָל דערפילט אַן אַנטוישונג. כאָטש קיין טעלעגראַמעס אין וועג האָט זי פון קיינעם ניט דערוואַרט.

— ס'איז אַן אײַנפאַל, — האָט זי קימאַט מיט קינאָה אַ זאָג געטאָן, — טעלעגראַ־פירן אין צוג! וועמען איז עס אײַנגעפאַלן?

מירע יעפימאָוונע איז בלייך געוואָרן. די ברוינע פלעקן אַף איר פּאָנעם זײַנען געוואָרן נאָך אָנזיכטיקער. מיט ציטערנדיקע פינגער האָט זי געהאַלטן די טעלע־גראַם און מוירע געהאַט זי עפענען. אינעם טאָג, ווען זי איז אַוועקגעפאָרן, האָט בא דער מאַמען זיך אויפגעהויבן דער בלוט־דרוק, עפּשער...

— מאַטערט ניט, פון וועמען איז די טעלעגראַם? — האָט אומגעדולדיק אויס־געדרופן זינײַדע.

מירע יעפימאָוונע האָט אויפגעריסן די טעלעגראַם, מיט מוירע אין איר אַרײַנ־געקוקט, און מיטאַמאָל האָט אַ העלע ראָזקייט איר אַ שלאָג געטאָן אין פּאָנעם. די פּולבלעכע ליפּן האָבן זיך פאַמעלעך צעצויגן אין אַ שמייכל, און אין די אויגן האָט אָנגעקוואָלן אַן אומגעריכטע טרער... זי האָט זיך ווי אין אָנמאַכט אָפּגע־

וואָרפֿן צום וואגאָן־רעסטאָראַן דעם בלאַנק דער שכיינע. יענע האָט אים צוגעטראָגן נאָענט צו די אויגן — זי איז געווען קורצזכטיק — און פֿאַרמעלעך איבערגעלייענט וואָרט בײַ וואָרט: „איך וואַרט מיט אומגעדולד, כ׳קוש דיך, כ׳האָב דיך ליב. מישע".

— יאָ, דאָס איז אַן אײַנפֿאַל, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, אומקערנדיק די טעלעגראַם.

— וואָס זשע, — האָט געענטפֿערט מירע יעפֿימאָווונע, — ווען איך בין ארויסגעפֿאָרן, האָב איך אים דאָך טעלעגראַפֿירט דעם נומער פֿון צוג, וואַגאָן, קופּע.

— נאָר ניט יעדערער וועט זיך דערויף כאַפּן, — האָט זרײַנא באַמערקט און אַ פֿרעג געטאָן: — זאָגט, ער האָט אײַך שטאַרק ליב, אײַער מישע?

— ווער ווייסט, — האָט געענטפֿערט מירע יעפֿימאָווונע, נאָר איר שמייכל דערבײַ, די אָנגעקוואָלענע טרער אין אויג האָבן איידעס געזאָגט: זי ווייסט, און דערפֿון, וואָס זי ווייסט, איז זי גליקלעך.

— און מײַן מאַן, זעט איר, וואָלט אַזוינס ניט געקומען אַפֿן זינען... — האָט אַ זאָג געטאָן זרײַנא, און אַ מאָמענטאַלע פֿאַרביטערונג האָט דערבײַ שיר ניט מיִעס געמאַכט איר שיין געזיכט. מירע יעפֿימאָווונע האָט אפֿילע שיר ניט ראַכמאָנעס געקראָגן אויף איר, געוואָלט זאָגן עפּעס טרייסטנדיקס, נאָר מע האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

אויף דער שוועל איז געשטאַנען וואַדים פּעטראָוויטש, דער וולאַדיוואָסטאָקער אינזשעניער־טעכנאָלאָג. די היפּשע שוואַרצע באַקנבאַרדן און דאָס אַקוראַט אונטערגעשוירענע שוואַרצע וואָנסן־שנירעלע האָבן אונטערגעשטראָכן די מאַטקײַט פֿון זײַן לענגלעכן מענעריש מוטיקן געזיכט.

— ווי האָט זיך אײַך היינט גערוט? — האָט ער זיך גאַלאַנט געווענדעט צו ביידע פֿרויען און גלײַך זיך אַ קער געטאָן צו זינאַידע סעמיאָנאָווונען:

— איך בין געקומען נאָך אײַער נעשאָמע, זינאָטשקאַ...

— דאַרפֿט איר, הייסט עס, נאָר מײַן נעשאָמע, און גאָר? — האָט יענע קאָקעטיש אויף אים אַ בליק געטאָן.

— און, פֿאַרשטייט זיך, די פּרעכטיקע ראַם, אין וועלכער אָט די נעשאָמע איז אײַנגעפֿאַסט, — האָט געענטפֿערט דער אינזשעניער־טעכנאָלאָג.

— כאָזערט ניט איבער קיין באַנאַלקײַטן, וואַדיק, — האָט זיך אָנגערופֿן זרײַנא און, עפֿענענדיק דאָס שפּיגעלע, גענומען זיך פּודערן.

מירע יעפֿימאָווונע האָט געקוקט אויף איר און געגאַפֿט: ווו איז אַהינגעקומען די פֿאַרומערטקײַט, די פֿאַרביטערונג, וואָס האָט מיט אַ ווײַלע פֿריִער אַזוי פֿאַרענדערט, קימאַט מיִעס געמאַכט דאָס פּאָנעם פֿון אָט דער שיינער יונגער פֿרוי? מיט וואַדים פּעטראָוויטשעס אַרײַנקום האָט זי זיך מאָמענטאַל געענדערט — די גרויסע גרינבלעך־בלויע אויגן זײַנען געוואָרן נאָך גרעסער, די שוואַרצאַפּלען אין זיי — ברייטער, זי האָט זיך אינגאַנצן געלויכטן, געשײַנט. בײַס זי האָט זיך געפּודערט, געפֿאַרבט די ליפּן, האָט וואַדים פּעטראָוויטש ניט אויפֿגעהערט צו ריידן:

— איך בין געקומען צו אײַך אין נאָמען פֿון אונדזער גאַנצער קופּע, און אויב איר ווילט, אין נאָמען פֿון נאָך צוויי מאַנצבילען פֿון דער שכײנישער קופּע. אלע וואַרטן מיר אויף אײַך, מע קאָן אָן אײַך ניט אָנהייבן...

— וואָס?

— דעם פֿרישטיק און דעם פּרעפֿעראַנס.

— גאָט מײַנער, מע קאָן מיינען! — האָט אויסגערופֿן זרײַנא, פֿירנדיק מיטן בלאָזן בליַיער איבער די ליפּן.

— דאָס ווייסט איר דאָך, — האָט פֿאַרגעזעצט וואַדים פּעטראָוויטש, — אַז באַ

אונדז אין קופע — און פאראן א כשאד — אין גאנצן וואגאָן זײַנען אלע מאנצב־לען אײַערע פארערער...

— אלע? — האָט איבערגעפרעגט זרײַנא. — נו, און איר, וואדיק, איר אליין — אויך?

— דערפון, וואָס ניט עמעצער אנדערש, נאָר איך בין געקומען נאָך אײַך, דארפט איר אליין פארשטיין...

זרײַנא האָט זיך אופגעהויבן. אין דער טונקל־בלויער הויזן־פּאָר, אין שיינעם זײַדענעם קאָפּטל האָט זי איצט אויסגעזען נאָך העכער, נאָך דינער, נאָך עלעגאַנטער. א וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ די ניט לאנגע, לויט דער לעצטער מאָדע אונטערגעשוירענע לײַן־ווײַס אָפּגעפארבטע האָר, האָט זי א זאָג געטאָן צו איר שכיינע פון קופּע:

— ווען עס וועט קומען ערנעסט וואלעריאנאָוויטש פונעם פערטן וואגאָן, זאָגט אים, איך בעט אײַך, אז די מאנצבלען פונעם דריטן וואגאָן האָבן מיך, — זי האָט געוואָרפן א בליק אף וואדים פּעטראָוויטש, — זיי האָבן מיך פּאָשעט אוועקגע־רויבט. זאָגט אים, איך האָב ניט געוואָלט גיין, נאָר זיי... גוט?

— וועט ער דאָך האָבן טײַנעס צו מיר, — האָט געזאָגט מירע יעפימאָוונע, — האלעמײַ איך האָב עס דערלאָזט...

— עס מאכט ניט אויס, — האָט געענטפערט זרײַנא, — אײַך אין אײַער לאגע וועט זײַן גרינגער זיך צו פארענטפערן...

— און נאָך זאָגט אים, — האָט פריילעך צוגעגעבן וואדים פּעטראָוויטש, — ער זאָל ניט שלאָפן שפּעט. ער קען נאָך אזוי פארשלאָפן אלץ מיטאנאנדער... גייען מיר? — ער האָט זיך גאלאנט פארנייגט פאר זינאַידע סעמיאָנאָוונען, דורכ־לאָזנדיק זי פאָרויס.

— אײַך גליקט, — האָט זיך אָנגערופן צו איר מירע יעפימאָוונע, — מאנצבלען יאָגן זיך נאָך אײַך מאמעש וואגאָנענווײַז....

— וואָס זשע, — האָט, שוין אין טיר שטייענדיק, זיך א קער געטאָן זרײַנא, — אזוי ווי איר, וואָס באקומט טעלעגראמעס אין צוג ארײַן פון איין מישען?..

געבליבן אליין אין קופּע, האָט מירע יעפימאָוונע זיך פארטראכט. וויפל מענטשן, — אזויפיל כאראקטערס. אָט, אשטייגער, זינאַידע סעמיאָנאָוונע, וואָס בעט זיך אלץ בא איר, בא מירען, זי זאָל זי רופן „זינאָטשקע". זינאָטשקע... דאָס פאָרט זי צו איר מאן. ער איז א לייטענאנט אף א ווײַטמיזרעכדיקער גרענעץ־זאסטאווע. כאסענע געהאט האָבן זיי צוריק מיט צוויי יאָר. מע האָט זיך באקאנט אין סאָטשי, באם יאם. „איך האָב זיך באקאנט מיט מײַן באשערטן אפן וואַסער", — האָט זינאָטשקע דערציילט, און אָט ווי דאָס איז געשען. ביידע גוטע שווימער, זײַנען זיי איינמאָל אזוי לאנג געשווומען, ביז אלע, וואָס זײַנען געווען באנאנד, זײַנען ביסלעכווײַז אָפּגעשטאנען, און זיי זײַנען געבליבן אליין. האָט מען מיט דער פרייד פון זיגער אין אָט דער ניט געמאָלדענער פארמעסטונג איינער צום אנדערן א שמייכל געטאָן און זיך געלאָזט צוזאמען שווימען צוריק. אײַנגעמידט, האָט מען באנאנד אָפּגערוט נאזנדיק אפן וואסער. „דער הימל איז בלוי, — דערציילט זינאָטשקע, — דאָס וואסער אויך, און אין אָט דער דורכזיכטיקער בלויקײַט וויגן זיך צוויי וועזנס... און אלץ איז דורכגעוועבט מיט זון — די לופט, דער יאם און זיי אליין אויך..." ער האָט זי אין וואסער אָנגע־נומען בא דער האנט, און זי האָט איר האנט ניט אָפּגענומען. איר איז געווען גוט... דערנאָך האָט מען זיך געלאָזט צום ברעג. מע איז געשווומען פּאמעלעך, ניט געאײַלט. פון וואסער איז מען ארויס, ווי אף אייביק דורכן יאם פארקנאסטע, מיט א קלאָרן געפיל, אז באזונדער לעבן וועט מען ניט קאָנען.

נאָכן קוראָרט האָט מען בא זינעס עלטערן אין מאָסקווע געשפּילט די כא־סענע, און דאָס יונגע פּאָרפאָלק איז אוועקגעפאָרן אף דער ווײַטער גרענעץ־

זאסטאווע, ווו דער לייטענאנט האָט געדינט. דאָ האָט זײַן אראָפּקומען מיט דער פרוי אלעמען איבעראשט. מע האָט זי באגריסט, מע איז געווען אנציקט פון זינאָטשקעס שיינקײַט, פון אירע טאלאנטן באם זינגען מאָדערנע עסטראדע־לידער און שפילן אפן ראָיאל. די ניט־פארהייראטע אָפיצערן זײַנען מעקאנע געווען איר אויסדערוויילטן, — דערציילט זינע, — און — דאָס האָט מען געזען אין זייערע נעזער — אלע זײַנען זיי געווען אין איר פארליבט... „און די פארהייראטע אויך, — גיט זי צו, — ווײַל די פרויען זייערע זײַנען געווען קורנאָסע פראָסטושקעס, וואָס האָבן געקענט בלויז איינס — קינדלען".

איינער א באווײַבטער אָפיצער, שוין א פאָטער פון צוויי פיצלעך קינדער, האָט געפרווט פארפירן מיט איר, מיט זינאָטשקען, א שטיקל פלירט. ער איז געווען, דערציילט זי, א הויכער, א שיינער, אן עמעסער קראסאוועץ. „שענער פון אײַערן?" — האָט געפרעגט מירע. „שענער ניט, — האָט זינע געענטפערט, — נאָר ער האָט פארמאָגט אין זיך עפעס אזוינס... איר פארשטייט, עפעס אזוינס, וואָס האָט ניט ווילנדיק צו אים געצויגן"... „נו?" — „נו, וואָס איז מעגלעך אין די באדינגונגען פון א זאסטאווע, ווו אלץ איז אונטער הונדערט פאָר אויגן? מיר האָבן זיך א פאָר מאָל מיט אים געטראָפן, אזוי אָן שום מיין, זיך נאָר דורכגעשמועסט. ער האָט מיך שטארק וועגן דעם געבעטן, פארוואָס ניט צוליב טאָן?" — „איז וואָס זשע?" — „גאָרניט. עמעצער האָט עס באמערקט, און מע האָט דעם דאָזיקן אָפיצער אינגיכן אריבערגעפירט אף אן אנדער זאסטאווע". — „נו, און דער מאן?" — האָט מירע געפרעגט. „וויטיאָק? — ער איז אזוי פארליבט אין מיר, אז ער האָט גאָרניט באמערקט"...

זינאָטשקען איז אינגיכן געוואָרן זייער לאנגווײַליק אף דער זאסטאווע. „אלע טאָג — דאָס זעלבע: נאריאדן און טרעוואָגעס, נאריאדן און טרעוואָגעס"... און זי איז געווינט געוואָרן צום מאָסקווער טומל, ראש, צו קינאָ־טעאטערס, פרײַנט. איז זי אוועקגעפאָרן, צוגעזאָגט אָפּזײַן בא די עלטערן א פאָר כאדאָשים און איז אָפגעווען מער פון א יאָר. וויטיע אירער האָט געשיקט איין בריוו נאָכן אנדערן, גערופן זי צו זיך, און זי האָט געפונען אלץ נײַע טערוצים, קעדיי ניט צו פאָרן. ביז ער האָט געשיקט אן אולטימאטום: אָדער זי קומט, אָדער — א געט. דאָס פאָרט זי איצט צו אים אף דער זאסטאווע. „און א קינד?" — האָט געפרעגט מירע. „כ'האָב געמאכט אן אבאָרט", — האָט פראָסט געענטפערט זינע.

מירע האָט אופגעציטערט. זי וואָלט אויך געקאָנט אזוינס טאָן? ניין, זי וואָלט ניט געקאָנט... און זינע, ווי לײַכט זי האָט ארויסגעבראכט אָט דאָס שרעקלעכע וואָרט, ווי אנדערש זאָל גאָר ניט קאָנען געמאָלט זײַן. מירע האָט א קוק געטאָן אין פענצטער: אומענדלעכע שנייִיקע פליינען און טונקעלע ייִשווימלעך באם ווײַטן האָריזאָנט זײַנען אלץ געלאָפן אף צוריק, און דער צוג האָט אין זײַן וויגנדיקן גאנג געהאלטן אין איין אויסקלאפן מיט די רעדער די אומענדלעכע מעלאָדיע פון זײַן האסטיקער באוועגונג, אין וועלכער מירען האָט זיך די גאנצע צײַט געהערט איינס: פאָרויס! פאָרויס! גיכער פאָרויס!..

די דאָזיקע ווערטער האָבן ניט אופגעהערט צו קלינגען בא איר אין די אויערן, זיי האָבן איר געקלאפט אין הארצן און, דאכט זיך, צוזאמען מיטן בלוט געיאָגט איבער איר קערפער, אָנפילנדיק זי אינגאנצן מיט א געפיל פון אומגלייבלעכן גליק... די דאָזיקע ווערטער האָבן, דאכט זיך, אָנגעפילט מיט זיך אויך דאָס נײַע וועזן, וואָס לעבט שוין אינווייניק אין איר און גיט פון מאָל צו מאָל וועגן זיך צו וויסן מיט א לײַכטן שטויס... די האנט האָט זי ארופגעלייגט צו זיך אפן אופגעלאָפענעם בויך, עטוואָס אים צוגעדריקט מיט דער דלאָניע און האָט מיט די צאפלדיקע פינגער דײַטלעך דערשפירט די שטויסן, וואָס גייען פון אינווייניק. די טרער, וואָס איז שוין פון לאנג אָנגעקוואָלן בא איר אין אויג, איז ענדלעך אראָפּגערונען און פארלוירן געגאנגען אין מויל־ווינקל... אך, ווען מישע זאָל

איצט זײַן דאָ... זי וואָלט מער ניט געוואָלט, זי וואָלט נאָר פּאַמעלעך געגומען זײַן האַנט, אַרופֿגעלייגט זי צו זיך אױפֿן בױך, זאָל ער אױך דערהערן, װי עס לעבט, װי עס שטױסט זיך שױן דאָרט זײער ביידנס קינד. ער איז דאָ, מישע... אָט איז זײַן טעלעגראַם... װי מוירע האָבנדיק, אַז ער קאָן באַלד עפּעס אָף אַ מאָדנעם אופֿן ניט װערן, האָט מירע אַפּגיך אַ כאַפּ געטאָן פֿון טישל דעם בלאַנק, אים צוגעטראָגן צו די אױגן, לאַנג זיך אײַנגעקוקט אין יעדן װאָרט באַזונדער און שטיל עס איבערגעכאַזערט מיט די ליפּן. און גאָר עפּעס אַנדערש, האָט זיך איר אױסגעדאַכט, קלאַפּן שױן איצט אױס די רעדער אין זײער האַסטיקער באַ־װעגונג:

איך װאַרט... כ׳האָב דיך ליב... מישע...

איר האָט זיך אַ ביסל פֿאַרדרייט דער קאָפּ, און זי האָט זיך צוגעלייגט, קימאַט אַ פֿאַל געטאָן אױפֿן קישן.

## 3. אין װאַגאָן־רעסטאָראַן

די צװײ מאַנצבלען פֿון דער אַכטער קופּע, װאָס זײערע ערטער זײַנען געװען פֿון אױבן, איבער מירע יעפּימאָװנעס און זינאַידע סעמיאָנאָװנעס ערטער, דער פֿינף־און־פֿערציקיאָריקער הױפּט־בוכהאַלטער פֿון אַ גרױסער אונטערנעמונג לעװו מאַרקאָװיטש גנעזין און דער זעקס־און־צװאַנציקיאָריקער הידראַלאָג װאַסיע פּע־טראָװו זײַנען אײנער קעגן דעם אַנדערן געזעסן אין װאַגאָן־רעסטאָראַן און זיך געגרייט עסן מיטיק. מיט זײ צוזאַמען איז אױך געװען לעװו מאַרקאָװיטשעס באַ־קאַנטער, דער פֿאַרװאַלטער פֿון אַ שפּאָרקאַסע סאַװעלי קוזמיטש. מע האָט שױן באַ זײ געגומען די באַשטעלונג, געבראַכט ביר, און דערװײַל, ביז מע װעט ברענ־גען דאָס ערשטע געריכט, האָט מען געשמועסט.

— װײַזט זיך אַרױס, — האָט געזאָגט לעװו מאַרקאָװיטש, צופֿרידן אַ גלעט טוענדיק זײַן פֿײַערדיק רױטע באָרד, — אַז מיר האָבן זיך דאָ צונױפֿגעקליבן מיטאַמאָל דרײַ באָכערים.

ער האָט דערגאָסן ביר צו זיך אין גלאָז און פֿאָרגעלייגט:

— אָט פֿאַר דעם טאַקע לאָמיר אױסטרינקען! װי האַלט איר, סאַװעלי קוז־מיטש?

— אַבסאָליוט מאַסקים! — האָט יענער געענטפֿערט, אױפֿהײבנדיק זײַן גלאָז.

— פֿאַר װאָס, אײגנטלעך, לײגט איר פֿאָר אױסטרינקען? — האָט מיט אַ קױם מערקבאַרן שמייכל אין בליק אַ פֿרעג געטאָן װאַסיע, צוגלעטנדיק דעם בלאָנדן טשוב.

— פֿאַר מאַנצבלשער פֿרײַהײט לײג איך פֿאָר אױסטרינקען, יונגערמאַן! — האָט דערקלערט גנעזין. — פֿאַר קײנמאָל ניט זײַן קײן שקלאַף באַ קײן פֿרױ־שן קלײדל, באַ קײן קינדערישע װינדעלעך. קלאָר?

— קלאָרער פֿון קלאָר! — האָט געזאָגט סאַװעלי קוזמיטש.

— קלאָר איז עס קלאָר, — האָט באַמערקט װאַסיע, — נאָר צי האָט איר זיך אַ ביסל ניט צוגעײַלט פֿאַרעכענען אױך מיך אין אײַער קאָמפּאַניע?

— װאָס זשע, — האָט אַ פֿרעג געטאָן גנעזין, — איר האָט שױן אױך אָפּגעטאָן די פֿאַטאַלע נאַרישקײַט? איר זײַט שױן אַ באַװײַבטער?

— דערװײַל נאָך ניט.

— איז װאָס זשע? זײַט איר דאָך פּונקט אַזאַ באָכער, װי מיר מיט סאַװעלי קוזמיטשן. ניט עמעס?

— מעגלעך, אָבער מיט אײן קלײנינקן כילעק.

— אַװעלכן?

— מיט דעם כילעק, — האָט געענטפערט וואסיע, — וואָס איך האָב נאָך א פּאָר שאנסן צו ווערן אמאָל אויס באָכער, און איר, דאכט זיך, האָט זיי שוין ניט...

— אָבער טאקע דערפאר לייג איך פאָר אויסטרינקען, — האָט אויסגערופן גנעזין, — דערפאר, וואָס מיר האָבן שוין ניט קיין שאנסן! ווי האלט איר, סאוועלי קוזמיטש?

— אבסאָליוט מאסקים! — האָט יענער געענטפערט, אוןביידע האָבן אופגעהויבן זייערע גלעזער.

— און איך וועל פונדעסטוועגן אויסטרינקען פאר די שאנסן, וואָס איך האָב נאָך יאָ, — האָט געזאָגט וואסיע און האָט אויך אופגעהויבן זײַן גלאָז.

אויסגעטרונקען, האָט לעוו מארקאָוויטש אָפּגעווישט די וואָנסן און א זאָג געטאָן:

— איר וועט מיר אנטשולדיקן, יונגערמאן, נאָר אויב איר זוכט שוין יאָ שאנסן, זוכט איר זיי, ווי איך האָב באמערקט, ניט דאָרט, ווו מע דאַרף.

— ווי קאָן מען עס פארשטיין? — האָט זיך אָנגעשפּיצט פּעטראָוו.

— באלד וועל איך אײַך דערקלערן. אָט פאָרן מיר שוין מיט אײַך דעם ווּיפלטן טאָג אין איין קופּע. מיר האָט ביכלאל ניט אָפּגעגליקט. מיר, מיט מײַן באציִונג צו פרויען, צו קינדער און צו אָט דעם גאנצן קלאפּערגעצײַג, איז דאפּקע אויסגעפאלן צו פאָרן מיט א שוואנגערער פרוי אין די הויכע כאדאָשים, וואָס אָט־אָט קאָן זי זיך נאָך צעשיטן אינמיטן וועג...

— יאָ, — האָט א שמייכל געטאָן וואסיע. — אײַך האָט שטארק ניט אָפּגעגליקט. איז וואָס זאָגט דער שעף פון צוג?

— איך בין הײַנט ווידער בא אים געווען. ווי נאָר, זאָגט ער, עס וועט זיך עפּעס באפרײַען... אָבער איר זײַט פונדעסטוועגן זייער א מאָדנער יונגערמאן...

— אין וואָס זעט איר עס אײַן?

— אין וואָס? — גנעזין האָט זיך א קערעווע געטאָן צו סאוועלי קוזמיטשן, מיט וועלכן ער איז געזעסן באנאנד, און האָט אים, און ניט וואסיען, געגומען ענטפערן אף אָט דער פראגע: — איר פארשטייט, מיט אונדז אין קופּע פאָרן צוויי פרויען, כ׳האָב אײַך שוין דערציילט וועגן זיי, סאוועלי קוזמיטש. איינע — א שוואנגערע, אין די הויכע כאדאָשים. איך ווייס ניט, איך קלײַב זיך אין דעם ווייניק פאנאנדער, מעגלעך, אז אין נאָרמאלן צושטאנד איז זי, עפּשער, א גאנץ אָנגענעמע פרוי. אָבער איצט — א צעפּאָרענע פּאָס. דאָס פּאָנעם — ראַב פון פליאמעס. און שטעלט זיך פאָר, אָט דער יונגערמאן, ווי איר קוקט אים אָן, פארלויפט איר אלע וועגן. זי באוויײַזט ניט ארויסזאָגן א פארלאנג, פליט ער אים אויספילן. און אנטקעגן דער שוואנגערער, טאקע אונטער וואסיען, פאָרט א צווייטע פרוי — זינאַידע סעמיאָנאָוונע — א פראכט! טוט זיך איבער פינף מאָל א טאָג. אזעלכע מאָלט מען אין די מאָדע־זשורנאלן אף די ערשטע בלעטלעך. פון אנדערע וואגאָנען קומט מען צו איר און מע נעמט זי צו אף גאנצע טעג. און ער, זעט איר, אונדזער וואסיע, וואָס שלאָפט שוין ניט איין נאכט אף דער פּאָליצע איבער דער דאָזיקער שיינהײַט, — ווי מיט אים זאָל עס זיך ניט אָנקערן... ער זאָל עס אפילע א קוק טאָן אין איר זײַט...

דערציילט דאָס אלץ סאוועלי קוזמיטשן, האָט גנעזין ערשט איצט זיך אויסגעקערט צו וואסיען און, א גלעט טוענדיק די באָרד, געפרעגט:

— נו, זאָגט, איך בעט אײַך, איז עס ניט מאָדנע?

— מאָדנע, מאָדנע, — האָט צוגעשטימט סאוועלי קוזמיטש, — זייער מאָדנע.

— איך בין ייִנגער פון אײַך, געשעצטע באָכערים, — האָט געזאָגט וואסיע, — איך קען ניט און קלײַב זיך אײַך ניט לערנען. נאָר וואָס איז שײַך מיך, בין איך פּאָשעט איבערצײַגט: מוטערשאפט — דאָס איז הייליק... און איך פארנייג זיך

פאר פרויען, וואָס גרייטן זיך צו זייער מוטערשאַפט, ווי אונדזער מיטפּאַרערן מירע יעפּימאָוונע...

— נו, און זינאַידע סעמיאָנאָוונע? — האָט געפרעגט גנעזין.

— זינאַידע סעמיאָנאָוונע? — האָט וואַסיע זיך א קרים געטאָן. — זי וואָלט קיינמאָל ניט געווען קיין העלדן פון מײַן ראָמאַן.

— וואָס האָט איר באַשטעלט?

באַם טיש איז געשטאַנען די אָפיציאַנטקע. אין מעטאַלענע שיסעלעך האָט הייס געדעמפט א באָרשטש.

— וואָס האָט איר באַשטעלט אַף צווייטן, — האָט געפרעגט די אָפיציאַנטקע, — הינדעלעך טאַבאַקאַ?

— יאָ, דרײַ הינדעלעך טאַבאַקאַ.

— קיין הינדעלעך טאַבאַקאַ זײַנען שוין ניטאָ.

— וואָס זשע איז דאָ?

— קאָטלעטן.

— און גאָר?

— און גאָר.

— זאָל זײַן קאָטלעטן, — האָט פאַר אַלעמען געענטפערט גנעזין, — א בריי־רע? — און מע האָט זיך א נעם געטאָן צו די דעמפנדיקע שיסעלעך.

דער ערשטער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט גנעזין. אָפּווישנדיק די רויטע באָרד, האָט ער געזאָגט:

— ביז מע וועט ברענגען די קאָטלעטן, וועט נאָך דויערן ניט ווייניק. עס זאָל באַלד זײַן עפּעס א גרויסע סטאַנציע, וואָלט מען זיך געקאָנט אַרײַנכאַפּן דאָרט אין בופעט.

— אַזוי האַלט איר פון דער אַכילע? — האָט געפרעגט סאַוועלי קוזמיטש.

— ניין, פּאָשעט, ס'איז לאַנגווײַליק, — האָט געענטפערט גנעזין. — ביז צו א גרויסער סטאַנציע איז אָבער ווײַט.

מע האָט אַרויסגעקוקט אין פענצטער. שנייִקע פליינען, נאָענטע טעלעגראַף־סלופּעס און טונקעלע ייִשווימלעך באַם האָריזאָנט האָבן אָן אופהער געיאָגט אַף צוריק.

— איר מעגט איבער מיר וויפל איר ווילט איראָניזירן, — האָט זיך אָנגערופן וואַסיע, — נאָר דערלויבט מיר פונדעסטוועגן, לעוו מאַרקאָוויטש, פאַרגיבן אײַך א פראַגע.

— א פראַגע?

— יאָ, און, מעגלעך, פאַר אײַך אַן אומגעריכטע.

— ביטע! מיר, דער עלטערער דאָר, זײַנען מעכוייעוו צו ענטפערן אַף אַלע אײַערע פראַגן, יונגערמאַן, קעדיי זען אויסהיטן אײַך פון איבערכאַזערן אונד־זערע פעלערן.

— זײַט זיכער, אײַערע פעלערן וועלן מיר ניט איבערכאַזערן, — האָט געזאָגט וואַסיע.

— צו וואָס? — האָט זיך אָנגערופן סאַוועלי קוזמיטש. — זיי וועלן באַגיין גענוג אייגענע.

— בראַוואָ! — האָט זיך צו אים א קער געטאָן גנעזין, — איינס־נול אַף אײַער קאָנטע, סאַוועלי קוזמיטש!

און צום הידראָלאָג:

— איז וואָס פאַר א פראַגע?

— איר זײַט געווען אַמאָל... פאַרליבט?

אַף אַזאַ פראַגע האָט גנעזין בעעמעס זיך ניט געריכט. א לענגערע ווײַלע האָט

ער געקוקט אף וואסיען ווי מיט שרעק און מיטאמאָל, טרייסלענדיק מיט דער רויטער באָרד, זיך צעלאכט:

— שטעלט זיך פאָר, אז... יאָ! און נאָך א מין...

— איר מיט אײַער פּרינציפּיעלער סינע צו פרויען? — האָט וואסיע זיך פאַר־כידעשט.

— יאָ, יאָ. נאָר מײַן איצטיקע באַציִונג צום שײנעם מין איז דאָך שוין א רע־זולטאט פון א געוויסער לעבנס־דערפאַרונג, ס'איז ניט פון דער העלער הויט. נאָך פאַר דעם... פאַר דעם... אײַך האָב איך שוין וועגן דעם דערציילט, סאוועלי קוז־מיטש. זאָל איך אים אויך דערציילן? אײַך וועט ניט זײַן לאַנגווײַליק אויסצוהערן אָט די געשיכטע א צווייט מאָל? וועל איך דערציילן. דער יונגערמאַן מוז עס וויסן, עפּשער וועט עס אים צוניץ קומען אין לעבן. אף די קאָטלעטן איז סײַווי נאָך לאַנג צו וואַרטן.

און ער האָט זיך א קער געטאָן צו וואסיען.

— איז אָט, מײַן פרײַנט, שטעלט זיך פאָר, — געווען פאַרליבט, און פאַרליבט, ווי עס באַדאַרף צו זײַן, מיט אלע פּישטשעווקעס. דורך די נעכט געטרוימט וועגן א באַגעגעניש מיט איר. דערנאָך שפּאַצירט בא דער לעוואַנע, זיך געשווירן אין ליבע. געשריבן לאַנגע בריוו, ווען איך בין געהאַט אוועקגעפאָרן. געטראָגן איר בלומען, ווען איך בין געווען מיט איר. מיט איין וואָרט, אלץ, ווי אין א לײַטישן אמאָליקן ראָמאַן. הײַנט, דוכט זיך, גייט עס צו גיכער און פּאָשעטער סײַ אין לעבן, סײַ אין די ראָמאַנען. מײַן געליבטע — ווי זי האָט אויסגעזען? ס'איז דען וויכטיק? וויבאלד איך בין געווען פאַרליבט, איז קלאָר, אז זי איז געווען שיין ווי צען עדיטא פּיעכאס מיטאמאָל. קלוג — מיט אלע מײַלעס. זי האָט מיר אויך צוגעזאָגט טרײַ זײַן דאָס גאַנצע לעבן, און אָט־אָט האָבן מיר זיך שוין געזאָלט צע־שרײַבן. נאָר... ווי איר זעט, איז די געשיכטע זיך ניט באַגאַנגען אָן א „נאָר”. איך האָב געהאַט א כאַווער. מיר זײַנען מיט אים פון דער קינדהײַט אָן געוואַקסן צו־זאַמען. דערנאָך האָט ער זיך געלערנט אין אן אנדער שטאָט. געענדיקט אף אינ־זשעניער און אהיימגעקומען. איך האָב אים באַקאַנט מיט מײַן נעלי. און, וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, — עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און ער האָט זי בא מיר אָפּגע־שלאָגן, אָפּגעשלאָגן לויט אלע קלאָלים... איך בין דעמלט נאָך אפילו קיין בוכ־האַלטער ניט געווען, — א כעזשבנפירער אין געברויך־קאָאָפּעראַציע, און ער, — אן אינזשעניר! האקלאַל, זיי האָבן כאַסענע געהאַט.

צום טיש איז צוגעגאַנגען די אָפיציאַנטקע.

— וואָס האָט איר נאָך באַשטעלט?

— קאָטלעטן.

— ניטאָ קיין קאָטלעטן.

— איר האָט דאָך אליין געזאָגט...

— ניטאָ!

— וואָס זשע איז דאָ?

— כ'האָב אײַך געבראַכט א ראַגו. איר וועט נעמען?

— א ברײַרע...

— דאָס לעבן, הערט איר, — האָט געזאָגט לעוו מאַרקאָוויטש, פּרוּוונדיק מיטן גאָפּל די האַרטע פּיצלעך פלייש פון דער ראַגו, — איז אויך אזא מין רעסטאָראַן אף רעדער. דו בעטסט איינס, מע זאָגט דיר צו א צווייטס, און ברענגען ברענגט מען גאָר דער רוּעך ווייסט וואָס...

— נאָך גוט אזוי, — האָט באַמערקט סאוועלי קוזמיטש. — וואָס טוען מיר, ווען זי ברענגט גאָרניט?

— אויך געררעכט! — האָט צוגעשטימט גנעזין.

— ניט געקלאָגט, עסט, וואָס מע דערלאַנגט, — האָט א לאַך געטאָן וואסיע. — לעוו מאַרקאָוויטש, וואָס זשע איז געווען ווײַטער?

— ווײַטער? ווײַטער איז געווען אָט וואָס: מײַן כאַווער און נעלי האָבן כאַסענע געהאַט. צום יאָר האָט זי זיך געלייגט אין קימפעט. דאָס האָבן איז בא איר צוגעגאַנגען שווער. מע האָט זי געמוזט אָפּערירן. דאָס קינד האָט מען ארויסגענומען א טויטס. מער קיין קינדער האָט זי ניט געטאָרט און ניט געקאָנט האָבן...

— און דערנאָך? — האָט וואסיע געפרעגט, ווען גנעזין איז מיטאַמאָל אַנשוויגן געוואָרן און האָט זיך ערנסט פאַרנומען מיט דער ראַגו.

— דערנאָך? בא נעלין — צי מאַכמעס דעם אומגעלונגענעם גיין צו קינד, צי דאָס איז בא איר געווען פון דער נאַטור — האָט זיך ארויסגעוויזן א כאַראַקטער — גאָט באַהיט! דאָ גיי ניט, דאָ שטיי ניט, דאָ זיץ ניט... זי האָט אים געייפערט אפילע צו א סטויפּ... געהאַט טײַנעס, האַלעמײַ ער פאַרדינט ווייניק... אַלע טאָג — טרערן, געשרייען, סקאַנדאַלן... אינגיכן זײַנען זיי ארויסגעפאָרן אין אַנדער שטאָט, און ווי עס איז בא זיי געגאַנגען ווײַטער, ווייס איך ניט, זיך ניט אינטערעסירט. נאָר פאַר זיך... — גנעזין האָט אָפּגערוקט פון זיך דעם ליידיקן טעלער, אָפּגעווישט מיט א סאַלפעטקע די באָרד, — פאַר זיך האָב איך דעמלט געמאַכט אַן אויספיר: אויס! מער אַזעלכע נאַרישקײַטן — האָבן צו טאָן מיטן שיינעם מין, פאַרליבן זיך אין זיי און אַזוי ווײַטער — זיך ניט דערוועגן! איינמאָל אין לעבן האָט זיך געמאַכט א כאַווער, וואָס האָט מיך געראַטעוועט. מער אַזאַ כאַווער וועט ניט זײַן... און ווי איר זעט, בין איך פאַרבליבן א פרײַער און גליקלעכער מענטש!

— און די געשיכטע, וואָס האָט מיך געשטויסן צו פאַרבלײַבן א באָכער, איז אַזאַ... — האָט אָנגעהויבן סאַוועלי קוזמיטש.

— אַנטשולדיקט, — האָט אים איבערגעשלאָגן וואסיע, — אײַך דאַכט זיך ניט, אַז צוויי געשיכטעס פון צוויי פאַרזעסענע באָכערים פאַר איין מאָל איז א ביסל צו פיל?.. עפּשער אַן אַנדערשמאָל?

— פּולשטענדיק מאַסקים! — האָט געענטפערט סאַוועלי קוזמיטש. — מע קאָן אַן אַנדערשמאָל אויך.

אין די פענצטער האָבן איינס נאָכן אַנדערן גענומען ארײַנקוקן הויכע געבײַען. איןביידע זײַטן איז זיך ברייט פאַנאַנדערגעלאָפן א גלאַנצנדיקער רעלסן־געפלעכט. דער צוג איז צוגעקומען צו א גרויסער סטאַנציע, און וואסיע איז אראָפּ אפן פעראָן.

## 4. עפּל

אין טיר פון דער אַכטער קופּע האָט מען אָנגעקלאַפּט.

— ארײַן!

אף דער שוועל האָט מירע יעפימאָוונע דערזען וואסיען. א לאַנגער, א דאַרער, מיט א גרויסן בלאָנדן טשוב, אַן אראָפּגעפאַלענעם אף די אויגן, איז ער געשטאַנען פאַר איר מיט א פולן שקאַרמיץ.

— א פּראָסט אין דרויסן, מירע יעפימאָוונע, — עס ברענט! קוים דערלאָפן.

זי איז געלעגן, בייס ער איז ארײַן. פּאַמעלעך זיך אופגעהויבן, פאַריכט אף זיך דעם כאַלאַט, די האָר, האָט זי אף אים א קוק געטאָן מיט איבערגעשראָקענע אויגן:

— אַזוי־אָ זײַט איר ארויסגעלאָפן אפן פעראָן? אפילע אָן א היטל?

— איז וואָס? — האָט ער געענטפערט. — דערפאַר זעט אָבער, וואָס איך האָב געבראַכט! — ער האָט באַוויזן דעם שקאַרמיץ, און זי האָט מיט כידעש אויסגערופן:

— אוי, עפּל! וויאַרום?

— אַט אזוי!
— איך ליג דאָ רויִק און מיין — איר עסט ווארמעס אין רעסטאָראַן. זײַט איר גאָר אזוי־אָ געלאָפן איבערן פעראָן?
— מיר האָבן פונקט פארענדיקט עסן, — האָט וואסיע דערציילט, — א סטאַנציע. אַרײַן אין בופעט — מע גיט עפּל!
— מע גיט? — האָט מיט געלעכטער איבערגעפרעגט מירע יעפימאָוונע.
— ס׳הייסט, מע פארקויפט. איר שטעלט זיך פאָר: סיביר, אינמיטן ווינטער — עפּל. א ריי — א שרעק! „כ׳בין פון צוג, — זאָג איך. — איר זעט, אפילו ניט אָנגעטאָן. דער צוג גייט אָפּ"... האָט מען אופגעהויבן א גוואלד: „אלע זײַנען פון צוג"... בעט איך: „פאר א שוואנגערער פרוי"... האָט געהאָלפן! געכאפּט און אוועק. אוך, א פראָסט... — וואסיע האָט אוועקגעלייגט דעם שקארמיץ פאר מירע יעפימאָוונען אפן טישל און גענומען רײַבן די רויטע אויערן.
— פאר מיר — אָט דער גאנצער שקארמיץ? — האָט זי געפרעגט.
— וואָס זשע, פאר זיך וואָלט איך זיך געשטעלט קריגן מיט אזא אָטשערעד?
— א דאנק, וואסינקע, א דאנק! איך דארף דען אזויפיל? צוויי עפּל — גענוג.
— דאנקען דארפט איר, מירע יעפימאָוונע, ניט מיר.
— וועמען זשע דען?
— דעם וואָקזאַל־בופעט, וואָס האָט זיך אָנגעשטויסן פונקט צום אָנקום פון אונדזער צוג נעמען האנדלען מיט אזעלכע עפּל.
— סארא גרויסע זיי זײַנען און שיינע, — האָט געזאָגט מירע יעפימאָוונע, — און אָט די רויטע שטרײַפן... א דאנק!
— צו געזונט, צו געזונט! איר דארפט איצט עסן, מירע יעפימאָוונע, א סאך עפּל. וויטאמינען. איר דארפט זיי ניט נאָר פאר זיך.
זי האָט אים נאָכאמאָל באדאנקט און צוגעגעבן:
— מע מעג מעקאַנע זײַן אײַער קינפטיקע פרוי, וואסיע.
— מיט וואָס, מירע יעפימאָוונע?
— איר זײַט זייער אן אופמערקזאמער, א הארציקער.
— נאָר אזויווי מײַן פרוי, ווי איר זאָגט, איז נאָך א קינפטיקע, איז ניטאָ דערווײַל וועמען מעקאַנע צו זײַן. אָט וועט איר באלד, מירע יעפימאָוונע, מעקאַנע זײַן מיר. איך וועל זיך פארקלײַבן אף דער פּאָלקע און זיך נעמען צו מײַן בוך. איר דערווידערט ניט?
— וואָס רעדט איר? ניין, פארשטייט זיך, רוט אָפּ, לייענט. ווי זשע? בײַכלאל איז אײַך נוצלעך ליגן נאָך מיטיק. איר דארפט אף זיך ארופנעמען א ביסל לײַב, וואסיע. איר זײַט דאָך הויט־און־ביין. מע זעט גלײַך — ניטאָ ווער עס זאָל אף אײַך אכטונג געבן.
— אזוי איז אָבער גרינגער צו לעבן אף דער וועלט! וואָס זשע, בעסער צו זײַן אזא פּעמפּיק, ווי לעוו מארקאָוויטש? ס׳איז דאָך א ראכמאָנעס צו קוקן, ווי ער דראפּעט זיך נעבעך אף זײַן געלעגער. און איך — איר זעט?
פּעטראָוו האָט זיך אונטערגעהויבן אף די שפּיץ פינגער, מיט די עלנבויגנס זיך אָנגעשפּארט אףביידע אייבערשטע פּאָלקעס און מיט איין פלי שוין געלעגן בא זיך.
— אוי, זײַט איר נאָך א יינגל, וואסיע! — האָט מירע יעפימאָוונע זיך צעלאכט און א פרעג געטאָן: — און ווו האָט איר איבערגעלאָזט אונדזער לעוו מארקאָוויטשן?
— מיסטאָמע אוועק צו סאוועלי קוזמיטשן אין וואגאָן. צוויי פינאנץ־טוער, צוויי כאָלאָסטיאַקעס — אָן א שיר אלגעמיינע אינטערעסן...
די לעצטע פאָר ווערטער האָט פּעטראָוו געזאָגט, שוין האָבנדיק אופגעמישט דעם גראָבן בוך.

— לייענט, לייענט, איך וועל אײַך ניט שטערן, — האָט געזאָגט מירע יעפּי־מאָוונע און האָט זיך צוגערוקט נעענטער צום פענצטער. דער צוג איז שוין אָפּגע־גאנגען פון דער סטאנציע, נאָר אירע געבײַיען זײַנען נאָך אלץ געלאָפן פארבײַ. מירע יעפימאָוונע האָט צוגעמאכט די אויגן. אזוי איז איר בעסער געווען זיך אײַנ־צוהערן אין דעם וויכטיקן און גרויסן, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אינווייניק אין איר. איין שטויס, א צווייטער... אזוי איידל, לײַכט. און דאָס הארץ צאפּלט אין איר.

ווען זי האָט זיך געקליבן צונויפגיין מיט מישען, איז זי געווען זיכער, אז זי וועט לעבן מיט אים גליקלעך. נאָר אז עס איז מעגלעך אזא אומגלייבלעך, אזא ריזיק גליק, — זי שפּירט עס ניט נאָר גײַסטיק, נאָר פיזיש, מיט אלע אירע איבער־רים אצינד, — אזוינס האָט זי זיך אפילע ניט אויסגעמאָלט. און ווי קאָן מען זיך דען פאָרשטעלן אזוינס, וואָס מע ווייסט ניט? מע דארף איבערלעבן אָט דאָס גליק, זײַן אזוי איבערפולט דערמיט, ווי זי איז איבערפולט איצט... ווידער — זי הערט זיך אײַן — א שטויס. און נאָך איינער. לײַכט אזוי, איידל... אוי, ווי זי האָט ראכ־מאָנעס געהאט אף אלעמען, וואָס ווייסן ניט וועגן אָט דעם גליק, אָט ווי זינאידע סעמיאָנאָוונע. אזא אומגליקלעכע — געמאכט אן אבאָרט... און זי ווייסט דאָך אפילע ניט, וויפל גליק זי האָט מיט די אייגענע הענט פון זיך אָפּגעשלײַדערט. נו, יאָ, זי איז שיין, גראציעזע, מאנצבלען לויפן איר נאָך, זי דרייט מיט זיי, ווי זי וויל, און מיינט, אז דאָס איז גליק. בלויז אָפּשניצלעך זײַנען עס אינדערעמעסן, נעבעכדיקע אָפּשניצלעך, ניט מער, אין פארגלײַך מיט דעם פולן גליק, וואָס זי, מירע, לעבט איצט איבער.

זי האָט געעפנט די אויגן, זיך ארומגעקוקט. אף דער אייבערשטער פּאָליצע איז וואסיע פעטראָוו געלעגן פארטיפט אין זײַן גראָבן בוך. אפן טישל מיטן ווײַסן סערוועטל ליגט דער שקארמיץ מיט עפּל. איין עפּל האָט זיך ארויסגעקײַקלט, און זײַן ווארעמע געשטרײַפטע רויטקײַט האָט אזוי פײַן קאָנטראסטירט מיט דער שנייִיקער ווײַסקײַט, וואָס האָט ארײַנגעבלענדט אין פענצטער.

א גוטער טאָג הײַנט, — האָט א קלער געטאָן מירע יעפימאָוונע, — מישעס טע־לעגראם... עפּל... — זי האָט א שמייכל געטאָן. — מע דארף זײַן א באלן אין אזא פראָסט, אָן א היטל לויפן איר ברענגען עפּל. די אויערן זײַנען בא אים שיר ניט אָפּגעפרוירן געוואָרן, אזא טשודאק!

זי האָט א קוק געטאָן ארויף.

— וואסינקע, איר לייענט נאָך אלץ „אָבלאָמאָוון"?

— יאָ, מירע יעפימאָוונע.

— ווי?

— כ'בין אנציקט! איך קוויק זיך מיט יעדעס וואָרט.

— און וואָס האָט איר געזאָגט פריִער? איר געדענקט כאָטש?

— איך בין געווען א נאר, מירע יעפימאָוונע, א גרויסער נאר.

— נו, קיין נאר זײַט איר ניט געווען. מע האָט אײַך פּאָשעט שלעכט געלערנט ליטעראטור.

וואסיע האָט זיך א קערעווע געטאָן אף זײַן געלעגער, אראָפּגעקוקט צו דער מיטפּאָרערן אזוי, אז די בלאָנדע פּאטלע איז אראָפּגעהאנגען איבער איר.

— מירע יעפימאָוונע, אָט איר דארפט זײַן א גוטע לערערן פון ליטעראטור, יאָ?

— וואָס שײַעך, וואסינקע, א גוטע? פּאָשעט, איך האלט, אז פריִער פאר אלץ דארף מען אנטפּלעקן פאר די שילער די שיינקײַט פונעם קינסטלערישן וואָרט, זײַן פראכט, און אז דאָס וועט דערגיין, וועט שוין אויך דערגיין אלדאָס אנדערע, וואָס די ליטעראטור טראָגט מיט זיך, — אידיי, מאָראל — אלץ.

— ריכטיק, — האָט זיך אָפּגערופן פּעטראָוו. — און ווי לערנט מען בא אונדז ליטעראַטור? אַט, אַשטייגער, ווי האָט מען מיך געלערנט? מע איז „דורכגעגאַנגען". „דורכגעגאַנגען" פּושקינען, לערמאָנטאָוון, גאָגאָלן, טשערנישעווסקין, די הײַנטיקע שרײַבער, פּאַשעט געמערדט — פאַרבײַגעגאַנגען זיי.

— דאָס איז שלעכט, — האָט געזאָגט מירע יעפימאָוונע. — נו, און שפּעטער, אין אינסטיטוט?

— וואָס אין אינסטיטוט? דאָרט האָט מען ביכלאַל ניט געהאַלטן, אַז הידראָלאָגן דאַרפן וויסן ליטעראַטור. מע האָט זי געגעבן אַפּן שפּיץ מעסער. און אָט — ס'א ביזאָיען אויסצוזאָגן — א פּראָפאַן, אינגאַנצן א פּראָפאַן אין ליטעראַטור. בלויז אַדאַנק אײַך...

— וואָס אַדאַנק מיר?

— אַדאַנק אײַך הייב איך, דאַכט זיך, אָן צו באַקומען א געשמאַק צו עכטער ליטעראַטור. איר ווייסט, מירע יעפימאָוונע, עס טרעפט אַמאָל א געוויינלעכע באַגעגעניש, וואָס קערט איבער דאָס לעבן. לאַכט ניט, אַזאַ איז מײַן באַגעגעניש מיט אײַך. איר האָט מיר פּאַשעט געעפנט די אויגן. און, ביכלאַל, מירע יעפימאָוונע, זײַט איר א פּולער, זייער א פּולער מענטש.

— אָ, יאָ, וואַסינקע, — האָט זי א לאַך געטאָן, — באַזונדערס איצט...

— ניין, איך מיין ניט דאָס, איך מיין גאָר עפּעס אַנדערש. ווי זאָל איך עס אײַך אויסמאָלן? אָט ווען מע צעשנײַדט א קאַווען, און ער איז פּול מיט זאַפט, מיט רײַפקײַט, עס רינט אַזש אַריבער.

— נו, וואַסיע, — האָט מירע יעפימאָוונע זיך פאַרוויטלט, — דאָס טרײַבט איר שוין איבער. בענעגייע אײַך קען איך נעמען אָף זיך איין קליינעם פאַרדינסט: איך האָב אײַך אויפגעקלערט, אַז איוואַן אַלעקסאַנדראָוויטש גאָנטשאַראָוו איז א גוטער שרײַבער און אַז „אָבלאָמאָוו" דאַרף מען לייענען. יאָ, — האָט באַמערקט מירע יעפימאָוונע, — נאָר עפּעס לייענט איר שוין צו לאַנגזאַם. איר האַלט נאָך, דאַכט זיך, ניט אַפילע אינמיטן?

— אין בוך טוט זיך אַלץ אַזוי פּאַמעלעך, אַזוי ניט געאײַלט, — האָט געזאָגט וואַסיע, — ווילט זיך אים אַזוי טאַקע לייענען אויך. און נאָך א זאַך: איך האָב מירע א טראַכט טאָן: און וואָס וועל איך לייענען, ווען איך וועל פאַרענדיקן אָט דעם בוך?

— וואָס? איר וועט לייענען אַנדערע ביכער גאָנטשאַראָווס.

וואַסיע האָט זיך אַראָפּגעבויגן, א קוק געטאָן אַפּן טישל.

— מירע יעפימאָוונע, איר האָט נאָך ניט פאַרזוכט קיין עפּל?

— נאָך ניט.

— אַבי איך בין געלאָפן.

— מיר פאַרשאַפט פרייד זייער אויסזען.

— נאָר דאָס איז ווייניק!

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער, אוועקגעזעצט זיך אָף זרײַנעס בעטל, אַנטקעגן, אָפּגעזוכט אין שקאַרמיץ א גרויסן עפּל.

— אָ, איך וועל אים פאַר איין מאָל ניט אופעסן, — האָט געזאָגט מירע יעפימאָוונע. — ווייסט איר וואָס — צעשנײַדט אים אָף דער העלפט.

וואַסיע האָט אַרויסגענומען פון קעשענע דאָס צונויפגעלייגטע מעסער, און ווען ער האָט צעשניטן דעם עפּל, האָט מירע יעפימאָוונע איין העלפט דערלאַנגט אים.

— פאַרזוכט אויך.

— מיט פאַרגעניגן!

ביידע האָבן זיך אײַנגעביסן אין זייערע האַלבע עפּל.

זינאַידע סעמיאָנאָווגע איז צוריקגעקומען אין קופּע אין אָוונט. פּעטראָוו איז ניט געווען — ער האָט געגעסן אָוונטברויט אין רעסטאָראַן. לעוו מאַרקאָוויטש, וועלכער קומט אהער נאָר שלאָפן, איז אויך ניט געווען. מירע יעפימאָווגע האָט ניט אָנגעצונדן קיין שײַן. אין קופּע איז געווען טונקל. בלויז בלײַכע פּאַסן ליכט פון א ניט גרויסער סטאַנציע, וועלכע מע איז פאַרבײַגעפאָרן אָן אָפּשטעל, האָבן געבויטעט די טונקלקײַט און פון מאָל צו מאָל אין העלן אָפּשײַן ארויסגעכאַפּט דאָס פּאָנעם פון דער איינזאַם זיצנדיקער פרוי.

— פאַרוואָס צינדט איר ניט אָן קיין שײַן? — האָט, ארײַנקומענדיק, מיט אן עטוואָס הייזעריקלעכן קאָל אויסגערופן זרײַנא.

— ס׳ווילט זיך עפּעס ניט, — האָט געענטפערט מירע יעפימאָווגע.

— און ווּ זײַנען אונדזערע קאַוואַלערן?

— זיי פעלן אײַך אויס?

— ניין, צו אלדי רוכעס! גלאַט אזוי...

— ווּ ווער.

מירע יעפימאָווגע האָט ניט געזען דאָס פּאָנעם פון דער ארײַנגעקומענער מיט־פאָרערן, נאָר דערפילט א שטאַרקן רייעך פון קאָניאַק. זרײַנא האָט אין דער טונקלעניש אָנגעטאַפּט איר געלעגער, א פאַל געטאָן אף דעם, זיך פאַרגראָבן מיטן קאָפּ אין קישן, און אין א ווײַלע ארום האָט זיך דערהערט מיטאמאָל איר שטילע כליפּערײַ.

א דערשראָקענע איז צו איר צו מירע יעפימאָווגע:

— וואָס איז געשען, זינאָטשקע? — זי האָט זי גענומען גלעטן איבערן אַקסל, וועלכער האָט זיך געהאַלטן אין איין טרייסלען, — בארויִקט אײַך...

— מע דאַרף ניט, — האָט ארויסגעכליפּעט זינאַידע סעמיאָנאָווגע, — מע דאַרף ניט... גייט אוועק... איך בין ניט ווערט אײַער זאָרג... כ׳בין גאָרניט ווערט. — און זי האָט זיך צעוויינט.

מיט א ציטערנדיקער האַנט האָט מירע יעפימאָווגע אָנגעגאָסן וואַסער אין גלאָז.

— נו, בארויִקט אײַך...

— גוט, גוט, באַלד, — האָט צווישן געוויין ארויסגערעדט זרײַנא. — ס׳איז גאָר־ניט, ס׳וועט איבערגיין, באַלד...

— מאַכן ליכטיק?

— ניין, מע דאַרף ניט.

זרײַנא האָט זיך אופגעהויבן. מירע יעפימאָווגע האָט זיך אוועקגעזעצט אנט־קעגן. אין דער טונקעלער קופּע האָבן ביידע פרויען אויסגעזען, ווי קוים אָנזיכ־טיקע שאָטנס.

הייזעריקלעך האָט זרײַנא א זאָג געטאָן:

— ער האָט מיר פאָרגעלייגט, איך זאָל מיט אים כאַסענע האָבן.

— ווער?

— וואַדים פּעטראָוויטש.

— וואָס הייסט — כאַסענע האָבן?

— פּאָשעט, ניט אראָפּגיין אין כאַבאַראָווסק, פאָרן קיין וולאַדיוואָסטאָק און דאָרט מיט אים כאַסענע האָבן.

— ער איז דען ניט קיין באַווײַבטער?

— ער זאָגט, ער איז זיך צעגאַנגען מיט זײַן פרוי.

— און אז איר האָט א מאַן, ווייסט ער?

— יאָ.

— וואדים פעטראָוויטש... אפן אויסזען אזא אָנשטענדיקער מענטש...
— אלע זײַנען זיי אָנשטענדיקע! עס עקלט מיך שוין פון זייער אָנשטענדיקײַט, מירע יעפימאָוונע!
— ווען האָט ער עס אײַך פאַרגעלייגט?
— אָט ערשט, בייס ער האָט מיך באגלייט פון זייער וואגאָן אין אונדזערן. אין טאמבור. ער האָט מיך ארומגעכאפט קושן.
— און איר?
— כ'האָב אים דערלאנגט א פאטש און בין אנטלאָפן אהער, צו אײַך...
א לענגערע ווײַלע האָבן ביידע פרויען געשוויגן.
— וואדים פעטראָוויטש איז מיסטאמע געווען שיקער? — האָט פאַרזיכטיק א פרעג געטאָן מירע יעפימאָוונע.
— פארשטייט זיך, — האָט זרײַנא געענטפערט. — ווען איר ווייסט, וויפל קאָניאק מע האָט הײַנט דאָרט אויסגעזשליאָקעט פארן טאָג...
— און איר?
— אויך.
— עמעצער האָט אײַך געצוווּנגען?
— א ביסל — יאָ. און א ביסל האָט זיך מיר אליין געוואָלט.
— צו וואָס?
— צו וואָס, צו וואָס! ווען איר ווייסט, ווי עס ווערט אמאָל נימעס דאָס לעבן און עס ווילט זיך אין אלץ פארגעסן...
— אין וואָס אין אלץ?
— אָט אזוי — אין אלץ!..
— מאָדנע, זייער מאָדנע, זינאָטשקע. איר זײַט א יונגע שיינע פרוי, פון אלע זײַטן — אנציקונג, פארערונג. וואָס פעלט אײַך?
— וואָס מיר פעלט? — זרײַנא האָט מיטאמאָל שטיל, פארטרוילעך, אָנבייגנדיק זיך צו מירע יעפימאָוונען, געזאָגט:
— איך ווייס אליין ניט וואָס, נאָר איך פיל — עס פעלט... א סאך פעלט...
— אויב איר פילט עס, איז גוט, — האָט געענטפערט מירע יעפימאָוונע. — אמאָל וועט איר פארשטיין, וואָס אײַך פעלט, און דאן וועט עס קומען צו אײַך.
— איר מיינט אזוי?
— געוויס. אָט פאַרט איר איצט צו אײַער מאן, ער וואַרט אף אײַך...
— יאָ, איך פאָר, — האָט מיט א מאָדנעם טאָן א זאָג געטאָן זינאידע סעמיאָנאָוונע און איז אנשוויגן געוואָרן.
— מירן עפשער מאכן נאכט, — האָט מירע יעפימאָוונע געפרעגט, — ביז אונדזערע קאוואלערן זײַנען ניט געקומען?
— יאָ, יאָ, — האָט געענטפערט זרײַנא. — אנטשולדיקט, מירע יעפימאָוונע. איר נייטיקט זיך אין רו, און איך ערגער אײַך, אנטשולדיקט!
— עס מאכט ניט אויס, — האָט געענטפערט מירע יעפימאָוונע, — דעריקער, בארויִקט זיך. נעמט ניט נאָענט צום הארצן קיין נארישקײַטן. אָט וועט איר זיך דורכשלאָפן און אופשטיין מאָרגן מיט א לויטערן קאָפּ...
ניט אָנצינדנדיק קיין שײַן, האָבן ביידע פרויען פאריכט די געלעגערס, זיך אויסגעטאָן און ארונטער אונטער די קאָלדרעס.
אינגיכן איז געקומען וואסיע. ער האָט שטיל געעפנט די טיר, ארײַן אף די שפיץ פינגער און א ווײַלע געשטאנען אזוי אין דער פינצטער. שלאָפן האָט זיך אים נאָך ניט געוואָלט. ער האָט זיך געקליבן אין קאָרידאָר א ביסל לייענען. ער האלט פונקט אף אזא אָרט... אָלגע... אף אָבלאָמאָווס האָריזאָנט האָט זיך באוויזן אָלגע... אזא שיינע, ווילע, צערטלעכע. ניט שוין זשע וועט אָבלאָמאָוו אויך איצט בלײַבן טרײַ צו זײַן נאטור? ניט שוין זשע וועט אָלגע אים ניט אופמינטערן, ניט

אופוועקן, ניט צווינגען סאָפּקאָלסאָף עפּעס פאַרנעמען, טאָן? נאָר ניין, וואסיע האָט באשלאָסן מער הײַנט ניט לייענען, ער וועט לאָזן אף מאָרגן. מיט א צו־פרידענעם געפיל פון זיכערקײַט, אז מאָרגן דערוואַרט אים אינטערעסאַנטס, פאַר־כאַפּנדיקס, האָט ער זיך פלינק אונטערגעצויגן אף די עלנבויגנס און מיט איין לײַכטן שפרונג אַרויף צו זיך אפן געלעגער.

גאָר שפּעט האָט זיך אומגעקערט לעוו מאַרקאָוויטש. ער האָט געוואָלט אַרײַן שטיל, מע זאָל אים ניט הערן, נאָר צומאכנדיק די טיר, האָט ער צו שטאַרק א קלאַפּ געטאָן און איז באַלד פאַרשטאַרבן געוואָרן — צי האָט ער קיינעם ניט אופ־געוועקט? ניין, דוכט זיך. ער האָט שטיל אײַנגעשלאָסן דאָס פּיִאָלעטעווע נאכט־לעמפּל אפן סופיט, קעדיי כאָטש עפּעס־וואָס זען. אויסגעטאָן דעם פּידזשאַק, אראָפּ־גענומען דעם האַלדזטוך, דעם דזשעמפּער, אַרופגעלייגט דאָס אַלץ צו זיך פון אויבן, האָט ער, צורוקנדיק נעענטער דאָס לייטערל, שווער זיך גענומען קאַראַב־קען אף אַרויף. וואסיע האָט צוגעזען דאָס אַלץ מיט א וואך אויג און געטראַכט: ער איז טאַקע גערעכט נעבעך, אָט דער פּעמפּיק, וואָס ער בעט זיך, מע זאָל אים אַריבערפירן פונדאַנעט, ס'איז ניט פאַר אים קיין אַרבעט צו קלעטערן אף אזא הייך... ער האָט שטיל א הוסט געטאָן.

לעוו מאַרקאָוויטש האָט זיך א קערעווע געגעבן צו אים:

— איר שלאָפט נאָך ניט?

— ניין.

אין שײַן פונעם נאכט־לעמפּל זײַנען וואסיעס בלאָנדע פּאַטלע און לעוו מאַרקאָוויטשעס רויטע באָרד געווען פון איין אַלצייניקעם טונקל־פּיִאָלעטן קאָליר. אויך זייערע צונויפגערוקטע פּנעמער האָבן זיך געהילט אין פּיִאָלעטע שאָטנס.

— וואָס הערט זיך דאָ? — האָט גנעזין געשעפּטשעט, ווײַזנדיק אַראָפּ.

— אַלץ איז אין אָרדענונג.

— איך האָב געמיינט, אז עפּשער שוין...

— דערווײַל נאָך ניט.

— עס איז ניט מעגלעך, אז הײַנט באַנאַכט, אשטייגער...

— אויסגעשלאָסן. א גוטע נאכט!

וואסיע האָט זיך צוריקגעצויגן אף זײַן אָרט און זיך אויסגעקערט מיטן פּאָ־נעם צו דער וואַנט.

לעוו מאַרקאָוויטש האָט זיך נאָך געדרייט אף זײַן געלעגער, ביז די צוגעטויב־טע אין דער פינצטער רעדער־קלאַפּערײַ האָט אים אויך ניט אײַנגעוויגט...

## 6. א נײַער טאָג

עס איז נאָך געווען פרי. דער טאָג האָט זיך ערשט געשטעלט, נאָר דער קאַ־פּיטאַן לאָוטין און נאַדיע סימאָנאָווא זײַנען שוין געשטאַנען אף זייער אָרט — אין אָנהייב וואַגאָן־קאָרידאָר, באַם פענצטער. זי האָט זיך די גאַנצע צײַט געהאַלטן באַם פענצטער־רימען, ווי מוירע האָבנדיק, אז אין צעוויגטן גאַנג פונעם צוג זאָל עס זי ניט אָפּשלײַדערן פון איר מיטשפּרעכער. אַלע דאָ אין וואַגאָן, ווי אויך די פאַרבײַגייענדיקע פּאַסאַזשירן פון אַנדערע וואַגאָנען, זײַנען פאַר די עטלעכע טעג שוין געוווינט געוואָרן צו זען אָט די פּאָר באַם פענצטער. ווען מע זאָל זיי איינ־מאָל דאָ ניט דערזען, וואָלט זיך געדאַכט, אז עפּעס פעלט.

דער פּילאָט און די יונגינקע פאַרמאַצעווטן האָבן גערעדט אָדער געשוויגן. און אז מע האָט געשוויגן, האָט עס אויך אויסגעזען, ווי זיי זאָלן פאַרזעצן ריידן. פון אונטן אַרויף האָט זי די גאַנצע צײַט אים געקוקט אין פּאָנעם, אף זײַן מאַסיוון קין מיטן טיפלעכן גריבעלע אינמיטן, אף די ברייטלעכע פליגל פון דער עטוואָס

פאריסענער נאָז, אױף די שיטערלעכע װײַק־װוּסע בֿרעמען און, דעריקער, — אין די אויגן, װאָס זײַנען געװען אָנגעגאָסן מיט געדיכט־אויסגעשטאַנענער בלױקײַט.

— װאָס קוקט איר אױף מיר אַזױ? — האָט ער זי איינמאָל אַ פֿרעג געטאָן. ער האָט געװוּסט, אַז ער איז ניט שײן, און װען פֿרויען פֿלעגן קוקן אױף אים, האָט ער געמײנט, אַז זײ שפּעטן פֿון אים אָפּ. ער האָט ניט געװוּסט, דער קאַפּיטאַן לאָוטין, אַז פֿרויען, פֿאַרקערט, געפֿעלט ער, און שײן איז ער געװען פֿאַר זײ ניט מיט באַזונדערע שטריכן, נאָר מיטן אַלגעמײנעם אױסדרוק פֿון זיכערקײַט און גװורע, מיט װעלכע עס האָט געאָטעמט זײַן גאַנצע מאַסיװע פֿיגור.

— איך קוק דען? — האָט געענטפֿערט סימאָנאָװאַ. — איך הער אײַך...

און בעעמעס, זי האָט ניט געקוקט, נאָר מיטן גאַנצן ערשט אױפֿגעװאַכטן דורשט פֿון אירע נײַנצן יאָר אים אײַנגעזאַפּט אײנגאַנצן...

אין די מינוטן, װען זי איז ניט געשטאַנען באַם פֿענצטער, איז זי געזעסן בײַ זיך אין קופּע און געשריבן בריװ צו אירער אַ כאַװערטע, װאָס איז פֿאַרבליבן אין מאָסקװע און װעלכער זי האָט געטרויט.

„נאַטקע, — האָט זי אין יענעם אינדערפֿרי איר געשריבן, — איך בין שױן דעם פֿינפֿטן טאָג אין װעג, און דו שטעלסט זיך גאָר ניט פֿאָר, װאָס איך לעב דאָ איבער. איך בין אַזױ גליקלעך, װאָס כ׳בין ניט געפֿלױגן (דו האָסט מיך צוגערעדט פֿליִען), נאָר געפֿאָרן מיט אָט דעם צוג. יעדער טאָג איז פֿול פֿאַר מיר מיט גרױסע נײַס... ניט נאָר די נײַע ערטער, װאָס מיר פֿאָרן אַלע טאָג דורך, — דאָס איז אױך זײער װיכטיק און אינטערעסאַנט! נאָר דעריקער, נאַטקע, דעריקער... װאָס זאָל איך דיר זאָגן? װעסט מיר ניט װעלן גלײבן, נאָר איך בין, דאַכט זיך... איך בין... יאָ, יאָ, יאָ!.. נאָר, נײן, — איך װעל ניט אַרױסבאַרעגענען אָט דאָס װאָרט אַפֿילע פֿאַר דיר... אַפֿילע פֿאַר זיך אַלײן, ביז איך װעל עס ניט זאָגן אים... נאָר אים װעל איך עס קײנמאָל ניט זאָגן. אָבער דאָס מאַכט ניט אױס, דאָס שטערט מיר ניט צו זײַן גליקלעך, דו הערסט, נאַטקע, אַזױ גליקלעך, װי איך בין נאָך קײנמאָל אין לעבן ניט געװען״...

„שאָענלאַנג, — האָט זי װײַטער געשריבן, — שטײען מיר אָפּ מיט אים באַם פֿענצטער, און איך פֿיל ניט, װי עס פֿליט די צײַט. אין קופּע מיט אונדז פֿאָרן זײער טומלדיקע שכײנים, גאַנצע טעג שפּילט מען אין דאָמינאָ אָדער אין „פּול־קע״. שטײען מיר מיט אים אין קאָרידאָר באַם פֿענצטער און שמועסן. װעגן װאָס? װעגן װאָס דו װילסט! ער דערצײלט מיר װעגן זיך, ער האָט װאָס צו דערצײלן. און איך דערצײל אים אױך, כאָטש װאָס, אײגנטלעך, קאָן איך דערצײלן? װאָס האָב איך געזען פֿאַר מײַנע נײַנצן יאָר? יאָ, דו װײסט, ער איז אַ פּילאָט, אַ קאַפּי־טאַן. ער האָט אַקוראַט באַקומען אַ װיכטיקע שטעלע און פֿאָרט צו זײַן נײַער אַרבעט. איז ער דאָך אָן אַלטער, װילסטו זאָגן? נו, יאָ. כאָטש נײן, אַזעלכע, װי ער, זײַנען קײנמאָל ניט אַלט. נאָר פֿון מיר איז ער געװיס אין צװײ מאָל על־טער. איז װאָס? װילסט װיסן, צי האָט ער אַ פֿרוי, קינדער? יאָ, ער האָט אַ פֿרוי און צװײ קינדער — אַ ייִנגעלע מיט אַ מײדעלע, ער דערצײלט מיר אַ סאַך װעגן זײ. זאָל ער האָבן, געזונטערהײט! סײַװי װעל איך דאָס, װאָס איך פֿיל, אים קײנמאָל דאָך ניט אױסזאָגן. אָבער דאָס אַלײן, װאָס איך פֿיל, פֿאַרשאַפֿט מיר אַזױפֿיל גליק, אַז איך קאָן עס דיר ניט איבערגעבן. דו װײסט דאָך, נאַטקע, איך האָב נאָך קײנעם אין לעבן אױף אָן עמעס ניט ליב געהאַט און האָב שטענדיק גע־מײנט, אַז דאָס גרעסטע גליק איז, װען עמעצער ליבט זיך אײַן אין דיר. אַצינד האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז ליבע איז ביכלאַל — גליק, אַפֿילע אױב נאָר דו אײנע האָסט ליב, און דער, װעמען דו האָסט ליב, מעג אַפֿילע װעגן דיר ניט װיסן...

איך פֿאַרענדיק. איך לױף! ער שטײט שױן באַם פֿענצטער און װאַרט. און עפּ־שער װאַרט ער ניט, נאָר סײַװי״...

ער איז געשטאַנען באַם פענצטער. שטאַרק וועגן עפּעס פאַרטראַכט, האָט ער געקוקט אויפן נאַקעטן יונגן בערעזע־וועלדל, וואָס האָט אַ פאַרהריזנעטס אין שניי ביז די קני, דורכגעשוועבט און פאַרבליבן אויף הינטן...

— וועגן וואָס האָט איר זיך אַזוי פאַרטראַכט, קאַפּיטאַן? — האָט סימאָנאָוואַ געפרעגט, שטעלנדיק זיך לעבן אים.

— וועגן וואָס? — ווי איר האָט זיך אויסגעדאַכט, האָט ער עפּעס מאָדנע אַ קוק געטאָן אויף איר און געענטפערט: — פאַראַן וועגן וואָס צו טראַכטן. עס שטייט פאָר אַרבעטן אויף אַ נײַ אָרט, מיט נײַע מענטשן. וואָס זײַנען עס פאַרא מענטשן? ווי וועלן מיר זיך מיט זיי צונויפלעבן? דערווײַל פאָר איך אַליין, באַקענען זיך. דער־נאָך וועל איך אַראָפּברענגען די פאַמיליע. דאָס איז ניט אַזוי פּאַשעט. אויפן אַלטן אָרט האָט די פרוי איר אַרבעט, די קינדער לערנען זיך...

ער האָט אויך ווײַטער גערעדט וועגן דעם, און באַ איר איז, קוקנדיק אויף אים (זי האָט די גאַנצע צײַט געקוקט אויף אים), געוועזן אַן אײַנדרוק, אַז ריידנדיק וועגן דעם אַלעם, טראַכט ער בעשאַסמײַסע גאָר וועגן עפּעס אַנדערש, וועגן וואָס ער וויל איר ניט אויסזאָגן. און טאַקע קעדיי ניט אויסזאָגן, וועגן וואָס ער האָט געטראַכט ביז איר צוקומען אַהער און וועגן וואָס ער זעצט פאָר טראַכטן אויך איצט, דערציילט ער איר אַזוי גענוי וועגן זײַן אריבערפאָרן.

צי האָט ער ניט אָנגעהויבן וועגן עפּעס זיך אָנשטויסן? — האָט זי אַ קלער געטאָן, — און דערפאַר רעדט ער אַזויפיל וועגן דער פרוי, וועגן די קינדער? וואָס מיינט ער דערמיט? צי מיינט ער ניט אויף אַזאַ אויפן זיך ראַטעווען פון עפּעס אַ געפאַר? נאָר אים דראָעט ניט קיין שום געפאַר! און איר איז גאָרניט אַזוי אינ־טערעסאַנט צו וויסן, ווי ער וועט אריבערפאָרן מיט דער מישפּאָכע אויפן נײַעם אָרט. יאַקאָש וועט ער שוין אריבערפאָרן! זי וויל גאָר וויסן, ווו ער האָט זיך גע־לערנט, וויאַזוי ער איז געוואָרן אַ פּילאָט? וועגן דעם טאַקע האָט זי באַ אים אַ פרעג געטאָן. אָ, דאָס איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטער פּעריאָד אין זײַן לעבן! — האָט ער געענטפערט. — וועגן דעם קאָן ער גערן דערציילן. ער האָט זיך געלערנט אין דער קאַטשינער אוויאַ־שול, אַגעוו, אין דער זעלבער, ווו עס האָט זיך געלערנט גאַגאַרין.

— גאַגאַרין? — האָט זי איבערגעפרעגט און גלײַך אריבערגעטראָגן די אַנצי־קונג, וואָס עס רופט אַרויס דער דאָזיקער נאָמען, אויף אים, אויף לאַוטינען. — האָט איר דאָך אויך געקאָנט ווערן אַ קאָסמאָנאַווט!

— געקאָנט.

— פאַרוואָס זשע זײַט איר ניט געוואָרן?

— ניט אַלע מוזן ווערן קאָסמאָנאַווטן, — האָט מיט אַ שמייכל געענטפערט לאַו־טין, — עס דאַרפן זײַן פּאָשעטע פּילאָטן אויך.

— נאָר איך בין זיכער, אַז פון אײַך וואָלט זיך באַקומען אַ גלענצנדיקער קאָסמאָנאַווט! איר האָט זיך פּאָשעט ניט געבעטן... פאַרוואָס? און איצט איז שוין שפּעט?

— פאַרוואָס, מע קאָן נאָך, — האָט ער געשמייכלט, — און איר וואָלט געגעבן דערויף אײַער האַסקאָמע?

— יאָ, — האָט זי אויסגערופן.

— נו, בלײַבט נאָך אַ קלייניקײַט, — עמעצער נאָך זאָל געבן זײַן האַסקאָמע... נו, דער גענעראַל קאַמאַנין, אַשטייגער.

— איר שטעלט זיך פאָר, — האָט זי געזאָגט, אַרײַנקוקנדיק אים אין די אויגן, — איך זיץ מיר אין מײַן אַפּטייק ערגעץ אין אַ קליין פאַרוואָרפן דערפל (געוויס וועט מען מיך שיקן אין אַ דאָרפישער אַפּטייק), שטעל צונויף מײַנע רעצעפּטן, און מיטאַמאָל די ראַדיאָ: אַן אָרדנטלעכער פלוג אין קאָסמאָס, די מאַשין פּילאָטירט דער

פילאָט־קאָסמאָנאַווט לאָוטין סערגיי וולאַדימיראָוויטש. געבוירן דאָן און דאָן, טאַ־טע־מאַמע אַזעלכע און אַזעלכע, פאַרהייראַט, האָט צוויי קינדער...

זי איז אַף אַ ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן און מיט אַ סומנע קאָל צוגעגעבן:

— און נאָר וועגן דעם, אַז דער פילאָט־קאָסמאָנאַווט לאָוטין ס. וו. איז איינמאָל געפאָרן אינעם עקספּרעס „ראָסיִא" אין איין וואַגאָן מיט דער יונגער פאַרמאַ־צעווטן נאַדיע סימאָנאָווא, — וועגן דעם וועט אין יענער מיטיילונג גאָרניט גע־זאָגט ווערן...

— ניט געזאָרגט, נאַדיושאַ! — ער האָט איר ארופגעלייגט די האַנט אַפן אַקסל. — דערפאַר וועל איך אײַך איבערגעבן אַ גרוס פון קאָסמאָס גלײַך אין יענעם דערפל, ווו איר וועט זײַן. איר זאָלט מיר נאָר ניט פאַרגעסן מיטיילן דעם אַדרעס...

— איר וועט איבערגעבן, יאָ? — האָט זי זיך אַ קער געטאָן צו אים מיט אַ לויכטנדיקן בליק. — וועל איך וואַרטן...

פון דער אַכטער קופע האָט זיך באַוויזן לעוו מאַרקאָוויטש. דערזען לאָוטינען און סימאָנאָווען, האָט ער, פאַרבײַגייענדיק, זיך העפלעך פאַרנייגט.

— איר געפינט ניט אײַן, — האָט לאָוטין געזאָגט צו סימאָנאָווען, ווען גנעזין איז פאַרבײַגעגאַנגען, — אַז בײַ אָט דעם מענטשן איז ביז גאָר מאַיעסטעטיש די באָרד? ווי בײַ אַן אַמאָליקן וויזיר...

— יאָ, — האָט זי געענטפערט, — גאָרניט לויט דער מאָדע. בערד טראָגן איצט יונגע, אַלטע גייען געגאָלט...

— די באָרד איז בײַ אים ניט קיין פּאָשעטע, דאָס איז אַ קלוגע באָרד, — האָט באַמערקט לאָוטין.

— מיט וואָס?

— די נאַטור, ווי איר זעט, האָט ניט דערגעבן דעם מענטשן אין וווּקס, ער איז קורצלעך. קאָמפּענסירט ער עס מיט דער לאַנגער באָרד... און דערפון, וואָס די באָרד איז אַ רויטע, איז די קאָמפּענסאַציע אָנזיכטיקער...

— איר זײַט אַ וויצלער, קאַפּיטאַן! — האָט סימאָנאָווא זיך צעלאַכט.

דערנאָך האָבן זיי געזען, ווי פון דער אַכטער קופע איז אַרויסגעגאַנגען דער הידראָלאָג וואַסיע פּעטראָוו, וואָס פאָרט אַף קאַמטשאַטקע, און האָט זיך צוגעזעצט בײַם פענצטער מיט אַ גראָבן בוך.

— דעם גאַנצן וועג, האָב איך באַמערקט, — האָט געזאָגט לאָוטין, — לייענט ער איינעם און דעם זעלבן בוך.

— „אָבלאָמאָוו", — האָט געזאָגט סימאָנאָווא.

— מאָדנע.

— וואָס מאָדנע?

— „אָבלאָמאָוו" אין עקספּרעס „ראָסיִא", וואָס מאַכט דורך דעם וועג מאָסק־ווע — וולאַדיוואָסטאָק פאַר איין וואָך צײַט...

זיי האָבן געוווּסט: אַלע אינדערפרי גייט דער הידראָלאָג פּעטראָוו דעליקאַט אַרויס, קעדיי געבן אַ מעגלעכקײַט די פרויען, וואָס פאָרן אין קופע, דער שוואַנ־גערער מירע יעפימאָווע און זינאַידע סעמיאָנאָוונע, אומגעשטערט מאַכן זייער אינדערפריִיקן טואַלעט. און ווײַט גייט ער ניט אַוועק, טאָמער וועט די שוואַנ־גערע עפּעס דאַרפן...

עטוואָס שפּעטער האָט בײַ דער טיר פון דער אַכטער קופע זיך באַוויזן ער־נעסט וואַלעריאַנאָוויטש פונעם פערטן וואַגאָן אין אַ טונקל־בלויען ספּאָרטיוון אָנצוג מיט ווײַסע קאַנטן, וואָס האָט רעליעף אַרומגעצויגן זײַן מוסקולדיק־קרעפּ־טיקע פיגור.

לאָוטין און סימאָנאָווא האָבן געהערט, ווי יענער האָט אַ פרעג געטאָן בײַ פּעטראָוון:

— נאָך ניט אוועקגעגאַנגען?

— ניט, — האָט פּעטראָוו געענטפערט, ניט אָפּרײַסנדיק זיך פון בוך.

ערנעסט וואַלעריאַנאָוויטש האָט דעליקאַט אָנגעקלאַפּט און איז אַרײַן אין קו־פּע. אין אַ לענגערער ווײַלע אַרום איז ער אַרויס פון דאָרטן צוזאַמען מיט זינאַי־דע סעמיאָנאָוונען. זי איז געווען זייער עפעקטפול אין דער העל־בלויער הויזן־פּאָר, אין שניי־ווײַסן קאָפּטעל מיטן רויטיק־ראָזן שאַרפּעלע אויפן האַלדז. ערנעסט וואַלעריאַנאָוויטש האָט זי העפלעך דורכגעלאָזט פאָרויס.

— הײַנט האָט דער פּערטער וואַגאָן געגומען רעוואַנש, — האָט אַ שמייכל געטאָן לאָוטין. אַלע האָבן דאָ געוווּסט וועגן דער אייגנאַרטיקער פּאַרמעסטונג צווישן דעם דריטן און פערטן וואַגאָן, אייגנטלעך, צווישן דעם וולאַדיוואָסטאָקער אינזשעניער־טעכנאָלאָג וואַדים פּעטראָוויטש און דעם כאַבאַראָווסקער לערער פון פיזקולטור ערנעסט וואַלעריאַנאָוויטש פאַר דעם, ווער פון זיי וועט דער ער־שטער פאַרכאַפּן צו זיך זינאַידע סעמיאָנאָוונען. נעכטן, ווייסן זיי, האָט זיך עס אײַנגעגעבן וואַדים פּעטראָוויטשן. זיי האָבן זיך נאָר געכידעשט — ווי קומט עס, וואָס הײַנט האָט ער אַזוי פאַרשלאָפן? זיי האָבן ניט געוווּסט, ווי עס האָט זיך פאַרענדיקט פאַר אים דער נעכטיקער טאָג...

— די שכיינים פון אונדזער קופּע זײַנען שוין אוועק אין רעסטאָראַן, — האָט באַמערקט לאָוטין. — צײַט פרישטיקן.

— מיר ווילט זיך נאָך ניט עסן, — האָט געזאָגט סימאָנאָוואַ.

זי איז אַרײַן אין קופּע, זיך פאַרקליבן אויף איר געלעגער. אַ צײַט איז זי דאָ געזעסן פאַרטראַכט, דערנאָך אויפן ביכל, וואָס זי לייענט, — גערמאַן טיטאָווס „מײַן בלויע פּלאַנעטע" — אַרויפגעלייגט אַ ריין בלעטל און אָנגעהויבן אַ נײַעם בריוו.

„נאַטקע, — האָט זי געשריבן, — נעכטן און הײַנט זײַנען מיר ווידער גע־שטאַנען לאַנג באַם פענצטער. איך האָב מוירע, אַז ער הייבט זיך אָן עפּעס אָנ־שטויסן. צופיל האָט ער גענומען ריידן וועגן זײַן פרוי און קינדער. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל מיר דערציילן, ווו ער האָט זיך געלערנט אויף אַ פּילאָט, ווייסטו ווו — אין דער קאַטשינער אוויאַ־שול, דאָרט, ווו גאַגאַרין, יאָ! איך האָב אים גע־פרעגט, פאַרוואָס ער איז ניט געוואָרן קיין קאָסמאָנאַווט, האָט ער געזאָגט, אַז ער קאָן נאָך ווערן... און אַז ער וועט ווערן, זאָגט ער, וועט ער מיר שיקן אַ גרוס פון קאָסמאָס. דו שטעלסט זיך פאָר, — פון קאָסמאָס!"

## 7. אין וועג טראַכט זיך גוט

ווי אומענדלעך זײַנען די ראַכוועסן, איבער וועלכע זי פאָרט! שוין דעם פינפטן טאָג אין וועג, און אַלץ איז ניטאָ צו זיי קיין סאָף און קיין ענדע... סטאַנ־ציעס, יישובים, קלענערע און גרעסערע שטעט שווימען אָן, יאָגן פאַרבײַ, און אָנשטאָט זיי קומען אַנדערע. און וויפל צווישן זיי נאָך פוסטעוועדיקע ערד, וויפל וועלדער, טײַכן, וויפל פּלאַץ פאַר נײַע און נײַע בויונגען. סיביר... סיביר מיט אירע אוצרעס, מיט איר קעגנוואַרט און צוקונפט, וועלכע עס האָט אַמאָל אַזוי גוט נאָך פאַרויסגעזען טשעכאָוו, ווען ער איז פאַרבײַגעפאָרן אָט די ערטער. ווי גוט ער האָט דאַן געזאָגט וועגן סיביר... ווען זי האָט צוריק מיט אַ יאָר ציטירט אָט דעם שטעל פאַר די שילער, בייס מע האָט אָנגעהויבן דערלערנען טשעכאָוון, האָט זי נאָך ניט געוווּסט, אַז איר אַליין וועט אויך אויסקומען זײַן אין אָט די ערטער. נאָר אָט איז אויסגעקומען, און אַלץ ער — מישע.

זי איז דאַנקבאַר געווען אירע שכיינים, וואָס האָבן זי געלאָזט אויף לאַנג אַליין מיט אירע געדאַנקען, ניט שטערנדיק איר אָט אַזוי זיך אײַנהערן אין זיך אַליין, אין דעם, וואָס קומט פאָר אינווייניק אין איר און וואָס לאָזט פון זיך אַלעמאָל הערן מיט לײַכטע שטויסן, ווי אָנפרעגנדיק: „שוין גיך? שוין גיך?". זי האָבן גע־

שראָקן די פאָרשטייענדיקע ווייען, און דאָך האָט זי געוואָלט, עס זאָל פאָרקו־
מען וואָס גיכער, אָבער ניט פריִער, ווי זי וועט קומען אפן אָרט, צו מישען. ניין,
זי האָט מיט שרעק אָפגעוואָרפן דעם געדאנק, אז עס קאָן פאָרקומען פריִער. עס
טאָר ניט פאָרקומען פריִער, און אזוי וועט עס מיסטאמע זײַן, האָט זי איצט גע־
קלערט, זיצנדיק איינע אליין אין וואגאָן באם פענצטער. אין וועג האָט זי צו זײַן
א פאָר טעג נאָך, ניט מער, און זי פילט זיך ניט שלעכט, גאָרניט שלעכט. איצט,
ווען עס איז שוין אזוי נאָענט צום פארענדיקן דעם ווונדערלעכן ציקל, וואָס
הייסט ברענגען א מענטש אף דער וועלט, — איז איר אָנגענעם געווען צו טראכטן
וועגן דעם, ווי דאָס אלץ האָט זיך אָנגעהויבן.

און אָנגעהויבן האָט זיך עס גאָר ניט פראָסט. זי איז דאָך שוין שיר ניט
פארזעסן, יאָ־יאָ, שיר ניט פארבליבן אן אלטע מויד. און טאקע אָן שום „שיר", —
צו זיבן און צוואנציק יאָר — ניט קיין קאטאָוועס! — האָט זי נאָך קיינעם ניט
געהאט. ס'הייסט, ייִנגלעך און שפעטער יונגעלײַט האָבן זיך געדרייט ארום איר
די גאנצע צײַט, פון דער שול אָן, און שפעטער, ווען זי האָט זיך געלערנט אין
פעדאגאָגישן טעכניקום, און נאָך שפעטער, אין אינסטיטוט, און אף דער ארבעט
אויך. אָבער א מאָדנע זאך — קיינער פון די, וואָס האָבן ארויסגעוויזן צו איר אינ־
טערעס — און אייניקע גאָר גרויסן, — איז איר ניט געפעלן. און געשען איז עס
ניט ווײַל זי איז געווען אזא איבערקלײַבערן, ניין. ס'הייסט, ס'האָט זיך באקומען
בעמיילע, אז אן איבערקלײַבערן איז זי, ווײַל איינעם נאָכן אנדערן האָט זי די
יונגעלײַט געגעבן צו פארשטיין, זיי זאָלן מיט איר ניט פארבינדן זייערע האָפע־
נונגען, נאָר געגומען האָט זיך עס דערפון, וואָס פון קינדווײַז אָן, — אזוי האָט
זיך שוין געמאכט, — איז זי געווינט געווען צו שטעלן הויכע פאָדערונגען צו זיך
און צו אנדערע מענטשן. און אויב מע האָט די דאָזיקע פאָדערונגען ניט אנט־
שפראָכן, איז וועגן וואָס האָט געקאָנט גיין א רייד? זי וואָלט זיך קיינמאָל ניט
צונויפגעגאנגען מיט א מענטשן, מיט וועלכן עס וואָלט איר זײַן ניט אינטערע־
סאנט. און פירן זיך אבי מיט וועמען „גלאט אזוי", צוליב ניט ריכטיק פארשטאַ־
נענעם מיידלשן „דערפאָלג", זײַטיקע זאָלן זאָגן, אז „מע לויפט איר נאָך", — דאָס
האָט זי ניט באדארפט, ווײַל זי האָט עס געהאלטן פאר ניט אָרנטלעך. וואָס הייסט
באגעגענען זיך, שפאצירן, גיין אף קאָנצערטן, — דאָס הייסט דאָך געבן א מענטשן
א האָפענונג אף ווײַטער? און ווי קאָן מען עס טאָן, אויב זי האָט ניט צו אָט דעם
מענטשן קיין ערנסטן געפיל, אויב זי איז ניט גרייט צו פארבינדן מיט אים איר
לעבן? אנדערע טוען אזוי? איז מאלע וואָס?.. אזוי טאקע האָט זי ניט איין מאָל
געענטפערט דער מאמען, וועלכע האָט פון לאנג שוין אָנגעהויבן ארויסווײַזן איר
מוטערלעכן אומרו. די מאמע האָט ביכלאל אין איר אופירונג גאָרניט געקאָנט
פארשטיין. ווען זי, מירעלע, איז נאָך געווען א קינד, — אזוי דערציילט די מאַ־
מע, — פלעגט מען זיך אין גאס אָפשטעלן קוקן אף איר, אזוי שיין איז זי געווען.
„וואָס־וואָס, פארזיצן וועט זי בא אײַך ניט!" — אזוי האָבן איר געזאָגט פרײַנט און
באקאנטע, און די מאמע האָט ניט געצווייפלט, אז אזוי וועט טאקע זײַן. „שיין, ווי
די וועלט, און קלוג, ווי דער טאָג", — אזוי פלעגט זאָגן וועגן איר די מאמע. און
זי, מירע, האָט זיך טאקע אויסגעצייכנט מיט אירע פייִקײַטן אויך. אין שול איז זי
געווען פון די בעסטע בא זיך אין קלאס. אין טעכניקום אויך. אין אינסטיטוט איז
איר פאָרטרעט ניט אראָפּגעגאנגען פונעם טאָוול. אויך אף דער ארבעט אין שול
האָט זי שוין באקומען ניט איין גראמאָטע. און בא דעם אלעמען — זיצט זי. די
מאמע האָט זי ניט געקאָנט פארשטיין, ביפראט, אז די יונגעלײַט, וואָס האָבן
ארויסגעוויזן אינטערעס צו מירען, זײַנען געווען ניט אבי־ווער, אלע שיינע, ווויי־
לע... איינער פון זיי איז געווען א שאָפער, וואָס האָט פארענדיקט א מיטלשול
און איז אָנגעקומען היינטער־אויגיק אין אן אינסטיטוט פון אווטאָמאָביל־בויונג.
ער האָט אים דערנאָך פארענדיקט און געוואָרן אן אינזשעניער. צווישן די, וואָס

זײַנען, ווי די מאמע האָט זיך אויסגעדריקט, „געשטאָרבן נאָך מירעס טריט", איז געווען א לערער פון פיזקולטור — א הויכער, א שטאַלטנער, „אָן עמעסער אפּאָלאָן" — דאָס האָט שוין געזאָגט ניט די מאמע, נאָר מירעס כאַווערטעס, וואָס זײַנען איר שטאַרק מעקאַנע געווען; געווען אויך א יונגער פײַיִקער סקולפּטאָר. יעדערער פון זיי האָט זיך באַוויזן ניט מער ווי א פּאָר מאָל בא זיי אין שטוב, און מער האָט מען זיי ניט געזען. אין שטוב האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן אַרײַנגיין מירעס א נײַער באַקאַנטער, א שיינער יונגערמאַן מיט רויטלעכע באַקנבאַרדן, א קאַנדידאַט פון מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן. „נו, דאָ וועט שוין עפּעס זײַן, — איז זיכער געווען די מאמע, — קיין קאַנדידאַטן וואַלגערן זיך דאָך ניט אין גאַס"... נאָר אויך ער האָט אינגיכן אויפגעהערט אַרײַנצוקומען. דאָס האָט שוין דער מאמען ניט אף קיין קאַטאָוועס פאַרדראָסן. „וואָס איז געשען?" — האָט זי געפרעגט בא מירען. „גאָרניט", — האָט יענע געענטפערט. „פאַרוואָס האָט צו אונדז אויפגעהערט אַרײַנגיין עדואַרד מיכײַלאָוויטש?" (אַזוי האָט מען גערופן דעם קאַנדידאַט). „ער וועט שוין מער ניט קומען", — האָט מירע פּראָסט געענטפערט. „וואָס הייסט, — איז אין כאַס געוואָרן די מאמע, — אַזאַ מענטש, א קאַנדידאַט"... „און קאַנדידאַטן, מײנסטו, — האָט מירע געענטפערט, — זײַנען ניטאָ קיין טיפּשים?.." מער איז וועגן אים קיין רייד ניט געווען.

מירעס מאמע, א געניטע דערציִערן, האָט שוין דאָס דריטע צענדליק יאָר געאַרבעט אף איין אָרט, אין א זאַוואָדישן קינדערגאָרטן. אף דער אַרבעט האָט מען זי געשעצט, זי איז געווען א גוטע פרוי, אַן איבערגעגעבענע מוטער און געוואָלט האָבן נאַכעס אין איר איינציקער טאָכטער. דערזען, אַז די רייד אירע העלפן ניט, האָט די מאמע זיך א נעם געטאָן צום טאַטן: וואָס שווײַגט ער? פאַרוואָס מישט ער זיך ניט אַרײַן, ס'איז ניט זײַן קינד? נאָר יענער האָט געשוויגן.

מירעס טאַטע, כאַיִם זילבערג, איז געווען א מײַסטער פון א באַצירק אף א גרויסן זאַוואָד הינטער מאָסקווע. אָנגעקומען איז ער אַהער באַלד ווי ער האָט זיך דעמאָביליזירט נאָך דער מילכאָמע, און זינט דאַן זײַנען אים צום רום־אָרדען און א האַלבן טוץ מעדאַלן, וואָס ער האָט געבראַכט פון פראָנט, צוגעקומען נאָך א מעדאַל — „פאַר העלדנמוטיקער מי" און דער בעקאָוועדיקער טיטל „מײַסטער — גאָלדענע הענט". אַן אויסגעצייכנטער טאָקער, שלאָסער און עלעקטראָשווייסער, האָט ער טאַקע געהאַט גאָלדענע הענט און דערצו נאָך א גאָלדענעם כאַראַקטער: א צוגעלאָזטער צו מענטשן, א בעניִמעסער און, בא דעם אַלעם, — א שווײַגער. קאָן מען זיך באַגיין אָן א וואָרט, וועט ער עס פון מויל ניט אַרויסברענגען. צו וואָס? אף דער מאמעס טײַנעס, האַלעמײַ ער שווײַגט מיקויִעך דער טאָכטערס טאַכלעס, האָט ער געענטפערט: „און אַז דו רעדסט, העלפט דיר?". און נאָך צוליב א סיבע האָט כאַיִם זילבערג גאָרניט געזאָגט זײַן טאָכטער, ער האָט געהאַלטן: זי האָט נאָך פּאַשעט ניט געפונען איר זיווג. אַזוי טאַקע האָט ער עס דערקלערט דער מאמען. יענע האָט מיט שרעק אויסגערופן: „און טאָמער וועט זי אַזוי טאַקע אים, כאָלילע, ניט געפינען?" — „וועט ער זי געפינען", — האָט רויִק געענטפערט דער פאָטער. און אַזוי איז עס געשען.

אין מירען האָט זיך פרי דערוועקט דער באַרוף צו זײַן א לערערן, און נאָכן פאַרענדיקן דעם זיבעטן קלאַס איז זי אַוועק אין פּעדאַגאָגישן טעכניקום, נאָכדעם האָט זי צוויי יאָר אָפּגעאַרבעט אין די ייִנגערע קלאַסן פון דער שול, ווו זי האָט זיך אַליין געלערנט, און נאָכן אינסטיטוט איז זי אין די עלטערע קלאַסן פון דער זעלבער שול געקומען אַלס לערערן פון ליטעראַטור און שפּראַך.

סאָף אָקטיאַבער איז אין שול בא זיי פאָרגעקומען א טראַדיציאָנעלער אָוונט פון אַלע, וואָס האָבן זי ווען־עס־איז פאַרענדיקט. אף דעם דאָזיקן אָוונט האָט זי עמעצער (זי געדענקט שוין ניט ווער) באַקאַנט מיט א סטודענט פונעם לעצטן קורס פון א מאָסקווער ענערגעטישן אינסטיטוט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז

דער דאָזיקער סטודענט האָט זיך דאָ אַמאָל געלערנט, נאָר אין די עלטערע דריַי קלאַסן (אַריבערגעפירט פון אַן אַנדער שול) און פונקט אין די יאָרן, ווען מירע איז שוין געווען אין טעכניקום. דערפאַר האָבן זיי זיך פריִער ניט געקענט. דער סטודענט האָט אָנגערופן זײַן נאָמען — מישע כײַפעץ. זיי האָבן אויף יענעם אָוונט אַ ביסל אַ שמועס געטאָן, דורכגעטאַנצט אַ פּאָר טענץ. נאָכן אָוונט איז מען פון שול אַרויס צוזאַמען — אַ היפּשע קאָמפּאַניע לערער און געסט. ביסלעכווײַז איז מען זיך אײנע נאָך די אַנדערע צעגאַנגען אין פאַרשיידענע זײַטן, און מירע מיט איר נײַעם באַקאַנטן זײַנען געבליבן אַליין. עס איז שוין געווען שפּעט, און ער האָט זי אָפּגעפירט אַהיים. געזעגענענדיק זיך בײַ איר הויז, האָט ער געפרעגט, צי וואָלט ער נאָכאַמאָל זיך געקאָנט מיט איר טרעפן? „צו וואָס?" — האָט זי געפרעגט. „פּאָשעט, צוליב פאַרזעצן אונדזער באַקאַנטשאַפט". — „פאַר אים איז עס דען אַזוי וויכטיק?" — האָט זי געוואָלט וויסן. „מיסטאָמע וויכטיק", — האָט ער געזאָגט. „אויב אַזוי, — האָט זי זיך אָנגערופן, — ווייסט ער איצט, וווּ זי אַרבעט און וווּ זי וווינט". — „און צי וועט זי זײַן געדרן, זיי זאָלן זיך טרעפן?" — האָט ער זיך אָנגעפרעגט. „ער וועט שוין אַ סימען האָבן!" — האָט זי געענטפערט און האָט זיך דערבײַ אַליין פאַרכידעשט, מיט וואָס פאַר אַ שפּילעוודיקן און קאָקעטישן טאָן (וועלכן זי האָט פריִער קיינמאָל בײַ זיך ניט געוווּסט) זי האָט עס אַ זאָג געטאָן. זי איז גיך אַרויף צו זיך אויפן פערטן שטאָק, שטיל געעפנט די טיר, ניט אויפצוּוועקן טאַטע־מאַמע, אַרײַן צו זיך אין צימערל און אַ גאַנצע נאַכט דאָרט ניט צוגעמאַכט קיין אויג...

ווי יעדער מיידל, האָט מירע שוין צו זעכצן — זיבעצן יאָר פאַרטיק געהאַט בײַ זיך אין קאָפּ און אין האַרצן דאָס געשטאַלט פון יענעם מענטשן, וואָס מיט אים — און נאָר מיט אים — וועט זי גרייט זײַן צו פאַרבינדן איר לעבן. פאַרשטייט זיך, ער וועט זײַן קלוג, ערודירט, אינטעליגענט, וועט ליב האָבן (ווי זי) פּאָעזיע, זײַן אַ גוטער בעטעווע, און — דאָס וועט זײַן די גרעסטע פון אַלע זײַנע מײַלעס — ער וועט זי, מירען, ליב האָבן. ער וועט זי ליב האָבן אַזוי, ווי אַלע שענסטע העלדן פון אַלע שענסטע ביכער, וועלכע זי האָט באַוויזן פאַר איר לעבן איבערלייענען, האָבן ווען־ניט־איז ליב געהאַט...

זי האָט געהאַט אַ פאַרשטעלונג אויך וועגן דעם אויסערלעכן אויסזען פון איר אידעאַל. אַליין איז זי געווען געוווּקס הויך — אַ מעטער מיט אַכט און זעכציק, האָט ער געמוזט זײַן כאָטשבי אויף אַ פּאָר סאַנטימעטער העכער, דאָ וואָלט זי ניט נאָכגעגעבן אַפילו קיין סאַנטימעטער. אַליין איז זי אַ טונקעלע, קימאַט אַ שוואַרצע (די אויגן, די האָר), דאַרף ער זײַן אַ העלער: בלאָנדע געקרויזטע האָר, בלויע אויגן מיט אַ קלוגן אָרנטלעכן בליק. נו, און ער דאַרף זײַן אַ יונג מיט ביינער, עס זאָל זײַן אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן...

ווייסנדיק אָט דאָס, איז קלאָר, פאַרוואָס ביז איצט האָט זי אַזויפיל יונגעלײַט באַוויזן דעם וועג, — זיי האָבן ניט אַנטשפּראָכן איר אידעאַל. און כאָטש דעם, האָט קיינער פון זיי קיינמאָל נאָך ניט געצווונגען אַזוי אַ צאַפּל טאָן איר האַרץ, ווי עס האָט פּלוצעם אַ צאַפּל געטאָן, ווען מע האָט זי באַקאַנט מיט אָט דעם סטודענט...

טאַקע, וואָס פּלוצעם האָט בײַ איר אַזוי אַ צאַפּל געטאָן דאָס האַרץ? — וועגן דעם האָט זי געטראַכט אין יענער שלאָפלאָזער נאַכט אין קליינעם צימערל בײַ זיך אויפן געלעגער און האָט גאָרניט געקאָנט פאַרשטיין. און פאַרוואָס, בײַס די קאָמפּאַניע לערער און געסט, מיט וועלכער זיי זײַנען צוזאַמען נאָך יענעם אָוונט אַרויס פון שול, האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערגיין, ווער וווּהין, האָט זי מיטאַמאָל זיך דערשראָקן בײַם געדאַנק, אַז אויף איינעם אַ ראָג קאָן ער זיך אויך אָפּגעזעגענען און אוועקגיין, און אויס! — מער וועט זי אים שוין קיינמאָל אין לעבן ניט זען, אָט דעם באָכער, וואָס האָט זיך אָנגערופן — מישע כײַפעץ. און ווען ער האָט זי צוגעפירט צו איר שטוב, האָט זי אַזוי שטאַרק געוואָלט, ער זאָל פאַרלייגן,

מע זאָל זיך נאָכאַמאָל טרעפן, אַז ווען ער האָט עס בעעמעס פֿאַרגעלייגט, האָט זיך איר געדאַכט, אַז ניט עס זײַנער איז עס געווען, נאָר איר פֿאַרלאַנג, וואָס האָט זיך מיט דער הילף פֿון אַ מין וווּנדערלעכן היפּנאָז איבערגעגעבן אויך צו אים...

זיי האָבן זיך געטראָפֿן נאָכאַמאָל, און נאָכאַמאָל. און עס איז אַוועק — אַלע אָפּדערנאַכט, — עס האָט געמעגט דונערן און בליצן! — האָבן זיי זיך געזען, און טאָמער איז ער אָדער זי געווען פֿאַרנומען, — איז כאָטשבי אויף געציילטע מינוטן, נאָר מע האָט זיך געזען. די אָפּרו־טעג האָט מען פֿאַרבראַכט צוזאַמען. ער האָט אָנגעהויבן אַרײַנגיין צו זיי אין שטוב. טאַטע־מאַמע האָבן אָנגעשפּיצט געוואַרט — ווען? אויפֿן דריטן צי אויפֿן פֿערטן מאָל, — וועט אַ סאָך נעמען צו די באַזוכן פֿון אָט דעם באָכער, ווי עס האָט שוין ניט איין מאָל געטראָפֿן מיט אַנדערע באָכערים, וואָס אין זייערע, די עלטערנס, אויגן האָבן יענע אויסגעזען פֿײַנער און כאָשעווער פֿון דעם. נאָר אַ מאָדנע זאַך, — טאַטע־מאַמע האָבן שוין אָנגעוווירן דעם כעזשבן פֿון די באַזוכן, און זיי האָבן ניט אויפֿגעהערט. און עס איז ניט צו זען געווען, אַז מירע זאָל עפּעס האָבן קעגן זיי. פֿאַרקערט, די לעצטע צײַט האָט זי זיך מאָדנע געענדערט אין דער האַלטונג און אַפֿילע אין אויסזען, געוואָרן האָפֿערדיקער, פֿריילעכער. פֿריִער פֿלעגט מען זי ניט קאָנען אַרויסשלעפּן אין קינאָ, אַזוי איז זי געווען פֿאַרנומען מיט אירע העפֿטן און פּלענער, — אַצינד האָט זי געפֿונען צײַט אי אין קינאָ, אי אויף שפּעטע שפּאַצירן.

בייס אָט די שפּאַצירן האָט מישע איר דערציילט וועגן זיך.

ניט גאָר קיין געוויינלעכער סטודענט איז ער געווען, און ניט ייִנגער פֿון מירען, וועלכע האָט שוין געאַרבעט אַ פּאָר יאָר נאָכן אינסטיטוט, נאָר אויף גאַנצע דרײַ יאָר עלטער פֿון איר. ער האָט געהאַט אַ שווערע קינדהײַט. זײַן פֿאָטער איז אומגעקומען אויף דער מילכאָמע, און די מוטער, אַ שוואַכע און קרענקלעכע פֿרוי, האָט אים, מישען, דערצויגן אַליין. נאָך דער שול איז ער דעריבער אַוועק ניט אין אינסטיטוט, נאָר אויף אַ זאַוואָד, געוואָרן אַ שלאָסער, שפּעטער אַ נאַלאַדטשיק. ער האָט אַזוי געאַרבעט עטלעכע יאָר, אויסהאַלטנדיק זיך און די מוטער. דערנאָך איז ער אָנגעקומען אין אינסטיטוט הינטער־אויגיק, און בלויז די לעצטע פּאָר יאָר אײַנגאַנצן זיך אָפּגעגעבן דער לער. ער איז שוין געווען אויפֿן לעצטן קורס און האָט געגרייט די דיפּלאָם־אַרבעט. ער איז אַלט געווען קנאַפּע דרײַסיק.

נו, און קיין מיידלעך זײַנען דען בײַ אים ניט געווען? ער האָט קיינעם ביז איצט ניט ליב געהאַט? — האָט מירע בייס איינעם פֿון די שפּאַצירן בײַ אים אַ פֿרעג געטאָן. ניין, — האָט ער געענטפֿערט, — ער האָט קיינעם ניט ליב געהאַט און קיין מיידלעך זײַנען בײַ אים ניט געווען. ס׳הייסט, — האָט ער זיך באַלד אַ כאַפּ געטאָן, — מיידלעך זײַנען יאָ געווען און ניט ווייניק, נאָר אַלץ אַזעלכע, וואָס די מאַמע זײַנע און אַנדערע האָבן אים גערעדט פֿאַר קאַלעס. נו, און ער? און ער האָט זיך טרעפֿן מיט זיי ניט געוואָלט. און די, מיט וועלכע ער האָט זיך יאָ געטראָפֿן, זײַנען אים ניט געפֿעלן.

— קיין איינע? — האָט געפֿרעגט מירע.

— קיין איינע.

— מיר — אויך.

— וואָס — דיר אויך? — האָט ער איבערגעפֿרעגט.

— מיר איז אויך קיינער ניט געפֿעלן.

— בײַ דיר זײַנען אויך געווען יונגעלײַט? כ׳מיין, וואָס מע האָט געוואָלט, דו זאָלסט פֿאַר זיי כאַסענע האָבן?

— יאָ, און ניט ווייניק.

— און דו?

— זאָג איך דאָך: קיינער איז מיר ניט געפֿעלן. טאַטע־מאַמע זײַנען אַפֿילע געווען אויף מיר ברויגעז, באַזונדערס די מאַמע...

— מײַן מאמע אויך. און, כוץ דעם, — האָט מישע פֿאַרגעזעצט דערציילן, — איז פּאָשעט ניט געווען קיין פרײַע מינוט. אפֿן זאוואָד — א סאך ארבעט, שוין אָפּגערעדט פון געזעלשאפטלעכע אָנלאָדונגען, הײַנט די הינטער־אויגיקע לער, — דאָס אלץ האָט צוגענומען די גאנצע פרײַע צײַט.

— בא מיר אויך, — האָט געזאָגט מירע.

— וואָס בא דיר אויך?

— די זעלבע זאך: ארבעט, לער, געזעלשאפטלעכע אָנלאָדונגען, קיין ברעקל פרײַע צײַט. — זיי זײַנען געגאנגען געארעמט מיט שטײַף איבערגעפלאָכטענע פינגער.

בייס זייער דריטער צי פערטער באגעגעניש, — ס'איז געווען שפעט אין אָוונט, — האָט מישע ניט דרייסט זי ארומגענומען פארן אקסל און אזוי ווי פאר־געסן אף איר אקסל זײַן האנט. בא איר האָט שטארק א טיאָקקע געטאָן דאָס הארץ פון אָט דער באוועגונג זײַנער. א לענגערע ווײַלע איז זי אזוי געגאנגען, פילנדיק זײַן האנט אף זיך, דערנאָך איידל די האנט זײַנע אראָפּגענומען פון איר אקסל.

— מע דארף ניט, — האָט זי שטיל געזאָגט.

— פארוואָס?

— נעם מיך אונטערן אָרעם.

— אזוי איז בעסער?

— יאָ.

— קיין גרויסע פראקטיק האָב איך ניט אין אָט די זאכן, — האָט מישע זיך מוידע געווען.

— אך, קיין גרויסע ניט, — האָט זי איבערגעפרעגט, — אָבער א געוויסע פראק־טיק יאָ?

ער האָט זיך אינגאנצן פארלוירן.

— דעם עמעס זאָגן, קיין שום פראקטיק. נאָר איך זע, ווי יונגע פּאָרלעך גייען איצט ארום, האָב איך געמיינט... כאָטש מיר אליין איז עס אויך ניט זייער צום הארצן.

— נו, אָט, דו זעסט, — האָט אים געענטפערט מירע, — איך קען בעשום־אויפן ניט פארשטיין אָט די נײַע מאָדע. ווען א מאנצבל פירט א פרוי געארעמט, האלט ער זי דערמיט אונטער, ער העלפט איר, ער באשיצט זי, דאָס איז איידל, פײַן, עס האָט א זין. נאָר טוסט אמאָל א קוק אף א יונג פּאָרל: זי — א קליינע, א שלאנ־קע, ווי א צארט ביימעלע... און א געזונטער ווערגעלעץ פארוואָרפט איר אפן אקסל א לאפע, וואָס וועגט א פוד, — דאָס מיידל ברעכט זיך שיר ניט אונטער...

— מיט איין וואָרט, לויטן דעוויז: „זאָרגט וועגן די מאנצבלען!" — האָט א לאך געטאָן מישע.

— אָט־אָט, — האָט זי זיך אויך צעלאכט און צוגעגעבן: — איך וויל זײַן אן אלט־מאָדישע, איך וויל, דו זאָלסט מיר ניט מאכן שווער, נאָר לײַכט... זאָלסט מיך באשיצן... גוט?

— גוט, — האָט ער געענטפערט און האָט זיך נאָך שטײַפער אײַנגעקלאמערט מיט זײַנע פינגער אין אירע.

א שטיק וועג איז מען געגאנגען שווײַגנדיק. יעדער איינער האָט נאָר גע־הערט, ווי הילכיק ס'קלאפּט בא אים דאָס הארץ.

— זע, וויפל אלגעמיינס בא אונדז אין לעבן, — האָט זי ענדלעך געזאָגט און האָט זיך פלוצעם אָפּגעשטעלט פון א געדאנק, וואָס האָט א בליץ געטאָן בא איר אין מויעך. — באקומט זיך, אז דו האָסט א גאנץ לעבן געוואָרט אף... מיר? אף מיר איינער?

— ווײַזט אויס, — האָט ער געענטפערט. — און דו?

— איך אויך. זאָג מיר אָבער, ווי האָסטו געוווּסט, אַז איך, מירע זילבערג, בין דאָ... אַז איך בין גאָר דאָ אויף דער וועלט? ווי האָסטו געוווּסט?
— זעסט דאָך. און דו?
— איך אויך.

ווער צו וועמען האָט זיך דעמלט א צי געטאָן מיטן ערשטן קוש?

שפּעטער, אין קליינעם צימערל בא זיך אפן געלעגער איז זי לאנג ניט אײַנגעשלאָפן און דורכגעמאכט אין געדאנק דעם גאנצן שפּאציר, פון אָנהייב ביזן סאָף, איבערגעכאַזערט פאר זיך יעדעס וואָרט און יעדן זשעסט, און אויך אָט דעם ערשטן קוש... מיטאמאָל האָט זי שטיל זיך צעלאכט. נו, איז עס דען ניט צום לאכן? ווי ניט ענלעך איר מישע איז אף יענעם פארשוין, וועלכן זי האָט אזויפיל יאָרן זיך געמאָלט אין אירע מיידלשע ראַיוינעס... בלאָנדע האָר? עס הייבט זיך ניט אָן! עמעס, געדיכטע, געקרויזטע, אָבער טונקעלע, קימאט ווי בא איר. בלויע אויגן? ניין, גרויע גאָר, מיט א סאך גרײַפּעלעך ארום די שווארצאפּלען. פון אונטער די געדיכטע שווארצע ברעמען, וואָס ציִען זיך איבער דער נאָז אין איין גראָדער ליניע (אזעלכע האָט זי דען זיך פאָרגעשטעלט?), קוקן זײַנע אויגן ארויס מיט אָנגעשטרענגטן ערנסט פון א שטארק באשעפטיקטן מענטשן. נאָר ווען זיי קוקן אף איר, אָט די אויגן, ווערן זיי אזעלכע ליכטיקע, דער באַשעפטיקטער אויסזעען פארשווינדט פון זיי אינגאנצן, און זיי שטראַלן ארויס פון זיך א יאם מיט צארטקײַט...

אָבער די נאָז... כאַ־כאַ! דען אזא נאָז האָט זי זיך פאָרגעשטעלט בא איר באַשערטן — אזא גראָבלעכע און לאנגע? נאָר דאָס מאכט איר ניט אויס. דערפאר איז ער אזא קלוגער, מיט אזא פײַנעם געפיל פאר הומאָר, אזוי ערודירט, באזונדערס אין מאטעמאטיק און טעכניק — דאפקע אין די געביטן, אין וועלכע זי האָט אינגאנצן ניט קיין אנונג. ער האָט אויך א גוסט צו ליטעראטור, האָט ליב פאנטאסטיק און איז גלײַכגילטיק צו פּאָעזיע... פון איר באליבטן דיכטער זאבאָלאָצקי (אין אינסטיטוט האָט זי אָנגעשריבן וועגן אים א ספּעציעלע ארבעט, וועלכע מע האָט הויך אָפּגעשאצט) האָט ער אפילע ניט געהערט. נישקאָשע, צו פּאָעזיע וועט מען אים, הייסט עס, דארפן צוגעוווינען... און ליגנדיק אין דער פינצטער אף איר געלעגער, האָט זי שטיל געלאכט. יאָ, ענדלעך איז אָנשטאָט דעם אידעאלן פארשוין, וואָס האָט אזויפיל יאָרן געלעבט אין איר דימיען, געקומען אָט דער ניט גאָר אידעאלער, און אפילע מיט היפּשע כעסרוינעס (וואָס איז ווערט זײַן ניט־באהאוונטקײַט אין פּאָעזיע!), אָבער לעבעדיקער מישע כייפעץ, מיט וועלכן זיי האָבן הײַנט צום ערשטן מאָל זיך געקושט... זי איז אים גרייט געווען מויכל זײַן נאָך איין כיסאָרן, שוין טאקע גאָר א וועזנטלעכן, — דאָס, וואָס ער איז קיין קאפּעלע ניט העכער פון איר. צוערשט האָט זיך איר אפילע אויסגעוויזן, אַז ער איז נידעריקער, און דאָס האָט זי בעעמעס אָנגעשראָקן. נאָר אומבאמערקטערהייט האָט זי א פּאָר מאָל מיט אים זיך א מעסט געטאָן און איז געקומען צום אויספיר, אַז, ניין, זיי זײַנען ביידע פון איין וווּקס, און פּאָשעט אף די הויכע קנאפּל זעט זי אויס א ביסל העכער. האָט זי באשלאָסן — מער קיינמאָל וועט זי ניט אָנטאָן קיין טופליעס אף קיין הויכע קנאפּל.

אינגיכן האָט מען געשפּילט די כאַסענע. זי און מישע האָבן זיך געקאָנט באַגיין אָן איר, זיי האָבן געקוקט דערויף, ווי אף אַן איבעריקן אויסמאטערנדיקן און טײַערן קאָסטנדיקן טומל, ניט מער. ביכלאל האָט זי ניט אָנגעהויבן צו פארשטיין דעם זין דערפון. צו וואָס דארף מען עס? — האָט זי געטראכט. צוויי מענטשן גייען זיך צונויף. איז דאָך עס זייערע, און נאָר זייערע אַן אינטימע זאך. פארוואָס דארפן זיך דאָ מישן אנדערע, וואָס האָט עס צו זיי פאר א שײַכעס? פארשטייט זיך, די סאמע נאָענטע — טאטע־מאמע, ברידער, שוועסטער — האָבן א שײַכעס,

ס'איז זייער פרייד אויך. אָבער די צענדליקער אלטע און יונגע מאנצבלעצן און פרויען, וואָס קומען געוויינלעך אַף כאסענעס, — וואָס האָבן זיי דאָ צו טאָן? מיט עמעסער שרעק האָט זי זיך פאָרגעשטעלט, ווי אָט די אלע צענדליקער מענטשן וועלן מיטאמאָל נעמען אלץ שטארקער און שטארקער, ניט שרייַען — ניין — רעווען איין־איינציק וואָרט: „גאָרקאָ", און זי מיט מישען וועלן זיך מוזן אופ־הייבן און פאר אָט די אלע מענטשן אין די אויגן זיך קושן... ניין, דאָס איז אומעג־לעך! זי וויל עס ניט, זי דארף עס ניט. ווען זיי וועלן קומען נאָכן פארעגיסטרירן זיך פון „זאגס", — א קליינע וועטשערע פאר גאָר נאָענטע, און אויס! קיין שום כאסענעס!

אזוי האָט זי טאקע געמאָלדן פאר טאטע־מאמע אין איר און אין מישעס נאָמען אין דעם טאָג, ווען זיי האָבן אָנגעגעבן די מעלדונג אין „זאגס". די מאמע האָט פאר איבעראשונג ניט געקאָנט אויסריידן קיין וואָרט. זייַן וואָרט האָט דאָס מאָל געזאָגט דער טאטע:

— טאָכטער מייַנע, — אזוי טאקע, מיט א באזונדער מין אנטשלאָסנקייַט און אפילע פייַערלעכקייַט אין טאָן האָט ער זיך א קער געטאָן צו איר, — דו ווייסט, אז די גאנצע צייַט האָב איך געשוויגן. כ'האָב זיך ניט געמישט, ניט געזאָגט דיר קיין דייעס. כ'האָב געוווּסט, ס'וועט קומען דער טאָג — און אָט איז ער געקומען. איצט בעט איך, — מיש זיך דו ניט. לאָז אונדז מיט דער מאמען, אויב מיר האָבן שוין יאָ דערלעבט דערצו, אָפּריכטן אלץ אזוי, ווי עס באדארף צו זייַן, ווי עס פירט זיך בא לייַטן. מיר זייַנען ניט ערגער פון אנדערע, און אלץ וועט זייַן רעכט.

אזוי איז געבליבן. די כאסענע האָט מען געפּראוועט אין א גרויסער קאפע, וועלכע מע האָט אָפּגעדונגען אַף א גאנצן אָוונט צוזאמען מיטן אָרקעסטער און מיט האקל־פּאקל. עס זייַנען געווען העכער הונדערט געסט, און צווישן זיי: די לערער פון מירעס שול; די סטודענטן פון מישעס ארויסלאָז־קורס; די דערציִערנס פון דער מאמעס קינדערגאָרטן; די אָנפירונג און די ארבעטער פונעם צעך, ווו דער טאטע, דער „מייַסטער — גאָלדענע הענט", איז געווען באשעפטיקט — אָנ־געפירט מיט א באצירק; קרויווים, באקאנטע און גלאט גוטעפרייַנט פון כאָסנס און פון קאלעס צאד. אָפיציִאנטן מיט שווארצע שניפּסן־באבעלעך האָבן געהאלטן אין איין אונטערטראָגן געריכטן — פון הערן און געדענקען — און צווישן זיי אויך ספּעציִעל באשטעלטע געפילטע פיש, פּעטשא און עסיק־פלייש. אלע מאָל אין אַן אנדער עק פון די ברייט־צעשטעלטע טישן האָט אויסגעשאָסן א פלאש שאמפּא־ניער. עס האָט זיך געגאָסן בראנפן, ווייַן און קאָניאק. און, פארשטייט זיך, מע האָט אלע מאָל געשריגן „גאָרקאָ", און מירע אין איר ווייַסן כופּע־קלייד און אין דער ווייַסער פאטא, וואָס האָט איר זייער געקליידט, און מישע אין שפּאָגל־נייַעם שווארצן אָנצוג האָבן, ניט ווילנדיק, געמוזט זיך אופהייבן און פאר אלעמען אין די אויגן זיך ארומנעמען און זיך קושן.

דערנאָך האָט מען געטאנצט, פון א טוויסט און א שייק — די יונגע, — ביז א שער און א פריילעכס — די עלטערע לייַט. שיין איז געווען צו קוקן, ווי דער מעכוטן מיט דער מעכוטענעסטע — כאִים זילבערג און מישעס מאמע — א גראָב־לעכע, ניט הויכע ייִדענע — האָבן אויסגעטאנצט דעם טאנץ מיט דער פאטשייל־קע.

נאָך דער כאסענע איז מישע אריבער צו מירען אין צימערל, און דאָ האָבן זיי אָפּגעוווינט צוזאמען די קורצע צייַט, וואָס איז אים פארבליבן ביז צום פארענדיקן דעם אינסטיטוט.

אלע ארויסלאָזניקעס האָט מען פאנאנדערגעשיקט אַף ארבעט אין פארשיי־דענע עקן לאנד — קיין מיטלאזיע, סיביר, אַף צאָפן. נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די פאנאנדערטיילונג, האָט מישע דערלאנגט א מעלדונג אין דעקאנאט מיט א ביטע, מע זאָל אים שיקן אפן ווייַטן מיזרעך, נעמלעך אין כאבאראָווסקער

קאנט. דאָרט, האָט ער געהאָפּט, וועט ער זיך שוין קענען אויסטאַרען, מע זאָל אים שיקן קיין ביראָבידזשאַן, ווו ער האָט נאָכן אינסטיטוט געוואָלט אַרבעטן.

איידער צו דערלאַנגען די מעלדונג אין דעקאַנאַט, האָט מישע זיך לאַנג געייעצט מיט מירען.

— פאַרוואָס קיין ביראָבידזשאַן? — האָט זי געפרעגט.

ער האָט איר דערקלערט: ביז דער מילכאָמע האָבן זײַנע עלטערן דאָרט געלעבט, און, ווי זי ווייסט שוין, איז ער אין ביראָבידזשאַן געבוירן געוואָרן. די מאַמע איז נאָך דעמלט געווען יונג, ניט געווען פון אירע כאַלאַסן און האָט געאַרבעט אויף דער ניי־פאַבריק, און דער פאָטער — אַפּן ניט גרויסן זאַוואָד פון מעטאַל־אַרטיקלען. ער איז געווען אַ בלעכער. ווי נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, האָט מען דעם פאָטער מאָביליזירט אין אַרמיי. אַ יאָר צײַט האָט ער געדינט ניט ווײַט פון ביראָבידזשאַן, פלעגט אָפּטלעך אַפּילע אַהיימקומען, דער־נאָך, אין צוויי־און־פערציקסטן, האָט מען דעם טייל, ווו דער פאָטער האָט גע־דינט, אַוועקגעשיקט קיין סיביר, און שפּעטער אַפּן פראָנט. פון דאָרט האָט ער זיך שוין ניט אומגעקערט. אַן ערעך אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט די מאַמע באַקו־מען אַ מיטיילונג, אַז איר מאַן, דער קאָמאַנדיר פון אַ ראָטע קוילנוואַרפלער מאַיִסיי זאַכאַראָוויטש כייפעץ, איז מיט אַ העלדן־טויט געפאַלן אין שלאַכט. און — דאַרף זיך דאָך אַזוינס טרעפן! — אין דעם טאָג, ווען עס איז באַקומען געוואָרן אָט די פינצטערע יעדיִע, איז ער, מישע, געקומען אויף דער וועלט... מע האָט אים אַ נאָמען געגעבן נאָכן טאַטן... דער מאַמען איז שווער געווען אים צו דערציִען, ביפראַט, אַז זי האָט אָנגעהויבן אָפּט צו קרענקען. איז זי אין אַ פּאָר יאָר אַרום נאָך דער מילכאָמע אַריבערגעפאָרן צו אירער אַ שוועסטער אין אָט דעם יִישעוו הינטער מאָסקווע, ווו זיי וווינען ביז איצט.

— איך האָב נאָכדעם אַ סאַך מאָל, — האָט מישע דערציילט, — געפרוווט פעסט־שטעלן, ווו עס געפינט זיך דעם פאָטערס געביין. עס זײַנען פאַר־געקומען גרויסע שלאַכטן אין יענע ערטער, וואָס זײַנען עטלעכע מאָל אַריבער־געגאַנגען פונעם סוינע צו אונדז און פאַרקערט. דעם ברודער־קייווער, ווו דער פאָטער איז געלעגן, האָבן די פײַנטלעכע טאַנקען אויסגעגלײַכט מיט דער ערד, און עס איז קיין זייכער ניט פאַרבליבן...

— כוץ באַ מיר און באַ דער מאַמען אין האַרצן, — האָט מישע צוגעגעבן, — און מער באַ קיינעם. דעם טאַטנס און אויך דער מאַמעס מישפּאָכעס — גרויסע, צוואָקסענע מישפּאָכעס מיט אַ סאַך ברידער, שוועסטער, פעטערס, מומעס, פּלע־מעניקעס, שוועסטערקינדער, — זײַנען פאַרבליבן אויף אוקראַיִנע, מע האָט זיי פאַרשפּאַרט אין געטאָס און אַלעמען אומגעבראַכט...

מישע איז אַנשוויגן געוואָרן. מירע אויך.

דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— זײַן דאָרט, ווו מײַן פאָטער איז אומגעקומען, קאָן איך ניט. וויל איך זײַן דאָרט, ווו ער האָט געלעבט. אָט פאַרוואָס מיך ציט קיין ביראָבידזשאַן.

זי האָט געקוקט אויף אים, און איר האָט זיך געדאַכט, אַז אַזעלכן — אַזאַ ליבן און אייגענעם — האָט זי אים נאָך ניט געזען.

— און דו? — האָט ער געפרעגט.

— איך וועל פאָרן מיט דיר.

מיט מירעס עלטערן איז עס צוגעגאַנגען שווערער. צוערשט האָבן זיי אַפּילע הערן ניט געוואָלט, אַז זייער איינציקע טאָכטער וועט אינגיכן נאָך דער כאַסענע זיך פאַרקלײַבן פאַר צען טויזנט קילאָמעטער, זיי וועלן ניט קאָנען זען זי, ניט זען דאָס אייניקל, וואָס מע האָט זיך שוין אויף דעם געריכט... זיי האָבן גענומען אופקלײַבן יעדיִעס וועגן יענע מעקוימעס, וווהין די קינדער האָבן זיך געקליבן,

געשראָקן זיי: דער קלימאַט איז דאָרט א שווערער — ווינטער גרויסע פרעסט, זומער — רעגנס און קאָמאַרן. די באַזאָרגונג איז דאָרט אַן ערגערע, איידער דאָ...

מיקויעך דעם קלימאַט האָט מירעס עלטערן באַרויִקט די מעכוטענעסטע, מי־שעס מאַמע:

— א קלימאַט, ווי אומעטום, — האָט זי געזאָגט, — מיר האָבן דאָרט געלעבט. און וואָס שייַעך דער באַזאָרגונג, איז אויך ניט שרעקלעך. עמעס, קיין לימענעס מיט קיין מאַראַנצן וואַלגערן זיך דאָרט ניט אין גאַס, נאָר דאָס איז דאָך ניט דער איקער.

סאָפקאָלסאָף האָבן מירעס עלטערן זיך אונטערגעגעבן, ביפּראַט, אַז זיי האָבן געזען — די קינדער האָבן באַשלאָסן פעסט, ס'איז זיי ניט איבערצושפּאַרן.

כאַיִם זילבערג האָט געזאָגט:

— אַמאָל זײַנען א סאַך מײַנע כאַוויירים אַוועקגעפאָרן קיין ביראָבידזשאַן. איך האָב שוין אויך געוואָלט פאָרן, האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע. איך זע אָבער אַרויס, אַז ביראָבידזשאַן וועט מיך ניט מײַדן. נאָר דו, מישע, פאָרסט אַהין, ווו ס'האָט געלעבט דײַן טאַטע, און מיר מיט דער מאַמען וועלן פאָרן אַהין, ווו עס וועלן לעבן אונדזערע קינדער.

אינגיכן זײַנען מישע מיט דער מוטער אַוועקגעפאָרן, און פון ביראָבידזשאַן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען גוטע בריוו. מישען האָט מען גלײַך געגעבן א שטעלע אין דער קאָנסטרוקטאָר־ביוראָ פונעם גרויסן זאַוואָד פון קראַפט־טראַנספאָרמאַ־טאָרס, וואָס זײַנען פּראָדוקציע מיט דער מאַרקע „ביראָבידזשאַן” גייט אין אַלע עקן לאַנד. אַגעוו, האָט מישע געשריבן, אַז די דאָזיקע אונטערנעמונג איז אויסגע־וואַקסן אָף דער באַזע פון יענעם קליינעם זאַוואָד, אָף וועלכן זײַן פאָטער האָט אַמאָל געאַרבעט. ביראָבידזשאַן אַליין, האָט ער ווײַטער געשריבן, איז א שיינע קולטורעלע שטאָט. ער, מישע, איז נאָך געווען גאָר א קינד, ווען זיי זײַנען אַוועק־געפאָרן פונדאַנען, און ער געדענקט גאַנץ קנאַפּ, נאָר זײַן מאַמע זאָגט, אַז די שטאָט איז פאַר די יאָרן, וואָס זיי זײַנען דאָ ניט געווען, אויסגעוואַקסן, ניט צו דערקענען. דאַן, ביז דער מילכאָמע, און באַלד נאָך איר, זײַנען מערסטנטייל גע־ווען הילצערנע איינשטאָקיקע און צווייישטאָקיקע הײַזער. אַצינד זײַנען די גאַסן אין צענטער, און אויך אָף די ראַנד־געביטן, דורכויס פאַרבויט מיט פינפגאָרנ־דיקע מויערן פון ווײַסע סיליקאַט־ציגל, וואָס גיבן צו דעם אויסזען פון דער שטאָט א פּריילעכע יאָמטעווודיקײַט. פאַראַן א שיינער פּאַרק, א סאַך סקווערן, ביימער־אַלייען. די גאַנצע שטאָט, פון איין עק ביזן אַנדערן, שנײַדט דורך א בריי־טער פּראָספּעקט, וואָס פריִער איז ער אינגאַנצן ניט געווען, — די שאָלעם־אַליי־כעם־גאַס. מיט אירע לעצטע הײַזער שפּאַרט זיך אָן די דאָזיקע גאַס אינעם ברייט צעוואַקסענעם יישעוו, ווו עס וווינען די קאָמבײַן־בויער און וועלכער טראָגט דעם נאָמען פונעם געוועזענעם אַרבעטער פון זייער זאַוואָד, דעם העלד פון סאָוועטנ־פאַרבאַנד יויסעף בומאַגין. דער דאָזיקער טיטל איז בומאַגינען צוגעייגנט געוואָרן נאָכן טויט, פאַר איבערכאַזערן אין אַפּרעל 1945 אין די שלאַכטן פאַר ברעסלאַו דעם העלדנטאַט פון אַלעקסאַנדער מאַטראָסאָוו.

מיטיילנדיק וועגן דעם, האָט מישע אין איינעם פון זײַנע בריוו צו מירען געשריבן: „דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט געווען קיין מוז, אַז די שאָלעם־אַלייכעם־גאַס אין ביראָבידזשאַן זאָל זיך דאַפקע אָנשפּאַרן אינעם יישעוו אָף בומאַגינס נאָ־מען. נאָר ווען איך בין צום ערשטן מאָל געגאַנגען איבער דער דאָזיקער גאַס, געווען אין דעם דאָזיקן יישעוו, זיך צוגעקוקט צו די מענטשן, האָב איך א טראַכט געטאָן, אַז דאָס איז ווײַט ניט קיין צופאַל — דער דאָזיקער צונויפטרעף, אַז דאָ איז פאַראַן, אויב דו ווילסט, א באַזונדערער און מיט עפּעס א סימבאָלישער באַטײַט”...

ווײַטער האָט ער אין זײַן בריוו דערקלערט, אין וואָס ער זעט עס אײַן:

„פאַרשטייסט, מײַן טײַערע, — האָט ער געשריבן, — ווען שאָלעם־אַלייכעם האָט געמאָלט די נעבעכדיקע אויסקומעניש פון די קאַסרילעווקער קאַפּצאָנים, האָט ער געטרוימט וועגן א צײַט, ווען אָט די אומגליקלעכע העלדן זײַנע, אָדער כאָטש זייערע קינדער, אייניקלעך, וועלן זיך דערוויסן פון אן אנדער, בעסער לעבן און וועלן ווערן מיט לײַטן גלײַך. אין האָדלען און פּעפּערלען, וועלכע זײַנען אוועק קיין סיביר, האָט ער געזען קעמפער פאַר א שענער לעבן. ער האָט געטרוימט וועגן א צײַט, ווען די ייִדישע פאָלקסמאַסן וועלן מער ניט ארויסגעבן פון זיך קיין שלימאַזלדיקע מענאַכעם־מענדלס, נאָר העלדן, עמעסע העלדן. ניט וויסנדיק נאָך זײַן נאָמען, האָט שאָלעם־אַלייכעם שוין געטרוימט וועגן אַזעלכע זין פון זײַן פאָלק, ווי יויסעף בומאַגין. און אָט זײַנען זיי באַנאַנד — די גאַס פונעם שרײַבער און דער ייִשעוו אפן נאָמען פונעם העלד. פאַרשטייסט, מײַן טײַערע״...

אָט די צוויי ווערטער — „מײַן טײַערע״ האָט ער ניט אופגעהערט איבערכאַזערן אין זײַנע בריוו, און זי איז ניט מיד געוואָרן זיי אײַנצוזאַפּן אין זיך צוזאַמען מיט דעם אלעם, וואָס איז הינטער אָט די ווערטער געשטאַנען, וואָס איז געווען אין זיי פאַרבאָרגן... זי האָט אים אויך געענטפערט מיט אויספירלעכע בריוו, אין וועלכע זי האָט געשריבן, אז — יאָ, זי פאַרשטייט אים, זי פאַרשטייט אלץ זייער גוט. זי פאַרשטייט, אז ער איז גליקלעך אפן נײַעם אָרט, דערפון איז גליקלעך אויך זי און וויל שוין וואָס גיכער דאָרט זײַן מיט אים צוזאַמען.

דערנאָך האָט ער אָנגעשריבן, אז מע האָט פאַרענדיקט בויען פאַרן זאַוואָד א גרויסן פינפשטאָקיקן מויער אף הונדערט דירעס, און איינע פון די דאָזיקע הונדערט דירעס איז זייערע. זי מעג שוין קומען.

און אָט פאָרט זי צו אים.

מיט אָט דעם פאָרן איז אויך געווען ניט פּראָסט. די מאַמע האָט אפילע ניט געוואָלט דערלאָזן דעם געדאַנק, אז איר טאָכטער וועט אין אַזא צושטאַנד, אין די הויכע כאַדאָשים, זיך לאָזן אין ווײַטן וועג. זי האָט געוואָלט, אז מירע זאָל האָבן דאָס קינד דאָ אפן אָרט, אונטער איר, דער מאַמעס, אופזיכט. אַזויווי געשען וועט עס אינמיטן ווינטער, וועט זי שוין בעמיילע מיטן קינד זיך ניט קאָנען לאָזן אין וועג, ביז עס וועט ניט ווערן גוט וואַרעם, וועט זי, די באָבע, דערווײַל כאָטש א ביסל זיך קאָנען אָנטישען מיטן אייניקל... נאָר מישע האָט פון ביראָבידזשאַן געשטורעמט מיט בריוו — אלץ איז גרייט צו מירעס קומען. אין היגן שפּיטאָל איז דאָ א פּרעכטיקע גינעקאָלאָגישע אָפּטיילונג מיט אויסגעצייכנטע ספּעציאַליסטן — דאָקטוירים.

און מירע אליין? האָט זי דען געקענט אָפּלייגן איר באַגעגעניש מיט מישען כאָטשבי אף איין איבעריקן טאָג? זי האָט געוואָלט וואָס גיכער אים זען, זײַן מיט אים, געוואָלט, אז ער, און ניט עמעץ אנדערש, זאָל זי אָפּנעמען מיטן קינד פון שפּיטאָל... זי האָט באַשלאָסן פליִען. נאָר דערפון האָט זי אָפּגערעדט דער דאָקטער פון דער פרויען־קאָנסולטאַציע — שוין אן עלטערער מענטש, — מיט וועלכן זי איז געקומען זיך אן אייצע האלטן.

— פליִען? — האָט ער געזאָגט. — דאָס ניט. ווען דער פלוג זאָל דורכגיין גלאַט, איז עס טאַקע גיכער. אָבער ס'איז ווינטער, מע קאָן אָפּלייגן דעם פלוג. איין ערגעץ ערגעץ ערופּאָרט לאָזט ניט ארויס, דער צווייטער נעמט ניט אוף, מע שטײַגט אראָפּ אף א דריטן. מאלע וואָס... און איר וועט זיך דערווײַל מאַטערן אף די ערעראָוואָקזאַלן. ס'איז ניט פאַר אײַך. פאָרט מיטן צוג. פאַראן אַזא פּרעכטיקער עקספּרעס „ראָסיאַ״, אין אים דאַרפט איר פאַר גאָרניט מוירע האָבן.

— ער גייט אָבער זעקס מעסלעס, — האָט געזאָגט מירע, — און פאַר אָט די...

— ניין, ניין, — האָט ער זי פאַרשטאַנען. — אויב איר וועט ארויספאָרן, לאָמיר זאָגן, די וואָך, גאַראַנטיר איך...

— נו, און, עפשער, — האָט אין פאַרלעגנהייט זיך אָנגערופן מירע, — די מאַמע רעדט מיך אײַנגאַנצן אָפּ פון פאָרן...

— פאַר א מאַמע איז עס נאַטירלעך, — האָט געענטפערט דער דאָקטער, — נאָר ווער איז בא אײַך דאָרטן, וווּהין איר פאָרט?

— דער מאַן.

— טאָ פאָרט! — האָט אויסגערופן דער דאָקטער. — פאָרט צום מאַן. און, כּוץ דעם, — דער אַלטער דאָקטער האָט אונטער די געדיכטע גרויע ברעמען מיטאמאָל זיך צעשמייכלט מיט שמאָלע אויגן־שפּעלטלעך, — כּוץ דעם, וועט אײַער זון, — איר ווילט דאָך א זון, יאָ? — עס אײַך נאָכדעם קיינמאָל ניט מוֹחל זײַן, וואָס איר האָט אים געקאָנט געבוירן א ווײַטמיזרעכניק און האָט אים גאָר געבראַכט אויף דער וועלט אין אָט דעם ניט גרויסן און מיט גאָרניט בארימטן יישוּוו...

פון דער קאָנסולטאַציע איז זי אַוועק א באַרויִקטע.

און נאָך איין מאָטיוו איז געווען פאַר דעם, זי זאָל זיך לאָזן אין וועג. אים האָט ארויסגעזאָגט מישע אין זײַן לעצטן בריוו. „אַצינד, — האָט ער געשריבן, — ווען דו טראָגסט נאָך אונדזער שאַץ אין זיך, וועט זײַן גרינגער אים ברענגען אַהער, איידער דאַן, ווען דו וועסט אים דאַרפן פירן מיט זיך"...

יאָ, אין זיך... אָט גייט ער צו וויסן אַלע מאָל וועגן זיך — איין לײַכטער שטויס, אַן אַנדערער... אוי, ווי זי וויל שוין גיכער זען מישען!

זי פאָרט שוין דעם ווייפלטן מעסלעס, און דער וועג האָט נאָך אַלץ ניט קיין ענדע...

## 8. אָלגע

וואַסיע פּעטראָוו האָט איבערגעריסן אירע געדאַנקען. ער איז ארײַן אין קופּע מיטן בוך אין האַנט, אַן אומצופרידן אָנגעכמורעטער, און ווי מיט עפּעס א טײַנע צו איר, זיך אָנגערופן:

— נו, מירע יעפימאָוונע, נו, וווּהין טויג עס? דאָס איז דאָך...

— וואָס איז געשען, וואַסיע? — האָט זי אים ניט פאַרשטאַנען.

— דאָס איז דאָך דער רוען דער ווייסט וואָס! — האָט ער מיט פאַרדראָס פאַרגעזעצט. — דאָס איז...

— איך פאַרשטיי גאָרניט, — האָט מירע צו אים זיך א קער געטאָן.

— נו, אָלגע, אַזא אָלגע...

— וועלכע אָלגע?

— אָלגע אילינסקאַיאַ...

— אַך, — איז צו איר ענדלעך דערגאַנגען, וועמען ער מיינט, — איז וואָס?

— אַלץ איז דאָך שוין גוט געווען. ער האָט זיך איר אַפילע דערקלערט אין ליבע. אָט ווי ווײַט עס איז דערגאַנגען!

— נו?

— נו, און ער האָט באַלד כאַראָטע געהאַט, זי וואַרט אויף אים א טאָג, צוויי, דרײַ, און ער גייט ניט, זוכט אָפּ טערוצים און ליגט אין שטוב...

— דערויף איז ער דאָך אָבלאָמאָוו, — האָט געזאָגט מירע, מיט נײַגעריקן אינטערעס באטראַכטנדיק דעם באָכער. זע, ווי די זאַך האָט אים גענומען...

— אָבער אַזא אָלגע, — האָט ער זיך ניט געקאָנט באַרויִקן. — זי קומט אַליין צו אים אין שטוב, און ער... אַזא בײַבאַק!

א ווײַלע האָט וואַסיע געשוויגן, דערנאָך געעפנט דעם בוך אויף דעם זײַטל, וווּ ער האָט געהאַלטן, און איבערגעלייענט:

— „איך וועל ניט אלט ווערן, כ'וועל קיינמאָל ניט מיד ווערן צו לעבן". איאָ, ווי גוט זי האָט געזאָגט, אַלגע? און ער...

פּעטראָוו האָט מיט פאַרדראָס אוועקגעלייגט דעם בוך צו זיך אפן געלעגער.

— געווג! גייט ער צו אלדי רוכעס...

— לייענט, לייענט, — האָט מירע מיט אַ שמייכל געזאָגט, — איר וועט זען, וואָס ווײַטער וועט זײַן.

— וואָס ווײַטער? — האָט געענטפערט וואַסיע. — אויב אַלגעס ליבע האָט אים ניט געהאָלפן, וועט ער שוין ניט ווערן קיין מענטש, אַזוי וועט ער שוין שטאַרבן...

— אָבער אַלגע...

— און אַלגע וואָס?

— אָ, איר שטייט נאָך פאַר אַ סאַך אין לעבן.

— יאָ? — האָט ער מיט אינטערעס געפרעגט און מיטאמאָל זיך אַ כאַפּ געטאָן: — אַנטשולדיקט, מירע יעפימאָוונע, איך האָב אײַך געשטערט? פּאַשעט, לייענדיק, איז מיר דאָ געוואָרן אַזאַ פאַרדראָס, און אָט דעם פאַרדראָס האָב איך געמוזט עמעצן אַרויסזאָגן. אַנטשולדיקט, — ער האָט זיך ווידער געלאָזט אין קאָרידאָר.

— איר שטערט מיר ניט, — האָט געזאָגט מירע, — איר קאָנט לייענען דאָ. איך טו דאָך גאָרניט, איך טראַכט נאָר.

— וועגן וואָס טראַכט איר, מירע יעפימאָוונע, — דאָס קאָן מען וויסן?

— וועגן פאַרשיידענע זאַכן. אין וועג טראַכט זיך גוט.

— דאָס זײַט איר גערעכט, — האָט צוגעשטימט פּעטראָוו. — איך באַמערק אַף זיך אויך.

— וועגן וואָס זשע טראַכט איר, וואַסיע?

— אויך וועגן פאַרשיידענע זאַכן.

— אַשטייגער?

— אַשטייגער? אָט לייען איך דעם בוך און טראַכט: אַזעלכע אַבלאָמאָווס זײַנען אין אונדזער צײַט ניט מעגלעך, דאָס איז אויסגעשלאָסן. אָבער אַזעלכע אַלגעס? ווי מיינט איר, אַזעלכע אַלגעס זײַנען פאַראַן?

— איך מיין, אַז יאָ, — האָט געענטפערט מירע. — פאַרשטייט זיך, זיי שיידן זיך אונטער פון יענער, — די צײַט איז אַן אַנדערע, — נאָר אירע גרונט־שטריכן — לעבנסדורשט, ענערגיע, גרייטקײַט און פייִקײַט צו טאַט — פאַרמאָגן איצט פיל מער פרויען, איידער דאַן.

וואַסיע האָט שווײַגנדיק געהערט, ניט אָפּפירנדיק דעם בליק פון מירען.

— וואָס קוקט איר אַף מיר אַזוי? — האָט זי פאַרשעמט געפרעגט.

— אַנטשולדיקט, מירע יעפימאָוונע, איך קוק אַף אײַך און טראַכט, אַז איר זײַט אָט אַזאַ, ווי אַלגע...

— נו, וואָס פאַר אַן אַלגע בין איך, — האָט זי אַ לאַך געטאָן און קעדיי אָפּ־ווענדן דעם שמועס פון זיך, געפרעגט: — זאָגט מיר, וואַסיע, און איר האָט נאָך אײַער אַלגע ניט געפונען?

— ניין.

— פאַרוואָס?

— איך זע עפּעס ניט אַרום זיך קיין אַלגעס.

— וועמען זשע זעט איר?

וואַסיע האָט אַ טראַכט געטאָן.

— אָט האָט איר ערשט איבערגערעכנט, — האָט ער געזאָגט, — אַלגעס אייגנשאַפטן: ענערגיע, פייִקײַט צו טאַט. אָבער צוגלײַך דערמיט האָט זי פאַרמאָגט אין זיך נאָך עפּעס — ווייכקײַט, צאַרטקײַט, איידלקײַט, וועגן דעם שרײַבט גאָנטשאַראָוו, און אויב איר געדענקט, פאַרענדיקט ער אַלגעס כאַראַקטעריסטיק (וואַסיע

האָט אריַינגעקוקט אין בוך) אזוי: „מיט איין וואָרט, זי איז א פּרוי". און די מיידלעך, איר פאַרשטייט, די מיידלעך, וואָס מיר קומט אויס מיט זיי זיך צו טרעפן, זיַינען שוין עפּעס, וואָלט איך געזאָגט, צופיל אַנטשלאָסענע, צופיל גרייט אף אַלץ, צופיל ייִנגלשקיַיט האָבן זיי אין זיך, און דאָס שטויסט מיך טיילוויַיז אָפּ פון זיי. אין א פרוי זוך איך דאָס, וואָס מיר אַליין, עפשער, פעלט עס — איידלקיַיט, צאַרטקיַיט...

— איר זוכט שלעכט, — האָט באַמערקט מירע. — דאָס, וואָס איר זוכט, איז פאַראַן איבערגענוג אויך בא אונדזערע פרויען. עמעס, צומאָל, ניט צו וויסן פאַרוואָס, פּרוּוון זיי עס אויסבאַהאַלטן אונטער קינסטלעך געמאַכטער ייִנגלשקיַיט, ווי זיי זאָלן זיך שעמען, צי וואָס, פאַר זייער עמעס פרויִשער נאַטור. מע דאַרף זי אָבער קאָנען דערזען.

— וויַיזט אויס, אז איך קען ניט, — האָט געזאָגט פּעטראָוו.

— אָט נעמט אונדזער זינאָטשקע...

— זינאַידע סעמיאָנאָוונע?

— יאָ.

— איז וואָס קאָן מען נאָך דערזען אין איר, כוץ דעם, וואָס וואַרפט זיך גלייַך אין די אויגן?

— מיינט ניט, זי איז גאָר ניט אזא, ווי עס קאָן זיך דוכטן פון ערשטן בליק. עפּעס זוכט זי אין לעבן, געפינט ניט און ליַידט דערפון...

— גלייבט מיר, מירע יעפימאָוונע, — האָט הייס זיך אָנגערופן פּעטראָוו, — גאָרניט ליַידט זי ניט. און דאָס, וואָס זי זוכט, געפינט זי: נעכטן וואַדים פּעטראָוויטש, היַינט ערנעסט וואַלעריאַנאָוויטש, מאָרגן...

— זאָגט עס ניט, וואַסיע, ניט אַלץ ווייסט איר.

— אַנטשולדיקט, מירע יעפימאָוונע, וועגן אַזעלכע פרויען וויל איך גאָרניט וויסן. איך וועל זיך בעסער ווידער נעמען צו אַלגען...

ער האָט א כאַפּ געטאָן דעם בוך און איז אַרויס אין קאָרידאָר.

זינאַידע סעמיאָנאָוונע האָט ווידער זיך אומגעקערט שפּעט אין אָוונט.

זי האָט זיך ראַפּטאָם א זעץ געטאָן אף איר געלעגער, אָנמעכטיק אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ צום וואַנטל און שטיל אַרויסגעשעפּטשעט:

— אוי, ווען איר ווייסט, ווי מיר איז אַלץ דערעסן...

פון איר האָט ווידער געשמעקט מיט קאָניאַק.

— וואָס איז איַיך דערעסן? — האָט מירע געפרעגט.

— אַלץ! אַלץ... און ווען איר ווייסט, ווי כ'בין פאַרמאַטערט... איינס און דאָס זעלבע... איינס און דאָס זעלבע... נעכטן איין וואַגאָן, היַינט א צווייטער. נעכטן — איינע מענטשן, היַינט — אַנדערע. אָבער סיַיווי דאָס זעלבע: קאָרטן, קאָניאַק, ביליקע קאָמפּלימענטן... אוי, ווי מיר איז עס דערעסן...

— נו, און ערנעסט וואַלעריאַנאָוויטש? — האָט געפרעגט מירע. — ער דאַרף זיַין אַן אינטערעסאַנטער מענטש. לויטן אויסזען נאָך...

— אַן אינטערעסאַנטער? — זינאַידע סעמיאָנאָוונע האָט זיך פאַרקרימט. — דער זעלבער, ווי אַלע.

— ער האָט איַיך אָבער ניט פאַרגלייגט כאַסענע האָבן, ווי וואַדים פּעטראָוויטש?

— נאָך ערגער, — האָט זרייִנא געענטפערט.

— וואָס הייסט ערגער?

— ער האָט מיר פאַרגעלייגט אַראָפּגיין אין כאַבאַראָווסק און פאַרבליַיבן דאָרט א פּאָר וואָכן.

— מיט אים?

— יאָ.

— און די פרוי?
— די פרוי זײַנע איז א וויסנשאפטלעכע טוערן און געפינט זיך אין א דויערנ־דיקער קאָמאנדירונג.
— האָט איר אים אויך דערלאנגט א פאטש?
— ניין.
— א שאָד. ער האָט אים בעפיירעש פארדינט.
— אלעמען וועסטו ניט איבערפאטשן, מירע יעפימאָוונע. ס׳וועלן ניט קלעקן קיין הענט...
זרײַנא האָט זיך פארשטעלט דאָס פּאָנעם.
— אוי, ווי ס׳איז מיר דערעסן...
— קיינער צווינגט אײַך דאָך אָבער ניט אזוי צו לעבן,— האָט געזאָגט מירע.
— וואָס זשע דען?
— אָט פאָרן מיר שוין אזא וועג, און איר האָט נאָך אין קיין ביכל ניט ארײַנ־געקוקט. לייענט עפּעס.
— לייענען?— זרײַנא האָט זיך מיטאמאָל צעלאכט.— א גרויסן דאנק! לייענען וועגן דעם, ווי אנדערע לעבן? און מײַן לעבן פאטערן דערויף? ניין, זאָלן אנדערע לייענען וועגן מיר...
— נאָר אײַך געפעלט דאָך אָבער ניט אזא לעבן, ווי איר פירט איצט?
— וויאזוי אָבער לעבן אנדערש?— האָט זרײַנא אָנגעשטעלט אף מירען א מאָ־נענדיקן בליק.— זאָגט — ווי אנדערש?
מירע האָט ניט געענטפערט.
א לענגערע ווײַלע האָבן ביידע פרויען געשוויגן און נאָר געהערט, ווי האסטיק און אומופהערלעך עס קלאפּן די רעדער אונטערן וואגאָן־דיל. וואָס מער מירע האָט זיך אײַנגעהערט אין אָט דער קלאפּערײַ פון די רעדער, אלץ מער האָט זיך איר געדוכט, אז זיי האלטן אין איין אויסקלאפּן די ווערטער פון מישעס טעלעגראם, וואָס האָבן פון נעכטן אָן ניט אופגעהערט אין איר צו קלינגען:
כ׳האָב דיך ליב... איך קוש דיך... מישא...
כ׳האָב דיך ליב... איך קוש דיך... מישא...
אָנמעכטיק אָפּגעוואָרפן צום ווענטל, האָט זרײַנא אויך זיך אײַנגעהערט אינעם קלאפּן פון די רעדער, און איר האָט זיך געדאכט, אז די גאנצע צײַט כאזערן זיי איבער איינס און דאָס זעלבע:
דערעסן... דערעסן...
איינע קעגן דער אנדערער האָבן צוויי פרויען מיט צוגעמאכטע אויגן זיך אײַנגעהערט אינעם קלאפּן פון די רעדער, און יעדערע האָט אין דער קלאפּערײַ זייערער געהערט אירס.

## 9. א גרוס פון ביראָבידזשאן

נאָך א טאָג איז דורכגעגאנגען אין וועג. לאוטין און די יונגינקע פארמאצעווטן סימאָנאָווא זײַנען אלץ געשטאנען באם וואגאָן־פענצטער אין קאָרידאָר, וועגן עפּעס שטיל גערעדט אָדער געשוויגן, און ווען זיי האָבן געשוויגן, האָט זיך אויך געדאכט, אז זיי האָבן גערעדט.
וואסיע פּעטראָוו האָט געלייענט „אָבלאָמאָוו". לעוו מארקאָוויטש גנעזין איז געזעסן אינעם וואגאָן, ווו עס איז געפאָרן זײַן קאָלעגע סאוועלי קוזמיטש, און האָט געוואַרט, מע זאָל אים אריבערפירן אין אן אנדער קופּע.
מירע יעפימאָוונע איז אָדער געלעגן, אָדער געזעסן, אײַנגאנצן ארײַנגעטאָן אין דעם, וואָס האָט זיך געטאָן אינעווייניק אין איר און וואָס זי האָט עס געשפּירט אי

ווי א טייל פון זיך אליין, אי ווי עפּעס אזוינס, וואָס דאַרף זיך אָט־אָט פון איר אָפּטיילן און אָנהייבן עקזיסטירן זעלבשטענדיק...

זרייִנא איז דאָס מאָל אין ערגעץ ניט געגאנגען און איז קימאַט דעם גאַנצן טאָג אָפּגעשלאָפן אויף איר געלעגער.

די טיר אין קופּע האָט מיטאַמאָל געטאָן זיך ראַשיק אין עפן. אויפן שוועל האָט זיך אויפגעשטעלט א מענטש, מיט אן אָפענעם ברייטהאַרציקן שמייכל. מירען איז דער דאָזיקער מענטש געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט, נאָר געשמייכלט האָט ער צו איר אזוי, ווי ער זאָל זיך איר אָנקערן א גאָר נאָענטער קאָרעוו, און זײַן צוגעזשמורעטער בליק האָט מאַמעש געשטוינט: „וואָס זשע, דו דערקענסט מיך ניט? אײַ־אײַ־אײַ"...

ניין, דער מענטש איז געווען אומבאַקאַנט. ער איז אָבער געווען, ווײַזט אויס, פון דעם טיפּ מענטשן, וואָס פונעם ערשטן אויגנבליק, נאָך איידער אפילע זיי באַווײַזן עפּענען דאָס מויל, דאַכט זיך אײַך, אז איר האָט זיי שוין ערגעץ געזען, אז איר קענט זיי...

הינטער דעם דאָזיקן מענטשן, אויף אָנדערהאַלבן קעפּ איבער אים, איז געשטאַנען וואַסיע פּעטראָוו.

— אבראַם לאַזאַרעוויטש זיסקינד, — האָט פּעטראָוו פאָרגעשטעלט דעם אַרײַנגעקומענעם. — פון ביראָבידזשאַן.

— פון ביראָבידזשאַן? — מירע האָט זיך שווערלעך אויפגעהויבן פון אָרט, דערלאַנגט אים די האַנט. ער האָט זי שטאַרק א דריק געטאָן און געזאָגט:

— זיך מעגט איר ניט רעקאָמענדירן, ווייַל אײַך ווייס איך אַלץ, מירע יעפּימאָוונע. אָט דער כאַווער האָט מיר דערציילט, — ער האָט א ווײַז געטאָן אויף פּעטראָוון.

— איר פאַרשטייט, — האָט יענער אויפגעלייגט געגומענען דערקלערן, צומאַכנדיק הינטער זיך די טיר, — באַם מיטיק אין וואַגאָן־רעסטאָראַן זיצן מיר געוויינלעך אינדרײַען — איך, לעוו מאַרקאָוויטש און זײַן קאָלעגע. אויפן פּערטן אָרט האָט זיך הײַנט צוגעזעצט אָט דער כאַווער. מע האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט, ווײַזט זיך אַרויס, — ער איז פון ביראָבידזשאַן. „אָ, זאָג איך, מיט מיר אין קופּע פאָרט א פרוי קיין ביראָבידזשאַן". — „ווער, וווהין?" — ער קען דאָרט אַלעמען. „ניין, זאָג איך, די דאָזיקע פרוי קענט איר ניט, זי פאָרט אהין צום ערשטן מאָל און אינטערעסירט זיך זייער מיט אַלץ, וואָס איז דאָרט און וויאַזוי"... און אָט...

— זיצט, ביטע, — האָט מירע אָנגעוויזן דעם גאַסט אויף איר בעטל און אליין זיך צוגעזעצט נעענטער צום פענצטער.

— א דאַנק! — דער גאַסט איז געווען ניט קיין הויכער, א פּולבלעכער, דאָס פּאָנעם קײַלעכדיק, ראָז, און ווען ער האָט געשמייכלט, האָט מען געזען — דאָס איז דער נאַטירלעכסטער אויסדרוק פון זײַן פּאָנעם, אויף וועלכן עס האָט דערבײַ געשמייכלט אַלץ — די גלאַנציק־שוואַרצע אויגן, די פּולבלעכע ראָזע באַקן, דער שטערן, די קורצע, עטוואָס פּלאַטשיקלעכע נאָז...

— ווילט איר וויסן, — האָט ער אויפגעלייגט א פרעג געטאָן, — וואָס הערט זיך אין ביראָבידזשאַן? איך קען אײַך אָפּגעבן א לעבעדיקן גרוס, נאָך איידער איר זײַט געקומען אהין.

— ביטע, — האָט זיך אָנגערופן מירע, — דאָס איז מיר זייער אינטערעסאַנט. איך פאָר דאָך אהין צום ערשטן מאָל און, ווי איר זעט, — זי האָט א ווײַז געטאָן אויף איר פיגור, — ניט אליין.

— אָ, דאָס טוט איר זייער גוט, — האָט אבראַם לאַזאַרעוויטש זיך צעלאַכט מיט א הילכיקן דריבנעם געלעכטער, ווי מע זאָל צעשיטן אַרבעס איבער א בעקן, — דאָס טוט איר גוט — ביראָבידזשאַן נייטיקט זיך אין מענטשן... כאָטש, —

האָט ער צוגעגעבן, — ווו דאַרף מען איצט ניט קיין מענטשן? אָט פֿאַר איך פון איוואַנאָוואָ...

ער האָט דערציילט, אַז ער אַרבעט אַלס געהילפס־מײַסטער פון אַ קאָמפּלעקט אין וועב־צעך פון דער ביראָבידזשאַנער טעקסטיל־ און נײַ־פאַבריק. ער און נאָך עטלעכע מענטשן זײַנען געפאָרן זיך באַקענען, ווי די אַרבעט איז אָרגאַניזירט דאָרט אין דער שטאָט פון די וועבער. „נאַשן עפּעס נײַס", — אַזוי האָט ער עס אָנגערופֿן.

— נו, האָט איר געגנאַשט? — האָט מירע געפרעגט, קוקנדיק אויף אָט דעם מענטשן און כידעשנדיק זיך אַפֿן געפֿיל, וואָס ער רופט בײַ איר אַרויס: אַ געפֿיל, אַז זי קען אים שוין פון וויסעך־ווען... — האָט איר אַ סאַך דאָרט געגנאַשט?

— עפּעס־וואָס, — האָט ער געענטפערט. — נאָר מיר דאַרפֿן ניט קיין סאַך. אַ ווונק, אַ רעמעז, און אונדז איז שוין גענוג. דאָס איבעריקע וועלן מיר אַליין דער־טאָן, ווײַל ס'איז פאַר אונדזערע באַדינגונגען נייטיק. מיר זײַנען דאָך שטיק־לעך ראַציאָנאַליזאַטאָרס אויך.

— וואָס הייסט — שטיקלעך? — האָט מירע געפרעגט.

— נו, דאָס הייסט, אַז קיין „לוניק" האָבן מיר נאָך ניט צוגעטראַכט, נאָר דאָס, וואָס איז נייטיק פאַר אונדזער פאַבריק, אַז די אַרבעט זאָל גיין גיכער און בעסער... יאָ, — האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן, — איר ווילט דאָך, איך זאָל אײַך דערציילן וועגן ביראָבידזשאַן, און איך דערצייל אײַך וועגן זיך.

— דערציילט, דערציילט, — האָט מירע געזאָגט, — איר זײַט דאָך אַליין אויך „אַ שטיקל" ביראָבידזשאַן.

— דאָס איז עמעס, — האָט ער געענטפערט, — און אויב איר ווילט, אַפילו אַ גאַנצער שטיק.

— וואָס הייסט עס?

— דאָס הייסט, אַז זינט עס עקזיסטירט ביראָבידזשאַן, עקזיסטירן מיר דאָרט, די זיסקינדס. מײַנע עלטערן זײַנען געקומען אַהין פון די סאַמע ערשטע, מיטן צווייטן צי מיטן דריטן עשעלאָן נאָך אין אַכט־און־צוואַנציקסטן יאָר. דער טאַטע מײַנער — ער איז שוין איצט אויף פּענסיע, אַלע יאָרן האָט ער אָפּגעאַרבעט אַלס אַ שמיד — אַ ייִד אַ גוואַר און אַ כאָכעם, — האָט ליב צו זאָגן אונדז, די קינדער זײַנע, — בײַ טאַטע־מאַמע זײַנען מיר אַכט קינדער, פינף זין און דרײַ טעכטער, — האָט ער אונדז ליב צו זאָגן: „איר, קינדער, זײַט שוין דער צווייטער דאָר ביראָ־בידזשאַנער — אײַך האָט געבוירן ביראָבידזשאַן. און מיר זײַנען דער ערשטער — ביראָבידזשאַן געבוירן האָבן מיר"...

— ביראָבידזשאַן געבוירן האָבן מיר, — האָט מירע איבערגעכאַזערט. — דאָס איז גוט געזאָגט!

— מײַן טאַטע קאָן זאָגן! אָט וועט איר קומען, וועט איר זיך באַקאַנען מיט אים. ער איז שוין בײַ די אַכציק, נאָר אַלע טאָג קוקט ער דורך עטלעכע צײַטונ־גען — דעם „ביראָבידזשאַנער שטערן", די „ביראָבידזשאַנסקאַיאַ זוועזדאַ", שוין אָפּגערעדט פון דער „פּראַוודאַ", און האָט ליב אַ שמועס צו טאָן וועגן וועלט־פּאָליטיק. מיט אים איז אינטערעסאַנט אַ שמועס צו טאָן.

— איז ווי זאָגט ער, אײַער טאַטע, — האָט מירע נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט, — „ביראָבידזשאַן געבוירן האָבן מיר"?

— יאָ, און דערמיט מיינט ער צו זאָגן, וואָס פאַר אַ גרויסע האַרעוואַניע זיי, די ערשטע, האָבן אַרײַנגעלייגט אין דעם אַלץ, וואָס איז דאָ אויפגעטאָן געוואָרן. וואָס האָבן זיי געטראָפן באַם קומען? אַ קליין ראַזיעזדל „טיכאָנקע" אויף דער גרוי־סער טראַנססיבירער מאַגיסטראַל. קיין צוגן פלעגן זיך דאָ ניט אָפּשטעלן. געלעבט האָבן סאַכאַקל אַ פיר הונדערט מענטשן — יעגער, פישער. אַרום — זומפּן, גנוס,

טײַגע... מע האָט געדאַרפט קאָרטשעווען, בויען, אָנהייבן אַ לעבן. און מע האָט אָנגעהויבן!

— פונוואַנען זײַנען געקומען אַהין אײַערע עלטערן?

— פון וויטעבסק. דער טאַטע איז שוין דעמלט געווען ניט קיין יונגער מענטש, און די מאַמע — אַ קאָמיוגיסטקע. אַצינד איז זי אויך אַף פּענסיע. אָפט רופט מען זי אַף קאָמיוגישע פאַרזאַמלונגען, אַף פּיאָנערישע סבאָרן, און זי דערציילט זיי, די הײַנטיקע כעווערלײַט, ווי ס'האָבן געלעבט און געאַרבעט זיי, די קאָמיוגיסטן פון די צוואַנציקער און דרײַסיקער יאָרן. אַ העלדישער שייוועט געווען, אַף זייער גורל איז היפּש אויסגעפאַלן...

— יאָ, — האָט מירע געזאָגט, — די ערשטע פּינפּיאָרן, די קאָלעקטיוויזאַציע, די מילכאָמע מיט אַלע אירע שווידערן, דער אופשטעל־פּעריאָד. מײַן טאַטע איז אויך געווען אַפן פראָנט. ער אַרבעט שוין אַ סאַך יאָרן אַף אַ זאַוואָד הינטער מאָסקווע. מיר, יונגע, וואָס האָבן דאָס אַלץ ניט איבערגעלעבט, זײַנען גרויסע באַלכויווס פאַר אונדזערע טאַטעס און מאַמעס.

— ס'איז נאָר שלעכט, — האָט באַמערקט אַבראַם לאַזאַרעוויטש, — וואָס ניט אַלע יונגע פאַרשטייען עס.

אַף איר געלעגער האָט זינאַידע סעמיאָנאָוונע זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט און שטײַפער אָנגעצויגן אַף זיך די קאָלדרע. אַבראַם לאַזאַרעוויטש האָט צוגעלייגט אַ פינגער צום מויל און האָט פאַרגעזעצט שטילער:

— ווען איך בין אַ ביסל אונטערגעוואַקסן און אָנגעהויבן עפּעס צו פאַרשטיין, האָב איך נאָך אויך געטראָפן אַלץ באַם אָנהייב, כאָטש צו יענער צײַט האָט מען שוין באַוויזן אַ סאַך אופטאָן. ביראָבידזשאַן איז שוין געווען אַ שטאָט, עמעס, אַ הילצערנע, מיט איינ־ און צווײישטאָקיקע הײַזער. אָבער — אַ שטאָט, אַ געגנטלע־כער צענטער. צו יענער צײַט האָט מען דעם ביראָבידזשאַנער נאַציאָנאַלן ראַיאָן פאַרוואַנדלט אין אַ ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. מײַן טאַטע האָט געהאַט דעם קאָוועד צו זײַן אַ דעלעגאַט פונעם ערשטן געגנטלעכן סאָוועטן־צוזאַמענפאָר. ביז איצט האָט ער ליב צו דערציילן, וויפל דעלעגאַציעס עס זײַנען דאַן געקומען אַהער פון אַלע עקן לאַנד — פון מאָסקווע, לענינגראַד, קיִעוו און אַנדערע שטעט, געקומען באַגריסן דעם אופקום פון אונדזער געגנט. פון אומעטום האָט מען גע־שיקט אַהער מאַשינעס, בוי־מאַטעריאַלן — אַלץ, וואָס נייטיק איז. דאָס גאַנצע לאַנד האָט געבויט ביראָבידזשאַן. און אַזוי ביז הײַנטיקן טאָג. הײַנט איז שוין ניט צו דערקענען דעם ביראָבידזשאַן פון מײַן קינדהײַט, וועלכן איך געדענק. ס'איז אויסגעוואַקסן אַ נײַע שטאָט מיט אַספאַלטירטע גאַסן, מיט פּינפגאָרנדיקע מויערן, מיט גרויסע פאַבריקן און זאַוואָדן, וואָס פאַרמאָגן די סאַמע מאָדערנע אויסשטאַטונג. עס האַלטן אין איין צוקומען נײַע מיקראָראַיאָנען, די שטאָט וואַקסט אין דער לענג און אין דער ברייט...

— מע זעט, אַבראַם לאַזאַרעוויטש, — האָט מירע באַמערקט, קוקנדיק, ווי זײַן פּאָנעם לויכט זיך, בייס ער דערציילט דאָס אַלץ, — אַז איר זײַט פאַרליבט אין ביראָבידזשאַן.

— שײַעך פאַרליבט, — האָט ער געענטפערט, — ס'איז מײַן היים.

וואַסיע פּעטראָוו, נאָכדעם, ווי ער האָט אַרײַנגעפירט אַבראַם לאַזאַרעוויטשן און באַקאַנט מיט מירען, איז אַ ביסל געשטאַנען מיט זיי און אַרויס אין קאָרי־דאָר. איצט איז ער ווידער אַרײַנגעגאַנגען.

— נו, אײַך איז דאָ ניט לאַנגווײַליק? — האָט ער געפרעגט.

— ניין, — האָט מירע געענטפערט, — מיר שמועסן דאָ זייער אינטערעסאַנט מיט אַבראַם לאַזאַרעוויטשן.

— נו, שמועסט, שמועסט, איך וועל אײַך ניט שטערן, — וואַסיע האָט גענומען פון געלעגער זײַן בוך און איז ווידער אַרויס אין קאָרידאָר.

— זאָגט מיר, — האָט מירע זיך אָנגערופן צו אבראַם לאזאַרעוויטשן, — פאַראַן אין געגנט ייִדן — ערדארבעטער, מעכאַניזאַטאָרס?

— נאָך אַ מין! מיט זיי קלינגט ניט נאָר די געגנט, — דער קאַנט! און פּיציכטלער, און גרינסציכטלער. וועגן וועמען זאָל איך אײַך דערציילן? שאַט, איך וועל אײַך דערציילן בלויז וועגן איין מישפּאָכע — דער מישפּאָכע ראַק.

— ראַק? — האָט מירע איבערגעפרעגט.

— יאָ, אַ פאַמיליע אַזאַ — ראַק. דער פאָטער, יעכיעל ראַק, איז אויך איינער פון די ערשטע אראָפּגעקומענע קיין טיכאָנקע פון אַן אוקראַאינישן שטעטל, פון פּאָגרעבישטשע. דאָרט איז ער געווען אַ באַלעגאָלע, דאָ געוואָרן אַ טראַקטאָריסט. ער איז געווען צווישן די, וואָס אַ קילאָמעטער צוועלף פון טיכאָנקע האָבן זיי אויסגעהאַקט אַ היפּשן שטיק טײַגע, אוועקגעשטעלט דאָרט די ערשטע שטיבער און אָנגערופן דאָס אָרט וואַלדהיים — אַ היים אין וואַלד. מיט דער צײַט איז ער געוואָרן אַ בריגאַדיר פון אַ טראַקטאָר־בריגאַדע און אָנגעפירט מיט איר אַ סאַך יאָרן. דערווײַל זײַנען אונטערגעוואַקסן זײַנע זין און אויך געוואָרן טראַקטאָריסטן. די פרוי זײַנע האָט אים דאָ טאַקע, אין וואַלדהיים, געבוירן צען קינדער, זי איז געווען אַ מוטער — אַ העראָינע.

— געווען?

— יאָ, זי איז שוין ניטאָ. יעכיעל איז אויך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געשטאָרבן. דערפאַר לעבן זייערע קינדער! און ווייסט איר, ווער זיי זײַנען איצט? איין זון, אראָן, איז שטעלפאַרטרעטער פון פאָרזיצער פונעם קאָלווירט, וואָס זײַן פאַרוואַלטונג געפינט זיך אין וואַלדהיים, אַ צווייטער ברודער, באָריס, איז הויפּט־אינזשעניער פונעם קאָלווירט, אַ שוועסטער פירט אָן מיטן קולטור־הויז, — מיט איין וואָרט, אַ גאַנצע דינאַסטיע! און איר פרעגט, צי זײַנען דאָ ייִדן ערדארבעטער? — האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ לײַכטן פאָרוואָרף.

— דאָס איז זייער אינטערעסאַנט, וואָס איר דערציילט, — האָט מירע געזאָגט. — ניט אַלע ווייסן עס. איך האָב אויך ניט געוווּסט. נו, און אין דער אינדוסטריע זײַנען פאַראַן ייִדן ארבעטער — טאָקערס, שלאָסערס?

— וויפל איר ווילט! אפן זאַוואָד פון קראַפט־טראַנספאָרמאַטאָרס, — אײַער מאַן מוז אים שוין קענען, — אַרבעט פיל יאָרן דער טאָקער מאָריס גליק. דעם פינפיאָר האָט ער פאַרענדיקט פאַר דרײַ מיט אַ האַלבן יאָר. זײַן פרוי סאַרע גליק איז שעף פון אַ גרויסן צעך בא אונדז אף דער ניי־פאַבריק. ביידע זײַנען באַלוינט מיט אָרדענס.

— ווי, זאָגט איר, — האָט מירע איבערגעפרעגט, — איז זייער פאַמיליע?

— גליק.

— יאָ. גליק. דאָס איז בעעמעס — גליק. נו, און איר אַליין, אבראַם לאזאַרעוויטש, פאַרוואָס דערציילט איר ניט וועגן זיך?

— וואָס איז דאָ צו דערציילן?

— איר אַרבעט דאָך אויך שוין מיסטאָמע לאַנג?

— אַ פערטל יאָרהונדערט. פון אכצן יאָר.

— און האָט געוויס באַלוינונגען.

— נו, יאָ. אַן אָרדען „ערע־צייכן”, אַ לענינישע יובילײ־מעדאַל.

— איר דאַרפט האָבן אַ סאַך קינדער. כ'האָב געטראָפן?

— קיין סאַך ניט, — דרײַ.

— הײַנטיקע צײַטן איז עס אַ סאַך. שוין גרויסע?

— די טאָכטער האָט כאַסענע געהאַט צו אכצן יאָר און האָט מיך, אַזוי ווי איר קוקט מיך אָן, שוין געמאַכט פאַר אַ זיידן. כ'בין שוין צוויי יאָר אַ זיידע.

— אַ ווויל אייניקל?

— אַן אַנטיק!

— און נאָך?

— צוויי זין. איינער לערנט זיך שוין אין אינסטיטוט, דער צווייטער גייט נאָך אין שול.

— זײַט איר דאָך, די זיסקינדס, — האָט מירע געזאָגט, — אויך א גאנצע דינאסטיע אין ביראָבידזשאן?

— א גאנצע דינאסטיע! — האָט ער צופרידן באשטעטיקט. — איר ווייסט, כ׳האָב דאָ ניט לאנג אין א נײַעם מיקראָראיאָן באקומען א דירע פון פיר צימערן. וועט איר גלייבן. — קומט א סימכע, קען איך סײַווי אלע קרויווים פאר איין מאָל ניט פארבעטן — ס׳איז ענג! נו געגנוג, — האָט זיך א כאפ געטאָן אבראם לאזארע־וויטש, — כ׳האָב אײַך שוין דאָ אָנגערעדט א גאנצן בארג, און איר דארפט גאָר אָפּרוען.

ער האָט זיך אופגעהויבן.

— אלץ, וואָס איר דערציילט, איז מיר זייער אינטערעסאנט. זיצט נאָך.

— ניין, מע דארף גיין. איך פאָר אינעם אכטן וואגאָן. אף מיר וואַרט שוין מײַן פּראָפעסאָר.

— וואָס פאר א פּראָפעסאָר?

— אגעוו, איז ער א גינעקאָלאָג. פון וולאדיוואָסטאָק. אויב איר דארפט, קאָן איך אײַך מיט אים באקענען.

— א דאנק, צו וואָס מאַטריִעך זײַן א מענטשן?

— פארן וועג האָבן מיר מיט אים זיך זייער באפרײַנדעט. מיר שמועסן מיט אים א סאך, כאפּן ארײַן אונטערוועגנס א פארטיע שאָך. ער וועט ניט וויסן, ווו איך בין פארפאלן געוואָרן. צום ווידערזען! אויב איר וועט דערלויבן, וועל איך נאָך ארײַנגיין. נו, און אין ביראָבידזשאן וועלן מיר זיך אוודע זען!

ער האָט איר געדריקט די האנט, און בעשאסמײַסע האָט אף זײַן פּאָנעם אלץ געשמייכלט — די אויגן, די ראָזע באקן, דער שטערן און די קורצע פלאטשיק־לעכע נאָז. קוקנדיק אף אים, האָט מירען זיך געדאכט, אז זי קען אים שוין א שאָק מיט יאָרן...

## 10. נאָענט און ווײַט

זרײַנא האָט זיך א דריי געטאָן אפן געלעגער, ארויסגעצויגן פון אונטער דער קאָלדרע א נאקעטע האנט און א געגעץ געטאָן.

— ער האָט מיך פארמאטערט, אײַער גאסט. וויפל קאָן מען?

— איר זײַט דען ניט געשלאָפן? מיר האָבן זיך געסטארעט ריידן שטיל.

— ער האָט מיך אופגעוועקט, ווי נאָר ער איז ארײַנגעקומען, — זרײַנא האָט ארויסגעשטעלט פון געלעגער א נאקעטן פוס. — כ׳האָב ניט ליב קיין מענטשן, וואָס פון אלץ ווערן זיי באגײַסטערט.

— ער האָט דאָך אָבער דערציילט אינטערעסאנטע זאכן, — האָט באמערקט מירע.

— עפּעס־וואָס איז געווען ציקאווע, יאָ, — זרײַנא האָט ארויסגעשטעלט דעם צווייטן פוס און גענומען אופמערקזאם באטראכטן דעם פעדיקיור, — נאָר בײַ־כלאל... — זי האָט ווידער א געגעץ געטאָן און אראָפּגעוואָרפן פון זיך די קאָל־דרע.

— וואָס „ביכלאל״? — האָט געפרעגט מירע.

— ביכלאל גלייב איך ניט קיין מענטשן, וואָס מאכן דעם אָנשטעל, אז אלץ איז גוט און וויל... — דער שמאָלער גרינבלעכער ביוסטהאלטער און די פלאוו־קעס פונעם זעלבן קאָליר — אלץ, וואָס אף איר איז געווען, — האָבן איידל אונ־

טערגעשטראָכן די סאמעטענע ווײַסקײַט פון איר לײַב. — מע טאָר ניט! — האָט מיטאמאָל א געשריי געטאָן זרײַנא, ווען וואסיע פעטראָוו האָט זיך באוויזן אין דער אָפענער טיר. אן איבערגעשראָקענער האָט ער זי טייקעף פארהאקט. — אָנגעשראָקן דעם באָכער, — האָט א לאך געטאָן זרײַנא און ארופגעוואָרפן אף זיך א געקווייטלטן כאלאט. פאנאנדערקעמענדיק די געקרויזטע לײַן־ווײַסע האָר, האָט זי זיך אָנגערופן: — איך גלייב ניט, אז אלץ איז שוין אזוי גוט און ווויל, ווי אײַער גאסט האָט דאָ אײַך אָנדערציילט. פאראן מיסטאמע היפש צאָרעס אין ביראָ־בידזשאן אויך.

— מעגלעך, — האָט געענטפערט מירע, — נאָר ניט וועגן דעם איז דאָך געגאנ־גען א רייד. איך האָב אים געשטעלט פראגן, און ער האָט מיר געענטפערט. און מע זעט, אז דער מענטש איז פארליבט אין זײַן שטאָט, אין זײַן ארבעט...

— אויך מיר... פארליבט קאָן מען זײַן אין א פרוי, אין א מאנצבל, — האָט א מאך געטאָן זרײַנא, — קיין אנדער ליבע איז ניט שײַעך.

— און ליבע צו דער היים, צום אָרט, ווו ביסט געבוירן?..

— אייסעך!

— איך פארשטיי אײַך ניט, מײַן טײַערע. ליבע איז א סאך א ברייטערער באגריף, איידער דאָס, וואָס איר מיינט. און איך, — האָט מירע צוגעגעבן, — האָב ליב פארליבטע מענטשן. ניט וויכטיק אין וואָס, צי אין וועמען מע איז פאר־ליבט — אין א פרוי, אין א שטאָט, אין א געגנט. פארליבטע מענטשן טוען שטענ־דיק אוף עטוואָס מער איידער אנדערע.

— נו, גוט, מיר וועלן זיך ניט אמפערן, — האָט געזאָגט זרײַנא, — אין אײַער לאגע, מירע יעפימאָוונע, איז עס געפערלעך, — און זי האָט זיך געגומען מיט א בלײַערל אונטערפירן די ברעמען. — אײַער גאסט האָט דערציילט אינטערעסאנטע זאכן אויך. אזוי, אשטייגער, האָב איך ניט געוווּסט, אז ס'איז פאראן א ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט...

— געשיקט זיך? — האָט מירע זיך פארכידעשט. — נאָר וועגן ביראָבידזשאן האָט איר געהערט?

— יאָ, עפעס־וואָס, נאָר כ'האָב די גאנצע צײַט געפלאָנטערט: אזערבײַדזשאן, ביראָבידזשאן...

— נו, זײַט איר א קענערן פון געאָגראפיע, — האָט מירע זיך צעלאכט. — און פון געשיכטע אויך...

— מיט אָט די קעגנשטאנדן האָב איך שטענדיק ניט געהויזט. נאָר — א ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט, — דאָס איז ציקאווע...

— דאָס אינטערעסירט אײַך טאקע? — האָט מירע געפרעגט.

— פארוואָס ניט?

— וואָס האָט עס דען צו אײַך פאר א שײַכעס?

— א סאמע דירעקטע, — האָט געענטפערט זרײַנא.

— וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן?

— די מוטער איז בא מיר א ייִדישע. דער פאָטער — א רוס. ער איז שוין לאנג געשטאָרבן.

— אזוי גאָר? — האָט מירע זיך פארכידעשט.

— וואָס זשע, ניט ענלעך? — האָט זרײַנא פריילעך זיך צעלאכט.

— אבסאָליוט.

— איז דאָך גוט! — האָט אויסגערופן זרײַנא. — נאָר איך זאָג, — האָט זי אונ־טערגעשטראָכן, — אז די מוטער איז בא מיר א ייִדישע.

— און איר?

— איך בין א רוסישע.

— פארוואָס?

— פּאָשעט. בא אונדז קאָן יעדערער אָנעמען די נאַציאָנאַליטעט, וואָס אים געפעלט. ווען איך האָב באַקומען דעם פּאַספּאָרט, האָב איך געבעטן מיך פאַרשרײַבן אַלס רוסישע. דאָס איז מײַן רעכט. ביפראַט, אַז מײַן אויסזען, מײַן נאָמען, מײַן שפּראַך... און ביכלאַל איז אַזוי אַ סאַך פּאָשעטער.

— וואָס איז פּאָשעטער?

— לעבן.

— און ווען איר זײַט פאַרשריבן אַ ייִדישע?

— איר פאַרשטייט, — האָט זרײַנאַ געענטפערט, — ייִדן זײַנען אַזאַ פאָלק...

— איך הער אײַך. זאָגט שוין.

— שטענדיק האָט מען מיט זיי צו טאָן. געשיכטע קען איך טאַקע שלעכט, נאָר עפּעס־וואָס ווייס איך: אין איטאַליע, אין שפּאַניע האָט מען ייִדן פאַרפאָלגט. וועגן דעם שרײַבט אַ סאַך פייכטוואַנגער. אין רוסלאַנד האָבן ייִדן ביז דער רעוואָליוציע געמעגט לעבן בלויז אין באַשטימטע גובערניעס, וועגן דעם האָב איך געלייענט בא שאָלעם־אַלייכעמען. פּעטליורע, דעניקין, מאַכנאָ האָבן געמאַכט ייִדישע פּאָגראָמען. וועגן דעם האָט מיר די מאַמע דערציילט. היטלער האָט גאָר באַשלאָסן אויסראָטן אַלע ייִדן, און דאָס האָט זיך אים שיר ניט אײַנגעגעבן...

— יאָ, נאָר דאָס אַלץ איז דאָך געווען אין דער פאַרגאַנגענהײַט, אין דער פאַרגאַנגענהײַט!

— איך פאַרשטיי אײַך ניט, מירע יעפימאָוונע, — האָט געזאָגט זרײַנאַ. — מע קען מיינען, אַז איר גרויסט זיך דערמיט, וואָס איר זײַט אַ ייִדישקע?

— איך גרויס זיך ניט, — האָט געענטפערט מירע, — דאָס וואָלט געווען נאַריש. נאָר איך שעם זיך ניט — דאָס וואָלט זײַן געמיין.

— פאַרוואָס זשע פאָרן ייִדן קיין ייִסראָעל?

מירע האָט אַ קוק געטאָן אויף איר מיטשפּרעכערן, איר איז ניט גאָר קלאָר געווען, וואָס פאַר אַ שײַכעס עס האָט געהאַט זייער געשפּרעך צו דער דאָזיקער פראַגע.

— פאַראַן פאַרשיידענע ייִדן, — האָט זי געענטפערט. — אייניקע טרוימען צו מאַכן ביזנעס און מיינען, אַז דאָרט וועט עס זיי זיך אײַנגעבן.

— נאָר אַהין פאָרן אויך ייִדן — געלערנטע, קונסט־טוער.

— נו, איז וואָס? צווישן זיי, מיינט איר, זײַנען ניטאָ קיין ביזנעס־לײַט? פון וויסנשאַפט און קונסט קאָן מען אויך מאַכן ביזנעס.

נאָך אַ ווײַלע שווײַגן האָט זרײַנאַ געפרעגט:

— און אײַך, מירע יעפימאָוונע — נאָר דעם עמעס! — אײַך ציט ניט אַהין?

— וואוהין?

— קיין ייִסראָעל?

מירע האָט אַ לענגערע ווײַלע געקוקט אויף איר מיטשפּרעכערן און געזאָגט:

— איך וועל אײַך ענטפערן אַזוי, ווי מײַן פאָטער.

— ווער איז אײַער פאָטער?

— אַ פּאָשעטער מענטש. בייס דער מילכאָמע איז ער געווען אַ סאָלדאַט. איצט אַרבעט ער אויף אַ זאַוואָד, אַ מײַסטער, און האָט ניט ליב קיין סאַך צו ריידן. איז אָט, ווען מע האָט אים אויך געשטעלט די דאָזיקע פראַגע, האָט ער געענטפערט זייער קורץ.

— ווי אַזוי?

— אַלץ אויף דער וועלט, — האָט ער געזאָגט, — קאָן מען פאַרבײַטן... — מירע איז אַנשוויגן געוואָרן, און זרײַנאַ האָט געפרעגט:

— כוץ וואָס?

— כוץ אַ מאַמע און אַ היים...

— און איך וואָלט געפאָרן! — האָט פאַרשײַט אויסגערופן זרײַנאַ.

— איר?
— וואָס כידעשט איר זיך?
— וואָס וואָלט איר דאָרט געטאָן? איר זײַט דאָך אַ רוסישע?..
— דאָרטן וואָלטן מיר שוין ווי־ניט־איז עס ווידער איבערגעמאכט, — האָט מיט דעם זעלבן טאָן זיך אָנגערופן זרייִנא. — מײַנע עלטערן האָבן דערווײַל נאָך ניט גאָר באַשלאָסן, נאָר זיי קלײַבן זיך שוין אין וועג.
— ווער זײַנען אײַערע עלטערן?
— דאָס שפּילט דען אַ ראָליע?
— ניין, גלאַט אַזוי.
— דער שטיפפאָטער פּאַרוואַלטעט מיט אַ פאַרמאַצעווטישן סקלאַד, די מוטער איז אַ קאָסמעטיטשקע.
— און זיי קלײַבן זיך פאָרן? כ׳ווייס ניט, צי עס וואַרטן אויף זיי דאָרט גרויסע גליקן.
— און איר וואָלט אַהין ניט געפאָרן? בעשום־אויפן?
— ווי איר זעט, — האָט געענטפערט מירע, — פאַר איך אויפן ווײַטן מיזרעך. מיר איז ער נעענטער.
זרייִנא האָט זיך אויפגעהויבן, פאַרצויגן אויף זיך דעם כאַלאַט, אַ נעם געטאָן זייף, ציין־פּאַסטע, דעם האַנטעך.
— מע דאַרף גיין זיך אײַנוואַשן.
— יאָ, יאָ, אויב ס׳איז שוין ניט שפּעט.
— וואָס איז?
— גיך וועט זײַן אַ גרויסע סטאַנציע, וועט מען פאַרמאַכן דעם טואַלעט, — האָט געזאָגט מירע. — אײַלט זיך צו.
אַרויסקומענדיק פון קופּע, האָט זרייִנא דערזען פּעטראָוון. ער איז געזעסן באַם קאָרידאָר־פענצטער און געלייענט.
— אָרעם קינד, — האָט זי, לאַכנדיק, זיך צוגערירט צו זײַן בלאָנדער פּאַט־לע, — וואָס זיצט איר דאָ? איר האָט דאָך שוין לאַנג געקאָנט אַרײַנגיין...

## 11. געבורט־ווײען

דער צוג איז געגאַנגען איבער דער טעריטאָריע פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. אַהינטער זײַנען פאַרבליבן די טויערן פון דער געגנט — די סטאַנציע אָבלוטשיע, וועלכע קוקט אַראָפּ פון איר באַרגיק־הויכן אָרט צום געדרייטן רעלסן־געפלעכט. מע איז פאַרבײַגעפאָרן די סטאַנציע איזוועסטקאָוואַיאַ מיטן קאַלך־זאַוואָד, וואָס האָט אויסגעזעצן ביז גאָר קליין צופוסנס פון דער ריזיקער קאַלך־סאָפּקע איבער אים. עס האָבן פאַרבײַגעשוועבט די דרײַ הויכע אומופהערלעך רייכערנדיקע קוימענס פונעם טעפלאָאָזיאָרסקער צעמענט־זאַוואָד, די הויכע מאַר־מאָר־סאָפּקעס אַרום דעם ייִשעוו ביראַקאַן.
געציילטע שאָ זײַנען פאַרבליבן ביז ביראָבידזשאַן.
באַם פענצטער, וווּ אָט די אַלע טעג זײַנען געשטאַנען דער קאַפּיטאַן לאָוטין און די יונגינקע פאַרמאַצעווטן סימאָנאָוואַ, איז זי שוין איצט געשטאַנען אַליין. ער איז אַראָפּגעגאַנגען מיט עטלעכע סטאַנציעס פריִער. זי האָט אויף זיך אַרופגעוואָרפן דעם מאַנטל און איז אויך אַרויס מיט אים אויפן פּעראָן. מיט אַ ברייטן שמייכל האָט ער איר דערלאַנגט די האַנט. מיטאַמאָל איז זי צוגעפאַלן צו זײַן שינעל און האָט אויף אַ קורצער ווײַלע דערפילט זײַן האַנט באַ זיך אויפן קאָפּ. טרערן האָבן זי געשטיקט אין האַלדז און זי האָט גאָרניט געקענט זאָגן. ער האָט,

דאכט זיך, אַלץ פֿאַרשטאַנען... אַרופֿלייגנדיק איר די האַנט אויפֿן אַקסל, האָט ער געזאָגט: „האַלט זיך, נאַדיוכאַ! דאָס לעבן איז אַן ערנסטער איניען. האַלט זיך!"

זי האָט אים נאָך אַ ווײַלע נאָכגעקוקט, ווען ער איז אוועקגעגאַנגען, און איז אַרײַן צוריק אין וואַגאָן. ווײַטער וועט זי פֿאָרן אַליין. פֿאָרן איז איר געבליבן ניט לאַנג. און לעבן?

זי איז אַרײַן צו זיך אין קופּע, ווו אַלץ איז נאָך פֿול געווען מיט זײַן לעבעדיקן אָטעם, גענומען דאָס ביכל, וואָס זי האָט אַזוי טאַקע ניט דערלייענט, — גערמאַן טיטאָוו „מײַן בלויע פּלאַנעטע", אַרופֿגעלייגט אויף דעם אַ ריין בלעטל פּאַפּיר.

„נאַטקע, — האָט זי געשריבן, — ער איז אַראָפּגעגאַנגען מיט דרײַ סטאַנציעס צוריק..."

די האַנט מיטן בלײַער איז אויף לאַנג פֿאַרגליווערט געוואָרן איבערן פּאַפּיר. אין די אויגן בײַ איר זײַנען געשטאַנען טרערן.

פּעטראָוו איז געזעסן אויף זײַן באַשטענדיק אָרט, אויפֿן אַרויסגערוקטן בענקעלע אין קאָרידאָר, און געלייענט. מיטאַמאָל האָט ער פֿאַרמאַכט דעם בוך, זיך אויפֿגעהויבן, אַ קוק געטאָן אין פֿענצטער און האָט דערפֿילט אַ מאָדנע פּײַכטקײַט אין די אויגן. ער האָט זיך אַליין אויף זיך פֿאַרכידעשט. געשטאָרבן אַבלאָמאָוו. איז וואָס? ער איז דאָך באַם לעבן נאָך געווען אַ מעס. און דאָך...

ער האָט פֿאַרזיכטיק געעפֿנט די טיר און איז אַרײַן אין קופּע. זרײַנאַ, אַן איבערגעטאָנענע, אַ שײַנענדיקע, האָט אויף איר געלעגער געפּײַלט די לאַנגע ראָזע נעגל. מירע יעפֿימאָוונע איז געלעגן נאַזנדיק און האָט עפּעס שווער געאָטעמט. פּעטראָוו האָט זיך עטוואָס אָנגעבויגן איבער איר און געזאָגט:

— מירע יעפֿימאָוונע...

— האַ?

— אַבלאָמאָוו איז געשטאָרבן.

— וואָס?

— געשטאָרבן אַבלאָמאָוו, — האָט ער איבערגעכאַזערט, און מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשאָקלט אין שרעק. די אויגן בײַ דער שוואַנגערער זײַנען געוואָרן שטאַרק גרויס. אָנגעגאָסענע מיט ווייטעק, זײַנען זיי גרייט געווען אַרויסצושפּרינגען. אויסער־זיך האָט זי אַרויסגעכריפּעט:

— גייט... שוין גייט אַוועק! שוין...

ער איז אַרויסגעלאָפֿן און האָט ניט באַוויזן צומאַכן הינטער זיך די טיר, ווי פֿון דער קופּע האָט זיך אַרויסגעריסן אַ שרעקלעכער, הימלשפּאַלטנדיקער געשריי, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער געשריי זיך איבערגעכאַזערט...

אַ בלאַסע איז אַרויסגעלאָפֿן זרײַנאַ.

— אינעם אכטן וואַגאָן, — האָט זי אָנגעכאַפּט פּעטראָוון פֿאַר אַ האַנט, — פֿאָרט מיטן בירעבידזשאַנער אַ פּראָפֿעסאָר... גיכער!

פּעטראָוו איז ניט געוואָרן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער זיך אומגעקערט מיט אַבראַם לאַזאַרעוויטשן און מיטן פּראָפֿעסאָר — אַ הויכן זאָקן מיט אַ געדיכטער זילבערדיקער שעוועליורע איבערן טיף־ווינקלדיקן שטערן און מיט אַ גראָב בערשטעלע גרויע וואָנסן איבער די דינע בלוילעכע ליפּן.

דער פּראָפֿעסאָר איז באַלד אַרײַן אין קופּע.

אַ בלאַסע, אַ דערשראָקענע, איז צוגעלאָפֿן סימאָנאָווא:

— וואָס איז געשען?

אַנדערע פּאַסאַזשירן זײַנען זיך צונויפֿגעלאָפֿן. די געשרייען האָבן זיך מער ניט איבערגעכאַזערט. יעדער מינוט האָט זיך געצויגן, ווי פֿון פּעך.

ענדלעך איז דער פּראָפֿעסאָר אַרויס פֿון קופּע.

— ניט שרעקלעך, — האָט ער געזאָגט. — בא דער געווינערן האָבן זיך אָנגעהויבן די געבורט־ווייען. אלץ גייט נאָרמאַל. מע וועט זי דארפן אראָפּנעמען אף דער נאָענטסטער סטאַנציע.
— וועלכע?
— וועלכע איז די נאָענטסטע סטאַנציע? — האָבן זיך א שאָט געטאָן פראגן.
— די נאָענטסטע סטאַנציע איז ביראָבידזשאַן.
— איר גליק, טאקע אהין פאָרט זי דאָך!
דער פראָפעסאָר האָט זיך א קער געטאָן צו פעטראָוון:
— זוכט באלד אָפּ דעם שעף פון צוג. מע דארף דרינגענד איבערגעבן קיין ביראָבידזשאַן, באַם צוג זאָל גרייט זײַן די „גיכע הילף״. און, אויב מעגלעך, איבערגעבן די אייגענע...
פעטראָוו איז אוועקגעלאָפן.
— פראָפעסאָר, און עס קאָן ניט טרעפן, אז נאָך ביז ביראָבידזשאַן... — האָט זיך אָנגערופן זרײַנא.
דער פראָפעסאָר האָט אופמערקזאַם א קוק געטאָן אף איר. ער האָט זי ערשט איצט באמערקט און האָט זיך אליין פארכידעשט, ווי האָט ער זי ניט געזען פריער. „סארא שיינהייט, — האָט א טראכט געטאָן דער פראָפעסאָר. — נאָר קיין קינדער האָט זי געוויס ניט געהאט. מיסטאמע געמאכט אבאָרטן״.
— ניין, מײַן טײַערע, — האָט ער איר העפלעך געענטפערט, — אזוי גיך טוט זיך עס ניט.
ער האָט א קוק געטאָן אפן זייגער.
— ביז ביראָבידזשאַן איז פארבליבן א שאָ... א שאָ מיט צען מינוט. און אָט דער איניען געדויערט געוויינלעך עטוואָס לענגער.
פון קופע האָט זיך ווידער דערטראָגן א פײַנפולער געשריי. אין וואגאָן־קאָרידאָר האָבן אלע אופגעציטערט. אבראם לאזארעוויטש האָט געקוקט אפן פראָפעסאָר מיט אן אומגליקלעכן אויסזען.
— טוט עפּעס, אלעקסאנדער איוואנאָוויטש!
— אונטערטרײַבן די געשעעניש? — האָט יענער אים א זאָג געטאָן, — די נאַטור פאָדערט אירס. נאָר אונדזער לעצטע פארטיע וועט שוין בלײַבן, ווײַזט אויס, ניט קיין פארענדיקטע. א שאָד. מײַן קיניגן שטייט אין אן אויסגעצייכנטער פאָזיציע...
ער איז ארײַן אין קופע. זרײַנא האָט אויך געוואָלט ארײַן נאָך אים, האָט ער זי איידל אָפּגעשטעלט:
— מע דארף ניט, טײַערע. אז אײַך וועט אויסקומען אליין, וועט איר שוין דעמלט... און איצט לאָזט מיך, ס׳איז מײַן ברויט...
מיט אן אויסזען, ווי די געבורט־ווייען זאָל איבערלעבן זײַן אייגענע טאָכטער, איז אבראם לאזארעוויטש אוועק צו זיך אין וואגאָן זיך פאקעווען.
אינעם גאנצן עקספרעס „ראָסיא״ איז גיך באוווּסט געוואָרן, אז אין איינעם פון זײַנע וואגאָנען האָבן בא א שוואנגערער פרוי זיך אָנגעהויבן די געבורט־ווייען און אז עס איז דאָ א געפאר, זי זאָל דאָ, אין וואגאָן, טאקע געבוירן. דערגאנגען איז די דאָזיקע נײַס אויך צו דעם וואגאָן, ווו אין קופע בא זײַן קאָלעגע איז געזעסן, ווי אָט די אלע טעג, לעוו מארקאָוויטש גבעזין.
— איך האָב אָבער געוווּסט, — האָט ער געזאָגט, א כאפּ טוענדיק זיך פאר דער רויטער באָרד, — אז אזוי וועט עס זײַן! כ׳האָב געוווּסט...
— אײַך האָט נאָך אָפּגעגליקט, — האָט באמערקט סאוועלי קוזמיטש, — וואָס דאָס איז ניט געשען באנאכט, ווען איר זײַנט אין קופע.
— וואָס רעדט איר! — האָט א ציטער געטאָן לעוו מארקאָוויטש. — דאָס וואָלט געווען שרעקלעך!

— דערפאַר אָבער, — האָט אים געטרייסט זײַן קאָלעגע, — וועט איר נאָך בי־ראָבידזשאַן קענען פאַרנעמען איר אָרט.

— בעשום־אויפן! — האָט מיט פאַרדראָס אויסגערופן לעוו מאַרקאָוויטש. — די עטלעכע שאָ ביז כאַבאַראָווסק וועל איך שוין בעסער אָפּזיצן אָט דאָ מיט אײַך.

— ווי איר ווילט.

יאָ, אים האָט שרעקלעך ניט אָפּגעגליקט אין אָט דער רײַזע. אויב זײַן שוואַ־גערע מיטפּאָרערן האָט שוין יאָ באַשלאָסן אָפּטאָן דאָס שטיקל אַרבעט אין וועג, האָט זי ניט געקענט עס טאָן מיט אַ פּאָר מעסלעס פריִער...

לעוו מאַרקאָוויטש און סאַוועלי קוזמיטש האָבן נאָך אַ ביסל אַרומגעשמועסט דעם איניען און זײַנען צוזאַמען אַוועק אין רעסטאָראַן.

וואַסיע פּעטראָוו האָט אַלץ, וואָס מע דאַרף, איבערגעגעבן דעם שעף פונעם צוג און איז איצט געשטאַנען באַם וואַגאָן־פענצטער אין קאָרידאָר. ער זאָגט איר, אַז ס׳איז געשטאָרבן אָבלאָמאָוו, און... וואָס פאַר אויגן זײַנען בא איר געוואָרן... „גייט אוועק... גייט!״ זי האָט, ווײַזט אויס, נאָך פריִער געוואָלט אויסברעכן מיט אַ געשריי, נאָר מיט די לעצטע קויכעס געשטיקט אים אין זיך, ביז ער, פּעטראָוו, איז אַרויס... אַ גוווּרע פון אַ פרוי... און דאָך פון מאָל צו מאָל שרײַט זי, שרײַט... ווײַזט אויס, דאָס איז שטאַרקער פון איר... מיסטאַמע איז עס איבער די קויכעס... מענטשן ווערן געבוירן... טויזנטער מענטשן אַלע טאָג... ער אַליין איז געבוירן געוואָרן... נאָר ער האָט קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז דאָס קומט פאַר מיט אַזוי־פיל פּײַן... מאָדנע: דורך געוויס און ווייטעק קומט אַ מענטש אויף דער וועלט. דעם געוויס האָבן ביידע, די ווייטעקן — די פרוי אַליין... שוין בלויז דערמיט פאַרדינט זי, די פרוי, אַז מאַנצבלען זאָלן פאַר איר קניִען...

אָט די געדאַנקען זײַנען צום ערשטן מאָל אין לעבן געקומען צום יונגן היד־ראָלאָג פּעטראָוו, בעת ער איז געשטאַנען באַם וואַגאָן־פענצטער און האָט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ זיך צוגעהערט צו די געשרייען, וואָס האָבן פון מאָל צו מאָל זיך געטראָגן פון דער קופּע.

אין איין אָרט האָט דער צוג מיטאַמאָל זיך אַ דריי געטאָן, און פּעטראָוו האָט דערזען פון פאָרנט דעם גרינעם טעפּלאָוואָז, דערזען, ווי שנעל ער ציט נאָך זיך דעם גאַנצן צוג, ווי ער זאָל וויסן, וואָס עס קומט פאָר אין איינעם פון זײַנע וואַ־גאָנען, און ווי ער זאָל וועלן מיטהעלפן, עס זאָל בעשאָלעם פאָרקומען דאָס, וואָס דאַרף פאָרקומען...

## 12. דער עקספּרעס גייט ווײַטער

קיין בירָאָבידזשאַן איז דער עקספּרעס אָנגעקומען פאַרנאַכט. עס האָט גע־דרייט אַ זאַווערוכע. זײַלן שנייִיקן שטויב האָבן קעגן דער שײַן פון אַ פּראָזשעק־טאָר זיך ווירבלענדיק געהויבן פון דער ערד, געשווינדלט אין דער הייך אַרום דעם פּראָנטאָן פון דער וואָקזאַל־געבײַדע, אָט פאַרשטעלנדיק און אָט ווידער אָפּ־דעקנדיק די גרויסע רוסישע און יידישע אויסיִעס, מיט וועלכע עס איז געוועזן אָנגעצייכנט דער נאָמען: „בירָאָבידזשאַן״.

ווי נאָר דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, זײַנען אין וואַגאָן אַרײַן צוויי וווּק־סיקע סאַניטאַרן אין ווײַסע כאַלאַטן, אָנגעטאָן אויף די ווינטערדיקע מאַנטלען, מיט אַ לאַנגן טראָגבעטל. מירע, שוין אָנגעטאָן, איז אַ פאַרטראַכטע האַלב געזעסן, האַלב געלעגן אויף איר געלעגער. עס האָבן זי אונטערגעהאַלטן פון איין זײַט דער פּראָפעסאָר, פון דער אַנדערער זרזיִנאַ. ווען מע האָט זי אָפּן בעטל געטראָגן פון וואַגאָן, האָט מירע מיט אַלעמען זיך געזעגנט מיט אַ שולדיקן בליק: „זעט, ניט דערצויגן... פאַרשאַפן אַלעמען אַזויפיל קלאָפּאָט״... זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, האָבן זי ווידער אַ כאַפּ געטאָן די ווייטעקן. איר האָט זיך אײַנגעגעבן ניט אַ געשריי טאָן, זי האָט נאָר שטאַרק פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ...

אפן פעראָן זײַנען אויך אַראָפּ דער פּראָפעסאָר, זרײַנא. פּעטראָוו האָט אַראָפּ־געטראָגן מירעס צוויי גרויסע טשעמאָדאַנעס. צום טראָגבעטל איז גלײַך צוגעלאָפן מישע, אָנגעטאָן אין א קורצן ווינטערדיקן מאַנטל און אין א פּוטערנעם היטל, און א נידעריקע גראָבלעכע פרוי — זײַן מוטער. א דערשראָקענער, א פאַרלוי־רענער (ניט אזוי האָט ער זיך פאָרגעשטעלט די דאָזיקע באגעגעניש), האָט מישע זיך איבערגעבויגן איבערן אַראָפּגעשטעלטן טראָגבעטל:

— נו, מירע... וואָס פּילסטו?.. ווי?..

זי האָט זיך געשטאַרקט און האָט צו אים געטאָן א שמייכל.

די מוטער האָט געוויינט.

די סאַניטאַרן האָבן זיך אײַלנדיק געלאָזט מיטן טראָגבעטל צום ארויסגאַנג פון פעראָן, ווו עס האָט געוואַרט אף זיי די „גיכע הילף”.

זרײַנא איז ארײַן אין וואַגאָן.

אבראַם לאַזאַרעוויטש האָט זיך געזעגנט מיטן פּראָפעסאָר.

— איך האָף, די פּאַרטיע שאָך וועלן מיר נאָך מיט אײַך אמאָל דערשפּילן, — האָט יענער אַראָפּגעשריִען, שוין שטייענדיק אין טאַמבור.

אבראַם לאַזאַרעוויטש האָט מיט זײַן ניט גרויסן טשעמאָדאַן זיך געלאָזט גיין, אים האָט אָנגעיאָגט פּעטראָוו.

— איין ווײַלע, אבראַם לאַזאַרעוויטש! אײַער אַדרעס... איך וועל אײַך אָנ־שרײַבן פון קאַמטשאַטקע, איר זאָלט מיר צו וויסן געבן, וויאַזוי... וויאַזוי עס האָט זיך פאַרענדיקט. גוט? איר וועט דאָך וויסן. איך בעט אײַך...

— פאַרשרײַבט...

די וואָקזאַל־ראַדיאָ האָט געמאָלדן, אז דער צוג גייט אָפּ.

— כ׳וועל פאַרגעדענקען.

— טשאַפּײַעוואַ, אכט, דירע פופצן.

— א דאַנק!

דער צוג האָט גערירט. פּעטראָוו איז נאָך געשטאַנען א ווײַלע, געקוקט אין דער ריכטונג, ווו די סאַניטאַרן מיטן טראָגבעטל, מישע און זײַן מוטער זײַנען פאַרשוווּנדן.

— איר וועט זיך פאַרקילן, פּראָפעסאָר, — האָט געזאָגט פּעטראָוו, ארײַנשפּרינ־גענדיק אין טאַמבור.

— ניין, אזא אלטן שקראַב וועט שוין קיין שעד ניט נעמען, — האָט יענער געענטפערט. — אָט איר, יונגערמאַן, וואָלט זיך יאָ געמעגט אָנטאָן.

— ווי מיינט איר, פּראָפעסאָר, — האָט געפרעגט פּעטראָוו, — מיט דער געווױ־נערן וועט אלץ זײַן אין אָרדענונג? כ׳מיין...

— אלץ וועט זײַן אין אָרדענונג, איר מעגט ניט צווייפלען.

— און דאָס, וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן אזוי אָט, אין צוג?

— דאָס שפּילט ניט קיין ראָליע.

דער פּראָפעסאָר האָט זיך מיטאמאָל פאַרטראַכט און צוגעגעבן:

— מיר לעבן מיט אײַך אין א שטורמישער צײַט, יונגערמאַן. אלץ אין גאַנג. אין גאַנג שטאַרבט מען... און אזוי קומט מען אף דער וועלט...

ער האָט צוגעגעבן:

— אין פולן גאַנג.

ער איז אוועק צו זיך אין וואַגאָן.

פּעטראָוו איז לענגער געשטאַנען באַם פענצטער, געקוקט אין דער ריכטונג, ווו אין ווײַרבלדיקן שניי־געדרײ זײַנען פאַרבליבן די פײַערן פון ביראָבידזשאַן, און האָט געעפנט די טיר אין קופּע.

פאַרוואָרפן דעם קאָפּ צום וואַגאָן־ווענטל, איז אף איר געלעגער געזעסן זרײַנא, און פון אירע גרויסע גרין־בלויע אויגן זײַנען אף די בלאַסע באַקן איינע נאָך

דער אנדערער אראָפּגערונען גרויסע טרערן. פּעטראָוו האָט זיך פאַרלוירן. ניט געוווּסט, צי זאָל ער בלייַבן אָדער ארויסגיין.

— וואָס איז, — האָט, ניט ענדערנדיק איר פּאָזע, א פרעג געטאָן זרייַנא, — איר האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען, ווי עס וויינט א פרוי?..

— אָבער — איר?..

— וואָס זשע, איר האָט געמיינט, אז נאָר איך לאַך און פאַרוויַיל זיך, יאָ? נאָר איך לעב א גוטן טאָג! ברען א וועלט!.. האַ?

— דאָס, וואָס איך האָב געזען...

— א סאַך זעט איר.

— איך פאַרשטיי, — האָט געזאָגט פּעטראָוו, — אייַך איז א ראכמאָנעס אף מירע יעפימאָוונען. וואָס זשע, איר מיינט, מיט איר קאָן געשען עפּעס שלעכטס? אָדער מיטן קינד, האַ?

זרייַנא האָט אויסגעווישט די טרערן.

— ראכמאָנעס אף מירע יעפימאָוונען? טשודאַק!

זי האָט זיך צוגעבויגן צו אים.

— מירע יעפימאָוונע ליגט שוין איצט אין א ציכטיקער פּאַלאַטע, ארום איר טאַנצן דאָקטוירים, ניאַניעס און מעדיצין־שוועסטער. זי וועט זיך א ביסל אָנשרייַען, און נאָך ביז האַלבער נאַכט וועט מען איר אָף א וויַיס ציכעלע אונטערטראָגן א קוויטשערל — א כייַעס צו קוקן! טשודאַק!

בא זינאַידע סעמיאָנאָוונע האָבן זיך א קרים געטאָן די ליפּן, און זי האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם. פּעטראָוו האָט פאַרשטאַנען: אף זיך אַליין האָט זי ראכמאָנעס געהאַט...

ער איז ארויס פון קופּע, געשטאַנען לאַנג באַם פענצטער. ווי נאָר ער וועט קומען אָפּן אָרט, — האָט ער געטראַכט, — וועט ער אָנשרייַבן אבראַם לאַזאַרעוויטשן. יענער וועט אים צו וויסן געבן וואָס און ווי. „אַלץ וועט זייַן אין אָרדענונג“, האָט געזאָגט דער פּראָפעסאָר. זי האָט זייער געוואָלט א זון. מעגלעך, אַזוי וועט זייַן. ער, פּעטראָוו, וועט איר אָנשרייַבן א קליין בריוועלע, זי און איר מאַן באַגריסן מיטן זון. ווען זי וועט קומען צו־זיך, וועט זי אים ענטפערן. פאַרוואָס זאָל זי אים ניט ענטפערן?

נאַדיע סימאָנאָווא איז געשטאַנען באַם פענצטער אין צווייטן עק וואַגאָן. כוץ איר און פּעטראָוון איז אין לאַנגן וואַגאָן־קאָרידאָר קיינער ניט געווען, בלויז זיי, און אין פאַרשיידענע עקן, בא זייערע פענצטער. מיטאַמאָל האָט נאַדיע מיט א וואַקלענדיקן טראָט — פון זייער שנעלן גאַנג פון צוג — זיך געלאָזט איבערן וואַגאָן און געבליבן שטיין אקסל בא אקסל מיט פּעטראָוון.

— אומעטיק, — האָט זי געזאָגט.

— יאָ, — האָט ער געענטפערט.

און ביידע זייַנען אף לאַנג אנשוויגן געוואָרן.

— איר האָט פאַרענדיקט „אָבלאָמאָוון“? — האָט זי געפרעגט.

— פאַרבליבן עטלעכע זייַטלעך.

— איך האָב אויך ניט דערלייענט מייַן בוך.

— וואָס האָט איר געלייענט?

— גערמאַן טיטאָווס „מייַן בלויע פּלאַנעטע“.

אין דרויסן איז געווען שטאָקפינצטער. דאָס פענצטער־גלאָז האָט זיי שפּיגלדיק אומגעקערט זייערע אייגענע צעפלאָסענע פּענעמער.

אינגיכן האָט די וויַיט זיך ווידער צעפינקלט, צעבליצט מיט נייַע אָט אָנלויפנדיקע, אָט פאַרבייַיאָגנדיקע און ניט ווערנדיקע פייַערן. אין זייער באַגלייטונג האָט דער עקספּרעס אין פולן גאַנג געשניטן אף שטיקער די נאַכט.

# צוגעבונדנקײַט

## 1

צו דער ארבעט איז דער עלטערער פלאנירער איסאק מארקאָוויטש מאלקין געקומען דעם טאָג מיט א פארשפעטיקונג, און דאָס איז געווען אומגעווײנלעך. קעסיידער פלעגט ער קומען פינקטלעך צו דער מינוט, אזוי אז מע וואָלט געקאָנט לויט אים אָנשטעלן דעם זייגער. און אופגעפירט האָט ער זיך דאָס מאָל אויך ניט אזוי, ווי אלע מאָל.

געווײנלעך: אַרײַנקומענדיק, בלײַבט ער א ווײַלע שטיין אפן שוועל, און פון דער הייך פון זײַן היפשן וווקס באטראכט ער מיט די עטוואָס איבנוף אוועקגעשטעלטע גרינבלעכע אויגן פון אונטער די צונויפגעוואקסענע געדיכט־שווארצע ברעמען (דער בליק א צוגעזשמורעט־שמייכלענדיקער) זײַנע מיטארבעטער, שטעקט אָפּ א ברייטן „גוט־מאָרגן״ — ער טוט עס אזוי, אז עס פילט זיך מאמעש דער עכטער באטײַט פון אָט דעם ווילן וואָרט „א גוט־מאָרגן״ — און לאָזט זיך פאמעלעך גיין צו זײַן טיש באם הויכן פענצטער. דאָ זעצט ער זיך באײַשעווט אוועק און נעמט זיך צו זײַנע פאפירן. א טייל באקומט ער ארויס פונעם פאָרטפעל, וואָס ער ברענגט מיט זיך, א טייל פון די טיש־קעסטלעך. אויסגעלייגט די פאפירן אינעם נייטיקן סיידער, נעמט ער ארויס פון א טונקעלן שיידל די באגילדעטע ברילן אָן רעמלעך, טוט א הויך אף די גלעזלעך, ווישט אקוראט אויס מיט א שעמערירנדיקן טיכל און לייגט זיי אוועק אפן טיש. דערנאָך שטעלט ער אוועק די מאסיווע געל־אָפּגלאנצנדיקע שטשאָטעס, און ווען ער איז שוין אזוי אינגאנצן גרייט צו דער ארבעט, ווארפט ער זיך עטוואָס אָפּ אפן בענקל און טוט געמיטלעך א זאָג:

— נו, איז וואָס הערט זיך עפעס נײַס אף דער וועלט?

דאָס באטײַט: די ארבעט וועט ניט אנטלויפן. נישקאָשע, מיר זײַנען ניט קיין הינקענדיקע שנײַדער, אונדזערס וועלן מיר באַווײַזן.

דירעקט טוט איסאק מארקאָוויטש זיך א ווענד מיט דער דאָזיקער פראגע צום עלטערן בוכהאלטער מאקאר מיכײַלאָוויטשן, וועלכער זיצט בא זײַן מאסיוון טיש לעבן אנדערן פענצטער. מאקאר מיכײַלאָוויטש קויפט אלע אינדערפרי א פרישע צײַטונג, און פארן אָנהייבן די ארבעט באקענט ער זיך מיט די לעצטע נײַס. אף איסאק מארקאָוויטשעס פראגע ענטפערט ער געווײנלעך גאָרניט. ער טוט נאָר א שטעל ארויס אף א ווײַלע זײַן גלאנציק אָפּגעפּאָלירטן פליך און באהאלט אים ווידער אונטער דער צעשפרייטער בלאט. אף דער פארגעבענער פראגע ענטפערט איסאק מארקאָוויטש אליין. ער הערט אלעמאָל אופמערקזאם אויס די אינדערפריִיקע נײַס דורך ראדיאָ, און די וויכטיקסטע פון זיי האָט ער ליב צו דערציילן זײַנע מיטארבעטער, צוגעבנדיק צומאָל אָן אייגענעם קאָמענטאר. עס טרעפט, אז דערבײַ פארפירט זיך א שטיקל דיסקוסיע צווישן אים און דעם קאלקוליאטאָר סעמיאָן לאזארעוויטש מיראָנקין, וועלכער זיצט אנטקעגן. דאָס איז

א קליין, דאר און ביז גאָר זשוואַווע מענטשל. אפילע ווען ער זיצט אפן אָרט, דאכט זיך, אז ניט נאָר ער אליין, נאָר צוזאמען מיט אים דאָס בענקל, דער טיש, א שטיק צימער רוען ניט, טאנצן אונטער, גייען כאַדאָראָם... סעמיאָן לאזארעוויטש האָט א טעווע: וואָס פאר א נײַס מע זאָל ניט מיטיילן, טוט ער זיך א קלאפּ אין ברוסט און שרײַט אויס:

— וואָס האָב איך אָבער געזאָגט? איך האָב שוין פון לאנג געזאָגט, אז אזוי וועט זײַן!

אזוי איז געווען, ווען ס׳זײַנען פאָרגעקומען די געשעענישן אין טשילי, אזוי — ווען מע האָט אראָפּגעוואָרפן קאעטאנו אין פּאָרטוגאל... איסאַק מארקאָוויטשן פאר־דריסט עס, און ער נעמט אלעמאָל דערוויַיזן מיראָנקינען, אז יענער האָט אזוינס ניט געזאָגט, ניט געקאָנט פון פריִער זאָגן און אז ביכלאל זאָגט ער אלעמאָל נאָר דאָס, וואָס איז שוין געווען אין די נעכטיקע צײַטונגען...

אָפּגעפּארטיקט זיך אף אזא אויפן מיט זײַן אָפּאָנענט און אומקערנדיק זיך צו די נײַס, וועגן וועלכע עס איז געגאנגען א רייד, רוקט איסאַק מארקאָוויטש איבער עטלעכע ביינדלעך אף די שטשאָטעס און טוט א זאָג, ווי אונטערציִענדיק א סאַ־כאקל:

— נישקאָשע, עס וועט זײַן א רועך אין זייער טאטנס טאטן! אָט וועט איר זען!..

דערמיט מיינט ער א פינאָטשעט, א קאעטאנו און זייער גלײַכן.

מיראָנקין האָט געלעכצט כאפן איסאַק מארקאָוויטשן כאָטשבי אין א מינדסטן טאָעס, האָט ער אים איינמאָל א פרעג געטאָן:

— זאָגט נאָר, ווער איז עס דער טאטע זייערער, וואָס איר שעלט אים קע־סיידער? איר קענט אים כאָטש?

איסאַק מארקאָוויטש האָט אָנגעשטעלט אף מיראָנקינען א לענגערן בליק און פאר זיך באשלאָסן, אז דאָס איז, וויַיזט אויס, דער ערשטער פאל, ווען ער מעג מאסקים זײַן מיטן היציקן קאלקוליאטאָר. מיט א מאכטייסע־שמייכל אין די היפשלעכע שווארצע וואָנסן האָט ער אים געענטפערט:

— דאָס מאָל זײַט איר גערעכט, מיראָנקין. ווער זייער טאטע איז, ווייס איך טאקע ניט, און דאָס איז גאָר ניט אזוי לײַכט צו וויסן — זיי זײַנען דאָך אלע מאמזיירים! איינער מער מאמזער פונעם אנדערן!..

און האָט צוגעגעבן:

— עס וועט זײַן א רועך אין זייער טאטנס טאטן! אָט וועט איר זען...

אזוי — געוויינלעך.

דאָס מאָל איז אָבער אלץ געווען פארקערט. אָנגעהויבן דערפון, וואָס איסאַק מארקאָוויטש האָט פארשפּעטיקט. אפן שוועל האָט ער זיך ניט פארהאלטן, ניט ארומגעפירט אלעמען מיט זײַן שמייכלענדיק־צוגעזשמורעטן בליק און ניט מעכאַ־בעד געווען מיט זײַן ברייטן „גוט־מאָרגן". ווי האָבנדיק פאר עפּעס מוירע אָדער שעמענדיק זיך צו קוקן די מיטארבעטער אין די אויגן — דאָס איז געווען אזוי ניט ענלעך אף אים, — האָט ער שטיל, קוים צו הערן, זיך באגריסט און אפגיך צוגעגאנגען, קימאט צוגעלאָפן צו זײַן טיש. ארויסגעכאפּט די ברילן פונעם שיידל, ניט אויסווישנדיק, זיי האסטיק א וואָרף געטאָן אף דער נאָז און גלײַך גענומען וואָרפן אף די שטשאָטעס, ווי אײַלנדיק זיך טייקעף אפן אָרט אויסצוכעזשבענען עפּעס א וויכטיקן און זייער פארפּלאָנטערטן כעזשבן...

די מיטארבעטער האָבן געוואוסט, אז באלד וועט איסאַק מארקאָוויטש אָפּ־שטעלן די שטשאָטעס און מיט א רויִק שמייכלענדיקן בליק נעמען דערציילן עפּעס פון די וועלט־נײַס, וואָס ער האָט אינדערפרי געהערט דורך ראַדיאָ. דאָס מאָל איז עס אָבער ניט געשען. און ביכלאל האָט אויסגעזען, ווי אָט דער סאָלי־דער, באדאכטער מענטש, קעסיידער אזא זיכערער אין אלץ, וואָס ער זאָגט און

טוט, וואָלט מיטאמאָל אָנגעווירן היפש פון זײַן סאָלידקײַט. דאָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן. אייניקע פון זײַנע מיטארבעטער האָט עס פארכידעשט, אַנדערע באומרויִקט.

דער ערשטער האָט, ווי זײַן שטייגער און אף זײַן אויפן, רעאגירט דער קאַלקוליאטאָר מיראָנקין. פאר כידעש האָט ער אזוי טיף א רוק ארײַן געטאָן דעם קאָפּ צווישן די שפּיציקע אקסלען, אז דער קאָפּ איז אזוי דאָרט א היפּשע ווײַלע פארבליבן שטעקן קימאט ביז איבער די אויערן. און בעשאסמײַסע האָט ער פון צווישן די אקסלען מאָדנע ארויסגעשמייכלט און קוים אײַנגעהאלטן זיך פון ניט אויסשיסן עפּעס אזוינס, וואָס ער אליין, ווי עס טרעפט, וואָלט נאָכדעם ניט געקאָנט דערקלערן, וויִאזוי עס איז בא אים אראָפּ פון דער צונג...

דער עלטערער בוכהאלטער מאקאר מיכײַלאָוויטש האָט מיט א שמאָלער טונקעלער האנט א רײַב געטאָן דעם גלאנציק אָפּגעפּאָלירטן פליך זײַנעם און ווײַטער ארײַנגעקוקט אין צײַטונג, און געווען איז ניט קלאָר, צי מיינט ער מיט אָט דעם זשעסט איסאק מארקאָוויטשן אָדער גאָר עפּעס איינע פון די אויסגעלייענטע נײַס.

די מאשיניסטקע מאריִע לעאָנטיעוונע, אן עלטערע, שטילע, בענימעסדיקע פרוי — זי איז געזעסן אין דער טיף פונעם צימער, אזוי אז די שײַן פון ביידע פענצטער איז געפאלן אף די מאט־אָפּבלאנקענדיקע קלאווישלעך פון איר „אָלימפּיע“, — האָט מיט כידעש זיך איבערגעקוקט מיט דער סעקרעטארשע. יענע, נאָך גאָר א יונגינקע, א פולינקע — פאר איר שטענדיקער גרייטקײַט צו פארגיין זיך אין א קלינגענדיק געלעכטער האָבן זי אלע גערופן פּאָשעט: ריטאָטשקע — האָט אף שטומלאָשן געענטפערט: יאָ, איך זע. וואָס זאָל עס טאקע באטײַטן?

דער ערשטער האָט ניט אויסגעהאלטן מיראָנקין. ער איז האסטיק — אזש איבערקערנדיק דאָס בענקל, — צוגעשפּרונגען צום עלטערן פלאנירער:

— וואָס איז געשען מיט אײַך, איסאק מארקאָוויטש?

יענער האָט פאמעלעך אופגעהויבן דעם קאָפּ מיט דער געדיכטער שווארצער שעוועליורע, אין וועלכער ס'האָט בלויז וו־ניט־וו זיך געזילבערט א גראָווע האָר, און דורך די ניט־בארעמלטע ברילן אָנגעשטעלט אף זײַן צו היציקן קאָלעגע א שטעכיקן בליק:

— וואָס איז דען, הא?

— איך זע דאָך, אז...

— ניין, ניין, ס'איז גאָרניט געשען, — האָט איסאק מארקאָוויטש אים איבערגעשלאָגן, — גאָרניט.

דער טאָן פון אָט די ווערטער איז געווען אן אײַז־קאלטער, און מיראָנקין, פונקט אזוי האסטיק, ווי ער איז ערשט צוגעשפּרונגען, איז גלײַך אָפּגעשפּרונגען צוריק און שיר ניט געפאלן איבערן בענקל, וואָס ער האָט פריִער אליין אומגעוואָרפן.

בא זײַן מאסיוון טיש האָט דער עלטערער בוכהאלטער נאָכאמאָל א רײַב געטאָן דעם גלאנציקן פליך און וועקגעלייגט די צײַטונג. מאריִע לעאָנטיעוונע האָט זיך איבערגעקוקט מיט דער סעקרעטארשע. יענע האָט הויך א הייב געטאָן די אקסעלעך, אין א זײַט א קרים געטאָן די פולבלעכע ליפּן און ניט געקאָנט זיך אָפּהאלטן פון טאָן א זאָג צעצויגן און אונטערגעשטראָכן הויך:

— מאָדנע...

ס'איז בעעמעס געווען מאָדנע. צו איסאק מארקאָוויטשעס שטענדיקער קלרגער באדאכטקײַט, זיכערקײַט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אלץ — אין זײַן ניט געאײַלטן גאנג, אינעם ריידן מיט געציילטע ווערטער, אינעם באהאוונטן אויספילן די ארבעט — צו דעם אלעם איז מען שוין דאָ לאנג געווען געוווינט, פונקט ווי צו דער ציכטיקער אקוראטקײַט פון זײַנע קליידער. אויך הײַנט האָבן פון אים

אראָפּגעשײַנט דער זויבער אויסגעפּרעסטער לײַכטער ווײַסער פּידזשאַק און די ווײַסע הויזן מיטן דײַטלעכן קנייטש אין דער גאַנצער לענג זייערער — אַן איידעס פֿון דער געטרײַשאַפֿט פֿון זײַנע יונגע טעכטער. נאָך דער מוטערס טויט מיט עט־לעכע יאָר צוריק האַלטן זיי, דאַכט זיך, אין איין פֿאַרמעסטן זיך — ווער וועט אַרויסווײַזן מער געטרײַשאַפֿט דעם טאַטן. אויך דאָס, אַפֿאַנעם, האָט אים צוגעגעבן די רויִקע זיכערקײַט פֿון אַ מענטשן, וואָס האָט שוין איבערגעלעבט אַלע זײַנע אומגליקן.

מע האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. ס'איז געווען הייס, האָט מען אָף די פֿענצטער אַראָפּגעלאָזט די טונקעלע גאַרדינען. אין זייער שיטערלעכער דורכ־זיכטיקײַט האָט, אַ דורכגעזיפּטע, זיך געהאַלטן די זון, און אָף זייער פּאָן האָבן זיך אויסגעטיילט באַ איין טיש איסאַק מאַרקאָוויטשעס ווײַסער אָנצוג, באַם אַנ־דערן — מאַקאַר מיכײַלאָוויטשעס גלאַנציקער פֿליך. געאַרבעט האָט מען מיט געװ־ווינטער, ניט געײַלטער זיכערקײַט. די דאָזיקע אינערלעכע רויִקײַט פֿון אָט די מענטשן האָט זיי באַשיצט פֿונעם אומרו פֿון דער אַרומיקער וועלט, פּונקט ווי די גאַרדינען האָבן פֿאַרהיט זיי פֿון דער צו שטאַרקער דרויסנדיקער היץ.

ריטע האָט קיין טאַטע־מאַמע ניט געהאַט. זי האָט זיך דערצויגן אין אַ קינ־דערהיים. נאָך דער מיטלשול האָט זי געפּרוווט אָנקומען אין אַ מעדיצינישן אינ־סטיטוט, נאָר ניט אויסגעהאַלטן דעם קאָנקורס. אַרבעט זי דערווײַל אַלס טעכני־שער סעקרעטאַר. און איינע פֿון די סיבעס, וואָס זי האַלט זיך דאָ, באַשטייט אין דעם, וואָס זי האָט דאָ געפֿונען אַ טאַטן מיט אַ מאַמען. יאָ, יאָ. עמעס, ניט דער „טאַטע", ניט די „מאַמע" הייבן ניט אָן דערפֿון צו וויסן, נאָר אַזוי איז עס. ריטע ווייסט: פֿאַרשטעלן זיך אָט די צוויי, אַזעלכע ביז גאָר פֿאַרשיידענע מענטשן, אַלס מאַן־און־ווײַב איז אומעגלעך, נאָר וואָס מאַכט עס אויס? פֿאַר איר איז ער — אַ טאַטע, זי — אַ מאַמע. וועגן דעם ווייסט נאָר זי איינע? איז וואָס? פֿאַר איר איז עס גענוג.

דער טאַטע איז איסאַק מאַרקאָוויטש.

די מאַמע — מאַריִע לעאָנטיעוונע.

יאָ, יאָ.

קאָן דען ריטע גלײַכגילטיק צוזען, ווי מיט איר „טאַטן" איז פֿאָרגעקומען עפּעס אַ פֿאַרענדערונג, און ניט פּרוּוון זיך דערוויסן די סיבע? פֿונדעסטוועגן האָט זי נאָך לאַנג זיך געשלאָגן מיט דער דייע — פֿרעגן, צי ניט? סאָפּקאָלסאָף האָט זי ניט אויסגעהאַלטן:

— איר זעט הײַנט אויס אַזוי מאָדנע, איסאַק מאַרקאָוויטש... עפּעס איז געשען?

די דאָזיקע פֿראַגע איז דערגאַנגען צו מיראָנקינען, און ער האָט עס אופֿגענומען ווי אַ סיגנאַל, אַז ער מעג זיך אויך אַרײַנמישן.

— איסאַק מאַרקאָוויטש, — איז ער אופֿגעשפּרונגען פֿון אָרט, — עפּשער איז באַ אײַך קאַליע געוואָרן די ראַדיאָ און איר האָט ניט געהערט הײַנט די לעצטע נײַעס?

— ס'איז גאָרניט געשען, ריטאָטשקע, — האָט איסאַק מאַרקאָוויטש שטיל אַ זאָג געטאָן צום מיידל און עטוואָס העכער צו מיראָנקינען: — די ראַדיאָ איז באַ מיר אין אָרדענונג. די לעצטע נײַעס האָב איך געהערט. — געזאָגט געוואָרן איז עס מיט אַזאַ טאָן, מע זאָל פֿאַרשטיין: די נײַעס פֿון ראַדיאָ האָבן צו זײַן שטימונג קיין שום שײַכעס ניט.

— וואָס זשע פֿאַר אַ נײַעס? — האָט זיך ניט באַרויִקט דער קאַלקוליאַטאָר.

זײַן זשוואָוועדיקײַט, היציקײַט זײַנען איסאַק מאַרקאָוויטשן פֿון לאַנג געווען דערווידער. האָט ער איצט בלויז אויסדריקלעך אַ קוק געטאָן אָף סעמיאָן לאַזאַ־רעוויטשן און גאָרניט געענטפֿערט. דאָס האָט שוין ריטען אויך אַ ביסל פֿאַרדראָסן. זי האָט ביכלאַל ניט געקאָנט פֿאַרלײַדן קיין אוולעס, און דעריקער די, וואָס זי

האָט געהאַלטן פאַר דער גרעסטער אוולע אין דער וועלט,—וויסן עפּעס און ניט דערציילן...

— וואָס זשע שווײַגט איר?—האָט זי באַרויגעזלעך זיך אָנגעבלאָזן.

איסאַק מאַרקאָוויטש האָט אַראָפּגענומען די ברילן, זיי אוועקגעלייגט אויפן טיש, אַ קוק געטאָן קורץ אויף ריטען, ווי אויסגעמוסערט זי מיט אָט דעם קוק, אויסגע־מיטן מיטן בליק מיראַנקינען, עטוואָס לענגער זיך אָפּגעשטעלט אויף מאַריִע לעאָנ־טיעוונען, און ניט אַזוי אויף איר, ווי אויף אירע לאַנגע פינגער, וואָס האָבן זיך ליַיכט באַוועגט איבער דער קלאַוויִאַטור פון דער „אָלימפּיע", דערנאָך אַ קער געטאָן זיך צו מאַקאַר מיכײַלאָוויטשן, און ענדלעך פאַמעלעך, שטיל אָפּגעציילט די ווערטער:

— עס גיבט קיינע נויס.

מע האָט געוווּסט: אויף דער מילכאָמע איז איסאַק מאַרקאָוויטש געווען אַן אויסשפּירער, דערנאָך אַן איבערזעצער אין אַ שטאַב, און ווען־ניט־ווען וואַרפט ער נאָך איצט אויך אַרײַן אַמאָל אַ דײַטשיש וואָרט. דאָס האָט באַ קיינעם ניט אַרויסגערופן קיין כידעש. געכידעשט האָט עפּעס אַנדערש: מע האָט געזען—ער האָט נײַס, פאַרוואָס זשע שווײַגט ער?

— פאַרוואָס שווײַגט ער?—האָט שפּעטער אַ ביסל ריטע, טוענדיק זיך אַ דריי לעבן מאַריִע לעאָנטיעוונען אַזוי, אַז מע זאָל ניט באַמערקן, איר אײַנגערוימט אין אויער.—פאַרוואָס?

די מאַשיניסטקע האָט פּונקט אַרײַנגעלייגט אַ ריין בלעטל, אויף וועלכן זי האָט נאָך גאָרנישט ניט אָנגעשריבן, האָט זי אויסגעקלאַפּט אויף דעם פאַר ריטען:

Да, это странно. Очень странно[1].

דאָס בלעטל האָט זי אַרויסגענומען און אַרײַנגעשטעלט אַ נײַס.

ביזן סאָף פונעם אַרבעטסטאָג האָט איסאַק מאַרקאָוויטש מער קיינעם גאָרניט געזאָגט. נאָך דער אַרבעט—און דאָס איז אויך געווען מאָדנע—איז ער ניט אַהיימגעגאַנגען. די סמעטע,—האָט ער דערקלערט,—וואָס ער האַלט אין צונויפ־שטעלן, מוז ער נאָך הײַנט פאַרענדיקן.

און אָט זיצט ער איינער אַליין אינעם פּוסט געוואָרענעם צימער. פאַר אים ליגט די סמעטע, נאָר ער האָט אין איר ניט אַרײַנגעקוקט. פאַרטראַכטערהייט קלאַפּט ער מיט די פינגער איבערן טיש, האַלטנדיק אָנגעשטעלט אַ שטאַרן בליק אויף דער וואַנט אַנטקעגן. פאַרטיפט אין זײַנע געדאַנקען, האָט ער ניט געהערט, ווי ס'איז אַרײַנגעקומען די אופראַמערן. באַמערקט האָט ער זי, ווען זי איז שוין גע־שטאַנען איבער אים מיט עפּעס אַ בלעטל אין דער האַנט.

— עפּשער איז עס אײַך נייטיק, אָט דאָס בלעטל?—האָט זי געפרעגט.

— ס'איז דאָך אַ ריין בלעטל,—האָט ער זיך פאַרכידעשט,—צו וואָס גיט איר עס מיר?

— ניין, דאָ איז עפּעס אָנגעשריבן,—האָט די אופראַמערן, אַן עלטערע, צע־פלאָסן־פולע פרוי, געענטפערט און, טוענדיק ווײַטער איר אַרבעט אַרום די בענק־לעך און טישן, ניט אויפגעהערט גאַנץ הויך צו טײַנען צו אים אָדער צו זיך אַליין:

— כ'זע, אַ בלעטל, געוואָלט אַרויסוואַרפן, ערשט כ'טו אַ קוק—אַ שורע, אַן אָנגעדרוקטע שורע. שטאַרק קיין גראַמאַטנע בין איך ניט, נאָר כ'ווייס—אַ וואָרט האָט אַ ווערט, ביפראַט אַן אָפּגעדרוקטס. עפּשער איז עס נייטיק...

איסאַק מאַרקאָוויטש האָט געלאָזט ליגן דאָס בלעטל לעבן זיך. ערשט ווען די אופראַמערן האָט שוין אָפּגעטאָן אירס און איז אַוועק, איז דער בליק זײַנער צע־שטרייט געפאַלן אויף דער איינציקער שורע, וואָס איז אויף אָט דעם בלעטל געווען אָנגעדרוקט: Да, это странно. Очень странно.

---

[1] יאָ, ס'איז מאָדנע, זייער מאָדנע (רוס.).

גאָרניט פארשטאנען, האָט ער אָפּגעלייגט דאָס בלעטל אין א זײַט און פאָרגעזעצט שטאר צו קוקן אף דער וואנט אנטקעגן. פלוצעם האָט ער די דאָזיקע ווערטער דערזען אף אָט דער וואנט, פונקט ווי זיי זאָלן שטיין דאָרט אויסגעקלעפט פאר זײַנע אויגן: Очень странно...

2

טאקע — מאָדנע. ריכטן זיך דערוף האָט ער ניט געקאָנט. ס'איז אים אפן געדאנק קיינמאָל אזוינס ניט געקומען. און גיי ווייס, אז די שולדיקע אין אלץ וועט זײַן דאפקע זי, די עלטסטע, די סאמע געראָטענע טאָכטער זײַנע, רימע. געוויינלעך האָט מען מער ליב די ייִנגערע קינדער. בא זיי אין דער מישפּאָכע — פארקערט. אפילע ווען עס איז געקומען אף דער וועלט די צווייטע טאָכטער, מירע, דערנאָך די דריטע, מאשע, — אויך ווילע און געראָטענע, — איז דער ליבלינג סײַ בא אים, סײַ בא דער מוטער אלצייִנס פארבליבן רימע. א באזונדער מין כיין האָט זי פארמאָגט אין זיך, אזא, וואָס פון קינדווײַז אָן האָט אלעמען צו איר געצויגן.

בעלע, די פרוי, האָט וועגן איר געזאָגט:

— זי איז אונדזער שענסטע טרייסט פאר אלץ, וואָס מיר זײַנען אויסגעשטאַנען.

אויסגעשטאנען זײַנען זיי ניט ווייניק — די גאנצע מילכאָמע פון אָנהייב ביזן סאָף. ער האָט זי אָנגעהויבן צו אכצן, זי — צו זיבעצן יאָר. פון דער שול־באנק — אין פײַער. די מילכאָמע — ווען מען זי האָט אומגעבראכט, ווען מען פארהארטעוועט. זיי האָט זי פארהארטעוועט. ווען מען זי האָט צעשיידט, ווען מען צונויפגעפירט. זיי — צונויפגעפירט. ער איז געווען אן אויסשפירער, געגאנגען אפן סאמע ראנד פון לעבן און טויט... שווער פארוואונדעט געוואָרן, מער אין אויסשפיר גיין ניט געקאָנט, איז ער געוואָרן אן איבערזעצער אין א שטאב. זי איז אין אָט דעם שטאב געווען א ראדיסטקע. אזוי האָט מען זיך באקענט. אָפּגערעדט: וועט מען פון פײַער ארויס גאנץ, בלײַבט מען צוזאמען. אי יאָ, אי ניט געגלייבט, אז אזוינס איז מעגלעך. מע איז ארויס גאנץ, נאָר שוין צום סאמע סאָף פון דער מילכאָמע, פאנאנדערגעוואָרפענע אף פארשיידענע פראָנטן, איינס דאָס אנדערע פארלוירן. ער האָט אָנגעשפארט אין מאנטשזשוריע, זי איז נאָך א צײַט פארבליבן אין דײַטשלאנד. אָפּגעזוכט האָט מען זיך א יאָר אָנדערהאלבן נאָך דער מילכאָמע, און צוויי מיט ניסים ניצל געוואָרענע לעבנס האָבן זיך געשטעלט באנאנד. אינגיכן איז געבוירן געוואָרן רימע. דאן האָט בעלע געזאָגט:

— זי איז אונדזער שענסטע טרייסט פאר אלץ, וואָס מיר זײַנען אויסגעשטאַנען.

דערנאָך איז געבוירן געוואָרן מירע. זי ווייסט ביז איצט ניט, אז געקומען אף דער וועלט איז זי, ווײַל זיי האָבן געוואָלט האָבן א ייִנגל... מאכמעס דער זעלבער סיבע האָט זיך נאָכדעם באוויזן מאשע.

מער קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאט.

די טעכטער זײַנען געוואקסן, פארשאפן נאכעס, סײַ ווען זיי זײַנען געגאנגען אין קינדערגאָרטן, סײַ אין שול, נאָכדעם אין די אינסטיטוטן. צום אינסטיטוטישן נאכעס האָט בעלע אָבער ניט דערלעבט. אן אלטע וווּנד פון מילכאָמע־צײַט האָט זיך פלוצעם אָפּגערופן, און זי איז געשטאָרבן בא ניט קיין פולע פינף און פערציק יאָר... אף הונדערטערליי אויפאנים טראכטנדיק און איבערטראכטנדיק נאָכדעם וועגן זייער לעבן, איז איסאק מארקאָוויטש געקומען צווישן אנדערס אויך צו אזא געדאנק: די קויל, וואָס האָט אָט די אלע יאָרן געשטעקט בא בעלען אין לײַב, ניט ווײַט פון די לונגען, — ווען זי טרעפט מיט איין סאנטימעטער טיפער, וואָלט זי נאָך דאן צו אלץ געמאכט א סאָף... אין די קנאפע פאָר צענדליק יאָר אָבער,

וואָס זײַנען דורך, זינט די קויל האָט געטראָפֿן און ביז זי האָט אָפּגעטאָן אירס, האָט זיך אַרײַנגעלייגט א גרויס שטיק לעבן און זייער ביידנס גליק. א טרייסט איז אין דעם געווען, אָבער ניט אזא, זי זאָל קענען לינדערן דעם אָנווער. ער איז מיט קיינעם מער זיך ניט צונויפגעגאנגען. געוווּסט: אזא, ווי בעלע, וועט פאר אים מער ניט זײַן. און נאָך: צונויפגיין זיך מיט אן אנדער פרוי וואָלט באטײַט — אזוי האָט ער עס פארשטאנען — פאראטן די טעכטער. טאָן אזוינס האָט ער ניט גע־קאָנט און ניט געוואָלט. מע האָט צוזאמען געלעבט, געארבעט, געלערנט, געפירט די שטוב.

דער ווינט ברעכט אָפּ א צווײַג פון בוים, און דער בוים וואקסט ווײַטער...
אזוי איז עס געגאנגען, ביז...

ניט פארשטיין, ניט באגרײַפן קאָן ער, וויארום האָט פלוצעם גענומען זיך דער אומגליק, פון וואָס פאר א זײַט האָט ער אף אים געטשאטעוועט, וויאזוי זיך אונ־טערגעגאנוועט, קעדיי מיט אזא אכזאָריעס אים נעמען שטיקן... און די שולדיקע אין אלץ איז געווען רימע.

פון קינדווײַז האָט זי צוגעצויגן אלעמען מיט איר ליבלעכקײַט, צערטלעכקײַט, גוטסקײַט. נאָר — א מאָדנע זאך — וואָס מער זי, און צוזאמען מיט איר אלע אירע מײַלעס, זײַנען געוואקסן, אלץ ווייניקער כיין האָט זי געפונען בא די, וועמען אָט די מײַלעס האָבן געזאָלט צוציִען, — בא די יונגעלײַט, מיט וועלכע זי האָט זיך געלערנט, געארבעט, פארבראכט. וואָס איז עס געוואָרן מיט די הײַנטיקע יונגע־לײַט? — האָט ער, דער פאָטער, בעשום־אויפן ניט געקאָנט באנעמען. — וועמען זוכן זיי און וואָס דארפן זיי, אויב אזא, ווי זײַן רימען, גייט מען פארבײַ? עמעס, צום אונטערשייד פון אירע ייִנגערע שוועסטער, האָט זי ניט שטארק געהאלטן פון קיין מאָדעס. דאָס קליידל — א קאפעלע העכער פון די קני, און ניט מער. ניט קיין מיני, ניט קיין מאקסי. הויזן געהאט אינגאנצן איין פּאָר און פלעגט זיי אָנטאָן זייער זעלטן. קיין דזשינסן ניט פארמאָגט אינגאנצן. ניט גערייכערט. ניט מוירע געהאט זיך מוידע זײַן, אז זי פארשטייט ניט, מיט וואָס קאָנען צוציִען די פלאטן מיט אויסלענדישע „שלאגערס", ווו א הייזעריק כאָרכלען, א צוגעשטיקטע שעפּטשערײַ אָדער מעשוגע ווילדע קוילעס ווערן ארויסגעגעבן פאר געזאנג... סײַדן דאָס טאקע זאָל האָבן דערווײַטערט פון איר די באקאנטע יונגעלײַט? מעג־לעך. ווי עס זאָל ניט זײַן, האָט רימע שוין נאָכן אינסטיטוט אָפּגעארבעט א פּאָר יאָר אין א וויסנשאפטלעכער לאבאָראטאָריע, נאָר קיין נאכעס — דעם נאכעס, וואָס ער, דער פאָטער, האָט געגארט צו זען אין דער טאָכטער, — איז ניט געווען. ניט איין מאָל האָט ער מיט א ביטערלעכן שמייכל זיך דערמאָנט דעם אלטן אנעקדאָט וועגן א מיידל און א כאָסן: ווען זי איז אלט אכצן יאָר, פרעגט זי: „ווער איז ער?" צו צוואנציק: „וואָס איז ער?" בא פינף און צוואנציק: „ווו איז ער?" רימע איז שוין געווען אין דעם עלטער, ווען מע פרעגט: „ווו איז ער?"

און דאָ האָט מיטאמאָל זיך ארויסגעוויזן, אז ער איז גאָר ניט ווײַט. געארבעט האָט ער טאקע אין דער זעלבער לאבאָראטאָריע, ווו רימע. א וויסנשאפטלעכער טוער, אן אָפּענער מויעך, ווי מע האָט געזאָגט וועגן אים, צו זיבן און צוואנציק יאָר — א קאנדידאט פון פיזיש־מאטעמאטישע וויסנשאפטן. אויסערלעך אויך ניט ארויסצוּוואַרפן: העכער פון מיטעלן וווּקס, די האָר לאנג, נאָר מיט א מאָס, די באקנבארדן — אויך, די פיגור אונטערגעצויגן, ספּאָרטיוו. א ווערטלזאָגער, א כוואט. פארוואָס אזוי לאנג א באָכער? א בעניאָכיד בא גוט אײַנגעאָרדנטע על־טערן — דער פאָטער א דירעקטאָר פון א מאגאזין, די מוטער א דאָקטער — לעבט ער אף אלעם גרייטן, וואָס פעלט אים? צו וואָס פארפירן א פאמיליע מיט איבע־ריקע דײַגעס און זאָרגן? אים איז אזוי אויך ניט שלעכט. אזוינס איז איצט צו טרעפן ניט זעלטן. ביפראט, אז ער איז טאקע איבערן קאָפּ געווען פארנומען מיט

לערנען — אין שול, אין אינסטיטוט, אין אספיראנטור. נאָר אָט איז ער שוין מיט מאזל געוואָרן א קאנדידאַט, באקומען א גוטע שטעלע, פאַרדינט ניט שלעכט, און די עלטערן האָבן געגומען אים אונטערריַיצן: שוין צײַט א טראכט טאָן וועגן א שידעך, זיי ווילן נאָך ניאַנטשען אן אייניקל אויך... וואָס איז, קיין ווילע מיידלעך ניטאָ? אָט זאָל ער גוט א קוק טאָן, וועט ער זיכער געפינען אזא מיידל אפילע בא זיך אין לאַבאָראַטאָריע. האָט ער זיך צוגעקוקט און געפונען! געפונען רימען... שוין א פּאָר יאָר, ווי מע אַרבעט אין איין לאַבאָראַטאָריע, מע גריסט זיך, אַמאָל ווארפט מען זיך אפילע דורך מיט א וואָרט, נאָר ערשט איצט האָט מען אײנגעזען דאָס אַנדערע אפּסניַי דערזען, געפונען.

בא זיַינע עלטערן איז די פריייד געווען גרויס. רימע איז זיי געפעלן — און ווי האָט געקאָנט זיַין אַנדערש? דער כאָסן איז געפעלן אויך אים, איסאַק מאַרקאָ־וויטשן, — א יונגער געלערנטער, א ווילער באָכער, א פאַרדינער. עמעס, נאָך דעם, ווי ער האָט א פּאָר מאָל מיט אים זיך דורכגעשמועסט, איז אים געווען א ביסל ניט צום האַרצן, וואָס דער קינפּטיקער איידעם האָט, ריידנדיק וועגן זיַין אַרבעט, שוין צופיל אַרויסגעשטעלט זיך, דאָס, וואָס ער טוט, און מיט ביטל זיך אָפּגערופן וועגן זיַינע קאָלעגן, ווי איינער רעדט: וואָס ווייסן זיי? אָט ער... דאָס האָט אין איסאַק מאַרקאָוויטשעס אויגן אויסגעזען מאָדנע, נאָר ער האָט א טראכט געטאָן: דער באָכער איז נאָך יונג, און דעריבער איז ער צופיל פאַרגלייבט אין זיך, אין די אייגענע קויכעס. מיט דער צײַט וועט ער פון אָט דעם כיסאָרן פּאָ־טער ווערן און געפינען די ריכטיקע מאָס באַם אָפּשאַצן דאָס, וואָס ער טוט אליין, און דאָס, וואָס עס טוען אַנדערע.

אינגיכן האָט מען געפּראַוועט א כאַסענע. צום יאָר איז געבוירן געוואָרן א קינד, א יינגעלע.

און וואָס איז אַזוינס גליק? ניט וועגן דעם האָט מען דען געטראַכט אין יענע טעג, ווען פון אלע זיַיטן האָט געהאָגלט דער טויט? ניט וועגן דעם — אין די ערשטע שווערע יאָרן נאָך דער מילכאָמע? איינס האָט בלויז פאַרשטערט אָט דאָס גליק — בעלע האָט דערצו ניט דערלעבט ..

און וויַיטער... וויַיטער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אומגעריכטע און אומבאַגריַיפּ־לעכע, וואָס ער, איסאַק מאַרקאָוויטש, קאָן ביז איצט ניט מאַסיג זיַין. אָנגעהויבן האָט זיך עס פון קלייניקייַטן, וואָס די ערשטע צײַט האָט ער פון זיי קיין איבע־ריקן ווען ניט געמאַכט. רימע איז א פּאָר מאָל געקומען צו אים עפּעס א סמוט־נע. געווען איז עס שוין א פּאָר יאָר נאָך דער כאַסענע. מאַלע וואָס, האָט ער געקלערט, א יונג פּאָרפאָלק, מיסטאַמע זיך צעווערטלט, וועט מען זיך איבערבעטן. איינמאָל איז זי געקומען א פאַרוויינטע. אף זיַינע פראַגן — קיין וואָרט.

דערנאָך האָט ער געגומען באַמערקן, אַז רימע ווערט אַלץ מער כווישעכדיק, איז ער צוגעשטאַנען — וואָס קומט פּאָר?

— גאָרניט, — האָט זי געענטפערט.

— עדיק (אַזוי האָט מען גערופן דעם איידעם) באַליידיקט דיך עפּשער?

— ניין.

— וואָס זשע?

— גאָרניט.

— עפּשער האָט ער זיך גענומען צום טרונק? דערצייל, שעם זיך ניט.

— ניין.

— עפּשער שפּילט ער אין קאָרטן?

— ניט.

— עפּשער אומאָנגענעמלעכקייַטן אף דער אַרבעט?

יאָ, האָט זי אים דערציילט, דאָ איז עס צוגעגאַנגען ניט אינגאַנצן קעשורע. וואָס איז? עס האָט זיך באַפריַיט דאָס אָרט פונעם אָנפירער מיט א סעקטאָר אין

זייער וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט. עדיק האָט אויסגערעכנט אַף דעם דאָזיקן אָרט, נאָר באשטימט האָט מען דערוף אַן אנדערן, ניט אים.

— פארשטייסט, אַן אנדערן! — האָט רימע געזאָגט מיט דער זעלבער ניט צו־פרידענער אינטאָנאַציע, ווי עס וואָלט געזאָגט עדיק אליין. — און יענער איז דאָס אָרט לאכלוטן ניט ווערט...

דאָס איז אויך עדיקס געדאנק, — האָט א קלער געטאָן איסאַק מארקאָוויטש, און ער האָט געפרעגט בא דער טאָכטער:

— און ווי, אויב פארקערט? אויב יענער, דער אנדערער, האָט עס מער פאר־דינט?

— מער פון עדיקן? — האָט רימע איבערגעפרעגט.

— וואָס זשע, דו מיינסט, אז קיין בעסערס און שענערס פון דײַן עדיקן איז גאָר ניטאָ?

זי האָט זיך א ביסל פארלוירן:

— דאָס מיין איך ניט, נאָר עדיק זאָגט...

— מאלע וואָס עדיק קאָן אמאָל זאָגן... — ער האָט א פיר געטאָן מיט דער האנט איבער אירע האָר. — דאָס, וואָס דו האלטסט אזוי מיטן מאַן, איז גוט. נאָר א ווײַב דארף, ווען ס׳איז נייטיק, אויך קענען וואָרענען דעם מאַן פון א פאלשער מיינונג, פון א פעלערהאפטן שריט...

— איך האָב מוירע, אז דאָס קאָן איך ניט, — האָט רימע געענטפערט.

— דעריבער ביסטו די לעצטע צײַט אזוי פארומערט?

זי איז צוגעפאלן צו אים מיט א געוויין. ער האָט זיך דערשראָקן פאר אָט דעם פלוצלינגדיקן אויסברוך.

— וואָס איז געשען, טאָכטער?

— אוי, טאטע...

ער האָט זיך פארלוירן, ניט געוווּסט וואָס צו פרעגן.

— עפשער איז דאָ ארײַנגעמישט... א פרוי? דערצייל...

— מעגלעך.

— מעגלעך, זאָגסטו?

— יאָ, ס׳איז מעגלעך...

— און דו רעדסט וועגן דעם אזוי פּאָשעט?

זי האָט זיך נאָך שטארקער צעוויינט:

— טאטע, דו ווייסט גאָרניט, און בעסער דו זאָלסט ניט וויסן. האלעווײַ וואָלט איך אויך דערפון קיינמאָל ניט געוווּסט...

— וואָס זשע איז געשען? — האָט ער אויסער־זיך געפרעגט.

נאָך א לאנגן שווײַגן האָט זי אופגעהויבן צו אים די פארוויינטע אויגן און געזאָגט:

— טאטע, אלץ, וואָס דו האָסט ערשט אויסגערעכנט און פאר וואָס דו האָסט מוירע, איז גאָרניט מיט נישט אין פארגלײַך מיט דעם, וואָס איז אינדערעמעסן...

און זי האָט אים דערציילט. שוין א לענגערע צײַט, ווי עדיק האָט זיך פאר־בונדן מיט מענטשן, וועלכע קלײַבן זיך פארלאָזן דאָס לאנד און פאָרן... וווהין? קיין יִשׂראָעל... ער קלײַבט זיך אויך. צוערשט האָט ער עס פון איר געהאלטן בעסאָד, דערנאָך געזאָגט.

— עדיק... קיין יִשׂראָעל?

— יאָ, טאטע.

— וואָס האָט אזא, ווי ער, מיט יִשׂראָעל, און וואָס האָט יִשׂראָעל מיט אים?

— כ׳האָב עס אויך געוואָלט בא אים וויסן.

— און ער?

— פרעג ניט!

— וואָס איז אים שלעכט דאָ?
— אָט דאָס איז דאָך עס.
— אָבער פאָרט?
— די ערשטע צײַט פלעגט ער מיר ניט זאָגן, ווו ער ווערט פארפאלן אין די אָוונטן. דערנאָך האָט ער מיך א פּאָר מאָל אויך געבראַכט אין זײַן קאָמפּאַניע.
— נו?
— פרעג ניט, טאטע, כ׳האָב זיך אזוינס דאָרט אָנגעהערט...
— וואָס זשע?
— לויט זיי קומט אויס, אז יִשׂראָעל איז זייער היים...
— ס׳הייסט, דאָרט, ווו דו האָסט קיינמאָל ניט געטאָגט און ניט גענעכטיקט, איז דײַן היים? און דאָרט, ווו דו ביסט אופגעוואקסן, ווו מע האָט געמאַכט פון דיר א מענטש, — דאָס איז ניט דײַן היים?
— אזוי, טאטע, קומט לויט זיי אויס.
— און דו, טאָכטער, דו ווי האלטסטו?
— איך האלט, טאטע, אז דאָס איז פּאָשעט פאראט.
— האָסטו זיי עס געזאָגט?
— יאָ.
— און זיי?
— פרעג ניט! מע האָט זיך אף מיר ארופגעוואָרפן — און עדיק דער ערש־טער — גרייט מיך דוירעס צו זײַן. א פארעטערן, קומט אויס לויט זיי, בין איך גאָר... — אין די אויגן בא רימען זײַנען געשטאנען טרערן.
— איך מוז טייקעף אומבאדינגט זיך דורכריידן מיט עדיקן.
— ס׳וועט ניט העלפן, טאטע.
— פארוואָס מיינסטו?
— איך ווייס.
— נאָר איך מוז.
ער האָט געוווּסט, אז אייניקע יידן פאָרן ארויס. צווישן זײַנע אייגענע, באקאנ־טע, נאָענטע זײַנען אזעלכע ניט געווען. דער ערשטער פון דעם מין האָט גע־זאָלט זײַן דער איידעם. און אים האָט ביז גאָר אינטערעסירט, מיט וואָס מאָטי־ווירט יענער זײַנע קאוואָנעס. פאר אים אליין, פאר איסאק מארקאָוויטשן, איז אָט די פראגע קיינמאָל ניט געשטאנען. וואָס הייסט, האָט ער געטראַכט, פאָרן אהין? ווּהין אהין און צוליב וואָס? ער האָט ניט פארשטאנען, ווי נעמט מען עס אזוי אָט, הענדעם־פּענדעם, און מע פארלאָזט די ערד, ווו דו ביסט געבוירן געוואָרן, ווו עס האָבן אויסגעלעבט זייערע יאָרן דײַנע טאטעס, זיידעס און עלטערזיידעס... די ערד, ווו עס איז געשטאנען דײַן וויגל... ווו דו האָסט זיך פארווײַלט אין דײַנע ערשטע קינדער־שפּילן... איבערגעלעבט דײַן ערשטע ליבע... די ערד, פאר וועל־כער דו האָסט פארגאָסן דײַן בלוט, באשיצנדיק זי... און ווּהין פאָרן? אין א לאנד, ווו ווייס איך ווען, מיט טויזנטער יאָרן צוריק, האָבן געלעבט די אָוועס־אוּוויסיינו, נאָר ווו ס׳איז איצט פאר דיר אלץ פרעמד. א לאנד, וואָס אף צו באזעצן דיך און אזעלכע, ווי דו, אָנגעקומענע, אָנגעפּאָרענע, דארף מען דאָרט פארטרײַבן, אויי־קער מין האשוירעש זײַן מענטשן אָרטגעבירטיקע פון זייערע אײַנגעזעסענע ער־טער... נאציאָנאלע ווירדע... אין וואָס זשע דארף אָט די ווירדע באשטיין? ניט שוין זשע אין דעם, מע זאָל פארפאָלגן אנדערע? און ווער דארף עס טאָן — יידן, וואָס זײַנען אליין אין מעשעך פון יאָרטויזנטער אונטערדריקט און פארפאָלגט געוואָרן? ניין, די נאציאָנאלע ווירדע פון יעדן יידן באשטייט גיכער אין עפּעס אנדערש — אין דעם, מע זאָל צוזאמען מיט אנדערע אומעס־האָוילעם אונטער־שטעלן א פלייצע אף אויסצובויען א לעבן, ווו קיינער וועט קיינעם ניט פאר־פאָלגן...

אזוי האָט וועגן דעם געטראַכט איסאַק מאַרקאָוויטש. וואָס טראַכט אָבער דער איידעם זײַנער? ער האָט געוווּסט: יענער זוכט ניט קיין מעגלעכקייט צו מאַכן עפּעס א ביזנעס, ווי אַנדערע.

געקומען איז ער צו די קינדער אין אָוונט. געוווינט האָבן זיי אין א קאָאָפּעראַטיווער דירע, וואָס טאַקע ער, צוזאַמען מיט עדיקס עלטערן, האָבן פאַר זיי געקויפט. פון זײַן זײַט איז עס געווען „נאַדן" פאַר דער טאָכטער, פון זייערער — „דראָשע־געשאַנק" צו דער כאַסענע. אויסגעמעבלט איז די דירע געווען לויט דער לעצטער מאָדע, מיט א גאַרניטור אין אַלקער, א גאַרניטור אין קיך, און דאָס אויך ניט אָן דעם אָנטייל פון די מעכוטאָנים.

רימע האָט אין אַלקער געלייגט שלאָפן דאָס קינד. עדיק איז אינעם ערשטן צימער געזעסן באַם זשורנאַל־טישל אין א פאָטעל און האָפּערדיק, פאַרלייגט א פוס אף א פוס, געשמועסט מיט עמעצן אין טעלעפאָן. פאַרן שווער האָט ער, זיצנדיק, עטוואָס זיך פאַרנייגט און אָנגעוויזן אפן פאָטעל אַנטקעגן. גערעדט האָט עדיק אף א שפּראַך, וואָס איסאַק מאַרקאָוויטש האָט ניט פאַרשטאַנען. אייניקע ווערטער האָבן אים יאָ אויסגעזען קענטלעך, האָבן זיי אָבער געקלונגען אזוי מאָדנע, אז ער איז סײַווי אַרויס ניט וויסנדיק.

— שאַלאָם! שאַלאָם! — האָט ענדלעך א זאָג געטאָן עדיק אין טעלעפאָן און אַוועקגעלייגט דאָס טרײַבל.

— אף וואָס פאַר א לאָשן האָסטו גערעדט? — האָט געפרעגט דער שווער.

— איר האָט דען ניט פאַרשטאַנען?

— ניין.

— גאָרניט פאַרשטאַנען?

— ניט.

— איך האָב דאָך גערעדט אף אונדזער לאָשן.

— וואָס הייסט בא דיר „אונדזער לאָשן"?

— איוורית.

— פון ווען אָן, עדיק, איז איוורית געוואָרן דײַן לאָשן?

— פון ווען אָן? פון זינט איך בין געבוירן געוואָרן, פון זינט איר זײַט געבוירן געוואָרן, פון זינט עס זײַנען געבוירן געוואָרן אונדזערע אָוועס, איז איוורית אונדזער לאָשן.

— אונדזער לאָשן? כאָטש מיר ווייסן עס ניט?

— איך האָב ניט לאַנג צוריק אָנגעהויבן זיך לערנען, און איך רעד שוין ניט שלעכט.

— מיט וועמען האָסטו עס גערעדט, אויב ס'איז ניט קיין סאָד?

— מיט מײַנעם א כאַווער, אַן אינזשעניער פון אונדזער לאַבאָראַטאָריע. מיר האָבן ביידע אין איין צײַט גענומען לערנען די שפּראַך...

— און — צו וואָס?

— וואָס — צו וואָס?

— צו וואָס דאַרפט איר עס?

— קעדיי, ווען מיר וועלן קומען אהין, זאָלן מיר פאַרשפּאָרן גיין אף שפּראַך־קורסן און קאָנען גלײַך באַקומען א שטעלע.

— זאָג מיר: דאָ איז בא דיר א שלעכטע שטעלע, עדיק?

— דאָ?

— יאָ, דאָ.

— דאָ איז ניט דאָרט.

איסאַק מאַרקאָוויטש האָט מיטאַמאָל דערפילט, אז דער שניפּס וואָרגט אים דעם האַלדז, האָט ער אים א ביסל נאָכגעלאָזט און א פרעג געטאָן:

— זאָג מיר נאָר, עדיק, אָט וואָס... אָט דאָס פאָרן אהין... ס'איז בא דיר שוין א פעסט באשלאָסענע זאך?

— אבסאָליוט.

— און דײַנע עלטערן?

— דאָס איז זייער זאך. ווי זיי וועלן פארשטיין.

— דיר גייט עס ניט אָן?

— סאנטימענטן זײַנען איצט ניט אין דער מאָדע.

איסאק מארקאָוויטש האָט נאָך א ביסל נאָכגעלאָזט דעם שניפּס.

— אָט האָסטו געזאָגט: „דאָ איז ניט דאָרט". קענסטו מיר עפּשער דערקלערן — מיט וואָס איז דיר שלעכט דאָ, און מיט וואָס וועט דיר אזוי גוט זײַן דאָרט?

עדיק האָט זיך אופגעהויבן פונעם פאָטעל און א קוק געטאָן אפן שווער פון אויבן־אראָפּ.

— ווי זאָל איך עס אײַך בעסער געבן צו פארשטיין?

— אָט־אָט, איך וויל טאקע הערן — אין וואָס גייט דאָ?

— דאָ גייט אין א פּאָשעטער זאך, — האָט עדיק געגומען ציִען די ווערטער, — איך וויל זײַן א פרײַער מענטש.

— דאָרט, הייסט עס, וועסטו זײַן א פרײַער מענטש? פון וואָס, זאָג זשע מיר, ווילסטו זײַן פרײַ?

— פון וואָס? — עדיק האָט זיך אָנגעבויגן צום שווער, די אויגן האָבן מיטאָמאָל בא אים זיך אָנגעגאָסן, און ער האָט הייזעריק ארויסגעכריפּעט: — פון צוגעבונדנקייט. איך וויל זײַן פרײַ פון צוגעבונדנקייט אפן גאנצן לעבן צו איין און דעם זעלבן אָרט... פרײַ פון הערן טאָג און נאכט, אז נאָר אָט דאָס אָרט איז פאר מיר און איך פאר דעם, אז נאָר דאָ איז מײַן דאָברע־מאזל מיט אלץ מיטאנאנדער...

— צוגעבונדנקייט, זאָגסטו, — האָט זיך אָנגערופן איסאק מארקאָוויטש, — פרײַ פון צוגעבונדנקייט?.. יאָ, אויב מע פילט זי ניט אליין, אָט די צוגעבונדנקייט... — מיטאמאָל האָט ער זיך אופגעהויבן און א שטעל געטאָן זיך קעגן דעם איידעם. — זאָג מיר: ווי קאָנסטו אָבער ניט פילן קיין צוגעבונדנקייט צום אָרט, ווו דו ביסט געבוירן, געוואקסן, ווו דו לעבסט? מע דארף עס דיר אײַנשמועסן, ווי דו זאָגסט, טאָג און נאכט? און אליין פילסטו עס ניט? גאָרניט פילסטו ניט?

דער איידעם האָט אים מאָדנע אָנגעקוקט און געשוויגן.

איסאק מארקאָוויטש האָט זיך דורכגעשפּאנט איבערן צימער און ווידער זיך אָפּגעשטעלט קעגן עדיקן.

— ווילסט, וועל איך דיר זאָגן, פון וואָס דיך ציט פרײַ צו ווערן?

— ?

— פון געוויסן...

— אָ!..

— פון פאראנטוואָרטלעכקייט...

— און נאָך?

— פון דער נייטיקייט צו צאָלן כויוועס, יאָ!

— דאָס איז ציקאַווע.

— ס'איז ניט נאָר ציקאַווע! אמאָל איז געווען אזא קאטעגאָריע — אָנזעצער. ווייסטו, וואָס דאָס באטײַט? אויב א מענטש האָט ארויסגעגעבן א וועקסל און צו דער צײַט אים ניט באצאָלט, איז ער געוואָרן אן אָנזעצער.

— וואָס האָט עס פאר א שײַכעס צו מיר? — האָט געפרעגט עדיק.

— גאָר א גרויסע. מע האָט דיך דאָ דערצויגן, געלערנט, געמאכט פון דיר א וויסנשאפטלער. ס'איז א פארמעג, ניט אָפּצושאצן! און אָט דעם פארמעג האָסטו באקומען דאָ אין לאנד, ווו דו זאָגסט, אז ס'איז דיר שלעכט, — דאָ, און ניט

ערגעץ אנדערש. פאַקעוועסטו איצט איַין אָט דעם פאַרמעג אין א טשעמאָדאַן און אנטלויפסט? ווער זשע ביסטו, אויב אזוי, האַ?

— טאַטע, א גלאָז קאווע, — רימע האָט באַלייגט שלאָפן דאָס קינד און צוגע־גרייט א קליינינקן קיבעד פאַרן פאָטער. זי איז געשטאַנען אפן שוועל מיט דער טאַץ מיט קאווע, לימענע, געבעקס.

איסאַק מאַרקאָוויטש האָט ניט באַמערקט די טאָכטער. אָן אופגערודערטער, האָט ער געשפּאַנט איבערן צימער און געטראַכט וועגן דעם אײדעם: אזוי איז עס, ווען מע וואַקסט אויס א בעניאָכידל באַ גוט איַינגעאָרדנטע, פאַרמעגלעכע טאַטע־מאַמע. מע האָט ניט לעם זיך קיין קיין ברודערל, קיין שוועסטערל, פון קליינוויַיז אָן ווייסט מען ניט, וואָס עס הייסט טיילן דעם ביסן מיט נאָך עמעצן. מע ווייסט איינס: אלץ שטאָפּט מען אריַין אין דיר, דעם גאַנצן קעז אין איין ווארעניק... וואַקסטו נאָכדעם אויס אזא „ווארעניק”, קומסט אין דער געזעלשאַפט און מיינסט אלץ, אז דו ביסט איינער, און מער קיינער, אלץ קומט דיר... טאָמער גיט מען עפּעס אָן אנדערן און אזא מין מענטשן — ניט, נעמט ער עס שוין אוף ווי א פּיַינטלעכן אויסברוך קעגן זיך, און ער איז גרייט אלץ מיטאַנאַנדער דוירעס זיַין. און טאָמער טוט אים, כאָלילע, א קוועטש דער שוך, איז דער גאַנצער סיידער־האָוילעם קרום אוועקגעשטעלט, איז ער גרייט לויפן אין עק וועלט זוכן „גערעכ־טיקיַיט”. ער ווייסט ניט, אז דאָס גרעסטע אומרעכט שטעקט אין אים אליין. עס גייט, פאַרשטייט זיך, ניט אין דעם, וואָס ער איז א בעניאָכיד, — האָט איסאַק מאַרקאָוויטש געטראַכט וועגן דעם אײדעם, — עס גייט אין פיל מער. עס גייט אין דער בעניאָכידישער פּסיכאָלאָגיע, וועלכע האָט שוין פאַרשאַפן און פאַרשאַפט נאָך אלץ אזויפיל אומגליק...

— טאַטע, א גלאָז קאווע, — האָט רימע איבערגעכאַזערט.

ערשט איצט האָט ער זי באַמערקט, נאָר אלץ נאָך געשפּאַנט, אָן אופגעבראַכ־טער, איבערן צימער.

— ווער זשע ביסטו, האַ? — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט קעגן דעם אײדעם. יענער האָט געשוויגן.

— א דאַנק, איך וויל ניט קיין קאווע, — האָט איסאַק מאַרקאָוויטש זיך א קער געטאָן צו דער טאָכטער, — איך בין שוין זאַט דאָ מיט אלץ אָט אזוי וויַיט...— און ער האָט זיך געלאָזט צו דער טיר.

רימע האָט אָנגעשטעלט אף עדיקן א פרעגנדיקן בליק. שוין אין דער אָפענער טיר האָט איסאַק מאַרקאָוויטש זיך אויסגעקערעוועט און א געשריי געטאָן צום אײדעם:

— אָן אָנזעצער — אָט ווער דו ביסט! א מיִעסער אָנזעצער... — און פאַרהאַקט הינטער זיך די טיר.

מע האָט דערהערט, ווי אין קאָרידאָר האָט זיך אראָפּגעלאָזט דער ליפט.

3

דאָס אלץ איז פאָרגעקומען אין אָנהייב האַרבסט. עס זיַינען דורכגעגאַנגען עטלעכע כאָדאָשים. דער שווער מיטן אײדעם האָבן אפילע הערן מער איינער פונעם אנדערן ניט געוואָלט. רימע איז א פּאָר מאָל געווען באַם טאַטן מיטן קינד, ער זאָל אף דעם א קוק טאָן, און ווען עדיק איז ניט געווען אין דער היים, האָט זי דעם פאָטער געקלונגען, זיך אָנגעפרעגט, וואָס ער מאַכט, און קנאַפּ־וואָס דער־ציילט וועגן זיך. מע האָט געפילט — מער פאַרשוויַיגט זי, קעדיי ניט צו פאַרשאַפן דעם טאַטן קיין אגמעסנעפעש.

ס׳איז געווען שפעט אין אָוונט. מירע און מאשע האָבן פארבראכט אף אימע־נינעס בא א כאווערטע. איסאק מארקאָוויטש האָט איינער אליין אין צימער גע־קוקט דעם טעלעוויזאָר. א פארברענטער „באָלעלשטשיק״ (אמאָל וואָלט מען גע־זאָגט — א כאָסיד) פון כאָקיי, האָט ער געכאפט היספּײַלעס פון דער ווירטואָזיש־קײַט און מעסירעסנעפּעש, מיט וועלכער דער גאָלקיפּער האָט אלע מאָל זיך גע־וואָרפן אף דער קליינינקער שײַבע, ניט ארײַנלאָזנדיק זי אין טויער. בא יעדער טרעפלעכער קאָמבינאציע איז איסאק מארקאָוויטש יינגלש אונטערגעשפּרונגען אין פאָטעל און זיך ארומגעקוקט, געוואָלט מיט נאָך עמעצן טיילן זײַן אנציקונג, גאָר פארגעסן, אז אין צימער איז ער אליין. פארכאפּט מיט דער שפּיל, האָט ער ניט באלד דערהערט דעם קלונג אין טיר, און, דערהערנדיק, ניט צופרידן זיך אופגעהויבן — ווען עמען האָט עס אָנגעטראָגן דער רוּעך אף שטערן אים דערקוקן דעם מאטש?

געעפנט די טיר.

— רימע? דו?

זי איז געשטאנען מיטן קינד אף די הענט.

— אזוי שפעט?

— ראָמיק איז אין וועג אנשלאָפן געוואָרן, — האָט זי געזאָגט, — מע דארף אים שוין ערגעץ אוועקלייגן.

— קום, קום ארײַן! — האָט ער אין גרויס פארלוירנקײַט זיך אָנגערופן. — לייג אים אוועק אף מײַן בעט, אין אלקער, אָט דאָ...

רימע האָט אראָפּגעוואָרפן דעם מאנטל, שווײַגנדיק גענומען אויסטאָן און באלייגן דאָס קינד. ביז זי וועט זיך אָפּפּארטיקן דערמיט, איז ער ארײַן צו זיך אין צימער, נאָר דעם טעלעוויזאָר מער ניט געקוקט.

באלייגט דאָס קינד, איז רימע פון אלקער ארײַנגעקומען א בלאסע (און עפּ־שער האָט זיך אזוי אויסגעדאכט אין דער געלבלעכער שײַן פונעם טאָרשער), זיך צוגעזעצט און מיד אוועקגעלייגט די הענט אף די קני.

— טאטע, כ׳בין געקומען צו דיר אף שטענדיק...

פונקט אין דער מינוט האָט איינער פון די שפּילערס ארײַנגעשלײַדערט די שײַבע אין די טויערן. דאָס רעווען פון די טריבונעס און דער געשריי פונעם קאָמענטאטאָר האָבן פארהילכט רימעס קאָל. איסאק מארקאָוויטש איז צו צום טעלעוויזאָר און אויסגעשלאָסן דעם קלאנג. אפן בלויען עקראַן איז דער קאמף ווײַטער אָנגעגאנגען שטומערהייט.

— וואָס איז געשען? — האָט ער זיך צוגעזעצט לעבן רימען.

— איך געט זיך מיט אים.

איסאק מארקאָוויטש האָט זיך צוגערוקט נעענטער מיט זײַן פאָטעל.

— זיי גיבן אײַן די פּאפּירן אין „אָוויר״.

— ווער?

— ער (אזוי האָט זי איצט גערעדט וועגן מאן, ניט אָנרופנדיק אים באם נאָ־מען) און זײַנע עלטערן.

— די עלטערן אויך?

— יאָ.

— זיי האָבן דאָך ניט געוואָלט, ער זאָל פאָרן?

— יאָ, געמיינט, זיי וועלן אים אָפּרעדן, האָט זיך ניט אײַנגעגעבן. איצט זאָגן זיי: „איין אויג אין קאָפּ. ווו ער, דאָרט מיר״.

— און דו? דאָס קינד?

— אין דעם גייט עס דאָך. מע שטייט צו, ווי מיט א מעסער... מע דארף דאָך אײַנגעבן די פּאפּירן צוזאמען, אף מיר און אפן קינד.

— דו — ווילסט ניט פאָרן?

— ווי מע וויל ניט שטארבן!...— זי האָט פארבראָכן די הענט און צוגעפאלן צו אים.

ער האָט איר ארופגעלייגט די האנט אפן קאָפּ:

— וויין ניט, טאָכטער...

אין אים האָט אופגעטויכט א ווײַטע דערמאָנונג. רימע איז דאן אלט געווען א יאָר צוויי אָדער צוויי מיט א האלבן. געקומען פון דער ארבעט, טרעפט ער בעלען מיטן קינד אף די הענט, און דאָס קינד פארגייט זיך... א קנײַעלע בא דעם איז איבערגעבונדן... וואָס איז געשען? דאָס קינד האָט ליב באקומען די הוידעלקע, האָט בעלע אין הויף עס געהוידעט. א שכיינע האָט איר עפּעס געזאָגט, זי האָט אף א רעגע זיך אָפּגעקערט, איז דאָס קינד א פאל געטאָן אפן אספאלט און צע־קלאפּט א קנײַעלע... „ביז בלוט”, — האָט בעלע צוגעגעבן, און אין די אויגן בא איר — טרערן. האָט ער בא בעלען אויסגעווישט די טרערן, גענומען בא איר דאָס קינד, און — א מאָדנע זאך — בא אים אף די הענט איז עס באלד אנשוויגן גע־וואָרן. זיך אײַנגענורעט מיטן גאנצן גופל אין אים און אופגעהערט שרײַען... ער געדענקט, ווי בא בעלען האָט דאן א לויכט געטאָן דער בליק. „זע, ווי זי האָט דיך ליב, — האָט זי געזאָגט, — זי זעט דיך אזוי זעלטן”...

— וויין ניט, טאָכטער, — האָט איסאַק מארקאָוויטש, ווי דעמלט, גלעטנדיק זי איבערן קאָפּ, א זאָג געטאָן. — מיר וועלן זיך אן אייצע געבן...

— וואָס פאר אן אייצע, טאטע, קאָן דאָ זײַן?

יאָ, יענער קינדערשער ווייטעק איז גיך פארבײַ. און אָט דער?..

— וואָס זשע, טאָכטער, האָסטו באשלאָסן טאָן?

— איך געט זיך מיט אים. דאָס קינד וועט בלײַבן בא מיר, טאטע, — האָט זי האסטיק זיך א קער געטאָן צו אים, — אין אזא פאל בלײַבט לויטן געזעץ דאָס קינד בא דער מוטער, איאָ?

— איך ווייס ניט, טאָכטער, קיינמאָל מיט אזוינס זיך ניט אינטערעסירט און ניט געמיינט, אז ווען־עס־איז וועל איך עס דארפן, — האָט ער געענטפערט און צוגעגעבן: — נאָר כ׳מיין, אז יאָ, דאָס קינד מוז בלײַבן מיט דער מוטער. און וואָס זאָגן זיי — זײַנע עלטערן, ערי?

— די עלטערן שווײַגן. זיי פאָרן דאָך אליין ניט גערן, צוליב אים. און ער האָט די גאנצע צײַט געפרווט מיר אײַנשמועסן, אז איך בין א נאר, אז איך ווייס ניט „ווו גוט איז”. דערנאָך גענומען טײַנען, אז וויבאלד כ׳בין זײַן פרוי, מוז איך טאָן ווי ער, נאָכפאָרן מיטן קינד. כ׳מוז...

— און וואָס האָסטו אים דערויף געענטפערט?

— טאטע, מיר איז שווער. זייער שווער... ווי קאָן איך דאָ איבערלאָזן דיך? — זי האָט געשוויגן א ווײַלע און צוגעגעבן: — און דער מאמעס קייווער?.. כ׳האָב עס אים געזאָגט. ווייסטו, וואָס ער האָט מיר געענטפערט? — „סענטימענטן”... האָב איך קאטעגאָריש געמאָלדן: איך פאָר ניט!

— ווען איז בא אײַך פאָרגעקומען דער געשפּרעך?

— הײַנט, טאטע, און שוין ניט צום ערשטן מאָל. נאָר הײַנט האָב איך דער־פילט, אז מער קאָן איך ניט! האָב איך געכאפּט דאָס קינד און אוועק. צו דיר...

— באַרויִק זיך, טאָכטער, — איסאַק מארקאָוויטש האָט זיך אופגעהויבן און א שפּאַן געטאָן איבערן צימער. — באַרויִק זיך. מעגלעך, ניט אלץ איז נאָך פארפאלן. כ׳מיין, דײַן הײַנטיק אוועקגיין. גוט, וואָס האָסט אזוי געטאָן. ס׳איז דאָך ניט אזוי פּאָשעט...

— ניט אזוי פּאָשעט, — האָט ווי א ווידערקאָל איבערגעכאזערט רימע.

— ער וועט זיך באטראכטן. אָט וועסטו זען...

ניט באַוויזן האָט איסאַק מארקאָוויטש ארויסברענגען אָט די ווערטער, האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן.ביידע האָבן אופגעציטערט.

— ער! — האָט אויסגערופן איסאַק מאַרקאָוויטש. — זעסט, ער האָט זיך שוין געכאַפּט!..

— כ'ווייס ניט, — האָט מיט צווייפל זיך אָנגערופן רימע, נאָר אין בליק בא איר האָט עפּעס א בליץ געטאָן. — טאַטע, גיכער נעם דאָס טרײַבל...

— אלאָ, אלאָ, איך הער!

זי האָט דעם בליק ניט אראָפּגענומען פונעם פּאָטערס פּאָנעם, געוואָלט, ער זאָל מיט א ווונק באַשטעטיקן, אַז דאָס קלינגט טאַקע ער. נאָר דעם טאַטנס פּאָ־נעם איז געווען גלײַכגילטיק.

— גוט, גוט, — האָט ער א זאָג געטאָן און אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל.

— נו?

— עס האָט געקלונגען מירע. די כאַווערטע, בא וועמען זיי זײַנען אף אימעני־נעס, האָט זיי פאַרגעלייגט בלײַבן נעכטיקן, ווײַל ס'איז שוין שפּעט.

— זעסטו, — האָט רימע א זאָג געטאָן מיקויעך דעם, וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט, ווען דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען.

— יאָ, — האָט אומבאַשטימט א ברום געטאָן איסאַק מאַרקאָוויטש. נאָר אין א רעגע ארום האָט ער זיך האַפּערדיק א קער געטאָן צו רימען. — איז גוט! ראַמיקן לייג אוועק אף מירעס געלעגער און אליין וועסטו זיך לייגן אף מאַשעס. און ווײַטער וועלן מיר זיך אַן אייצע געבן! עפּעס עסן, טאָכטער?

— ניט.

— טיי?

— עס קריכט גאָרניט אין האלדז, טאַטע.

זי איז אוועקגעגאַנגען אין אלקער צום קינד. איסאַק מאַרקאָוויטש איז פאַר־בליבן אליין אין צימער. א ווײַלע געשטאַנען מיט אַן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, דערנאָך א קוק געטאָן צום טעלעוויזאָר. די פלינקע פיגורן פון די כאָקייִסטן האָבן אין אבסאָליוטער שטילקײַט בליץ־שנעל זיך געטראָגן איבערן עקראַן, צונויפשטויסנ־דיק די קליושקעס. פאַרוואָס זשע הערט מען ניט קיין קלאַפּערײַ? און ווו איז די שטים פונעם קאָמענטאַטאָר? א, — האָט איסאַק מאַרקאָוויטש זיך א כאַפּ געטאָן, — ער האָט דאָך אויסגעשלאָסן דעם קלאַנג... — ווו האלטן זיי אין כעזשבן? — האָט איסאַק מאַרקאָוויטש א טראַכט געטאָן און גלײַך פאַרשטאַנען, אַז דאָס אינטערע־סירט אים ניט. דער שטומער קאַמף אפן בלויען עקראַן האָט, ווי קיינמאָל פריִער, אויסגעזען איצט אין זײַנע אויגן ניט וויכטיק, ניט ערנסט, א מין קינדער־שפּיל, ניט מער, אין פאַרגלײַך מיט יענעם געראַנגל, וואָס זײַן אָפּהילך האָט, ווי דאָס קנאַלן פון א דונער, דערלאַנגט אויך אהער, צו אים אין שטוב...

איסאַק מאַרקאָוויטש האָט אויסגעשלאָסן דעם טעלעוויזאָר, א ווײַלע געשטאַנען נאָך און אוועק אין אלקער, צום אייניקל.

אין דער בלוילעכער שײַן פונעם נאַכט־לאָמפּ איז דאָס יִינגעלע געשלאָפן אף א זײַט, איין הענטל אונטערן בעקעלע, דאָס אנדערע, א נאַקעטס, איבער דער טונקעלער קאָלדרע. אפן פּוכקע הענטל, באַם עלנבויגן, א גריבעלע. איסאַק מאַר־קאָוויטש האָט זיך אָנגעבויגן און פאַרזיכטיק, ניט אופצוּוועקן דאָס קינד, צו אָט דעם גריבעלע זיך צוגערירט מיט די ליפּן... ער טוט עס פאַר בעלען אויך... איר איז אָט דאָס גליק ניט באַשערט געווען... גוט נאָך, וואָס זי האָט געהאַט דאָס גליק צו האָבן קינדער. ווען יענע קויל טרעפט מיט איין סאַנטימעטער טיפער, וואָלט דאָס אויך קיינמאָל ניט געווען... און אָט ליגט נאָך א נעפּעשל, א קינד פון זייער קינד... רויִק שלאָפט עס, ווייסט פון גאָרניט. ווייסט ניט, פאַרוואָס איז עס הײַנט ניט בא זיך אין בעטל, פאַרוואָס זײַן מוטער האָט עס געבראַכט אהער...

איסאַק מאַרקאָוויטש האָט עטוואָס ארופגעצויגן די קאָלדרע און איז שטיל אף די שפּיץ פינגער ארויסגעגאַנגען.

אפן שוועל האָט ער זיך געטראָפֿן מיט רימען, זי איז ארויסגעקומען פֿונעם וואנע־צימער.

— דער כאלאט איז אָף דיר עפּעס ענגלעך, — האָט ער באמערקט.

— ס'איז דאָך מאַשעס, — האָט זי געענטפֿערט, — כ'האָב גאָרניט פֿארכאפּט פֿון דער היים. אנטלאָפֿן, ווי פֿון א סרייפֿע...

— ווּעסט דארפֿן צופֿאָרן, — האָט ער געזאָגט, — אריבערפֿירן דײַנע און ראָמיקס זאכן.

— איך זאָל פֿאָרן? מײַן פֿוס וועט דאָרט מער ניט זײַן! איך וועל בעטן מירען און מאַשען.

— ווי דו פֿארשטייסט.

— ער שלאָפֿט? — האָט רימע געפֿרעגט וועגן קינד.

— ער שלאָפֿט.

— ווּעלן מיר אויך גיין שלאָפֿן.

— יאָ, — האָט ער געענטפֿערט, — ס'איז שוין שפּעט.

אין עטלעכע מינוט ארום איז אין דער דירע געוווען אויסגעלאָשן די שײַן. איסאַק מארקאָוויטש איז געלעגן בא זיך אפֿן געלעגער, רימע — אין דעם אנדערן צימער — אָף מאַשעס. ניט ער, ניט זי האָבן די גאנצע נאכט ניט צוגעמאכט מיט קיין אויג. ביידע האָבן געהאט גענוג וועגן וואָס צו טראכטן.

## 4

א וואָך צײַט האָט רימע געלעבט באַם טאטן. אין דער דרײַצימערדיקער דירע האָט מען איבערגעשטעלט דאָס מעבל און די געלעגערס אזוי, אז איין צימער זאָל זײַן פֿאר רימען מיטן קינד. פֿאר אָט דער וואָך האָט זי קיין איין מאָל ניט אָנגעקלונגען צו זיך אהיים, און קיין איין מאָל האָט מען איר ניט אָנגעקלונגען פֿון דאָרטן. ביידע צדאָדים האָבן געוואַרט, ווער עס וועט פֿריִער ניט אויסהאלטן, זיך אָפּרופֿן דער ערשטער. רימע איז קענטיק אראָפּ פֿון פּאָנעם, בלאס געוואָרן. בא איר האָט זיך אופֿגעהויבן דער בלוט־דרוק, מע האָט איר אפֿילע ארויסגעגעבן א ביולעטען, און עטלעכע טעג איז זי ניט געגאנגען צו דער ארבעט.

— וואָס עסטו זיך אזוי אָפּ דאָס הארץ? — האָבן געטײַנעט צו איר די שוועסטער. — האָסט דאָך באשלאָסן, אז דו גייסט פֿון אים אוועק, יאָ?

— באשלאָסן.

— פֿעסט?

— פֿעסט.

— פֿאָרן מיר נאָך דײַנע זאכן!

— ווארט נאָך צו...

אָט דער געשפּרעך מיט די שוועסטער האָט זיך איבערגעכאזערט יעדן טאָג. סאָף וואָך האָט רימע געמאָלדן, אז נאָך די זאכן פֿאָרט זי אליין. זי ווייסט בעסער, ווו וואָס עס ליגט, וואָס זי דארף פֿאר זיך, פֿאַרן קינד. פֿאָרן האָט זי זיך געקליבן אליין, נאָר ווען זי איז שוין געווען אָנגעטאָן, האָט ראָמיק געמאכט א גוואלד — ער וויל צום פּאפּע, און אויס! האָט זי אים גענומען מיט זיך.

— מיר וועלן אויך פֿאָרן, דיר העלפֿן, — האָבן פֿאָרגעלייגט ביידע שוועסטער.

— מע דארף ניט, כ'וועל אליין.

— עפּשער זאָל איך מיט דיר פֿאָרן? — האָט געפֿרעגט דער פֿאָטער, כאָטש נאָך יענעם לעצטן געשפּרעך האָט אים שטארק ניט געוואָלט זיך נאָכאמאָל טרעפֿן מיטן איידעם.

— מע דארף ניט, טאטע, — האָט רימע געענטפֿערט.

זי איז אוועקגעפאָרן.

מע האָט געוואַרט אַף איר ביז שפּעט אין אָוונט. רימע איז ניט געקומען. עס גייט א שאָ נאָך א שאָ — ניטאָ רימע. וואָס זאָל עס באַטײַטן? עפּשער עפּעס גע־שען אין וועג? מאַלע וואָס עס קאָן זיך מאַכן! ווי דערוויסט מען זיך? ווּהין קלינ־גען? און עפּשער וועט זי אָט־אָט באַלד קומען... האָט מען געוואַרט. ניטאָ. אָנקלינגען צו רימען אַהיים? נאָר פון דאָרט וואָלט זי דאָך אַליין אָנגעקלונגען. איז עפּעס טאַקע געשען? אַזייגער צוועלף באַנאַכט, נאָך אַלע איבערטראַכטענישן, האָט מירע ניט אויסגעהאַלטן און אָנגעקלונגען צו רימען אַהיים.

דאָס טרײַבל האָט גענומען עדיק.

— רימע מיטן קינד זײַנען געקומען אַהיים?

— געקומען.

— זי איז אין דער היים! — האָט מירע, א שײַנענדיקע, זיך א קער געטאָן צום טאַטן מיט דער שוועסטער, וואָס זײַנען אין איינע ציטערניש געשטאַנען דערבײַ.

— אין דער היים! אין דער היים! — האָט, א גליקלעכע, אונטערגעטאַנצט מאַ־שע און א פּליעסקע געטאָן מיט די הענט.

— דאַנקען גאָט! — האָט זיך אַרויסגעריסן בא איסאַק מאַרקאָוויטשן. נאָך אַלע־מען, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט פאַר אָט דעם טאָג, איז געווען דאָס גרעסטע גליק — דערוויסן זיך, אַז רימע מיטן קינד זײַנען גאַנץ. וואָס דאַרף מען נאָך? מירע האָט מיט פאַרלײַכטערונג אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל. ערשט אין מינוטן אַרום האָט מען זיך געכאַפּט: יאָ, פאַרוואָס אָבער איז זי ניט געקומען צוריק?

— אַבי זי לעבט! — האָט זיך אָנגערופן מאַשע. — דאָס איבעריקע קאָן מען זיך דערוויסן מאָרגן.

— ווען וועסטו שוין אויפהערן צו זײַן אַזוי לײַכטזיניק? — האָט זיך צעבייזערט אַף איר די עלטערע שוועסטער. — וואָס הייסט — מאָרגן? זי האָט זיך געקליבן צוריקקערן הײַנט! און עפּשער רײַסט זי זיך פון דאָרטן און מע לאָזט זי ניט אַרויס? עפּשער האָט מען פאַרהאַקט פאַר איר די טירן? ווער ווייסט, וואָס מע קאָן מיט איר טאָן? ווי קאָן מען אָפּלייגן אַף מאָרגן?

— קלינג נאָכאַמאָל אָן, — האָט געזאָגט דער פאָטער.

דאָס טרײַבל האָט ווידער גענומען עדיק.

— זאָל רימע צוגיין צום טעלעפאָן, — האָט געבעטן מירע און דערהערט אין טרײַבל:

— רימע קאָן ניט צוגיין צום טעלעפאָן.

— רימע קאָן ניט צוגיין צום טעלעפאָן! — האָט זי, אַן איבערגעשראָקענע, אַפּן אָרט איבערדערציילט דעם פאָטער און דער שוועסטער.

— וואָס איז געשען? — האָבן יענע אויסגעשריִען אין איין קאָל.

— וואָס איז געשען? — האָט מירע א געשריי געטאָן אין טרײַבל.

— ס'איז גאָרניט געשען, — האָט זיך דערהערט א רויִקער ענטפער, — זי שלאָפט.

מיט כידעש אין די ברייט צעעפנטע אויגן האָט מירע זיך א קער געטאָן צום פאָטער און צו דער שוועסטער:

— זי... שלאָפט...

— זי שלאָפט?

— ווי קאָן עס זײַן?

— וואָס טוט זי? — האָט מירע איבערגעפרעגט אין טרײַבל און ווידער דער־הערט:

— זי שלאָפט. וואָס כידעשט איר זיך? ס'איז שפּעט, שלאָפט זי. איך בין אויך געשלאָפן, האָט איר מיך אויפגעהויבן פון בעט.

— אָבער, ווי־אַזוי...

— אומזיסט באומרויִקט איר זיך. אַלץ איז אין אָרדענונג.

— נאָר רימע, — האָט מירע גענומען שטאַמלען, — רימע האָט זיך היינט גע־קליבן אומקערן צו אונדז...

— יאָ, זיך געקליבן, נאָר זי וועט זיך ניט אומקערן.

— ווי זשע?

— אָט אַזוי. צו אײַך וועט זי מער זיך ניט אומקערן. זי האָט א היים און פאַרבלײַבט אין דער היים. באַ זיך. א גוטע נאַכט!

מירע האָט געוואָלט נאָך עפּעס פרעגן, נאָר עדיק האָט אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל.

די שטים באַ אים איז געווען ניט קיין פאַרשלאָפענע, פאַרקערט, א האָפער־דיקע, ווי באַ איינעם, וואָס האָט אויסגעוווּנען א שלאַכט.

מירע האָט נאָך א ווײַלע געהאַלטן אין האַנט דאָס שטום געוואָרענע טרײַבל, דערנאָך עס אוועקגעלייגט און פּאַמעלעך איבערדערציילט דעם פאָטער און מא־שען אַלץ, וואָס זי האָט אָקאָרשט געהערט.

אַלע דרײַ זײַנען געבליבן נישטוימעם.

אַף מאָרגן — ס'איז פּונקט געווען א רו־טאָג און זיי זײַנען געווען אין דער היים, — איז אָנגעקומען א בריוו פון רימען.

„טײַערער טאַטע! טײַערע שוועסטער!

קלינגען האָב איך אײַך ניט געקענט און קען ניט. ס'איז ניט קיין געשפּרעך פאַרן טעלעפאָן. שרײַב איך. איר זאָלט זיך אַף גאָרניט כידעשן. פּאַשעט: כ'האָב געוואָלט זײַן א שטאַרקע, געמיינט — כ'וועל עס קאָנען. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ניט. דערמיט דערקלערט זיך אַלץ, וואָס איז געשען און וואָס וועט געשען ווײַ־טער. פרעגט זיך מער אַף גאָרניט אָן. זײַט מיר מויכל, אויב איר קענט. דערמאָנט מיך ניט צום שלעכטן.

אײַער טאָכטער און שוועסטער

ר י מ ע".

וואָס זשע איז געשען? — האָבן דער פאָטער און ביידע שוועסטער מיט שטוי־נענדיקע בליקן איינס באַם אַנדערן זיך אָנגעפרעגט. נאָר וואָס צו ענטפערן האָט קיינער פון זיי ניט געוווּסט.

5

געשען איז אָט וואָס.

דעם גאַנצן וועג, אין מעטראָ, דערנאָך אין אווטאָבוס, האָט ראָמיק ניט אופ־געהערט צו ריידן:

— מיר פאָרן אַהיים, מאַמע? יאָ, אַהיים? צום פּאַפּע? מיר וועלן דאָרט טרעפן דעם פּאַפּע? איך וויל שוין גיכער זען דעם פּאַפּע!..

— יאָ, יאָ, מיר וועלן זען, זען, — האָט רימע באַרויִקט דאָס קינד, און אַליין געוואָלט, אַז דער פּאַפּע זאָל אין דער היים ניט זײַן, זי זאָל אים ניט טרעפן, אַזוי וועט איר זײַן לײַכטער טאָן דאָס, וואָס זי האָט זיך געקליבן טאָן. וועט ער זײַן, האָט זי מוירע געהאַט, ניט פאַר אים, — זי וואָלט עס ניט געקאָנט דערקלערן וויאַרום, — נאָר פאַר זיך אַליין האָט זי עפּעס מוירע געהאַט... אייגנטלעך, האָט זי אַפּילע אויסגעקליבן אַזאַ צײַט, ווען ער דאַרף זײַן אַף דער אַרבעט, קעדיי מיט אים זיך ניט צו טרעפן.

מיט איר שליסל האָט זי געעפֿנט די טיר און אַ ווײַלע געבליבן שטיין אפֿן שוועל. קיינער איז דאָ ניט געווען, נאָר עס האָט זי פֿאַרשיקערט אַף אַ ווײַלע דער היימישער רייעך פֿון איר דירע. זי האָט דערפֿילט, אַז פֿאַר דער וואָך צײַט, וואָס זי איז דאָ ניט געווען, האָט זי נאָך אָט דעם רייעך זיך אויסגעבענקט... אין אים זײַנען געווען אויסגעמישט איר רייעך, דעם קינדס און אויך זײַנער, יאָ, זײַנער, דעם מאַנס, עדיקס, אויסגעמישט איינס מיטן אַנדערן, ניט אָפּצוטיילן.

ראָמיק האָט באַלד מיט אַ ליאַרעמדיקער פֿרייד זיך פֿאַנאַנדערגעיאָגט איבערן קאָרידאָר:

— מיר זײַנען אין דער היים! אין דער היים!..

רימע האָט אים אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר אַ הענטל און, אויסטועndיק פֿון אים דאָס מאַנטעלע, געפֿרעגט:

— באָם זיידן, ראָמיק, בײַ די מומעס איז דיר דען געווען שלעכט?

— מיר איז געווען גוט, מאַמע,— האָט ער געענטפֿערט,— נאָר אין דער היים איז בעסער!

אַזאַ קליינס,— האָט זי אַ קלער געטאָן,— קוים דרײַ יאָר אַלט, און עס פֿאַרשטייט שוין!

ראָמיק האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿון דער מאַמעס הענט און אַרײַן אין אַנדערן צימער צום ווינקל מיט זײַן פֿאַרמעגן. וואָס נאָר איז דאָ ניט געווען! די גאַנצע טעכניק פֿונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין פֿאַרקלענערטע שפּילצײַג־מאָדעלן: פֿאַרשיידנקאָליריקע לײַכטע אווטאָמאָבילן, אַן עקסקאַוואַטאָר, גרינע רויפֿן־טאַנקען, אַעראָפּלאַנען — אַ „טו", אַן „איל", אַ „יאַק", זילבערדיקע ראַקעטעס מיט שפּיצעכיקע נעזער, אַפֿילו אַ „לונאָכאָד" מיט באַוועגלעכע אַנטענעס. און איבער דעם אַלעמען, ווי הוליווער איבערן ליליפּוטישן קיניגרײַך, האָט זיך דערהויבן אַ ווײַס פּלאַסטמאַסעווע פֿערד. די הריווע צעשויבערט, דער עק צעפּאָכעט אינדערלופֿטן, די פֿאָדערשטע פֿיס פֿאַרהויבן אין גאַלאָפּ... אין איין אויגנבליק איז ראָמיק שוין געזעסן אין זאָטל און געיאָגט דאָס פֿערד מיט קויל־קוילעס:

— איך פֿאָר אַהיים! איך פֿאָר אַהיים!

— ביסט דאָך שוין אין דער היים,— האָט רימע געזאָגט,— וווּהין זשע דאַרפֿסטו נאָך פֿאָרן?

— דאָס בין איך געקומען אַהער מיט דער מעטראָ, מיטן אווטאָבוס,— האָט ער געענטפֿערט,— און איצט וועל איך קומען אפֿן פֿערד...— מע האָט עס גערדאַרפֿט פֿאַרשטיין אַזוי, אַז מיטן פֿערד וועט עס שוין טאַקע זײַן אינגאַנצן אַף זיכער...

פֿאָרנדיק אַהער, האָט רימע זיך געקליבן, ווי נאָר זי וועט קומען, גלײַך נעמען צונויפֿלייגן די זאַכן. און אָט איז זי דאָ, קיינעם ניט געטראָפֿן, ווי געוואָלט, נאָר צו דער שאַפֿע איז זי ניט צוגעגאַנגען. אין אַלקער זיך צוגעזעצט, די הענט אַראָפּגעלאָזט אַף די קני, האָט זי מיטאַמאָל דערפֿילט אַ שוואַכקײַט, אַ גלײַכגילט. זאָל זײַן, וואָס עס וועט זײַן...

פֿון אָט דעם צושטאַנד האָט זי אַרויסגעפֿירט ראָמיק. ער איז אַרײַנגעלאָפֿן אַ צעהיצטער, אַ פֿאַרפּאַליעטער און פֿאַרכידעשט לעבן איר געבליבן שטיין:

— פֿאַרוואָס זיצסטו, מאַמע? פֿאַרוואָס טוסטו גאָרניט?

— ביסט געווווּנט, איך זאָל שטענדיק עפּעס טאָן?

— און ווער וועט צוגרייטן וואַרמעס?

— וואַרמעס? — האָט זי איבערגעפֿרעגט.

וואַרמעס גאָר... זי האָט זיך ניט געקליבן דאָ גרייטן מער קיין וואַרמעס... ראָמיק דאַרף דאָך אָבער עפּעס עסן — האָט זי זיך אופֿגעהויבן און אַרײַן אין קיך.

אין איַזקעלטער איז געווען פּוסטלעך, ס׳האָט זיך געמערקט — ניטאָ די באַלעבאָ־סטע. וואָס האָט ער דאָ געגעסן אָן מיר? — צום ערשטן מאָל פאַר אָט דער וואָך האָט רימע אַזוי אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם מאַן און אַליין זיך פאַרכידעשט. — וואָס דאַרף עס איר איצט אָנגיין? זי האָט גענומען זוכן אין די שאַפקעלעך עפּעס אָף אָפּקאָכן דעם קינד, נאָר אינמיטנדערינען זיך צוגעזעצט צום קיך־טישל און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אָף די הענט. אַזאַ האָט זי ראָמיק דאָ געטראָפן אין אַ לענגערער ווײַלע אַרום.

— מאַמע, דו... וויינסט?

זי האָט ניט באַלד אופגעהויבן דעם קאָפּ.

— מאַמע!.. — אָט־אָט צעוויינט ער זיך אויך.

— ניין, קינד מײַנס, איך וויין ניט.

— פאַרוואָס זשע זײַנען די אויגן בא דיר נאַס?

— עס ווײַזט זיך דיר אויס, — אָפּגיך האָט זי אויסגעווישט די אויגן, זיך אופ־געהויבן. — אַ פּרעזשעניצע מאַכן דיר?

— מיט וווּרשט!

— קיין וווּרשט איז ניטאָ.

— טאָ מיט וואָס זשע?

— עפּעס וועל איך אָפּזוכן.

אָנגעהאָדעוועט דאָס קינד, — אַליין האָט זי עסן ניט געוואָלט, — האָט רימע געעפנט די שאַפע, אַ ווײַלע דאָ געשטאַנען אַזוי, דערנאָך פּאַמעלעך אָנגעהויבן אַרויסנעמען און צונויפלייגן אין טשעמאָדאַן אירע זומערדיקע און ווינטערדיקע קליידער, כאַלאַטן, וועש. דערנאָך אין אַ קלענערן טשעמאָדאַן גענומען צונויפלייגן ראָמיקס זאַכן. פאַרטאָן אין אָט דער אַרבעט, האָט זי ניט דערהערט, ווי אין דער טיר האָט זיך איבערגעדרייט אַ שליסל. דערפאַר האָט עס גוט דערהערט ראָמיק. מיט אַ געשריי: „דער פּאַפּאַטשקע איז געקומען! מײַן פּאַפּאַטשקע!" איז ער אין איין אויגנבליק געווען בא דער טיר. אַזאַ, מיט ראָמיקן אָף די הענט, האָט רימע דערזען לעבן זיך אין אַלקער דעם מאַן. ער האָט געקוקט אָף איר מיט אַ לוּ־סטיקן בליק, ווי עס זאָל גאָרניט געווען זײַן, ווי זי זאָל ניט האָבן פון אים אַוועק־געגאַנגען, און אַ וווּנק טוענדיק אָפן קינד, האָט ער געזאָגט:

— זעסט?

אָף איר פּאָנעם האָט ער ניט באַמערקט קיין מינדסטן סימען פונעם קינדס היספּײַלעס.

— און דו? — האָט ער געפרעגט.

— וואָס איך?

— דו ביסט ניט צופרידן?

— פון וואָס זאָל איך זײַן צופרידן?

— פון דעם, וואָס ער... וואָס מיר זעען זיך...

— איך פאַרשטיי דאָך עפּעס מער פון אים...

— נו, גוט, — האָט ער געזאָגט, אַראָפּשטעלנדיק דאָס קינד אָפן דיל, — גיי, ראָמיק, צו דײַנע שפּילעכלעך...

— איך וויל ניט, איך וויל ניט, — האָט דאָס קינד גענומען פּכימקען, — איך וויל זײַן מיט דיר...

עדיק האָט זיך צוגעזעצט, גענומען דאָס קינד אָף די קני און געזאָגט רימען:

— מיר דאַרפן זיך דורכריידן.

— ווייניק האָבן מיר נאָך גערעדט? — זי האָט אַרײַנגעלייגט אין טשעמאָדאַן ראָמיקס אַ קאָסטיומדל.

ערשט איצט האָט ער באַמערקט די טשעמאָדאַנען.

— קלײַבסט זיך טאַקע אוועקגיין?

— אויב דו האָסט ניט געענדערט דײַן באַשלוס.
ער האָט אראָפּגעשטעלט ראַמיקן צווישן די קני און געזאָגט צו רימען:
— כ'ווייס ניט, ווי דו, איך האָב פאר אָט דער וואָך א סאך איבערגעטראכט...
— און דערטראכט זיך צו עפּעס רעכטס?
— אלנפאלס צו איינעם זייער א וויכטיקן פּראט...
— אז מע דארף ניט פאָרן? — זי האָט מיט האָפענונג א קוק געטאָן אף אים.
— דאָס ניט, — האָט ער געענטפערט הארט.
— און דאָס איבעריקע אינטערעסירט מיך ניט, — האָט זי קאלט געזאָגט און עפּעס האָט זיך אויסגעלאָשן בא איר אין בליק.
— עפּעס־וואָס מעג דיך יאָ אינטערעסירן.
— מיך אינטערעסירט מער גאָרניט.
ער האָט זיך אופגעהויבן.
— פונדעסטוועגן וועל איך עס דיר זאָגן. פאר אָט דער וואָך אָן דיר איז מיר קלאָר געוואָרן: דאָס איינציקע, מיט וואָס איך וויל ניט און קען זיך דאָ ניט שיידן, ביסטו. דו...
בא די ווערטער האָט זי די אויגן, אראָפּגעלאָזטע צו ראַמיקס טשעמאָדאן, פאַרמעלעך אופגעהויבן, פרעגנדיק זיי אָנגעשטעלט אפן מאַן. עס האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן. זי האָט גענומען דאָס טרײַבל און גלײַך איבערגעגעבן עס עדיקן.
— דיך.
מע האָט געקלונגען פון דער ארבעט.
— אָן מיר קאָן מען זיך ניט באגיין, — האָט ער געזאָגט מיט פאַרדראָס. — אף צו פארנעמען שטעלעס זײַנען דאָ אנדערע, און דארף מען עפּעס טאָן, רופט מען מיך...
ער איז אוועקגעגאנגען, און רימע איז מיט צעשטרייטע געדאנקען געבליבן זיצן איבער די טשעמאָדאנעס. א געפיל פון גרויסער פארלוירנקייט האָט זי באהערשט. זי האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן און מיט כידעש אף זיך אליין געשפּירט, אז זי איז גרייט צו טאָן לאכלוטן קעגנזעצלעכע זאכן. פאַרענדיקן צונויפלייגן די טשעמאָדאנען, כאפּן דאָס קינד און, ביז עדיק איז ניטאָ, אנטלויפן צום טאטן, צו די שוועסטער... זיי וואַרטן דאָך אף איר און ווייסן שוין מיסטאמע ניט וואָס איבערצוטראכטן... און גלײַכצײַטיק איז זי גרייט געווען ארויסלייגן די זאכן פון די טשעמאָדאנעס און בלײַבן דאָ. בלײַבן... נאָר בלײַבן הייסט — פאָרן. זי ווייסט: עדיק האָט דאָרט, אף דער ארבעט בא זיך, ניט געקוקט אף אלע זײַנע פייזיקײַטן, וועלכע קיינער לייקנט ניט, זיך שלעכט אוועקגעשטעלט. צווישן אים און די אָנפירער, און אויך מיט אנדערע מיטארבעטער — אלע מאָל אַן אנדער קאָנפליקט. ווער איז גערעכט? איר איז שווער צו זאָגן. זי איז א ווײַב, און אמאָל דאכט זיך איר, אז עדיק איז גערעכט, אז ער וואָלט געדארפט א מער אָנגעזעען אָרט. אין דעם, וואָס ער פארנעמט עס ניט, זעט עדיק אײַן קינע צו זיך. עפּשער איז עס טאקע אזוי. פון דער אנדערער זײַט אָבער, ווייסט זי, זײַנען אין אינסטיטוט פאראן מענטשן מיט א גרעסערן סטאזש, איידער בא עדיקן, מיט מער דערפארונג. ער האָט זיך א ביסל פאריסן דאָרט, עדיק, און אלעמען אופגעשטעלט קעגן זיך. ער מוז איצט פונדאנעט אוועקגיין. זוכן אַן אנדער אינסטיטוט הייסט אָנהייבן אלץ פון אָנהייב. דוכט זיך אים, אז די גאנצע וועלט איז שולדיק אין זײַנע צאָרעס... זי, פארקערט, איז צופרידן מיט איר ארבעט, מע איז צופרידן מיט איר. און אפילע ווען זי זאָל זײַן ניט צופרידן, דאכט זיך איר, וואָלט זי אָט די ניט־צופרידנקײַט קיינמאָל ניט אריבערגעטראָגן אף אלץ מיטאנאנדער, ווי דאָס טוען עדיק און זײַנע פרײַנט. טאָ זאָלן זיי פאָרן, און זי... זי וועט בלײַבן דאָ.
צווישן די זאכן אין האלב־צונויפגעלייגטן טשעמאָדאן האָט רימע באמערקט אַן אלט באָרדאָ־קלייד. זי האָט עס א נעם געטאָן אין האנט, און די אויגן זײַנען

איר מיטאמאָל פֿײַכט געוואָרן... אָט דאָס קלייד האָט זי זיך גענייט צו דער כאַ־סענע. יאָ, שוין דאַן איז זי געווען ניט גאָר יונג... גיכער, פאַרקערט. אמאָליקע צײַטן וואָלט עס געהייסן אַ פאַרזעסענע מויד... אַבי מיט וועמען פאַרבינדן דאָס לעבן האָט זיך ניט געוואָלט, זי האָט שוין קימאַט אָנגעווווירן די האָפענונג. מיט־אמאָל — עדיק, די כאַסענע... דערנאָך ראָמיק. גליק... ווען ניט, ווען ניט... איז וואָס זשע — אַלץ אַצינד צעבערעכן? ווידער בלײַבן אַליין? דערצי:ען דאָס קינד אָן אַ טאַטן?

רימע האָט געהאַלטן דאָס אַלטע קלייד און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן דער־מיט — ארײַנלייגן עס ווידער אין טשעמאָדאַן אָדער אופֿהענגען אין שאַפע... פון דער פאַרטראַכטקײַט האָט זי אַרויסגעפירט אַ שאַרפער קלונג אין טיר. עדיק? ער האָט אַ שליסל. ווער זשע? ניט באַוויזן רעכט צו עפֿענען די טיר, האָט רימע זיך דערפילט דערשטיקט אין מעכטיקע אָרעמס און פאַרהלושעט מיט אַ הילכיקן געלעכטער.

— רימאָטשקע! טײַערינקע! קינד מײַנס!... איך בין גליקלעך! איך בין גליקלעך פאַר אײַך און פאַר עדיקן! פאַר אײַך ביידע, טײַערינקע...

דאָס פּאָדערצימער איז פול געוואָרן מיט בונט געקליידטע מעכטיקע פרויען־פאָרמען, מיט אַ ריזיקן סטויג שרײַענדיק געפאַרבטע האָר, מיט בליאַסק פון גאָלד און צונטער־רויטן מאַניקיור אויף אַלע פינגער, מיט שיסנדיקן געלעכטער, מיט נײַן מאָס רייד...

— זשענעוויעוואַ פּאַבי:אַנאָוונאַ?..

רימען איז שטענדיק שווער געווען אַרויסריידן אָט דעם נאָמען, שווער געווען צו זען אָט די בונט געקליידטע מאַסיווע פאָרמען, אויסהערן אָט דעם ליאַרעמדיקן וואַסערפאַל פון רייד און געלעכטער. נאָר וואָס האָט זי געקאָנט טאָן — דאָס איז געווען די פרוי פון עדיקס בעסטן פרײַנט און מיטאַרבעטער, און ווי נאָר אַ יאָמ־טעוו, האָט מען פאַרבראַכט בײַ איין טיש, אין איין קאָמפּאַניע.

— איך בין איבערגליקלעך, טײַערינקע, איבערגליקלעך!

רימע האָט געפּרוּווט אַ פרעג טאָן, וואָס דאָס איז פאַר אַ גליק, נאָר איר שטים האָט באַלד אײַנגעשלונגען זשענעוויעוואַ פּאַבי:אַנאָוונעס הילכיקער קאָנטראַלטאָ:

— עדיק האָט אָנגעקלונגען סיאָמען, אַז איר זײַט שוין אין דער היים. יאָ, יאָ. סיאָמע האָט מיר געזאָגט, און איך בין באַלד אוועקגעלאָפן צו אײַך, באַגריסן אײַך און עדיקן! ס׳איז אַזאַ גליק, טײַערינקע, וואָס איר זײַט שוין ווידער אין דער היים. איך האָב אָבער געווּסט, אַז אַזוי וועט זײַן, ווי זשע אַנדערש? איצט וועט שוין גאָרניט שטערן צו פאַרווירקלעכן אונדזער טרוים. מיר וועלן פאָרן, אַלע צוזאַמען וועלן מיר פאָרן! דאָס איז אַזאַ גליק!..

זשענעוויעוואַ פּאַבי:אַנאָוונעס געלעכטער האָט שוין אָנגעשפּאַרט אין אַלקער.

— אַך, וואָס זע איך — איר פּאַקעווועט שוין די טשעמאָדאַנעס? אַך, ווי גוט! און בײַ אונדז מיט סיאָמען איז נאָך גאָרניט גרייט, גאָרניט גרייט... איך זאָג סיאָמען...

רימע האָט געוואָלט דערקלערן, אַז דאָס זײַנען ניט די טשעמאָדאַנעס, וואָס זשענעוויעוואַ פּאַבי:אַנאָוונאַ מיינט, אַז דאָס זײַנען גאָר אַנדערע טשעמאָדאַנעס, און אַז זי ווייסט נאָך ניט, וווּהין מיט זיי זיך צו קערן און ווענדן, נאָר אַרײַנ־שטעלן אַ וואָרט איז געווען אוממעגלעך און ניט געווען צוליב וואָס, — יענע וואָלט סײַווי ניט פאַרשטאַנען. זשענעוויעוואַ פּאַבי:אַנאָוונאַ האָט ניט אופגעהערט לאַכן און ריידן, ריידן און לאַכן. האָט רימע דערוווײַל געפּרוּווט זיך דערמאָנען, וואָס איר טאַטע האָט איר אַנומלטן דערציילט מיקויעך דעם, פונוואַנען עס האָבן זיך גענומען דער נאָמען און פּאָטערנאָמען פון אָט דער פרוי. אַ נאָמען געגעבן האָט מען איר נאָך דער באָבען, אַזוי האָט דער טאַטע דערציילט. די באָבע האָט געהאַט, ווי בײַ ייִדן האָט זיך אַמאָל געפירט, אַ צווייענדיקן נאָמען. ווי זשע האָט זי גע־

הייסן? אהא, העניע־כאווע האָט געהייסן די באָבע. איז פון העניע געוואָרן זשעניע, נו, און כאווע איז דאָך אלעמאָל יעווע. האָט מען ארײַנגעשטעלט אַן אָס אינמיטן, א „וו", און ס'איז געוואָרן זשענעוויעווא... דער טאטע האָט געהייסן פּײַוועש. און וואָס נאָך קאָן מען אויסשטוקעווען פון פּײַוועש, אויב ניט פּאַבּיאַן?..

רימע האָט זיך הילכיק צעלאכט. זשענעוויעווא פּאַבּיאַנאָווּנא איז פּאָשעט זיך פארגאנגען אין געלעכטער.

— איך זאָג דאָך אײַך, אז מע קען פון אָט דער געשיכטע פּלאצן, ניט עמעס, רימאָטשקע?

— עמעס, עמעס...

מיטאמאָל איז שטיל געוואָרן. די גראָבע אָנגעפּארבטע ליפּן האָט זשענעוויעווא פּאַבּיאַנאָווּנא צונויפגעלייגט אין א טרײַבעלע און צוגעשטעלט צו זיי א פינגער מיט א צונטער־רויטן אָנגעמאניקיורטן נאָגל.

— כ'וויל אײַך דערציילן א סאָד...

— א סאָד?

— יאָ, אָבער טאקע גאָר א גרויסן...

— איך הער אײַך.

— אָבער איר וועט קיינעם ניט אויסזאָגן?

— אויב א סאָד...

— אפילע סיאָמע טאָר ניט וויסן, אז כ'האָב עמעצן געזאָגט... עדיק אויך ניט...

— איז עפּשער בעסער ניט דערציילן.

— ניין, אײַך וויל איך דעם סאָד פארטרויען.

זשענעוויעווא פּאַבּיאַנאָווּנא האָט זיך ארומגעקוקט, פּונקט ווי עמעצער וואָלט געקאָנט דאָ אונטערהערן, זיך צוגעזעצט און געגומען שעפּטשען:

— איך ווייס: איר ווילט קיין ייִסראָעל ניט פאָרן. עדיק וויל, און איר — ניט.

— יאָ, — האָט רימע געענטפערט, — און איר?

— מיר מיט סיאָמען ווילן אויך ניט.

— אזוי גאָר? טאָ רעדט אָפּ עדיקן. סיאָמע איז דאָך זײַן בעסטער פרײַנט. ווען ניט ער...

— ניין, — רימעס מיטשפּרעכערן האָט א צוק געטאָן מיט אן אקסל, — איר פארשטייט מיך ניט...

— וואָס זשע?

— פאָרן ווילן מיר יאָ.

— נאָר וואָס זשע?

— נאָר קיין ייִסראָעל — ניט.

רימע האָט בעעמעס גאָרניט פארשטאנען.

— ווי זשע?

אין זשענעוויעווא פּאַבּיאַנאָווּנעס גרויסע, שטארק אונטערגעפירטע אויגן האָט זיך באוויזן א כיטרער גלאנץ.

— דעריקער איז דערקלײַבן זיך ביז ווין...

— און ווײַטער?

— ווײַטער? ווײַטער עפנט זיך א גרויסע וועלט: ווילט איר — רוים, ווילט איר — ניו־יאָרק. וווּ איר ווילט.

— די פּאַפּירן גיט איר דאָך אָבער אײַן אף צו פאָרן קיין ייִסראָעל?

— איז וואָס?

זשענעוויעווא פּאַבּיאַנאָווּנא האָט זיך אופגעהויבן, זי האָט פאריכט די פריזור, דערבײַ האָבן אלע אירע פינגער א בלישטשע געטאָן מיט די גאָלדענע פינגערלעך

און מיטן צונטער־רויטן מאַניקיור. זי האָט זיך הילכיק פאַנאַנדערגע־לאַכט:

— אך, וועלן מיר נאָך מיט אײַך א לעב טאָן, רימאַטשקע, אָט וועט איר זען! אך, וועלן מיר א לעב טאָן... און דערווײַל — א סאַד. אָפּגערעדט?

ווען זשענעוויעווא פּאַביאַנאָוונא איז אוועקגעגאַנגען און רימע האָט פאַר־מאַכט נאָך איר די טיר, איז זי א לענגערע ווײַלע געשטאַנען, ווי פריהעלושעט, און נאָך אלץ ניט געגלייבט, אז ס'איז שוין געוואָרן שטיל... געקומען צו־זיך, האָט זי ראָמיקן באַלייגט שלאָפן. שוין מיט צוגעשלאָסענע אייגלעך האָט דאָס קינד בא איר געפרעגט:

— די גרויסע טיאָטיע וועט מער צו אונדז ניט קומען?

— פאַרוואָס פרעגסטו?

— איך האָב פאַר איר מוירע...

— מע דאַרף ניט מוירע האָבן. די גרויסע טיאָטיע קלײַבט זיך אוועקפאָרן ווײַט־ווײַט...

— און מיר וועלן מיט איר ניט פאָרן?

— ניין, מיר וועלן ניט פאָרן. שלאָף...

שפּעט אין אָוונט איז אהיימגעקומען עדיק. ער איז געוועזן מיד. זי האָט אים דערציילט וועגן דעם אומגעריכטן גאַסט, וואָס זי האָט געהאַט, און געפרעגט:

— זאָג, וואָס איז דאָ בא דיר אלגעמיינס מיט אזא, ווי זשענעוויעווא פּאַביאַ־נאָוונא?

— פאַרוואָס דאַרף זײַן צווישן אונדז אלגעמיינס?

— זי פאָרט, און דו...

— מאַלע וואָס!

דערנאָך האָט אָנגעקלונגען מירע. זיי האָבן זיך דאָרט געערגערט, ניט געוווּסט וואָס איבערצוטראַכטן. עדיק האָט געענטפערט, אז זי שלאָפט... זי האָט געוואָלט צולויפן, ארויסרײַסן בא אים דאָס טרײַבל, א געשריי טאָן, אז זי שלאָפט ניט, — ווי קאָן זי שלאָפן? — א געשריי טאָן צום טאַטן, צו די שוועסטער: „קומט, נעמט מיך פונדאַנעט אוועק!..״ נאָר די פיס זײַנען בא איר ווי צוגעוואַקסן צום דיל, זי האָט זיך ניט גערירט פון אָרט... איז זי געשטאַנען אזוי, פאַרגליווערט מיט אלע אייוורים, און געהערט, ווי עדיק זאָגט אין טרײַבל: „צו אײַך וועט זי מער זיך ניט אומקערן. זי האָט א היים און פאַרבלײַבט אין דער היים״...

וואָס וועלן זאָגן דערויף דער טאַטע, די שוועסטער? זי האָט צו זיך אליין גע־שפּירט א טיפן עקל, נאָר אנדערש טאָן ניט געקאָנט...

דעם זעלבן אָוונט האָט זי אָנגעשריבן צו די אייגענע א קורצן בריוו.

6

פאַר די עטלעכע כאַדאָשים, וועלכע זײַנען דורכגעגאַנגען נאָכן אײַנגעבן די פּאַפּירן און ביז עס איז באַקומען געוואָרן די דערלויבעניש ארויסצופאָרן, זײַנען רימע און דער פאָטער מיט די שוועסטער איינע צו די אנדערע קיין איין מאָל ניט געקומען. רימען וואָלט שווער געווען אירע אייגענע צו קוקן אין די אויגן נאָך דעם, וואָס עס איז געשען. זיי איז געווען אומפאַרשטענדלעך און דערווידער איר אומגעריכטע אופירונג. דעם מאַן אירן האָבן זיי זען ניט געוואָלט. בלויז נאָך ראָמיקן האָט באַם זיידן און בא די יונגע מומעס געלעכצט דאָס האַרץ, נאָר וואָס האָט מען געקאָנט טאָן?

און פאָרט איז רימע צו זיי געקומען. מאָרגן האָט מען געזאָלט ארויספליִען פונעם שערעמעטיעווער אעראָדראָם, אין אָוונט פאַר דעם איז זי געקומען. ניט

געקומען — אריינגעפאלן אין שטוב. א בלאסע, שטארק א פארענדערטע פאר דער צייט, וואס מע האט זיך ניט געזען. אפן אפגעצערטן פאנעם האבן די אויגן קרענקלעך געגלאנצט.

מיט איבערגעטריקנטע ליפן ארויסגערעדט:

— כ'האב ניט געקענט — ניט געזעגענען זיך... זייט מיר מויכל...

די שוועסטער זיינען איר ארופגעפאלן אפן האלדז. אין איין קאל:

— וואס טוסטו, רימע?

באזונדער — מירע:

— מיט זיך?

מאשע:

— מיט אונדז?

רימע:

— מישפעט מיך. כ'בין שולדיק...

דער טאטע, ווי ער איז געשטאנען באם טיש, אזוי איז ער געבליבן שטיין, דאס פאנעם אפגעשלאסן, קאלט. די אויגן האבן דאך געקאנט ארויסגעבן, וואס אינווייניק בא אים טוט זיך, האט ער זיך אנגעטאן א קויעך, זיי צוגעשלאסן, אפן געלאזט בלויז צוויי שמאלע, שארפע שפעלטלעך, און מיט אט די שפעלטלעך, ווי מיט מעסערס, צו רימען:

— וויאזוי איז עס געשען, זאג... וויאזוי האט עס געקאנט געשען?

— אט אזוי, טאטע.

— האסט דאך ניט געוואלט פארן?

זי האט ארויסגעהויכט פון זיך:

— איך וויל איצט אויך ניט...

— טא וואס זשע?

— כ'האב אייך געשריבן. כ'בין א שוואכע פרוי...

— וואס הייסט — א שוואכע? אין וואס באשטייט זי, דיין שוואכקייט?

— יעדער פרוי שטרעבט האבן א מאן, א קינד.

— נו?

— נו, און אז זי האט עס שוין, האט זי מוירע עס אנווערן. ביפראט...

— וואס ביפראט?

— איר וואלט זען, ווי ראמיקן איז פון אים ניט אפצוריסן. מע קאן צונעמען בא א פאטער דאס קינד. אבער בא א קינד — דעם פאטער?

א ווײַלע האט זי געשוויגן.

— כ'וויס, כ'בין שולדיק פאר אייך, זייער שולדיק...

— בלויז פאר אונדז דען? די ערד, ווו דו ביסט געבוירן... דער אנדענק פון דיין מוטער... דער...

— מע דארף ניט, טאטע! כ'וויס, כ'וויס אלץ... כ'בין שולדיק, מישפעט מיך...

— וואס איז איצט שוין דא צו ריידן? — ער האט פארומערט א מאך געטאן מיט דער האנט. — איינס דארף איך דיר זאגן: כ'האב זיך עס פון דיר ניט גע־ריכט...

רימע האט זיך אופגעהויבן. זי אײַלט זיך. אין שטוב ווייסט מען ניט, וווהין זי איז אוועק. זי האט ניט געקליבן זיך קומען, נאר אין דער לעצטער מינוט ניט ארויסגעהאלטן. זי האט ניט געקאנט — ניט געזעגענען זיך...

די שוועסטער האבן זי לאנג געהאלדזט. דערנאך איז זי צוגעגאנגען צום פא־טער. געמיינט, ער וועט ניט דערלאנגען די האנט. נאר ער האט זי צוגעדריקט צו זיך, א פיר געטאן איבער אירע האר מיט דער האנט, ווי אמאל, ווען זי איז נאך געווען א קינד...

אפן אנדערן טאָג האָט איסאַק מאַרקאָוויטש זיך אָפּגעבעטן פון דער אַרבעט און איז געקומען אפן שערעמעטיעווער אעראָדראָם. זיך געזעגנט מיט רימען, די אַנדערע האָבן אים ניט אינטערעסירט — ניט די מעכוטאָנים, ניט דער איידעם. געוואָלט בלויז צום לעצטן מאָל א קוק טאָן אפן אייניקל.

ווען מע האָט געמאָלדן דעם רייס אף ווין און די, וואָס האָבן געזאָלט פליִען מיט אָט דעם רייס, האָט מען אַרויסגעלאָזט אפן פלי־פעלד, איז ער צוגעגאַנגען צו דער פאַרצאַמונג, וואָס טיילט אָפּ די באַגלייטנדיקע פון די, וואָס פליִען אָפּ, און האָט זיך איינגעקוקט אין זיי. אָט האָט ער צווישן זיי דערזען די מעכוטאָנים. אָט גייט זשענעוויעווע פאַבּיאַנאָווונא. אָט גייען רימע מיטן מאַן. ווו איז דאָס קינד? מענטשן, וואָס גייען הינטער זיי, האָבן עס פון אים פאַרשטעלט. עס גייען דאָרט עלטערע לײַט, יונגע, פײַן געקליידטע, עלעגאַנטע מאַנצבלען, פרויען. נאָר אין דער מינוט האָט זיך אים מיטאַמאָל אויסגעדאַכט, אַז אין יעדערן פון זיי זעט ער עפּעס א מין געהויקערטקייט. אין רימען אויך...

ס'איז געווען א הייסער מיט־טאָג. דאָס פלי־פעלד מיט די ווײַס אָפּגלאַנצנדיקע וואַרטנדיקע לײַנערס אינדערווײַטנס איז דורכויס פאַרפלייצט געווען מיט הייסער שײַן, און נאָך די מענטשן האָבן זיך נאָכגעצויגן קורצע שאָטנדלעך, ווי הויקערס, נאָך יעדערן — זײַן הויקער... איסאַק מאַרקאָוויטש האָט געקוקט אף אָט די מענטשן און געטראַכט, אַז אַלע זײַנען זיי אים פרעמד, און מיט יעדן שפּאַן, וואָס זיי מאַכן צו איינעם פון די וואַרטנדיקע לײַנערס, ווערן זיי אים אַלץ פרעמדער. און די טאָכטער, וואָס גייט דאָרט מיט זיי, — אויך... וואָס דערוואַרט אָט די מענטשן? — האָט ער געקלערט. — צי ווייסן זיי, אַז אין אָט דער גוירלדיקער מינוט זײַנען זיי געגליכן צו ביימער, אַרויסגעריסענע מיט די וואָרצלען פון זייער ערד... נאָך נעכטן האָבן זיי געהאַט א באָדן אונטער זיך, הײַנט האָבן זיי אים ניט... זיי קלײַבן זיך אײַנפלאַנצן אין אַן אַנדער באָדן, נאָר דאָס איז אוממעגלעך. וואָרצלען, וועלכע מע האָט איינמאָל אַרויסגעריסן פון דער ערד, ווערן פאַרדאַרט, פאַרטריקנט, מער קאָן מען זיי אין ערגעץ ניט אײַנפלאַנצן. פאַרפאַלן! קורײַ... צו בינטלעך קורײַ אין סטעפּישן פעלד זײַנען געגליכן אָט די מענטשן, וואָס גייען איצט איבערן פלי־פעלד, — קורײַ, וואָס קאָן זיך אין ערגעץ ניט פאַרהאַלטן, ווײַל דער ווינט יאָגט אים פון איין אָרט אפן אַנדערן לויט זײַן ווילדן באַ־ראָט... אף רוסיש איז פאַראַן פאַר דעם א טרעפלעכער נאָמען „פּערעקאַטי־פּאָליע"...

מיט א שווערן געמיט האָט ער געטראַכט וועגן דעם אַלץ, קוקנדיק אף די מענטשן, וואָס האָבן אַלץ מער זיך דערווײַטערט פון אים איבערן פלי־פעלד. א פּאָר יונגעלײַט, — מיט לײַכטע רענצלעך אין די הענט זײַנען זיי געגאַנגען הינ־טער רימען, — האָבן עטוואָס אָפּגעטראָטן אין א זײַט, און מיטאַמאָל האָט ער באַנאַנד מיט דער טאָכטער דערזען ראָמיקן. זי האָט אים געפירט באַם הענטל... איסאַק מאַרקאָוויטשן האָט פאַרקלעמט באַם האַרצן... מיט זײַנע קליינע פיסעלעך האָט ער געשפּאַנט, ראָמיק, צוזאַמען מיט זיי, מיט די דערוואַקסענע... וווּהין?

דעם זיידן האָט מיטאַמאָל זיך פאַרוואָלט אַריבערשפּרינגען די פאַרצאַמונג, אָניאָגן די אוועקגייענדיקע, אַרויסרײַסן בא זיי דאָס אייניקל. איר פאָרט? — פאָרט! אָבער וואָס האָט איר צום קינד? וואָס פאַר א גוירל גרייט איר פאַר אים דאָרט, אין דער פרעמד?.. ער ווייסט דאָך נאָך פון גאָרניט... און ער שפּאַנט אויך מיט זײַנע קליינע פיסעלעך, ראָמיק, שפּאַנט...

די טאָכטער און דאָס קינד האָט מען ווידער פאַרשטעלט פון זײַן בליק. זיי זײַ־נען שוין געווען ווײַט — אַן אויסגעמיש פון מענטשן און קורצע שאָטנס, ווי הויקערס, אפן זוניק־צעגליטן פלי־פעלד.

## 7

ס׳איז שוין געווען שפּעט. דער הייסער זומערדיקער טאָג, ווי לאַנג ער האָט זיך ניט געצויגן, האָט זיך פאַרענדיקט, איז אַריַינגעשווומען אין אַ קילן אָוונט. איסאַק מאַרקאָוויטש איז נאָך אַלץ געזעסן באַ זײַן טיש, וווּ די אופראַמערן האָט אים געלאָזט, מיט אַ שטאַרן בליק, געווענדט צו דער אַנטקעגנדיקער וואַנט. די סמעטע איז געלעגן ניט גערירט, דער אַש־בעכער — פול מיט דעררייכערטע ביזן שפּענט און ניט־דעררייכערטע סיגאַרעטן. בייס דער אַרבעט גייט מען אַרויס רייכערן אין קאָרידאָר, איצט, איינער אַליין, האָט איסאַק מאַרקאָוויטש גערייכערט באַ זײַן טיש און האָט זיך אַליין פאַרכידעשט, דערזען מיטאַמאָל אַזאַ פולן אַש־בעכער...

די מיטאַרבעטער האָבן הײַנט היפּש געהאַט וואָס צו וווּנדערן זיך אַף אים. ערשטנס, וואָס ער האָט פאַרשפּעטיקט. אַזוינס איז מיט אים נאָך קיינמאָל ניט געשען. זיי ווייסן ניט, אַז אַהיימקומענדיק נעכטן פון אַעראָדראָם, האָט ער זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען, אַז די גאַנצע נאַכט האָט ער ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג און ערשט פאַרטאָג קוים אײַנגעזונקען אין אַ שווערן שלאָף... זיך אופגעכאַפּט, איז שוין געווען נאָך אַכט... און ווידער: אַלעמאָל דערציילט ער זיי עפּעס וויכטיקס פון די וועלט־נײַס, וואָס ער הערט אינדערפרי דורך ראַדיאָ. הײַנט איז ער די ראַדיאָ פאַרשלאָפן און האָט זיי גאָרניט דערציילט. כאָטש גראָד הײַנט וואָלט ער זיי געקאָנט דערציילן מער, ווי ווען־ניט־איז... עמעס, דאָס, וואָס ער וואָלט זיי הײַנט געקאָנט דערציילן, איז ניט קיין וועלט־נײַס, נאָר אַ נײַס, וואָס האָט אַ שײַכעס בלויז פּערזענלעך צו אים. יעדע נײַס אין דער וועלט רופט זיך פריִער אָדער שפּעטער אָפּ אין עמעצנס פּערזענלעכן לעבן. הײַנט האָט זיך עס אָפּגערופן אין זײַנעם...

נאָך און נאָכאַמאָל האָט ער פאַר די שאָען, וואָס ער זיצט דאָ, אַרומגעקלערט דאָס געשעענע און אַלץ ניט געקאָנט קומען צו־זיך. שוין געמיינט — אויס, אַלע אומגליקן — און געווען זײַנען זיי ניט ווייניק — אין אָוואַר. גענוג! איז ניין, דערלאַנגט דאָס לעבן דיר אומגעריכט אַ נײַעם קלאַפּ, און מע ווייסט גאָרניט, פונוואַנען ער איז געקומען...

די מיטאַרבעטער האָבן, פאַרשטייט זיך, באַמערקט, אַז מיט אים איז עפּעס געשען, געוואַרט, ער זאָל דערציילן. נאָר ער האָט געשוויגן, זיך געמאַכט, ווי ס׳איז גאָרניט געשען. און וועמען פון זיי קאָן ער גאָר וועגן דעם דערציילן? מאַקאַר מיכײַלאָוויטשן? ער אַרבעט שוין מיט אים ניט איין יאָר, נאָר וואָס באַ יענעם אין שאַרבן אונטערן גלאַנציקן פּליך טוט זיך, איז אים אַדהײַעם ניט באַוווּסט. מיראָנקינען? יענער דאַרף נאָר אופכאַפּן אַ נײַס, וועט ער באַלד אַלעמען צעטראַסקען און דערבײַ נאָך צוגעבן: „איך האָב אָבער געזאָגט, אַז אַזוי וועט זײַן!”... ריטען? אַ קינד נאָך, זי וואָלט געקאָנט זײַן באַ אים אַ פּערטע טאָכטער. די ווילע, פריילעכע ריטע... מאַריִע לעאָנטיעוונען? מיט וואָס פאַר אַ ווירדע האָט זי איבערגעטראָגן און טראָגט איבער אירע אייגענע צאָרעס! דער מאַן האָט זיך ניט צוריקגעקערט פון דער מילכאָמע. דעם איינציקן זון האָט זי דערצויגן אַליין, געגעבן אים בילדונג, ער האָט כאַסענע געהאַט, זי האָט שוין אַ היפּש אייניקל. נאָר עפּעס הויזט זי ניט מיט דער שנור. אַליין באַקלאָגט זי זיך דערוף קיינמאָל ניט, ס׳איז באַוווּסט פון דער זײַט. פאַר איר וואָלט ער, מעגלעך, אויסגעגאָסן זײַן ביטער האַרץ... ווי גיט מען איר אָבער צו פאַרשטיין דאָס, וואָס ער קאָן נאָך אַליין ניט באַגרײַפן? און טאַקע — וויִאַזוי האָט אַזוינס געקאָנט געשען? ער — פון די וויקעלעך אַ סאָוועטישער מענטש. אַ פּיִאָנער געווען, אַ קאָמיוגיסט. פון דער שול־באַנק — אַפן פראָנט. אין פּאַרטיי איז ער אָנגעקומען אין די שווערסטע כאַדאָשים — באַ סטאַלינגראַד. די מילכאָמע פאַרענדיקט אַלס קאַפּיטאַן, מיט באַלוינונגען. נאָך דער מילכאָמע געאַרבעט אַ צײַט אַף אַ זאַוואָד, דערנאָך ביז איצט —

אין זאוואַד־פּאַרוואַלטונג. באַ אים איז אַ באַשיידענע שטעלע — אַן עלטערער פּלאַנירער, — נאָר זײַנע פּליכטן פּילט ער אויס אָרנטלעך, מע שעצט אים. און אָט — זײַן בלוט און פלייש, זײַנע אַ לײַבלעכע טאָכטער האָט פאַרלאָזט אים, פאַר־לאָזט אירע שוועסטער, פאַרלאָזט איר שטאָט און איר לאַנד און אוועק מעייוועת־לעיאַם... אוועק, כאָטש זי האָט זיך ניט געקליבן עס טאָן, און אוועקגעפירט מיט זיך דאָס אייניקל — זײַן העמשעך...

ווי קאָן מען דאָס אַלץ דערקלערן? ניין, ער וועט מאַרײַע לעאָנטיעוונען אויך ניט דערציילן. קיינעם קאָן ער גאָרניט דערציילן. ס׳איז אַ ווייטעק מיט אַ ביזאָ־יען — זײַן ווייטעק און זײַן ביזאָיען.

איסאַק מאַרקאָוויטש האָט אָנגעקלונגען אַהיים.

— מאַשע?

— יאָ, טאַטע. ווו ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן?

— מירע איז אויך אין דער היים?

— מיר זײַנען ביידע אין דער היים, טאַטע. ווו ביסטו? מיר האָבן זיך שוין באַונרויִקט, ניט געוווּסט וווּהין צו קלינגען.

— כ׳האָב זיך פאַרהאַלטן אויף דער אַרבעט. באַלד וועל איך קומען.

— גיכער קום! מיר וואַרטן.

די ייִנגערע טעכטער זײַנע ווייסט ער אויך ניט וואָס צו זאָגן. אים איז שווער איצט צו קוקן זיי אין די אויגן. אים זעט אויס, ווי זיי זאָלן אַ צווייט מאָל בלײַבן פאַריאָסעמט...

די סמעטע האָט ער באַהאַלטן אין טיש־קעסטל, דעם פולן אַש־בעכער אויס־געשאָטן אין קוישל און איז אַרויסגעגאַנגען.

אין גאַס האָבן, לויכטנדיק מיט די ברייטע העלע פענצטער, געיאָגט אווטאָבוסן און טראָלייבוסן. קעגניבער האָט געשײַנט דער אַרײַנגאַנג אין מעטראָ. אַ ווײַלע איז איסאַק מאַרקאָוויטש געשטאַנען אין פאַרלעגנהייט, ייִשעוונדיק זיך מיט זיך, פאַרייכערט און האָט פאַמעלעך צופוס אוועקגעשפּאַנט אַהיים...

# אײַז־צעפּלעך אנטקעגן דער זון

1

ק

אפּ־קאפּ...
קאפּ־קאפּ...
די קאפּעלניצע שטייט בא אים צוקאָפּנס אף א הויכן געשטעל. אף איר — איין גלעזערנע קאָלבע, א צווייטע א קלענערע. די דורכזיכטיקע פליסיקייט, וואָס מע גיסט אריין, גייט אריבער פון דער גרעסערער קאָלבע אין דער קלענערער, פון איר, דורך דער גומענער רער, פליסט זי אריין אינעם שפּריץ, וואָס איז ארייַנגעשטאָכן צו אים אין אָדער. די שוועסטער, א הויכע, א דארע, שוין ניט גאָר קיין יונגע, נאָר מיט א סאך גוטסקייט אין בליק, איז א מייַסטערן. וויאזוי געפינט זי נאָך אן אָרט אף ארייַנצושטעכן דעם שפּריץ אין זייַן וועגע, וואָס איז שוין, דוכט זיך, צעשטאָכן אף דורך און דורך... זי געפינט אָבער. און די פליסיקייט פלייצט פּאמעלעך אריבער אין זייַן אויסגעצערטן קראנקן גוף, שטארקט אים. יעדער טראָפּן, וואָס גייט אין אים ארייַן דורך דעם גומענעם רערל, איז א טראָפּן לעבן.
קאפּ־קאפּ...
קאפּ־קאפּ...
ער קאָן שוין עטוואָס א קער טאָן דעם קאָפּ אף לינקס. דאָס גרויסע פענצטער אין יענער זייַט איז פארגאָסן מיט זון. די זון אליין זעט ער ניט, זי שטייט ערגעץ הויך, נאָר די שייַן אירע פארפילט דאָס פענצטער. פון יענער זייַט פענצטער איז אויך: קאפּ־קאפּ... קאפּ־קאפּ...
אים דרייט זיך עטוואָס דער קאָפּ. נאָר ער טוט אים נאָך מער א קער אף לינקס, צום פענצטער. די שוועסטער איז שוין לעבן אים: עפּשער דארף ער עפּעס? אים איז ניט גוט? ניין, ער וויל גאָרניט, ער דארף גאָרניט, אים איז גוט... דאָס אלץ זאָגט ער ארויס ניט מיטן מויל — דערויף האָט ער קיין קויעך ניט, — בלויז מיטן בליק פון די טיף־אייַנגעפאלענע אויסגעוועפּט־בלויע אויגן, וואָס קוקן ארויס פון צווישן א געדיכטן געפלאָנטער פון טיפע קנייטשעלעך. איבער זייַנע בלוילעך־בלאסע ליפּן שוועבן אוף בלויז צוויי ווערטער:
— א דאנק, לאראָטשקע...
די ערשטע צייַט האָט ער נאָר געוואָלט וויסן, ווי איז איר פאָטער־נאָמען?
— רופט מיך פּאָשעט: לאריסע. אויב איר ווילט, לארע, — האָט זי געזאָגט.
— ווי קאָן מען? — האָט ער דערווידערט. — איר זייַט דאָך געוויס שוין א מאמע פון קינדער?
— איז וואָס? — האָט זי געענטפערט. — בא אייַך וואָלט איך דאָך געקאָנט זייַן א טאָכטער?
— עמעס, — איז ער מאסקים געווען, — אפילו אן אייניקל.
— נו, שוין — אן אייניקל... — האָט זי א מאך געטאָן.
— וואָס זשע, ניט? — אף ציקאווע האָט ער געוואָלט פרעגן

בא איר, וויפל זי איז אלט, זאָגן, וויפל ער איז אלט, מאכן א שטיקל כעזשבן, נאָר דערוף האָט ער קיין קויעך ניט געהאַט, האָט ער, קוים צו הערן, בלויז אַרויס־געמורמלט:

— מע מעג, וועל איך אײַך רופן — לאַראַטשקע?..

— זאָל זײַן אַזוי.

און אַזוי איז עס פאַרבליבן — לאַראַטשקע.

שוין דער דריטער טאָג, ווי מע האָט אים אַריבערגעפירט אַהער, אין אַט דער קלענערער פּאַלאַטע. פריִער איז ער געלעגן אין א סאַך א גרעסערער. כוץ זײַן בעטל, זײַנען דאָרט געשטאַנען נאָך אַכט. ס'איז געווען דושנע, הייס פון די אָנגעגליטע באַהייצונג־באַטאַרייעס. זײַן בעטל איז געשטאַנען נאָענט צו דער אָפענער טיר, איז אים געווען לײַכטער. די, וואָס זײַנען געלעגן נעענטער צו די באַטאַרייעס, האָבן זיך געקלאָגט, אַז זיי האָבן ניט מיט וואָס צו עטעמען. דרײַ מאָל אין טאָג פלעגט מען דורכלופטערן די פּאַלאַטע. אים, וואָס האָט ניט געטאָרט און האָט זיך ניט געקענט רירן פון אָרט, האָט מען אײַנגעדעקט מיט דער קאָלדרע. אַלע איבעריקע זײַנען אַרויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר. אונטער דער קאָלדרע איז אים געווען הייס, דעם קאָפּ האָט געקילט די פּראַסטיקע לופט פונעם צעעפנטן פענצטער.

— מיר וועלן אײַך אַריבערפירן אין אַן אַנדער פּאַלאַטע, — האָט אים צוריק מיט עטלעכע טעג געזאָגט די יונגע דאָקטערן אַדע מיכײַלאָוונע, וועלכע היילט אים. און אַט האָט מען אים אַריבערגעפירט. די נײַע פּאַלאַטע איז א קלענערע. אין איר שטייען בלויז פיר בעטלעך. דרײַ פון זיי זײַנען ליידיק. ער ליגט דאָ איינער אַליין. ס'איז לופטיק, ליכטיק. בייס מע האָט אים אַריבערגעטראָגן אַהער, האָט ער אויף דער טיר פון דער פּאַלאַטע באַמערקט א ניט גרויס שילדל, נאָר וואָס אויף דעם איז אויפגעשריבן, ניט פאַנאַנדערגעקליבן. די גאַנצע צײַט געקליבן זיך פרעגן, נאָר אָדער פאַרגעסן, ווען מע איז אַרײַנגעקומען צו אים, אָדער קיין קויעך ניט געהאַט עס צו טאָן.

איצט איז אים לײַכטער. די קאַפּעלניצע — קאַפּ־קאַפּ... — און מיט יעדן טראָפּן אירן טריפט אין אים אַרײַן לעבן. ער קוקט אויף די ווײַסע דורכזיכטיקע טראָפּנס, בייס זיי טריפן אַראָפּ פון דער גרעסערער קאָלבע אין דער קלענערער, און ער הערט, דוכט זיך, ווי זיי טריפן דאָרט, אינוויייניק.. קאַפּ־קאַפּ... אָבער וויאַזוי קאָן ער עס הערן? געוויס ווײַזט זיך עס אים אויס... ניין, אָט הערט ער דײַטלעך: קאַפּ־קאַפּ... קאַפּ־קאַפּ... זאָל עס זײַן א האַליוצינאַציע פונעם געהער? פּאַמעלעך טוט ער א קער דעם קאָפּ אויף לינקס, צום פענצטער. דאָס פענצטער איז פאַרגאָסן מיט זון, און ער זעט: טראָפּן נאָך טראָפּן טריפן אַראָפּ אויף יענער זײַט ליכטיקער שויב... וואָס איז עס — א האַליוצינאַציע פון דער ריִע? ער טוט נאָך מער א קער אויס דעם קאָפּ צום פענצטער.

לאַראַטשקע איז שוין לעבן אים.

— אײַך איז ניט גוט?

„ניין, ניין, לאַראַטשקע. פון שוואַכקײַט האַליוצינירן בא מיר מיסטאָמע אי דער געהער, אי די ריִע. וואָס איז עס?". דאָס אַלץ זאָגט ער איר בלויז מיטן בליק פון די טיף־אײַנגעפאַלענע אויסגעוועפּט־בלויע אויגן. די בלאַסע ליפּן מורמלען בלויז אַרויס: „קאַפּ־קאַפּ?.." — און אויף זײַן אויסגעצערטן געזיכט — א פרעגנדיקע מינע.

— א, — האָט זי באַלד פאַרשטאַנען, — יאָ, אין דרויסן שוין אויך: קאַפּ־קאַפּ... פון דאַך.

— פון דאַך? — האָט ער מיט א שוואַך קאָל איבערגעפרעגט.

— יאָ, פון דאַך, — האָט זי מיט א פריילעכער שטים געענטפערט, — עס שמעלצן זיך שוין די אײַז־צעפּלעך. אינגיכן — פרילינג.

— פרילינג?

— יאָ, פרילינג. ס'איז דאָך שוין מאַרט.

ער האָט זיך אָפּגעקערט פון פענצטער, געבליבן ליגן גלײַך, די פּרײַע בלאַסע האַנט אַרויסגעצויגן איבער דער קאָלדרע. איז עס באַ אים ניט קיין האַליוצינאַציע. אין דרויסן טריפט אויך. אין צעעפנטן לופטל קוקט אַרײַן אַ שטיק בלויקײַט און עס פליט אַרײַן דער פריילעכער קאַפּ־קאַפּ... מאַרט...

דאָ, פון דער קאַפּעלניצע — קאַפּ־קאַפּ... און דאָרט, אין דרויסן — אויך... ער דערזעט פאַר זיך מיטאַמאָל אַזאַ אויסטערליש בילד: אַ ריזיקע קאַפּעלניצע — די זון... אַ געפּערלעכער כוילע — די ערד... דער אַריבערגאַנג פון איין צושטאַנד צו אַן אַנדערן איז אַלעמאָל געפּערלעך. און אָט, צווישן דער זון און דער ערד גייען אָפּ מיט ליכטיקע טראָפּנס אײַז־צעפּלעך פון אַלע דעכער... פון דער זון צו דער ערד — ליכטיקע טראָפּנס — טריף־טריף, — ווי פון דער קאַפּעלניצע צו אים אין אָפּגעשוואַכטן גוף...

פונוואַנען פּלוצעם אַזאַ פאַרגלײַך? ניט פּלוצעם. אים פּלעגן אָפט קומען אין קאָפּ אויסטערלישע בילדער. מע וואָלט זיי געדאַרפט פאַרשרײַבן, נאָר ער האָט עס קיינמאָל ניט געטאָן. ווער ווייסט, אַזאַ פאַנאַנדערגעוויקלטע מעטאַפאָרע וואָלט עפּשער געווען אַ געפינס פאַר אַ דיכטער. און עפּשער איז אין אים אַליין פאַרלוירן געגאַנגען אַ דיכטער, ווער ווייסט? וועגן דעם איז שפּעט צו קלערן. אַמאָל, גאָר לאַנג, אין דער יוגנט נאָך, האָט ער געשריבן לידער. זײַנע נאָענטע, זײַן געליבטער זײַנען זיי געפעלן. איינמאָל האָט ער געפּרוווט עטלעכע לידער שיקן אין אַ רעדאַקציע, האָט מען אים געענטפערט, אַז דרוקן קאָן מען זיי ניט — זיי זײַנען צו פאַרעלטערט לויט דער פאָרם (אַזוי האָט מען אים געשריבן), און געראַטן לייענען הײַנטצײַטיקע דיכטער. ער האָט זיי אַזוי אויך געלייענט. זײַן גאַנץ לעבן, זינט ער געדענקט זיך, איז ער געווען פאַרליבט אין פּאָעזיע, ליטעראַטור. איז ער טאַקע געוואָרן אַ לערער פון ליטעראַטור און שפּראַך. אַלע יאָרן ביז דער פּענסיע — און אַף פּענסיע איז ער אַוועקגעגאַנגען אַ סאַך שפּעטער, איידער מע האָט געדאַרפט, צו זיבעציק. ער האָט געאַרבעט אין פאַרשיידענע שולן. פון דער לעצטער שול האָט מען אים לאַנג ניט אָפּגעלאָזט, און ער אַליין האָט אויך ניט געוואָלט אַוועקגיין. די לעצטע יאָרן האָט ער שוין ניט געאַרבעט, נאָר סײַווי געקומען אַהין, געהאָלפן אין דער אויסערשול־אַרבעט, געפירט, ווי פריִער, דעם ליטעראַרישן קרײַז. קיין דיכטער איז ער ניט געוואָרן, מיילע, — ניט אַלע קאָנען זײַן דיכטער. דערפאַר אָבער באַ וויפל דורותס שילער האָט ער דערצויגן ליבע און פאַרשטאַנד פאַר דעם, וואָס ער אַליין האָט אַזוי פאַרערט און ליב געהאַט, — פאַרן צויבער פונעם קינסטלערישן וואָרט, ביכלאַל פאַר קינסטלערישן שאַפן. צווישן די שילער, וואָס ער האָט פאַר זײַן לאַנג לעבן געלערנט, זײַנען פאַראַן אינזשעניערן, דאָקטוירים, געאָלאָגן, זשורנאַליסטן, לערער, אַדמיניסטראַטיווע טוער, אַרבעטער, נאָר וואָס יעדער איינער פון זיי זאָל ניט טאָן — אין דעם איז ער, זייער לערער, זיכער, — האָט ער געהאַט אַ געפיל און פאַרשטאַנד אויך פאַר פּאָעזיע. און דאָס העלפט דאָך דעם מענטשן צו ווערן אַ פּאָעט אין זײַן פאַך. יאָ, — אין דעם איז ער אויך טיף איבערצײַגט, — אַ פּאָעט איז ניט נאָר דער, וואָס שרײַבט לידער, פּאָעמעס. אַ גוטע בריק איבער אַ טײַך איז אויך אַ פּאָעמע. און אַ נײַ הויז — אַוואַדע. און אַ ברייט צעכוואַליעט פעלד — אַוואַדע און אַוואַדע... אין יעדן פאַך קאָן מען זײַן אַ פּאָעט. און ער אין זײַן פאַך, — איצט מעג ער עס זאָגן, — ער אין זײַן פּעדאַגאָגישן פאַך איז אויך געווען אַ פּאָעט. נאָר וואָס הייסט — געווען? ער וועט עס פאַרבלײַבן ביז זײַן לעצטן אָטעם־צוג...

פאַר זײַן לעבן האָט ער ניט ווייניק אָפּגעטאָן, פאַרשטייט זיך, מע וואָלט געקאָנט אויפטאָן מער, זײַנען אָבער די פּיזישע מעגלעכקײַטן באַ אַ מענטשן באַגרענעצט. נו אָט, אים גייט דאָס זעקס־און־זיבעציקסטע יאָר, אין איינע יאָרן מיטן יאָרהונדערט איז ער, צוגלײַך מיט אים אַף דער וועלט געקומען... גוט נאָך, וואָס

דאָס יאָרהונדערט פירט אים אזויפיל צײַט צוזאמען מיט זיך. ניט ווײַט איז שוין, ווײַזט אויס, די שאָ, ווען דאָס יאָרהונדערט וועט מיט אים זיך געזעגענען. „אד קאַן, — וועט עס זאָגן, — וויפל איז דער שיר? זאָג א דאנק פאר דעם״...

צוריק מיט דרײַ וואָכן האָט מען אים געבראכט אהער אין שפּיטאָל מיט אן אינפארקט. עס האָט זיך ארויסגעוויזן א שווערער, א פארברייטערטער אינפארקט. אין זײַן לעבן איז עס שוין געווען דער דריטער. דער ערשטער — אינגיכן נאָך דער מילכאָמע. די מילכאָמע האָט ער דורכגעמאכט פונעם ערשטן טאָג ביזן לעצטן. אָנגעהויבן האָט ער זי ווי א פּאָליטרוק פון א ראָטע, פארענדיקט — ווי א קאָמיסאר פון א פּאָלק. נאָך דער מילכאָמע האָט מען אים פּאָרגעלייגט בלײַבן אף מיליטערישער ארבעט, נאָר ער האָט זיך אָפּגעזאָגט — ס׳האָט אים געצויגן אין שול. דאָ איז אויך אָנגעקומען ניט לײַכט. פאר די יאָרן פון זײַן ארבעט האָט זיך פיל געעביטן. צוערשט, אין די צוואנציקער יאָרן — ער איז שוין דעמלט געווען א לערער — איז געווען אן ארבעטס־שול, אײַנגעטיילט אף גרופּעס. זיבן גרופּעס. דערנאָך איז געוואָרן אויס ארבעטס־שול — א פּאָליטעכנישע, דערנאָך — פון אלגעמיינער בילדונג, אײַנגעטיילט אף קלאסן. צען קלאסן. דערנאָך עלף. דערנאָך ווידער צען. צוערשט האָבן יינגלעך מיט מיידלעך זיך געלערנט צוזאמען. דערנאָך באזונדער. דערנאָך ווידער צוזאמען. פאר זײַנע קעגנשטאנדן — ליטעראטור און שפּראך — האָט מען אין די פּראָגראמען, וועלכע האָבן אויך צו אָפט זיך געעביטן, אָפּגעגעבן אָרט, ווי אים האָט זיך געדאכט, ווייניקער, איידער מע האָט געדארפט. פיל אגמעסנעפעש פלעגט אים פארשאפן די מעטאָדיק פון אונטעריכטן ליטעראטור, וואָס איז א לענגערע צײַט רעקאָמענדירט געוואָרן אין פארשיידענע האנטביכער און אינסטרוקציעס. ער האָט ניט געקאָנט דולדן דעם אויסדרוק „דורכגיין״. שרײַבער איז מען „דורכגעגאנגען״. „דורכגעגאַנגען״ פּושקינען, „דורכגעגאנגען״ מאיאקאָווסקין... א כילעל־האשעם,—האָט ער געטראכט,—אזוי צו ריידן, אזוי צו דענקען... קעדיי געבן א פאָרשטעלונג וועגן א שרײַבער, מוז מען, פארשטייט זיך, — דאָס איז ריכטיק — כאראקטעריזירן די צײַט, ווען ער האָט געלעבט, דעם עקאָנאָמישן מאצעוו פונעם לאנד, ווו ער האָט געשאפן, באווײַזן דעם קאמף פון פארשיידענע קלאסן און וויאזוי ער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט, אָט דער קאמף, אין זײַן שאפונג. ער איז אָבער ניט מאסקים געווען, אז דערמיט, און נאָר דערמיט, קאָן מען אלץ אינעם שרײַבערס שעפעריש פארמעגן דערקלערן. אשטייגער, פּושקינס בארימטע „יא פּאָמניו טשודנאָיע מגנאָווניע״[1]... ניט שוין זשע קאָן מען עס דערקלערן בלויז מיט דער פּאָליטישער לאגע און דעם צושטאנד פון דער עקאָנאָמיק אין לײַבייגנטימערישן רוסלאנד? און א געוויסע צײַט איז דאָך בלויז אָט דאָס אקצענטירט געוואָרן... טאקע אין יענער צײַט איז אים אויסגעקומען ניט ווייניק אויסשטיין... ער האָט געהאלטן, אז אפן בײַשפּיל פון פּושקינס „יא פּאָמניו״ און אנדערע פּערל פון זײַן ליריק דארף מען ריידן מיט די שילער וועגן דינסטע ניואנסן פון מענטשלעכן געפיל, דערוועקן בא זיי א שטרעבונג צו שיינקײַט, א פייִקײַט אָט די שיינקײַט צו זוכן, שפּירן זי... ער האָט געהאלטן פאר זײַן כויוו — אף וויפל דאָס איז געווען אין זײַנע קויכעס — אנטפּלעקן פאר די שילער דעם ווונדער פון אָט דעם אויגנבליק, ווען פארן דיכטער איז אנטשטאנען דער געני פון ריינער שיינקײַט...

אף איינעם א לימעד, ווו ס׳איז וועגן דעם טאקע געגאנגען א רייד (אין קלאס האָט געהערשט אן אָנגעשטרענגט־פארינטערעסירטע שטילקײַט), איז גראָד בײַגעווען א מעטאָדיסט פונעם שטאָטישן בילדונגס־אָפּטייל, אן עלטערע פרוי אין טונקעלע ברילן. אים האָט זי נאָכדעם געזאָגט, אז דער לימעד איז איר זייער

[1] איך געדענק דעם ווונדערלעכן אויגנבליק (רוס.).

געפעלן, זי האָט פּאַשעט געהאַט פון אים גרויס האַנאָע, און אַזוי איז עס מיסטאַמע געווען. נאָר אין דעם באַריכט, וואָס זי האָט דערלאַנגט איר שעף אינעם שטאָ־טישן בילדונגס־אָפּטייל, איז אָנגעוויזן געוואָרן, ווי אַף אַ גרויסן קרימינאַל, אַז פון צוויי לידער פּושקינס — „טשאַאַדײַעווו" און „יאַ פּאַמניו טשודנאָיע מגנאָווע־ניע" — האָט דער לערער אָפּגעגעבן דער ערשטער בלויז צען מינוט (זי האָט עס קאָנטראָלירט אַפן זייגער) און דער צווייטער — גאַנצע פופצן. און דאָס, האָט זי צוגעגעבן, אין דער צײַט, וועון די צווייטע ליד איז ביכלאַל אין דער פּראָגראַם ניטאָ. דערפון זײַנען געמאַכט געוואָרן קאַטעגאָרישע אויספירן: ערשטנס, דער לערער דערלויבט זיך מאַכן אַף אייגענעם באַראַט, ניט האָבנדיק פריִער מיט קיי־נעם קאָנטאַקטירט, געפערלעכע עקספּערימענטן; צווייטנס, אָנשטאָט צו דערציִען בא די שילער אַ שאַרפן פּאָליטישן כוש פלאַנצט ער אין זיי אײַן געפערלעכע אַפּאָליטישקײַט. ליבע צו אַ פרוי באַקומט זיך בא אים וויכטיקער פון דער ליבע צום היימלאַנד... (דאָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן אים, אַ מענטשן, וועלכער האָט פיר יאָר זיך באַטייליקט אין בלוטיקן קאַמף פאַרן היימלאַנד). עס האָבן זיך אָנגע־הויבן „באַאַרבעטונגען" — אַפן פּעדאַגאָגישן ראַט, אין דער סעקציע פון די לע־רער פון ליטעראַטור און שפּראַך, אין באַריכטן און פּאַרטראַגן פון אָנפירער פּור־נעם בילדונגס־אַמט פון פאַרשיידענע ראַנגען. דעמלט טאַקע, בייס אַן אָרדנטלע־כער „באַאַרבעטונג", האָט ער באַקומען דעם צווייטן אינפאַרקט...

דערמאָנענדיק זיך וועגן דעם, פלעגט ער שפּעטער מיט אַ ביטערן שמייכל זאָגן: „אָ, יאַ פּאַמניו טשודנאָיע מגנאָווע־ניע"...

דאָס אַלץ איז שוין אַוועק אין דער פאַרגאַנגענהײַט. איצט גיט מען אָפּ גרויס אויפמערקזאַמקײַט דעם עסטעטישן געניטס פונעם שרײַבערס ווערק. דער טראָפּ ווערט געשטעלט, באַנאַנד מיטן אידייִשן, אויך אַפן עטישן, מאָראַלישן באַטײַט פונעם קינסטלערישן וואָרט. דאָס איז ריכטיק, ווײַל ווי קאָן מען ניט אויסנוצן אינעם גאַנצן פאַרנעם אַזאַ מעכטיק מיטל פון דערציִען געטרײַע, הערלעכע מענטשן, קעמפער פאַר אַלעם שיינעם און ווירדיקן אין לעבן, ווי פּאָעזיע, ליטע־ראַטור, טעאַטער, קינאָ, מאָלערײַ... ווי גוט, ווי פרײַ און פּרוכטבאַר האָט זיך אים געאַרבעט די לעצטע יאָרן! ניט אומזיסט האָט ער ניט געקענט אַוועקגיין פון שול. ער האָט אָבער געמוזט עס טאָן. די עלטער, אוי, די עלטער... און אָט — דער דריטער אינפאַרקט... וואָס האָט איצט געקאָנט אַזוינס אַרויסרופן? דאַכט זיך, גאָרניט. ער האָט געלעבט רויִק, מיט אַלע נייטיקע באַקוועמלעכקײַטן. אַלץ איז דאָ, און אויך קאָוועד, אַ האַלבע שטאָט קימאַט — זײַנע שילער. ראַפּאַיִל איסײַע־וויטש סערעבריאַנסקי איז אַ נאָמען אין שטאָט... עמעס, ליזע, די פרוי, זײַן לעבנס־פרײַנט — אַקסל בא אַקסל האָבן זיי דורכגעשפּאַנט קימאַט אַ האַלבן יאָר־הונדערט, — האָט אים ניט געפאָלגט... דאָס גאַנצע לעבן האָט ער זי ליב געהאַט און האָט זיך געבעטן בא איר (זי האָט אויך געהאַט אַ קראַנק האַרץ): „לעב מיך איבער"... „נייך, — האָט זי געענטפערט, — איך וויל, דו זאָלסט מיך איבערלעבן"... און ס'איז אויסגעקומען אַף אירן... שוין דריטהאַלבן יאָר איז זי ניטאָ... אַ זון האָבן זיי געהאַט, איז ער, נאָך גאָר אַ יונגער, אַף דער מילכאָמע אומגעקומען. ער אַליין האָט זיך אומגעקערט גאַנץ, דער זון — ניט. אַ טאָכטער געווען, איז זי אויך פרי געשטאָרבן. אירע קינדער, זײַנע אייניקלעך, שוין אַלע דערוואַקסענע, לעבן ווײַט, זעלטן־ווען מע שרײַבט אָן אַ קאַרטל. נאָר קינדער און אייניקלעך האָט ער, אייגנטלעך, אַ סאַך — געוועזענע שילער, און די קינדער פון אָט די שי־לער, וועלכע ער האָט אויך געלערנט, און אַפילע די אייניקלעך פון אָט די שי־לער... פיל פון זיי פאַרגעסן אים ניט — מע שרײַבט אים ביז איצט געוויי וועגן זיך, און ער שרײַבט זיי, מע קומט צוגאַסט און מע לאַדט אײַן צו זיך. דאָס פאַר־שאַפט אים נאַכעס. הײַנט די ביכער, זײַן גרויסע ביבליִאָטעק מיט אַזויפיל אָנגע־זאַמלטע פאַרן לעבן יעקאַר־האַמציִעסן, — וויפל טײַנעג פאַרשאַפן זיי אים.

מענטשן, וואָס ער האָט זיי דערצויגן און וועלכע זײַנען דאנקבאר אים; ביכער, וואָס ער האָט זיי אײַנגעזאַפּט אין זיך און איז דאנקבאר זיי... אלץ איז מיט אים און ער איז מיט אלץ — וואָס האָט אים געפעלט? און דאָך — א דריטער אינפארקט...

— איר דארפט עפּעס, ראפאַיל איסײַעוויטש? אײַך איז ניט גוט?

לאראָטשקע. סארא ווילע זי איז... ניין, ער דארף גאָרניט. אים איז גוט...

— מארט, זאָגסטו? אינגיכן — פרילינג, הא?

— יאָ, אינגיכן פרילינג.

זי איז ארויסגעגאנגען פון דער פאלאטע, און ער האָט זיך פארקוקט אין פענצטער. אײַז־צעפלעך שמעלצן זיך אנטקעגן דער זון. די זון — א ריזיקע קאפּעל־ניצע... די ערד — א געפערלעכער כווליע... ווי האָט אים געקאָנט גאָר קומען אין מויעך אזא פארגלײַך? נאָר אין מויעך פון א קראנקן מענטשן קאָן זיך אויסמאָלן אזא אומגעלומפּערטקײַט. די זון... די ערד... אײַז־צעפלעך... פרילינג... זיי דארף מען מיט גאָרניט פארגלײַכן, זיי זײַנען אן און פאר זיך פּרעכטיק. אָדער — א בוים. אָט קוקט ארײַן אהער אין פענצטער א בוים. די צווײַגן זײַנען בא אים נאקעט, הויל. א ווינטל שאָקלט קוים־קוים די צווײַגן, און עפּעס, דאכט זיך, שפּירט זיך שוין אין אָט די נאקעטע צווײַגן. וואָס? ער האָט עס לאנג ניט געקאָנט בא־גרײַפן. דערנאָך האָט ער, דאכט זיך, אײַנגעדרעמלט ניט אף לאנג. אופגעוואכט און ווידער זיך פארקוקט אף די צווײַגן פון יענער זײַט פענצטער. מיטאמאָל איז אים קלאָר געוואָרן, וואָס אין אָט די צווײַגן לאָזט זיך שפּירן, — דערוואַרטונג. יאָ, יאָ, דערוואַרטונג... אפן פרילינג וואַרטן זיי... און ער? ער וועט אויך זיך דער־וואַרטן? אין זײַן לעבן וועט נאָך זײַן א פרילינג?

ער וועט פרעגן בא לאראָטשקען. אהא, אָט איז זי ארײַנגעקומען, זיך אָנגע־בויגן איבער אים. ווי פילט ער זיך? גוט? נו, זאָל ער אײַנעמען אָט די פּילן, רויטינקע, גליטשיקע. אײַנגענומען. זי האָט אים דערלאנגט פון טומבאָטשקע די גלאָז, און ער האָט פארטרונקען. האָט ער זיך אָנגענומען א ביסל מיט קויעך, באלד וועט ער בא איר א פרעג טאָן. ניט דאָס, עפּעס אנדערש.

— לאראָטשקע...

— וואָס, ראפאַיל איסײַעוויטש?

— אָט דאָ, אף דער טיר פון דער פאלאטע — ווען מע האָט מיך געפירט אהער, האָב איך געזען — א שילדל...

— נו, יאָ.

— וואָס איז אף דעם אָנגעשריבן?

— וואָס האָט עס דען פאר א באטײַט, ראפאַיל איסײַעוויטש? איר דארפט ליגן רויִק, וועגן גאָרניט טראכטן, ניט ערגערן זיך. אלץ וועט זײַן גוט.

— אָבער וואָס איז אָנגעשריבן אפן שילדל?

— איר ווילט עס נייטיק וויסן?

— יאָ.

— ס'איז אָנגעשריבן: „פאלאטע פון אינטענסיוון אופזיכט“.

— וואָס באטײַט עס אף אײַער מעדיצינישן לאָשן?

— דאָס באטײַט, אז דאָ קוקט מען בעסער נאָכן כווליע, עס דעזשורעט לעבן אים די גאנצע צײַט א שוועסטער.

— מיט וואָס זשע האָב איך פארדינט, מע זאָל מיך אהער אריבערפירן?

— מיט וואָס? נו, די קראנקהײַט איז בא אײַך אן ערנסטע... און איר זײַט דאָך שוין ניט אזא יונגער, איאָ?

— יאָ, גאָר ניט קיין יונגער, לאראָטשקע.

— טאָ ליגט רויִק און סטארעט זיך וועגן גאָרניט טראכטן.

ער האָט זי געפאָלגט. אינגיכן האָט ער אפילע אײַנגעדרעמלט.

לאראָטשקע האָט ראפאַיל איסיַיעוויטשן וועגן דעם שילדל אלץ דערקלערט ריכטיק, איינס בלויז האָט זי אים ניט געזאָגט: אהער, אין אָט דער פּאלאטע, פירט מען אריבער א כוילע דאן, ווען דאָס לעבן זיַינס הענגט שוין אף א האָר...

2

א ליכטיקער גאנצפרי. די קאפּעלניצע איז געשטאנען באם בעט. נאָר מע האָט זי נאָך ניט אָנגעגאָסן, ניט צוגעשלאָסן צו אים. אין פענצטער האָט מען געזען א היפּשע שטיק בלויקיַיט און די לענגלעכע שפּיצן פון אראָפּגעהאנגענע איַיז־צעפּלעך. פון זיי האָט נאָך ניט געטריפט. שפּעטער, באטאָג־צו וועט די זון זיך אָנעמען מיט קויעך און זיי אָנהייבן שמעלצן...

ראפאַיל איסיַיעוויטש האָט זיך געפילט בעסער. ער האָט געזאָגט וועגן דעם דער דאָקטערן אדע מיכיַילאָוונען, ווען יענע איז אריַינגעקומען.

— דאָס איז גוט! דאָס איז גוט! — האָט אדע מיכיַילאָוונע צוויי מאָל איבערגעכאזערט מיט איר זינגעוודיקער שטים. בייס זי האָט גערעדט, האָט זיך געדאכט, אז גליַיכציַיטיק זינגט זי אונטער זיך אליין. — וויַיזט אָקאָרשט, ווען מיר איַיך אויסהערן... — זי האָט גראציִעז צוגעזעצט זיך (אלץ, וואָס זי האָט געטאָן, האָט זי געטאָן גראציִעז), פארהויבן אים דאָס העמד איבער דער ברוסט און צוגעשטעלט צום גרויען האָר־געפּלאָנטער דעם סטעטאָסקאָפּ. בעשאס זי האָט אלע אינדערפרי אזוי צוגעהערט זיך צו זיַין הארץ, האָט דער אלטער לערער ליב געהאט קוקן אף דער יונגער דאָקטערן, דאָס האָט אים פארשאפן הנאָה. א שיינע איז זי געווען, אדע מיכיַילאָוונע. איר שמייכל האָט געהאט טויזנט כיינען. אפילע אצינד, ווען זי הערט זיך צו צו זיַין קראנק הארץ, דוכט זיך דאָך, אז סיַיווי שמייכלען די ליפּן בא איר אונטער וועגן עפּעס אזוינס, וואָס נאָר זיי, די ליפּן אליין, ווייסן...

— נו, אָט, זייער גוט! זייער גוט! — האָט אדע מיכיַילאָוונע, אופהייבנדיק זיך, אויסגעזונגען מיט אירע שמייכלענדיקע ליפּן. — איר זיַיט א מאָלאָדיעץ, ראפאַיל איסיַיעוויטש, א גרויסער מאָלאָדיעץ!

פון איר קוק, פון איר שמייכל, פון איר זינגעוודיקער שטים איז אים געוואָרן נאָך בעסער, און ער האָט זיך שוין געפילט גוט ביז האלבן טאָג, ווען אדע מיכיַילאָוונע איז נאָכאמאָל אריַינגעקומען אין פּאלאטע.

— ראפאַיל איסיַיעוויטש, — האָט זי א קער געטאָן זיך צו אים, — איַיך וועט ניט פארשווועריקן, אויב אהער וועט אף א וויַילע אריַינקומען א גרופּע שילער פון דער מעדיצין־שול? מעגלעך, זיי וועלן בא איַיך עפּעס פרעגן. וועט איר וועלן, ענטפערט, ניט — איז ניט...

— פארשטייט זיך, — האָט ער געזאָגט, — זאָלן זיי אריַינגיין. — ער האָט געוווּסט: כוץ דעם, וואָס אדע מיכיַילאָוונע ארבעט אין שפּיטאָל, פירט זי אויך אָן מיט דער פּראקטיק אין דער שטאָטישער מעדיצין־שול. ער האָט זי שוין געזען מיט א גרופּע שילער אין דער פּאלאטע, ווו ער איז פריִער געלעגן. דאָרט האָבן זיי זיך אינטערעסירט מיט א כוילע, וואָס האָט געליטן פון אלערגיע...

— יאָ, יאָ, זאָלן זיי אריַינגיין, — האָט ער געזאָגט.

אין א מינוט ארום האָט א סאך שיַינענדיקע וויַיסקיַיט אים א בלענד געטאָן אין די אויגן. א צען, און עפּשער מער, יונגינקע מיידלעך, צווישן זיי א פּאָר ייִנגלעך אויך, אין בלאנקענדיק־אויסגעפּרעסטע כאלאטן און פונקט אין אזעלכע הויבן האָבן פארפּילט מיט זיך די ניט גרויסע פּאלאטע. זיי האָבן זיך ענג צונויפגעשטעלט בא זיַין בעט, צופוסנס. א לענגערע וויַילע האָבן זיי אזוי שטום געקוקט אף אים, און ער אף זיי. זיי און ער האָבן געהאט דערביַי ביז גאָר פארשיידענע געדאנקען.

זיי: אוי, שלעכט, אפּאַנעם, צו זײַן אַזוי אַלט...

ער: סאַראַ גליק (זיי באַגרײַפֿן עס גאָר ניט) אַזוי יונג זײַן...

זיי האָבן, ווער מיט גלײַכגילט (שוין צוגעוווינט), ווער מיט געמאַכטן, ווער מיט עמעסן אינטערעס, ווער מיט ראַכמאָנעס, געקוקט אױפֿן אויסגעדיייווערטן אַלטן מיט די שיטערע גראָווע האָר אַרום נאַקעטן שאַרבן, מיט די טיף אײַנגעגראָבענע אויגן אונטער די ווײַסע ברעמען, מיט די לענגלעכע קנייטשן אַרום די בלאַסע ליפּן. און ער האָט מיטן גאַנצן כּיעס, וואָס איז אין אים נאָך פֿאַרבליבן, גיריק אײַנגעזאַפּט אין זיך די יונגקײַט, די לויטערקײַט פֿון די פּענעמער, וואָס האָבן אַף אים געקוקט... ווי ער זאָל פֿלוצעם אַרײַנפֿאַלן אין אַ וואַלד און דאָרט זאָל פֿון אַ קילן קוואַל אַ ווייַע טאָן אַף אים מיט קאַיאָריקער פֿרישקײַט... אַזעלכע יונגינ־קע, קימאַט קינדער נאָך, און אַזעלכע ערנסטע, יעדערער פֿון זיי האָט שוין אויס־געקליבן זײַן וועג אין לעבן. אָט דאָס מיידעלע פֿון פֿאָרנט, אין די האָרנברילן, אַ קליינינקע, מיט פּיצינקע בלאָטערלעך אַפֿן גאָמבעלע... מיט דער צײַט וועט געוויס אויסוואַקסן פֿון איר אַ גוטער דאָקטער. און אָט די היציכע לעבן איר: סאַראַ אַנטוויקלטע מיידלשע פֿאָרמען, און אָט דאָס כוצפּעדיק פֿאַריסענע נעזל, דער צו־געשטילטער לוסט פֿונעם שעלמישן בליק... אָ, די וועט קערן וועלטן!.. עטלעכע — די פּענעמלעך נאָך גאָר קינדערשע, און האַלטן זיך שוין אַף אויסגעצויגן־לאַנגע קרעפּטיקע קערפּערס — אַקסעלעראַציע... און אָט די צוויי — דאָס באָכערל און דאָס מיידל לעבן אים, נעבעך, ניט קיין שיינע — זיי האָט די אַקסעלעראַציע ניט באַרירט, זיי וועלן נאָך וואַקסן... און אַלע צוזאַמען, די גרעסערע און די קלענע־רע, — אַ צאַפּלדיק פֿריש בינטל בלומען... פֿאַרשיידענע קאָלירן, פֿאַרשיידענע סאָרטן, נאָר פֿון זיי אַלעמען גלײַך שמעקט מיט ערדישער זאַפּט, עס שלאָגט פֿון זיי מיט וואַרעמקײַט, מיט לעבן. אַ כּיעס אַף זיי צו קוקן...

— ליודע, האָסט געוואָלט עפּעס פֿרעגן באַם קראַנקן? — האָט אַדע מיכײַלאָוונע זיך געווענדט צום מיידל אין די האָרנברילן.

— יאָ, — האָט יענע געענטפֿערט און רויט געוואָרן.

— נו, גיי צו נעענטער, פֿרעג.

ליודע האָט זיך אָפּגעטיילט פֿון דער גרופּע, צוגעגאַנגען צו ראַפֿאַיִל איסײַע־וויטשן.

— שוין לאַנג זײַט איר קראַנק?

ער האָט שווײַגנדיק געקוקט אַף איר. וויפֿל שילער האָט ער איבערגעזען פֿאַר זײַן לעבן און ווי גוט ער האָט זיי שטענדיק פֿאַרשטאַנען. אָט די נעבעך — ניט דאָס גאָר האָט זי געדאַרפֿט באַ אים פֿרעגן... זי האָט וואָס פֿאַרגעסן און שטייט איצט אַ פֿאַרלוירענע, אַ רויט געוואָרענע.

— ניט לאַנג, טעכטערל, — האָט ער געענטפֿערט, — אַ קנאַפּן כוידעש.

— און ביז דעם?

— ביז דעם בין איך געווען געזונט.

— און פֿריִער איז באַ אײַך שוין געווען אַן אינפֿאַרקט מיִאָקאַרדאַ?

— געווען, טעכטערל, געווען.

— שוין לאַנג?

— מיט אַ יאָר פֿופֿצן צוריק.

— און נאָך?

— נאָך — אויך געווען...

— ווען?

— צוריק מיט אַ יאָר צוואַנציק, דו ביסט נאָך דעמלט אַף דער וועלט ניט געווען...

— אין וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם?

— אַ מיקראָ...

לידע האָט זיך באהערשט. אירע פראגן האָט זי פארגעבן רויק; וואָס זי האָט געדארפט פרעגן צוערשט, האָט זי אויך ניט פארגעסן, געדענקט. אָף וואָס איז ער קראנק? — האָט זי געדארפט פרעגן, מאכן, הייסט עס, דעם אָנשטעל, אז זי ווייסט ניט. נאָר צו וואָס? אדע מיכײַלאָוונע האָט זיי דאָך פארן ארײַנפירן אהער דער־קלערט. און ווען זי האָט אפן אלטיטשקן אַ קוק געטאָן, האָט איר פאָשעט פאר־קלעמט באַם הארצן פון ראכמאָנעס צו אים, איר האָט זיך מענטשלעך געוואָלט וויסן, ווי לאנג ער קרענקט שוין...

— און וואָס פילט איר איצט?

— דו, טעכטערל, זאָלסט קיינמאָל אזוינס ניט פילן...

— נו, אָט, — האָט מיט איר זינגעוודיקער שטים זיך אָנגערופן אדע מיכײַלאָוו־נע, — איך מיין, מיר וועלן דעם קראנקן מער ניט באומרויִקן. מיר וועלן אים צווינטשן געזונט און אריבערגיין אין דער צווייטער פאלאטע.

די שײַנענדיקע ווײַסקײַט פון די פריש אויסגעפרעסטע כאלאטן האָט פאמעלעך זיך ארויסגעצויגן אָף יענער זײַט טיר.

ארײַנגעקומען לאראָטשקע.

— זיי האָבן אײַך ניט פארמאטערט, ראפאיִל איסײַעוויטש?

— ניין, פארקערט.

— וואָס — פארקערט?

— אזעלכע יונגע, אזעלכע פרישע, א קוק טאָן אָף זיי — קומט צו געזונט.

אין אַ ווײַלע ארום האָט ער שטיל זיך אָנגערופן:

— לאראָטשקע...

— וואָס, ראפאיִל איסײַעוויטש?

— כ׳וויל אײַך בעטן — רופט ארײַן דעם דאָקטער.

— באלד?

— יאָ.

— אײַך איז שלעכט?

— ניין.

— וואָס זשע?

— איך דארף איר עפעס זאָגן.

די שוועסטער איז ארויס און אינגיכן צוריק געקומען.

— אדע מיכײַלאָוונע זאָגט, אז אויב ס׳איז ניט עקסטרע, וועט זי ארײַנקומען א ביסל שפּעטער. זי וועט פארענדיקן די ארבעט מיט דער גרופּע און ארײַנגיין.

— ניין, ניט עקסטרע, — האָט געענטפערט ראפאיִל איסײַעוויטש און זיך פאר־קוקט אין פענצטער. די גרויע צווײַגן פונעם נאקעטן בוים האָבן דאָרט גע־צאפּלט אין דערוואַרטונג פון פרילינג. זיי וועלן זיך אָף אים דערווארטן. ניט אָף איין פרילינג נאָך וועלן זיי זיך דערווארטן...

ראפאיִל איסײַעוויטש האָט אײַנגעדרעמלט. ווען ער האָט זיך אופגעכאפּט — ער וואָלט ניט געקאָנט זאָגן אין וויפל צײַט ארום, — איז אדע מיכײַלאָוונע געשטאנען לעבן אים. זי האָט, ווײַזט אויס, ניט געריכט זיך, אז באלד וועט ער עפענען די אויגן. איר פּאָנעם איז געווען אזא, ווי ער האָט עס נאָך קיינמאָל ניט געזען, — אָן ערנסטס, אָן אַ מינדסטן סימען פון א שמייכל. אזוי האָט אָבער געדויערט אן אויגנבליק, ניט מער. באלד האָט אָף איר פּאָנעם דער שמייכל זיך צעשײַנט מיט אלע זײַנע כיינען.

— איך האָב אײַך פארמאטערט מיט מײַנע שילער? — האָט זי געפרעגט.

— ניין, פארקערט. איך וויל אײַך גאָר בעטן...

— וואָס ווילט איר בעטן?..

— זעצט זיך אַ ווײַלע צו.

זי האָט זיך צוגעזעצט.

— איך וויל אײַך בעטן, אדע מיכײַלאָוונע, איר זאָלט מיר זאָגן דעם עמעס...
— וועגן וואָס?
— אָט וועט אינגיכן זײַן פרילינג. באַטאָג שמעלצן זיך שוין די אײַז־צעפּלעך אנטקעגן דער זון... דער דאָזיקער פרילינג וועט נאָך זײַן... פאַר מיר אויך?
— איך פאַרבאָט אײַך וועגן דעם אפילע צו טראַכטן, — האָט זי געזאָגט שטרענג, — אויב איר ווילט, אַז אַלץ זאָל זיך פאַרענדיקן גוט...
— אָבער טאָמער פאַרט...
— וואָס — פאַרט?
— טאָמער וועט מיר ווערן שלעכט, איר פאַרשטייט?.. וויל איך אײַך בעטן... — ער האָט שווער איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, — וויל איך אײַך בעטן, איר זאָלט קו־מען נאָכמאָל צו מיר מיט אײַערע שילער...
— צו וואָס? — האָט זי ניט פאַרשטאַנען.
— אַזעלכע יונגע זײַנען זיי... אַזעלכע ווילדע... איך וועל אַ קוק טאָן אויף זיי, וועט מיר זײַן גרינגער... איר פאַרשטייט, — גרינגער... — ער האָט אַרופגעלייגט זײַן דאַרע אויסגעבלאַסטע און אָדערדיקע האַנט אויף אירער. — באַ פּושקינען, אַדע מיכײַלאָוונע, געדענקט איר?..

И пусть у гробового входа...

ער האָט געוואָלט פאָרזעצן, נאָר ס'האָט אים אויסגעפעלט אָטעם. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אירע גרויסגעוואָרענע גרינבלעכע אויגן. מיט אַ פרעגנ־דיקער אינטאָנאַציע, — צי דאָס מיינט ער? — פאַרענדיקט:

Младая будет жизнь играть?..[1]

צופרידן־דאַנקבאַר האָט ער אַ קוק געטאָן אויף איר.
— איר געדענקט?
— יאָ.
— אָט־אָט, — האָט ער געזאָגט, —

Младая жизнь... играть...

אַדע מיכײַלאָוונע האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעהויבן.
— „מלאַדאַיאַ זשיזן”, — האָט זי געזאָגט, — דאָס איז גוט. נאָר „אוּ גראָבאָ־וואָוואָ וכאָדאַ” — וועגן דעם זאָלט איר ניט טראַכטן. מע דאַרף ניט.
— אָבער איר זאָגט מיר צו?
— וואָס?
— קומען צו מיר נאָכמאָל מיט אײַערע שילער?
זי האָט צוגעזאָגט. נאָר ווען אויף מאָרגן זײַנען די שילער געקומען, איז ער שוין ניט געווען. ער איז אויסגעגאַנגען פאַרטאָג. לאַראָטשקע איז בײַגעווען דער־בײַ. זי האָט אים צוגעמאַכט די אויגן.
דער טאָג האָט נאָכדעם לאַנג געשײַנט אַ ליכטיקער, אַ וואַרעמער. די גרויע צווײַגן פונעם נאַקעטן בוים האָבן געצאַפּלט אויף יענער זײַט פענצטער אין דער־וואַרטונג פון פרילינג. די אײַז־צעפּלעך האָבן זיך געשמאָלצן אנטקעגן דער זון...

---

[1] און באַם אַרײַנגאַנג אין קייווער
דאָס יונגע לעבן שפּילן זאָל...

## אין פענצטער אנטקעגן

1

געווען א צײַט, ווען אַף ארכיטעקטור האָט מען איבעריקנס קיין אכט ניט געלייגט. עס זײַנען געוואקסן קווארטאלן, גאסן, שטעט גאנצע, ווי צוויי טראָפּן וואסער ענלעכע איינס אפן אנדערן. דערנאָך האָט מען גענומען די זאך צוביסלעך פאַריכטן. איין מויער האָט מען געבויט א העכערן, דעם אנדערן — א נידעריקערן, איינעם געשטעלט אין דער לענג, דעם צווייטן — אין דער ברייט. אַף איינעם שטעקן די באלקאָנען פון אויסן, באַם אנדערן זײַנען זיי ארײַנגעצויגן אינווייניק. מע האָט זיך שוין דער־טראכט אפילע צו בויען מויערן, וואָס שטייען קײַלעכדיק און קרומקײַלעכדיק, און ווער ווייסט צו וואָס נאָך מע וועט זיך דערטראכטן.

דער מיקראָראיאָן, ווו איך וווין, איז אופגעקומען אין יענע יאָרן, ווען מע האָט אין קיין ארכיטעקטור־פּראָבלעמען, ווי גע־זאָגט, איבעריקנס זיך ניט ארײַנגעטאָן. געזאָרגט וועגן איינס — וואָס גיכער שטילן דעם הונגער אַף וווינונגען — און געבויט אָן קונצן. אוועקגעשטעלט באנאנד דרײַ הונדערט־דירעדיקע — גרוי־סע פינפגאָרנדיקע קאסטנס, — און גאָר. עס זאָל זיך געפינען עפּעס א ריז, א מין נײַער הוליווער, וואָלט ער זיי געקאָנט אָנע־מען פאַר די אנטענעס און פראָסט־פּאָשעט אוועקטראָגן מיט זיך...

זאָגן, אז עס פארשאפט פארגעניגן אַף אָט די קאסטנס צו קוקן, קאָן מען ניט. נאָר אויב איר ווילט דעם עמעס, — גייט עס מיר ניט אָן. אין די אָוונטן, ווען די קאָנטורן פון אָט די קאסטנס זינ־קען אײַן אין כאשכעס און זיי אליין ווערן באהעלט מיט צענד־ליקער ליכטיקע פענצטער, פארגעס איך אין דער פרימיטיווער ארכיטעקטור און עס פרייט מיך צו קוקן אַף אָט די פענצטער און וויסן, אז הינטער יעדן איינעם פון זיי גייט א באזונדער לעבן, וואָס מיט עפּעס איז עס יאָ ענלעך, און מיט עפּעס — ניט אַף די אנדערע. אין איין פענצטער פינקלט א קרישטאָלענע ליוסטרע. אין א צווייטן שטראָמט פון אונטער אן אַבאזשור רויק־גרינבלעכע שײַן. נאָך אין איין פענצטער לײַכט א לענגלעכער ליומיניסצענץ־לאָמפּ מיט באטאָגיקער בלענדיקײַט.

פארשיידענע מינים שײַן. יעדעס לעבן האָט זײַן שײַן.

ליב האָב איך צו קוקן אַף אָט די טונקעלע מויערן אין א שפּעטער שאָ, ווען די פענצטער, איינס נאָכן אנדערן, נעמען זיך אויסלעשן און אין דער פינצטערניש בלײַבן הענגען, ווי אליין פון זיך, איינדערלופטן צו עטלעכע ליכטיקע פענצטער... אויך זיי לעשן זיך ביסלעכווײַז אויס, און אָט בלײַבט לויכטן ערגעץ פון אויבן, אין דער מיט, אפן פינפטן שטאָק, אן איין־איינציק פענצ־טער...

א גאנצע נאכט לעשט זיך שוין אָט דאָס פענצטער ניט אויס. עפּשער א כוילע? מעגלעך, א קינד איז דאָרט קראנק, ווער ווייסט? צוליב עפּעס לויכט דאָך אָט דאָס איין־איינציקע פענצ־טער אזש ביזן גרויען פארטאָג...

איך ווין אינעם פערטן מויער, וועלכער שטייט קווער צו די אנטקעגנדיקע דרײַ. פון מײַן קיך־פענצטער זע איך די עקסטע צוויי מויערן פון רעכטס און פון לינקס אין דער גאנצער לענג פון די איינפאכע פאסאדן מיט אלע זייערע ארײַנגאנג־טירן. דער דריטער, דער מיטלסדיקער מויער, איז געווענדט צו מיר מיט זײַן שמאָלער זײַט. אָט די זײַט איז צעטיילט אף צוויי גלײַכע טיילן, אין יעדן, איינע איבער דער אנדערער — פינף לאָדזשיעס. אינדערפרי, באטאָג און אין אָוונט איז צו זען דאָס לעבן פון צען מישפּאָכעס מיט זייער האָב און גוטס — מיט די קאָלירטע טעפּיכער, וואָס מע הענגט ארויס דורכלופטערן, מיטן שניי־ווײַסן גרעט, וואָס טריקנט זיך, מיט די עלטערע לײַט, וואָס זעצן זיך צו כאפּן פרישע לופט, מיטן קליינוואַרג, וואָס גייט ארויס מיט א שפּיגעלע און צילעוועט פלינקע זון־העזעלעך אף די אנטקעגנדיקע באלקאָנען...

אייניקע פון די, וואָס ווינען אין אָט דעם מויער אנטקעגן, זײַנען מיר באַקאנט, אנדערע ניט. פאראן אזעלכע, וואָס כ׳ווייס וועגן זיי גאָרניט, כאָטש מע טרעפט זיך אין הויף, אין נאָענטן מאגאזין. אזוי, אשטייגער, האָב איך גאָרניט געוווּסט וועגן דער מישפּאָכע, וואָס איר געהערט די לאָדזשיע אנטקעגן אפן ערשטן שטאָק פון רעכטס. איך האָב בלויז באמערקט, אז דער באלעבאָס פון אָט דער דירע, ניט קיין הויכער פעסט געפאקטער מאנצבל מיט א גוטמוטיקן אויסזען אפן טונקעלן פּאָנעם, האָט ליב אָפּט שטיין און רייכערן אין זײַן לאָדזשיע. ער קאָן אזוי אָפּשטיין א שאָ און צוויי, און ס׳ווערט אים ניט לאנגווײַליק. אמאָל שטעלט זיך צו אים צו ניט קיין הויך פולבלעך ווײַבל — זײַן פרוי. אין אָוונט, ווען אין צימער, וואָס גייט ארויס צו דער לאָדזשיע, צינדט מען אָן שײַן און מע זעט גוט, וואָס דאָרט טוט זיך, קאָן מען אויך באמערקן א קליינינקע, א קײַלעכדיקע, ווי א קנײַלעכל בײַוול, אלטיטשקע מיט ווײַסע אין א קליין קובלעקל פארנומענע האָר, — אפּאָנעם, זײַנע אָדער איר מאמע. אין דרויסן און אפילע אין דער לאָדזשיע זעט מען זי זעלטן.

עס פלעגט אויך טרעפן, אז צום באלעבאָס פון דער לאָדזשיע שטעלט זיך צו א יונגער, זייער אן ענלעכער אף אים באָכער אין א מײַקע, אָדער גאָר ביז העלפט נאקעט, מיט א ברייטער זוניק אָפּגעברוינטער ברוסט און היפּשע מוסקולן, — א זון געוויס. שפּעטער איז ערגעץ דער באָכער אף א לאנגער צײַט ניט געוואָרן.

2

דאָ ניט לאנג האָב איך זיך צערעדט מיט מײַנעם א באקאנטן, וועלכער ווינט אויך אינעם מויער אנטקעגן, און ער האָט מיר דערציילט די געשיכטע פון דער מישפּאָכע, צו וועלכער עס געהערט אפן ערשטן שטאָק די לאָדזשיע פון רעכטס. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די געשיכטע פון אָט דער מישפּאָכע איז גאָר ניט אזא פּאָשעטע, ווי עס קאָן פון א זײַט זיך דאכטן.

דער באלעבאָס פון דער דירע איז אן אלטער טוישעוו אין שטאָט. ער פירט אָן מיט א בריגאדע אין איינעם פון די היגע בוי־טרעסטן. די פרוי זײַנע האָט אויך אמאָל אָנגעהויבן אף א בויונג, א מולירן געווען, — טאקע דאן איז מען זיך צונויפגעגאנגען, — דערנאָך האָט זי פארענדיקט בוכהאלטעריע־קורסן און ארבעט איצט אין קאָנטאָר פונעם בוי־טרעסט. די אלטיטשקע איז אירע, דעם ווײַבס, מוטער. בייס דער מילכאָמע האָט זי מיט ניסים, — שוין פון גרוב ארויס, זיך געראטעוועט פון די דײַטשן, וועלכע האָבן אומגעבראכט אין געטאָ אלע אירע אייגענע, און נאָך דער מילכאָמע זיך דערקליבן צו דער איינציק לעבן געבליבענער טאָכטער קיין ביראָבידזשאן. דאָ האָט זי אליין — די טאָכטער און דער איידעם ארבעטן דאָך — אויסגעכאָוועט זייער בעניאָכידל.

זיאמעלע איז געווען א טײַער קינד. געוואקסן א שיינער, א קרעפּטיקער, גוט זיך געלערנט. פון קלאס אין קלאס איז ער אריבערגעגאנגען מיט לויב־גראמאָ־טעס. אזוי אָבער איז עס געגאנגען ביזן פינפטן קלאס. „דערנאָך, — זאָגט די באָ־בע, — האָט מען אים ווי אונטערגעביטן". די עלטערן האָט מען אָנגעהויבן אָפּט ארויסרופן אין שול. האָבן זיי זיך גענומען צום זונעלע מיט גוטן, — געקויפט אים א וועלאָסיפּעד, א פאָטאָ־אפּאראט, — האָט ניט געהאָלפן. האָט מען זיך גענומען מיט שלעכטן, — דער טאטע האָט א פּאָר מאָל אראָפּגעכאפּט צו אים דעם רי־מען, — האָט עס אויך ניט געהאָלפן. מיט צאָרעס האָט זיאמע דערצויגן צום אכטן קלאס און געמאָלדן: אויס, מער לערנען וויל ער ניט. ער וויל ארבעטן, און בי־כלאל געפעלט אים גאָר צו זײַן א שטאנגיסט. ער האָט טאקע באזוכט א יוגנט־לעכע סעקציע פון שווערער אטלעטיק, און דאָ איז בא אים אלץ געגאנגען גוט.

פּאוואָליע איז אונטערגעקומען די צײַט פון פּריזיוו. זאָל ער גיין דינען, — האָבן די עלטערן געטראכט, — די ארמיי וועט פון אים מאכן א לײַט. און זיי האָבן זיך ניט אָפּגענארט. פון ארמיי האָט זיאמע זיי געשריבן גוטע בריוו. מע האלט פון אים, עס דינט זיך אים גוט, ער פארנעמט זיך אויך ווײַטער מיט דער שטאנגע און האָט שוין ארײַנגעכאפּט א פּאָר פּריזן אף ארמייִשע פארמעסטונ־גען. האָבן טאטע־מאמע זיך בארויִקט. די ארמיי וועט טאקע מאכן פון זייער זון א מענטש, ארויסשלאָגן די נארישקײַטן פון קאָפּ. ווען ער וועט זיך אומקערן, וועלן זיי פּויעלן בא אים, ער זאָל פארענדיקן דעם נײַנטן און צענטן קלאס אין אָוונט־שול, אָנקומען אין אינסטיטוט. דערנאָך וועט ער מיט מאזל כאסענע האָבן.

עס זײַנען דורכגעלאָפן צוויי יאָר, און זיאמע האָט זיך אומגעקערט. ער איז געוואָרן נאָך קרעפּטיקער. מענערשער, באדאכטער. וואָס קלײַבט ער זיך טאָן? פארשטייט זיך, ארבעטן. ווו? אין ארמיי איז ער געווען א שאָפער, וועט ער דאָ אויך זײַן. און נאָך? ער וועט זיך פארנעמען מיט דער שטאנגע. ער האָט שוין א ראַזריאַד און קאָן ווערן טשעמפּיאָן פון שטאָט, און עפּשער נאָך העכער. נו, און לערנען? די שטאנגע פאָדערט ניט דאפקע קיין הויכע בילדונג.

אפן אנדערן טאָג נאָך זײַן קומען האָט זיאמע אנטפּלעקט פאר די עלטערן א סאָד: ער האָט שוין א מיידל און קלײַבט זיך כאסענע האָבן.

— אזוי גיך? — האָבן די עלטערן זיך פארכידעשט.

— וואָס זשע? — האָט געענטפערט זיאמע. — צוליב דעם איז אוואדע ניט קיין כיִעוו צו ענדיקן פריִער אן אינסטיטוט.

— זי איז פון אונדזער שטאָט? — האָבן זיך אָנגעפרעגט טאטע־מאמע.

— ניין.

— פונוואנעט זשע?

— פון יענעם אָרט, ווו כ'האָב געדינט.

— שוין לאנג קענט איר זיך?

— א האלב יאָר.

— ווו איז זי איצט?

— ניט ווײַט, — האָט זיאמע געזאָגט און דערציילט, אז זי איז געקומען מיט אים.

— וואָס הייסט? — האָבן די עלטערן זיך נאָך מער פארכידעשט.

— וואָס זשע? — האָט ער געענטפערט און ווײַטער דערציילט, אז גלײַך גיין צו אים האָט זי ניט געוואָלט, האָט ער זי דערווײַל באשטאט בא א כאווער, נאָר ער וועט זי ברענגען.

און זיאמע האָט זי געבראכט.

מע האָט געמאכט וועטשערע, צוביסלעך ארויסגעטרונקען, נאָר באם טיש איז געווען מאָדנע שטיל. אלע האָבן געשוויגן. דוסיע, — אזוי האָט מען גערופן דאָס דארלעכע מיידל מיט די לאנגע פלאקס־ווײַסע האָר, — איז געזעסן, ווי אף שפּיל־

קעס, און שיר ניט מיט טרערן אין די אויגן געקוקט אף זיאמען: „לאָמיר גיכער פונדאנעט אנטלויפן!”... נאָר זיאמע האָט גאָר קיין שלעכטס ניט געזען. פאַר־קערט, ער איז געווען איבערגליקלעך, וואָס ער איז אין דער היים, וואָס דר־סיע איז מיט אים, און ער איז זיכער געווען, אז אלע ארום אים זײַנען אויך גליקלעך. ווי קאָן דען זײַן אנדערש?

די מאמע איז נאָך עפּעס אוועק אין קיך, איז ער איר נאָכגעגאנגען.

— נו, ווי?

— וואָס — ווי?

— ווי איז דיר געפעלן דאָס מיידל? איאָ, זי איז א ווילע?

די מאמע האָט אף אים מאָדנע א קוק געטאָן און גאָרניט געענטפערט.

אין קיך איז אריַין די באָבע.

— באָבע, וואָס זאָגסטו אפן מיידל?

די באָבע איז געווען טויבלעך.

— וויאזוי, זאָגסטו, הייסט זי?

— דוסיע.

— דוסיע? — האָט איבערגעפרעגט די באָבע און אויך מער גאָרניט געזאָגט.

אינמיטן דער וועטשערע איז דער טאטע ארויס אין דער לאָדזשיע פארייכערן.

דער זון — נאָך אים.

— ווי איז דיר געפעלן דאָס מיידל?

דער טאטע האָט ניט געענטפערט. ער האָט נאָר א קוק געטאָן אף אים מיט אזא בליק, ווי אמאָל, ווען ער פלעגט וועלן אראָפּכאַפּן צו אים דעם רימען.

נאָר זיאמע האָט פון דעם אלעם קיין וועזן ניט געמאכט. ער האָט פּאָשעט גאָרניט געוואָלט פארשטיין, ביז דוסיע האָט שפּעטער א ביסל ניט ארויסגעשלעפּט אים זיך דורכשפּאצירן און האָט אים דאָ אין הויף, אונטער די יונגע ביימלעך שטייענדיק, ניט געגעבן צו פארשטיין.

— זעסט דען ניט, — האָט זי מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט, — אז מע איז ניט צופרידן?

— ווער איז ניט צופרידן?

— די דײַניקע. אלע.

— מיט וואָס?

— מיט מיר, מיט דיר, מיט אלץ.

— עס דאכט זיך דיר אויס.

— מיר דאכט זיך ניט, — האָט דוסיע געענטפערט און געמאָלדן, אז אין שטוב צו זיי קערט זי מער זיך ניט אום. ערשט איצט איז זיאמען אריַין אין דער נאָז דאָס שוויַיגן פון טאטע־מאמע און פון דער באָבע.

— נו, גוט, — האָט ער געענטפערט, — קום, וועסטו בא אונדז איבערנעכטיקן, וויַיל ס'איז שוין שפּעט, און מאָרגן וועלן מיר זען.

אף מאָרגן, ווען דוסיע איז נאָך געשלאָפן, האָט מען אריַינגערופן זיאמען אין קיך און גענומען אים אפּן צימבל.

ערשטנס, וואָס פאר א כאסענע? ער איז ערשט געקומען פון ארמיי, ער דארף זיך נאָך לערנען, ארבעטן, ווערן א מענטש, וואָס איז די אײַלעניש?

צווייטנס, וואָס פאר א דוסיע? ווו האָט ער זי אָפּגעזוכט? ער זעט דען אליין ניט, אז ס'איז ניטאָ אף וואָס א קוק צו טאָן... און, כוץ אלעמען, איז זי נאָך א קינד, קוים אכצן אלט געוואָרן. וואָס הייסט, זי כאפּט הענדעם־פּענדעם און פּאָרט מיט א באָכער וועער ווייסט וווהין? וואָס קאָן מען פון אזוינס דערוואַרטן? זי האָט שוין פארענדיקט, זאָגט ער, א קולינאַריע־טעכניקום? טאקע א גרויסער ייכעס...

דריטנס... ס'איז נאָך געווען א פערטנס און א פינפטנס אויך. אלע האָבן גע־

רעדט — דער טאטע, די מאמע, די באָבע. נאָר איין זיאמע האָט געשוויגן. אלץ אויסגעהערט, האָט ער שטיל געזאָגט:

— מיט דוסיען וועט איר מיך ניט שיידן.

— האָסטו מער ניט וואָס צו טאָן בא אונדז אין שטוב!

געזאָגט האָט עס די מאמע.

דער טאטע האָט געשוויגן.

די באָבע אויך.

זיאמע איז אריַין אין צימער, ווו דוסיע איז געשלאָפן. זי איז שוין לאנג גע־וועןְ אוף, געזעסן אין איינע ציטערניש, געפילט, וואָס אין שטוב טוט זיך.

— קום! — האָט ער זי אָנגענומען פאר א האנט.

און זיי זיַינען אוועק.

3

אוועק זיַינען זיי צו זיאמעס כאווער, וואָס בא אים אין שטוב איז דוסיע גע־שלאָפן די ערשטע נאכט. יענער האָט געדינט מיט זיאמען אין איין טייל און מיט אים צוזאמען זיך דעמאָביליזירט. געוווינט האָט ער בא זיַינע עלטערן, וואָס אין עק שטאָט האָבן זיי געהאט אן אייגן הויז מיט א סעדל און א גאָרטן דערביַי. איגאָרס עלטערן, ביידע שוין אף פענסיע, האָבן געזאָגט, אז ביז וואָס ווען, קאָנען זיאמע מיט דוסיען בליַיבן בא זיי. די עלטערע קינדער האָט מען שוין אויסגע־געבן, איגאָר האָט נאָך זיַין פאָר ניט אָפּגעזוכט, און די שטוב איז א גע־ראמע.

די יונגע האָבן דערלאנגט א מעלדונג אין זאגס און אין א כוידעש ארום זיך צעשריבן. די עלטערן האָט זיאמע ניט צו וויסן געגעבן. קיין כאסענע האָט מען ניט געפראוועט. פאָשעט, בא איגאָרס עלטערן אין שטוב האָט זיך צונויפגענומען א ניט גרויסער אוילעם, א פאָר מאָל האָט מען געשריִען „גאָרקאָ!”, די יונגע האָבן זיך צעקושט און — מע האָט אָנגעהויבן לעבן. זיאמע איז אָנגעקומען אר־בעטן אף אן אוטאָ־אונטערנעמונג, דוסיע — אין א גאָרקיך. ביידן האָט מען צוגעזאָגט, אז מיט דער ציַיט קאָנען זיי אויסרעכענען אף באקומען א דירע.

צו ניַין כאדאָשים איז באם יונגן פאָרפאָלק געבוירן געוואָרן א קינד — א יִינגל.

אויך וועגן דעם האָט זיאמע די עלטערן — קיין וואָרט. זיי ׳האָבן אים פון שטוב ארויסגעטריבן — פארגעסן, מויכל זיַין אזוינס האָט ער ניט געקאָנט.

און די עלטערן? די ערשטע ציַיט האָט מען זיך געמאכט הארץ, געהאלטן אין איין ריידן און איבעריידן מיקויעך דעם, וואָס פאר א פאָטעפאלנאָסט זייער בע־נאָק האָט אָפּגעטאָן. נא דיר א כאסענע! נאָך דער מאמעס מילך ניט אָפּגעקילט... און נא דיר א דוסיע! פונוואנעט האָט זי גענומען זיך אף זייער קאָפּ? וואָס ווייסט ער וועגן איר און וואָס ווייסן זיי? און וואָס הייסט — ניט פרעגן בא טאטע־מאמע, ניט קיין אייצע האלטן זיך? געקומען און — נא דיר!..

מיט דער ציַיט אָבער האָבן זיך אויסגעלאָזט אָט די רייד, אָנשטאָט זיי האָט אין שטוב זיך באזעצט אן אומרוִיקע שוויַיגעניש: גערעכט, ניט גערעכט, אָבער פאָרט אן אייגן קינד, איין־איינציקער, מער האָבן זיי ניט. צוויי יאָר זיך ניט געזען, ער האָט געדינט. ניט באוויזן אהיימקומען, האָבן זיי אים — אייגן בלוט און פלייש — פון שטוב ארויסגעטריבן... געמיינט אזוי אויספירן זייערס. אף עפּעס א דוסיע וועט ער זיי דאָך ניט פארביַיטן... וויַיזט זיך אָבער ארויס — איבערגע־וויגן האָט זי... נאָר עפשער איז אָט די דוסיע אף אזויפיל ניט שולדיק אויך?

וואָס האָבן זיי, אייגנטלעך, צו איר? און עפשער האָבן זיי גאָר ניט געדאַרפט האַנדלען אַזוי, ווי זיי האָבן געהאַנדלט?

מיט די דאָזיקע געדאַנקען האָט מען איינס מיטן אַנדערן זיך ניט געטיילט. מיט שווײַגנדיקן ווייטעק האָט יעדערער זיי געטראָגן אין זיך און מוירע געהאַט אַרויסברענגען פאַרן מויל. ניט צו דערקענען איז געוואָרן די היימלעכע גוט צו־נויפגעלעבטע מישפּאָכע. ווי מיט גרויען שפּינוועבס האָט אַ שטומע מאָרעשכוירע פאַרוועבט ווו אַ ווינקל אין שטוב. שווײַגנדיק האָט יעדער איינער געפילט זײַן שולד — דער פאָטער, די מוטער, די באָבע. וואָס איז, — האָט איצט יעדערער פון זיי געטראַכט, — זיאַמע איז דאָך שוין ניט קיין יינגעלע. דאָס זײַנען זיי געוווינט צו קוקן אויף אים ווי אויף אַ קינד. נאָר ער איז דאָך שוין אַן אויסגעדינטער סאָל־דאַט! ער האָט, נישקאָשע, רעכט אַליין צו באַשטימען, וועמ אים איז ליב. אין אַזעלכע זאַכן זײַנען ניט שײַעך ניט קיין טאַטע, ניט קיין מאַמע, און קיין באָבע אוואַדע ניט... וואָס זשע איז מען אַזוי באַפאַלן די קינדער? און וואָס הייסט — אַרויסטרײַבן פון שטוב?

אַזוי האָט יעדערער אין זיך געטראַכט, האַלטנדיק זיך פאַרן שולדיקן און פּײַ־ניקנדיק זיך מיט דער דאָזיקער שולד. פלעגט מען אָבער פאַרפירן אַ שמועס, האָט זיך אַלע מאָל באַקומען אַזוי, אַז באַשולדיקט האָט מען ניט זיך, נאָר איינער דעם אַנדערן.

— דאָס האָסטו געזאָגט: „האָסטו מער ניט וואָס צו טאָן בא אונדז אין שטוב“, — האָט דער טאַטע פאַרגעוואָרפן דער מוטער.

— נו, האָב איך געזאָגט, — האָט זי אָפּגעענטפערט, — און דו? ווו ביסטו געווען? כײַ וואָלסטו אים צוגעהאַלטן...

— ניט אַזוי האָט מען געדאַרפט טאָן, ניט אַזוי, — האָט געמורמלט די באָבע.

— איר, שוויגער, האָט דאָך אויך געשוויגן, צו וואָס זשע איצט אײַערע רייד? — איז אויף איר אָנגעפאַלן דער איידעם.

יאָ, אַלע זײַנען שולדיק געווען, יעדערער באַזונדער האָט עס געפילט, נאָר איינער פאַרן אַנדערן זיך מוידע זײַן, — ניט.

צו זיי איז דערגאַנגען, אַז דער זון לעבט בא זײַן כאַווערס עלטערן, אַז מע האָט דאָרט געפּראַוועט אַ שטילע כאַסענע, אַ כאַסענע אָן זיי, אָן טאַטע־מאַמע. אַפּסנײַ האָט זיך צעשפּילט דער פאַרדראָס אויפן ווידערשפּעניקן זון, — סטײַטש, אָנטאָן אַזאַ ביזאָיען...

די מאָרעשכוירע אין שטוב איז מיט יעדן טאָג געוואָרן גרעסער, גרעסער די אָנגעשטויסנקײַט פון איינעם אויפן אַנדערן. די מאַמע איז געוועזן אָנגעשטויסן אויפן טאַטן, דער טאַטע — אויף דער שוויגער, די שוויגער — אויף זיי ביידן. האָט זיך עמעצער אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, איז עס געוועזן אַן אומצופרידן, בייז וואָרט. פון דער מישפּאָכע האָט אײַנגאַנצן זיך אָפּגעטאָן דער שאָלעם־באַיִס.

מע האָט געהאָפט: ס'וועט דורך אַ וואָך, נאָך אַ וואָך, זיאַמע וועט ניט אויס־האַלטן, וועט זיך אומקערן. זאָל ער שוין קומען מיט דוסיען, — האָט מען גע־קלערט, — אַן עק! נאָר די וואָכן זײַנען געגאַנגען, און זיאַמע איז ניטאָ. אַן אײַ־זערנער כאַראַקטער! האָט מען שוין אָנגעהויבן קלערן, — יעדערער פאַר זיך, — אַז עפשער דאַרף מען נאָכגעבן און אַליין קומען צום זון מיט דער שנור. אַזוי האָבן געטראַכט אַלע דרײַ, נאָר אַרויסזאָגן דעם געדאַנק אין דער הייך האָט מען מוירע געהאַט: די שוויגער — פאַר דער טאָכטער, יענע — פאַרן מאַן, און דער מאַן — פאַר זיך אַליין...

אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז — ווידער טאַקע פון אַ זײַט — האָט מען זיך דערוווּסט, אַז זיי, טאַטע־מאַמע, זײַנען שוין אַ זיידע און אַ באָבע, און די באָבע איז מיט מאַזל געוואָרן אַן עלטערבאָבע...

4

אין איינעם א זונטיק, — ס'איז געווען א שיינער זומערדיקער טאָג, — האָט מען זיך אַרײַנגעשטעלט צו זיאמעס כאַווער אין שטוב אַלע דרײַ — דער טאַטע, די מאַמע און די באָבע. דערזען די אומגעריכטע געסט, איז מען דאָ געבליבן מיט אָפענע מײַלער, ניט וויסנדיק — מאַכן א בארויגעזע אָדער א צופרידענע מינע... בלויז איין באַשעפעניש, דאַפקע דאָס ייִנגסטע און דאַפקע דאָס, וואָס האָט נאָך טאַקע ניט געוווּסט פון עפּעס צו זאָגן, האָט, פּונקט ווי עס זאָל שוין יאָ עפּעס וויסן, באַגעגנט פונעם וויגל די אַרײַנגעקומענע מיט א צעשמוכטן מײַלעכל. און אָט דער שמוך איז געווען ווי א מין סיגנאַל, און אַלעמען איז קלאָר געוואָרן, וואָס מע האָט צו טאָן: פרייען זיך דאַרף מען, האַלדזן און קושן זיך...
האָט מען אַזוי טאַקע געטאָן.
די עלטערבאָבע האָט זיך איבערגעבויגן איבערן וויגל:
— מיר פאַר דײַן לויטער פּאָנעם!..
— זע נאָר, סאַראַ שײנס קיין אײַנהאָרע! — האָט אויסגערופן די באָבע.
— זיאמע מיט די ביינער! — האָט געזאָגט דער פּריש געבאַקענער זיידע.
דוסיע האָט מוירע געהאַט — דאָס קינד וועט זיך דערשרעקן, ווען ס'האָבן עס אַרומגעשטעלט אומבאַקאַנטע מענטשן. ניין, דער באָכערעץ האָט צו זיי גע־שמוכט און געלאָזט צופרידענע בלעזלעך מיטן מײַלעכל...
מע האָט געגרייט צום טיש און געמאַכט א קויסע.
פון דעם טיש צו א צווייטן — בא זיאמעס עלטערן.
ווען מע האָט שוין שפּעט אין אָוונט זיך אופגעהויבן, האָט זיאמעס פאָטער זיך אָנגערופן צו זיאמעס כאַווער און צו זײַנע עלטערן:
— א דאַנק אײַך, ליבע מענטשן! מיר זײַנען מיט אײַך פרײַנט איצט אפן גאַנצן לעבן. און דו, זון מײַנער, — האָט ער, אַן אופגעלייגטער, א גליקלעכער, זיך א קער געטאָן צו זיאמען, — מיט ווײַב און קינד בלײַבט דאָ. דאָ איז אײַער היים. מאַסקים?
זיאמע האָט געענטפערט ניט באַלד. א ווײַלע אָפּגעוואַרט און — צו דוסיען:
— מאַסקים?
יענע האָט אַף אַלעמען געקוקט מיט גליקלעכע אויגן.
— ער... ווי ער וועט זאָגן, — האָט זי געוויזן אפן וויגל.
שמוכנדיק, האָט דאָס ברעקל אופגעהויבן מיטאַמאָל די הענטלעך מיט די פּיסלעך.
— מאַסקים, מאַסקים! — האָט אויסגערופן די באָבע.
און די עלטערבאָבע — איבערן וויגל:
— מיר פאַר דײַן קלוגן קאָפּ!..

5

כ'ווייס, ניט שיין איז אַרײַנקוקן אין פרעמדע פענצטער. נאָר כ'בין זיך מוידע: אַמאָל האָב איך עס ליב צו טאָן. ניט צוליב אונטערקוקן עפּעס מיט א שלעכטן מיין, כאָלילע! — פּאָשעט, ציקאַווע לויט א מענטשלעכן סילועט, לויט אַן אופ־געכאַפּטן זשעסט זיך פאָרשטעלן, ווי לעבן מענטשן, ווי גייט עס זיי?
וואָס איז שײַעך דעם פענצטער פונעם אַנטקעגנדיקן מויער אפן ערשטן שטאָק, ווער איך אָפּטמאָל ניט ווילנדיק אַן איידעס דערפון, וואָס דאָרט טוט זיך.
עס טרעפט, אַז א גאַנצן אָוונט באַווײַזט זיך ניט אין יענעם פענצטער קיין שײַן, און עס בליאַסקעט בלויז אָפּ מיט די טונקעלע טאַפּליעס. זיצט מען, הייסט

עס, אין די אנדערע צימערן. און אמאָל גיט דאָס פענצטער א גיס אָן זיך מיט שײַן, און דאָס גאנצע צימער ווערט — איין דורכזיכטיקער אקוואריום... באזונ־דערס אָפט האָט אָנגעהויבן לויכטן אָט דאָס פענצטער נאָך דעם, ווי דאָ האָבן זיך באזעצט דער זון מיטן יונגן ווײַבל און דעם קינד. ווײַזט אויס, אז טאקע דאָס דאָזיקע צימער האָט מען זיי אָפּגעגעבן.

אלץ האָט זיך דאָ איצט געביטן. דער מאנצבל רייכערט מער ניט און איז ניט פארומערט, ווי געווען. פארקערט, ער זעט איצט אויס אופגעלייגט, צופרידן, ביפראט ווען צוזאמען מיט אים שטייט דער זון — זײַן בראָנזן־ברוינער קערפּער מיט די פעסטע ביצעפּסן ביז העלפט אנטבלויזט, — מע שמועסט געמיטלעך, מע לאכט.

לענגויס דער גאנצער לאָדזשיע איז דורכגעצויגן א שטריק. אָפט באווײַזט זיך דאָ דאָס יונגע ווײַבל מיט די פלאקס־ווײַסע צעלאָזטע האָר, זי הענגט פאַ־נאנדער ווינדעלעך, העמדעלעך.

איינמאָל האָב איך לאנג ניט געקענט אײַנשלאָפן. ס'איז שוין געווען אזייגער דרײַ באנאכט, און איך האָב נאָך קיין אויג ניט צוגעמאכט. בין איך אופגעשטאַ־נען און, קעדיי ניט שטערן די שטוביקע, שטיל ארויס אין קיך. אײַנגעשלאָסן דאָרט די שײַן. כ'טו א קוק — דאָס פענצטער אנטקעגן לײַכט זיך אויך. וואָס אזוי שפּעט? — האָב איך א קלער געטאָן און דערזען — מע איז דאָרט אוף. די מאנצב־לען שטייען אין א ווינקל. די באָבע לייגט עפּעס איבער אין וויגל. די יונגע מאמע אינעם לאנגן נאכט־העמד טראָגט זיך ארום מיטן אייפּעלע, און דאָס קינד, צו זען, וויינט, עס פארגייט זיך. זי האָט עס געהויבן, געטישקעט, אזוי און אזוי, נאָר ס'האָט ניט געהאָלפן. דאן האָט דאָס אייפּעלע איבערגענומען די באָבע, דער־נאָך די עלטערבאָבע. און דאפקע בא איר איז עס, אפּאָנעם, אנשוויגן געוואָרן. אײַנוויגנדיק, אײַנשלעפערנדיק, איז זי פאמעלעך געגאנגען דערמיט איבערן צי־מער, און מיטאמאָל האָב איך דערזען, ווי אלע אין צימער דאָרט האָבן שטיל, אף די שפּיץ פינגער גענומען איר נאָכגיין. זי מיטן אײַנשלאָפנדיקן קינד גייט, און זיי אלע נאָך איר...

אָט דאָס נעפּעשל אנטקעגן, — האָב איך א קלער געטאָן, — קיין וואָרט איז עס נאָך ניט אימשטאנד ארויסצורײדן, נאָר זײַן וואָרט האָט עס שוין געזאָגט. ניט בעקויעך נאָך עפּעס אופצוטאָן, האָט עס שוין אופגעטאָן, און ניט ווייניק. מענטשן, נאָענטע, אייגענע מענטשן, זײַנען גרייט געווען אָפּקערן זיך איינס פונעם אנדערן, האָט עס זיי פאריייניקט, געבראכט זיי דעם שאָלעם...

לאנג נאָך האָב איך ניט אָפּגענומען דעם בליק פונעם פענצטער אנטקעגן. יאָ, האָב איך געטראכט, גרויס איז דעם מענטשנס אופטו שוין דערמיט אליין, וואָס ער קומט אף דער וועלט...

# מענטשן גייען אינדערפֿרי צו דער ארבעט

די דאָזיקע מענטשן קענט איר ניט. ס׳הייסט, איר קענט זיי יאָ, און אפילע זייער גוט, ווײַל איר טרעפט זיך מיט זיי יעדן טאָג פּאָנעם צו פּאָנעם, בייס איר גייט אַף דער ארבעט און זיי קומען אײַך אָן אנטקעגן. זיי גייען אויך צו דער ארבעט. יעדן גאנצפרי, אמאָל מיט א פּאָר מינוט פריִער אָדער שפּעטער. איר ווייסט ניט, ווי זיי הייסן, ווו זיי ארבעטן און אין וואָס זייער טועכץ באשטייט. נאָר יעדערן פון זיי קענט איר. נאָך מער: מיט פיל פון די אנטקעגנקומענדיקע, ריכטיקער, קימאט מיט יעדן איינעם פון זיי, האָבן פאר די יאָרן, וואָס איר באַגעגנט זיך אזוי, — פאר די פרילינגס, זומערס, הארבסטן און ווינטערס, — זיך אויסגעארבעט באשטימטע באציִונגען פון פרײַנטשאפט אָדער אומפרײַנטשאפט, און אפילע מער.

איר קענט די דאָזיקע מענטשן און איר קענט זיי ניט, און דאפקע דאָס איז ציקאווע. ציקאווע זיך פאָרשטעלן, פרוּוון טרעפן, ווו יעדער איינער פון זיי ארבעט, וואָס ער טוט, ווי ער לעבט. אָט, אשטייגער, אָט די הויכע, שטאלטנע, ניט גאָר יונגע פרוי, וואָס זעט נאָך אָבער אויס זייער פײַן. א רויטלעכע פריזור לויט דער לעצטער מאָדע, טופליעס אַף דינע הויכע קנאפל, זי שוועבט פארבײַ א גלײַכע, ווי א זײַל, און באמערקט גאָר קיינעם ניט. ס׳איז ניט העפלעך ארײַנקוקן א פרעמדן מענטשן אין די אויגן, ביפראט א פרוי. נאָר איר מעגט איר ארײַנקוקן גלײַך אין די שווארצאפלען, סײַווי וועט זי אײַך ניט באמערקן. אירע לענגלעכע, פון גרינבלעכן פלאש־קאָליר אויגן קוקן גלײַך פאר זיך אין איין פינטל, מיט אן אויסזען פון גלײַכגילט און אומצוטריטלעכקײַט. ווער איז זי? אין יענער זײַט, וווּהין זי גייט אלע גאנצפרי, איז פאראן א שול. זאָל זי זײַן א לערערן? אויב יאָ, איז זי גיכער פאר אלץ א מאטעמאטיקערן. נאָר דאָרט זײַנען פאראן אויך אנשטאלטן, קאָנטאָרן. עפשער אן אָנגעשטעלטע? אויב יאָ, איז א בוכהאלטערן. עפעס איז אין איר גאנצן אויסזען פאראן זייער גראָדליניקס, טרוקנס, אויסגערעכנטס. מיר דאכט, זי מוז זײַן איינזאם. אויב געהאט א מאן, איז גאָר אמאָל, שוין לאנג. מעגלעך, ער האָט זי פארלאָזט, און זינט דאן האָט זי אויסגעארבעט אין זיך אָט דעם אָנשטעל פון גלײַכגילטיקער אומצוטריטלעכקײַט.

וועגן אייניקע פון אָט די מענטשן, וועלכע איך באגעגן יאָרנלאנג, גייענדיק גאנצפרי צו דער ארבעט, ווילט זיך מיר שוין פון לאנג דערציילן. נאָר אלעמאָל, ווען איך קלײַב זיך דאָס טאָן, נעמט מיך א צווייפל. וואָס קאָן מען זאָגן וועגן מענטשן, וועלכע מע קען אזוי ווייניק?

פאראן, פארשטייט זיך, צווישן די, וועמען איך באגעגן, אויך באקאנטע, מיט וועלכע איך גריס זיך, — מיט וועמען הארציק־פרײַנטלעך, מיט וועמען צוריקגעהאלטן־העפלעך, מיט וועמען בלויז מיט א נייג פון קאָפּ, — אָפּהענגיק פונעם גראד באקאנטשאפט און פון די באציִונגען מיט יעדערן פון זיי. דערציילן

ווילט זיך אָבער גראָד וועגן די אומבאַקאַנטע, וועגן די, וואָס איך קאָן ניט זאָגן ניט ווי מע רופט זיי, ניט ווו זיי אַרבעטן, ניט וועגן זייער פאַמיליען־לאַגע. אויך אומבאַקאַנטערהייט טראָגן דאָך מענטשן דורך פאַר אונדז זייער לעבן, כאַראַקטער, גורל. און אויב ניט אַלץ איז אונדז געגנוי באַוווּסט וועגן זיי, עס פעלן אויס פּראָטים, קאָן מען זיי דערמאָלן, דערזוף האָבן מיר דאָך אַ קויעך־האַדימיען.

אָט, לעמאָשל, די יונגע בילד־שיינע פרוי, וועלכע איך האָב אַ לענגערע צײַט אַלע אינדערפרי באַגעגנט, און וואָס... נאָר ניין, וועגן איר — שפּעטער. עפּשער דערציילן וועגן דעם יונגן פאַרפאַלק? צי וועגן דעם סאָלידן פאַרשוין מיטן בייזלעך־פאַרקרימטן מויל, וואָס טראָגט דורך אַלע גאַנצפרי פאַרבײַ מיר זײַן שווער אָנגעפּאַקטן פאָרטפעל?

צוערשט, ווײַזט אויס, וועלן זײַן ניט איבעריק אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם וועג, אויף וועלכן מיר באַגעגענען זיך, וועגן די גאַסן, מיט וועלכע מיר גייען אַלע גאַנצפרי צו דער אַרבעט. פּונקט ווי מענטשן, האָבן דאָך אויך גאַסן ניט ווייניק וועגן זיך צו דערציילן.

מײַן וועג צו דער אַרבעט הייבט זיך אָן פון דעם טויער פונעם פינפשטאָקיקן געמויערטן הויז, ווו איך וווין. דאָס הויז שטייט פּונקט אַנטקעגן דעם אַלטן ברייט צעוואַקסענעם שטאָטישן פּאַרק. דער דאָזיקער פּאַרק האָט זײַן געשיכטע. אַמאָל, מיט אַ יאָר פערציק צוריק, איז אויף דעם אָרט, ווו די שטאָט האָט איצט פאַנאַנדערגעשפּרייט אירע קוואַרטאַלן, גאַסן, ראַנד־געביטן, — אַמאָל איז דאָ געווען דורכויסיקע טײַגע. יענע ערשט געקומענע איבערוואַנדערער האָבן זי גענומען אויסהאַקן און פאַרלייגן אויף איר אָרט די קינפטיקע שטאָט. אַ שטיק טײַגע באַם שטראָמיקן טײַך האָבן זיי באַשלאָסן איבערלאָזן אַלס זייכער פון דעם, וואָס אַמאָל איז דאָ געווען. און דאָס איז ער איצט — דער פּאַרק, אַנטקעגן וועלכן עס הייבן זיך די נײַע הויכע מויערן.

איך גיי אַראָפּ־גאַס (פּושקין־גאַס הייסט זי), פאַרבײַ אַ צווייטן אַזאַ פינפשטאָקיקן מויער מיט אַ ברויט־קראָם אויפן ערשטן שטאָק, פאַרבײַ אַ דריטן מויער, אַזוי — ביזן סאָף קוואַרטאַל. דאָ וועט מיט דער צײַט שטיין געוויס אַ פערטער מויער. דערווײַל אָבער הויקערן זיך דאָ נאָך אויף יענער זײַט פון אַ קרומלעכן פּלויט אַ פּאָר אַלטע נידעריקע שלעכט אויסגעווײַסטע הײַזקעס. און אַנטקעגן, איבערן וועג, בלאַנקט מיט הויכע פענצטער די געמויערטע שול־געבײַדע, באַ וועלכער עס פאַרקערעוועון זיך פלינקע אווטאָבוסן, וואָס גייען צום וואָקזאַל. מע זעט אָן פונדאַנעט דעם אײַזנבאַן־אָנשיט מיט די אָפּ און אויף דורכגייענדיקע צוגן אינדערווײַטנס.

ניט אַריבערגייענדיק דעם וועג צו דער שול, פאַרקערעווע איך אויף לינקס און לאָז זיך אין דער ריכטונג צום מאַרק. דער וועג איז איצט גוט אַספאַלטירט, נאָר איך געדענק, ווי נאָך אַ רעגן האָט מען דאָ ניט געקענט אַרויסקריכן פון בלאָטע. אין יענער צײַט איז דאָ געשטאַנען אויפן ראָג אַ הילצערן צווייטשטאָקיק הויז, פון יענע, וואָס עס האָבן אויסגעבויט אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן די ערשטע איבערוואַנדערער. דאָס הויז האָט שפּעטער אָפּגעברענט. אַ היפּשע צײַט האָט די אָפּגעברענטע כורווע געפּאַטערט דעם אויסזען פון דער גאַס, ביז מע האָט זי אַראָפּגעטראָגן און פאַרלייגט אויף דעם אָרט אַ פונדאַמענט פון אַ גרויסן האָטעל. געבויט האָט מען אים זייער לאַנג. אַצינד שטייט ער שוין, דער נײַער האָטעל, מיט זײַנע ברייטע געמויערטע פּלייצעס איבערנעמעריש פאַרהויבן איבערן גאַנצן אַרום. ער האָט אָפּגעכאַפּט אַ היפּשע שטיק פונעם שטאָטישן מאַרק, וועלכן מע קלײַבט זיך אַריבערפירן אויף אַ צווייט אָרט. באַנאַנד מיטן האָטעל זעען איצט אויס נאָך נידעריקער, ווי זיי זײַנען אינדערעמעסן, די איינשטאָקיקע געבײַען אַרום אים.

אַמאָל גיי איך צו דער אַרבעט מיט דער זײַט גאַס, ווו דער האָטעל, אַמאָל

מיט דער אנטקעגנדיקער, נאָר מיט װעלכער זײַט גאַס איך זאָל ניט גײן, קום איך ארויס צום היפּשן סקווער מיטן אָבעליסק צום אָנדענק פון די געפאלענע אין דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. פון איין זײַט סקווער רופט צו זיך מיט גרויסע פארביקע רעקלאמע־בילדער אפן פאסאד דער שטאָטישער קינאָ־טעאַטער, פון דער אנדערער זײַט — דער קולטור־פּאלאַץ. מע האָט אים אויך געבויט זייער לאַנג און לויט אן אלטן פּראָיעקט פון יענע צײַטן, װען ס'איז געװען אָנגענומען אונטערצושפּארן די נײַע פּאלאצן מיט קאָלאָנאַדעס פונעם פּאָריקן און פארפּאָריקן יאָרהונדערט.

באַם קולטור־פּאַלאַץ שטעלן זיך אויך אָפּ אווטאָבוסן. פון זיי טוען זיך ראַפּטאָם א שיט ארויס אָט די אלע מאַנצבלען און פרויען, װאָס די מערהײַט זייערע באַגעגן איך אפן װעג צו דער ארבעט. אלעמאָל פארקוק איך זיך דאָ אף די יונגע מאַמעס. אָט איז איינע פון זיי. ניט הויך, דאַרלעך, אפן אויסזען נאָך אליין א מיידעלע. זי גייט אראָפּ פון אווטאָבוס מיט איין קינד אף דער האַנט און דאָס אנדערע האַלט זי באַם הענטל. ארומקוקנדיק זיך אין די זײַטן (צי יאָגט ניט א מאַשין), לויפט זי אפגיך אריבער דעם װעג און לאָזט זיך צום קינדער־קאָמבינאַט. זי דאַרף באַשטאַטן ביידע קינדער אין גאָרטן און אין די יאַסליעס און ניט פארשפּעטיקן צו דער ארבעט. אף דער האַנט, אף װעלכער זי האַלט דאָס קלענערע קינד, הענגט אראָפּ א קוישל. זי דאַרף נאָך אונטערװעגנס פארלויפן אפן מאַרק עפּעס אײַנקויפן. צי װאָלט ניט געװען בעסער, קלער איך, קוקנדיק אף דער יונגער מאַמע, זי זאָל די עטלעכע יאָר, ביז די קינדער װעלן זיך שטעלן אף די פיס, זיצן מיט זיי אין דער היים? נאָר איך שלאָג זיך אליין איבער דעם געדאַנק: װערן א שטוב־באַלעבאָסטע? און איך פּרוּװ טרעפן, װאָס װאָלט װעגן דעם געזאָגט אָט די יונגע פרוי...

נאָר איך האָב זיך אָפּגעװענדט אין א זײַט, כאָטש די יונגע מאַמע איז אויך איינע פון די, װעגן װעלכע איך קלײַב זיך דערציילן.

איידער איך װעל דערציילן װעגן באַזונדערע מענטשן, װילט זיך עפּעס־װאָס זאָגן װעגן זיי אלעמען צוזאַמען — װעגן די, װעמען איך באַגעגן אפן װעג צו דער ארבעט. כ'האָב שוין פון לאַנג באַמערקט, אז זיי פארייניקט איינער אן אלגעמיינער שטריך, װאָס ניט אלע שטויסן זיך אָן װעגן דעם. אויך איך האָב א לאַנגע צײַט ניט געקאָנט כאַפּן, אין װאָס אָט דער שטריך באַשטייט, ניט געקאָנט אָפּזוכן דאָס פּאַסיקע װאָרט פאר אים, ביז איך האָב עס ענדלעך געפונען: באַפרידיקונג, און אויב איר װילט, אפילע עפּעס ענלעכס אף גאַדלעס. יאָ, גאַדלעס. דערמיט, װאָס מיר אלע, די אײַנװוינער פון אָט דער נאָך גאָר ניט אלטער און בעמיילע ניט זייער גרויסער שטאָט, װעלכע האָט אנטליִען די נעמען פון צוויי װײַטמיזרעכדיקע טײַכן פאר איר אייגענעם נאָמען, זײַנען ניט געקומען אהער אף גרייטן. אלע האָבן מיר אונדזער כיילעק אין אלץ — אין אָט די מויערן, סקווערן, פאבריקן, בויונגען. דערפון — דער אָפּשײַ, מיט װעלכן מיר באַציִען זיך איינער צום אנדערן, אפילע ניט זײַענדיק באַקאַנט. אלע טוען מיר איין זאַך, און דאָס מאַכט אונדז היימיש, אפילע מיט עפּעס ליב איינע די אנדערע.

עס זײַנען אָבער פאַראַן אויך אויסנאַמען. דעהײַנע?

כ'האָב שוין דערמאָנט װעגן א סאָלידן פאַרשוין מיט א בייזלעך־פּאַרקרימט מויל, װאָס טראָגט יעדן אינדערפרי זײַן אָנגעפּאַקטן פּאָרטפעל. איך געדענק ניט, אָט דער מענטש זאָל, פאַרבײַגייענדיק, אף עמעצן אמאָל אופהייבן די אויגן. בלויז די שװערע ברוין־אָנגעבראַקנעטע אויגן־לעפּלעך זײַנע זעט מען. און די ברייטלעכע, עטװאָס צוגעפּלעטשטע נאָז. און דאָס מויל, װאָס זײַן קרומלעכע מינע האָט צו זאָגן, אז אף דער װעלט טוט זיך עפּעס ניט גאָר אזוי, װי אים, אָט דעם מענטשן, װאָלט זיך װעלן. װי זשע װאָלט ער װעלן?

װעגן דעם האָב איך גאָר צופּעליק זיך דערװוּסט פון מײַנעם א גוטן באַ־

קאנטן — א מענטשן פון א גאנץ שווערן לעבנס־וועג. ניט געקוקט אָבער אף אלע אויסגעשטאנענע צאָרעס, האָט דער דאָזיקער מענטש ניט אָנגעווירן, ווי עס וואָלט זיך געקאָנט מאכן, זײַן אָפשײַ צום מענטשלעכן מין. האָט ער אָבער אף עמעצן געוואָרפן אן אומכיין, האָט יענער עס קאָשער פארדינט. איז אָט וועגן דעם פארשוין מיטן פאָרטפעל האָט מײַן באקאנטער זיך אָפגערופן שלעכט. נאָר איידער ער האָט מיר וועגן אים געגומען דערציילן, האָב איך זיך א בעט געטאָן:
— ווארט, כ׳וויל אליין א פרווו טאָן טרעפן, ווער און וואָס ער איז.
— אדעראבעע!
— א פארוואלטער מיט א קאדרען־אָפטייל?
— געטראָפן מיט א פינגער אין הימל!
— א בוכהאלטער?
— ס׳הייבט זיך ניט אָן!
— אן עקאָנאָמיסט?
און דערזען, אז איך בין אלץ ווײַט פונעם עמעס, האָט מײַן פרײַנט געזאָגט:
— אייסעך וואָס!
ניט געטראָפן די שטעלע, האָב איך געפּרוווט טרעפן דעם כאראקטער פונעם פארשוין. דאָס איז מיר מער געלונגען.
— א ביוראָקראט?
— נאָך א מין!
— האָט ליב, מע זאָל שטיין בא אים הינטער דער טיר?
— פארשטייט זיך.
— קאָן זיך אויסדינען פאר נאטשאלסטווע?
— אוואדע. דאָס אלץ איז אָבער געווען אמאָל, מיט יאָרן צוריק.
— און איצט?
— איצט זײַנען פאר אים אָנגעקומען גאָר ניט קיין וואזשנע צײַטן.
און מײַן באקאנטער האָט מיר אינקורצן דערציילט די געשיכטע פון אָט דעם מענטשן, וואָס אמאָל איז ער געווען גאָר אף הויכע שטעלעס און ביסלעכ־ווײַז זיך גענומען רוקן אלץ נידעריקער.
— דעגראדירט?
— אויסערלעך, יאָ, — האָט געענטפערט מײַן באקאנטער. — אין טאָך אָבער ניט. ער איז אויך אצינד פונקט אזא, ניט ערגער און ניט בעסער, ווי ער איז געווען אמאָל. נאָר די צײַט האָט זיך געביטן, די צײַט, ווען אזא מענטש, ווי אָט דער, האָט געקאָנט פארנעמען הויכע שטעלעס, איז אוועק. צוליב דעם דארף מען איצט פארמאָגן א סאך מײַלעס, וואָס ער האָט זיי קיינמאָל ניט געהאט.
איז אָט מיט וואָס אזא פארשוין איז ניט צופרידן, — האָב איך א קלער גע־טאָן. — ער וואָלט וועלן, אז אלץ זאָל בלײַבן, ווי געווען.
ווען איך האָב עס ארויסגעזאָגט מײַן באקאנטן, האָט ער א מאך געטאָן מיט דער האנט:
— אזעלכע, ווי אָט דער, זײַנען איצט שוין אָפגעשלאָגענע הוישײַנעס. לאָ־מיר ריידן פון פריילעכערע זאכן!
דערוף האָט זיך פארענדיקט אונדזער געשפּרעך.
יאָ, לאָמיר ריידן פון פריילעכערע זאכן! דאָס יונגע פּאָרפּאָלק.
צום ערשטן מאָל זײַנען זיי מיר אנטקעגנגעקומען אף דעם אָרט, ווו אצינד שטייט דער האָטעל, דאן איז ער נאָך ניט געווען. א שפעטהארבסטיקער ווינט איז געקראָכן אין די ביינער. דער אוילעם איז שוין געווען אָנגעטאָן ווער קימאט און ווער אינגאנצן ווינטערדיק. נאָר פאר זיי, פאר אָט די צוויי, איז, דאכט זיך, געווען נאָך פרילינג. ערשטנס, זייער קליידונג: א דינער, פון א שמוציק־ווײַס־לעכן קאָליר דעמיסעזאָן־מאנטל, פון די, וואָס מע זאָגט, אז זיי זײַנען אונטער־

געשלאָגן מיט ווינט, — אף אים. עפעס אַן אומקלאָר קורצע זאַך פון א מיסעמע־שונע־קאָליר, האַלב־קאָפּטל, האַלב־רעקל — אף איר. אפן קאָפּ נאָך א דינע אָפּגעבליאַקעוועטע פאַטשיילקע, אף אים א קעפּקעלע מיט א ברעקל דאַשעקל אפן שפּיץ קאָפּ. און, צווייטנס, דער אויסזען דער זייערער, וואָס האָט זיך גאָר ניט געפּאָרט ניט מיט דער קליידונג, ניט מיטן וועטער — א בעגילופנדיק־דערהויבע־נער, א צופרידן־צעכראַסטעטער און א פריידיק־פאַרהאַוועטער. ס'איז צו זען געווען — אָט די צוויי זײַנען איבערפול מיט זיך אליין און עס גייט זיי ניט אָן, צי זעט זיי עמעצער און וואָס מע קאָן זאָגן וועגן זיי.

ביידע — אין ברילן. זײַנע — אין ווײַסע רעמלעך, מע זעט זיי קימאַט ניט אָן בא אים אפן פּאָנעם, בא איר שטעקן אפן קורצן פאַריסענעם נעזל צוויי טונ־קעלע רעדער, און דורך זיי קוקן ארויס אירע ניט־גרויסע שוואַרצע אויגן מיט אַן אײַנגעשפּאַרטער זיכערקײַט, וואָס האָט צו זאָגן אלעמען: „מײַנס אין לעבן וועל איך נעמען!". אָט האָט זי שוין גענומען אָט דעם לאַנגן דאַרלעכן קרעפּטיקן באָכער, וועלכן זי האַלט אזוי פעסט אונטער דער האַנט — אף קיינמאָל שוין ניט אָפּלאָזן.

און אָט אזוי, שטײַף געאָרעמט, האָבן זיי פאַרבײַגעשפּאַנט אין האָפערדיקער אײַלעניש, ווי איין מענטש.

מע האָט זיך לײַכט געקאָנט אָנשטויסן: אוואַדע זײַנען זיי נעכטיקע סטודענטן, אָקאָרשט פאַרענדיקט די לער, געקומען אהער אין שטאָט אף ארבעט. גיכער פאַר אלץ לעבט מען נאָך ערגעץ אין א געדונגענעם ווינקל, מע פאַרמאָגט נאָך גאָר־ניט און מע פאַרמאָגט שוין אלץ!

מיט דער צײַט בין איך געוווינט געוואָרן אלע אינדערפרי צו באַגעגענען אָט דאָס האָפערדיקע פאָרפאָלק. און ווען עס האָט געטראָפן, אז איך האָב א פּאָר טעג נאָכאַנאַנד זיי ניט באַגעגנט, האָב איך גענומען איבערטראַכטן — וואָס איז געשען? אפן דריטן טאָג האָב איך נאָך פונווײַטן באַמערקט (און דערפילט, אז דאָס פרייט מיך) — זי גייט! האָפערדיק, שנעל, ווי געוויינלעך. פאַרוואָס אָבער עפעס אליין? ווו איז ער? נאָר ווען זי האָט זיך אויסגעגלײַכט מיט מיר, האָב איך זי קוים דערקענט. דאָס נעזל צווישן די טונקעלע האָרנברילן — בלאַס, די גראָבלעכע ליפּן (איך האָב ערשט איצט באַמערקט, אז זיי זײַנען גראָבלעכע און ניט קיין שיינע) — פאַרפּרעסט, די אויגן, בייז צונויפגעזשמורעטע, זײַנען גרייט דוירעס זײַן אלץ ארום. א כאַראַקטער! — האָב איך א קלער געטאָן. און אָט איז ער, אויך ניט צו דערקענען. דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזט, שפּאַנט ער האַכנאָעדיק אף א סאָלידער דיסטאַנץ פון איר, ווײַל און האָט זי, זעט אויס, מוירע אָנצוּיאָגן.

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד זײַנען זיי אזוי געגאַנגען צו דער ארבעט — באַ־זונדער. זי — א באַרויגעז־אָנגעשטויסענע — פון פאָרנט, ער — מיט א האַכנאָע־דיק־שולדיקן אויסזען — הינטער איר.

מיר איז שווער געווען צוזען אָט דעם ערשטן רויגעז פונעם יונגן פּאָר־פאָלק, כאָטש נעם און לייג זיך ארײַן אין שאָלעם. אָבער שוין אף מאָרגן, — עס האָט זיך גראָד אויסגעגעבן א זוניקער פראָסטיקער טאָג, — האָבן זיי ביידע אין זייערע לײַכטע מאַנטלען, שמייכלענדיק איינער צום אנדערן, ווי עס זאָל גאָרניט האָבן געשען, ווידער געשפּאַנט שטײַף געאָרעמט, ווי איין מענטש.

נאָכדעם האָב איך זיי נאָך א סאַך מאָל געזען, אי באַזונדער, — ווען עמעצער פון זיי איז, ווײַזט אויס, געווען אין א קאָמאַנדירונג, — אי צוזאַמען. ס'איז צו זען געווען — מע האָט זיך ביסלעכווײַז ארופגעארבעט, ניט שלעכט פאַרדינט. מע האָט מיט דער צײַט ארופגענומען אף זיך צוביסלעך לײַב און אויך אפן לײַב. פרילינג־צײַט און אָנהייב הארבסט זײַנען זיי שוין אנטקעגן געקומען אין מאַנט־לען פון גלאַנציקער באָלאָניע, אין א טונקל־ברוינעם — ער, אין א ליכטיק־בלויען — זי, ווינטער — ער אין א קורצן, לויט דער מאָדע, מאַנטל מיט אַן איי־

בערגעלייגטן פוטערנעם קאָלנער, זי — אין זילבערדיקן סינטעטישן קאַראַקול. נאָכדעם האָב איך זי באַגעגנט אַן אָנזיכטיק שוואַנגערע, און מע האָט געדאַרפֿט זען, ווי פֿאַמעלעך און מיט וואָס פֿאַר אַ צופֿרידן־פֿאַרזאָרגטן אויסזען ער האָט זי געפֿירט אונטער דער האַנט.

ווי רופֿט מען זיי? ווו אַרבעטן זיי? דאָס ווייס איך ביז איצט ניט, נאָר איך ווייס, עס גייט זיי גוט, און בין דערפֿון צופֿרידן.

און אַצינד אויך וועגן יענער, דער בילד־שיינער, וואָס כ׳האָב דערמאָנט וועגן איר אין אָנהייב. נאָר דאָ ווייס איך ניט, דעם עמעס זאָגן, פֿון וואָס אָנצוהייבן, ווײַל אַז מע וויל, איז לאַכלוטן גאָרניט געווען און ס׳איז ניטאָ וועגן וואָס צו ריידן, און אַז מע וויל...

צום ערשטן מאָל, ווען איך האָב זי אַפּן וועג צו דער אַרבעט באַגעגנט, איז גראָד געווען זייער אַ כמורנער, זומערדיקער אינדערפֿרי. דעם הימל האָט פֿאַר־צויגן אַ דורכויסיקע גרויע וואָלקן־נעץ אַזש ביז צו די ווײַטע סאָפּקעס באַם האָ־ריזאָנט. בלויז ווו־ניט־ווו איז די וואָלקן־נעץ געווען עטוואָס דינער, און דאָרט, האָט זיך געדאַכט, וועט אָט־אָט אַרויסקוקן די זון. ווי געוויינלעך אינדערפֿרי, האָבן די פֿולגעפּאַקטע אויטאָבוסן, צוקומענדיק איינער נאָכן אַנדערן, פֿון זיך אַרויסגעשטויסן מאַכנעס מענטשן, וועלכע האָבן שוין ווײַטער פֿאָרגעזעצט דעם וועג צופֿוס. דער אַנטקעגנשפּאַנענדיקער אוילעם אינגאַנצן געגנומען, און קימאַט יעדער איינער באַזונדער, זײַנען מיר פֿון לאַנג און גוט געווען באַקאַנט, קיינער האָט ניט אָפּגעשטעלט באַזונדערס מײַן אופֿמערקזאַמקײַט, און, פֿאַרטאָן אין קאָ־לערליי געדאַנקען, בין איך, ווי געוויינלעך, ניט זייער געאײַלט, געגאַנגען מײַן וועג. נאָר אָט האָט אינעם אַנטקעגנקומענדיקן מענטשן־שטראָם — און עפּשער איבער אים? — עפּעס אומגעריכט און זייער העל אַ לויכט געטאָן. כ׳האָב ניט גלײַך באַנומען — וואָס? האָט די זון אַרויסגעקוקט? ניין. די וואָלקנס זײַנען גע־האַנגען פּונקט אַזוי גרוי און נידעריק, ווי פֿריִער. ערשט אין אַ היפּשער ווײַלע אַרום, ווען איך בין שוין געווען גאַנץ ווײַטלעך פֿון יענעם אָרט, איז צו מיר דערגאַנגען: דאָס זײַנען געווען — אויגן... אַ פּאָר צעשטראַלטע אויגן. פֿון די, וואָס דערלאַנגען אײַך פֿאַר אַ מײַל. באַ מיר אין זיקאָרן איז גאָרניט פֿאַרבליבן — קיין פּאָנעם, קיין שטאַלט, נאָר אָט די אויגן, ווי אַליין פֿאַר זיך, זאָלן זיי האָבן געשוועבט אינדערלופֿטן.

אַף מאָרגן זײַנען אָט די אויגן מיר אַנטקעגנגעקומען ווידער. דאָס מאָל האָב איך שוין באַמערקט אי דעם איידעלן בלאַסלעכן שטערן, אי די טונקעלע קרויזן, אי דאָס גאַנצע מילדע געזיכט אַרום זיי. און פֿון יענעם טאָג האָב איך אַלע אינ־דערפֿרי געטראָפֿן שוין אינעם אַנטקעגנקומענדיקן מענטשן־שטראָם די דאָזיקע אויגן, וואָס האָבן מיך פֿונעם ערשטן מאָל אַזוי איבערראַשט.

קלאָר, די דאָזיקע פֿרוי איז דאָ ניט לאַנג פֿון ערגעץ אַהער אַריבערגעפֿאָרן. האָט זי עלטערן, אַ מאַן? דאָס איז מיר ניט אָנגעגאַנגען. מיר איז אָנגעגאַנגען איינס — זען זי, באַגעגענען.

און זי? ווי יעדער פֿרוי, וואָס וואַרפֿט זיך מיט איר שיינקײַט אין די אויגן, איז זי דערצו געוווינט געווען און ניט געמאַכט דערפֿון קיין ווענז. „איר קוקט? געזונטערהייט, זאָל אײַך וויל באַקומען״... און אוואַדע האָט זי ניט אויסגעטיילט קיינעם באַזונדער פֿון די, וואָס האָבן געקוקט אַף איר. און איך האָב אַלעמאָל, ווען זי איז מיר אָנגעקומען אַנטקעגן, ניט געקאָנט אָפּרײַסן דעם בליק פֿון איר. מיט יעדן טאָג האָב איך אַלץ לענגער (איך האָב געפֿילט — ביז כוצפּע) פֿאַר־האַלטן אַף איר מײַן בליק און ניט געקאָנט זיך באַפֿעלן ניט צו טאָן עס. ביז איינמאָל האָט זי ענדלעך אַף מײַן בליק געענטפֿערט. דאָס האָט געדויערט אַ

רעגע, און עפשער ווייניקער, באלד האָט זי די אויגן אראָפּגעלאָזט און גיך פאַר־בייגעגאַנגען. צו מיר אָבער זיינען מיטאַמאָל דערגאַנגען אַלע מיינען פון אָט דעם קורצן בליק. ערשטנס: זי האָט פון לאַנג באַמערקט, אַז איך קוק אויף איר; צווייטנס: עס כידעשט זי מיין כוצפּע; דריטנס: לאָז מיך צורו!

בײַ מיר האָט פריידיק אַ צאַפּל געטאָן דאָס האַרץ — סאָפּקאָלסאָף האָט זי מיך באַמערקט, אויסגעטיילט! איך בין, דאַכט זיך, אַפילע זויכע געווען אַ קאַפּעלע איר נייגער. עמעס, זי איז, קענטיק, ניט צופרידן, אָבער אויך אָט די ניט־צופרידנקייט — לאַכט ניט — האָט מיך געפרייט, ווייל דאָס איז געווען עטוואָס דירעקט אַדרעסירטס פון איר צו מיר.

וואָס זשע טוט מען ווייטער? אופהערן קוקן אויף איר? דאָס איז געווען איבער מיינע קויכעס.

זי פלעגט איצט דורכגיין אַלע אינדערפרי פאַרביי מיר מיט אַראָפּגעלאָזטע ווִיעס, ווי ניט זי מיינט מען. נאָר אויך אָט די אַראָפּגעלאָזטע ווִיעס אירע האָבן צו מיר אויף שטומלאָשן גערעדט: „איך ווייס, סיוויי הערסטו ניט אויף אויף מיר צו קוקן, נאָר דאָס גייט מיר לאַכלוטן ניט אָן".

ניט באַלד, אין אַ צייט אַרום, האָט זיך מיר אָנגעהויבן דאַכטן, אַז עפשער האָבן אָט די אַקשאָנעסדיק־אַראָפּגעלאָזטע ווִיעס אירע געהאַט צו זאָגן נאָך עפּעס. „גלאָמפּ איינער! — האָבן זיי עפשער געוואָלט מיר זאָגן. — אויב דו האַלטסט שוין יאָ אין איין קוקן און האָסט אַזאַ אינטערעס, געפינען ווי־ניט־איז אַ מיטל זיך באַ־קענען, כ׳וועל דיך דען אופּעסן?..״

לייכט צו זאָגן: באַקענען זיך. מיט טויזנט אַנדערע — יאָ, אָבער מיט איר? איין־איינציקער צופעליקער בליק אירער אין מיין זייט מאַכט מיך אויס מענטש. שטיין אין אירע דאַלעדאַמעס, קוקן נאָענט איר אין פּאָנעם, וואָס וואָלט איך טאָן מיט אַזויפיל גליק?

איך האָב אָבער פאַרשטאַנען, אַז מיין טאָגטעגלעך גלאָצן די אויגן אויף אָט דער אומבאַקאַנטער פרוי איז נאַריש און פּאַשעט ניט פיין. זי האָט מיסטאַמע שוין לאַנג אויף מיר זיך באַליידיקט און איז גערעכט.

ווי שווער דאָס איז ניט געווען פאַר מיר, נאָר באַגעגענענדיק זיך אינדערפרי, האָב איך איצט גענומען אָפּקערן דעם בליק אין אַ זייט, פונקט ווי גראָד אין יענער זייט זאָל זיין עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל מיך זייער אינטערעסירן. אַזוי איז עס אַ לענגערע צייט אַוועק, און אַלץ איז, דאַכט זיך, געוואָרן גוט. ביז איינמאָל האָב איך, פאַרבייגייענדיק, מיט אַ ווינקל אויג איבערגעכאַפּט אירן אַ בליק, אַ בליק, בעפיירעש אַ געווענדטן צו מיר, און אין אים, אין דעם איבערגעכאַפּטן בליק אירן, — אַ שטומע פראַגע: „וואָס איז געשען?״

בײַ מיר האָט גענומען צאַפּלען דאָס האַרץ: האָט זי באַמערקט, הייסט עס, אַז איך קוק מער ניט אין איר זייט? און, דאַכט זיך, אַז דאָס פאַרדריסט זי.

אופן וועג, ווו מיר פלעגן זיך אַלעמאָל באַגעגענען, געוויינלעך ערגעץ צווישן דעם „גאַסטראָנאָם״ און מאַרק, האָב איך זיך באַמיט גיין אינעם מענטשן־שטראָם אַזוי, איך זאָל זיין פון איר וואָס ווייטער, אַלנפאַלס, כאָלילע, ניט דורכגיין איינס לעבן אַנדערן. האָט איינמאָל פּאַסירט: עס איז געווען אין רעכטן מיטן ווינטער. אַ גאַנצע נאַכט האָט געדרייט אַ זאַווערוכע, און צו אינדערפרי זיינען אַלע גאַסן געלעגן פאַרזונקען אין הויכע הורבעס שניי. צו יענער צייט, ווען מע האָט גע־דאַרפט גיין צו דער אַרבעט, האָבן די הויף־אופראַמער אויף אונדזער וועג באַוויזן דורכגראָבן בלויז אַ שמאָלע לאַנגע טראַנשיי. אין איר האָבן צוויי אַנטקעגנקער־מענדיקע מענטשן זיך קוים געקאָנט פאַנאַנדערגיין. און אָט אין דער דאָזיקער טראַנשיי, פונקט אַנטקעגן מאַרק, האָב איך זיך אָנגעטראָפן פּאָנעם צו פּאָנעם מיט איר. איר אָטעם האָט באַרירט מיינע ליפּן. אירע צעשטראַלטע אויגן האָבן נאָענט לעבן מיינע געשמייכלט און עפּעס ווי געמאָנט. אַזאַ געלעגנהייט... נאָר

איך בין פון גרויס אומגעריכטקייט געבליבן שטיין געפלעפט, ניט ארויסצורײדן קיין וואָרט. אלע געדאנקען זײַנען פון מיר אנטרונען. איך האָב נאָר געפילט, ווי עס קלאפט דאָס הארץ, און נאָענט, נאָענט — אירע שמייכלענדיקע אויגן. הינ־טער איר האָבן זיך שוין אָנגעקליבן מענטשן, געווארט, מע זאָל זיי דורכלאָזן. הינטער מיר אויך. בין איך שטומערהייט אוועקגעקראָכן אין א זײַט, אין שניי, קעדיי באפרײַען דעם וועג. מיט וואָס פאר א בליק זי האָט מיך דערבײַ א מעסט געטאָן — ווי אָפּגעשמיסן מיט א רוט! און אוועק. נאָך איר האָבן פוןביידע זײַטן זיך א לאָז געטאָן די מענטשן, וועלכע מיר האָבן מיט אונדזער קורצן אָפּשטעל פארהאלטן. און איך בין געשטאנען טיף אין שניי, ניט אהין, ניט אהער, און מיר האָט זיך געדאכט, אז אלע ווייסן, ווי איך האָב זיך באנארישט, און לאכן פון מיר.

דערנאָך האָב איך זיך אָבער געטרייסט: דער ווינטער איז נאָך גרויס, עס וועט אויספאלן נאָך אזא שניי, און דעמלט וועל איך שוין מער זיך ניט באנארישן. נאָר יענעם ווינטער איז מער אזא טיפער שניי ניט אויסגעפאלן.

און אינגיכן איז זי ניט געוואָרן. פונקט אזוי אומגעריכט, ווי זי האָט זיך בא־וויזן בא אונדז אין שטאָט, אזוי — ניט געוואָרן. צוערשט האָב איך געמיינט, זי איז ניט געזונט, און עפשער אין א קאָמאנדירונג, עפשער אין אורלויב — מאלע וואָס! עס וועט דורך א וואָך, צוויי, און זי וועט ווידער, א צעשטראלטע, מיר אָנ־קומען אנטקעגן. נאָר כוידעש נאָך כוידעש זײַנען געגאנגען, און זי האָט זיך מער ניט באוויזן.

ערגעץ לויכטן איצט אירע אויגן אין אן אנדער אָרט. האָבן זיי דאָרט געפונען נאָך איינעם אזא מעשוגענעם, ווי איך, אָדער ניט?

אָט דאָס איז די געשיכטע.

איז דאָך גאָרניט געווען, — זאָגט איר?

כ׳האָב אײַך פון אָנהייב וועגן דעם געוואָרנט.

אָבער טאקע גאָר גאָרניט?

נו, יאָ.

וואָס זשע איז פאָרט געווען?

אויב איר ווילט — גאָרניט. און אויב איר ווילט — א סאך...

מענטשן גייען אינדערפרי צו דער ארבעט. כ׳האָב ניט דערציילט ניט ווו, ניט ווי זיי ארבעטן, אָט די מענטשן, בלויז וועגן די מינוטן, ווען זיי גייען צום אָרט פון זייער מי.

מענטשן גייען אלע אינדערפרי צו דער ארבעט, און דאָס איז גוט. אף דעם שטייט די וועלט.

# ראבע פאסאָליעס

צען זײַנען זיי געווען, צען ראבע פאסאָליעס. בלוילעכע, ריכטיקער, וואסעריקלעך־פּיִאָלעטע מיט טונקעלע שטרײַפעלעך, פּאַסיקלעך, פּינטעלעך. גאנץ היפּשלעכע, פלאטשיקע. געקויפט האָב איך זיי אפן מארק שוין אינמיטן פרילינג. דאָרט האָט מען צו יענער צײַט געקאָנט קריגן א סאך פארשיידענערליי זוימען פון גאָרטנוווארג, פון בלומען, נאָר איך האָב געקויפט א צענדליק פאסאָליעס, און גאָר.

אפן באלקאָן שטייען בא אונדז שוין ניט דאָס ערשטע יאָר צוויי לענגלעך־שמאָלע קעסטלעך, אָנגעשאָטענע מיט ערד. אלע יאָר פארזעצט מען אין זיי ראסאדע פון א פּאָר סאָרטן בלומען. אופגיין גייען זיי אוף ניט זייער גוט, ווײַל דער באלקאָן איז אף דער צאָפנדיקער זײַט. פאר אונדז איז עס דאפקע א מײַלע — זומער, אין די גרויסע היצן, ווען די זון טשמעליעט אָן ראכמאָנעס, איז דאָ אפן באלקאָן קיל. פאר די בלומען איז עס אָבער ניט גוט, בלומען האָבן ליב זון. דאָך גייען זיי אוף און א גאנצן זומער און ביז שפּעט אין הארבסט פרייען זיי דאָס אויג.

דאָס מאָל האָט זיך אזוי געמאכט, אז פריִער איך, נאָכדעם די פרוי זײַנען ניט געזונט געווען און די צײַט פון פארזעצן די בלומען־ראסאדע האָבן מיר דורכגעלאָזט. זײַנען די קעסטלעך מיט ערד געשטאנען ליידיק.

זיי זאָלן ניט פּוסטעווען א זומער, האָב איך געקויפט די ראבע פאסאָליעס.

מײַן פרוי האָט געהאט טײַנעס: ערשטנס, פארוואָס — פאסאָליעס? צווייטנס, האָט איר זיך גאָר אויסגעדאכט, אז די פאסאָליעס זײַנען קאליע און וועלן קיינמאָל ניט אופגיין. דריטנס... איך געדענק שוין ניט וואָס דריטנס, נאָר די פרוי האָט אף די פאסאָליעס אפילע ניט געוואָלט קוקן. האָב איך שוין אויך געטראכט, אז מע האָט זיי ניט געדארפט קויפן, אז ס'וועט זיך גאָרניט באקומען. פונדעסטוועגן אין א פּאָר טעג ארום — די פרוי איז פונקט ניט געווען אין דער היים — האָב איך א קלער געטאָן: וואָס ווער איך אָן? — און האָב פארזעצט די פאסאָליעס. ווי מע דארף עס טאָן, האָב איך רעכט ניט געוווסט, האָב איך זיי פריִער אריינגעטאָן אין לעבלעכער וואסער, אָפּגעהאלטן א ביסל, דערנאָך פארזעצט אף א גלײַכן מעהאלעך איינס פונעם אנדערן צו פינף פאסאָליעס אין יעדן קעסטל.

ווען די פרוי איז געקומען, האָב איך איר דערציילט, וואָס כ'האָב געטאָן. האָט זי ווידער געהאט טײַנעס. די ערשטע — פארוואָס האָב איך ניט צוגעווארט אף איר.

— האָסט זיך דאָך ניט געוואָלט דערמיט פארנעמען, — האָב איך איר געזאָגט.

— סײַווי, — האָט זי געענטפערט, — וואָלט איך עס געמאכט בעסער. — און טאקע גענומען מיך אויספרעגן, וויִאזוי און וואָס האָב איך געטאָן. האָב איך דערציילט, און אוואדע האָט זיך ארויסגעוויזן, אז מע האָט אלץ געדארפט טאָן פארקערט. ווי

פאַרקערט, געדענק איך שוין ניט, נאָר — פאַרקערט. און דער אויספיר איז געווען:

— באַ מיר אַף דער דלאָניע וועט עפּעס אויסוואַקסן? אַזוי וועלן אויסוואַקסן דײַנע פאַסאָליעס.

— מיילע, — זאָג איך, — סײַווי וואָלט דאָרט גאָרניט אויסגעוואַקסן.

א ביסל בין איך געווען אומגעדולדיק, א ביסל נאַיִוו, געמיינט — אין צוויי־דרײַ טעג אַרום וועלן מײַנע פאַסאָליעס אַרויסשפּראָצן און איך וועל דערווײַזן דער פרוי, ווער פון אונדז איז גערעכט. נאָר ס׳גייט דורך א וואָך, א צווייטע, און מײַנע פאַסאָליעס — מע זאָל כאָטש זען אָן אָנהייב... קיין סימען ניט.

— וואָס האָב איך דיר געזאָגט? — רופט זיך אָן די פרוי, און איך שווײַג. וואָס קאָן איך זאָגן? די ערד אין די קעסטלעך האָט זיך באַדעקט מיט פאַרשיידענע ווילדגרעזעלעך, און איך טשעפּע זיי ניט. זאָלן זיי וואַקסן, טראַכט איך, זאָל כאָטש עפּעס־וואָס גרינען...

די פרוי, אַלעמאָל, ווען מיר גייען אַרויס אַפן באַלקאָן כאַפּן פרישע לופט:

— נו, ווו זײַנען אָקאָרשט דײַנע ראַבע פאַסאָליעס?

— און ווען דו וואָלסט זיי געווען פאַרזעצן? — פרעג איך.

— ווען איך זאָל זיי געווען פאַרזעצן, וואָלטן זיי שוין לאַנג אַרויסגעשפּראָצט...

שווײַג איך. נאָר א פאַרדראָס איז מיר, און א ביזאָיען אויך. אין מיר קומט אַפּילע אוף א טײַנע. צו וועמען? טאַקע צו איר, צו דער נאַטור, צו דער מאַמע־ניון־ערד. סטײַטש, טראַכט איך, זי באַווײַזט דאָך וווּנדער: מע זעצט אײַן אין דער ערד א שטעקן, וואַקסט אויס א בוים! און דאָ אַרײַנגעזעצט לעבעדיקע צען פאַ־סאָליעס, און גאָרניט. קיין סימען ניט. עפּשער טאַקע איז די פרוי גערעכט, — די פאַסאָליעס זײַנען געווען קאַליע, אָדער איך האָב עפּעס ניט אַזוי גע־טאָן?

איינמאָל, ווען די פרוי איז ערגעץ אַרויסגעגאַנגען, בייג איך זיך אָן צו מײַנע קעסטלעך און לאָז אַרײַן די פינגער אין דער ערד, — עפּשער האָט עמעצער די פאַסאָליעס אַרויסגעגאַנוועט? אָדער א פויגל האָט זיי אויסגעפּיקט? די פינגער מײַנע האָבן אָנגעטאַפּט עפּעס פּײַכטלעכס, האָב איך פאַמעלעך פאַנאַנדערגענומען פון אויבן די ערד און דערזען... וואָס זאָל איך אײַך זאָגן — כ׳האָב זיך דערפרייט, פונקט ווי איך זאָל דערזען אָן אויצער... און ס׳איז טאַקע געווען אָן אויצער. שטעלט זיך פאָר, די פאַסאָליע, איינע פון די, וואָס כ׳האָב פאַרזעצט, ליגט שוין אין דער ערד מיט אָן אָפן בײַכל, און פון דעם שפּראָצט אַרויס — אַזאַ איידלינקס, אַזאַ געלינקס — א פּיצל שטענגעלע... אינגיכן וועט עס זיך אופהייבן, דורכשפּאַרן די ערד און אַרויס פון אויבן... דעם אויצער האָב איך ווידער צוגעדעקט מיט ערד, דער פרוי — קיין וואָרט ניט.

ס׳איז דורך נאָך א קנאַפּע וואָך, און עפּשער עפּעס מער אָדער ווייניקער, כ׳געדענק שוין ניט, — איינמאָל אינדערפרי, איך גיי אַרויס אַפן באַלקאָן און גלייב ניט מײַנע אויגן: אין איין קעסטל און אין צווייטן, גאַנץ הויך איבער די ווילדגרעזלעך, סטאַרטשען צו צוויי ברייטלעכע בלעטעלעך אַף א גרינעם שטענ־געלע. אין איין קעסטל איינס, אינעם אַנדערן — צוויי. נו, און נאָך זיבן, האָב איך א טראַכט געטאָן, ווו זײַנען זיי? וויבאַלד מע האָט זיי אין איין צײַט אײַנגעזעצט, דאַרפן זיי אין איין צײַט אַרויסשפּראָצן, ווי דען? האָט אָבער די נאַטור, ווײַזט אויס, אירע קלאָלים: א פאַסאָליע צו א פאַסאָליע איז ניט גלײַך. איינע באַווײַזט זיך אַף דער ליכטיקער שײַן פריִער, די אַנדערע שפּעטער. איינע וואַקסט שנע־לער, די אַנדערע פאַמעלעכער — יעדע אַף איר אויפן.

נאָר מיינט איר, ווען כ׳האָב דערזען אָט די ערשטע בלעטעלעך, בין איך אוועק אָנזאָגן דער פרוי די בסורע? ניין, איך האָב זיך דאַפקע אָנגענומען מיט געדולד — זאָל זי אַליין דערזען. מיר איז נאָר געווען ציקאַווע, וואָס וועט זי זאָגן? נו, וואָס,

אשטייגער, האָט זי געקאָנט זאָגן, אויב ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז גערעכט בין איך? שטעלט זיך פאָר, זי האָט געפונען וואָס.

— אז גאָט וויל, — האָט זי געזאָגט, — שיסט א בעזעם אויך...

איז שוין גאָט אויך אריינגעמישט. נאָר מיילע, טראַכט איך, זאָג, וואָס דו ווילסט, אבי די פאסאַליעס וואקסן. און זיי האָבן זיך עס א נעם געטאָן וואקסן, ווי אף הייוון, ווי זיי זאָלן ווען אָניאָגן די צייַט, וואָס זיי האָבן זיך פארהאלטן אין דער ערד. מיט יעדן טאָג אָנזיכטיק העכער, די בלעטעלעך גרעסער, און צווישן זיי ווייַט ארויסגעשטעלטע דינע שטענגעלעך, וואָס האָבן גלייַך אָנגעהויבן זוכן, — נו, אָט, פונקט ווי לעבעדיקע באשעפענישן — צו וואָס זיך צוטוליען, אף וואָס זיך אָנלענען. האָב איך ארום יעדן דינעם שטענגעלע פאָרזיכטיק, ניט קאַליע צו מאכן, ארומגעבונדן א לאנגן פאָדעם און צוגעפעסטיקט אים צו דער באלקאָן־פאָרענטשע. האָט מען געדארפט זען, ווי זיי האָבן זיך עס א צי געטאָן, די בלעטעלעך, איבער אָט די פעדעמער ארוף...

— נו, וועלן זיי זיך צוציִען צו דער פאָרענטשע, — האָט געזאָגט די פרוי, — און ווייַטער?

— ווייַטער וועלן מיר זען, — האָב איך געענטפערט.

— ווייַטער לאָז מיך! — האָט זיך אָנגערופן די פרוי, און זי האָט טאקע אָפּגעטאָן א וויכטיקע זאך: זיך צונויפגערעדט מיט דער שכיינע פונעם אייבערשטן באלקאָן איבער אונדז. יענע האָט בא זיך צוגעבונדן צען לאנגע שפאגאטן, זיי אראָפּגעלאָזט, און די פרייַע עקן זייערע האָט די פרוי צוגעבונדן צו אונדזער באלקאָן, אזוי אז די פאסאַליעס זאָלן האָבן וווהין צו קלעטערן ווייַטער. און זיי האָבן טאקע א קלעטער געטאָן. אָבער אויך ניט מיטאמאָל. איין געוויקס שפארט שוין באלד אונטער דעם אייבערשטן באלקאָן, א צווייטער האָט ערשט קוים־קוים זיך אופגעהויבן איבער אונדזערן, א דריטער שטעקט ערגעץ אינמיטן. נאָר אלע וואקסן, אלע קלעטערן, די גרינע בלעטעלעך ווערן אלץ גרעסער. און אָט האָט אין איינעם א גאנצפרי צווישן זיי זיך באוויזן א פייַערל, א רויט פייַערל. באוויזן און געגומען כיינדלען זיך צווישן דעם גרינעם געבלעטער. דערנאָך האָבן זיך א שאָט געטאָן א סאך, א סאך אזעלכע פייַערלעך — די פאסאָליעס האָבן זיך צעבליט...

— עס טרעפן, — האָט די פרוי געזאָגט, — ווייַסע בליטן, בלויע. און די זייַנען רויטע — די סאמע שענסטע.

נו, טראכט איך, דאָ איז געקומען מייַן צייַט, און טו א פרעג:

— האָב איך גוט געטאָן, וואָס כ'האָב זיי פארזעצט?

שווייַגט זי. מוידע זייַן זיך, אז א צווייטער איז גערעכט, איז, אפּאָנעם, ניט אזוי לייַכט... נו, שווייַג, קלער איך, אבי דו זעסט שוין, ווער איז גערעכט. וויל זי אָבער פאר דעם נעמען רעוואנש.

— נאָר אראָפּהענגען די שטריקלעך, — זאָגט זי, — פון יענעם באלקאָן וואָלסטו זיך ניט דערטראכט?

— ניין, — זאָג איך, — קיינמאָל.

זייַנען מיר קוויט, צופרידן און האָבן ביידע גרויס האנאָע, ווען מיר גייען ארויס אפן באלקאָן.

נאָך אין א פאָר וואָכן ארום זייַנען די שטענגלעך און די בלעטער אף זיי אזוי זיך פאנאנדערגעוואקסן, פאנאנדערגעשפרייט, אז מע האָט שוין אונטער זיי די שטריקלעך ניט אָנגעזען. פון אונדזער באלקאָן צום אייבערשטן האָט זיך געצויגן קימאט א דורכויסיקער פאָרהאנג א גרינער, און אף אים, צעוואָרפן אָט דאָ, אָט דאָרט, רויטע בליטן, אָן א שיר בליטן... צו זיי קומט אָפט צו פליִען א בין און זויגט זיך איַין אין זייערע רויטע אינגעווייִדן...

— עפּעס זײַנען ניטאָ נאָך קיין שויטן, — האָט איינמאָל זיך אָנגערופן די פּרוי, — עס דאַרפן דאָך שוין זײַן שויטן.

— עס וועלן זײַן שויטן, אַלץ וועט זײַן, — האָב איך געענטפערט, — מעגסט ניט צווייפלען.

— ווער צווייפלט דען, — האָט געזאָגט די פרוי מיט אַזאַ טאָן, ווי זי זאָל טאַקע ניט האָבן קיינמאָל אין גאָרנישט געצווייפלט.

ס'איז דורכגעגאַנגען נאָך אַ שטיקל צײַט. און אָט האָט זיך באַוויזן אַ שויט, אַ גרינער, אַ לענגלעכער, און אָט עטוואָס העכער — נאָך איינער, נאָך איינער. און וויפל וועלן נאָך זײַן!

איצט האָב איך אַפילו מוירע אַ קלער טאָן: איך האָב דאָך געקאָנט ניט קויפן די פאַסאָליעס, ניט פאַרזעצן זיי... וואָלטן ניט געוועזן אָט דער גרינער פאָרהאַנג צווישן ביידע באַלקאָנען, אָט די רויטע בליטן, ס'וואָלט ניט געהאַט וואָס צו טאָן די בין. אָט די גאַנצע שיינקייט וואָלט גאָר ניט געבוירן געוואָרן...

און פון וואָס האָט זיך גענומען אַלץ? פון צוויי שמאָלע קעסטלעך מיט ערד און אַ צענדליק ראַבע פאַסאָליעס...

ב'האָב ניט ליב קיין קליינע הינטלעך, די, וואָס וואַקסן ניט, — באָלאָנקעס, באָלוואַנקעס, צי ווי נאָך רופט מען זיי דאָרט. א הונט דאַרף זײַן א הונט. ער דאַרף האָבן א שטעל און ארויסרופן צו זיך דערעכערעץ.

אזא הונט איז רעקס. טוט נאָר א קוק אף אים, וועט איר גלײַך זען, ווער זײַנע אָווּעס זײַנען. גרוי און גרויס איז ער, ווי אן עמעסער וואָלף.

א שטעלע איז בא אים א שטילע — ער היט אָפּ די דאַטשע.

ניט ווײַט פון דער וועראַנדע מיטן גאַנעקל, אין שאָטן פון הויכע קוסטעס אוןביימער, שטייט זײַן בײַדל. לעבן דעם ליגט א שטויביקער אָנגעשפּאָלטענער קלאָץ, אין דער לענג אן אײַנגעגראָבענער אין דער ערד, און צו אים איז צוגעפעסטיקט די קייט, וואָס איר אנדערער עק באַמבלט זיך בא רעקסן אפן האַלדז. דאָ שטייט אויך א גראָב געמאַכטער פאַרשטויבטער טיש — עטלעכע ברעטער אף אן איבערגעקרייצטן געשטעל. אהער שפּרינגט ער אַרוף, רעקס, ווען אים דאַכט זיך, אז זײַן בילן דערגייט ניט צו דעם, אף וועמען ער בילט. זיך אָנגעבילט, וויפל ס'איז לויט זײַן פאַרשטאַנד נייטיק, טוט ער, קלינגענדיק מיט דער קייט, א שפּרונג אַראָפּ פונעם טיש און לייגט זיך אַוועק אָפּרוען. אזוי רוט ער אין שאָטן, טראַכטנדיק בײַסמײַסע זײַנע הינטישע געדאַנקען, ביז עפּעס א דורכגייער אף יענער זײַט פּאַרקן אָדער א קלאַפּ אין דער קאַליטקע טוט אים ווידער ניט א שטעל אויף אף די פיס.

ווען־ניט־ווען גיט רעקסן זיך אײַן ארויסצודרייען זיך פון דער קייט. דאַן אַנטלויפט ער. נאָר ער אַנטלויפט ניט ווײַט. מיט אן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מיט א באַשעפטיקטן אויסזען לויפט ער אײַלנדיק אַרום דער דאַטשע איין מאָל, א צווייט מאָל, א דריט מאָל, און ס'איז באַשײַמפּערלעך צו זען אין אים — א גרויסע זאַך איז כאָטש א ביסל ניט פילן אף זיך די קייט...

באַווײַזט זיך אין אזא מינוט ערגעץ נאָענט דער באַלעבאָס, אַנטלויפט פון אים רעקס. ער ווייסט, וואָס יענער מיינט... ער ווייסט אויך — דער באַלעבאָס וועט זײַנס ניט אָנווערן, און דערווײַל איז גוט א כײַע־שאָ...

באַם בײַדל שטייט א שיסל מיט עסנוואַרג. א פּאָר מאָל אין וואָך נעמט דער באַלעבאָס אין גאָרקיך אן עמער שיראַיִם. נאָר רעקס איז א מעפונעק. טרעפט א רעכטער ביין, עפּעס פליישיקס, מאַכטײַסע, פאַרנעמט ער זיך דערמיט. וואָס שײַעך אָבער רעשטן פון קאָלערליי קאַשעס, קאַרטאָפל, טייג — דערפון דרייט ער אַוועק די נאָז. קאָן אָפּשטיין אזוי די פולע שיסל א גאַנצן טאָג, און ער רירט זיך צו איר ניט צו. א גליק — די פייגעלעך, וואָס טאַנצן דאָ אָפּ און אויף צווישן די צווײַגן. רעקס ליגט באַם בײַדל און קוקט מיט א גלײַכגילטיק אויג צו, ווי אלע מאָל טוען זיי פון איין בוים, פון א צווייטן א פּיקיר אַראָפּ אף דער

שיסל און מע פּראוועט דאָ גאַנצע פֿויגלשע מאָלצײַטן. אויפֿן ראַנד פֿון דער שיסל שטייענדיק, פּיקט מען זיך אָן און מע פֿליט אַוועק. אויף די צווײַגן פֿון אויבן שאַרפֿט מען נאָכאַמאָל אָן די שנעבעלעך, און ווידער — אַראָפּ... נאָר וואָס קאָנען פֿייגעלעך, מישטיינסגעזאָגט, אויפֿעסן?.. שטייט די שיסל אַ פֿולע, און רעקס רירט זיך צו איר ניט צו.

דער רייעך פֿון דער שיסל איז איינמאָל אַרײַן אין דער נאָז אַ פּאָר הינט אין גאַס, האָבן יענע ביגנייווע אַרײַנגעכאַפּט זיך אין הויף און געפּרוווט צו איר זיך דערנענטערן. די הינט זײַנען געווען גרויסע און דאַרע, ווײַזט אויס, שטאַרק אויסגעהונגערטע, — באַ איינעם איז די פֿעל געווען אין שוואַרצע, באַם אַנדערן אין געלע קאָלטענעס, — האָט רעקס אויף זײַן הינטיש לשון געמאַכט אַזאַ מישע־ביירעך, אַז זיי האָבן קוים געפֿונען דעם וועג אויף צוריק.

דאָ ניט לאַנג האָט זיך אין הויף זאַנאַדעט אַ קליינטשינקע צויג. פֿון אויבן איז די פֿעל אויף איר גרוי, פֿון אונטן, צו די אָפּגעצויגענע אײַטערלעך־צו, קוי־טיקלעך ווײַס, און אַליין איז זי אַזוי מאָגער, אַז עס זעט זיך אַרויס יעדער ריפּל באַזונדער.

פֿון צווישן די קוסטעס, דורך וועלכע זי האָט, ווײַזט אויס, שטילערהייט זיך געגאַנוועט, איז זי מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן באַ דער שיסל. מיט די ציטערנדיקע נאָזלעכער אַרײַנגעצויגן דעם רייצנדיקן רייעך, האָט די צויג זיך אַרומגעקוקט און, צעשרעקנדיק די פֿאַנאַנדערגעפֿלויגענע פֿייגעלעך, גלײַך אַ שטופּ געטאָן די שפּיציקע מאָרדע אינעם געקעכץ. רעקס האָט דאָס אַלץ פֿון אַ זײַט צוגעזען, נאָר — אַ מאָדנע זאַך — אַפֿילע ניט גערירט זיך פֿון אָרט. ס'איז צו זען געווען: די קליינ־טשינקע צויג איז שוין דאָ ניט צום ערשטן מאָל, און צווישן איר מיט רעקסן איז עס — ניט אַנדערש — אַן אָפּגערעדטע זאַך. אין אײַלעניש האָט זי אויסגעלעקט פֿון שיסל אַלץ, וואָס איז געווען, אַפֿילע פֿאַר די פֿייגעלעך גאָרניט איבערגע־לאָזט, און, אַ שוועך געוואָרענע, מיט דריבנע טריטעלעך אַוועקגעלאָפֿן.

פֿאַרנאַכט האָט דער באַלעבאָס אַ קוק געטאָן אין שיסל און אַ צופֿרידענער געזאָגט:

— אָ, רעקס האָט, אַפֿאָנעם, הײַנט גוט זיך אויסגעהונגערט!

פֿונעם פּולן עמער שיראַיִם, וואָס ער האָט אָקאָרשט געבראַכט, האָט ער אָנ־געגאָסן נאָך אַ שיסל.

אויפֿן אַנדערן טאָג האָט זיך איבערגעכאַזערט דאָס זעלבע.

פֿון אַ שאָכן האָב איך צופֿעליק — מע האָט וועגן עפּעס זיך פֿאַנאַנדערגע־רעדט — דערוווּסט זיך די געשיכטע פֿון דער קליינטשינקער צויג.

אַ טרויעריקע געשיכטע.

אַ געוויינלעכע צויג, אָן אַ מינדסטן טראָפּן פּאָראָדע אין בלוט, איז זי ניט זוכע געווען, עמעצער זאָל זי אַרײַנעמען צו זיך אין שטוב און אַלע גאַנצפֿרי און פֿאַרנאַכט אַרויספֿירן אויף אַ רימענדל אין דרויסן, ווי מע טוט עס מיט פּאַר־שיידענע באָלאָנקעס, שפּיצן, פּודעלס, פּאָקסטעריערן און זייער גלײַכן. האָט זי געלעבט, די צויג, אָן אָרעם און העפֿקערדיק גאַס־לעבן, בלויז מיט זעלטענע הינ־טישע פֿאַרגעניגנס. דערנאָך האָט זי אונטער עמעצנס אַ שטאַל אַרויסגעשאָטן פֿון איר טראַכט אַ האַלבן צענדליק פּיצינקע גליטשיקע הינטעלעך. בלינדערהייט האָבן זיי זיך געטוליעט אין אירע אײַטערלעך, און זי האָט זיי געהאַלטן אין איין אַרומלעקן, גליקלעך מיטן גרעסטן גליק, וואָס איז מעגלעך אויף דער וועלט — אַ מוטער... לאַנג אָבער האָט אַזוי ניט געדויערט. עס האָט זיך געפֿונען אַן אומ־לײַט, — עפּשער דער באַלעבאָס פֿון יענער שטאַל, עפּשער עמעצער פֿון זײַנע קינדער, און עפּשער נאָך ווער — ס'איז ניט באַוווּסט — און האָט אַוועקגעטראָגן אירע הינטעלעך אַלע, ביז איינעם... די מוטער האָט זיך אומגעקערט — זי איז אַוועק,

ניט אף לאנג זוכן א ביסל כאיונע — און האָט די הינטלעך ניט געטראָפן. דער שפּור האָט זי געבראַכט צו דער ניט ווײַטער אָזערע...

אף איר הויכן ברעג האָט די צויג דרײַ נעכט נאָכאַנאַנד געוואָיעט אף דער לעוואָנע... פאַר וועמען נאָך האָט זי געקאָנט זיך פאַרקלאָגן אף דער אכזאָריעס און אף איר ביטערן גורל? וואָס נאָך האָט זי געקאָנט טאָן?

אפן פערטן טאָג האָט די צויג דערפילט, אז זי איז הונגעריק... מעגלעך, דעמלט טאַקע איז זי צום ערשטן מאָל אַרײַן אין הויף צו רעקסן, צום ערשטן מאָל דורך די הויכע קוסטעס זיך דורכגעגאַנוועט צו דער שיסל... מעגלעך, אף זייער הינ־טישן לאָשן האָט זי אים דערציילט וועגן איר אומגליק... ווי עס זאָל ניט זײַן, האָט רעקס זי פון דער שיסל — ווי ס׳איז געווען מיט יענע צוויי גרויסע הינט — ניט אָפּגעטריבן. פאַרקערט, ער איז גאָר אַרופגעשפּרונגען אפן טיש און, אויס־דרייענדיק זיך צו דער צויג מיטן רוקן, עפּעס פלײַסיק גענומען זוכן בא זיך אינעם עק. באַטײַטן האָט עס געזאָלט: טו דיר דײַנס, האָב פאַר קיינעם ניט מוירע...

איינגמאָל, ווען די צויג איז שוין אַרויס פון צווישן די קוסטעס, האָט זי פלוצעם דערזען דעם באַלעבאָס. זי האָט באַלד פאַרקערעוועט, אָפּגעלאָפן א היפשן שטיק וועג און געבליבן שטיין. געריכט זיך אף א בייזן געשריי, נאָר ניט דער־הערט אים, איז זי געשטאַנען א ווײַלע און פאַמעלעך גענומען גיין צוריק. באַם אַרויסגאַנג פון צווישן די קוסטעס פאַרזיכטיק אָפּגעוואַרט. דער באַלעבאָס איז געשטאַנען אף דעם זעלבן אָרט, נאָר — און דאָס איז געווען א גרויסער כידעש — ווײַזט אויס, אָן שום שלעכטע קאַוואָנעס בענעגייע איר. פאַרקערט, אפן פּאָנעם ׳בא אים האָט אפילע ווי געשוועבט א מין שמייכל. ווער קאָן זיי פאַרשטיין? ווען מע ריכט זיך פון זיי ניט אף קיין בייז, קאָנען זיי אָפּטאָן די גרעסטע פּאָטעפּאַל־נאָסט, און ווען מע האָט מוירע, אז זיי וועלן וואַרפן א שטיין, שמייכלען זיי...

די צויג איז אַרויס פון צווישן די קוסטעס, זי איז געווען זייער הונגעריק. א טשאַטע פייגעלעך, וואָס האָט דאָ געפּראַוועט מאַלצײַט, איז דערשראָקן זיך פאַ־נאַנדערגעפלויגן אין אַלע זײַטן.

שטילנדיק דעם הונגער, האָט די צויג געהערט, ווי דער באַלעבאָס איז נאָך געשטאַנען א ווײַלע, דערנאָך זיך געלאָזט אוועקגיין. דערבײַ האָט ער עפּעס א זאָג געטאָן צו רעקסן. וואָס ער האָט געזאָגט, האָט די צויג ניט פאַרשטאַנען, נאָר דאָס קאָל איז געווען בא אים א רויִקס, א גוטמוטיקס. ווען א מענטש רעדט מיט אזא קאָל, האָט א הונט ניט וואָס מוירע צו האָבן.

דער באַלעבאָס האָט צו רעקסן געזאָגט:

— נו־נו, אז דיר איז ליב, איז מיר ניכע...

און איז אוועקגעגאַנגען.

איצט קומט די צויג אהער אַלע טאָג.

# שלעכטקייט

אפן פעראַן פון א הינטערמאָסקווער פלאַטפאָרמע האָבן אפן עלעקטראָ־צוג געוואַרט א סאַך מענטשן. די מאַנצבלען — אין לײַכטע שטרויענע הוטן, אין ליכטיקע העמדלעך מיט קורצע אַרבל, די פרויען — אין דינע קליידער פון אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן. ווו־ניט־ווו האָבן איבער די קעפּ זיך געהויבן גע־קווייטלטע שירעמס. א טייל וואַרטנדיקע איז געשטאַנען אינעם קילבלעכן שאָטן, וועלכן עס האָט פון זיך אָפּגעוואָרפן דער ניט גרויסער קאַפּעטערי. די, פאַר וועמען דאָ האָט קיין פּלאַץ ניט געקלעקט, האָבן זיך פאַרשטעלט פון דער זון מיט א צײַטונג, וועלכע מע האָט אָקאָרשט דאָ טאַקע אפן פעראַן געקויפט.

אָן ראַש איז צוגעקומען דער צוג. דורך די אווטאָמאַטיש פאַ־נאַנדערגעעפנטע טירן זײַנען ארויס די אָנגעקומענע, ארײַן די וואַרטנדיקע.

זונטיק. אין ערגעץ האָט קיינער איבעריקנס ניט געײַלט, מע איז געווען געלאַסן־רויִק, אָן א סימען פון דער פאַרהאַוועטקייט, וואָס עס איז צו מערקן אינדערוואָכן.

אין וואַגאָן — היפּש פרײַע ערטער. אף איינעם פון זיי האָב איך זיך צוגעזעצט. גענומען ארײַנקוקן אין א פרישער צײַטונג, נאָר באַלד זי אָפּגעלייגט. א צײַטונג, א בוך קאָן מען דאָך לייע־נען אין דער היים. אין וואַגאָן, אונטערוועגנס, האָב איך ליב צו לייענען פּענעמער. אָ, וויפל מע קאָן פון א מענטשלעך פּאָנעם אמאָל ארויסלייענען!

אָט, אַשטייגער, זיצט אנטקעגן מיר א יונגערמאַן. דאָס העלע, טונקל געשטרײַפטע העמדל ציט שטאַרק ארום זײַן מעכטיקן קערפּער. פון די קורצע אַרבל קוקן ארויס מוסקולדיקע, פול מיט גאָלדיקע הערעלעך, זוניק אָפּגעברוינטע הענט. אָפּגעברוינט איז אויך זײַן שטאַרקער האַלדז, וואָס האַלט אף זיך פרײַ און גאַדלעסדיק א שיינעם שווערלעכן קאָפּ מיט בלאָנדע געלאָקטע האָר. דער ריינער שטערן שפּאַרט זיך אָן אף טונקל צעשפּרייטע ברעמען, אין די אויגן — א טיף זינקענדיקע קוים צעפּירטע בלויקייט. און גאָר א באַזונדער כיין גיט צו אָט דעם פּאָנעם מיטן גלײַכצײַטיק אי געמיטלעכן, אי ענערגישן אויסזען דאָס היפּשע גריבעלע אינמיטן דעם קין. פון דער גאַנצער פיגור און אויסזען פון אָט דעם מענטשן האָט געווייעט מיט פרישער, יונ־גער גוורע. געקוקט האָט ער אריבער די קעפּ פון די אנטקעגן זיצנדיקע, פאַרטיפט אין זײַנע געדאַנקען. מעגלעך, ער פּאָרט איצט פון א באַגעגעניש מיט מענטשן, וואָס וועגן זיי איז ער איצט אזוי פאַרטראַכט. אָדער, פאַרקערט, ער קלערט וועגן מענטשן, צו וועלכע ער פּאָרט.

אף דער אנדערער סטאַנציע זײַנען ארײַן אין וואַגאָן נאָך פּאַסאַזשירן. איינער פון זיי האָט פאַרנומען דאָס פרײַע אָרט לעבן דעם יונגנמאַן. דאָס איז געווען א שוואַכער, שטשופּלער אַלטיטשקער מיט א שטאַרק גערונצלטן פּאָנעם, אין א טונקעלן ניט גאָר נײַעם אָנצוג. זײַנע ברוינלעכע אויגן, ווי צוויי איבער־געשראָקענע כײַעלעך, זײַנען ניט אײַנגעשטאַנען אף קיין אָרט,

אָט געקוקט אין איין פענצטער, אָט אינעם אנטקעגנדיקן, ווי אזא איינער, וואָס איז צום ערשטן מאָל אין אָט די ערטער און איז ניט זיכער, צי האָט ער זיך אריַינגעזעצט אין דעם צוג, וואָס מע דאַרף, און שעמט זיך אָנפרעגן. ענדלעך האָט ער זיך אנטשלאָסן און שטיל א פרעג געטאָן באַם יונגנמאן, לעבן וועלכן ער האָט זיך צוגעזעצט:

— זאָגט, ביטע, מיט דעם צוג וועל איך קיין פּליושטשעוואָ טרעפן?

דער יונגערמאן האָט זיך ניט קיין ריר געטאָן.

דער אלטיטשקער האָט איבערגעכאַזערט זיַין פראגע. דער יונגער שאָכן האָט קרומלעך זיך א זיַיטל געטאָן אף אים און מיט רוגזע, אף וועלכער ס׳איז געווען זיך ניט צו ריכטן און פאר וועלכער ס׳איז ניט געווען קיין גרונט, פון צווישן די ציין ארויסגעפּרעסט:

— טרעפן.

און טייקעף זיך אָפּגעקערט. דאָס פּאָנעם, מיט א מינוט צוריק אזא ווילמוטיק פארטראכטס, איז געווען איצט פארענדערט פון אומפארשטענדלעכער אופרעגונג, די אויגן טונקל פון קאַס.

מיט כידעש האָב איך געקוקט אף אים, — וואָס איז געשען? פארוואָס האָט דעם אלטנס פראגע ארויסגערופן אזא גרימצאָרן? מע האָט געדאַרפט זען דעם בליק, וואָס דער יונגער האָט אף יענעם געוואָרפן, מיט וואָס פאר א פאראכטונג האָט ער פון צווישן די ציין ארויסגעפּרעסט דעם ענטפער.

וואָס זאָל עס באַטיַיטן? — האָב איך געפּרוּווט באַנעמען. — זאָל דעם יונגנס רוגזע שטאַמען דערפון, וואָס דער אלטער האָט אים איבערגעשלאָגן זיַינע טיפע געדאַנקען? אָדער ס׳איז א מין אינסטינקטיווע פאראכטונג פון יונגער שיינקיַיט און גווורע צו שוואכער קרענקלעכער עלטער? און עפשער איז עס אונטער דער מאַסקע פון נאָבעלער אָנשטענדיקייַט — פּאָשעטע אינערלעכע פארגרעבטקיַיט? געַנוג א מינדסטער אויסרייד, און די מאַסקע פאַלט אראָפּ...

דער אלטיטשקער האָט, דאכט זיך, ניט באַמערקט דעם טאָן, מיט וועלכן מע האָט אים געענטפערט. פאר אים איז וויכטיק געווען צו וויסן, אז ער וועט טרעפן ווּהין ער דאַרף. א באַרוּיִקטער, האָט ער זיך אָפּגעקערט צום פענצטער.

דער פלוצעמדיקער קאַס האָט זיך נאָך א לענגערע וויַילע געהאַלטן אינעם יונגנמאַנס בליק, אין זיַינע צונויפגעפּרעסטע ליפּן, דערנאָך האָט ער ביסלעכוויַיז געַנומען אָפּגיין. און אָט איז ער איינגאַנצן אָפּגעגאַנגען — אנטקעגן מיר איז ווידער געזעסן דער זעלבער שיינער שטאַרק פארטראכטער פארשוין און געקוקט אַריבער די קעפּ פון די אנטקעגן זיצנדיקע פּאַסאַזשירן.

נאָך א פּאָר סטאַנציעס זיַינען פארביַי. דער וואַגאָן איז אַלץ מער פול געוואָרן. דריַי מיידלעך, וואָס זיַינען אריַין די לעצטע, האָבן שוין ניט געהאַט ווּ צו זעצן זיך, זיַינען זיי געבליבן שטיין אין דורכגאַנג און אופגעלעבט צווישן זיך געשמועסט. אַלע דריַי אין מיני, מיט לאַנגע האָר, וואָס פאַלן אַריבער די אַקסלען, שיינע, קוועקזילבערדיק־רירעוודיקע, יונגע.

א ניַיע סטאַנציע האָט זיך דערנענטערט. דער אלטיטשקער האָט ווידער מיט אומרו זיך א קער געטאָן צום שאָכן:

— ס׳איז ניט פּליושטשעוואָ?

— פּליושטשעוואָ!

און ווידער דער זיַיטלדיקער פאראַכטלעכער בליק.

איצט האָט דער אלטיטשקער עס באַמערקט? גאָרניט זאָגנדיק, האָט ער זיך אופגעהויבן און, אָנהאַלטנדיק זיך בא די בענק, פּאַמעלעך געַנומען דורכקליַיבן זיך צום ארויסגאַנג.

ניַיע מענטשן האָבן פארפולט דעם וואַגאָן, געזוכט אן אָרט ווּ צו זעצן זיך. און איך האָב געזוכט אן ענטפער אף א פראגע, וואָס האָט מיר איצט ניט אופגע־

הערט עגבערן דעם מויעך. ...זומער. א רו־טאָג. דער הימל — בלוי, די ערד — גריץ, דורכגעוועבט מיט זון. מענטשן זעען אויס שענער אין זייערע לײַכטע זו־מער־קליידער, מע איז גוט געשטימט, איינער דעם אנדערן וויל טאָן עפּעס גוטס. נאָר אָט זיצט קעגן מיר אַ מענטש, פול מיט סינע צו זײַן גלײַכן. אָדער ער האלט ניט, ווײַזט אויס, אַז די מענטשן ארום זײַנען זײַן גלײַכן? ער האלט זיך העכער פון זיי און האָט זיי דעריבער פײַנט? געווען אַ מינדסטער אויסרייד, אָט די פײַנט־שאפט זאָל ארויסשפּארן... א שיינער, א געזונטער, א יונגער, אָבער — א שלעכ־טער.

זײַנען פאראן שלעכטע מענטשן? פּאָשעט — שלעכטע? — אָט דאָס איז די פראגע, וואָס עגבערט מײַן מויעך. איך בין ניט נאַיוו, כ׳ווייס, אז שלעכטע מענטשן זײַנען פאראן, און ניט ווייניק. נאָר אלע מאָל, ווען איך זע אן אויסברוך פון אָט דער שלעכטקײַט, קומט אָט די פראגע פאר מיר נאָך און נאָכאמאָל אויף.

יאָ, פאראן, — ענטפער איך זיך אליין שוין צום וויפלטן מאָל. — פאראן שלעכטע מענטשן, וואָס מאכן קאליע אנדערע דאָס לעבן, וואָס פארפלעקן אזא שיינעם טאָג, ווי דער הײַנטיקער.

מעגלעך, — קלער איך ווײַטער, — אז אפילו באיאָמים האָיים, אין יענע טעג, ווען עס וועלן שוין ניט זײַן קיין מילכאָמעס, ווען די וועלט וועט מער ניט זײַן צעטיילט אף אָרעם און רײַך, וועלן שלעכטע מענטשן נאָך פונדעסטוועגן זײַן. נאָר דעמלט וועט מען פאר זייער שלעכטקײַט זיי מישפּעטן, ווי מע מישפּעט אצינד פאר גנייווע, גזיילע, דיווערסיע... דאן וועט עס זײַן דער גרעסטער פאר־ברעכן קעגן מענטשלעכקײַט...

דער יונגערמאן איז אף דער פאָלגנדער סטאנציע ארויסגעגאנגען. עס איז ארויסגעגאנגען אויך די פולבלעכע הויכע דאמע אינעם געקוטשערטן פאריק, וואָס האָט אין פּליושטשעוואָ זיך געזעצט אפן אָרט פונעם אלטיטשקן. די פרײַע באנק האָבן גלײַך פארנומען די דרײַ מיידלעך, וואָס זײַנען געשטאנען אין דורכגאנג. זיי האָבן נאָך לעבהאפטיק פאָרגעזעצט זייער שמועס, אלע יונגע, קוועקזילבער־דיק־רירעוודיקע, שיינע. נאָר איצט האָב איך באמערקט, אז די שענסטע צווישן זיי איז גראָד די, וואָס איז פריִער די גאנצע צײַט געשטאנען צו מיר מיטן רוקן, אירע אויגן אפן ליכטיקן פּענעמל האָבן געלויכטן, ווי צוויי עמעסע שטערן...

# א נעס

אף דער זוניקער זײַט גאס האָט די דורכגייער געכאַפּט פאַר די אָפּצאָסן דער ווייך־געוואָרענער אספאלט. אן אויסגעשפּרענקל־טער מיט זייערע אָפּשטעמפּלונגען, האָט ער צוגעמישט זײַן שאַרפן רייעך צום האסטיקן בענזין־אָטעם פון די פאַרבײַייאָגנ־דיקע מאשינעס, צו דער שטיקנדיקער היץ, וואָס האָט געשפּאַרט פון די הויכע געמויערטע ווענט. מיט שרעקלעך טראַסקענדיקע פנעוומאַטישע האמערס האָט מען אָפּגעשפּאַלטן שטיקער טראָ־טואַר בא א הויז, וואָס מע האָט רעמאָנטירט באַם ראָג.

איך בין שנעל אַריבערגעלאָפן די גאס. איר אנדערע זײַט האָט זיך געהילט אין שאָטן. מיט קילער טונקלעניש האָט גע־לאַדן צו זיך א ברייט צעעפנטער וועסטיביול. דאָ איז געווען א שערערײַ.

שוין עטלעכע טעג, ווי כ׳האָב געקליבן זיך אונטערשערן, נאָר ניט געהאַט דערויף קיין פרײַע מינוט. איצט האָט בא מיר אזא מינוט זיך געמאַכט.

אף רעכטס האָט געוואַרט א היפּשע ריי צום דאַמען־זאַל, לינקס — צום מענער־זאַל. די ריי איז דאָ געווען א קלע־נערע.

— ווער איז דער לעצטער? — האָב איך געפרעגט. ניט באקו־מען קיין ענטפער, זיך געווענדט צום אלטיטשקן, וואָס איז גע־זעסן נעענטער צום ארײַנגאנג אין זאַל. — איר?

— ניין, איך וואַרט אף מײַן מײַסטער, — האָט יענער געענט־פערט.

— איך, — האָט, אופהייבנדיק א בליק פון אונטער דער צײַ־טונג, זיך אָנגערופן פון רעכטס א גראָבלעכער פאַרשוין אין ברילן און צוגעגעבן: — אנטשולדיקט, כ׳האָב ניט דערהערט אײַער פראַגע.

ער האָט ווידער אראָפּגעלאָזט די אויגן אין צײַטונג, און איך האָב זיך צוגעזעצט אף א פרײַען שטול. נאָך דעם טראַסקענדיקן טומל אין דער אָנגעגליטער גאס איז אין דער קילער טונקלע־ניש פונעם געמיטלעכן וועסטיביול ביז גאָר אָנגענעם געווען דער געמאָסטענער רויש פונעם ווענטיליאַטאָר.

כ׳האָב זיך ארומגעקוקט. ניט ווילנדיק לענגער זיך פאַרהאַלטן מיטן בליק אפן אלטיטשקן, וועלכער האָט מיר אָקאָרשט געענט־פערט, אז ער וואַרט אף זײַן מײַסטער. ער האָט אויסגעזען ארי־בער די שיווים. דאָס טונקעלע פּאָנעם געקנייטשט, נאָר מיט יענעם מין שיינקײַט, וואָס אייניקע מענטשן גיט צו דאַפקע די עלטער. די גראָווע האָר איבערן הויכן שטערן קורץ געשוירן, און פונקט אזוי קורץ געשוירן — דאָס גראָווע בערשטעלע פון די וואָנסן. אונטער די אויגן — געשוואָלענע קישעלעך, און דער בליק איבער זיי — א ניט־דאַיִקער, א צופיל פאַרטיפטער, א פאַר־לער מיט שווערן אנגסטן. „ניט גוט, אײַ, ניט גוט!" — האָט גע־האַט צו זאָגן דער דאָזיקער בליק. א גענוגנדיקער גרונט פאַר אזא יִיעש האָט געקאָנט זײַן דעם מענטשנס עלטער אליין. גע־

ווײנלעך איז זי צו קײן פרײלעכע געדאנקען ניט גוירעם. נאָר געווען איז נאָך עפּעס: דער היפּשער שײנער קאָפּ זײַנער איז געווען ווי ארופגעזעצט גלײַך, אָן א סימען פון האלדז, אף א יִנגלש קלײנינקן, דארן קערפּער. די פינגער אף דער האנט, מיט וועלכער ער האָט אונטערגעשפּארט זײַן קין, זײַנען געווען קראמפּיק פּארדרײט, דער רעכטער, קירצערער פוס — אין א ספּעציִעלן שוך מיט א צוגעג־שטוקעוועטער פּאָדעשווע. אָנגעטאָן איז דער מענטש געווען ציכטיק. אָט די ציכטיקײַט האָט געזאָלט, ווײַזט אויס, כאָטש עטוואָס לינדערן פאר א זײַטיק אויג דעם אײַנדרוק, וואָס עס האָט געמאכט זײַן אויסזען.

קרומלעך, מיט א זײַט, איז דער אלטיטשקער געזעסן אף זײַן שטול און געדולדיק געוואַרט.

די רײ האָט זיך פּאָרויסגערוקט. אָט איז שוין אוועק דער גראָבלעכער פאר־שוין מיט דער צײַטונג, וועלכער איז געזעסן פאר מיר, אָט רופט מען אויך מיך אין זאל. גלײַכצײַטיק האָט נאָכן אָרדנטלעכן קליִענט זיך באפרײַט אויך די מײַ־סטערן, אף וועלכער דער אלטיטשקער האָט געוואַרט. א גענוג הויכע, האָט זי אויסגעזען זײער שטאלטנע אין איר ווײַסן כאלאט. ניט גאָר קײן יונגע, האָט זי נאָך פאַרהיט היפּש כײן אין אירע ברײט צעפּראלטע קארע אויגן, וואָס האָבן מאמעש געשטראלט מיט גוטסקײַט אף יעדן אײנעם, צו וועמען זײ האָבן זיך גע־װענדט.

אויך דעם אלטיטשקן האָבן אָט די אויגן באשטראלט מיט זײער גוטסקײַט, בײס ער האָט זיך ארײַנגעזעצט — ווי אײַנגעזונקען — אינעם שטול. זײַן שטול איז געשטאנען בא דער אנטקעגנדיקער וואנט, הינטער מיר. און איך האָב די גאנצע צײַט אים געזען סײַ פון רוקן, סײַ פון פּאָרנט אין זײַן שפּיגל, אָן אָפּגעשפּיגלטן אין מײַנעם. די פרוי מיט די גוטע אויגן האָט ארופגעוואָרפן אפן אלטיטשקן און אקוראט ארומגעשטעקט ארום האלדז א בלאנקענדיקן לײַלעך, און איך האָב גע־זען, ווי אונטער אירע הענט האָט דער מענטש מיטאמאָל זיך געענדערט. אונ־טערן לײַלעך איז באלד פארשוונדן זײַן פארקריפּלטער גוף, און עס איז פאר־בליבן איבערן ווײַסן צײַג בלויז דער היפּשער און שײנער גראָוער קאָפּ. ס'האָט אויסגעזען, ווי די מײַסטערן זאָל, ווי דורך א מין קישעף, האָבן אראָפּגענומען מיטאמאָל אלדאָס פארקריפּלטע, מיִעסע, און געלאָזט בלויז דאָס נאָבעלע, שײנע... א צופרידענע, עפּעס רײדנדיק מיט א ליבלעכן שמײכל, האָט זי גענומען זיך אײסעקן צוערשט מיט דער עלעקטרישער מאשינקע, דערנאָך מיטן שערל ארום דעם קליִענט.

מײַן מײַסטערן, ניט קײן הויכע, א גאנץ פולע, עלטערע פרוי מיט שטארק אונטערגעפּירטע ברעמען, האָט דערווײַל געמאכט אירע מאניפּוליאציעס ארום מײַן קאָפּ, און איך האָב בעשאסמײַסע די גאנצע צײַט דורכן שפּיגל ניט אראָפּ־געלאָזט דאָס אויג פונעם שפּיגל הינטער מיר. מע האָט געדארפט זען, מיט וואָס פאר א האנאָע יענע מײַסטערן האָט דאָרט געטאָן איר ארבעט, און ווי וואָס ווײַ־טער, איז אלץ מער אָפּגעגאנגען — מע האָט געזען באשײַמפערלעך — דער יִעש־דיקער אנגסטן אינעם אלטיטשקנס בליק. עס האָט זיך געקאָנט דוכטן, אז דאָרטן, אונטערן לײַלעך, מיט וועלכן ער איז צוגעדעקט, קומען פאָר וווּנדער, — עס הײבן זיך אָן באוועגן די פינגער, עס גלײַכט זיך אויס דער קורצער פוס, עס ווערט קרעפּטיקער דער גאנצער גוף זײַנער און, צוזאמען דערמיט, לעבט אוף, לײַטערט זיך אלץ מער אויס זײַן בליק... אָט האָט די פרוי לײַכט אָנגענײגט צום גלאנציקן טאז דעם אלטיטשקנס קאָפּ און פלײַסיק גענומען אים אָנזײפן. מיסטאמע לעבט ער אײנזאם, — האָב איך א טראכט געטאָן, — ניטאָ ווער עס זאָל עס אים טאָן אין דער הײם. די מײַסטערן האָט לײַכט אונטערגעהויבן דעם אלטיטשקנס קאָפּ און מיט אײדעלע באוועגונגען גענומען אים אקוראט און ענערגיש מאסירן, און דאָ — איך האָב עס געזען דורך מײַן שפּיגל — איז געשען א וווּנדער. דאָס

אלטע פאַרייִעשטע פּאָנעם מיטן שווערן אנגסטיקן בליק האָט ביסלעכווייַז גענומען פאַרשווינדן... איבער דעם ציכטיקן לייַלעך האָט געקוקט איצט אַן אנדער פּאָנעם, א סאַך א ייִנגערס... מיט יעדער באַוועגונג פון דער פרויס פלינקע הענט האָט דאָס פּאָנעם גענומען ווערן נאָך ייִנגער, ביז... ניין, רופט עס אָן קישעף, רופט עס אָן, ווי איר ווילט, נאָר איך האָב געקוקט אין די אויגן פונעם מענטשן אין שפּיגל און מיטאמאָל דערזען אין זיי... איר וועט ניט טרעפן, וואָס איך האָב אין זיי דערזען... א קינד... יאָ, יאָ, א קינד.

א ייִנגעלע... אים איז עפּשער דרייַ, און עפּשער פיר יאָר... די מאמע, זייַן לייַבלעכע מאמע — צוואָגט אים... א ברויזעלע זייף איז אַרייַן אין אויג, האָט ער זיך צעכניקעט. די מאמע האָט אים אפּגיך דאָס אויג דורכגעוואַשן, און אָט פאָ־רעט זי זיך שוין מיט אירע צאַרטע גוטע פינגער צווישן די ווייכע הערלעך, רייַבט דאָס קעפּל, קיצלט עס, און אים איז גוט... אַך, ווי גוט אים איז אונטער אירע ספּריטנע ליבע פינגער... מע זעט עס איצט אין זייַן בליק. א קינדערשער בליק, אָן א סימען פון זאָרג, פון דייַגעס...

מייַן מייַסטערן האָט מיט איר עלעקטרישער מאַשינקע זיך געייסעקט דערווייַל אַרום מייַן קאַרק. איר זאָל באַקוועמער זייַן, האָט זי מיר לייַכט אָנגעבויגן דעם קאָפּ, נאָר איך האָב, שטערנדיק איר אין דער אַרבעט, אים באַלד א הייב געטאָן אַרויף — כ׳האָב ניט געקאָנט זיך אָפּרייַסן פונעם קינדערש גליקלעכן בליק אינעם אנדערן שפּיגל...

מיט שטוינונג האָט מיך אָנגעקוקט די מייַסטערן: דאַכט זיך, א מענטש א באַרדאַס, און נאַ דיר!

איך האָב אָנגעבויגן דעם קאָפּ, גאָרניט געזאָגט. אינדערעמעסן האָב איך געוואָלט שרייַען. צו מייַן מייַסטערן, צו אַלע מייַסטערנס, וואָס האָבן דאָ אין זייערע ווייַסע כאַלאַטן געאַרבעט, צו די קליִענטן אין די שטולן און צו יענע, וואָס האָבן געוואַרט אין קילן וועסטיביול. שטייט א ווייַלע! — האָב איך געוואָלט צו זיי א געשריי טאָן. — רייַסט איבער די אַרבעט! טוט א קוק אין יענעם ווינקל, ווו עס קישעפט אָט די גוטע פרוי איבערן גראָוון אויסגעצוואָגענעם קאָפּ. זעט — ערשט־אָ איז דאָ פאָרגעקומען א וווּנדער, איר הערט, איינער פון די גרעסטע וווּנדער אין דער וועלט! אַן אַלטער, א קראַנקער, אַן אומגליקלעכער מענטש האָט דעראָבערט דאָס שענסטע, וואָס קאָן אין לעבן געמאָלט זייַן, — די קינדהייַט... באַם סאָף פונעם לעבן — זייַן אָנהייב...

ניין, איך האָב ניט געשריִען. כ׳האָב גאָרניט געזאָגט. קיינער, כוץ מיר, האָט אין יענעם ווינקל ניט א קוק געטאָן. אָבער — אין דעם בין איך זיכער געווען — דערפון איז אויף קיין האָר ניט געמינערט געוואָרן דער נעס, וואָס איז דאָרט אָקאָרשט געשען.

# א טאָעס פון דער בריוווטרעגערן

די בריוווטרעגערן קומט איצט ניט, ווי אמאָל, צו אײַך אין שטוב. זי לייגט פאַנאַנדער די פּאָטשט אין די נומערירטע קעסטלעך אפן ערשטן שטאָק, און איר גייט אראָפּ אליין און נעמט זי פון קעסטל ארויס. סײַדן ווען עס קומט אָן א באַנדעראָל, וואָס מע דאַרף זיך פאַר איר צעשרײַבן, קלינגט אָן די בריוווטרעגערן צו אײַך אין טיר.

אזוי איז געשען אויך דאָס מאָל. איך בין ארויס אפן קלונג. די בריוווטרעגערן, א יונגע, א כיינעוודיקע, — מיט א ליבלעכן שמייכל:

— צעשרײַבט זיך אָט דאָ.

כ'האָב זיך צעשריבן.

— און אָט זײַנען אײַערע צײַטונגען. סײַווי בין איך ארוף צו אײַך, האָב איך זיי פארכאַפּט.

— א דאַנק.

כ'האָב זיך א נעם געטאָן צום פּעקל און גלײַך געוואָלט נאָכ־שרײַען דער אוועקגעגאַנגענער בריוווטרעגערן, שוין אפילו גע־עפנט די טיר, נאָר באַלד זי פאַרמאַכט.

וואָס איז געשען? גאָר קיין באַזונדערס ניט. זי האָט, אפּאָ־נעם, א טאָעס געהאַט, די בריוווטרעגערן. אינעם היפּשן פּעקל צײַטונגען, וואָס איך שרײַב אויס, איז דאָס מאָל געלעגן א „פּיאָנערסקאיא פּראַוודאַ״, וועלכע איך האָב ניט אויסגע־שריבן.

אלץ הייסט — ניט אויסגעשריבן. כ'האָב שוין אָט די צײַ־טונג א היפּש ביסל יאָרן פאַר די אויגן ניט געזען. ווען האָב איך געקאָנט זי זען צום לעצטן מאָל? ווען די קינדער, זאָלן לעבן, וואָס זײַנען אליין שוין איצט טאַטעס און מאַמעס, האָבן זיך נאָך געלערנט אין שול. אָהאָ, ווען דאָס איז געווען! זינט דאַן האָב איך אָט די צײַטונג מער ניט געזען, און, דעם עמעס זאָגן, פאַרגעסן וועגן איר צו טראַכטן. זעט איר, די „קאָמסאָמאָלקע״ שרײַב איך יאָ אויס. וועט איר דאָך זאָגן, אז פונעם קאָמיוגישן עלטער בין איך שוין מיסטאָמע אויך ארויס? יאָ, און, צום באַ־דויערן, גאַנץ לאַנג. דאָך שרײַב איך אויס די דאָזיקע צײַטונג, ווײַל די, וועמען זי איז אדרעסירט, אינטערעסירן שוין זאַכן, וואָס זײַנען אינטערעסאַנט פאַר יעדן עלטער. און עפּשער טו איך עס צוליב נאָך א סיבע. יאָ, יאָ, איך שעם זיך ניט אויס־צוזאָגן: מע איז שוין טאַקע באַיאָרט, און אפילו היפּש באַיאָרט — שײַעך צו ריידן — פּענסיאָנערן, — נאָר איר'ט גלייבן? דאָס האַרץ איז נאָך, ווי אמאָל, א יונג האַרץ...

אָבער די „פּיאָנערקע״... צווישן די אַנדערע צײַטונגען, אזעל־כע ערנסטע, שטרענגע, שײַנט זי אָט ארויס, ווי א פריילעכער קונדעס אין א קאָלירטן היטעלע, אין קאָלירטע שיכעלעך, מיט אירע פאַרביק אויסגעמאָלטע קעפּלעך.

ווי נאָר כ'האָב דערזען אָט די קליינינקע צײַטונג, האָב איך געוואָלט נאָכשרײַען דער בריוווטרעגערן, נאָר, ווי געזאָגט, זיך אָפּגעהאַלטן, איך ווייס אליין ניט פאַרוואָס.

מע איז שוין טאקע ניט יונג און אף פענסיע, נאָר פונעם לעבן, כאָלילע, ניט אָפּגעזונדערט. מע וויל וויסן פון אלץ, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט, אין געגנט, אין קאנט, אין לאנד און אף דער וועלט — ווי אנדערש?

איך האָב מיר שוין מײַן געוווינהײַט, ווי צו באגיין זיך מיטן פעקל צײַטונגען. צוערשט נעם איך זיך צו אונדזער אָרטיקער, קוק דורך גענוי אלע פיר זײַטן. מאכט זיך, א פעליעטאָן, א קריטיש ארטיקל, לייען איך עס איבער גלײַך אפּן אָרט. אנדערע מאטעריאלן, וואָס אינטערעסירן מיך, מערק איך זיך אָפּ איבערלייענען שפּעטער. דאָס זעלבע טו איך מיט דער קאנטישער צײַטונג, מיט דער צענטראלער, און צולעצט, אף פארבײַסן, לייג איך אָפּ די „קאָמסאָמאָלקע". דאָ קענט איר אָנטרעפן אף אזעלכע זאכן, וואָס אין קיין אנדער צײַטונג וועט איר ניט געפינען. אָט, אשטייגער, „העלער זעגל",— וועגן וואָס נאָר וועט איר דאָ ניט אָפּזוכן קיין ציקאווע נײַס — וועגן קונסט, ליטעראטור, וויסנשאפט, פאנטאסטיק — אלץ! ווי קום איך, ווילט איר פרעגן, צו אָט די אלע זאכן? ערשטנס, אינטערעסירן זיי מיך טאקע, ווײַל וויפל מע ווייסט, איז ווייניק, און עס ווילט זיך וויסן מער. צווייטנס, איז מיר ציקאווע זען, מיט וואָס לעבט אונדזער הײַנטיקע יוגנט. א טײַערע יוגנט איצט, הערט איר,— א קלוגע, א שיינע, א געבילדעטע. ווי קומען מיר צו זיי! כ'מיין, מיר, ווען מיר זײַנען געווען אין זייער עלטער. ס'איז גאָר ניט צו פארגלײַכן. עמעס, דעמלט איז אן אנדער צײַט געווען, מיר האָבן געבויט, דערנאָך באשיצט דעם פונדאמענט, אף וועלכן זיי, די הײַנטיקע, שטייען אזוי פעסט מיט ביידע פיס. אונדז איז עס אָנגעקומען שווערער. זיי זײַנען אָבער אויך ניט קיין לײַדיקגייער. מע טוט! וואָס איז ווערט דער באם אליין!

יאָ, האָב איך מיר, זאָג איך, מײַן געוווינהײַט, ווי פאנאנדערצוקלײַבן זיך מיטן פעקל צײַטונגען. נאָר דאָס מאָל האָב איך זיי אלע אָפּגעלייגט אין א זײַט און א נעם געטאָן זיך צום כיינעוודיקן קונדעס — צו דער „פּיאָנערקע". באטראכט פון אלע זײַטן די קאָלירטע קעפּלעך און ווי נאָר א געמעל, און פאמעלעך גענומען לייענען. איבערגעלייענט אלע נאָטיצן און נאָטיצעלעך, פונעם גרעסטן ביזן קלענסטן, און — איר וועט גלייבן? — ס'האָט מיך אריבערגעטראָגן אין אן אנדער וועלט... וויי־וויי, ווי גיך מיר פארגעסן, וואָס מיט אונדז אליין האָט פאסירט. אזא טײַערע צײַט — וואָס קאָן זײַן בעסער און שענער פון איר — די קינדהײַט... נאָר די יאָרן גייען, און זי טוט זיך אָפּ פון אונדז, ווי קיינמאָל ניט געווען... זאָרגן, דײַגעס... צו אונדזערע אייגענע קינדער, צו די אייניקלעך באציִען מיר זיך אָפּטמאָל אזוי, ווי מיר אליין וואָלטן גאָר קיינמאָל קיין קינדער ניט געווען... זי לעבט אָבער, די קינדהײַט, אין יעדערן פון אונדז לעבט זי, נאָר עפּעס ווי אָפּגעשלאָסן ביז א צײַט. ס'איז נייטיק אן אויסערגעוויינלעכע געשעעניש, און אמאָל א גאָרנישט, א קלייניקײַט, און די קינדהײַט, ווי יענער מײַסעדיקער בארג, טוט זיך פאר אונדז אין איר גאנצער פראכט א צעעפן...

אזוי איז איצט געשען מיט מיר. כ'האָב אוועקגעלייגט די צײַטונג און האָב מיטאמאָל דערזען זיך אין... וואלד. ניט נאָר דערזען, מיט אלע כושים דערפילט... אין דער נאָז האָט מיר שטארק פארשמעקט מיט סמאָלע, מיט טרוקענעם מאָך און מיט קילבלעכער ערד... אין גרינע פאנצערס, ווי גיבוירים, שטייען די ביימער. אנטקעגן דער זון שײַנען זייערע שטאמען, ווי בראָנזענע, און פון דער שאָטנדיקער זײַט זײַנען זיי ווי מיט טונקעלן סאמעט באדעקט... פון אויבן, פון אונטן, פון אלע זײַטן איז אלץ פול מיט סוידעספולער באוועגונג, מיט קאָלערליי קוילעס. זיי רופן זיך איבער, ווי פון גרעזל צו גרעזל, פון צווײַג צו צווײַג זאָלן זיי איבערגעבן א מין שיפרירטן קאָד: פרעמדע... פרעמדע געקומען... זיי זײַנען שוין בא די סאָסנעס... באם אלטן דעמב... צווישן די בערעזעס...

און מיר... מיר זײַנען אויסשפּירער... אַף יענער זײַט וואַלד — דער סוינע... וויפל זײַנען זיי דאָרט? וואָס קלײַבן זיי זיך טאָן? אָט וועלן מיר עס אויסשפּירן, געבן צו וויסן אונדזערע, און עס וועט זיך אָנהייבן דער אָנגריף...

אינדערעמעסן איז עס געווען אַן עקסקורסיע, אַ געוויינלעכע עקסקורסיע אין וואַלד. אונדז, אַ פערטן קלאַס, האָט געפירט אהין די לערערן פון ביאָ־לאָגיע...

פּלוצעם האָט אַ פּלייץ געטאָן אַ רעגן. מיט דונערן, מיט בליצן... אונדזער לע־רערן, — זי איינע האָט געהאַט אַ רעגנמאַנטל, — האָט אים צעשפּרייט, און אַרום איר האָבן מיר אַלע זיך באַהאַלטן...

דער רעגן האָט אופגעהערט. מיט אַ פריילעכן ליאַרעם האָבן מיר אַ לאָז געטאָן זיך איבערן וואַלד, און ער האָט געבלענדט, — אַף יעדן בלעטל, אַף יעדן גרעזל — אַ ליכטיקער טראָפּן... גיין און גיין האָט זיך געוואָלט, און צום וואַלד זאָל קיינ־מאָל קיין סאָף ניט נעמען...

מײַן גאַנץ לעבן בין איך פאַרליבט אין וואַלד, אין פעלד, האָב ליב אַרײַנ־פאַלן זומער אונטער אַ פּלוצעמדיקן רעגן... אָט די ליבע האָב איך זיך געפּלײַסט אײַנפּלאַנצן אין מײַנע קינדער, אין די אייניקלעך. און גענומען האָט זיך עס אַלץ, מעגלעך, פון יענער ווײַטער עקסקורסיע...

און אָט: אַזאַ אויצער ליגט פאַרבאָרגן אין האַרצן, און איך האָב פאַרגעסן וועגן אים... גענוג אָבער געווען אַ קוק טאָן אַף דער פריילעך־קאָלירטער קינ־דער־צײַטונג, אַ לייען טאָן זי, און אַלץ האָט מיטאַמאָל אופגעטויכט אין מיר אַזוי צאַפּלדיק פריש, ווי ערשט נעכטן זאָל עס האָבן געשען... און נאָך אַ סאַך לאַנג פאַרגעסנס האָט אופגעלעבט אין זיקאָרן און האָט מיך שוין ניט אַרויסגעלאָזט פון זײַן ליכטיקן קלעם...

— עפּעס ביסטו הײַנט אַזוי אופגעלייגט! — האָט די פרוי צו מיר אַ זאָג גע־טאָן: — שוין לאַנג דיך אַזאַ ניט געזען... מע קאָן מיינען, אַ גליק האָט דיך געטראָפֿן?

— יאָ, — האָב איך געענטפערט, — אַ גליק.

— וואָס זשע, אויב ס'איז ניט קיין סאָד?

— ניין, ס'איז ניט קיין סאָד, — און איך האָב איר אָנגעוויזן אַף דער קליי־נינקער צײַטונג.

— זיך דערמאָנט, — האָט די פרוי געזאָגט, — ווען די באָבע איז אַ קאַלע געווען...

— ניין, — האָב איך דערווידערט, — ווי דו זעסט, האַנדלט זיך גראָד וועגן אַ צײַט, ווען די באָבע האָט נאָך אַפילע ניט געקלערט קיין קאַלע צו ווערן...

די פרוי האָט אויך גענומען די צײַטונג אין האַנט. דערנאָך האָט זי אָנגעטאָן די ברילן.

אין אַ היפּשער ווײַלע אַרום האָב איך אַ קוק געטאָן אַף איר און געזאָגט:

— זע נאָר, דו לאָזסט, דאַכט זיך, אַ טרער?

— וואָס זשע, — האָט זי געענטפערט, — כ'בין קיין פּיאָנערקע ניט געווען?

אינגיכן איז געקומען צו לויפן אונדזער אייניקל. אַזוי קומט זי אַלע מאָל — אַפּגיך, קיינמאָל האָט זי קיין צײַט ניט. שטענדיק וואַרטן אַף איר כאַווערטעס און וויכטיקע איניאָנים. זי לערנט זיך אין פינפטן קלאַס און איז אַ גרויסע אַקטי־וויסטקע אין שול.

דערזען אַפן זשורנאַל־טישל די פּיאָנערישע צײַטונג, האָט זי מיטאַמאָל זיך צעלאַכט.

— ווער פון אײַך, — האָט זי געפרעגט, — האָט עס באַשלאָסן אַף דער עלטער ווערן אַ פּיאָנער?

— וואָס זשע לאכסטו, — האָב איך געזאָגט, — מיינסט, מיר מיט דער באָבען זיינען קיין פּיאָנערן ניט געווען?

— איר — פּיאָנערן? — האָט דאָס אייניקל אויסגעשאָסן נאָך א גרעסערן געלעכטער.

פּונקט ווי זי קען זיך ניט פאָרשטעלן, אז זי, דאָס אייניקל אונדזערס, וועט זיין אמאָל א באָבע, אזוי איז איר שווער צו גלייבן, אז מיר זיינען אמאָל געווען פּיאָנערן...

אָבער דער גאנצער טאָג יענער און דער אָוונט זיינען, ווי שוין לאנג ניט ביז דעם, געווען פול מיט א באזונדער מין געהויבענעם געמיט, מיט פריידיקע דערמאָנונגען, מיט האָפערדיקע רייד. און שולדיק אין אלץ — דער טאָעס פון דער בריוונטרעגערן.

א דאנק איר פאר דעם דאָזיקן טאָעס.

# אין א נעפּלדיקן טאָג

דער טאָג איז געווען א קויטיקלעך כמורנער, א נעפּלדיקער. דער הימל — גרוי און נידעריק אָנגעצויגן איבער דער ערד. אַן אויסזען האָט ער געהאַט, דער הימל, ווי ער זאָל די גאַנצע צײַט מיט זיך אַליין זיך האַלטן אין איין ייִשעוון — מיט וואָס זאָל ער מעזאַקע זײַן די ערד: אַראָפּשיטן אַף איר א לעצטן שניי, אָדער פּרוּוון זי א שווענק טאָן מיטן ערשטן רעגן? פאַר א שניי איז שוין געווען שפּעטלעך, פאַר א רעגן נאָך, אַפּאָנעם, פרי, איז ער געהאַנגען, דער הימל, א פאַרנעפּלט אומזיכערער, און ס'האָט געווייט פון אים מיט פריקרער קילקײַט.

אין איין אָרט, וווּ די נעפּלדיקע דעק איז געווען עטוואָס שיי־טערער, האָט שעמעוודיק אַראָפּגעקוקט א בלאַסלעך צעשוווּמע־נער פלעק — די זון. זי האָט, דאַכט זיך, פון אונטער דער גרויער דעק געוואָלט א געשריי טאָן: „וואַרט, אָט וועל איך זיך דורכ־רײַסן און באַווײַזן וואָס איך קען!" נאָר אַף דורכרײַסן זיך האָט איר קיין קויעך ניט געקלעקט, און אָן איר איז דער טאָג פאַר־בליבן אײַנגעטונקען אין גרויען אומעט.

סאַמויִל יאַקאָוולעוויטש האָט ניט ליב געהאַט אַזעלכע טעג. אין אַזעלכע טעג האָט שטאַרקער ווי ווען־ניט־איז געלאָזט זיך שפּירן דער טעמפּער ווייטעק אין האַרצן און אַלע גלידער זײַנען געווען ווי אָנגעגאָסן מיט בלײַ. פונדעסטוועגן האָט ער אויך אין דעם טאָג ניט געבראָכן זײַן רעגילעס זיך דורכצוגיין אין גאַס.

צו זיבעציק האָט אים אויסגעפעלט נאָך עטלעכע יאָר, און פאַר קיין זאָקן האָט ער זיך ניט געהאַלטן. דאָך, באַזונדערס די לעצטע פאָר יאָר, האָט ער מיטאַמאָל דערפילט די עלטער — אָנגעהויבן גיך מיד ווערן, ס'האָט געבראָכן דער רוקן. זיך לאָזן אין א ווײַטערן וועג, ווי ער פלעגט עס טאָן פריִער, האָט ער ניט ריזיקירט. האָט סאַמויִל יאַקאָוולעוויטש אויך דאָס מאָל גע־מאַכט זײַן געוויינלעכן שפּאַציר איבער די נאָענטע עטלעכע גאַסן.

אונטערוועגנס האָט ער אַרײַנגעקוקט אין איין קראָם, אין א צווייטער, גלאַט אַזוי, זען, מיט וואָס האַנדלט מען גוטס. א שטיק וועג האָט ער אויפגעלייגט און אַרײַן אין א ביכער־קראָם. דאָ האָט ער ליב געהאַט זיך א גריבל טאָן אין בוקיניסטישן אָפּטייל און איז געווען צופרידן, אויב ער האָט אָנגעטראָפן אַף עפּעס רעכטס. דאָס מאָל האָט ער אויך דורכגעקוקט א היפּש בינטל אַלטע ביכער, זשורנאַלן. ניט געפונען פאַר זיך גאָרנישט, איז ער אַרויס, איבערגעוואַרט, ביז עס האָבן דורכגעיאָגט עט־לעכע אויטאָמאָבילן, אויטאָבוסן, און איז אַריבער אַף דער אַנ־דערער זײַט גאַס. ער איז אַרײַן אין א גרויסן אוניווערמאַג. דאָס אויג האָט אים פאַרכאַפּט א רעגנבויגנדיקע פילקאָליריקײַט פון מענערשע, פרויִשע, קינדערשע מאַנטלען, אָנצוגן, שוכוואַרג. אין די יאָרן, ווען ער איז ייִנגער געווען, האָט א קלער געטאָן סאַמויִל יאַקאָוולעוויטש, איז ניט צו זען געווען ניט אַזעלכע אוניווערמאַגן, ניט אַזאַ קאָלירן־פאַרפלייצונג אין זיי. דאָס לעבן

איז געווען דאָן אָרעמער, גרויער, נאָר — מאָדנע — אָט די גרויקייט האָט מען ניט באמערקט, ניט געהאט קיין צייט צו באמערקן זי. דאָס לעבן האָט געשטראָמט אזוי האסטיק, אזוי ברויזיק איז געווען די שטרעבונג צו טאָן, בויען, שאפן, גווי־ווער זײַן, גרייכן, אז בעמיילע האָט דאָס לעבן ניט געקאָנט אויסזען ניט אָרעם, ניט גרוי.

די גאס, מיט וועלכער סאמויל יאקאָוולעוויטש האָט זיך געלאָזט גיין, ווען ער איז ארויס פון אוניווערמאג, האָט אויסגעזען ווי א מין איליוסטראציע אף דער טעמע נעכטן און הײַנט. פון איין זײַט האָט גרוי און וואָכעדיק זיך געצויגן א לאנגע שורע איינשטאָקיקע הילצערנע שטיבער. פון דער אנדערער האָבן מיט העלער יאָמטעוודיקייט אין די גרויסע פענצטער, אין די קאָלירטע באלקאָנען זיך געהויבן מאסיווע מויערן. ס'האָט זיך געקאָנט דאכטן, — אלנפאלס, אים האָט זיך אזוי גערדאכט, — אז די הילצערנע שטיבער האלטן אין איין איבערשמועסן זיך מיט די מויערן אנטקעגן, און אָן א מינדסטן סימען פון האכנאָע, פארקערט, זיי האָבן ווי מוסער געזאָגט אָט די הויכע מויערן: „נישקאָשע, איר האָט ניט וואָס צו פארײַסן די נאָז! ווען ניט מיר, וואָלט איר אויך ניט געווען”... אזוי האָט דאָ איין זײַט גאס געטײַנעט צו דער אנדערער, ריכטיקער, אזוי האָט סאמויל יאקאָוו־לעוויטש געטײַנעט פאר זיי ביידן. אים האָבן געפרייט די מויערן, און אים איז א שאָד געווען די אלטע געבײַען. אין איינעם פון זיי האָט ער אליין אָפגעלעבט א סאך יאָרן. אציינד ווינט ער אויך אין א מויער אין א נײַעם מיקראָראיאָן מיט א פאָר גאסן ווײַטער פונדאנעט. אהין טאקע האָט ער מיט זײַן מעיושעוודיק ניט געײַלטן טראָט געלאָזט זיך גיין.

באם ערשטן ראָג האָט אים דערוואַרט אן אומגעריכטע באגעגעניש. אנטקעגן איז אָנגעקומען א באקאנטע פרוי. זי איז שוין ווײַט ניט יונג געווען, נאָר אין אויסזען, אין איר גאנצער האלטונג האָט זיך נאָך פארהיט אמאָליקער כיין. צי עפשער האָט עס בלויז אים, סאמויל יאקאָוולעוויטשן, אזוי זיך אויסגעדאכט?

— לאנג שוין אײַך ניט געזען, סאמויל יאקאָוולעוויטש, — האָט, אָפשטעלנדיק זיך, געזאָגט די פרוי.

— איך אײַך — דאָס זעלבע, — האָט ער געענטפערט.

— וואָס איז דער כידעש, — האָט באמערקט די פרוי, — מע איז דאָך שוין אף פענסיע, זיצט מען מער אין שטוב.

— איר זײַט שוין דען אויך אף פענסיע? — האָט ער זיך פארכידעשט.

— וואָס זשע, אף מיר איז עס נאָך ניט צו זען? — די פרוי האָט מיט אמאָליקן גלאנץ אין די אויגן א לאך געטאָן.

— ניט ענלעך, — האָט ער מיט א שמייכל געענטפערט און צוגעגעבן: — דאכט זיך, עטעלע, ערשט נעכטן...

עטעלע — אזוי האָט מען די דאָזיקע פרוי גערופן מיידלווײַז. מיט עכט מיידלשער צניעס, ווי זי זאָל זײַן טאקע נאָך יענע עטעלע, האָט זי אראָפּגעלאָזט די אויגן.

— אוי, ניט נעכטן, סאמויל יאקאָוולעוויטש... — און צוגעגעבן מיט א זיפץ: — ניט נעכטן, טײַערער...

ווען זיי האָבן זיך שוין געזעגנט און פאנאנדערגעגאנגען, האָט סאמויל יאקאָוו־לעוויטש, פאַרזעצנדיק ניט געײַלט דעם וועג, ניט אופגעהערט צו טראכטן וועגן אָט דער עטעלע, וועגן דעם, אז מיט א סאך יאָרן צוריק — ער איז נאָך דעמלט געווען יונג, און זי — נאָך ייִנגער, — האָט צווישן אים און עטעלען זיך פארבונדן עטוואָס אזוינס, אז עס האָט שיר ניט געהאלטן בא א כאסענע. נאָר ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע. ער איז אוועק אפן פראָנט, זי האָט ערגעץ ווײַט זיך עוואקויִרט. אומגעריכט האָבן זיי געטראָפן זיך אין אָט דער שטאָט אין פיל יאָרן ארום, ווען ביידע האָבן געהאט שוין מישפּאָכעס מיט דערוואקסענע קינדער.

זעלטן־וֹוען טרעפט מען זיך צופעליק, ווי אָט איצט, אין גאס, מע טוט א קוק איינער דעם אנדערן אין די אויגן און זיי בליצן אף א ווײַלע אוף מיט א דערמאָנונג וועגן דעם, וואָס איז, דאכט זיך, געווען ערשט נעכטן... „אוי, ניט נעכטן״, — האָט א זיפץ געטאָן די פרוי, און זי איז גערעכט, ניט נעכטן...

א פּאָר קווארטאלן פאר זײַן הויז האָט סאמויל יאקאָוולעוויטש דערפילט א ברעכעניש אין רוקן, — אלע מאָל אזוי, ווען ער שפּאצירט לענגער ווי געוויינלעך, — און ער האָט זיך געמוזט צוזעצן. צום גליק, איז ניט ווײַט געווען אן אָפּשטעל פון אווטאָבוס און איינע קעגן דער אנדערער זײַנען געשטאנען צוויי בענק.

דער דאָזיקער טייל שטאָט איז געווען ווײַטלעך פון צענטער, קורסירט האָט דאָ בלויז איין־איינציקער אווטאָבוס, וועלכער האָט זיך באוויזן ניט אָפט, מענטשן זײַנען געווען וויניק, און ביידע בענק זײַנען געשטאנען פרײַ. אף איינער פון זיי האָט סאמויל יאקאָוולעוויטש מיט פארגעניגן זיך צוגעזעצט.

עס זאָל באקוועמער זײַן ארײַן־און־ארויסצוגיין פונעם אווטאָבוס, איז אפן אָפּשטעל א ניט ברייטער לענגלעכער שטיק אספאלט געווען עטוואָס אונטערגעהויבן און שיין ארומגעלייגט מיט ציגל. אף אָט דעם אונטערגעהויבענעם שטיק אספאלט זײַנען געשטאנען די בענק.

עטוואָס אָפּגעעטעמט, דערפילט, אז די ברעכעניש אין רוקן הייבט אָן ביסלעכווײַז אָפּגיין, האָט סאמויל יאקאָוולעוויטש זיך ארומגעקוקט. אפן אונטערגעהויבענעם אספאלט, א שפּאַן צען פון אים, האָט ער באמערקט, שפּילן קינדער אין קלאסן. דײַטלעך, מיט קרײַד זײַנען געווען אָנגעצייכנט די קלאסן, און צוויי מיידעלעך האָבן, לויט דער ריי טאנצנדיק אף איין פוס, אריבערגעוואָרפן א פּלאַסטיק שטיינדל פון איין קלאס אינעם אנדערן. פארנומען מיט זײַנע געדאנקען, האָט ער צוערשט קיין אכט אף אָט דער שפּיל ניט געלייגט. ער וואָלט אויך ווײַטער ניט געלייגט קיין אכט, ווען ניט א קליין ייִנגעלע דערבײַ. דאָס ייִנגעלע, נאָך גאָר א קלייניקס, א יאָר צוויי, ניט מער, איז געווען אָנגעטאָן, „ווי א דערוואקסענער״. א העל מאנטעלע מיט „פּאָגאָנדלעך״, מיט א פּאסעקל, און פון אונטערן מאנטעלע האָבן ארויסגעקוקט לאנגע רויטע הייזלעך. דאָס ייִנגעלע איז ניט אײַנגעשטאנען אף קיין אָרט, האָט נאָר געוואָלט ארײַנשפּאנען — און טאקע ארײַנגעשפּאנט — אין די קלאסן און געשטערט די מיידעלעך שפּילן. האָט מען אים געפּרוווט ארויסשטעלן, האָט ער געמאכט הארצרײַסנדיקע גוואלדן... האָבן די מיידעלעך זיך אָן אייצע געגעבן: בייס איינע איז געשפּרונגען מיטן שטיינדל, האָט די אנדערע צוגעהאלטן דאָס ייִנגעלע און עפּעס אים אײַנגעשמועסט...

איינס פון די מיידעלעך איז געווען ניט קיין שיינס — צו הויך און גראָבלעך פאר איר עלטער, מיט זומער־שפּרענקעלעך אפן פּנעמל. דערפאר דאָס אנדערע... אלץ האָט אראָפּגעזונגען פון איר — דאָס בלויע מאנטעלע, א דין אײַנגעצויגנס אין דער טאליע, דאָס שניי־ווײַסע פוכיקע היטעלע, פון אונטער וועלכן עס האָבן ארויסגעקוקט די גלאנציק שווארצע צעפּלעך מיט די ווײַסע באנטן. א פארגעניגן געווען צו זען, ווען דאָס מיידעלע איז געשפּרונגען מיטן רוקן צו סאמויל יאקאָוולעוויטשן, ווי עס טאנצן אונטער אירע צעפּלעך מיט אָט די באנטן. און ווען זי איז געשפּרונגען מיטן פּאָנעם צו אים, האָט ער ניט געקאָנט אָפּרײַסן דעם בליק פון אירע איידל געצייכנטע ברעמעלעך, ליפּעלעך — אלץ איז פול געווען אין איר מיט חיין. די אויגן, גרויסע, שווארצע, האָבן שוין איצט געשטראַלט מיט א פארבאָרגענעם צויבער... „סארא שיינהײַט עס וועט ארויסוואקסן!״ — האָט, קוקנדיק אפן מיידעלע, געטראכט סאמויל יאקאָוולעוויטש. אזוי איז עס שוין — שיינקײַט ציט צו, פילט אָן מיט פרייד — אפּאָנעם, צוליב דעם טאקע ווערט זי באַשאפן...

די ברעכעניש אין רוקן איז קימאט דורך, ער וואָלט זיך געקאָנט שוין אופ־

הייבן און אוועקגיין, נאָר — אַ מאָדנע זאַך — אים האָט פאַרכאַפּט די שפּיל פון די קינדער. זיך אַליין האָט ער מיטאַמאָל דערזען נאָך גאָר אַ שנעק, ווי ער שפּרינגט אָט אַזוי איבער פּונקט אַזעלכע קלאָסן. קיינער פון די פאַרבײַגייער, וואָס האָבן געזעסן זיצן אויף דער באַנק אָט דעם עלטערן מענטשן מיטן עטוואָס געהויקערטן רוקן, וואָלט זיך ניט אָנגעשטויסן, אַז אינווייניק אין אים טאַנצט איצט אַ קליין יינגל, פלינק אַריבערוואָרפנדיק אַ שטיינדל מיט איין פוס... אים האָט אַפילע ביז גאָר פאַרוואָלט זיך אָט באַלד, שוין, די רעגע, אופהייבן זיך און אַוועק שפּרינגען צוזאַמען מיט די מיידעלעך...

דאָס יינגעלע (אַ ברודערל פונעם ניט שיינעם מיידעלע, ווי סאַמויל יאַקאָוו־לעוויטש איז אײַנגיכן קלאָר געוואָרן) האָט באַם ראַנד פון טראָטואַר געפונען פאַר זיך אַ טועכץ, און ביידע עלטערע קינדער האָבן אומגעשטערט און מיט גרויס פאַרגעניגן פאָרגעזעצט זייער שפּיל.

פאַרוואָס הייבט ער זיך ניט אויף, גייט ניט אַוועק? — האָט סאַמויל יאַקאָוו־לעוויטש געפרעגט באַ זיך אַליין. אין דער היים באַומרויקט מען זיך שוין געוויס — ווו איז ער אויף לאַנג אַזוי פאַרפאַלן געוואָרן? און דאָך האָט ער פון דער באַנק זיך ניט אופגעהויבן, געזעסן, ווי אַ צוגעשמידטער צו איר, און מיטאַמאָל האָט ער דערפילט: עפּעס קימערט אים דאָ. וואָס? צוערשט וואָלט ער אַליין עס ניט געקאָנט דערקלערן, דערנאָך איז צו אים דערגאַנגען... אָט זיצט ער אויף דער דאָזיקער באַנק, זיצט שוין לאַנג. עטלעכע שפּאַן פון אים שפּילן צוויי מיידעלעך. און קיין איינע פון זיי האָט נאָך אויף אים זיך ניט אומגעקוקט... „נו, איז וואָס, — האָט ער באַ זיך אַליין געפרעגט, — וואָס עפּעס דאַרפן זיי אויף אים זיך אומקוקן?" זיי זײַנען אַרײַנגעטאָן אין זייער שפּיל און באַמערקן גאָרניט אַרום זיך. און דאָך האָט עס אים געקימערט... געשטאַנען אַ פּוסטע באַנק, עמעצער האָט אויף איר זיך צוגעזעצט. ווי טויט מען ניט אַ קוק — ווער? גייענדיק אַהער, — האָט ווײַטער געטראַכט סאַמויל יאַקאָוולעוויטש, — האָט ער זיך באַגעגנט מיט דער עלטערער פרוי, וועלכע האָט נאָך אין זײַנע אויגן ניט אָנגעווירן איר אַמאָליקן כיין. אַמאָל האָט מען זי גערופן עטעלע, און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען ערשט נעכטן. מיט אַ זיפץ האָט זי אים אַ זאָג געטאָן: „ביין, ניט נעכטן"... אָט די פרוי איז זײַן פאַרגאַנגענהײַט, וועלכע וועט זיך שוין מער צו אים ניט אומקערן. און אָט די מיידעלעך, וואָס זײַנען דאָ אַזוי פאַרכאַפּט מיט זייער שפּיל? זיי זײַנען — די צוקונפט. אַ נײַער דאָר... איז וואָס זשע באַקומט זיך עס? — האָט ער מיט אַ געפיל פון פאַרלוירנקייט געקלערט, — די פאַרגאַנ־גענהײַט איז אַוועק. און די צוקונפט? די צוקונפט וויל פון אים ניט וויסן? וויל זיך אַפילע ניט אומקוקן אויף אים?

איז ער געזעסן, ווי אַ צוגעשמידטער צו דער באַנק, ניט אַראָפּגעלאָזט דאָס אויג פון די מיידעלעך, און ס'האָט אים פאַרדראָסן. שטאַרק פאַרדראָסן. סטײַטש, — האָט ער געטראַכט, — זיצט אַ מענטש. אַ מענטש האָט דורכגעמאַכט אַ לעבן, געווען אויף צוויי מילכאָמעס, געקוקט דעם טויט אין די אויגן. לעבן געבליבן, ניט ווייניק אופגעטאָן פאַרן לעבן נוצלעכס. אין טישקעסטל באַ אים אין אַ היפּשן שאַכטל ליגן אָרדענס, מעדאַלן. ער איז אַ טאַטע פון קינדער, אַ זיידע. און אָט זיצט ער אויף אַ באַנק, צוויי מיידעלעך שפּילן דערבײַ און קוקן זיך אויף אים ניט אום, ווי ער זאָל זײַן אַ פּוסט אָרט. אָט וועט ער זיך אופהייבן, אַוועק־גיין, און זיי וועלן אַפילע ניט וויסן, אַז ער איז דאָ געזעסן...

אָט די מיידעלעך, — האָט דורכגעבליצט אין אים אַ געדאַנק, — זיי וועלן דאָך שוין לעבן אין אַ נײַעם יאָרהונדערט... יאָ, אינעם קומענדיקן יאָרהונדערט, וואָס וועט אָנהייבן מיט זיך אַ נײַעם יאָרטויזנט... פאַר אים איז דער וועג אַהין, ווײַזט אויס, שוין אָפּגעפרעגט... און זיי? זיי וועלן אַ שפּרונג טאָן פון דעם יאָרהונדערט אין יענעם פּונקט אַזוי פּאָשעט און פּראָסט, ווי זיי שפּרינגען דאָ איצט אַריבער

פון איין מיט קרייד אָנגעצייכנטן קלאַס אינעם אַנדערן... און ער? אים האָט זיך זייער געוואָלט, אַז כאָטש עפּעס פון אים, פון זײַן לעבן זאָל צוזאַמען מיט זיי אויך אַריבער אַהין, אין יענער פאַר אים שוין פאַרשפּראָכענער צײַט...

איין אויטאָבוס איז דורכגעגאַנגען, אַ צווייטער. סאַמויל יאַקאָוולעוויטש איז אַלץ נאָך געזעסן אױף דער באַנק, אױף עפּעס געוואַרט.

באַפרײַענדיק דאָס אָרט פאַר איר כאַוועריטע (ס'איז געווען יענערס ריי צו שפּרינגען מיטן שטריקל), האָט דאָס שיינע מיידעלע פּלוצעם אָנגעשטעלט אױף אים איר בליק. ס'האָט אויסגעזען, ווי מיט אָט דעם בליק אירן זאָל זי אומגע־ריכט זיך האָבן אָנגעשטויסן אױף אים. אַ גאַנצע רעגע, און עפּשער מער, האָבן אירע גרויסע שוואַרצע אויגן מיט קינדערשן נײַגער אים אײַנגעזאַפּט אין זיך. אַ שטיל שמייכעלע האָט דערבײַ געפלאַטערט באַ די ווינקלען פון אירע ליפּן... אין דער קורצער רעגע, בײַס דאָס מיידעלע האָט אױף אים געקוקט, האָט סאַמויל יאַקאָוולעוויטש מיטאַמאָל דערפילט אַ שטויס אין האַרצן, ס'האָט גענומען קלאַפּן שטאַרק, שטאַרק, ווי גאָר אַמאָל, ווען עס איז נאָך יונג און געזונט געווען... אַליין די צוקונפט האָט מיטן מיידעלעס אויגן אױף אים געקוקט... אַליין די צוקונפט האָט אים געשאָנקען איר ווײַטן שמייכל...

סאַמויל יאַקאָוולעוויטש האָט זיך אויפגעהויבן און איז פּאַמעלעך אַוועקגע־גאַנגען.

ביידע מיידעלעך זײַנען לאַנג נאָך געווען פאַרטאָן אין זייער שפּיל...

# אין וואגאָן

אין וואגאָן זײַנען זיי אַרײַנגעגאַנגען אויף דער סטאַנציע טאָמי־לינאָ. זי האָט פאַרנומען דאָס פרײַע אָרט לעבן מיר, ער — אַנט־קעגן. באַם פענצטער האָט געדרעמלט מיט פאַרמאַכטע אויגן קעגן מיר א מיידל, און לעבן איר האָט זיך פאַרטיפט אין א ביכל אַן עלטערע פרוי.

ווי נאָר דער צוג האָט גערירט, האָבן די אַרײַנגעקומענע זיך דורכגעוואָרפן מיט עטלעכע ווערטער, און ס'איז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז זיי זײַנען מאַן־און־ווײַב. פון די עטלעכע ווערטער, געזאָגטע אויף רוסיש, איז מיר אויך קלאָר געוואָרן, אַז ער איז א ייִד. פאַראַן אַזעלכע — א גאַנץ לעבן האָט מען אָפּגעלעבט אין מאָסקווע צי הינטער מאָסקווע, אויף דער אַרבעט, מיט די שכיי־נים, מיט די שטוביקע רעדט מען א גאַנץ לעבן רוסיש, און בלויז רוסיש, נאָר די אינטאָנאַציעס, דעם נוסעך פון א בערדיטשעש־ווער אָדער זוועניגאָראָדקער ייִדיש האָט מען דאָך ניט אָנגעװוירן. געננוג עטלעכע ווערטער פון אַזאַ איינעם, און ס'איז קלאָר, פונוואַנעט ער שטאַמט. מע האָט געזען — דער מענטש האָט שוין איבערגעשפּאַנט די שישים, כאָטש די האָר אויפן קאָפּ זײַנען נאָך געווען געננוג געדיכט און שוואַרץ — בלויז בא די שלייפן עטוואָס צוגעגראָוט — און אין זײַן גאַנצער געזעצטער פיגור, אין די ברייטלעכע אַקסלען האָט ער נאָך פאַרמאָגט גע־נוג ניט אויסגעשעפּטן קויעך. דאָס ווײַב זײַנס, פאַרקערט, א הויכע, שוין היפּש פולבלעך, אָבער נאָך געננוג שטאַלטנע, מיט א ניט גרויסער עטוואָס אַרופּצו פאַריסענער נאָז, האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַן עכט רוסישער פרוי, זי האָט גערעדט א פײַנעם רוסיש מיטן קוועטש אויפן „א", ווי א געבוירענע מאָסק־ווער. אין די הענט האָט זי געהאַלטן א היפּש לעדערן קוישל, פון די, וואָס א גוטע באַלעבאָסטע האָט מיט זיך אומעטום, ווו־הין זי זאָל ניט גיין אָדער פאָרן.

דער מאַן איז א לענגערע ווײַלע געזעסן שטיל, דערנאָך א קוק געטאָן אויף די מענטשן אַרום, און אים איז, קענטיק, גע־וואָרן לאַנגווײַליק. מיט א מאָנענדיקן זשעסט האָט ער דער פרוי א ווײַז געטאָן אויף איר קוישל, און דאָ איז צווישן מאַן־און־ווײַב פאָרגעקומען א שטומער געשפּרעך, וועלכן איך האָב ניט ווילנדיק פון א זײַט צוגעזען. ער האָט געבעטן פון קוישל אים עפּעס דערלאַנגען. אירע העל־גרויע אויגן האָבן מיט א שטומען בליק געפרעגט: „עפּשער ניט קעדײַ?" — „עס מאַכט ניט, דערלאַנג!" — האָט ער מיט זײַנע אויגן, גרויסע, בלאָ־לעך־שוואַרצע, ווי צוויי פאַרטיקע פלוימען, געמאָנט.

אירע אויגן, די העל־גרויע: „און עפּשער וועסטו זיך באַגיין?"

זײַנע, די שוואַרצע: „מאַך ניט קיין שיִעס, דערלאַנג!"

אָן איבעריקן כיישעק האָט די פרוי געעפנט דאָס קוישל, זיך א גריבל געטאָן אין דעם, אַרויסגענומען א זאָרגזאַם אײַנגע־וויקלטן אין גרינע פּאָליִעטילען־טאָוולען היפּשלעכן בוך און איבערגעגעבן דעם מאַן. יענער האָט דעם בוך א כאַפּ געטאָן, ווי מוירע האָבנדיק, זי זאָל ניט כאַראָטע האָבן, מיט קענטיקן

פארגעניגן אים פאנאנדערגעעפנט, אומגעדולדיק א בלעטער געטאָן, געפונען דאָס אָרט, ווו ער האָט פריִער זיך אָפּגעשטעלט, און זיך פארטיפט אין לייענען.

איך האָב געקוקט אין פענצטער. די פארבײַיאָגנדיקע נאָענטע לאַנקעס, די ווײַטלעכע וועלדלעך, די סעדער ארום די דאטשעס — אלץ האָט שעמעריר'ט מיט דער ערשטער פרישער, נאָרוואָס אויסגעפּיקטער גרינקײַט. אָט דאָ, אָט דאָרט, אף די פעלדער און גערטענער האָבן זיך געשלענגלט שמאָלע סטעזשקעס און פארלוירן געגאנגען ערגעץ אין דער ווײַט. ווו־ניט־ווו האָט קעגן דער זון פון צווישן דורכויסיקער גרינקײַט ארויסגעבליאסקעט א ריטשקע, א טײַכל...

אָנגעזאפט דאָס אויג מיטן פרילינגדיקן דרויסן, האָב איך ווידער א קוק געטאָן אין וואגאָן. דאָס מיידל אנטקעגן מיר האָט נאָך אלץ געהאלטן די אויגן צוגעמאכט. א פארוויגטע מיטן ריטמישן גאנג פונעם וואגאָן, איז זי פּאַשעט געשלאָפן, און איר גאנצער אויסזען האָט געהאט צו זאָגן: איר קאָנט קוקן אף מיר, אויב איר ווילט, איר קאָנט ניט קוקן, אָבער לאָזט מיך צורו, איך וויל שלאָפן...

אירע פארמאכטע אויגן־לעפלעך זײַנען געווען בלוילעך צוגעפארבט, די געשלאָסענע וויִעס — לאנג און שווארץ. די בלאָנד געפארבטע האָר מיט א שרונט אינמיטן זײַנען פון ביידע זײַטן איר געפאלן איבער די אקסלען. דאָס לײַכטע מיניקלייד האָט אנטבלויזט אירע פיס, שטאלטנע, זוניק אָפּגעברוינטע, היפּש העכער פון די קני, און דער טיפער אויסשניט האָט אנטפלעקט פון פּאָרנט דעם גאנצן אייבערשטן טייל פונעם הויכן האלדז ביז דער איידעלער פארטיפונג באם אָנהייב פון די בריסט. קוקנדיק אף אָט דער שלאָפנדיקער שיינהײַט, האָב איך געטראכט, אז אזא, ווי זי, מעג טראָגן מיני, ווײַל, מעגלעך, איינע פון די גרעסטע אוויירעס אף דער וועלט איז אויסבאהאלטן עכטע שיינקײַט.

דער ייִד אנטקעגן האָט גאָרניט ניט געזען. ער האָט גיך געפירט מיט די אויגן איבער די שורעס, און זײַנע גראָבלעכע ליפּן זײַנען דערבײַ די גאנצע צײַט געווען שמייכלענדיק פאנאנדערגעצויגן. אָט ווערט ער ניט אף א ווײַלע, דער שמייכל, די ליפּן ציִען זיך מיט אן ערנסטער מינע צונויף, ווי אף צו זאָגן: „אײַ־אײַ־אײַ". און אָט צעציִען זיי זיך ווידער נאָך ברייטער, ווי פריִער. ער האָט האסטיק אופגעמישט יעדער נײַ זײַטל, ווי וועלנדיק גיכער דערוויסן זיך, וואָס וועט זײַן ווײַטער.

מיר האָט פארשאפן האנאָע צוצוזען דעם פארגעניגן פון דעם דאָזיקן מענטשן. מיטאמאָל האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן — צוערשט האָב איך עס ניט באמערקט, — אז לייענענדיק, פירט ער מיט די אויגן פון רעכטס אף לינקס. בײַס ער האָט איבערגעמישט א נײַ בלעטל, האָב איך זיך איבערצײַגט — ער לייענט א ייִדישן בוך. מיר האָט, נאטירלעך, גלײַך פארוואָלט זיך וויסן — וואָס איז עס פאר א בוך, ווער'מעס. א פרעג טאָן? נאָר ווי שלאָגט מען איבער א מענטשן דאָס לייענען? און ווי וועגדעט מען עס זיך פלוצעם אומבאקענטערהייט? מאלע וואָס א מענטש לייענט. איבעריקנס, האָב איך א טראכט געטאָן, ביז דער צוג וועט קומען אפן אָרט, וועל איך נאָך באוואוסן ווי־ניט־איז צו דערוויסן זיך.

כ'האָב זיך ווידער פארקוקט אין פענצטער. די גאנצע צײַט האָב איך שוין אָבער געטראכט: וואָס זשע פונדעסטוועגן פאר א בוך לייענט עס אזוי געשמאק אָט דער טאָמילינער ייִד? ווּעמען פון מײַנע פען־כאווירים, ייִדישע שרײַבער, דארף איך דערוף מעקאנע זײַן? עפשער שמועל גאָרדאָנען? זייער מעגלעך. זײַנע דערציילונגען וועגן די ייִדישע שטעטלעך, ווי זיי זעען אויס נאָך דער מילכאָמע, קענען האָבן אן אינטערעס פאר אָט דעם ייִדן. געוויס שטאמט ער פון א דערזשנע צי פון א מעדזשיבאָזש, ניט געווען שוין דאָרט די פײַנע עטלעכע צענדליק יאָר, זינט ער איז אוועקגעפאָרן פון דאָרט, און אים איז ציקאווע צו וויסן, ווי זעט אויס זײַן שטעטעלע הײַנט. און עפשער איז עס אן אנדערער פון די ייִדישע שרײַבער, וואָס זייערע ביכער זײַנען דערשינען דאָ ניט לאנג.

מיט יעדער נײַער סטאַנציע איז דער וואַגאָן געוואָרן פולער. ווו צו זעצן זיך איז שוין ניט געווען, איז מען געשטאַנען ענג צונויפגעשפּאַרט אין דורכגאַנג. אַ הויכע, ניט זייער יונגע שוואַרצכיינעוודיקע פרוי האָט מען צוגעשפּאַרט צום סאַמע ראַנד פון דער באַנק, אָף וועלכער דער ייִד פון טאָמילינאָ האָט אַזוי גע־שמאַק געלייענט. זי האָט איבער זײַן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אַ גלײַכגילטיקן בליק אָף די בלעטלעך פונעם בוך, און מיטאַמאָל האָט אין אירע לענגלעך־שוואַרצע אויגן זיך אָנגעצונדן אַ באַזונדער מין אינטערעס. זי האָט אַפילע זיך צוגעבויגן, באַטראַכטנדיק דעם שריפט, וועלכער האָט איר, קענטיק, עפּעס דערמאָנט. שפּע־טער האָט זיך באַפרײַט דאָס עקסטע אָרט אָף אונדזער באַנק לעבן דער פרוי פונעם ייִדן. די הויכע פרוי האָט דאָס אָרט פאַרנומען. זי האָט מיט אינטערעס אַ קוק געטאָן אָפן לייענער און זיך וועגן עפּעס פאַרטראַכט.

איך האָב געוואַרט, דער ייִד זאָל כאָטשבי אָף אַ ווײַלע איבערײַסן דאָס לייי־ענען, וואָלט איך באַ אים אַ פרעג געטאָן, וואָס האָט אים אַזוי פאַרכאַפּט. ער האָט אָבער געמישט אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל, ווי מוירע האָבנדיק, מע זאָל אים ניט שטערן צו פאַרענדיקן. די פרוי זײַנע האָט פון מאָל צו מאָל געוואָרפן אָף אים אַ שמייכלענדיקן בליק: „זע, ווי ער האָט זיך עס צוגעכאַפּט אַ ביסלו!״ ענד־לעך האָט דער מאַן אירער פאַרענדיקט לייענען. מיט קענטיקן באַדויערן האָט ער פאַרמאַכט די גרינע פּאָלִיעטילען־טאָוולען, זיי פוןביידע זײַטן אַ גלעט גע־טאָן און דערלאַנגט דער פרוי. „נאַו!״ — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן מיט אַזאַ מינע, ווי ער זאָל איר איבערגעבן אַן אויצער.

אין פענצטער האָבן שוין אַרײַנגעקוקט די געבײַען פונעם קאַזאַנער וואָקזאַל. דער אוילעם האָט זיך אופגעהויבן, גענומען רוקן זיך צום אַרויסגאַנג. אויך די אופגעוואַכטע שיינהײַט, וואָס איז אַנטקעגן מיר געשמאַק אָפּגעשלאָפן דעם גאַנצן וועג, האָט זיך אופגעהויבן און דורכגעגאַנגען פאָרויס. אָף אונדזערע צוויי בענק זײַנען מיר פאַרבליבן אינדרײַען — איך, דער טאָמילינער ייִד און זײַן פרוי. מיר האָבן זיך ניט געײַלט. צו וואָס די שטופּעניש? מע וועט באַווײַזן.

— זײַט מויכל, — האָב איך זיך אָנגערופן צום ייִדן, — זאָגט מיר, איך בעט אײַך, וואָס האָט איר מיט אַזאַ אינטערעס געלייענט?

זײַנע אויגן, גרויסע, בלאָוולעך־שוואַרצע, ווי פאַרטיקע פלוימען, האָבן מיט כידעש זיך אָנגעשטעלט אָף מיר. פונוואַנעט, הייסט עס, האָב איך זיך פלוצעם גענומען? פאַרטיפט אין לייענען, האָט ער מיך פריִער, ווײַזט אויס, אינגאַנצן ניט באַמערקט. און דאָ נאָך אָט די פראַגע אָף מאַמעלאָשן... נאָר אין די אויגן באַ אים האָט באַלד זיך באַוויזן אַ פרײַנטלעכער שמייכל.

— שאָלעם־אַלייכעם! — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

— אַלייכעם שאָלעם! — האָב איך אים געענטפערט און איבערגעכאַזערט מײַן פראַגע: — מיך אינטערעסירט צו וויסן, וואָס האָט איר דעם גאַנצן וועג אַזוי געשמאַק געלייענט?

— איר האָט דען געזען?

— ווי זשע.

— זאָג איך דאָך אײַך — שאָלעם־אַלייכעם.

ערשט איצט איז צו מיר דערגאַנגען.

— האָט איר, הייסט עס, געלייענט שאָלעם־אַלייכעמען?

— נו, יאָ.

— וואָס?

— דעם „פּאַרקישעפּטן שנײַדער״.

— און ווי?

— איר פרעגט נאָך! מע קאָן דאָך פּלאַצן פון געלעכטער...

ניט אומזיסט זײַנען די ליפּן בײַ אים די גאַנצע צײַט געווען אַזוי נאַכעסדיק צעצויגן.

— איר האָט עס געלייענט צום ערשטן מאָל?

— צום ערשטן? שוין אוואָדע צום צוואַנציקסטן! נאָר וויפֿל מע לייענט אים ניט, ווילט זיך לייענען נאָך!

דעם ייִדנס פֿרוי — זי איז געשטאַנען פֿון פֿאַרנט, — האָט, דערהערנדיק אונדזער שמועס, זיך אַ קער געגעבן און אויף ריין ייִדיש אַ פֿרעג געטאָן:

— זע נאָר, ווי האָט איר אָבער איינס דאָס אַנדערע דערקענט?

— שאָלעם־עליכעם האָט געהאָלפֿן, — האָט געענטפֿערט איר מאַן.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. די שפּאַרעניש אין דורכגאַנג איז געוואָרן שטאַרקער. איבערוואַרטנדיק זי, האָבן מיר פֿאַרגעזעצט דעם שמועס.

— אין מאָסקווע איז דאָ ניט לאַנג געשטאָרבן אַן אַלטער ייִד, אונדזערער אַ פֿרײַנט, — האָט דערציילט מײַן נײַער באַקאַנטער, — זײַנען בײַ אים פֿאַרבליבן אַ סאַך ייִדישע ביכער.

— הײַנטיקע אויך?

— וואָס הייסט — הײַנטיקע?

— כ׳מיין פֿון הײַנטיקע ייִדישע שרײַבער?

— דאַכט זיך, עפּעס יאָ, — האָט געענטפֿערט מײַן מיטשפּרעכער, — נאָר איך האָב גענומען שאָלעם־עליכעמען.

— און פֿון די הײַנטיקע האָט איר אויך עמעצן געלייענט?

— דעם עמעס זאָגן, ניט.

— פֿאַרוואָס?

— ס׳האָט זיך ניט געמאַכט.

— און „סאָוועטיש היימלאַנד" לייענט איר?

די דאָזיקע פֿראַגע האָב איך פֿאַרגעבן מיט אַ באַזונדער מיין. ערשטנס, געוואָלט וויסן טאַקע, צי לייענט דער ייִד דעם זשורנאַל. צווייטנס, האָב איך באַשלאָסן: אויב ער לייענט, וועל איך אים אַ פֿרעג טאָן, וואָס איז אים דאָרט מער געפֿעלן? און טאָמער, ווי אַ זאַך מאַכט זיך, ער וועט אָנרופֿן עפּעס מײַנס, וועל איך פֿאַר אים זיך פֿאָרשטעלן: „דאָס בין איך דער מעכאַבער, לאָמיר זײַן באַקענט!" דאָס אַלץ איז מיר אָבער ניט אויסגעקומען צו זאָגן, ווײַל אויף מײַן פֿראַגע האָט דער ייִד געענטפֿערט אויך מיט אַ פֿראַגע:

— „סאָוועטיש היימלאַנד"? וואָס איז עס?

— אַ זשורנאַל. אַ ייִדישער ליטעראַרישער זשורנאַל.

— אַ, עפּעס האָב איך געהערט...

— בלויז געהערט?

— ניין, כ׳דערמאָן זיך, אַ פּאָר נומערן אַפֿילע אַמאָל געהאַלטן אין האַנט.

— נו?

— וואָס „נו"? צו שאָלעם־עליכעמען קומט עס ניט!

אין דורכגאַנג איז שוין געוואָרן פֿרײַער, און מיר זײַנען אויך אַהין אַרויס — די פֿרוי פֿון פֿאַרנט, איך און איר מאַן הינטער איר. זאָגן, אַז פֿון זײַנע רייד איז מיר געוואָרן לײַכט אויפֿן האַרצן, קאָן איך ניט. נאָר איבעריקנס קיין פֿאַריבל האָב איך אויף אים ניט געהאַט. מיר איז באַקאַנט אָט די קאַטעגאָריע לייענער — די געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור האָט זיך אָפּגעשטעלט פֿאַר זיי אויף שאָלעם־עליכעמען. אייגנטלעך, באַשטייט זי פֿאַר זיי בלויז טאַקע פֿון איין שאָלעם־עליכעמען. וואָס ביז, וואָס נאָך אים, ווייסן זיי ניט און ווילן, אפֿאַנעם, ניט וויסן, עס גייט זיי ניט אָן. אַ גאַנץ לעבן פֿאַרטאָן, פֿאַרהאָרעוועט יעדערער אויף זײַן אָרט — אין אַנשטאַלט, אויף דער אונטערנעמונג צי אין אַ וויסנשאַפֿטלעכער לאַבאָראַטאָריע, זײַנען די דאָזיקע מענטשן ווײַט פֿון ליטעראַטור בִּכלל, און

אויך פון דער ייִדישער. עס קלעקט זיי ניט דערויף קיין צײַט, ניט קיין אינטע־רעס. און נאָר שאָלעם־אַליכעם, וואָס מיט זײַן שאפונג האָט ער, ווי א ריזיקער יאַם, אריבערגעפלייצט אלע ברעגן, האָט דערפליעסקעט מיט זײַן לעבעדיקער כוואַליע אויך צו זיי...

און נאָך אלעמען, האָב איך געטראכט, איז דער ייִד געדעכט אויך. „צו שאָ־לעם־אַלייכעמען, זאָגט ער, קומט עס ניט". און צי קענען דען מיר, די הײַנטיקע, באַהויפּטן, אז מיט דעם, וואָס מיר האָבן לעסאטע געשאפן, האָבן מיר דערגרייכט שאָלעם־אַלייכעמס מאַדרייגע פון אַרײַנדרינגען אינעם פאָלקס־לעבן, פון ארויס־ברענגען אָט דאָס לעבן אין אזעלכע ווערק, אז דאָס פאָלק זאָל זיך אין זיי מיט אלע פּישטשעווקעס דערקענען, אופכאפן זיי, ווי זײַנס, אייגנס, און צונויפגע־וואַקסן ווערן מיט זיי אָף דוויר־דורות, ניט אָפצורײַסן...

העכער א האלבן יאָרהונדערט, האָב איך ווײַטער געטראכט, איז שאָלעם־אַלייכעם ניטאָ. און וואָס איז נאָר ניט געטאָן געוואָרן אָף אויסצוראָטן דאָס פאָלק, וואָס האָט געגעבן דער וועלט שאָלעם־אַלייכעמען. און אָט זיצט א ייִד אין עלעקטראָ־צוג און לייענט צום ווייפלטן מאָל שוין דעם „פּאַרקישעפטן שנײַ־דער"... קישעף, עמעסער קישעף!..

עמעס, האָב איך געקלערט, גייענדיק צום ארויסגאנג, שאָלעם־אַלייכעם אליין זאָגט: האָדל האָט געלעבט אין האָדלס צײַטן, ביילקע — אין ביילקעס. מיר לעבן אין אן אנדער צײַט. איז וואָס זשע? — האָב איך זיך אליין איבערגעשלאָגן מיט אן אנדער געדאנק. — דאַרפן מיר ווערן די שאָלעם־אַלייכעמס פון אונדזער צײַט, אויב מיר ווילן, מע זאָל אונדז לייענען אזוי געשמאַק אונטערוועגנס און ניט זאָגן אָף אונדז: „צו שאָלעם־אַלייכעמען קומט ניט". עס דאַרף קומען!

פון וואגאָן זײַנען מיר ארויס די לעצטע. דער גאנצער פּעראָן איז געווען פארפלייצט מיט זון, מיט א בונטקאָליריקן באַוועגלעכן געמיש פון מאנצבלען, פרויען, קינדער, וואָס האָבן זיך ארויסגעשאָטן פון אונדזער צוג.

— פונוואנעט איז א ייִד? — האָט, אָפּשטעלנדיק זיך אָף א ווײַלע, מיך א פרעג געטאָן מײַן נײַער באַקאַנטער.

— דעם זומער לעב איך אין מאלאכאָווקע.

— אין מאלאכאָווקע? — האָט ער זיך פארכידעשט. — איך קום אהין אָפט, פארוואָס האָב איך אײַך ניט געזען?

— איך ווין דאָרט ניט לאנג, — האָב איך געזאָגט און פון מײַן זײַט א פרעג געטאָן: — איר האָט געוויס איניאַנים אין מאָסקווע?

— וואָס פאר איניאָנים, — האָט ער געענטפערט, — אז מע איז שוין אָף פּענ־סיע. מיר האָבן דאָ א טאָכטער, זאָל לעבן, א פײַנעם איידעם און צוויי ווילע אייניקלעך. דאָס פאָרן מיר צו זיי צוגאסט.

מיר האָבן זיך געזעגנט, און דאָס טאָמילינער פאָרפאָלק איז באלד פארשווונדן אינעם בונטקאָליריקן מענטשן־שטראָם, וואָס האָט האסטיק געפלייצט צום קאָ־זאנער וואָקזאַל, צום ארײַנגאנג אין דער מעטראָ.

האלעמײַ זאָל איך זאָגן, כ׳בין מעקאנע געווען שאָלעם־אַלייכעמען.

## אף א ווײַסן בויגן פּאַפּיר

א שרײַבער איז גוט באַקאַנט דער פּאַכעד פאַר א ריינעם בויגן פּאַפּיר. אָט ליגט ער פאַר אים זויבער, ווי דער שניי אפן באַרג, ריין, ווי דער בליק פון א זויגקינד. מע דאַרף אָנצייכענען דעם ערשטן אָס, דאָס ערשטע וואָרט, נאָר צי וועט עס ניט באַפלעקן אָט די זויבערקײַט, ניט פאַרשווערכן די ריינקײַט?

האַלט מען די פּען און מע האָט מוירע זי אַראָפּלאָזן.

אַזוי — אַלע מאָל באַם אָנהייבן א נײַע זאַך. פאַריכטן, איבערשרײַבן? מאַכטייסע! נאָר אָנהייבן? דאָס איז שווער...

דאָ ניט לאַנג בין איך היפּש אַזוי אָפּגעזעסן איבער א ריינעם בויגן פּאַפּיר און אַלץ נאָך צו אים זיך ניט צוגערירט. מיטאַמאָל זע איך: סאַמע אינמיטן דעם בלאַט, ווי איבער א ווײַסן מידבער, פּויזעט א באַשעפעניש קלענער פון א פּינטל. עס איז געווען גרין, מיט צוויי פּאָר פיסעלעך און א פּאָר הערנערלעך פון פאָרנט. עס האָט גיך־גיך געפּויזעט צום רעכטן ראַנד פונעם פּאַפּיר־בויגן. מיט א פאַרטײַעטן אָטעם האָב איך געקוקט אף דעם און געטראַכט: פונוואַנעט האָט זיך עס פּלוצעם אהער גענומען? אַרײַנגעפאַלן פון פענצטער, וואָס איז צעעפנט אין סאָד אַרײַן? און צי ווייסט עס, דאָס גרינע פּיצל, וויפל געפאַרן עס לויערן אַרום דעם? האָט עס אן אָנונג וועגן דעם, וואָס שפּירט איצט נאָך זײַן יעדער באַוועגונג? גענוג, איך זאָל איין שטאַרקערן אָטעם טאָן, און דאָס באַשעפענישל — ווי אף דער וועלט ניט געווען... אָפּאָנעם, עס ווייסט ניט, אַנדערש וואָלט עס פאַרגליווערט געוואָרן פאַר שרעק. פלינק, רירעוודיק פּויזעט עס אַלץ נעענטער צום ראַנד פונעם פּאַפּיר. עס אײַלט, עס אײַלט אַנטלויפן פון דער אומענדלעכער בלענדיקער ווײַסקײַט...

איך רוק זיך נאָך עטוואָס אָפּ און קוק. דאָס גרינע באַשעפענישל האָט זיך דערקליבן סאָפּקאָלסאָף צום ראַנד פונעם פּאַפּיר, עטוואָס אַריבערגעבויגן זיך, נאָר דערשראָקן פאַרן אָפּגרונט צווישן דעם בלאַט און דעם טיש, פאַרקערעוועט צוריק און באַוועגט זיך פלינק, פלינק באַם סאַמע ראַנד, זוכנדיק א באַקוועם אָרט אף אַראָפּכאַפּן זיך.

איך קוק אפן באַוועגלעכן פּינטעלע און קלער וועגן דער אומגעהייערער שאַפונגס־קראַפט פון דער נאַטור. זי האָט געבראַכט אף דער וועלט ריזן — דעם העלפאַנד, דעם וואַלפיש, דעם אָדלער. און, צוגלײַך מיט זיי, האָט זי אַרײַנגעהויכט לעבן אויך אין אָט דעם גרינעם מילבעלע און אויך אים געשאָנקען אן אינסטינקט אָט דאָס לעבן צו באַשיצן און פאַרזעצן... אָט אײַלט עס אַזוי לענגויס דעם פּאַפּיר־ראַנד... אײַל, אײַל, גרין באַשעפענישל, איך וועל דיך, כאָלילע, ניט אָנרירן...

אין אָפענעם פענצטער קוקט אַרײַן א צווײַג פון אן עפּלבוים. אף איר האָט מיט א צוויטשערײַ אַרופגעטאַנצט א פייגעלע. צו אים — א צווייטס. זיי האָבן מיך אף א ווײַלע אָפּגעווענדט, און ווען כ׳האָב נאָכדעם א קוק געטאָן אפן פּאַפּיר, איז שוין דאָרט קיין סימען פונעם באַשעפענישל ניט געווען. פאַרשוווּנדן! איך האָב גלײַך וועגן דעם פאַרגעסן, ווײַל די גאַנצע צײַט האָב איך

געהאלטן אין זינען די זאך, וואָס צוליב אָנהייבן זי האָב איך זיך געזעצט צום ריינעם בויגן פּאַפּיר. איצט האָב איך אליין זיך פאַרגעוואָרפן, אז די קוקענישן אפן גרינעם ברעקל, די טראַכטעניש ארום דעם זינען געווען ניט מער ווי אַן אויסריד, קעדיי נאָך עטוואָס אָפּציִען דעם אָנהייב פון מיין ארבעט. געגוג! כ'האָב זיך אָנגעבויגן איבערן פּאַפּיר מיט דער פען, און... אָט איז עס — דאָס ערשטע וואָרט. שווארץ אף ווייס שטייט עס אפן בלאט. עס האָט באלד א ציִ געטאָן נאָך זיך אנדערע ווערטער, נאָך און נאָך. עס בינדט זיך איין פראזע, א צווייטע. כ'האָב ניט באוויזן זיך ארומקוקן, ווי א האלבער בויגן איז שוין באדעקט געוואָרן מיט טונקעלע שורעס.

און דאָ האָב איך ווידער דערזען דאָס גרינע באשעפענישל. פונוואנעט האָט זיך עס נאָכאמאָל גענומען? עס האָט גיך געפויזעט פון אונטן ארוף, צום פאַר־שריבענעם טייל בויגן, פונקט צו יענעם אָרט, ווו כ'האָב געזאָלט אָנהייבן א נייע שורע. אָט איז עס שוין גאָר־גאָר נאָענט... באנומען האָב איך עס אָבער אין דעם זעלבן אויגנבליק, ווען כ'האָב ארויפגעלאָזט מיין פען. טייקעף זי צוריק א כאַפּ געטאָן — שפּעט.

נאריש קליין באשעפענישל!.. ווי קריכט מען עס גלייך אונטער דער האנט? אונטער אזא ריזיקער האנט, וועלכע האָט זיך נאָך פאנאנדערגעיאָגט און קען זיך שוין ניט אָפּשטעלן?..

דאכט זיך, וואָס? א סאך האָט זיך אָנגעזען אָט דאָס גרינע פינטעלע אף דער וועלט? אָבער ניין, — א באוועגלעכס, א רירעוודיקס, האָט עס אזוי געיילט איבער דעם ווייסן פּאַפּירענעם מידבער... ערגעץ האָט עס געיילט, פאר עפּעס מוירע געהאט...

און אָט...

איך האָב א קוק געטאָן אפן וואָרט, פון וועלכן כ'האָב אזוי שפּעט צוגעכאפּט מיין פען.

טייער קאָסט אמאָל א וואָרט...

# אינהאלט

בוזי מילער

# יעדן דאָר — זײַנס

מ., „סאָוועטסקי פּיסאטעל״, 1980, 360 זײַטן
ארויסלאָז־פּלאן פון 1979 י. נומ. 253

**קינסטלער** יע. סקאקאלסקי.
**רעדאקטאָר** ש. גאָרדאָן.
**קינסטלערישער רעדאקטאָר** ד. מוכין.
**טעכנישער רעדאקטאָר** ר. סאָקאָלאָווא.
**קאָרעקטאָרן** א. סטרעלניק, כ. פּאָטאשניק.

**אינפאָרמאציע־ביולעטען נומ. 1815**

**אָפּגעגעבן אין זאץ 24.07.79. אונטערגעשריבן צום דרוק 17.03.80. פאָרמאט $60\times90^{1}/_{16}$. טיפּאָגראפיש פּאפּיר נומ. 1. הויכדרוק. באדינגלעכע דרוקבויגן 22,5. פארלעגערישע דיס־קאָנט־בויגן 27,92. טיראזש 2900 עקז. באשטעלונג נומ. 1665. פּרײַז 2 רוב. 10 קאָפּ. פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל״, 121069, מאָסקווע, וואָראָווסקי־גאס, הויז נומ. 11. באלוינטע מיטן אָרדען פון דער רויטער ארבעטס־פאָן מאָסקווער טי־פּאָגראפיע נומ. 7 „איסקרא רעוואָליוציִי״ פון „סאָיוזפּאָלי־גראפפּראָם״ פונעם מעלוכישן קאָמיטעט פון פסס״ר איבער די איניאָנים פון די פארלאגן, פּאָליגראפיע און בוך־האנדל. 121019, מאָסקווע, אקסאקאָוו־געסל, הויז נומ. 13.**

